צום אויספיר בעט וואַסילעוויץ דעם פירשט — — פאַר־אורטיילן דעם יידן צו טויט־שטראָף. ביים שלוס גיט וואַסילעוויטש צו, דאָס ער איז ניט בלוט־דאָרשטיג און וועט ניט אַנשטיין אויף דורכפירן דעם טויט־אורטייל, און ער וועט זיך באַנוגענען מיט אַ וועלכע עס איז שטראָף איבער יידן. נאָר עס זאָל באַוווּסט ווערן פאַר אַלעמען די שולד פון יידן. ווייל ער שעמט זיך פאַר אַלע גייסטלעכע, דאָס אויך די סלוצקער יידן רודפן אים.

ארכעא. אק. זאמ. ב. VII זייט 31

## 1669 יאָר

1072 11 אַפּריל

אַ בריוו פון סלוצקער אַרכימאַנדריט פעאדאסיע וואַסילעוויטש צום פירשט באָגוסלאַוו ראַדזיוויל.

דער אַרכימאַנדריט וואַסילעוויטש באַקלאָגט זיך, אויף דעם, דאָס דער פלאָצקער געריכט אַנטזאָגט זיך צו באַהאַנדלען זיינע ענינים מיט יידן, שוין פינפטער יאָר ווי עס גייט פאַרלוירן זיין אָפּגעצאָלטער פקדון הונדערט זילבערנע גריוועניעס; אַזוי ווי דער געריכט־אַנגעשטעלטער וויל ניט באַהאַנדלען זיינע ענינים, בעט ער דעם פירשט איבערגעבן דעם ענין צו די סלוצקער קאָמיסאַרן.

ארכעאגראפ. זאמל־בוך ב. VII, זייט 146

## 1669 יאָר

1079 4 אָקטיאבער

אַ בריוו פון סלוצקער אַרכימאַנדריט וואַסילעוויטש צום פירשט באָגוסלאַוו ראַדזיוויל.

דער אַרכימאַנדריט וואַסילעוויטש, צווישן אַנדערש, זאָגט: דאָס ער קען ניט אויפהערן באַקלאָגן זיך אויף די סלוצקער יידן, ביז וואַנען מ׳וועט אים ניט אומקערן זיין פקדון די 120 איינגעלייגטע זילבערנע גריוועניעס, כאָטש ער, דער אַרכימאַנדריט, איז געווען איינגעגלויבט אין פירשטס צוזאָג, דאָך איז ער ניט באַפרידיקט געוואָרן. אמת, די הערן קאָמיסאַרן האָבן געוואָלט באַהאַנדלען דעם ענין. די יידן אָבער האָבן ביז אַהער אַלץ אָפּגעשטופּט, און באַנוגנט זיך נאָר מיט צוזאָגן. ביז וואַנען ער וועט דאַרפן אָפּפאָרן קיין קראָקאָוו. אָבער דאָרטן, וועט ער דער אַרכימאַנדריט געצוווּנגען זיין מיט אַ געזעצלעכן וועג אויפווייזן זייער שולד. ער בעט דעם פירשט, באַציען זיך צום ווייניקסטן צו אים מיט כבוד און מיט אַ גוטן ווילן, אַזוי ווי ער דער פירשט באַציט זיך צו יידן; וואָלט ער זיך ניט איינשטעלן פאַר יידן, ווי ער שטעלט זיך ניט איין פאַרן שאָדן און באַלעדיקונג פון דעם אַרכימאַנדריט.

ארכעאגר. זאמל־בוך VII, זייט 148

## 1734 יאָר

1765 26 פעווראל

פון סלוצקער גייסטלעכע צום צערניגאָווער קאָמיסאַר אויף די „אימעניעס" פון סלוצקער פירשטנטום.

די גריכאָ־רוסישע גייסטלעכע פון סלוצקער קאַפּיטאָל באַקלאָגן זיך פאַרן קאָמיסאַר פאַרוואַלטער אויף די „אימעניעס" פון סלוצקער פירשטנטום — צערניגאָווער, אויף דעם, דאָס מ׳האָט איבערגעגעבן די סלוצקער יידן די פלייש־אַרענדע, זענען אַלע געשאָנקענע פרייהייטן פון די גייסטלעכע אָפּגעווישט געוואָרן. זיי באַקומען ניט פלייש פון אַרענדע, אויך ניט קיין 16 פונט וואַקס איינקונפט פאַר די סלוצקער קירכן.

די יידן צאָלן ניט פאַר אַריינפירן וואַקס, עסנוואַרג־פּראָדוקטן, האָלץ.

דער אַריינפיר אין סלוצק איז פריי. די גייסטלעכע האָבן באַקומען אַ נייעם רעסקריפּט פון דער פירשטין ראַדזיוויל; דערוויל אָבער גיבן ניט די אַרענדאַטאָרן קיין וואַקס. זיי שטעלן אָפּ וועגנער מיט עסנוואַרג פּראָדוקטן, משא און האָלץ און מאָנען פון דעם אויף אַ אָפּצאָל. אויסער דעם די זעלבע אַרענדאַטאָרן האָבן דעם 21טן פעברואַר 1734 צוזאַמען מיט סאָלדאַטן פון סלוצקער גאַרניזאָן באַפאַלן די הויז פון גלח ראַמאַן קאַזיוליטש, וועלכער האָט דאַן דורכגעפירט אַ טויפונגס־אַקט פון אַ קינד. צוטריבן די געסט פון מאָלצייט, אָנגעשראָקן מיט טומל און קלאַפּעריי דעם גלחס קראַנקע פרוי, די קינדער און אַלע שטוביקע, צוגענומען קליידער, אָקסן און 2 פעסלעך ביר, און דאָס אַלעס האָט זיך געטאָן מיטן ציל צו דריקן די גייסטלעכע.

איינזעענדיק דאָס בעטן די גייסטלעכע: נויטן די אַרענדאַטאָרן דורך צוואַנג פון גאַרניזאָן אַרויסגעבן דעם וואַקס, איינשטעלן זייער זעלבסט־הערשאַפט, צווינגען זיי אומקערן דאָס אוועקגערויבטע און באַשטראָפן זיי לויטן געזעץ.

ארכעא. זאמל־בוך VII, זייט 178

## 1741 יאָר

1875 1 אויגוסט

פּראָטעסט פון גוטבאַזיצער סאַוועלי קאָרדאַ קעגן דעם הויפט קאַסיר, קריצעווסקער סטאַראָסטע פון פירשט יעפּאַנים ראַדזיוויל, דעם זשיד שמולאָ איצקאָוויטש פאַר אַ ניט נויטיקער אונטערזוכונג פון קאָרדעס באָדן.

דער גוט־באַזיצער סאַוועלי קאָרדאַ אין זיין נאָמען און פון זיינע קרובים באַקלאָגט זיך אויף דעם, דאָס דער הויפט־קאַסיר — קריצעווער סטאַראָסטע, שמולאָ איצקאָוויטש, מיט דער הילף פון אַ באַוואָפנטער מאַסע, האָט ער דורכגעפירט מיט גוואַלד אַ אונטערזוכונג פון די באָדן־פאַרלאַנגער, אין די דערפער פאַטוזע, לעשצאַנקע, אושאַקי, וועלכע געפינען זיך אין מסטיסלאַווער וואָיעוודזטווע און אַרויפגעלייגט אינווענטאַרישע ציינזן, וועלכע ס׳צאָלן נאָר קריסטלעכע קנעכט פויערים (קרעפּאָסטניע), אויפן באָדן פון די פאַרלאַנגער און יאַסקעוויטש. סאַוועלי בעט, אין פאַל פון קעגנשטעלן זיך, אַרעסטירן און אָפּשיקן די ווידערשפּעניקע אין סלוצקער פעסטונג, און זייער ערד באַזעצן מיט אַנדערע. ביים אויספאָלגן זיין באַפעל, זאָגט ער צו אַלע וויגאָדעס און באַשיצונג פון שכנים.

היסט. יוריד. מאַטער. סאַזאָנאָוואָס, אויסגאַבע XVII, זייט 280

## 1754 יאָר

2036 27 סענטיאבער

אַ בריוו פון מיכאַיל קאָזאַצינסקי, סלוצקער אַרכימאַנדריט צום פירשט איפּאַנים ראַדזיוויל.

דער סלוצקער אַרכימאַנדריט, מיכאַיל קאָזאַצינסקי אין זיין בריוו צום פירשט איפּאָנים ראַדזיוויל באַקלאָגט זיך אויף אייניקע סלוצקער ייִדן. לויט די ייִדישע פּאָדערונגען איז נאָך אין יולי אויסגערופן געוואָרן אין סלוצק מיט קלאַפּן אין אַ פּויק, דאָס עס ווערט פאַרבאָטן דורכפירן וועלכן עס איז האַנדל אין די געביטן פון סלוצקער טראָיצקער מאַנאַסטיר, כאָטש אויך איצט און אויך פריער זינט סלוצק עקזיסטירט איז ניט געווען דאָרטן קיין שום האַנדל, פילייכט צוליב איינצאַלן אַ חוב וועמען עס האָט עמעצער געבראַכט אַ מאָל אַ אַכטל ברויט, אָדער אַ בינטל היי.

דאָס איז געווען דער ערשטער רעזולטאַט פון די ייִדישע טענות.

צום צווייטן מאָל איז געמאָלדן געוואָרן דורך אַ פּויקעריי, דאָס ביים אַריינגאַנג אין דער מאַנאַסטירישער קרעטשמע, אין וועלכער שוין פאַר צענדליקער יאָרן האָט מען ניט פאַרקויפט קיין בראָנפן. קיינער האָט קיין ביר ניט געטרונקען, מורא האָבנדיק פאַרן שטראָף מיט ריטער שמיץ ביים שאַנד־סלופּ. כדי אַכטונג געבן אויף דעם, זענען אין די האַנדלס־טעג געשיקט געוואָרן אין דער קרעטשמע 3 סאָלדאַטן פון סלוצקער קאָמאַנדיר. אַזוי האָבן מענטשן אַפּילו ניט געטאָרט אָפּרוען אין דעם פּלאַץ.

אָבער אַזוי ווי די סלוצקער אַרכימאַנדריע, אויפן גרונט פון פאָלגנדן טאַריף, באַשטעטיקט אין יאָר 1690 אונטער אַ שבועה, האָט געדאַרפט צאָלן פאַר דער קרעטשמע אין אוצר פון „רעצי פּאָספּאָליטאַי" הונדערט און זעכציק גילדן אַ יאָר.

פרעגט זיך פון וואַנען נעמט מען די געלט, ווען דאָרטן איז ניט געווען דערלויבט אַפילו אויסטרינקען אַ גלאָז ביר. דאָס איז שוין די צווייטע ייִדישע מסירה. צום סוף, דער אַרענדאַטאָר פון דער מאַנאַסטירישער קרעטשמע צאָלט אַלע מעגלעכע צינזן אין זיין קהל, און אויך אַלע בעלי־מלאכות, וועלכע וווינען אויפן געביט פון טראָיצקער מאַנאַסטיר, פילן אויס אויפריכטיק אין סלוצק צעכישע פליכטן; אַפילו די וואָס ברענגען אין שטאָט צום פאַרקויפן אָדער קויפן דאָרטן פאַר זיך וואָס עס איז. שטענדיק צאָלן זיי אָפּ דעם באַשטימטן אַקציז. וואָס נאָך פרעגט זיך וואָס פעלט די ייִדן? אפשר נאָר איין זאַך, דריקן די קריסטן.

אַרכעאָגר. זאַמל־בוך ב. VII, זייט 249

# סלוצקער רבנים

1) הרב ר' יחיאל לוריע, דער פאָטער פון ר' שלמה לוריע, וועלכער איז באַוווּסט מיטן נאָמען דער מהרש"ל. נפטר י"ב כסלו של"ד—1574.

2) הרב ר' נחום מסלוצק קאַצענעלבויגן, אב בית דין אין יאָר ה'תט"ו (1655). נפטר געוואָרן אין יאָר תמ"ו (1686).

3) ר' משה בר' פסח בר' תנחום פון קראָקע, רב און ראש ישיבה אין קלויז (1664), נפטר אין יאָר ה'תמ"ו י"ב ניסן 1686.

4) הרב ר' בנימין וואָלף (בעל נחלת בנימין), נפטר כ"ח חשון תמ"ו (1686).

5) הרב ר' נפתלי הערץ גינצבורג, אָנגעקומען אַלס רב אין סלוצק ה'ת"ל (1670), נפטר כ"ב תמוז ה'תמ"ז (1687).

6) הרב ר' יצחק מאיר תאומים (1693).

7) הרב ר' אריה לייב בהגאון יודל מקאוולע — עפּשטיין, (מ'האָט אים גערופן ר' לייב דעם רביס). ה'תנ"ז (1697). געווען פריער רב אין סמאַלאַוויטש.

8) ר' משה פון ראַדאָם ה'ת"ס (1700).

9) ר' שלמה מזאלקאווע (ר' שלמה חריף) בהגאון ר' אלחנן, נפטר כ"ה תמוז תס"ו (1706).

10) ר' יהודה לייב בר' אשר ענזיל ה'תפ"ב (1722).

11) הרב ר' בצלאל בר' שלמה מסלוצק (ר' בצלאל הדרשן), י"ב ניסן תפ"ב (1722).

12) הרב ר' אריה לייב בהרב ר' נתן נטע, נפטר כ"ט ניסן ה'תפ"ט (1729).

13) הרב ר' יצחק יוסף תאומים ה'תק"ה (1745).

14) הרב ר' אברהם קאצענעלבויגן תקי"ב (1752).

15) הרב ר' יששכר בער תקכ"א (1761).

16) הרב ר' חיים הכהן ראַפּאָפּאָרט. אָנגעקומען אַלס רב אין סלוצק אין יאָר ת"צ (1730). נפטר י"ז תמוז תקל"א (1771).

17) הרב חיים זעלדעס (ווי מ'גיט איבער איז ער געווען רב אין סלוצק אַ קורצע צייט נאָך הרב ראַפּאָפּאָרט).

18) הרב ר' שלמה זלמן ליפשיץ תקל"א (1771).

19) הרב ר' יוסף בהגאון ר' מנחם מענדל מהלוסק תקל"ב (1772).

20) הרב ר' יהודה יודל בר' אברהם הלוי הורוויטש, ז' טבת תקל"ד (1774).

21) הרב ר' שלמה זלמן מאניש תקנ"ח (1798).

22) הרב ר' שמחה בונים, נפטר תקפ"ד (1824).

23) הרב ר' יאָסעלע פיימער. געזעסן אויפן כסא הרבנות אין סלוצק אין פאַרלויף פון 35 יאָר. נפטר תרכ"ד (1864).

24) ר' יאָשע־בער סאָלאָווייטשיק, געווען רב אין סלוצק (פון 1865—1875). נפטר געוואָרן אין בריסק אין תרנ"ב (1892).

25) סלוצקער רב ר' מאיר פיימער האָט אַראָפּגעבראַכט קיין סלוצק דעם רידב"ז אין יאָר 1899.

26) דער רידב"ז ר' יעקב דוד בר' זאב ווילאָווסקי, רב אין סלוצק פון תרנ"ד—תר"ס (1894—1900).

27) הרב ר' איסר זלמן מעלצער פון 1901—1920.

28) הרב ר' יאָסעלע בר' מאיר פיימער, רב אין סלוצק ביז 1920.

29) הרב ר' יחזקאל אבראמסקי 1924—1927.

30) הרב ר' יצחק האכמארק — לעצטער סלוצקער רב 1928—1930.

### נעמען פון די לעצטע סלוצקער דיינים

פיישע דער דיין.
ר׳ מאיר פיישעס.
דער סאלאנטער (ר׳ יהודה דוב דיינא).
ר׳ לייב ניימארק.

### נעמען פון שולן און בתי מדרשים לויטן אלף־בית

1) אסטראווער שול
2) ר׳ איסערקעס שול
3) באַגאַדעלנער שול
4) בעלי־בתישע שול
5) בית מדרש
6) וויגאדער שול
7) זאַרעצער שול
8) כאפאשקער שול (די אַלטע)
9) כאפאשקער (די נייע)
10) ישיבה שול
11) די מוראוואנקעס
12) משניות שול
13) קצבישע שול
14) קאַלטע שול
15) קירזשנערשע שול
16) די קלויז
17) קאפוליער שול
18) קרניים שול
19) שניידערשע שול
20) שמידישע שול.

## מ. ל. גארין ניו־יארק / סלוצק

אין די הונדערטער יאָרן פון איר עקזיסטענץ האָט סלוצק דורכגעמאַכט גוטע און אויך ביטערע, שווערע איבערלעבונגען פון מלחמות, פלאָגן, שריפות און מגיפות.

דער קאַמף פאַר עקזיסטענץ, אין אַלע צווייגן פון לעבן, איז אָנגעגאַנגען. אין דעם קרייז האָבן זיך געשלאָגן פאָליאַקן מיט רוסן, רוסן מיט דייטשן. סלוצק איז חרוב געוואָרן פיל מאָל.

סלוצקער יידן, ווי אַלע יידן אין „תחום המושב" — „טשערטא אסעדלאָסטי" האָבן פאַרנומען דעם מיטל־קלאַס, מייסטנס פון קליין־בורזשואַזיע, ווי קרעמערס סוחרים און קליין־האנטווערקערס, ווי שניידערס, שוסטערס, שמידן, גאַרבערס, קאָמיסיאָנערן און בעלי עגלות.

צום גרעסטן טייל האָבן זיי געהאַט די קראָם, דעם וואָרשטאַט אַלס זייער פריוואַט אייגנטום, און האָבן אַליין, אָדער מיט דער הילף פון דער פאַמיליע געאַרבעט, און פון דעם געצויגן אַ שפּאָרזאַמע פרנסה־חיונה.

דער מער פאַרמעגלעכער קרעמער, אָדער האַנטווערקער, האָבן געהאַט אַרויסהעלפער, אָנגעשטעלטע אָדער געזעלן. די דאָזיקע אַרבעטער, נישטיק אין צאָל, האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם אַרבעטער־קלאַס, דעם פּראָלעטאַריאַט אין מאַרקסיסטישן ווערטער־בוך. די אויבערשטע און אונטערשטע קלאַסן פון סלוצק — וואָס איז געווען אַ גרויסע אויעזדנע שטאָט פון דער דאַמאָלסדיקער מינסקער גובערניע, האָבן פאַרנומען די ווייסרוסישע, פוילישע, קריסטלעכע באַפעלקערונג מיט אַ געמיש פון פאָליאַקן און גרויס־רוסן. די פּריצים, די פּאָמיעשטשיקעס, און אַ קליין הייפל קאַפּיטאַליסטן האָבן פאַרמאָגט דעם גרעסטן טייל לאַנד־אייגנטום און די קליינע צאָל אינדוסטריעלע פאַבריקלאַך. די אונטערשטע שיכט איז געווען די פּויערים מאַסע.

סלוצק, האָט אין אַ באַשיידענעם אָבער וויכטיקן מאַסשטאַב, געדינט אַלס גייסטיקער און קולטורעלער צענטער פאַר דורות.

די קינדער פון אָרעמע עלטערן, האָבן געהאַט איין ציל, תורה לערנען און שטייגן אין פרומקייט. מ׳האָט געלערנט אין קליינע און גרויסע ישיבות. די רייכערע האָבן שטודירט אויף דאָקטאָר, אַפּטייקער, דענטיסט, געהאַלטן עקסטערן־עקזאַמען אין דער סלוצקער גימנאַזיע און ניט שטענדיק גוט אָפּגעשניטן. אַ קליינער פּראָצענט האָט געלערנט אין דער גימנאַזיע, קאָמערצשעסקע און רעאַלע שולן.

דער גרעסטער טייל פון דער אָרעמער יוגנט האָט געמוזט פאַרדינען דאָס שטיקל ברויט, גאַנץ פרי אין זייער לעבן ביים אָנקומען אַלס געזעלן, געהילפן ביי בעלי מלאכות, אין פאַרשיידענע פאַכן, ווי שניידעריי, שוסטעריי, בלעכעריי, שמידעריי, סטאָלעריי און אַ. וו. אָדער דינען אַלס פּריקאַשציקעס אָנגעשטעלטע (אין קראָמען) און האַנדלס־הייזער. די לעצטע האָבן בעסער פאַרדינט און געהאַט אַ מעגלעכקייט אַרויפצואַרבעטן זיך, עפּענען מיט דער צייט אַ אייגן געשעפט.

די אינטעליגענטערע, וועלכע האָבן אין די חדרים און ישיבות זיך אָנגעזאַפּט מיט יידישן וויסן און זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע קענטענישן אין העברעאיש, תנ"ך, גמרא און דערצו אַ ביסל רוסיש, — זענען געוואָרן לערער, מלמדים, ווי אויך אַ טייל פון זיי, פלעגן זיך פאַרדינגען אויף אַ זמן, לערנען מיט קינדער פון „ישובניקעס" אויף אַ דאָרף, אָדער קלענערע ישובים אין סלוצקער סביבה.

דער פּראַקטישער נאָמען פאַר דעם מין פּעדאַגאָגיע, האָט דאַן געהייסן „אַ קאָנדיציע". אַ אָרעמער ישיבה־בחור, פלעגט אָפּשפּאָרן אַ פּאָר רובל אויף שטודירן אָדער כדי הייראַטן, זיך אַוועקלאָזן אויפן דאָרף קנעלן און געבראַכט אַהיים אויף פסח—סוכות אַ הונדערט רובל און טייל מאָל מער.

סלוצק איז ווירקלעך געווען אַן עיר ואם בישראל פאַר פיל יאָרהונדערטער, — פריער אונטער דער פוילישער הערשאַפט, דערנאָך סוף 18טן יאָרהונדערט אונטער די רוסן. סלוצק לויט היסטאָרישע קוועלן פון מיטלאַלטער, האָט שטאַרק פיגורירט אין בארימטן „ועד ארבע הארצות" פון די פיר געגנטן

פון דער פוילישער מלוכה. אירע מנהיגים, וואָרט־זאָגער האָבן געהאַט דאָרט אַ גרויסע דעה און השפעה. האָט טאַקע סלוצק געשמט, געהאַט אַ גרויסן נאָמען אין דער יידישער וועלט, ניט נאָר מיט איר געבוירענער אַריסטאָקראַטיע, רייכע אָנ־פירנדע משפחות, נאָר איבערהויפּט מיט אירע בעלי־בתים לומדים. כמעט יעדער בעל־הבית, און פילע אָרעמע יידן און אַרבעטער זענען געווען יודעי ספר. ס'זענען געווען יידן לומ־דים, בקיאים אין ש"ס און פוסקים.

עס פלעגט אַרומגיין אַ וויץ, אַז ווען אַ סלוצקער ייד פלעגט אַרויספאָרן אין דער פרעמד, און ווען ס'איז אים אויסגעקומען ריידן וועגן זיין יחוס, פלעגט ער אויסציען די האַנט און נעמען ציילן אויף די פינגער: — פאַרבויגן דעם קליינעם פינגער און געזאָגט: צו ערשט בין איך אַ סלוצקער.

סלוצק האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע ישיבה, קליינע ישיבות, חדרים, חדרים מתוקנים, רבנים גאונים ווי ר' יאָסעלע, ר' יאָשע בער סאָלאָווייציק, ר' מאירקע פיימער, דער רידב"ז (ר' יעקב דוד), ר' איסר זלמן מעלצער, ר' יחזקאל אבראמסקי, ר' יאָסעלע פיימער דער צווייטער. באַוווּסטע דיינים, ווי פּיישע און ר' מאיר, ר' לייב ניימאַרק, דער סאַלאַנטער. ראשי ישיבות: ר' נחמיה, ר' יאָשע טריצאַנער, ר' פסח, ר' בערל גריבענשציק.

אין דער יידישער ליטעראַטור, איז „מירעלע אפרת" דער כאַראַקטער, וועלכן יעקב גאָרדאָן פאַראייביקט אין זיין באַוווּסטער דראַמע, איז עס טאַקע אַ טיפּ גענומען פון דער סלוצקער ווירקלעכקייט. אַזאַ אַריסטאָקראַטישע נגידת'טע, זייער אַ מיוחסדיקע פרוי, האָט ווירקלעך רעפּרעזענטירט דעם קלאַסן שטאַנד און פסיכאָלאָגיע פון יענער צייט.

אַזעלכע צווישן־קאַמפן פון דעם אויבערשטן קלאַס און נידעריקן, האָבן דאַן עקזיסטירט ניט נאָר צווישן די נגידים און מיטל־קלאַס ווי אָרעמע, נאָר מחלוקתן זענען פאָרגעקומען צווישן רבנים.

סלוצק איז געווען צעטיילט אויף צוויי צדדים. די קריגע־רייען האָבן אָנגעהאַלטן פאַר פיל יאָרן צווישן ר' מאירקען און דעם רידב"ז, ביז דער לעצטער איז אַוועקגעפאָרן און צולעצט זיך באַזעצט און נפטר געוואָרן אין צפת.

מיט דעם אויפשטייג פון דער „השכלה" מערקן זיך אָן פּי־גורן און פערזאָנען, ליטעראַטן וועמענס געבורטס־פּלאַץ איז סלוצק אָדער פון דער אַרומיקער סביבה. דער זיידע, „מענדעלע", איז אַ קאַפּוליער, אַרום 20 וויאָרסט פון סלוצק. ער האָט געלערנט, געגעסן „טעג" אין סלוצק. ער דערמאָנט עס אין זיינע שריפטן אין שלמה ר' חיים'ס. אין דער „קליאַטשע" מאָלט ער טיפּן און כאַראַקטערן פון דער ווירקלעכקייט. „קאַבצאַנ'ק און גלופּסק", זענען שטעטלעך אידענטיפיצירט מיטן סלוצקער קרייז און יענעם אָרט לעבן.

דער פילאָזאָף שלמה מימון, אַ נעסוויזשער, האָט געלערנט און געלעבט אין סלוצק, אויך פּראָפעסאָר רפאל קאהען, פון סיטי קאָלעדזש, וועלכער צייכנט זיך אויס אויפן געביט פון מאָדערנער פילאָזאָפיע, איז פון סלוצקער קרייז.

פון די מאָדערנע באַוווּסטע שרייבער, י. ד. בערקאָוויטש, ער איז אַ סלוצקער געבוירענער. אויך דער באַוווּסטער דיכטער א. א. ליסיצקי, זאַמיע ווענדראָף, וועלכער איז אַמאָל באַצייכנט געוואָרן אַלס דער יידישער טשעכאָוו, מיט זיינע סקיצן און הומאָריסטישע דערציילונגען, איז אַ סלוצקער און אַלס זקן לעבט ער אין מאָסקווע. פּראָפעסאָר מאיר וואַקסמאַן איז אַ סלוצקער וועלכער האָט געלערנט אין דער סלוצקער ישיבה.

דער פאַרשטאָרבענער יהודה גראַזאָווסקי איז פון סלוצ־קער קרייז, פון דעם שטעטל פּאַהאָסט. הרב פּראָפעסאָר ש. אסף איז פון ליובאַן, סלוצקער קרייז, ווי אויך די צוויי באַוווּסטע שרייבער, די ברידער זלמן און יצחק עפּשטיין זענען ליובאַנער. די שריפטשטעלערין רחל פייגענבערג (אמרי) איז אַ ליובאַנער. דער היסטאָריקער ד"ר י. נ. שמחוני איז אַ זון פון דעם באַוווּסטן סלוצקער למדן און מנהיג שימחוביץ.

דער באַוווּסטער פּעדאַגאָג און שריפטשטעלער אברהם אפּשטיין (אבא אריכא) איז געווען אַ סלוצקער, די דיכטער יעקב כהן און ברוך כצנלסון זענען סלוצקער געבוירענע. די באַקאַנטע לערער (יעצט אין ישראל): שמשון נחמני, ירקוני, נחום חיניץ און אַנדערע קומען פון סלוצק.

# פאָלקלאָר

סלוצקער צונעמענישן: 1) רב נחמיה אימערמאַן, דער באַרימטער ראש־ישיבה אין רב איסערקעס שול, איז געווען אַ שטרענגער ציכטיקער ייד מיט רויטע האָר און מיט אַ רויטער פלאַמיקער באָרד. האָבן אים די עלטערע ישיבה־בחורים, דערפאַר וואָס ער האָט זיי ניט געלאָזט רויכערן אין שול פּאַפּירעסלעך, אַ נאָמען געגעבן: „די פרה אדומה". — 2) כאַשקע די רביצין, וואָס האָט גע־לערנט יידישע מיידלאַך דאַוונען און תחינות לייענען, איז געווען אַ הינקעדיקע. אַז זי פלעגט גיין מיטן קרבן־מינחה אונטערן אָרים, פלעגט זי מאַכן מיטן קאָפּ אַרויף און אַראָפּ. האָט מען זי גערופן „כאַשקע אַ קאַפּיקע אַרויף, אַ קאַפּיקע אַראָפּ". — 3) אין וויגאָדער שול האָט געדאַוונט אַ ייד, וואָס מע האָט אים גערופן „דער הויקער". קיין אַנדער נאָמען, דאַכט זיך, האָט ער גאָרניט געהאַט. איינמאָל האָט איינער אים אַ רוף געטאָן פון הינטן: „רב הויקער!" האָט ער אויסגעדרייט צו יענעם דעם קאָפּ און אָהן אַ שום פּאַראיבל אַ פרעג געטאָן: „מיך רופסטו?" — דער חידוש דערביי איז געווען, וואָס „דער הויקער" האָט גאָר קיין הויקער ניט געהאַט. סאיז געווען אַ ייד מיט אַ גלייכער פּלייצע, ניט ערגער פון אַנדערע וויגאָדער יידן. — 4) געווען אויף זאַריעטשער גאַס אַ פעל־הענדלער, אַ קליין יידעלע מיט אַ גרויסער רויטער באָרד. האָט ער געהאַט אַ ווייב צוויי מאָל די גרויס ווי ער. האָבן זיי סלוצקער לייט גערופן: „דער קורץ פרייטאָג מיטן שבת הגדול".

# מ. ל. גארין ניו־יארק / דער שולהויף און די קאלטע שול

פון דער ווייטן פון די אַרומיקע פעלדער און שליאַכן האָט זיך געוויזן ווי אַ טורעם די באַרימטע, שיינע, געמויערטע, ווייס געקאַלכטע קאַלטע שול מיטן משופּעדיקן, גרין געפאַרבטן בלעכענעם דאַך. שיין, סימעטריש געבויט לויט דעם גאָטיש־סטיל, מיט באַלאַנסירנדע אַרכיטעקטיש גלייכע ליניעס, געזימסן, קאַרניזן, לאַנגע גרויסע פענסטער מיט קאָלירטע שייבלעך, בלוי, גרין, רויט א.אַ.וו. ד׳י פּרעכטיקע געביידע האָט דערוועקט ערפאָרכט, גאָט־דערהייבנקייט.

דורך די פילפאַרביקע צושאָטענע שייבעלעך פלעגן פייגעלעך פּישטשענדיק און קוויטשענדיק דורכמאַרשירן אַהין און צוריק, זינגענדיק זייער פייגלדיקע שירה.

הויך איז געווען דער בנין און האָט געצויגן יעדנס אויפ־

„מי־שברך” און „בעבור שנדר” זענען געווען געכאַפּטע.

דער דאַוונען איז געווען אַ שפּאַצירנדער איבערן גרויסן רווחדיקן בנין. מ׳איז ניט איינגעזעסן אויף אַן אָרט, מענטשן האָבן זיך געטראָגן ווי אַ וויכער מיטן טלית איבערן לאַנגן מאַנטל, געמורמלט, געזאָגט און געדאַוונט.

אין 1908 האָט זיך פאַרשפּרייט ווי אַ בליץ די ידיעה, אַז אין דער קאַלטער שול בויט זיך און ווערט אויפגעשטעלט פון צוויי זייטן אַ ווייבערשע שול. האָט מען זיך גע׳חכמעט און געוויצלט: זאָלן די ווייבער אויך וויסן וואָס אַזוינס קעלט איז.

דערפאַר אָבער זומער צייט, האָבן די מתפּללים אויפגעלעבט און געקוואָלן פון די קילקייט און די מחיהדיקייט — ממש אַ גן־עדן, עס דאַוונט זיך גאָר אַנדערש.



די קאַלטע שול

מערקזאַמקייט, אינווייניק אָנגעשפּאַרט אויף קיילעכדיקע גרויסע דיקע קאָלאָנעס. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז די גרויסע סלופּעס האַלטן — שפּאַרן אונטער דעם בנין און סימבאָליזירן דער סלוצקער קהילה, וועלכע שפּאַרט זיך אָן אויף איר אַלטקייט און גרויסן אַמאָליקן יחוס. אָנגעפּעלצט אין פוטערס אָדער אין גראָבע וואַרעמע מאַנטלען, פלעגט מען קומען אַפילו ווינטער דאַוונען אין דער קאַלטער שול. ס׳האָט געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן, אָבער עמך און די „פּני” האָבן ניט געלייגט אַכט אויף דעם. דעם בעל תפילה׳ס קול האָט משונה׳דיק אָפּגעהילכט און אויסגעשריען, ס׳האָט זיך געפילט אַן איילעניש, אַ כאַפּעניש, וואָס שנעלער ענדיקן.

די קריאת התורה איז געווען אַ קאַלטע און אַ שרייענדע: יעמוד! און עס שטייט זיך ניט, עס איז פאָרט קאַלט. דער

גרויסע חזנים פלעגן דאַוונען אויף בילעטן אין דער קאַלטער שול. גרשון סיראטע, מאיר לידער, לייבע אוזדער און נאָך פאַרשידענע חזנים פלעגן מאַכן אַ גרויסן רושם אין שטאָט. מ׳האָט געזאָגט מבינות, געקוויקט זיך מיט די שטיקלעך חזנות, וועלכע האָבן אויסגענומען. אַ סך יידן זענען געשטאַנען פון דרויסן און זיך צוגעהערט צום דאַוונען און אַריין אין התפעלות: אַי האָט ער געדאַוונט! ס׳איז דאָך אַ מתיקות, אויסצוקושן אים אַלע גלידער.

צו דער קאַלטער שול פלעגן קומען די סלוצקער פייערלעשער (פּאָזשאַרניקעס) אין די זומערדיקע מאָנאַטן אויף „רעפּיטיציעס”. כמעט יעדן דאָנערשטיק פלעגט אַ פּאָזשאַרניק, אָנגעטאָן אין אַ מונדיר מיט אַ מעשענעם היטל, פאָרן אויף אַ „דראָזשקע” און בלאָזן — טרומייטערן, אָנזאָגנדיק די פייער־



אויבערשטע שורה: פון רעכטס צו לינקס — יעקב קיטאַיעוויטש, אגינסקי, זלמן רובינשטיין, צווייטע שורה: עפשטיין, ליפּע לייבאַ־וויטש. דריטע שורה: פּראָחאָווניק, שפּערלינג, ווינאָגראַד, יאַבראָוו.

לעשער אַז היינט פּאַרנאַכט וועט זיין אַ צוזאַמענטרעף, אַ רעפּיטיציע אויף די שאָסען. דאָס איז געווען אַ גרויסער ליידיקער פּלאַץ, נעבן מאַרק, ווו ס'האָבן זיך געפונען די געביידעס פון די לעש מאַשינען, די פּאָמפּעס מיט די פעסלעך, שטאַלן פאַר די פערד, ווי אויך אַ וווינונג פאַרן „דיזשורני" — די היטער — שומרים, וועלכע זענען געשטאַנען אויף דער וואַך טאָג און נאַכט אין פאַל פון אַ פייער אַליאַרם.

אין שפּיץ פון די סלוצקער פייערלעשער זענען געשטאַנען ישראל באַראַן, אַ פּיפּיקער ייד, און דער פּריץ קוראַצעוויטש, וועלכער האָט געוווינט אין זיין גוט, אַ פראַכטפולע געביידע ביים וואַל עק פון בולוואַר.

די פייערלייט אָנגעטאָן אין נעטע מונדירן, האָבן גע־מאַרשירט אין גלייכע שורות, ווי מיליטער גרופּעס, אָנגעפירט פון אַן אָרקעסטער, וועמענס טענער און קלאַנגען האָבן צו־געצויגן די ייִנגלעך פון די חדרים, און סתם ווייסע־חברה־ניקעס, ליידיק גייער, פאַר וועמען דאָס איז געווען אַ גוטער ספּעקטאַקל אַלס צייט פאַרטרייב.

אויפן שולהויף, נעבן באָד, פלעגן זיי אויפשטעלן זייערע לייטערס אויף די ווענט פון דער קאַלטער שול, און קלעטערן אויפן משופּעדיקן דאַך. עס איז אַנטשטאַנען אַ פאַרמעסטונג צווישן די בחורים, ווער עס וועט וועמען איבערשטייגן אין שנעל קלעטערן און אַרויסווייזן געשולטקייט אין דעם פאַך.

מוזיק האָט געשפּילט, ווען די קישקעס, אַריינגעשטעקט אין די פעסלעך, האָבן געגאָסן שטראָמען וואַסער אין דער הויך און ווייט אַרום.

ייִנגלעך האָבן פרייוויליק מיטגעאַרבעט מיט די פּאָזשאַר־ניקעס אויף די וואַליצן, צו שעפּן די וואַסער פון די דערביי־איקע ברונעמער.

אָט די פּאָזשאַרנע רעפּעטיציעס, זענען געווען אין זייער פאַרנעם אי נוצלעך פאַר דער קהילה, און אַ גוטער צייט־פאַרטרייב פאַר די „פּאָזשאַרניקעס" און פאַר דער כאָפּטע ייִנגלעך, און די צושויער בירגער, וועלכע זענען געווען נייגעריק פאַר אַזוינע זאַכן. די פּאָזשאַרניקעס פלעגן האָבן נאָכדעם זייערע פאַרוויילונגען אין די שענקן, ווו זיי פלעגן געניסן פון די סלוצקער געשמאַקע מאכלים: פיש, גענדזלעך, גריוועס, בלינצעס, פלאָדן, טאָרטן און פאַרגאָסן צום סוף מיט עכטער ניינציקער וואָדקע.

אין „טאַבעלנע" טעג, פלעגן אין דער קאַלטער שול, אַריינמאַרשירן אין זייערע פּאַראַדנע אוניפאָרמען, ווי אויסגע־מושטירטע סאָלדאַטן, די שילער פון דער „יעווריעסקאָיע אוטשי־לישטשע", פון דער גימנאַזיע און קאָמערצשעסקע אוטשילישט־שע. זיי פלעגן זיך אויסזעצן אויף די בענק אַרום דער בימה — אין צענטער, און דער ראַבינער עשמאַן, אָנגעטאָן אין זיין שוואַרצן קיטל, מיט אַ קייט אויפן האַלדז, האָט געהאַלטן פאַר זיי אַ פּאַטריאָטישע רעדע אויף רוסיש וועגן דער וויכטיקייט פון דער פייערונג. ער פלעגט צופּאַסן זיינע דרשות צו טאָג פראַגן: ווי דער געבורטס טאָג פון צאַר, אָדער אַנדערע פּער־זאָנען פון דער ראָמאַנאָוו דינאַסטיע.

נאָך דער צערעמאָניע, דורכלייענענדיק קאַפּיטל כ"א פון תהלים: „ד' בעזך ישמח מלך", פלעגט ער ענדיקן מיט אַן אויפפאָדערונג זיין גוט און פרום און פאָלגן דעם קייסער. נאָך „הנותן תשועה" און „באָזשע צאַריאַ חראַני", פלעגט מען זיך פונאַנדערגיין.

אין דער קאַלטער שול, פלעגט מען איינשווערן די „נאָוואָ־בראַנצעס" — די יונגע יידישע בחורים — צוגענומענע אין מיליטער דינסט. פאַרביטערטע, צושויבערטע, מיט אַ פייערל אין די אויגן, אונטערגעברומט מיט פאַרקוועטשטע ליפּן די שבועה, וועלכע דער ראַבינער עשמאַן האָט געזאָגט און גע־בראָקט אויף רוסיש, פאָדערנדיק טרייהייט און איבערגעגעבנ־הייט צום רוסישן קייסער. זיינע ווערטער האָבן איראָניש גע־קלונגען און געהילכט ווילד אין דער פוסטער שול, אין דער אָנוועזנהייט פון מיליטערישע און ציווילע בעאַמטע. דאָ פלעגט זיך צייטנווייז ווייזן דער איספּראַווניק, דער דייטש שטריקער, אַ דיקער בלאָנדער מאַן, אונטער זיין רשות זענען געווען 25 פּאָליציאַנטן און אַ ראָטע סאָלדאַטן, וועלכע זענען איינגעשטאַנען אין די באַראַקעס. דער מושטיר פּלאַץ איז געווען נעבן קאַטוילישן קלויסטער.

אין דער קאַלטער שול האָט ער געהאַט זיינע געהיים אַגענטן, וועלכע פלעגן זיך אַריינכאַפּן פאַרשטעלטערהייט אין די שולן.

קיין שלעכטער מענטש איז ער בטבע ניט געווען. קינד און קייט האָבן אים געקענט. ער פלעגט גיין שפּאַצירן איבער

די גאַסן אָנגעטאָן אין זיין גרויען מונדיר מיט עפּאָלעטן און שיינענדע מעשענע קנעפּ און געשמייכלט צו די פאַרבייגייער.

צו יונגוואַרג פאַרשולדיקטע אין פרייהייטס באַוועגונגען, צו „ציצעליסטן" איז ער געווען גרויזאַם.

אין מערץ 1905, האָט דוקא זיינער אַ זון, אַ 15 יעריקער גימנאַזיסט, נאָך אַן איבעררײדעניש מיטן פאָטער געכאַפּט זיין רעוואָלווער און זיך דערשאָסן. ער איז געווען לינק געשטימט און ניט געקענט פאַרטראָגן זיין פאָטערס באַהאַנדלונג.

אין סלוצק האָט עס געמאַכט אַ גרויסן רושם, גראָד אַ וואָך פאַר פסח איז עס געשען. אַ הספד איז געמאַכט געוואָרן אין לוטעראַנישן קלויסטער, אויפן בולוואַר, און מ'האָט אים באַערדיקט אויף די מאָהילקעס.

דער שולהויף האָט קאָנצענטרירט פינף שולן — די קאַלטע שול צו מזרח זייט, צו מערב זייט דער בית המדרש, צו צפון, די קלויז און די קרנים שול און צו דרום — די שניידערשע שול.

אין מיטן אַ היפשער פוסטער שטח, וועלכער האָט געקענט אַריינעמען הונדערטער מענטשן. דאָ פלעגט מען שטעלן חופות אונטערן פרייען הימל און קלעזמער פלעגן שפּילן — אייזל דעם קלעזמערס קאַפּעליע אָדער שמעון לייב'ס מוזיק שפּילט אין גאַס, איז עס געווען אַ סימן, אַז אַ חתונה פּראָצעסיע רוקט זיך צום שול־הויף.

אויפן שולהויף נעבן קלויז פלעגן פאָרקומען הספדים פון חשוב'ע נפטרים. אַהערצו, צווישן די ווענט פון די דערבייאיקע בתי מדרשים, פלעגט מען פּראַווען די לעצטע צערעמאָניע פון אַ לוויה. חברה קדישא־לייט פלעגן ברענגען דעם מת און אַוועקשטעלן דעם ארון נעבן קלויז, אויף אַ טיש אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטענדער פלעגט דער מספּיד, דער רב, אָדער ר' לייבע ניימאַרק, דער דיין, דערציילן די מעלות פון דעם נפטר, אויב ער איז געווען אַ בן תורה און אַ פיינער ייד.

דער פאַרזאַמלטער עולם, מענער און ווייבער פלעגט זיך פאַרגיין אין אַ געוויין.

דער טרויעריקער ניגון און די לוויה אָנטיילנעמער האָבן אָנגעוואָרפן אַ פחד אויפן שולהויף. חדר יינגלעך פון תלמוד־תורה האָבן נאָכגעשפּרייזט נאָך דער שוואַרצער מטה, זינגענדיק „צדק לפניו יהלך וישם לדרך פעמיו". דער שטאָט שמש ר' פייוול, פלעגט קלינגען מיט דער פּושקע און אויסרופן: "צדקה תציל ממות". אַזוי פלעגן זיך ציען די טרויער פּראָצעסיעס זומער אין די היצן, אין הערבסט — אין די בלאָטעס, ווינטער אין שנייען, זענען געגאַנגען, געטראָגן די מטה אויף די פּלייצעס, אויסגעמאַטערטע אידן מיט געמאָסטענע טריט מיט אַ שטיל שווייגן פון דרך ארץ, אויסער דאָס קלינגען פון די מטבעות אין דער צדקה פּושקע, ביז מ'איז אָנגעקומען צום בית־עולם ביים טייך, עק זאַרעצער גאַס, וועלכער איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ געמויערטן פאַרקאַן.

אָפט פלעגן זיך הערן פון די שולן געוויינען פון פרויען, וועלכע מיט באַנומענע קולות ביים ארון־קודש, האָבן זיי געשריען, געבעטן רחמים ביים רבונו־שול־עולם, ער זאָל זיך דערבאַרעמען און אָננעמען זיך די קריוודע פון אַ חולה מסוכן, וועלכער איז פאַרביי.

אָפט מאָל האָבן זיך געטראָגן אומגעווײנלעכע יאָמערייען און יללות פון ביטערע הערצער ביים אָפענעם ארון הקודש. אַ געווינעריך איז געגאַנגען שווער צום קינד, האָט אַ מאַמע, אַ באָבע געבעטן דעם רבש"ע ניט אָפּקערן זיין חסד און העלפן אַז אַלעס זאָל אַריבער בשלום.

---

# פאָלקלאָר

אַז אַ סלוצקער פלעגט רעדן וועגן זיין שטאָט מיט גוטמוטיקן היימישן ביטול, האָט ער זי אָנגערופן: „סלוטשיזנע".

*

„אַ סלוצקער קרופּניק" — אַ וואָכעדיק געקעכץ פון וואַסער מיט גרויפּן אין סלוצקער הייזער, ביי אָרעם און ביי רייך. — דאָס האָט אויך געמיינט: אַ פּראָסטער חי־וקיים, אַן „עמך".

*

„סלוצקער פלאָדן" — אַ מין זיסער האַרט־געבאַקענער טאָרט, היימישע פּראָדוקציע, געפילט מיט האָניק־טייגלעך, געדינט ווי דער בעסטער כיבוד ביי אַ לעקאַך־און־בראָנפן, אויך אַלץ אַן עקספּאָרט־אַרטיקל אויסער סלוצק. אַלט־געבאַקענעם פלאָדן האָט מען געקאָנט האַקן מיט אַ האַק. — דאָס האָט אויך כאַראַקטעריזירט דעם סלוצקער טיפּוס: האַרט פון דרויסן און זיס פון אינעווייניג.

„סלוצקער בערעס" — גרויסע שווערע באַרן פון סלוצקער באַרימטע סעדער. מע פלעגט זיי האַלטן ביז שפּעט אין ווינטער, און ערשט דעמאָלט זענען זיי געוואָרן צייטיק, ווייך און זיס. אין געוויסע רוסישע שטעט זענען זיי געווען צו קויפן אין די גרויסע פרוכט־קראָמען. — דאָס האָט אויך געדינט אַ כאַראַקטעריסטיק פאַרן סלוצקער מענטשן, אַז מע דאַרף מיט אים לאַנג האָבן צו טאָן איידער מע דערגייט זיין אמתן תוך.

# אין שטוב און אין גאס

אליהו שולמאַן ניו־יאָרק / 
## וואָס איך געדענק פון סלוצק

צום אָנדענק פון מיין זיידן יאָסל באַרהאַן, און פון אַלע באַרהאַנעס, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין סלוצק, נעסוויזש און מינסק.

### אַלגעמיינער איבערבליק

ווייס־רוסלאַנד, אָדער רייסן ווערט זייער אַ סך געשילדערט אין דער יידישער ליטעראַטור. אברהם רייזען, דוד איינהאָרן, משה קולבאַק, לייב ניידוס, ה. לייוויק און דער זיידע ר' מענדעלע מוכר ספרים, האָבן געמאָלן די לאַנדשאַפט, די פעלדער און די וועלדער מיט די ווייסינקע בעריאָזקעלעך. עפּעס אַ צאַרטער, שטילער טרויער איז געווען אויסגעגאָסן איבער דעם דאָזיקן געגנט. דער טרויער האָט זיך געפילט אין די פאָלקס־געזאַנגען פון די ווייס־רוסישע פּויערים און אין די שילדערונגען אין דער יידישער ליטעראַטור. אָבער מען קאָן ניט זאָגן אַז ווייס־רוסלאַנד איז אינגאַנצן געווען אָרעם און גרוי. סלוצק איז געווען אַ לעבעדיקע שטאָט, פול מיט אַקטיוויטעט און מיט וווּנדערלעכע ענערגישע יידן. סלוצק איז געווען אַ „קרייז שטאָט" אַן „אויעזדני גאָראָד" — דער צענטער פון עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן פון גאָר אַ גרויסער סביבה. אין די אַרומיקע שטעטלעך האָט אויך געבריזט אַ שאַפנדע טעטיקייט. סלוצק ווערט דערמאָנט אין די כראָניקס פון כמעלניצקיס אויפשטאַנד. מען קאָן אָננעמען אַז די יידישע סלוצק איז אַלט 400 יאָר.

איך געדענק סלוצק אַלס יידישע שטאָט, הגם עס האָבן אין שטאָט געוווינט אויך אַ סך קריסטן. די אַלע רעגירונגס־אָנגעשטעלטע, די לערער אין אַלע רוסישע שולן און גימנאַזיעס זענען דאָך געווען ניט יידן. אין סלוצק האָבן אויך געלעבט לוטעראַנער; אויף דער ברייטער גאַס ביים בולוואַר האָט זיך געפונען דער לוטעראַנישער קלויסטער, אויך אַ סך פּאָליאַקן האָבן געוווינט אין שטאָט. אין 1918 איז געגרינדעט געוואָרן אַ פּוילישע גימנאַזיע, וואָס האָט געהאַט אַ סך שילער. אויף טריטשאַן, אַרום דעם מאָנאַסטיר, אויף דער ברייטער גאַס, אויף יוריעווער גאַס נעבן דער זעמסטווא. אויף דער נייער גאַס, אויף אסטראָווע און אויף עטלעכע זייטיקע געסלעך האָבן געוווינט קריסטן, אָבער די הויפּט באַפעלקערונג איז געווען אַ יידישע.


אליהו שולמאַן

די סלוצקער יידן האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט האַנדל און מיט אַרבעט. איך קאָן זיך דערמאָנען נאָר עטלעכע ניט־יידישע קראָמען אין סלוצק, ווי דאָס געשעפט פון „די ברידער מוכין", „גאָראָכאָוויטש" און נאָך אַ פּאָר. כמעט אַלע אַנדערע קראָמען אויפן שאָסיי, און אויף די גאַסן נעבן שאָסיי — זענען געווען יידישע. חוץ קרעמער זענען יידן אויך געווען האָרעפּאַשניקעס. די שטאָט איז געווען פול מיט יידישע שניידערס, שוסטערס, שטעפּערס, מוליאַרעס, פאַרבערס, סטאָליאַרעס, קעמלמאַכערס, טעפּערס, צושניידערס, פאַבריק־מאַכערס, א. אַ. וו. סלוצק איז באמת געווען די פאַרמיטלערין צווישן שטאָט און דאָרף. יעדן זונטיק פלעגן אין שטאָט, פון אַלע זייטן, אָנפאָרן פּויערים מיט זייערע פּראָדוקטן. יידישע מענער און פרויען פלעגן ביי די פּויערים אָפּקויפן קאָרן, ווייץ, גערשטן, אייער, קאַרטאָפל, הינער און בהמות. זונטיק ביז צוועלף פלעגן די געשעפטן זיין געשלאָסן, ווייל דעמאָלסט האָט מען אָפּגעריכט די תפילות אין קלויסטער, אָבער נאָך צוועלף פלעגט מען עפענען אַלע קראָמען — און די פּויערים פלעגן

אײנהאַנדלען אַלץ וואָס זײ האָבן געדאַרפט. די דערפער אַרום שטאָט האָבן פּראָדוצירט אַ סך תבואה און די סלוצקער סוחרים פלעגן די תבואה אָפּקויפן און איבערשיקן עס איבער גאַנץ רוסלאַנד. אין סלוצק זענען געווען דרײ פאַראַווע מילן — פײנבערגס, גוטצײטס און מישעלאָווס, און די מעל פלעגט צושיקט ווערן אין די ווײטסטע ערטער. יידן פלעגן אויך אײפּקויפן חזיר־האָר און מען פלעגט עס אַפילו עקספּאָרטירן



בײם אַרײנגאַנג צו דער אַגראַרער אויסשטעלונג אויף וויגאָדע אין 1908

קײן אויסלאַנד. אַפילו אין די שווערסטע צײטן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און ספּעציעל אונטער דער הערשאַפט פון די באָלשעוויקעס — פון סוף 1918 ביז אויגוסט 1919 — ווען די פּאָליאַקן האָבן פאַרנומען סלוצק — ווען גאַנץ רוסלאַנד האָט געהונגערט -- האָט סלוצק געהאַט גענוג ברויט ניט נאָר פאַר אײגענעם געברויך, נאָר אויך פאַר עקספּאָרט. אין דער דאָזיקער תקופה פלעגן אין סלוצק אָנקומען יעדן טאָג „מעשאָטשניקעס" — מענטשן מיט זעק אײנקויפן ברויט. פון סלוצק פלעגט מען יעדן טאָג אַרויספירן, סײ מיטן באַן, סײ מיט פורן, טויזנטער פודן מעל. סלוצק האָט געהאַט שפּעדיקע סעדער און גערטנער, סײ אין שטאָט גופא, סײ אַרום שטאָט, און די באַרימטע סלוצקער „בערעס" פלעגן געפּאַקטע אין קעסטלעך אַרויסגעפירט ווערן טיף אין רוסלאַנד. סלוצק האָט אויך פּראָדוצירט אַ פײנעם גענדזן־שמאַלץ, וואָס איז באַרימט געווען אומעטום. בכלל קען מען זאָגן — אַז די שטאָט האָט באמת געלעבט און געשאַפן.

סלוצק איז געווען פול מיט יידישקײט. צווישן אירע אײנוווינער זענען געווען יידן לומדים. אין אַלע שולן פלעגט מען, בין מנחה למעריב, לערנען עין־יעקב, חיי־אדם אָדער משניות. שבת בײטאָג, נאָך וואַרמעס, פלעגן די שולן זײן געפּאַקט. אין שטאָט זענען געווען 18 שולן און בתי־מדרשים. אויפן שול־הויף אַלײן זענען געווען די פּראַכטפולע און באמת וווּנדערלעכע קאַלטע שול, די זײער אַלטע קלויז, דער בית מדרש הגדול, די קרנים שול און די שנײדער'שע שול. ניט ווײט פון שול־הויף זענען געווען די קצבישע שול, ר' איסערקעס שול און משניות שול. אין דער קאַלטער שול זענען געווען 2 שטיבלעך, די מוראַוואַנקעס, אין בית מדרש הגדול איז געווען די וותיקין שטיבל. אין משניות שול איז געווען די אײנציקע חסידים שטיבל. חוץ דעם זענען געווען נאָך שולן: קאַפּולער שול, בעל־בתישע שול, די קירזשנער שול, זאַרעצער שול, וויגאָדער שול, אָסטראָוער, שמידעשע שול, די נײַע און די אַלטע שול אויף כאַפּאַשקער גאַס. די שטאָט איז געווען פול מיט חדרים, קלײנע ישיבות און אַ גרויסע ישיבה, צוויי תלמוד־תורות און אַ חדר מתוקן. די סלוצקער ישיבה האָט געהאַט אַ נאָמען אין גאַנץ רוסלאַנד. ישיבה־בחורים זענען דאָרטן געווען פון גאַנץ ווײטע מקומות. די ישיבה האָט אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל „יגדיל תורה". אין דער ישיבה איז אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן מוסרניקעס און געגנער פון מוסר. סלוצק איז געווען אָנגעזאַפּט מיט יידישקײט. אויך דער מאָדערנער גײסט איז אַרײנגעדרונגען אין סלוצק. די שטאָט איז געווען פול מיט רוסישע שולן: די קלאַסישע מע־נער־גימנאַזיע, פרויען־גימנאַזיע, די קאָמערץ־שול, דער פּענ־סיאָן, עטלעכע פּראָ־גימנאַזיעס, די „יעווריייסקאַיאַ אוטשי־לישטשע", די „גאָראָדסקאַיע". בײ דעם מאָנאַסטיר האָט עקזיסטירט די „דוכאָוונאַיאַ אוטשילישטשע". אין די גימנאַ־זיעס האָט געהערשט אַ פּראָצענט נאָרמע — אָבער אַ סך יידישע קינדער האָבן זיך דאָרטן געלערנט. חוץ דעם זענען אין 1917 צוגעקומען די רעאַל שולע, די ווײס־רוסישע גימ־נאַזיע און אַ טעכנישע שול. סלוצק איז באמת געווען אַ קול־טור־צענטער — און די שטאָט איז געווען פול מיט די שילער פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. זײ האָבן געברויכט לערן־ביכער, עס זענען דעריבער געווען אַ צאָל בוכהאַנדלונ־גען: גרינוואַלדס, רובינשטײנס, טאָמאַשאָווס, פּײטלסאָנס און נאָך עטלעכע. אין רײסערס און מ"ס בוך־האַנדלונגען פלעגט מען אויך קאָנען קויפן יידישע און העברעאישע ביכער, צײטונגען און זשורנאַלן. אַ באַדײטנדן פּלאַץ האָט פאַרנומען די שטאָטישע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק. די ביבליאָטעק איז געגרינדעט געוואָרן אין אָנהײב פון דאָזיקן יאָרהונדערט דורך די ציוניסטן. זי האָט פאַרמאָגט אַ גאַנץ גרויסן אויסוואַל פון רוסישע, העברעאישע און יידישע ביכער, אַ מאָל האָט זי

זיך געפונען אויף דער כאפאשקער אָדער ווילענסקער גאַס. נאָכן גרויסן פייער פון 1915 איז די ביבליאָטעק איבערגעפירט געוואָרן אין אַן אַנדער געגנט, אויף אַ זייטיקער גאַס, נעבן דער „קאזנא־טשייסטווא” נאָך שפּעטער האָט זי זיך געפונען אין דער געביידע פון דער פריערדיקער „יעווריייסקאיע אר־טשילישטשע”. צווישן די ביבליאָטעקאַרן זענען געווען עליע טשאַרני, אפעלסין, זאלוסקין, בונין און אהרן ראלניק. עס איז צו באַווּנדערן אַז אַזאַ קליינע און אַ זייטיקע שטאָט זאָל פאַרמאָגן אַזוי פיל יידישע און אַלגעמיינע קולטור־אַנשטאַלטן. ווי אויבנדערמאָנט, האָבן אין סלוצק און איר

ביז די דייטשן זענען אַריין אין יאַנואַר 1918. די באָלשעוויקעס האָבן פאַרנומען סלוצק אַ צווייטן מאָל און געהערשט פון דעצעמבער 1918 ביז אויגוסט 1919. דעם דריטן מאָל — פון יולי 1920 ביז אָקטאָבער 1920. מיין פאָטער האָט פאַרלאָזן סלוצק ווען איך בין אַלט געווען פיר יאָר. האָב איך אַ סך צייט פאַרבראַכט אין הויז פון מיין זיידן יאָסל בארהאַן. גע־וווינט האָט מיין זיידע אויף דער כאפאשקער גאַס, וווּ ער האָט געהאַט אַ באַקאַליינע קרעמל. אויפן הויף האָבן געוווינט נאָך עטלעכע בארהאנס. דער עלטסטער איז געווען שאיע יאבע בארהאן, מיין זיידנס אַ פעטער, אַן אויסגעדינטער ניקאָ־




די פרויען גימנאזיע

אומגעגנט, אויך אין „אימעניעס” געלעבט רוסן, ווייס־רוסן, פאָליאַקן — פריצישע פאַמיליעס, אָבער זיי אַלע אינאיינעם האָבן ניט געקאָנט אויסהאַלטן מיטל־שולן אָן דער הילף פון דער יידישער באַפעלקערונג. אין סלוצק פלעגן אָפט גאַסטראָ־לירן טעאַטער־טרופּעס, יידישע און רוסישע. עס זענען אויך געווען אַמאַטאָרן־גרופּעס. טעאַטער איז געשפּילט געוואָרן אין סאלאווייטשיקס זאַל אין דעם „דוואָריאַנישן קלוב” (שפּעטער דעמאָקראַטישער זאַל) און אין די זאַלן פון דער קאָמערץ שול, און פון דער גימנאַזיע.

### מיין משפחה

דער שרייבער פון די שורות האָט פאַרלאָזן סלוצק אין אָקטאָבער 1920, בשעת די פּוילישע אַרמיי האָט צום צווייטן מאָל פאַרנומען סלוצק. איך בין דעמאָלט געווען אַ יונגער יינגל, אָבער איך געדענק אונדזער שטאָט ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, די רעוואָלוציע, די דייטשע און פּוילישע אָקו־פּאַציעס, דעם באָלשעוויסטישן רעזשים פון נאָוועמבער 1917

לאַיעווסקער סאָלדאַט. אין דער אַרמיי האָט ער זיך אויסגע־לערנט שוסטעריי און ווען ער איז געקומען אַהיים האָט ער זיך פאַרנומען מיט שוסטעריי. זיין ווייב ריווע פלעגט שטעלן באַנקעס, פּיאַווקעס און דאָסגלייכן, דערפאַר האָט מען איר גערופן די „דאָקטאָרשע”.

שאיע יאבעס עלטסטער זון איז געווען ישראל בארהאן — אַ גוט־באַקאַנטע פערזאָן אין שטאָט — דער הויפּט פון דער „גאראדסקאיע פאזשאַרנע”, פון דער „וואלנער פאזשאַרנע”, אַ גוט־ברודער פון אַלע פּאָליציי באַאַמטע, פון מארשאלעק, פון די פּריצים און אַ אַריינגייער אין דעם „דוואָריאַנסקן קלוב”. מען דערציילט אַז אין 1905 איז ער געפאָרן קיין מינסק צום גובערנאַטאָר אין אַ שליחות פון מארשאלעק — אָבער מיט דער געלעגנהייט האָט ער געבראַכט רעוואָלווערן פאַר דער יידישער זעלבסטשוץ. ישראל בארהאן האָט געטאָן יידן פיל טובות. אַלס מקורב צו יעדער מאַכט איז אים געלונגען באַ־פרייען אַרעסטירטע יידן. מיין זיידע יאָסל בארהאַן דער קעס־לער, איז געווען עטלעכע מאָל אין אַמעריקע — דעם ערשטן

מאָל אַרום 1892, אַ לענגערע צייט געוווינט אין אָדעס און יעקאַטערינאָסלאַוו. אַ אויפגעקלערטער מענטש, אַ לעזער פון דער יידישער ליטעראַטור. ביכער פלעגט ער לייען און בייטן ביי דעם מלמד פסח עזראס (פסח קאַראַן), וועלכער האָט געהאַט אַ פריוואַטע ביבליאָטעק. צוזאַמען מיט ר׳ דוד ניסענ־זאָן און איטשע דער בעל־קריאה — האָט ער זיך אַבאָנירט אויף יידישע צייטונגען. אויפן זעלביקן הויף ביים סאַמע טייך האָט געוווינט ישראל באַרהאַן. דאָרטן פלעגט זיך רעפּעטירן דער אָרקעסטער פון דער „פּאָזשאַרנער קאָמאַנדע". אויף כאַפּאַשקער גאַס אין פינקעלשטיינס הויז איז געווען די ציוניס־טישע ביבליאָטעק ביז יאָר 1915. דער סטאָליער און אינ־האַבער פון אַ מעבל־געשעפט, ברוך פּאָסטאָוו איז געווען טעטיק אין דער גמילות־חסדים־קאַסע, ווי עס האָט אָפיציעל געהייסן די „טשאַינע" — ווייל אין אָנפאַנג פון דער ציוניס־טישער באַוועגונג איז דאָרטן געווען אַ טיי־הויז און אַ ציוניס־טישער קלוב. אויף כאַפּאַשקער גאַס האָט געוווינט דער נגיד אַסטראָווסקי אין אַ צוויי־שטאָקיקער הויז. זיינע זין, סטודענטן, פלעגן אַראָפּקומען אויף „קאַניקולעס" אין סטודענטישע אור־ניפאָרמעס. די פּריילעכסטע הויז אויף כאַפּאַשקער גאַס איז געווען זעליג מאַניוקס. ר׳ זעליג איז געווען אַ שניידער. אַ גרויסע שילד מיט אַ בלויען הינטערגרונד, מיט גרויסע גאָל־דענע אותיות, האָט געמאָלדן, אַז דאָ געפינט זיך אַ „וואַיענער און גראַזשדאַנסקער פּאָרטנאָי". ביי זעליגן פלעגן באַשטעלן זייערע אַנצוגן מיליטער־לייט און פריצים. חוץ זעליגן האָבן דאָרטן געאַרבעט זיינע זין יאַנקל, אהרעלע (דערהרגעט גע־וואָרן אויפן פראָנט, אין דער ערשטער וועלט־מלחמה), אלקנה נח און דער יינגערער זון וועלוול און חיים פלעגן אַרויסהעלפן. דערצו האָבן ביי אים געאַרבעט אויך עטלעכע געזעלן. ר׳ זעליג האָט געהאַט עטלעכע טעכטער אין אַמעריקע — און זיי האָבן געשיקט אַהיים „פּלאַסטינקעס" (פּלאַטן) מיט לידער פון יידישן טעאַטער. דער גראַמאָפאָן האָט געשפּילט אַ גאַנצן טאָג און אַלע האָבן נאָכגעזונגען. באַזונדער געדענק איך אַ ליד „גאָט זע אַליין".

אויף כאַפּאַשקער גאַס זענען געווען צוויי שולן: די אַלטע און די נייע. די אַלטע איז געווען אַ הילצערנער בנין, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ פיינעם געשניצטן ארון־קודש, אַ שיינע בימה מיט געטאָקטע שטאַנגען און שווערע מעשענע הענג־לייכטער. מיין עלטערזיידע, איציק מיכאל באַרהאַן איז געווען דער אונטער־שמש אין דער אַלטער שול. די נייע שול איז געווען אַ געמויערטער בנין, ווייסגעקאַלכט, און אַ סך גרעסער פון דער אַלטער שול. געדאַווענט אין דער נייער שול האָבן רייכע בעלי־בתים. די באַרהאַנס האָבן אַלע געדאַווענט אין דער אַלטער שול, אויסער מיין זיידע, וואָס האָט געהאַט אַ „שטאָט" אין דער נייער שול. אַזוי ווי אַלע יידישע שולן אומעטום, איז אויך די נייע שול אויף כאַפּאַשקער גאַס געווען אויסגעפּוצט לכבוד שמחת תורה. אַרום דער בימה, און איבער דער גאַנצער שול זענען געצויגן געוואָרן דראָטן, און עס זענען געהאַנגען אויף זיי קאָלירטע, פּאַפּירענע לאַמטערנעס. אין הענג־לייכ־טער האָט מען אַריינגעזעצט רויטע עפּל, אין זיי אַריינגעשטעקט ליכט. חברה־לייט האָבן געצונדן פייער־ווערק, געשאָסן פון ביקסלעך. אַלטע בעלי־בתים פלעגן פּראָטעסטירן, אָבער בדיעבד האָבן זיי אויך הנאה געהאַט. ערב־תשעה־באב פלעגן יינגלעך אָנקלייבן „שישקעס", און וואַרפן זיי ביי קינות זאָגן אין געדיכטע בעלי־בתישע בערד, ווי אויך אונטער די קאַל־נערס. יום־כיפּור צו „כל־נדרי" פלעגן די בעלי־בתים ברענ־גען גרויסע דיקע וועקסענע און סטרינאָווע ליכט, אַריינזעצן זיי אין קעסטלעך אָנגעפילטע מיט זאַמד, די ליכט פלעגן ברענען אַ גאַנצן מעת־לעת.

פּורים איז געווען זייער פריילעך אין שול, חוץ קליינוואַרג מיט קאַלאַקאָטקעס, פלעגן מיר קומען מיט גרויסע שטעקנס און שלאָגן המנען מיט אַלע כוחות. דער דענטיסט עפּשטיין, פלעגט טיילן געלט די יינגלעך וואָס האָבן שטאַרקער געשלאָגן המנען.

## סלוצקער גאַסן

די כאַפּאַשקער גאַס איז געווען פאַרבונדן מיטן שאָסיי דורך עטלעכע זייטיקע גאַסן. איין גאַס האָט זיך אָנגעהויבן נעבן דער נייער שול — די סאַדאָווער גאַס. דאָרטן זענען געווען אַ צאָל זייער שיינע הילצערנע הייזער. אין איין הויז האָט געוווינט די גבירהשע משפחה עָבין. אין דער אַנדער הויז האָט געוווינט מגדל אַ אַגענט פון סעקוראַציע־געזעל־שאַפטן. איבערן גאַס איז געווען קריינעסעס האָטעל — וווהין ס׳פלעגן פאַרפאָרן פריצים. אַ ביסל ווייטער איז געווען „סאַ־לאָוויטשיקס טעאַטער" — און אין סאָד איז געווען דער „זומער טעאַטער". ביי סאַלאָוויטשיקן אין טעאַטער פלעגן שפּילן רוסישע און יידישע טרופּעס. ביי די יידישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען, צו קינדער ראָליעס, פלעגן די אַקטיאָרן נע־מען יינגלעך פון גאַס. אַזוי האָב איך עטלעכע מאָל „געשפּילט" אין יידישן טעאַטער.

אַ צווייטע גאַס וואָס האָט פאַרבונדן די כאַפּאַשקער מיטן שאָסיי — האָט זיך אָנגעהויבן קעגנאיבער טשיפּטשינס אַפּטייק. דאָרטן איז געווען וויטקינס מויער, שייע מענדל דרעטשינס גרויסער גאַלאַנטעריע־געשעפט, „גאַסטיניצאַ בריס־טאָל" און ביים סאַמע עק האָט געוווינט דער דענטיסט עפּ־שטיין. אַנטקעגן עפּשטיינען האָט געוווינט דער אַפּטייקער בראַנשטיין, וועמענס זון איז געווען דער קאַזיאָנער ראַבינער.

אַ דריטע גאַס האָט זיך אָנגעהויבן נעבן דעם קליינעם הילצערנעם קלויסטער. גייענדיק קיין טריצאַן — אויף דער גאַס האָבן שוין געוווינט מערסטנס קריסטן — אָבער דער אַדוואָקאַט טשיפּטין האָט דאָרטן געהאַט זיין הויז. די זעלבי־קע גאַס האָט זיך געצויגן, דורך דריי בעדל קלאַדקעס (אַ שמאָלער בריקל איבערן טייך) און פאַרבונדן זיך מיט קריווי־סאַלקע און מיטן בית־עולם. די כאַפּאַשקער גאַס האָט זיך געצויגן ביזן מאָנאַסטיר — אָבער די צווייטע העלפט פון דער גאַס, נענטער צום מאָנאַסטיר האָט זיך גערופן „טריטשאַן". דער מאָנאַסטיר איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ דיקער געמויערטער וואַנט, אינווייניק זענען געווען עטלעכע קלויס־טערס, אַ וווינונג פאַר מאָנאַשקעס, און פאַר גלחים, און די „מאָהילקעס" פון דער קריסטלעכער אַריסטאָקראַטיע. אין מאָנאַסטיר זענען געווען זייער שיינע בילדער. יינגלעך פלעגן

זייער אָפט גייִן אין מאָנאַסטיר, און זיך שפּילן אויפן גרויסן הויף דאָרטן — און קוקן ווי די גויים „מאָליען זיך" — זונטיק און אין די קריסטלעכע חגאָ׳ס פלעגן מאַסן גויים זיך ציִען דורך דער כאַפּאַשקער גאַס צום מאָנאַסטיר. די קינדער פון דער כאַפּאַשקער גאַס זענען ניט געווען צו פיל פאַרטאָן אין תורה. זיי פלעגן זיך שפּילן אין קלעפּקעס, זיך באָדן אין טייך, פלעגן מאַרשירן און נאָכמאַכן די „וואָלנע פּאָזשאַרניקעס" און זיך אָפּגעבן מיט טויבן. אין אונדזער גאַס האָט אויך געוווינט אַ קריסטליכע משפחה פּעטריק און שאקלויטא. זייערע קינדער האָבן געלערנט אין דער „דוכאָוונער אוטשילישטשע" אָבער זיי האָבן גערעדט אַ גוטן יידיש און זיך געחברט מיט יידן.

טאקער, קאמינסקי און נאָך ציונים. כאשע רייזל איז אויך געווען באַפריינדעט מיט אַ צאָל אינטעליגענטע מיידלעך ווי פייגל ליסבאראן, דאָנע עפּשטיין און רייצע קאצענעלסאָן. רייצע קאצענעלסאָן פלעגט אָפט נעמען אַ רוסישן בוך און גלייך געלייענט אויף יידיש. לייזערס יינגערע טאָכטער ריווע איז געווען אַ גימנאַזיסטין. די ציוניסטן ריווע ווילענסקאַיאַ און גבאי האָבן געהאַלטן רעפעראַטן אויף רוסיש.

אין דער צווייטער הויז נעבן אונדז האָבן געוווינט מעסל אימערמאן און זיין משפחה. די פרוי איז געווען אַ בעקע־רין. אין דער זעלבער הויז האָט געוווינט העניע — וואָס פלעגט שטאָפּן פּאַפּיראָסן. דאָרטן אין שטוב איז שטענדיק




דער אײַסזעען פון קאָלאָניע איבערן בריק

זומער 1915 איז פאָרגעקומען אַ גרויסע שריפה — און גאַנץ כאַפּאַשקער גאַס, צוזאַמען מיטביידע שולן, די ביבליאָ־טעק, טשיפּטשינס אַפּטייק זענען אָפּגעברענט געוואָרן. אונדזער משפחה האָט זיך באַזעצט אויף באָברויסקער גאַס, נעבן לייזער ווילענסקי, דער שמש פון בית המדרש הגדול און פון לינת הצדק. דאָ איז שוין געווען אינגאַנצן אַנדערש. די גאַס אַ שמאָלע און אַ ענגע, אָן אַ טייך, אָן בוימער, אָבער מיר האָבן זיך צוגעוווינט. נייע מענטשן און אַ נייע סביבה. לייזער ווילענסקי, אָדער ר׳ לייזער דער שמש, האָט געהאַט צוויי טעכטער — כאַשע רייזל און ריווע. כאַשע רייזל פלעגט געבן פּריוואַטע „אוראָקן" אויף רוסיש און אַריטמעטיקע. זי איז געווען אַ ציוניסטין און אין הויז פלעגן זיך צוזאַמענקומען ציוניסטן, פלעגט זי פאָרלעזן פאַרשיידענע ליטעראַרישע ווערק, זינגען און דעקלאַמירן העברעאישע און יידישע לידער. צווישן די באַזוכער פון הויז זענען געווען אברהם איטשע שפּילקין, נחום כיניטש, שמואל נוח גאָלדבערג, שמריהו באַרהאַן, פייגל

געווען פריילעך, מען פלעגט קומען קויפן געבעקס און די ניט־באַנדעראָלטע פּאַפּיראָסן. ביים עק גאַס האָט געוווינט אַ משפחה וואָס איך געדענק אונטערן נאָמען „קאוועּ". קאַוועס זון אליהו ברוך איז געווען אַ בונדיסט נאָך פון יאָר 1905. ער פלעגט אָפט אַריינקומען צו אונדז און פירן דיסקוסיעס וועגן ציוניזם און בונדיזם, — איז געווען מיט וועמען צו דיס־קוטירן. חוץ די ווילענסקיס טעכטער און זייערע פריינד פלעגן קומען אין הויז אַ סך זיך לערנען העפטן ביי ר׳ לייזערס ווייב. יאבראוו דעם סטאָליערס טאָכטער איז געווען אַ בונדי־דיסטין. זיין זון נח יאבראוו, איז געווען איינער פון די ערש־טע מיטגלידער פון דער יידישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון ווייס־רוסלאַנד, וואָס האָט עקזיסטירט אַ קורצע צייט. שפּעטער איז ער געווען אַ הויכער אָפיציר אין דער רויטער אַרמיי.

גלייך נעבן אונדז האָט אויך געוווינט מיין פעטער חיים לייב דער סופר, ר׳ חיים לייב פלעגט שיקן ספרי תורות, מזו־

זות, תפילין איבער גאַנץ רוסלאַנד און אַפילו קיין אַמעריקע. אין הויז פלעגן זיצן סופרים און שרייבן. אין שטיבל פלעגט מען פון די רויע פעל אויסאַרבעטן פאַרמעט. איך פלעג שטיין אין שטיבל און שלעפן די נאַסע פעלכלעך — און מיין טרוים איז געווען צו זיין אַ פאַרמעט־מאַכער. ר׳ חיים לייב פלעגט זיך אָפּגעבן מיט די ישיבה־בחורים. ער פלעגט פאַר זיי באַשטעלן קוואַרטירן, און „טעג". זיינע זין, אליהו, בנימין זענען געווען סופרים. אליהו האָט אויך געלערנט משניות מיטן עולם אין בית מדרש הגדול. אַ דריטער זון איז געווען דער באַוווסטער מגיד ר׳ משה ידבר, מחבר פון די דרוש ספרים „משה ידבר" און „פני חמה". ר׳ משה ידבר איז געווען ר׳ נחמיה דעם ראש ישיבה׳ס אַ איידעם. ר׳ נחמיה׳ס טעכטער זענען געווען געלערנטע מיידלעך, „פּאָלקיסטקעס", לערערינס אין דער ערשטער יידיש־וועלטלעכער שול אין סלוצק. שפּעטער איז איין טאָכטער געוואָרן אַ דאָקטאָר. אויף באָברויסקער גאַס איז געווען דער הכנסת אורחים, ווו אָרעמע דורכפאָרער פלעגן איינשטיין. שפּעטער האָט דער „יעקאפּא" דאָרטן געעפנט אַ פרייע קיך. לאַנדעס משפחה האָט געהאַט אַ שיינע הויז מיט אַ סאָד, אין אַ זייטיקער גאַס ניט ווייט פון „ביטשאק". זיי האָבן געהאַט אַ שניט־געשעפט. זייער עלטערער זון איז געווען דער פאָרזיצער פון די צעירי־ציון. דער מיטעלער — טעטיק אין בונד, און דער יינגסטער איז געווען אַן עס־עסאָוועץ. זיי האָבן געהאַט צוויי שיינע טעכטער, איינע איז געווען אַ דענטיסטין און די צווייטע אַ לערערין אין דער ווייס רוסישער, גימנאַזיע.

אויפן עק פון דער דאָזיקער גאַס האָט געוווינט אין אַ מויער די משפחה יאָסל הארקאווי, וואָס האָט פּראָדוצירט קעז. הארקאוועס טאָכטער מוסיע איז געווען אַ הייסע ציוניסטין, זי איז אַוועק קיין ארץ־ישראל, דאָרטן חתונה געהאַט און יונגערהייט אַוועק פון דער וועלט. יאָסל הארקאווי האָט געהאַט זין סטודענטן, געווען זענען זיי ציוניסטן. ביי אַ גרויסער ציוניסטישער דעמאָנסטראַציע, אויפן שול־הויף, נאָך דער רעוואָלוציע פון פעברואַר 1917, האָט איינער פון די זין געהאַלטן אַ פייערדיקע רעדע, אַז יידן דאַרפן זיך קענען פאַרטיידיקן.

ביים עק גאַס איז געווען דער נייער בנין פון דער ישיבה — און נעבן דער ישיבה האָט געוווינט מיין לערער פון חדר מתוקן מ. חאַזאַנאָוויטש.

ווען מיר איז געוואָרן זעקס יאָר, בין איך אָנגעקומען אין חדר מתוקן. דער חדר מתוקן איז געווען אַנדערש ווי די אַלטע חדרים. ערשטנס האָט מען געלערנט נאָר ביז 3 אַזייגער און ניט ביז אַכט אין אָוונט, ווי אין די חדרים. צווייטנס, איז דער חדר מתוקן געווען איינגעטיילט אין קלאַסן. מען איז אויך ניט געזעסן אַרום לאַנגע טישן — נאָר אויף באַזונדערע בענקלעך, אָבער דאָס זענען געווען נאָר פאָרמעלע אונטערשיידן. דער חדר מתוקן איז אָבער געווען אַנדערש אין מער וויכטיקע פּרטים. מען האָט געלערנט אויף אַ מער מאָדערנעם אופן, לויט מאָדערנע כרעסטאָמאַטיעס, דקדוק און תנ"ך, יידישע געשיכטע, געאָגראַפיע פון ארץ ישראל. אין משך פון אַ קורצער צייט האָבן די תלמידים גערעדט העברעאיש. אין



דער חדר מתוקן. פון רעכטס צו לינקס, צווישן די קינדער, די לערער: ירקוני (גרינפעלד), מ. חאַזאַנאָוויטש, אברהם עפשטיין, קאַגאַן.

חדר מתוקן „מוריה" פלעגן אויך פאָרקומען אָפּטע אָוונטן, „נשפים", מ׳פלעגט ווייזן ליכט־בילדער, דעקלאַמירט און געזונגען העברעאישע לידער. רוסיש און חשבון האָט מען אין מיין צייט אין חדר מתוקן ניט געלערנט, אָבער אין פאַרגלייך מיטן חדר איז דער חדר מתוקן געווען אַ פּראָגרע־סיווע דערשיינונג. ווען איך בין אַרויס פון חדר מתוקן האָט מיך דער זיידע געשיקט אין אַ פשוטן חדר — צו אברמעלע מלמד, (זאטורענסקי). פאַרוואָס האָט ער דאָס געטאָן — פאַרשטיי איך ניט. איך האָב שוין געקענט אין אַ געוויסער מאָס חומש און תנ"ך, און דאָ זיץ איך פּלוצלינג אין אַ אַלטמאָ־דישן חדר און לערן „בראשית — צום ערשטן", איין זמן בין איך געזעסן אין יענעם חדר, נאָך אַ זמן געלערנט באַ סטיפּאַ־קאָוון, אַ ייד אַ משכיל. זיין סיסטעם איז געווען כמעט אַלט־




דער בנין פון דער אַלטער קאָמערץ־שולע

מאָדיש, דאָך האָט מען דאָרטן געלערנט העברעאיש און געשריבן חיבורים. אַרום יענער צייט האָט שוין דער חדר מתוקן מוריה ניט עקזיסטירט. אָבער גוטצייט האָט אויפגעעפנט אַ פּריוואַטע שולע, ביי בן־ציון שפּילקין אין שטוב, צוזאַמען מיט אברהם איטשע שפּילקין. ביי זיי האָב איך געלערנט ביז איך בין אָנגעקומען אין 1917 אין דער קאָמערץ שול.

נאָך דער רעוואָלוציע פון פעברואַר 1917, איז געוואָרן אַ געלויף פון יידישע קינדער אין די רוסישע שולעס. עס איז אָפּגעשאַפט געוואָרן די פּראָצענט נאָרמע. אַ ייד האָט שוין ניט געדאַרפט צאָלן שכר־לימוד פאַר עטלעכע גויים, כדי זיין קינד זאָל קאָנען לערנען אויסער דער נאָרמע. חדרים האָבן זיך פאַרמאַכט איינער נאָכן אַנדערן. כדי אָפּצושטעלן דעם שטראָם אין די רוסישע שולעס, האָט אַפילו אגודת־ישראל געעפנט אַ מאָדערניזירטע רעליגיעזע מיטל־שול. איך, אָבער,

האָב באַשלאָסן טראָגן אַ היטל מיט אַ גרינעם „אָקאָלישאָק", אַ מונדיר מיט גרינע פּאַסיקלעךביים קאָלנער און זיך גענומען גרייטן צום עקזאַמען. ריווע ווילענסקאַיאַ האָט מיך צוגעגרייט און גלייך האָב איך אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען. אין סעפּטעמ־בער 1917 בין איך אָנגעקומען אין דער סלוצקער „קאָמערץ שולע". די סלוצקער קאָמערץ שולע איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דעם ליבעראַלן דירעקטאָר, דימיטרי איוואַנאָוויטש איוואַ־נאָוו. די תלמידים אין די העכערע קלאַסן זענען געווען האַלב אויף האַלב יידן און קריסטן. אין די נידעריקערע קלאַסן איז די גרעסטע מערהייט באַשטאַנען פון יידן. די יידישע שילער פלעגן צווישן זיך ריידן יידיש, ניט נאָר אין די הפסקות, נאָר אויך אין קלאַס גופא. אַממערסטן זענען געווען די לערערינס רוסישע פרויען. דער לערער פון גימנאַסטיק איז געווען אַ פּאָליאַק — וואָס איז שפּעטער, אונטער דער פּוילישער אָקו־פּאַציע — געוואָרן דער נאַטשאַלניק פון דער סלוצקער טורמע. נאָך אַ לערער איז געווען דער באַקאַנטער בונדיסט לייב מישקאָווסקי. די קאָמערץ שולע, אין פאַרגלייך מיטן אַלטן חדר, איז דאָס געווען אַ אמתע אַקאַדעמיע. אָפט פלעגן פאָר־קומען אין שולע טאַנץ־אָוונטן און ספּעקטאַקלען. 3 יאָר האָב איך דאָרטן געלערנט.

אין פרילינג 1920 האָט די פּוילישע זשאַנדאַרמעריע אַנטדעקט אַ קאָמוניסטישע גרופּע און די שולע איז דורכדעם געשלאָסן געוואָרן. אַ קורצע צייט שפּעטער האָבן די פּאָליאַקן עוואַקו־אירט און גלייכצייטיק, צווישן אַנדערע, האָבן זיי אויך פאַרברענט די געביידע פון דער קאָמערץ שולע. שפּעטער, הערבסט 1920 — ווען די פּאָליאַקן זענען צוריק אַריין אין סלוצק, האָט זיך ווידער געעפנט די „קאָמערץ שולע" אין דעם

בנין פון דער מענער גימנאַזיע. איך האָב שוין געהאַלטן ערב מיין רייזע קיין אַמעריקע.

אין משך פון דריי יאָר האָט די „קאַמערץ שולע" אַ סך דערגרייכט. אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט זיך די מאַכט ניט געמישט, אַזוי ווי די דייטשע שפּראַך איז געלערנט געוואָרן פון ערשטן קלאַס אָן זענען זיי געווען צופרידן. אין דער צייט פון דער פּוילישער אָקופּאַציע איז איינגעפירט געוואָרן אַ קורס פון דער פּוילישער שפּראַך און פּוילישער געשיכטע.

אונטער דער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע (דעצעמבער 1918 — אויגוסט 1919) זענען דורכגעפירט געוואָרן געוויסע רעפאָרמען: היים־אַרבעט איז אָפּגעשאַפט געוואָרן, פּראָגולקעס זענען איינגעפירט געוואָרן אין שויס פון דער נאַטור, אין אימעניעס און וועלדער. מ'האָט געלעזן לעקציעס וועגן דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. שכר לימוד איז אויך אָפּגעשאַפט געוואָרן. די דריי יאָר אין קאַמערץ שולע זענען געווען פאַר דער יוגנט אינטערעסאַנט און וויכטיק. גלייכצייטיק האָב איך ממשיך געווען מיין שטודירן העברעאיש און די העברעאישע ליטעראַטור. עס זענען דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן די אָוונט־קורסן פון „תרבות". די „שעורי־ערב" זענען פאָרגעקומען אין בנין פון דער תלמוד תורה. מיינע לערער זענען געווען האזאנאוויטש, חיניטש און נעקריטש.

## אַ מעשה מיט גבריאלן

אין יאָר 1912 האָט די יידישע באַפעלקערונג אין סלוצק געשראָקן זיך פאַר אַ פּאָגראָם אין צוזאַמענהאַנג מיטן איבערפירן די ביינער פון קדוש גבריאלא צוריק פון סופּראַסעלער מאָנאַסטיר אין סלוצקער מאָנאַסטיר.

ויהי היום — איז אויפגעשטאַנען דער הויפּט גלח פון סלוצקער מאָנאַסטיר און דערציילט: אַז אין חלום איז צו אים געקומען דער קדוש גבריאל און געבעטן, מ'זאָל אַריבערפירן זיינע ביינער צוריק קיין סלוצק אין הייליקן „טראַיצקי מאָנאַסטיר". אין הויף פון סלוצקער מאָנאַסטיר איז אויפגעבויט געוואָרן אַ נייער קלויסטער אַלס קבר פאַר גבריאלאס ביינער. וואָכן לאַנג פריער האָט מען אָנגעהויבן צוראַמען און וואַשן די שטאָט. אַזוי ריין און ציכטיק איז סלוצק קיינמאָל ניט געווען. די אַרעסטאַנטן פון דער טורמע, אין זייערע כאַלאַטן און קיילעכדיקע היטעלעך, האָבן געקערט, געראַמט די הויפּט־גאַסן, געפּאַרבט די הייזער און די פּלויטן.

די פּאָליציי האָט מען פאַרפּוצט אין נייע אוניפאָרמעס. אַזוי ווי מ'האָט זיך געריכט אויף אַ פּאָגראָם, האָט מען געבראַכט פּאָליציי פון מינסק און באָברויסק און אויך מאָביליזירט די אַרטיקע פייערלעשער.

אייניקע טעג פאַר דער צערעמאָניע האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אין שטאָט חשובע געסט: דער גובערנאַטאָר פון מינסק, דער אַרכיריי, הויכע גלחים פון מאָסקווע און קיעוו און מיליטער בעאַמטע. מ'האָט זיך אַביסל געשראָקן פאַר אומרוען. דער גרויסער יום־טוב האָט זיך אָנגעהויבן גאַנץ פרי. צענדליקער טויזנטער מענטשן זענען געקומען קיין סלוצק. די פּראָצעסיע האָט זיך געצויגן דורך כאָפּאשקער גאַס. מ'האָט געטראָגן הייליקע בילדער און פאָנען. די ווייס־רוסישע פּויערים האָבן זיך געהאַלטן גאַנץ רואיק. אַזוי ווי יענעם טאָג האָט מען ניט געטאָרט פאַרקויפן קיין בראָנפן, האָבן אַפילו די שיכורים זיך ניט געקענט צעהוליען.

דעם גאַנצן פרימאָרגן זענען די יידן געזעסן אין די הייזער, אָבער ביי־טאָג איז מען אַרויס אין גאַס, און מ'האָט זיך אויסגעמישט מיט די געסט. דאָס מאָל האָט גראַדע די פּאָליציי געהאַלטן אָרדענונג און אַלץ איז אַריבער בשלום.

אָנמערקונג פון דער רעדאַקציע:

די געשיכטע פון קדוש גבריאלא איז פאַרצייכנט אין „רשומות", ערשטער באַנד דורך ה' באיארסקי און מיר ברענגען עס אין אַ איבערזעצונג פון העברעאיש.

„אין יאָר 1690 האָט מען אויסגעטראַכט אַ עלילת־דם אויף די יידן פון ביאַליסטאָק און זאַבלודאָווע, דאָס זיי האָבן געהרגה'ט אַ קריסטלעכן ייִנגל מיטן נאָמען גבריאלא. מיט דער צייט איז ער געוואָרן אַ קדוש. זיינע ביינער זענען באַערדיקט געוואָרן אין סלוצקער פּראַוואָסלאַוונעם מאָנאַסטיר. דער בלוט־בלבול איז דערמאָנט געוואָרן עטלעכע מאָל אין דער רוסישער דומע און אויך אויף ביילּיסעס פּראָצעס. אין יאָר 1908 איז לויט אַ באַפעל פון דער פּראַוואָסלאַווישער קירכע אַריבערגעפירט געוואָרן גבריאלס ארון פון סלוצקער מאָנאַסטיר אין סופּראַסעלער מאָנאַסטיר נעבן ביאַליסטאָק. דאָרטן איז דורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסאַרטיקע פּראָצעסיע פון גלחים און אָנגעפּאָרענע מאַסן. גלייכצייטיק איז פאַרשפּרייט געוואָרן אַ געדרוקטע רוסישע בראָשור מיטן נאָמען „דער יונגער הייליקער גבריאלא".

### 1914—1920

זומער 1914 איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. די שטאָט איז פול געפאָרן מיט מאָביליזירטע. אַזוי ווי סלוצק האָט נאָך אין 1914 ניט געהאַט קיין באַן — פלעגן די סאָלדאַטן גיין צופוס צו דער נאָענטסטער באַן־סטאַנציע — אורעטשע. יעדן טאָג ווען עס פלעגט אָפּגיין אַ פּאַרטיע, קריסטן און יידן — פלעגן פאַרקרמען שרעקלעכע געוויינען און יללות. מענער פלעגן זייערע פרויען אַרויסגעבן אַ תנאי־גט. ס'זענען געבליבן ווייבער אָן מיטלען צום לעבן. גראַדע זענען דעמאָלסט אין סלוצק געווען עטלעכע יידישע אַקטיאָרן — האָט מען אָרגאַניזירט בענעפיס־פאָרשטעלונגען. אין דער קאַלטער שול האָט מען אָרגאַניזירט אַ גרויסן קאָנצערט מיט דעם אַרטיסט לענסקי. די מלחמה האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע שפּאַנונג. מען פלעגט צוכאַפּן די צייטונגען פון מינסק, מאָסקווע און פעטערבורג. דער דרוקער טאָמאַשאָוו האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אַ טעגלעכן בולעטין און אַ גרויסער עולם פלעגט שטיין ביי דער דרוקעריי און וואַרטן. אַזוי ווי דער סלוצקער שאָסיי האָט גלייך געפירט קיין ברעסט־ליטאָווסק פלעגן טאָג־טעגלעך זיך ציען גרויסע „אָבאָזן" צום פראָנט. די שטאָט איז געוואָרן פול מיט סאָלדאַטן — מאַרשירנדיק צום פראָנט. מ'פלעגט זיי איינקוואַרטירן איבערנאַכט אין פריוואַטע הייזער. אינגיכן האָבן זיך אָנגעהויבן ווייזן „בעזשענצעס" (פּליטים) מאַסן ווייס־רוסישע פּויערים פון גראָדנער און סוואַלקער גובערניעס האָבן פאַרלאָזן זייערע דערפער און האָבן זיך געלאָזן אין טיף רוסלאַנד. געשלעפּט האָבן זיי זיך אין בוידן. צוליב דער שלעפּעניש און

ליידן זענען אויסגעבראָכן צווישן זיי קראַנקהייטן — און מאַסן יונגע קינדער זענען אויסגעשטאָרבן ביי זיי. די זעמסט־וואָ האָט זיי אַ ביסל געהאָלפן און געשיקט ווייטער.

אינגיכן האָבן זיך באַוויזן אויך יידישע פליטים וואָס זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון די פוילישע שטעט אַרום דער דייטשער גרענעץ. די פליטים, פוילישע יידן מיט לאַנגע בערד און פיאות, אין לאַנגע קאַפּאָטעס, מיט זייער טיף פוי־לישער אויסשפּראַך — האָבן אַרויסגערופן ביי אונדז פאַר־וווּנדערונג. דער „יעקאפא" — יידישער הילפס־קאָמיטעט, האָט זיך גלייך פאַרנומען מיט זיי. בכלל זענען די פליטים וואַרעם אויפגענומען געוואָרן. מען האָט זיי איינקוואַרטירט אין פריוואַטע הייזער, און שולן. מ׳האָט געעפנט פאַר זיי קיכן. די מערסטע זענען מיט דער צייט אָפּגעפאָרן אין טיף רוסלאַנד. עס זענען אויך געקומען פליטים פון באַראַנאָוויטש, בריסק, לעכעוויטש, סיניאווקע, שטעטלעך וואָס זענען געוועזן נאָענט צום פראָנט. פאַר די קינדער פון די פליטים האָט מען געעפנט אַ ספּעציעלע שול אויף דער ברייטער גאַס. דאָס איז געווען אַ יידיש־וועלטלעכע שולע מיט יידיש אַלס לערן־שפּראַך, און העברעאיש אַלס געגענשטאַנד. שפּעטער אין 1917 איז די דאָזיקע שול געוואָרן אַ טייל פון שול־וועזן, אָנגעפירט פון בילדונגס־קאָמיטעט אין סלוצק.

דער פראָנט האָט זיך געהאַלטן אין איין דערנענטערן צו סלוצק. אינגיכן איז דער הויפּט־שטאַב פון דער 3טער אַרמיי אָנגעקומען אין סלוצק. די גאַנצע שטאָט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מיליטערישן לאַגער. מען האָט איינגעקוואַר־טירט אָפיצירן און סאָלדאַטן אין פריוואַטע היימען און אין עפנטלעכע בנינים. מ׳האָט קאָנפיסקירט שולן און בתי־מדרשים און זיי באַזעצט מיט סאָלדאַטן. אויפגעעפנט מילי־טערישע שפּיטאָלן און ווו מען איז געגאַנגען און געשטאַנען האָט מען געזען נאָר סאָלדאַטן און אָפיצירן. ס׳זענען פאַר־לייגט געוואָרן גרויסע סקלאַדן מיט פראָוויאַנט. טאָג־טעגלעך פלעגן זיך ציען „אָבאָזן" צום פראָנט און מען פלעגט האַלטן אין איין ברענגען פאַרוווּנדעטע פון די פראָנטן. דעמאָלט האָט מען צוגעצויגן די אייזנבאַן־ליניע פון אורעטשע קיין סלוצק. צוליב דער ענגשאַפט אין סלוצק האָבן זיך פאַר־שפּרייט עפּידעמיעס: כאָליערע, טיפוס און דיזענטעריע. איך בין דעמאָלט אויך קראַנק געוואָרן.

אַדאַנק דעם וואָס דער שטאַב פון דער דריטער אַרמיי איז איינגעשטאַנען אין סלוצק — און צוליב דעם אייזנבאַן־פאַרקער איז די שטאָט געוואָרן רייך. עס האָבן זיך באַוויזן נייע נגידים, נייע אונטערנעמער וואָס האָבן צוגעשטעלט פראָוויאַנט ד׳ער אַרמיי. זיי האָבן איינגעקויפט קאָרן און ווייץ און עס צעשיקט טיף אין רוסלאַנד. שפּע אָבער, שאַפט נייע גבירים און אויך נייע אָרעמעלייט, וועלכע קאָנען זיך ניט צופּאַסן צו די נייע אומשטענדן. דאָס לעבן אין שטאָט האָט גערוישט, מ׳האָט געשפּילט טעאַטער און קינאָ, ס׳זענען פאָרגעקומען בעלער און מיליטערישע פאַראַדן. קאָזאַקן האָבן געוויזן גרויסע קונצן, רייטנדיק אויף זייערע דרעסירטע פערד. מ׳קאָן ניט זאָגן אַז יידישע יונגע־לייט האָבן אַרויסגע־וויזן ענטוזיאַזם צו קעמפן פאַר ניקאָלייען. מ׳האָט פּרובירט זיך אַרויסדרייען פון גיין דינען. געגעבן שוחד דעם מאַרשאַ־לעק, און אַנדערע מיטגלידער פון דער „פּריסוטסטוואַ". אין דער „פּריסוטסטוואַ" איז דעמאָלט געזעסן אַ יידישער דאָק־טאָר מיטן נאָמען מאַראַכאָווסקי. ער האָט געהייראַט, אָרע זינדעס טאָכטער. אַזוי ווי די גאַנצע „פּריסוטסטוואַ" איז געווען פאַרמישט אין כאַבאַר איז ער געווען דער קרבן. מ׳האָט אים אַרעסטירט און זיינע קאָלעגן האָבן אים פאַרסמט אין תפיסה.

## די רעוואָלוציע

אין פעברואַר 1917 האָבן זיך פאַרשפּרייט ידיעות אַז אין פּעטראָגראַד און אין מאָסקווע קומען פאָר אויפשטאַנדן קעגן דער רעגירונג, אין איין טאָג האָבן זיך אין די סלוצקער גאַסן באַוויזן סטודענטן מיט פּלאַקאַטן און אויפשריפטן „נידער מיט דער זעלבסט־הערשאַפט", „נידער מיט דער מאָנאַרכיע". זיי האָבן מאַרשירט איבערן שאָסיי. די פּאָליציי און די מיליטערישע קאָמענדאַנטור איז געווען גלייכגילטיק. עס איז קלאָר געוואָרן אַז רוסלאַנד איז באַפרייט פון דער מאָנאַרכיע. טאָג־טעגלעך זענען פאָרגעקומען פאַרזאַמלונגען און מיטינגען. מען האָט אויסגעקליבן אַ שטאָט־פאַרוואַלטונג און עס זענען דורכגעפירט געוואָרן גרויסע וואַל־פאַרזאַמלונ־גען. פּאָליטישע פּאַרטייען האָבן אַנטוויקלט גרויסע טעטיקייטן. אויף דער יידישער גאַס זענען געוואָרן אַקטיוו צעירי־ציון, פּועלי־ציון, מזרחי, אגודת־ישראל, בונד. די פאַראייניקטע יידישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי „ס. ס.", די פאָלקס־פּאַרטיי. חוץ דעם זענען געווען אַקטיוו אין שטאָט די קאַדעטן, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, מענשעוויקעס און באָלשעווי־קעס. מ׳האָט שטענדיק אַגיטירט און דיסקוטירט.

די פּאַרטייען האָבן געעפנט קלובן, לעזע־זאַלן.

איינמאָל אין דער פרי, איז מיין שוועסטער אַריינגעלאָפן אין הויז מיט גרויס התפעלות: אַ „יידישע אָביאַוולעניע", — מען האָט אויפגעקלעפּט אַ פּלאַקאַט אין יידיש. איך בין גלייך אַרונטער אין גאַס און געזען אַ גרויסע מודעה אין יידיש וועגן אַ שלום־עליכם־אָוונט אין סאָלאָווייטשיקס טעאַטער. אינגיכן איז טאַקע געשאַפן געוואָרן אַ יידישער טעאַטער. אַלע שפּילער זענען געווען אַמאַטאָרן. די הויפּט־שפּילער זענען געווען די שוועסטער צימערינג, פון לעכעוויטש. מ׳האָט געשפּילט הירשביינען, קאָברינען, שלום־עליכמען, גאָרדינען און אַנדרעיעוון. איינער פון די הויפּט־שפּילער איז געווען סאָלאָפּ. אין דער חברה „מפיצי השכלה" האָט מען דעמאָלסט דיסקוטירט וועגן יידיש און העברעאיש. די פּאַרטייען האָבן אַראָפּגעבראַכט רעדנער פון מינסק און באָברויסק. עס איז אָנגעגאַנגען אַ ראַשיקע פּאָליטישע און קולטורעלע טעטיקייט. אונדזערע שכנים, די ביעלאָ־רוסן, האָבן אָנגעהויבן אַ קולטור־טעטיקייט אויף ביעלאָ־רוסיש, אָסטראָווסקי,[1] איינער פון

[1] נאָכדעם ווי די באָלשעוויקעס האָבן זיך עטאַבלירט אין ווייס־רוסלאַנד איז אָסטראָווסקי אַוועק קיין ווילנע, ווו ער האָט פאָרגע־זעצט זיין טעטיקייט פאַר אַ אומאָפּהענגיקער ווייס־רוסלאַנד. אין ווילנע איז ער געווען דער דירעקטאָר פון אַ ווייס־רוסישער גימנאַ־זיע. אין דער צייט האָט ער קאָאָפּערירט מיט די דייטשן און האָט פּרובירט שאַפן אַ נאַציש־קאָנטראָלירטע ווייס־רוסלאַנד. אין סמאָ־לענסק האָט ער אַרויסגעלאָזן אַנטיסעמיטישע אויפרופן.

זייערע הויפּט טוער, האָט געעפנט די ווייס רוסישע גימנאַזיע, מ׳האָט אַראַנזשירט טעאַטער־פאָרשטעלונגען אויף ווייס־רוסיש און פאַרשפּרייט ווייס־רוסישע ביכער און צייטונגען.

די מלחמה מיט די דייטשן האָט אָנגעהאַלטן נאָך קער־ענסקיס ניט־געלונגענער אָפענסיווע. ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט אַ שרעקלעכע דעמאָראַליזאַציע אין דער אַרמיי. יעדן טאָג פלעגן סאָלדאַטן פון סלוצקער גאַרניזאָן אומקערן זיך אַהיים. די באָלשעוויקעס זענען געוואָרן אַקטיוו אין סלוצק. זיי פלעגן אָפּהאַלטן גרויסע מיטינגען אין זאַל פון דעמאָקראַטישן קלוב, וווּ זיי האָבן צוגעגרייט דעם עולם פאַר נייע געשעענישן. צייטונגען פון פּעטראָגראַד און מאָסקווע פלעגן גלייך צוכאַפּט ווערן ווייל מ׳האָט זיך געריכט אויף עפּעס. אָבער דערווייל האָט מען זיך געגרייט צו די וואַלן פון דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג און צו דעם אַלרוסישן יידישן צוזאַמענפאָר. עס זענען אָנגעקומען אין שטאָט אַגיטאַטאָרן פון ציוניסטן, אגודת־ישראל, בונד און פון ס. ס. אין סלוצק פלעגן אויך אָנקומען יידישע צייטונגען פון פּעטראָגראַד — דאָס גרויסע ציוניסטי־שע „טאָגבלאַט", פון מינסק, דער בונדיסטישער „וועקער", „דער ייד" און פון ווייטן קיעוו פלעגט אָנקומען די ס. ס. צייטונג „די נייע צייט".

אין אָקטאָבער 1917 איז פאָרגעקומען די באָלשעוויסטי־שע איבערקערעניש. אין סלוצק האָט דער סאָוועט פון אַר־בעטער־פויערים־און סאָלדאַטן־דעפּוטאַטן פּובליקירט, אַז די מאַכט איז איבערגעגאַנגען צו די סאָוועטן. אין דער זעלבער צייט האָבן די ציוניסטן אַראַנזשירט אַ גרויסע פייערונג אין בית מדרש הגדול לכבוד דער באַלפור־דעקלאַראַציע.

איידער די באָלשעוויקעס האָבן זיך באַפעסטיקט, איז סלוצק פאַרנומען געוואָרן פון די דייטשן, אין יאַנואַר 1918. פּלוצלינג, אינמיטן טאָג זענען אין שטאָט אַריינגעפאָרן אַ צאָל לאַסט־אויטאָס מיט דייטשע סאָלדאַטן, מיט געשרייען פון „הוראַ". די דייטשן זענען פאַרבליבן ביז דעצעמבער 1918. זייער אַ סך קעגנער פון באָלשעוויזם זענען געווען צופרידן מיט דער אָקופּאַציע. די עלף חדשים זענען געווען רואיקע. אמת די דייטשן האָבן אַרויסגעפירט שפּייז, און אַנדערע זאַכן. זיי האָבן אַרויסגעפירט דעם גאַנצן אייזן, וואָס די קערענסקי־רעגירונג האָט אויפגעקליבן אין דעם „אייזן טאָג", מ׳האָט אויך געשלעפּט אויף צוואַנגס־אַרבעט. מ׳האָט זיך געקענט „אויסקויפן" דורך צושטעלן עמיצן אַנדערש.

אַזוי ווי אין שטאָט זענען געווען אַ סך אַרבעטסלאָזע, פלעגן די רייכערע דינגען עמיצן וואָס זאָל אַרבעטן פאַר זיי. עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דער קאָנטאַקט מיט אַמעריקע — און אַ סך פרויען וועמענס מענער זענען געווען אין אַמעריקע האָבן שטאַרק געליטן און געדאַרפט אויסזוכן פרנסות. אָבער דערפאַר איז געשאַפן געוואָרן אַ קאָנטאַקט מיט וואַרשע, ווילנע און בערלין. די דייטשן האָבן אין הירש געצאַווס קראָם, אויפן שאָסיי, אויפגעעפנט אַ בוך־האַנדלונג און דאָרט זענען פאַרקויפט געוואָרן יידישע צייטונגען פון לאָדז, וואַרשע און ווילנע. זיי האָבן זיך צו פיל ניט געמישט אין שטאָט, אָבי זיי האָבן נאָר געקאָנט אַרויספירן שפּייז. די גאַסן האָט מען געמוזט האַלטן ריין. מ׳האָט אָנגעהויבן בויען אַן עלעקטרישע סטאַנציע. יעדן טאָג פלעגט נעבן דער קאָמענדאַנטור שפּילן אַ מיליטערישער אָרקעסטער. יידן קריגס־געפאַנגענע אין דייטשלאַנד האָבן זיך אומגעקערט אַהיים. די מאַכט האָט אויך דערלויבט פּאָליטישע פּאַרטייען צו פונקציאָנירן.

אַרום אָקטאָבער 1918 האָבן זיך פאַרשפּרייט ידיעות אַז די דייטשן האַלטן ביי אונטערגעבן זיך. ס׳האָט אויסגעבראָכן די דייטשע רעוואָלוציע. צום ערשטן האָט זיך עס אויסגע־דריקט אין דעם וואָס אין אַ מיליטערישער ביוראָ האָבן די סאָלדאַטן אַרויסגעהאַנגען אַ רויטע פאָן. אינגיכן נאָכן וואָפן־שטילשטאַנד — האָבן די דייטשן געגרייט זיך פאַרלאָזן סלוצק. ווער וועט פאַרנעמען סלוצק האָט מען ניט געוווּסט — פּוילישע לעגיאָנערן, צי באָלשעוויקעס?! די סלוצקער ווייס־רוסישע צייטונג „ראַדני־קריי" האָט געמאָלדן אַז די פּוילישע לעגיאָ־נערן וועלן אַריין אין סלוצק. אין איין נאַכט זענען די דייטשן נעלם געוואָרן. די מאַכט האָט איבערגענומען די „אופּראַווע" און די היטער זענען געווען די פייערלעשער. אין עטלעכע טעג אַרום זענען אַריין די באָלשעוויקעס. דאָס איז געווען אין דעצעמבער 1918. די באָלשעוויקעס האָבן אָנגעהויבן מיט אַ מאָביליזאַציע אין דער רויטער אַרמיי, מיט קאָנטריבוציעס און קאָנפיסקאַציעס, די טשעקא האָט אָנגעהויבן אַרבעטן. אַזוי ווי אין רוסלאַנד איז געווען אַ הונגער — פלעגן יעדן טאָג אָנ־קומען „מעשאָטשניקעס" איינצוקויפן שפּייז. סלוצק אָבער האָט געהאַט אַ סך מעל, האָט מען אָנגעהויבן אַרויספירן דאָס אין אַנדערע שטעט. עס איז געשטיגן דער יקרות. דעמאָלט האָט דער אָרעמער עולם געצוווּנגען די רבנים דורכפירן אַ חרם, קעגן די וואָס פירן אַרויס שפּייז פון שטאָט. דער חרם איז דורכגעפירט געוואָרן אין דער קאַלטער שול. ביידע רבנים זענען געקומען, מ׳האָט אָנגעצונדן שוואַרצע ליכט, אַריינגע־בראַכט די טהרה־ברעט, געשאָלטן יענע וועלכע וועלן וואָגן אַרויספירן שפּייז פון שטאָט. דער חרם האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. דערווייל איז אויסגעבראָכן די אומאָפּיציעלע מלחמה צווישן פּוילן און רוסלאַנד. די פּאָליאַקן האָבן פאַרנומען ווילנע און באַראַנאָוויטש — און זיי האָבן מאַרשירט אויף מינסק און סלוצק. דער „בונד" און די „פּועלי־ציון" האָבן דעמאָלט מאָביליזירט זייערע מיטגלידער.

די יידישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי פון ווייסרוסלאַנד וואָס איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן,* האָט אויך מאָביליזירט אירע מיטגלידער. נעבן מינסק זענען דעמאָלט געפאַלן, דער פּועלי־ציוניסט בערגער, זון פון דעם העברעאישן לערער בערגער, יאָסעלע קריינעס און משה בארהאַן. מיין פעטער אַלטער בארהאַן איז פאַרוווּנדעט געוואָרן. שלמה׳קע גראַנאַט האָט געראַטעוועט מיין פעטער, ער האָט אים געטראָגן וויאָרסטן אויף די פּלייצעס.

הגם פרייער האַנדל איז געווען דערלויבט, האָט מען אָבער געעפנט קאָאָפּעראַטיוון מיט פּריווילעגיעס פאַר אַרבע־טער. דער גאַנצער שול־וועזן איז קאָמוניזירט געוואָרן און

* דאָס איז געווען דאָס איינציקע מאָל וואָס די באָלשעוויקעס האָבן דערלויבט אַן אומאָפּהענגיקע יידישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי — ניט קיין סעקציע פון דער אַלגעמיינער פּאַרטיי. די יידישע פּאַרטיי האָט עקזיסטירט אַרום אַ יאָר צייט.

די תלמידים האָבן געדאַרפט באַשטימען, וועלכע לערער זאָלן בלייבן אין שולע. עס האָבן געשפּילט צוויי טעאַטערס: אַ רוסישער און אַ יידישער. עס פלעגן פאָרקומען לעקציעס, מיטינגען און פאַראַדן. אין מאַרק האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ טריבונע — און אַגיטאַטאָרן פלעגן האַלטן רעדעס. איינער פון די הויפּט טוער אין סאָוועט איז געווען טיווין — הגם דער פאָרזיצער פון סאָוועט, דער באַלעבאָס פון שטאָט, איז באַשטימט געווען פון אויבן. די יידישע פּאַרטייען האָט מען אָנגעהויבן קאָמוניזירן. דער בונד האָט געעפנט אַ גרויסן קלוב אויפן נאָמען פון בראָניסלאַוו גראָסער אין מארדערס מויער — ווו ס'איז פריער געווען אַ באַנק. די פּועלי־ציון האָבן געעפנט אַ קלוב אין זאַל פון דער געוועזענער „יעווי־רייסקאיע אוטשילישטשע. דערווייל זענען אָנגעגאַנגען די שלאַכטן צווישן די באָלשעוויקעס און די פּאָליאַקן — און אין אויגוסט 1919 האָבן די פּאָליאַקן פאַרנומען סלוצק.

די פּאָליאַקן זענען אריין מיט שיסערייען און מיט רעש. די ערשטע פּאָר טעג האָבן סאָלדאַטן אַ ביסל ראַבירט, אָבער ביסלעכווייז האָט זיך איינגעשטעלט אָרדענונג. אין דער צייט פון דער פּוילישער אָקופּאַציע האָט זיך געעפנט אַמעריקע — מ'האָט באַקומען בריוו און געלט. עס זענען אַראָפּגעקומען צוויי דעלעגאַטן פון ניו־יאָרק, נייבורג און צורקאוו און האָבן געבראַכט זייער פיל הילף. דער „דזשאָינט" האָט געשיקט שטיצע — מ'האָט אויפגעלעבט דעם „יעקאפא", געעפנט אַ פאָלקס־קיך, געטיילט הילף. די פּאָליאַקן האָבן געהערשט מיט אַ אייזערנער האַנט, זיי האָבן טאַקע דורכגעפירט וואַלן צום שטאָט־ראַט, אָבער אַזוי ווי די מערהייט אויסגעוויילטע זענען געווען יידן, האָט מען דעם שטאָט־ראַט ניט צונויפגע־רופן, מ'האָט באַשטימט אַ שטאָט „גאלאווא" — אָבער רעגירט האָט די מיליטערישע מאַכט און די פּאָליציי. דער אַנטיסע־מיטיזם איז געווען אָן אָפּענער — הגם צו פּאָגראָמען איז עס ניט געקומען. צעירי־ציון, דער „החלוץ" האָבן נאָכאַמאָל אָנגעהויבן פונקציאָנירן, דער בונד האָט געהאַט זיין קאָאָפּע־ראַטיוו „איינקייט". אין די שולן האָט מען איינגעפירט דעם לימוד פון פּויליש און פּוילישע געשיכטע.

אַ גרויסע אויפרעגונג האָט אַרויסגערופן דער אַרעסט פון אַ גרופּע קאָמוניסטן אין די דערפער. מ'האָט זיי באַשול־דיקט אין אָנפירן אַ פּאַרטיזאַנישן קאַמף. אין איינעם אַ זונטיק, ווען די שטאָט איז געווען פול מיט פּויערים אויפן מאַרק — האָט מען איבערן גאַס עלף פּאַרטיזאַנער געשמידט אין קייטן געפירט צו די מאַגילקעס. דאָרטן האָט מען זיי דערשאָסן. די פּויערים האָבן געמורמלט: די קאָמוניסטן זענען זשידעס, דערשיסן דערשיסט מען אונדזערע.

ווען די פּוילישע אַרמיי האָט אין פרילינג 1920 פאַרנומען קיעוו — האָט די מאַכט דורכגעפירט אין סלוצק אַ ריזיקן מיליטערישן פּאַראַד אויפן בולוואַר. אָבער גאָר אין קורצן — האָט די רויטע אַרמיי צושלאָגן די פּאָליאַקן און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער מאַרש פון די באָלשעוויקעס. די צוקלאַפּטע פּוילישע אַרמיי, וואָס האָט זיך געצויגן דורכן סלוצקער שאָסיי האָט טעלעכע וואָכן נאָכאַנאַנד טעראָריזירט דער באַפעלקערונג, געשלאָגן, און געראַבירט. דעם לעצטן טאָג האָבן די פּאָליאַקן אונטערגעצונדן די שטאָט, אויפגעריסן די בריקן. דעם פייער האָט מען פאַרלאָשן. עס איז אָבער פאַר־ברענט געוואָרן די שיינע געביידע פון אונדזער קאָמערץ שולע, און אַ צאָל הייזער אויף דער „קאָלאָניע".

די ערשטע זאַך וואָס די באָלשעוויקעס האָבן געטאָן איז געווען צו אַראַנזשירן אַ פייערונג אין צווירקעס גאָרטן לכבוד דער „באַפרייאונג". רעדעס זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן דורך פאָרטרעטער פון די „פּאָליטישע אַרעסטירטע", פון פּועלי־ציון, קאָמוניסטן. דערנאָך איז די טשעקא געוואָרן טעטיק און דערשאָסן עטלעכע און צוואַנציק אַרעסטירטע. טאָג־טעגלעך זענען פאַרביי מאַסן סאָלדאַטן און האָבן געפרעגט ווי ווייט איז נאָך צו וואַרשע? אָבער דאָס מאָל זענען די באָלשעוויקעס געבליבן אין שטאָט נאָר אַ קורצע צייט. די רויטע אַרמיי האָט געליטן אַ גרויסע מפּלה ביי וואַרשע און שפּעטער ביי ברעסט־ליטאָווסק, און דער גרויסער צוריק־מאַרש האָט זיך אָנגעג־הויבן. דערווייל האָבן די באָלשעוויקעס, מיט גרויס פּאַראַד אויסגעגראָבן די קערפּערס פון די דערשאָסענע פּאַרטיזאַנער און באַערדיקט זיי אין אַ ברודער־קבר אויף קאָלאָניע. אין קלוב אויפן נאָמען פון קריינעס (געוועזענער דעמאָקראַטישער דוואָריאַנסקער קלוב) זענען דורכגעפירט געוואָרן עפנטלעכע מיליטערישע געריכטן קעגן דעזערטירן און סתם קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן און פאַרמשפּט זיי צום טויט.

דער צוריק־צוג פון דער רויטער אַרמיי איז געווען אין פולער אָרדענונג. צענדליקער טויזנטער סאָלדאַטן האָבן זיך געצויגן איבערן שאָסיי. דער סאָוועט האָט אויסגעהאַנגען פּלאַקאַטן מיט אַ וואָרענונג צו די פּאָליאַקן, אַז פאַר יעדן קאָמוניסט אָדער אַרבעטער וועלן די באָלשעוויקעס דערשיסן פּוילישע בורזשויען. די באָלשעוויקעס האָבן דעמאָלט אויך אַרעסטירט אַ צאָל יידן אלס „זאַלאָזשניקעס" און מען האָט זיי אַרויסגעפירט פון שטאָט. צווישן זיי זענען געווען ישראל בארהאָן, דער אַפּטייקער טשיפּטשין און נאָך.

נאָכן שלאַכט וואָס איז אָנגעגאַנגען עטלעכע טעג אין שטאָט, האָבן די פּאָליאַקן פאַרנומען סלוצק. דאָס איז געווען אין סעפּטעמבער 1920. אין די שלאַכטן זענען אומגע־קומען עטלעכע איינוואוינער. עס איז אויך אָפּגעברענט געוואָרן סאָלאָווייטשיקס טעאַטער און ראַזאָווסקיס מויער — ווו ס'האָט זיך געפונען די קהילה. דאָס מאָל זענען די פּאָליאַקן געווען גראָדע זייער שטיל.

אינגיכן איז געמאָלדן געוואָרן, אַז סלוצק גייט איבער צו די באָלשעוויקעס. אַ גרויסער טייל פון דער סלוצקער באַפעלקערונג האָט פאַרלאָזן סלוצק. אַ טייל איז געבליבן אין פּוילן — אין סלאָנים, ניעסוויזש, באַראַנאָוויטש און קלעצק. אַ טייל איז אַוועק קיין ארץ־ישראל און קיין אַמעריקע.

איך האָב באַזוכט סלוצק אין 1936, עס איז שוין ניט געווען די סלוצק פון 1917 אָדער 1920. פון אַלע שולן — איז געבליבן בלויז די שמידעשע. עס האָט נאָך עקזיסטירט אַ יידישע פאָלקס־שולע. אָבער סימנים פון גייסטיקן חורבן האָט מען געזען אומעטום. דאָך איז נאָך פאַרבליבן אַ שטיקל יידישער ישוב ביז וואַנען די נאַציס האָבן עס חרוב געמאַכט און אינגאַנצן אָפּגעמעקט.

# י. ד. ב. / וויגאַדע

אונזער גאַס וויגאָדע, וואָס מיט איר האָט די שטאָט סלוצק זיך אָנגעהויבן, האָט מסתמא באַקומען איר נאָמען צוליב איר טאָפּאָגראַפישער לאַגע און כאַראַקטער. אויב ניט רעכענען די אָסיענדיקע בלאָטעס, אין וועלכע די גאַס האָט זיך געטרונקען איידער זי איז ברוקירט געוואָרן, האָט זי סאַי זומער, סאַי ווינטער אויסגעזען זייער פריי און לופטיק. אַרומגערינגלט פון דריי זייטן מיטן טיפן ריין־שטראָמענדיקן טייך סלוטש, אַרומגענומען מיט ברייטע פעלדער, גרויסע גרינע גערטנער און סעדער, האָט זי אין די וואָכעדיקע זומערטעג געצויגן צו זיך פון דער „שטאָט" (אַזוי האָט מען אויף וויגאָדע גערופן אַלע אַנדערע סלוצקער גאַסן) יונג און אַלט צו באָדן זיך אין „יאַצעווער טייך", וואָס האָט פאַרמאָגט תבואה־הענדלער, געוועזענע שענקער, מלמדים, סופרים, און אויך אַ קליינע צאָל בעלי־מלאכות און בעלי־עגלות. עס זענען אויך געווען געציילטע גויים אויף וויגאָדע: דער פּוילישער שליאַכטיטש סאַליוטאַ, וואָס האָט געוווינט אין זיין הויף אינמיטן די וויגאָדער פעלדער און האָט זיך פאַרהאַלטן זייער פריינדליך צו די יידישע שכנים (שפּעטער, פאַר זיין אָנטייל אין די פּוילישע מרידות, האָט די רוסישע רעגירונג קאָנפיסקירט זיין גוט און באַזעצט דאָרטן אַ רוסיפיצירטן פּוילישן גענעראַל); אַ צווייטער פּוילישער פּריץ, וואָס האָט זיין רייכע פּאָסעסיע „גאָרקי", הינטער וויגאָדער בריק, אָפּגעגעבן אין אַרענדע צו די סלאַבאָדסקיס, אַ פאַרמעגליכע יידישע פאַמיליע מיט אַ סך זין, גרויסע און קליינע, וואָס איז געקומען




אַריינפיר אין שטאָט פון דרום זייט

דריי ברעגן: „ערשטער ברעג" פאַר ווייבער, „צווייטער ברעג" פאַר חדר־ייִנגלעך און ניט־שווימער, און „דריטער ברעג", דער סאַמע טיפסטער, פאַר שווימער. שבת נאָכמיטאָג פלעגט די שטאָט, דערהויפּט יונגוואַרג, זיך לאָזן שפּאַצירן אין „מאַיאָוקע" — אַ מין אָפענער פּאַרק הינטער וויגאָדער סעדער.

וויגאָדע האָט זיך אָנגעהויבן מיט דער ערשטער שטאָטבריק און זיך אויסגעלאָזט מיט דער צווייטער, וואָס ביי זאַריעטשער גאַס. געווען איז דאָס אַ גאַס אַ שטילע, אַ געמיטליכע, שיטער פאַרבויט מיט הילצערנע איין־שטאָקיקע הייזער און הייזלעך, באַוווינט, צום מייניסטן, פון אָרעמליכע יידישע בעלי־בתים, גערטנער, סאַדאָווניקעס, פעלד־זייער, ערגעץ פון דער פרעמד, פאַרנומען אין וויגאָדער שול דעם אויבנאָן, ביים ארון־קודש, און אַלע שבת און יום־טוב אויסגעדונגען פאַר זיך דעם מפטיר; דער פּראַוואָסלאַווער גלח, אַ רייכער אַרכיערײ פון מינסק, וואָס האָט פאַרמאָגט דעם גרעסטן סאַד אויף וויגאָדע און אים פאַרדונגען צו יידן; זיין זון, אַ האָרבאַטער שייגעץ, אַ חולה נופל, וואָס איז געווען אָנגעשטעקט מיט רעוואָלוציאָנערער אַפּיקורסות און האָט זיך שטילערהייט גע׳חבר׳ט מיט יידישע בחורים פון זיין שטייגער. ווייטער זענען געגאַנגען פּראָסטאַקעס: סימאָן מיט די בנים, גע׳שמד׳טע פּאָליאַקן אויף פּראַוואָסלאַוויע, דער שבת־גוי וואַסיל, וואָס פלעגט אַכטונג געבן יום־כיפור אויף די ליכט אין שול, און לכבוד דעם הייליקן יידישן טאָג זיך אָפּגעגאָלט

די באַרד איין מאָל אין יאָר, און די שבת־גויע סטאַניסלאַוויכע, אַ שיכורטע, וואָס פלעגט שבת אַראָפּנעמען די לייכטער אין יידישע הייזער, דערביי פרום צלמ׳ען זיך, און מעלקן די בהמות, איידער זיי גייען אין דער פּאַשע.

דער צענטער פון דער גאַס איז, געוויינטליך, געווען די וויגאַדער שול, וואָס אין די אַלטע צייטן האָט פון אירע פענצטער אַרויסגעקלונגען דער קול פון תורה־לערנער, נאָר אין די לעצטע יאָרן איז זי גאַנצע טעג, אויסער אינדערפרי און אינאָוונט צום דאַוונען, שוין געשטאַנען פוסט, און ווען ניט דער אַלטער מאָטע קאַפּולשטשיק, וואָס איז דאָרט געזעסן איבער אַ גרויסער גמרא און געלערנט פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט, וואָלט מען זי געמעגט האַלטן פאַרשלאָסן. אָבער צום דאַוונען, דערהויפּט שבת, איז די שול שטענדיק געווען פול, געדיכט באַזעצט פון יונג און אַלט, און דאָ האָבן זיך די וויגאַדער לייט אַרויסבאַוויזן יעדער איינער מיט זיינע אייגנשאַפטן און קנייטשן. באַשרייבן זיי גרינטליך וועט פאַרנעמען צופיל פּלאַץ. וועלן מיר דאָ באַרירן פון אויבנאויף נאָר יענע וויגאַדער יידן, וואָס קאָנען דינען ווי אַ דוגמא פאַר אַלע אַנדערע.

קודם כל די וויגאַדסקיס. שוין צוליב זייער פאַמיליע־נאָמען אַליין קומט זיי אין וויגאַדע דער אויבנאָן. דאָס איז געווען אַ היפּשע משפחה פון ברידער, מיט קינדער און קינדס קינדער, וואָס זענען אַלע געזעסן אין די עקסטע הייזער ביי דער בריק און געהאַנדלט מיט תבואה. גערופן האָט מען זיי „די בני דויד״: אליה דווידס, חיים דווידס, שמעון דווידס, איטשע דווידס... אַ גאַנצער שבט קליינע יידן מיט גרויסע בערד. דער עלטסטער און פאַרמעגליכסטער פון זיי איז געווען אליה דווידס, אַ געוויזענער שענקער, און שפּעטער, אַז די רעגירונג האָט מאָנאָפּאָליזירט דעם בראָנפן־פאַרקויף פאַר זיך, האָט ער אָנגעהויבן האַנדלען ברייט מיט תבואה. ער האָט זיך געהאַלטן מעשה נגיד, געגאַנגען פאַמעליך, ניט געלאָפן, ווי די פאַריאָגטע אָרימערע ברידער זיינע, די קליינע תבואה־הענדלער, נאָר „געשפּאַצירט״, הייסט עס, געלאָזט די קינדער בילדן, געשיקט זיי אין דער גרויסער וועלט אַריין. זיין עלטערער זון האָט געגרינדעט אין מינסק אַ גרויסע גוס־פאַבריק, און אַן אייניקל קלאַראַ, אַ שענהייט און אַ רעוואָלוציאָנערין, האָט פאַרפירט די סלוצקער יוגנט אין דער רוסישער רעוואָלוציע אַריין.

דערנאָך גייט מאָטע אילה, פון דער סלוצקער משכילישער פאַמיליע אילה. ער אַליין, מאָטע, איז ניט געווען קיין משכיל, און צוליב פּריזיוו־ענייִנים האָט ער זיך אויסגעקליבן אַן אַנדער פאַמיליע־נאָמען: ראַזענצווייג. ער איז געווען אַ פּשוטער וויגאַדער ייד מיט אַ היפּשער געלער באָרד און מיט גאָר אַ היפּשן הויזגעזינד, איבער אַ צענדליק זין און טעכטער, גרויסע און קליינע. יום־כיפור אין שול פלעגט זיין חברה קליינוואַרג ברענגען מיט זיך פון דער היים אַ פול זעקל מיט געקאָכטע אייער, און אַז דער טאַטע, מאָטע, פלעגט זיך אָוועקשטעלן אינמיטן גרויסן תענית שיילן פאַר די פּיצלעך קינדער די אייער, האָבן די פאַסטנדיקע וואָס אַרום געשלונגען די שפּייעכץ און אָפּגעקערט די קעפּ, אום ניט צו וועקן דעם יצר־הרע פון עסן. ער האָט געוווינט אין אַ פיינער שטוב מיט גרויסע שפּייכלערס ווייט הינטער וויגאַדער בריק, אַקעגן דעם הויף „גאָרקי״, געהאַנדלט גרויס מיט תבואה, עקספּעדירט גאַנצע וואַגאָנעס קיין אויסלאַנד, געווען בטבע אַ שטילער מענטש אַ שווייגער, און פון דעסטוועגן האָט ער געפירט, דורך די עלטערע זין, אַ פאַרביסענעם קאַמף מיט די „בני דויד״, דערהויפּט מיט חיים דווידס זין, געקאָנקורירט אין אויסכאַפּן פויערשע פורלעך מיט תבואה איינער פון דעם אַנדערנס הענט. עס פלעגט אַמאָל דערגיין אַפילו צו אַ געשלעג און צו קריגערייען אין שול אין יום־טוב ביים דאַוונען. ביי וויגאַדער חדר־יינגלעך, וואָס האָבן געלערנט תנ״ך, האָט זיך דאָס אויסגעמאָלט מיט אַ פּסוק פון שמואל ב׳: „ותהי המלחמה ארוכה בין בית שאול ובין בית דויד״...

ווייטער קומט יוסף שמואל נייקרוג. אַ האָמעטנער ייד פון דרויסן, נאָר מיט פיינע מידות פון אינעווייניק. אַ געמיש פון אַ תלמיד־חכם מיט אַ פּראָסטאַק, פון אַ בעל־צדקה מיט אַ ווילדן קמצן, תמיד גרייט אויסצוהעלפן אַ שכן מיט אַ גמילות־חסד און אין דער זעלבער צייט אָפּטאָן אומגעלומפּערטע מעשים, אַבי אָפּשפּאָרן אַ גראָשן. אָנגעטאָן איז ער געווען זייער געמיין, אין אַן אויסגעריבענער קאַפּאָטע מיט קורצע אַרבל און אין שווערע, טרוקענע, אויסגעקרימטע „שטיוואַלעס״. אַז ער פלעגט גיין, פלעגט ער מאַכן מיטן קאָפּ אויף רעכטס און אויף לינקס, און אויסגעקומען איז, אַז ער גייט און גייט און שטייט אויף איין אָרט. די וויגאַדער האָבן אים שטאַרק באַרעדט פאַר זיין קאַרגשאַפט און זיין אָרימן הילוך, וואָס האָט ניט געשטימט מיט זיין פאַרמעגליכן מעמד. אין שטוב ביי אים איז מען אָפּגעקומען מיט ברויט און ציבעלע. דערביי איז ער נאָך געווען אַ הומאָריסט: „אויף וואָס טויג מיר טיי? איך טרינק־אויס אַ קוואָרט קאַלטע וואַסער און לייג־צו דעם בויך צום אויוון — האָב איך טיי״. ער האָט פאַרמאָגט בירושה צוויי גרויסע פּוסטע פּלעצער פון ביידע זייטן גאַס, אַ קלענעם טייל דערפון האָט ער פאַרקויפט צו שכנים, און דעם גרעסטן טייל פאַרוואַנדלט אין ציגעלניעס, געגראָבן ליים און געמאַכט ציגל, געברענט זיי אין אַ „קאַלכאָוויוון״ און אויף אַ האַלב־געפייגערטן פערדל, מיטן יינגסטן זון אַלס שמייסער, געפירט די ציגל אין סלוצקער הייזער אויף מאַכן אויוונס. די אַרבעט אין די ציגעלניעס איז געווען אַ פּרימיטיווע און איז געטאָן געוואָרן פון אַ פויער, צי פון אַן אָרימן יידן (אָפט איז דאָס געווען אַפילו אַ האַלב־משוגענער פון סלוצקער באַרימטע משוגעים) פאַר אַ גראָשנדיקן לוין. מע האָט געגראָבן און געקנאָטן ליים, אויסגעלייגט די נאַסע ציגל פון אַ הילצערנער פורעם, שפּעטער אויסגעשטעלט די האַלב־טרוקענע ציגל קעגן דער זון, און דערנאָך אַריבערגעפירט די ציגל אין „קאַלכאָוויוון״ אַריין. פאַר די לייכטערע פונקציעס אין זיין ציגל־פאַבריק האָט יוסף שמואל באַנוצט די וויגאַדער חדר־יינגלעך, די עלטערע פון זיי געצאָלט פאַר זייער האָרעוואַניע יעדן איינעם אַ מזומנע קאָפּיקע, און קליינוואַרג באַלוינט מיט שוה־כסף: מיט אַ „פּאַר״ איבער דער גאַס אין זיין צעטרייסלטן וואָגן מיטן האַלב־געפגערטן פערדל. געענדיקט האָט זיך

עס מיט אַ קאַטאַסטראָפע: דער אָנגעפּאַקטער וואָגן מיט קליינע קינדער האָט זיך איינמאָל איבערגעקערט ביים „קאַלכאויוון”, און די קינדער זענען אַריינגעפאַלן אין פייער, קוים אַרויס מיטן לעבן. וויגאָדע איז דעמאָלט געגאַנגען כאָדאָראָם.

אין שול האָט יוסף שמואל געשפּילט אַ געהויבענע ראָל: גאַנץ אָפט געווען גבאי, שבת און יום־טוב געדאַוונט ביים עמוד (פון וואָס דער עולם איז ניט געווען צופרידן, ווייל אַ קול האָט ער געהאַט אַ טרוקענעם און אַן אָנגעשפּאָלטענעם), שבת פאַרנאַכט, אין דער פינצטער, פירגעזאָגט פאַרן עולם אויסווייניג „אשרי תמימי דרך”, און אינדערוואָכן, בין מנחה למעריב, ביים גרויסן טיש הינטערן אויוון, געזאָגט פאַרן פּראָסטן פאָלק „עין־יעקב”.

בטבע איז ער געווען אַ בעל־רחמים: צוגעהערט זיך צו יענעמס צרות מיט גוטע, טיף־פאַרזאָרגטע אויגן, גרייט געווען צו העלפן, גאַנץ אָפט גענומען אַ רויטע פּאַטשיילקע און אַרויס אין גאַס מיט נאָך איינעם „צונויפמאַכן” עטליכע גילדן פאַר אַ נויטבאַדערפטיקן שכן. און אין סך־הכל האָט ער געהאַט אויף וויגאָדע אַ נאָמען פון אַ גוטן און פרומען ייִדן.

אַן אָנגעזעענעם אָרט אין וויגאָדער שול האָט אויך פאַרנומען יודל דער זיידענער. „דער זיידענער” האָט מען אים גערופן מסתמא דערפאַר, וואָס ער האָט געשטאַמט פון אַ זיידענער משפּחה — ער איז געווען אַן אייזנשטאַט. געווען איז דאָס אַ ייִד אַ בייכיקער, אַן עולם־הזה׳ניק, ניט קיין גרויסער תלמיד־חכם, נאָר אויך ניט קיין עם־הארץ, און געלעבט האָט ער דערפון, וואָס ער איז געווען דער איינציקער ייִדישער פאָרשטייער אין דער שטאָט־דומע. ביי ייִדן האָט ער געגאָלטן ווי אַ ייִדישער „סטאַראָסטאַ”. ער איז אָבער ניט געווען קיין אָפיציעלער סטאַראָסטאַ, נאָר איינער פון די שרייבער, וואָס שרייבן־איבער פּאַפּירן. ער פלעגט אין דער דומע טראָגן אַ יאַרמעלקע, זיך געהאַלטן זייער קליין קעגן די גויישע באַאַמטע, ביי וועמען ער איז געווען אין גלות, גע׳חנפ׳עט אַפילו אַ יונגן שייגעץ אַ שרייבערל, גערופן אים „פּאַנאָטשעק”, דערפאַר שטאַרק געבלאָזן פון זיך קעגן אָרימע ייִדן, וואָס פלעגן דאַרפן אָנקומען צו זיינער אַ טובה אין דער דומע. אין וויגאָדער שול האָט ער זיך אויפגעפירט ווי דער פאָרשטייער פון „נאַטשאַלסטווע”, ניט געלאָזט רעדן קיין קרום וואָרט קעגן דער רוסישער רעגירונג. ער איז אָבער, נאָך אַלע זאַכן, געווען אין גרונט אַ וואוילער מענטש און אַן ערליכער ייִד, אַ פרומער, ליב געהאַט דעם עמוד, געדאַוונט שבת און יום טוב מוספים, געווען אויף דעם געביט אַ שטאַרקער קאָנקורענט פון יוסף שמואלן.

יענקל דער כוהן. אַ גערטנער. געהאַלטן אין אַרענדע די פּריצישע פעלדער אויף וויגאָדע, געזייט אוגערקעס און תבואה. די פעלד־אַרבעט איז געטאָן געוואָרן פון געדונגענע טאָג־אַרבעטער, פּויערים און פּויערטעס פון די שכנישע דערפער, אונטער דער השגחה פון זיינע זין און טעכטער. אַליין איז יענקל דער כוהן געווען אַ שיינער בעל־הבית, אַ גבאי אין שול, אַן אָפטער בעל־תפילה פאַרן עמוד, געפירט אויף וויגאָדע די גרענדע, הושענא רבה ביינאַכט אויסגעטיילט פון אַ זאַק עפּל צו חדר־ייִנגלעך, וואָס האָבן געזאָגט תהילים אין שול, שמחת־תורה פאַרבעטן צו זיך אין שטוב דעם עולם אויף לעקאַך און בראָנפן, געווען דער הויפּט פון אַלע הוליאַקעס, און ביים דוכנען אין שול מיט די וויגאָדער כוהנים האָט זיין געזאַנג אין די „אַנטראַקטן” געהילכט העכער פון אַלע אַנדערע. פאַר די אַלע זאַכן האָט ער באַקומען אויף וויגאָדע אַ נאָמען: „דער כוהן גדול”, הגם קיין גרויסער תלמיד־חכם איז ער ניט געווען. שבת צו מוסף, זינגענדיק ביים עמוד דעם „תיכנת שבת”, פלעגט ער אָנשטאָט „ותצונו השם אלוקינו” שטענדיק זאָגן: „ותציבנו”. און אַז מע פלעגט אים ווייזן, אַז אין סידור שטייט בפירוש „ותצונו”, פלעגט ער ענטפערן מיט אַ בייזער: „וואָס טויג מיר דער סידור? מיין טאַטע, עליו השלום, פלעגט אויך דאַוונען ביים עמוד און אויך זאָגן „ותציבנו” — איז דאָס ביי מיר קודש קדשים!”...

מאָטע דער קאַפּולשטשיק. געשטאַמט פון קאַפּוליע. ייִנגלווייז געלערנט אין איין בית־מדרש מיט שלום־יעקב רב משה׳ס, וואָס איז שפּעטער באַרימט געוואָרן ביי ייִדן ווי מענדעלע מוכר־ספרים. אין די יונגע יאָרן געהאַנדלט מיט פלאַקס, וואָס ער פלעגט אויפקויפן, אַרומפאָרנדיק איבער די דערפער. אויף דער עלטער זיך באַזעצט אין סלוצק, אויף וויגאָדע, אויסגעהאַלטן געוואָרן בכבוד גדול פון זיינעם אַ זון, אויך אַ פלאַקסהענדלער, געזעסן טאָג ווי נאַכט אין וויגאָדער שול און געלערנט גמרא מיט רש״י און תוספות, דורכגעגאַנגען פאַרן יאָר דעם גאַנצן ש״ס און ערב יום־כיפור געפּראַוועט אַ סיום. אַ דאַנק אים, איז די וויגאָדער שול תמיד געשטאַנען אָפן און דער קול פון תורה איז דאָרט קיינמאָל ניט אַנשוויגן געוואָרן.

די אַלטע וויגאָדער שול איז געווען אַ פעסט־געמויערטער בנין מיט דיקע ווענט, מיט אַן אַלטן ארון־קודש, פול מיט ספרי־תורה, מיט פאַרצייטיקע הענגלייכטער, מיט אַ געפאַרבטער געצאַצקעטער בימה, מיט צוויי טונקעלע קאַכל־אויוונס, הינטער וועלכע עס האָבן זיך געפונען צוויי אַלמערס מיט גוט־געבונדענע ספרים, אַלטע און נייע: אַלערליי ש״סן, מדרשים, יורה־דעה׳ס, שאלות ותשובות, אַפילו חקירה־ספרים, ווי דער „מורה־נבוכים”, דער „כוזרי” וכדומה. די שול איז געשטאַנען ווי אָפּגעזונדערט פאַר זיך, אין אַ ווינקל פון גרינע גערטנער און תבואה־פעלדער, אַרויסגעקוקט צו אַ היפּשער סאַזשלקע, וואָס זומער האָבן דאָרט געקוואַקעט זשאַבעס, און ווינטער איז זי פאַרפרוירן געוואָרן און געדינט ווי אַ גוטער „קאַטאָק” פאַר ווייסע־חברה׳ניקעס אויף צו גליטשן זיך. ווי קומט אַ סאַזשלקע צו אַ בית־מדרש? פלעגן חדר־ייִנגלעך דערציילן אַזאַ מעשה: אַז וויגאָדער ייִדן האָבן פאַרצייטנס זיך געשטעלט בויען די שול, האָט דער פּריץ פון דער גאַס זיך מיישב געווען, פאַרכאַפּט און אויסגעבויט פּונקט אַקעגן אַ קלויסטער. איז דאָך די ייִדן געוואָרן שלעכט — האָט גאָט געטאָן אַ נס, דער קלויסטער איז אין איין נאַכט איינגעזונקען געוואָרן און אויף זיין אָרט האָט זיך אויסגעגאָסן אַ טייך. האָט זיך דער פּריץ דערשראָקן און איבערגעבעטן די וויגאָדער ייִדן דערמיט, וואָס ער האָט זיי געשענקט פון זיין ציגעלניע גוטע געברענטע ציגל פאַר דעם נייעם בית־מדרש. און דעריבער זענען די ווענט פון דער שול אַזעלכע פעסטע,

איינמאָל, אין אַ הייסן זומער, איז די סאַזשלקע אויסגע־טריקנט געוואָרן, האָט מען געזען דעם שפּיץ פון דעם איינגעזונקענעם קלויסטער. נאָר דאָס האָט פּאַסירט גאָר אַמאָל.

וואָס איז געוואָרן פון וויגאָדער שול מיט דער סאַזשלקע איצט אין אונזערע טעג, ווען גאַנץ סלוצק מיט וויגאָדע צוזאַמען איז אויסגעוואָרצלט געוואָרן פונעם יידישן לעבן און איז פאַרכאַפּט געוואָרן פון די איצטיקע פּריצים? דאָס איז שווער צו דערגיין. איינס איז קלאָר: היינטיקע צייטן געשעען שוין מער קיין נסים ניט.

## משה סטרוגאטש ניו־יאָרק / ברעקלעך זכרונות

50 יאָר, אַ האַלבער יאָרהונדערט! ווען מען איז כמעט אַזויפיל יאָרן אַפּגעריסן פון אַ שטאָט, זאָל זיין אַפילו אַ היים־שטאָט, און אין וועלכער מען האָט פאַרבראַכט בלויז די קינ־דערישע יאָרן, און דערצו אין אַ באַגרענעצטער סביבה, איז נאַטירלעך אַז אַסך זאַל פאַרגעסן ווערן, אויסגעמעקט ווערן פון זכרון; נעמען פון מענטשן און גאַסן זאַלן פאַרשווינדן ווערן, און דאָס ביסל וואָס איז פאַרבליבן, זאָל אויך שוועבן נעפּלדיק און ווי פאַרשטעלט מיט אַ דיקן שלייער.

בלויז געציילטע קלייניקייטן זענען פאַרבליבן אין זכרון און דאָס וועל איך פּרובירן אָפּצופרישן. אפשר וועט דאָס עפּעס צוגעבן צו דעם אַלגעמיינעם בילד פון דער אַמאָל־עקזיסטירנדיקער און איצט חרוב׳ער יידישער סלוצק.

✶

ווי פאַרשטענדלעך, בין איך אַ סלוצקער, געבוירן אויף וויגאָדע, ביי מיין זיידן ר׳ שייע זשיטקאָוויצער. עס געדענקט זיך, אַז אַנטקעגן איז געווען אַ ליידיק פעלד, אויף וועלכן ס׳איז דאַן אויפגעבויט געוואָרן אַ הילצערנע שטאָטישע טורמע, פאַר קליינע פאַרברעכער.

דער „סמאָטריטעל״, אָדער אויפזעער פון טורמע, האָט שרעקלעך פיינט געהאַט יידן, אָבער ער האָט זיך באַצויגן מער־ווייניקער טאָלעראַנט צו מיין זיידן, ווי צו אַ שכן. דער דאָזיקער „סמאָטריטעל״ האָט געהאַט צוויי זין, גימנאַזיסטן, הויכע שקצים מיט ערנסטע פּנימער, כמעט אַזוי פאַרביסן ווי ביים טאַטן. איז מיין זיידן איינגעפאַלן צו בעטן דווקא זיי לערנען מיך רוסיש. ער איז מיט מיר אַרויף צו זיי. די צוויי שקצים האָבן אונדז אַריינגענומען אין איינעם פון די ליידיקע אַרעסטאַנטן־צימערן. אַליין האָבן זיי זיך געזעצט אויפן בעטל, דעם זיידן האָבן זיי געלאָזן שטיין. בלויז נאָך איין שטיקל „מעבל״ האָט זיך געפונען אין צימער: אַ ראַסקע־שטול פאַר די אַרעסטאַנטן („אַ פאַראַשע״). ווען דער שמועס האָט זיך פאַרצויגן לענגער און דעם זיידן איז שווער געוואָרן צו שטיין, און קיינער האָט אים ניט געבעטן זעצן, האָט ער זיך אַליין אַוועקגעזעצט אויף דעם „שטול״.

די זאַך האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ אָפּשטויסנדן איינ־דרוק, אַז ווען איך בין אַרויס, האָב איך געזאָגט צו דעם זיידן: „אונטער קיינע אומשטענדן וועל איך צו די אַנטי־סעמיטן ניט גיין לערנען״.

✶

אין חדר האָב איך אָנגעהויבן גיין צו 5 יאָר. מיין ערש־טער מלמד איז געווען הירשל בערל — אַן אויסגעוויקטער דאַרער יידל, וואָס איז גלייכצייטיק אויך געווען שמש אין דער וויגאָדער שול. פון דעם חדר איז מיר פאַרבליבן אין זכרון, אַז דאָס שטיבעלע איז געווען צוגעבויגן צו דער ערד, און די דרויסנדיקע טיר איז געלעגן סאַמע אויף דער ערד. דאָס שכנותדיקע הויז פון חדר איז געווען פון י. ד. בערקאָווי־טשעס עלטערן — גראַדע העכער און עטוואָס געראַמער, אין פערגלייך מיטן רבי׳ס שטיבל.

נאָך אַן עפּיזאָד פון מיין צווייטן חדר — אויך אויף וויגאָדע, נעבעטער צום בית־עולם.

איין מאָל אין אַ הערבסט־פרימאָרגן איז עמיצער אַריינ־געלאָפן אָנזאָגן דעם רבי, אַז דער „נאַדזיראַטעל״ פּאַטשט אַרום איבער די הייזער אויפמאָנען „נאַלאָג״ (שטייערן). דער רבי וואָלט זיך פאַר דעם אייגנטלעך ניט געדאַרפט שרעקן, ווייל דער חדר איז געווען אַ געדונגענער און דאָס הויז ניט זיינע, אָבער סייווי וואָלט ער אַלס אַ מלמד געדאַרפט האָבן אַ „צייגעניש״ וואָס קאָסט 3 רובל און דאָס האָט ער ניט געהאַט. האָט דער רבי אויסגערופן צו די קינדער, אַז זיי זאָלן זיך באַלד צעלויפן. די קינדער זענען זיך צעלאָפן איבער גאַנץ וויגאָדע.

איך מיט נאָך אַ יינגל זענען אַוועקגעלאָפן צום טייך („יאַצעווע״), וואָס איז געווען ווייט אַראָפּ הינטער דער שול און אָפּגעזעסן דאָרט הונגעריקע אַ גאַנצן טאָג. אַז עס האָט שוין אָנגעהויבן ווערן טונקל, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מען קען זיך שוין אומקערן אַ היים. אָבער נישט זייענדיק נאָך אינגאַנצן זיכער, האָבן מיר זיך באַהאַלטן הינטער דער שול און פון אַ ווינקל אַרויסגעקוקט, צי מען קען אַריבערגיין די גאַס און גיין אַ היים, כדי נישט באַגעגענען זיך מיטן נאַדזיראַטעל.

אַז איך בין אַריין אין שטוב, האָב איך געטראָפן די מוטער אַ צערודערטע, נישט וויסנדיק שוין מערער, ווו מיך צו גיין זוכן און אויסלאָזנדיק צום רבי׳ס קאָפּ אַלע בייזע חלומות...

✶

וועגן פּאָליציי איז כדאי צו דערמאָנען אַן אינטערעסאַנטן פאַקט. מען האָט דאַן געהאַלטן אין בויען אַ נייע בריק איבערן טייך אויף זאַרעצער גאַס. פונעם בריק זענען בלויז די פּאַליעס געווען אַריינגעשלאָגן און איבער די פּאַליעס זענען געלעגן ברעטער אויסגעלייגט פאַר 2 שמאָלע דורכ־גאַנגען איבערן בריק. איך מיט מיין מוטער זענען צופּעליק געגאַנגען איבערן בריק. פלוצלינג האָבן מיר באַמערקט, ווי פון זאַרעצער גאַס, אין דער ריכטונג צום מאַרק, לויפן

סאָלדאַטן מיט צעריסענע און אומגעדולדיקע פּנימער. כאָטש מיר און די אַנדערע וואָס האָבן געהאַלטן אין דורכגיין דעם בריק, זענען זיי געווען אין וועג, האָבן זיי קיינעם גאָרנישט געזאָגט און ניט געטאָן קיין שלעכטס. אָבער מיין מוטער איז דאָס לויפן זייערס ניט געפעלן געוואָרן, און מיר האָבן זיך אומגעקערט צוריק.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זענען די סאָלדאַטן געלאָפן צום מאַרק דורכפירן דאָרט אַ פּאָגראָם. זיי האָב אָנגעפאַנגען אַ געשלעג און צעשלאָגן אַ צאָל יידן, וואָס האָבן ניט באַוויזן צו אַנטלויפן און באַהאַלטן זיך. אָבער דער ווונדער איז געווען, וואָס זיי האָבן קיינעם אויפן בריק ניט געטשעפּעט. מיט איין אומגעדולדיקער באַוועגונג וואָלטן זיי געקענט צענדליקער מענטשן אַראָפּשטויסן פון די שמאָלע „קלאַדקעס" אין טייך אַריין. אָבער, ווייזט אויס, אַז דער אָנזאָג איז געווען, אַז דער פּאָגראָם זאָל זיך אָנהויבן אין מאַרק, און דער בריק איז געווען פאַרן מאַרק, איז דאָס ניט אַריין אין זייער אויפגאַבע...

✶

אויך וויל איך דערמאָנען מיין דריטן חדר. ער האָט זיך געפונען אַנטקעגן זאַרעצער שול. דעם מלמד'ס נאָמען איז געווען איטשע נאטעס, אויפן נאָמען פון זיין שווער נאָטע טאמבאק. דעם באַקאַנטן פּעדאַגאָג און העברעאישן שרייבער יהודה גראַזאָווסקי'ס אַ אָנקל. ער איז געווען אַנדערש פון אַלע מלמדים, וואָס איך האָב געקענט: אינטעליגענטער, געלייענט העברעאישע צייטונגען ווי אויך העברעאישע ביכער. איך געדענק נישט, צי מיט אַלעמען, אָבער מיט מיר האָט ער געלערנט דיקדוק און נישט נאָר ניט געשטערט מיר צו ברענגען אין חדר ביכלעך צום לייענען, נאָר אַליין פאַרטייטשט מיר די שווערע ווערטער, וואָס איך האָב ניט פאַרשטאַנען. (זיין פרוי טילע איז געווען באַוווסט אין תל־אביב מיט אירע פילאַנטראָפּישע טעטיקייטן).

מיט יענער צייט איז פאַרבונדן נאָך אַ דערינערונג. קיין לעגאַלע ביבליאָטעק איז אין סלוצק נאָך ניט געווען! בלויז אַן אומלעגאַלע איז געווען אינעם שטיבל פון דער כאַפּאַשקער שול. די דאָזיקע ביבליאָטעק האָט געמוזט זיין אָפן אַ צוויי, אָדער דריי מאָל אַ וואָך אין די אָוונטן. געדאַרפט האָט זי זיך עפענען אַזייגער 8, אָבער די ביבליאָטעקאַרס האָבן זיך ניט געאיילט און פלעגן קומען ערשט 9 אַזייגער.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר 8 און געווען פאַרקאָכט אין לייענען י. לעווגער'ס „כל אגדות ישראל" — 36 ביכעלעך. די ביכעלעך פלעג איך נעמען אין ביבליאָטעק.

איך געדענק אַז אַרויסגייענדיק פון חדר, ווינטער, 6 אַזייגער אין אָוונט, פלעג איך זיך לאָזן גיין צו דער ביבליאָטעק. די ביבליאָטעק און דאָס שטיבל זענען געווען פאַרשלאָסן, בלויז דער פּאָליש איז געווען אָפן. איך פלעג שטיין דאָרט אין דער פינצטער און קעלט, ביז מען פלעגט קומען עפענען די ביבליאָטעק. און אַז מ'פלעגט זי שוין עפענען, פלעגן אָנקומען יונגע בחורים און מיידלעך נעמען ביכלעך, אָדער פשוט כדי צו טרעפן זיך און פאַרברענגען אַ ביסל. נאַטירלעך איז, אַז די ביבליאָטעקאַרס איז אָנגענעמער געווען צו פאַרברענגען מיט די מיידלעך, און אויפן קליינעם יינגעלע, וועלכער איז אַ שטילער געשטאַנען אין אַ זייט, האָט זיך קיינער ניט אומגעקוקט. ערשט ווען מען פלעגט דאַרפן פאַרמאַכן די ביבליאָטעק, פלעגט מען באַמערקן, אַז עס שטייט אַ יינגעלע און וואַרט אויף אַ ביכל, און געבן עס אים.

אַהיים פלעגט מיר שוין אויסקומען צו גיין שפּעט. פלעג איך שפּאַנען מיטן ביכעלע און מיט די אויפגעהויבענע פּאָלעס פונעם מאַנטל איבער די פינצטערע גאַסן, אַ סך מאָל איבער שייטערס האָלץ, אויסגעלייגטע אָנשטאָט „קלאַדקעס", און דאָס האַרץ פלעגט ציטערן פון שרעק פאַר די בילנדיקע הינט און די שיכורע קולות פון די גויים, וואָס פלעגן אַ סך מאָל אָנקומען אַנטקעגן.

✶

נאָך אַ דערינערונג וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יענער צייט:

איך בין דאַן אַלט געווען אַ יאָר 6, בין איך קראַנק געוואָרן. מיין מוטער איז מיט מיר אַוועק צו ד"ר בילדזשיקעוויטש, אַ פּאָליאַק. איך געדענק אַז זיין דירה איז געווען אויף שאָסיינע גאַס אויף אַ ראָג אַנטקעגן פּאָלקע דעם שניידער. (שפּעטער האָט אין דעמזעלבן הויז געוווינט דער אַדוואָקאַט רעפּ). דער דאָקטאָר האָט געוואָלט זען דעם פּראָצעס פון פאַרדייען דאָס עסן, האָט ער געהייסן דער דינסט, אַריינטראָגן אַ גלאָז מילך מיט אַ שטיקל שוואַרצן ברויט, איך זאָל עסן און בלייבן זיצן אין וואַרט־צימער. אָבער איך האָב זיך אָפּגעזאָגט: — „וואָס הייסט, ביי אַ גוי עסן"?.. דערפאַר בין איך גרייט געווען אויסצופאָלגן דעם צווייטן באַפעל פון דאָקטאָר — צו פאָרן אויף דאַטשע.

✶

אין האָרקער וואַלד איז געווען זייער אומעטיק. אויסער אונדז איז דאָרט געווען בלויז נאָך איין דאַטשניק, אַ שווינדזוכטקראַנקער, און מיין מוטער האָט געוואָלט אויסמיידן צו זיצן לעבן אים. פלעגן מיר מערסטנטייל אַוועק אין אַ אָפּגעזונדערטן ווינקל און זיצן אַליין. מיר האָבן אָבער איינמאָל געקראָגן דאָרטן אַן אומגעריכטן גאַסט: איסר דעם משוגענעם... איסר איז געווען אַ ווילדער משוגענער, מיט וועלכן עס איז געווען אַ געפאַר צו טרעפן זיך אַליין. אַליין איז ער געווען אַ סלוצקער, געהאַט דאָרט ברידער, איינעם טאַקע אויף שאָסיינע גאַס, אַנטקעגן חיים־מיכלס מיל. אָבער די ברידער האָבן אים אַוועקגעפירט אין האָרקי און ער איז געוואָרן אַ דאָרטיקער תושב: אומגעגאַנגען מיט די לאַנגע, ניט געשוירענע האָר, מיט דער צעפּאַטלטער באָרד און אַ טאָרבע, וועלכע ער האָט קיינמאָל פון זיך ניט אויסגעטאָן. פון צייט צו צייט בלויז פלעגט ער זיך דערמאָנען אָן זיינע ברידער, עולה רגל זיין אין סלוצק און אָנמאַכן דאָרט אַ טומל, ביז זיי פלעגן אים צוריק אַוועקפירן.

און אָט זיץ איך אַזוי מיט מיין מוטער אין וואַלד — קומט אָן איסר. נישט דורכגעגאַנגען פאַרביי, נאָר טאַקע צו־

געקומען און זיך אַװעקגעזעצט לעבן אונדז. דאָס בלוט איז אונדז פאַרגליװערט געװאָרן פון שרעק. װאָס טוט מען? אויפהויבן זיך און אַװעקגיין? — װאָלט געװען נאָך געפערלעכער. איז מען אַזוי געזעסן אין טויט־שרעק, ביז ער האָט זיך אויפגעהויבן און אַװעק. אָבער פריער האָב איך געמוזט צוזאָגן, אַז מאָרגן װעל איך אים פאַרריכטן די טאָרבע זיינע.

אויף מאָרגן, באַלד אינדערפרי, איז ער טאַקע געקומען און ביז היינטיקן טאָג שטייט מיר פאַר די אויגן דאָס בילד, װי איך בין געזעסן אויפן פריזבע און איסר לעבן מיר, און איך האָב אים פאַרנייט די טאָרבע זיינע. (נייען האָב איך געקענט, װייל איך האָב אַלע מאָל ליב געהאַט זיך צוקוקן, װי מיין מוטער נייט). די מוטער מיינע האָט די גאַנצע צייט געהיט און ניט אַראָפּגענומען די אויגן פון אונדז.

מער זענען מיר אין װאַלד ניט געגאַנגען און אַװעקגעפאָרן צוריק אַהיים.

✶

נישט דער דאָקטאָר און נישט די דאַטשע האָבן מיר געהאָלפן. אָבער געזונט געװאָרן בין איך פונדעסטװעגן.

מיין מוטער האָט געהאַט אַ קרוב אין סטאַראָבין, װעלכער האָט געשמ׳ט אַלס אַ גרויסער „שפּרעכער”. זיין בילד שטייט נאָך מיר ביז איצט פאַר די אויגן: אַ הויכער עלטערער מאַן, מיט אַ גרויער באָרד, דורכדרינגנדיקע אויגן און אַ שטערן פון אַ תלמיד חכם.

מען האָט אים געדאַרפט אָפּהיטן, װען ער קומט אין שטאָט קויפן סחורה און פּשוט „כאַפּן” אים. אַז ער פלעגט קומען אין שטאָט, איז ער געװען פאַרנומען „אויף 10 ירידן”. אין דער אַכסניה פלעגט ער זיך אַריינכאַפּן אויף אַ מינוט, אַװעקלייגן די פּעקלעך און אַרויסלויפן װייטער.

צו זיין זיכער, אַז מען װעט אים „כאַפּן”, זענען מיר אַװעק אויף דער אַכסניה 6 אַ זייגער פאַרטאָג, ער איז נאָר־װאָס אויפגעשטאַנען. ער האָט אויסגעהערט מיין מוטער און געזאָגט, אַז זי מוז זיך זען איילן, װאָרום ער דאַװנט נאָר אָפּ און אין 2 שעה אַרום פאָרט ער אַװעק.

װאָס־זשע דאַרף זי טאָן? — קריגן אַ נייעם מעסערל, ערשט פון קראָם, װאָס קיינער האָט נאָך ניט גענוצט, און אַ פרישן עפּל. מילא, אַ מעסערל, װי אַ מעסערל. מיין מוטער איז אַװעק, אויפגעװעקט אַ קרעמערקע און געקראָגן אַ מעסערל. אָבער, װוּ נעמט מען אַן עפּל, אַז עס איז נאָך פרי אין סעזאָן און קיין עפּל זענען נאָך ניט געװען:

האָט מיין מוטער געמוזט אויסזוכן און באַצאָלן 50 קאָפּיקעס פאַר אַן עפּל, אָבער געקראָגן. איז זי מיט ביידע זאַכן געלאָפן אויף דער אַכסניה.

דער שפּרעכער האָט גענומען דאָס מעסערל און פאָרזיכטיק אויסגעשניטן אַרום און אַרום דעם עפּל דעם גאַנצן א״ב, און דערלאַנגענדיק עס מיר, געהייסן אָנבייסן אות נאָך אות, אָנהויבנדיק מיטן ת״ו און גייענדיק אויף צוריק צוקומענדיק צום „אלף”

איך האָב אים געפאָלגט און געטאָן, װי ער האָט געהייסן. און — „גלויבט עס יאָ, צי גלויבט עס ניט” — איך בין אין אַ קורצער צייט אַרום געזונט געװאָרן...

✶

נאַכע דער מלמד האָט געװוינט אויף אָסטראָװער גאַס, װוּ ער האָט „געקנעלט”. אָבער אַזאַ קנעלונג איז דאָס געװען, אַז ער האָט פאַרדינט 30 רובל אַ זמן, איז דאָס שוין געװען אַ גוטער זמן. מערסטנס אָבער איז עס געװען אַרום 20 רובל — צו 3 רובל פון אַ קינד, װייל קיין סך קינדער האָט ער קיין מאָל ניט גענומען.

װער־זשע קען אַזאַ אָרעמאַן? װער עס האָט אים אָבער יאָ געקענט, האָט געװוּסט, אַז דאָס איז געװען אַן איש תם וישר, אַ שטילער ערלעכער מענטש, װאָס האָט געגלויבט באמונה שלמה און געזוכט יעדן טאָג מקיים צו זיין אַזויפיל פון די תרי״ג מצוות, װיפל עס איז נאָר מענטשלעך מעגלעך געװען.

מעגלעך, אפשר צוליב דעם טאַקע, איז ער איין טאָג אין װאָך געװען אומברחמנותדיק צו זיינע קינדער. עס איז געװען שבת. געהאַט האָט ער 2 עלטערע מיידלעך, װאָס האָבן אַ גאַנצע װאָך געאַרבעט אין אַ „מאַסטיערסקאַיע” אַלס שניידערינס. שבת איז געװען דער איינציקער טאָג, װען מען האָט געקענט, אָנטאָן זיך און אויסקוקן אַ ביסל לייטישער, און אפשר טאַקע זיך אויך טרעפן מיט אַ בחור. אָבער, װי אַזוי האָט מען געקענט אויסקוקן לייטישער, אַז שבת — האָט מען ניט געטאָרט פאַרקעמען זיך... בלוט פלעגט זיך גיסן יענעם טאָג אין שטוב... צװיי מיידלעך, װאָס װילן אויסקוקן כאָטש איין טאָג אין װאָך מענטשלעכער, פלעגן דאַרפן אומגיין מיט ניט פאַרקעמטע האָר, װאָס פלעגט זיי שרעקלעך װיי טאָן, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט די העזה צו שטעלן זיך, קעגן דעם אייזערנעם װילן פון פאָטער.

עס געדענקט זיך נאָך אַ ייד פון אָסטראָװער גאַס — יונה דער שדכן. אַ הויכער, אַן אויסגעדאַרטער, שטענדיק מיטן שירעם. געהאַט האָט ער אַ טאָכטער, אַן עלטערע מיידל, און אַ זון אַן אויסגעדאַרטן, װאָס איז שפּעטער געשטאָרבן פון שװינדזוכט. פלעגט מען פון אים לאַכן און רייצן זיך — אונטער די אויגן — אַז זאָל כאָטש דער מענטש באַװייזן אויסצופירן איין איינציקן שידוך — פאַר זיין אייגענער טאָכטער.

✶

נאָך אַ טיפּ איז געװען אַמאָל אין סלוצק, װאָס איז װערט צו געדענקען: עליאָטקע דער גנב. אויסגעקוקט דװקא פיין, לייטיש, מיט אַ באָרד.

איך אַליין האָב אים ניט געקענט. נאָר דערציילט האָט מיר מיין מוטער װאָס איר מוטער האָט איר איבערגעגעבן אַ פּערזענלעכע פּאַסירונג.

געװען איז דאָס אין אַ װינטער־נאַכט. דער װינטער איז דעמאָלט געװען אַ שרעקלעכער, מיט שטאַרקע פרעסט, שטורעמס און זאַװערוכעס. ליגט זי — מיין באָבע — אין בעט און הערט, װי עמיצער גראַבלט זיך אין שטאַל, און די בהמה — דער איינציקער פאַרמעגן, װאָס זי האָט פאַרמאָגט — רייסט זיך און מעקעט שטאַרק. פאַלט איר איין, אַז דאָס מוז זיין אַ װאָלף. דאָס שטיבעלע איז הינטערן שטאָט געשטאַנען, האָט מסתם אַ װאָלף פאַרבלאָנדזשעט און די בהמה

„דערשמעקט". טראַכט זי ניט לאַנג, וועקט קיינעם ניט אויף, כאַפּט די שיך און אַן אַלטן בגד, כאַפּט אַ שטעקן און לויפט אַרויס — אָפּטרייבן דעם וואָלף און אָפּראַטעווען די בהמה.

די בהמה אין שטאַל האָט זי שוין ניט געטראָפן, קיין וואָלף האָט זי אויך ניט געזען, האָט זי גענומען איבערן ווייסן פעלד יאָגן זיך, טאָמער וועט זי אַ סליאַד געפינען. אַ קלייניקייט וואָס אַ בהמה איז געווען ביי אַן אָרעמאַן!..

ווער ווייס, וואָס מיט מיין באָבען וואָלט אין יענער נאַכט געטראָפן. אַ גליק איז געווען, וואָס אַ געדאַנק איז איר אין קאָפּ געקומען: וואָס טוט זי, אַז דער וואָלף וואַרפט אַוועק די בהמה און כאַפּט זיך צו איר?.. האָט זי זיך אומגעקערט צוריק.

אַ גאַנצע נאַכט, פאַרשטייט זיך, האָט זי נאָכדעם ניט גע־שלאָפן, און ווי ס'איז נאָר גרוי געוואָרן אויף צום טאָגן, איז זי מיטן זיידן אַוועק אין שטאַל. קיין צייכן און קיין סליאַד האָט מען אין ערגעץ ניט געפונען — דער שניי האָט שוין פאַרשאָטן.

איז מיין באָבען איינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז עס האָט גאָר קיין וואָלף ניט געמוזט זיין, אַז ניט וואָלטן אין שטאַל געווען צייכנס פון בלוט. וואָס דען? מסתם עליאָטקע דער גנב... האָט זי זיך גלייך אָנגעטאָן און אַוועק צו עליאָטקען.

„ס'טייטש, ר' עליאָטקע", זאָגט זי צו אים: „ווי קומט דאָס צו אייך? שוין גאָר קיין גרעסערע נגידים ניט געפונען צו וועמען צו גיין, ווי נאָר צו מיר?"

צוערשט האָט זיך עליאָטקע געמאַכט תמעוואַטע, געלייקנט שטיין און ביין: ווער? ער ווייס ניט פון וואָס צו זאָגן... נאָר אַז די באָבע איז גוט צוגעשטאַנען צו אים, האָט ער געזאָגט: נו, גוט, דינה־קיילע — „וועסט מיר געבן צען רובל וועסטו קריגן די בהמה צוריק. אַן אַנדערן וואָלט איך זי ניט צוריקגעגעבן אונטער אַ פינפאונצוואַנציקער... אַזאַ בהמה קען מען פאַר קיין פופציק רובל ניט קריגן... נאָר דו ביסט אַן ערלעכע יידענע, איך קען דיך, וועל איך זי דיר אומקערן פאַר אַ צענערל. וואָס? נישט ווערט געווען מיין טרחה אין אַזאַ נאַכט?..."

הכלל, מען האָט זיך געדונגען און געדונגען, ביז זי האָט עס אויסגעדונגען פאַר 5 רובל. האָט זי אים געגעבן די 5 רובל און ער האָט צוריק געבראַכט די בהמה צופירן אין שטאַל.

(אָנמערקונג פון רעדאַקציע: ווי עס גיבן איבער עלטערע סלוצקער אין ישראל האָט ער חזר בתשובה געווען אויף דער עלטער און געפירט אַ אָנשטענדיק לעבן).

*

אַ פּאָר ווערטער וועגן מיין מוטער. פון אַן אָרעמער שטוב האָט זי געשטאַמט, נאָר פון אַ יחוסדיקער פאַמיליע — פון די ראַכמיליעוויטשעס (איר מיידלשער נאָמען איז געווען לאה ראַכמיליעוויטש). אַ מענטש אָן אַ גאַל איז זי געווען, וואָס האָט קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן זיך, נאָר שטענדיק געטיילט זיך מיטן לעצטן גראָשן מיט אַנדערע.

איין איינציקן ברודער האָט זי געהאַט, איטשע, אַן איידעם פון ר' זכריה דעם פּאַלאַשניק, וואָס איז געווען אי אַ למדן, אי אַ קענער. צו עטלעכע און צוואַנציק יאָר האָט ער שוין געשריבן אין „המליץ". מיין מוטער איז געווען זיין באַלע־באָסטע שוועסטער, וועלכער ער האָט געלערנט לייענען און שרייבן און באַקענט איר מיט העכערע ווערטן. מיין מוטער איז טאַקע געווען די אינטעליגענטסטע אין איר משפחה און פון מיין פריער קינדהייט געזוכט מיך צו לערנען סיי יידישע, סיי וועלטלעכע לימודים.

געשטאָרבן איז זי אין ניו־יאָרק, כ"ז סיון, 1951.

*

די אַדוואָקאַטן־פּראָפעסיע, וואָס דאָס האָט אייגנטלעך געמיינט שרייבן פּראָשעניעס, איז, ווייזט־אויס, אין סלוצק געווען אַ היפּשע. איך אַליין קען אָנרעכענען פאָלגנדע נעמען:

ראַטנער, פּערקאַל, רעפּ, טשיפּטשין, באַקאַליאַר און סאָלאָף דער „שרייבער" (אייגנטלעך מער קאָרטנשפּילער, ווי „שרייבער"...).

*

זעלטן ווער עס האָט געהאַט בלויז אַ נאָמען אין סלוצק. מערסטנטיילס איז יעדער איינער באַקאַנט געווען מיט זיין צונעמעניש. אַזוי געדענקען זיך מיר פאָלגנדע:

יודל דער זיידענער — געדינט אין דער „אופּראַווע". געוווינט אויף וויגאָדע.

שמעון דער טריפ'ער — געווען אונטערשמש אינעם שטיבל ביי דער זאַרעצער שול.

איטשע־ניעק (יעלין) — לערער אין דער „יעווריעיסקאָיע אוטשילישטשע", קוים גרעסער פון אַ קאַרליק.

מאַטרענקע דער שוסטער — שפּעטער געהאַט אַ זון אַ דאָקטאָר.

יאָשע גאָן (גאון) דער שניידער.

הערשל ציצקע — אַ רימיזשניק, געוווינט אויף אָסטראָ־ווע.

*

ס'זענען געווען אין סלוצק העברעאישע פאַמיליען־נעמען: עליאשעוו (אלישיב), מגדל, אילה, ילקוט, גבאי, חפץ, שור, אפרת, עפרון, יארחע (ירחה), מאָס (מו"ס), ברכות, מנקר.

# פעסיע שפירא־מעכאניק / נישקע קוואסניקס געסל

סלוצק איז געווען אַ שם־דבר, אַ אַלטע שטאָט מיט גאַסן און געסלעך, אַממערסטן הילצערנע הייזער און שטיבלעך. אויף די הויפּט־גאַסן אויך מויערן, איין און צוויי עטאַזשנע. אַלס קינד פלעג איך אַרומשפּאַנען איבער די לאַנגע גאַסן: זאַרעצער, כאַפּאַשקער, שאָסיינע, קאַפּוליער, אָסטרעווער. זיי פלעגן מאַכן אַ רושם, לאַנג ווי דער יידישער גלות און דאָך ריינע אויסגעברוקירטע. אַ שטענדיקער גערויש, פון וועגענער, בעלי־עגלות, „איזוואָשטשיקעס" מיט זייערע קאַרעטן. עס האָט געקישעט מיט לעבן און אַ פּאַרקער פון גויים, וועלכע פלעגן ציען זיך פון אַרומיקע דערפער האַנדלען מיט די סלוצקער יידן. אונדזער געסל איז געווען אַ קורצע און אַ שמאָלע. אויף רוסיש האָט זי געהייסן „סאָבאָרני פּערעאולאָק", און פאַר אונדז יידן — נישקע קוואַסניקס געסל.

נישקע קוואַסניק איז געווען אַמאָל אַ שענקער, ניסן ראַטנער האָט ער געהייסן, אַ ייד אַ משכיל, אַ חובב ציון, זיינע קינדער האָט ער דערצויגן אין גייסט פון ליבע צו ארץ־ישראל און צו דער העברעאישער שפּראַך. נאָך זיין טויט האָבן געהאַלטן אַ מראַקטיר זיינע זין, באַוווסטע ציוניסטן, משה און אייזיק ראַטנער אין זייער שוועסטער העניע ראַטער. ס'איז כדאי צו באַמערקן, אַז די העניע האָט באַהערשט די העברעאישע שפּראַך. פון איין זייט געסל איז געווען אַ הויכער באַרג מיט גרויסעביימער, הינטער וועלכע ס'איז געשטאַנען דער גרויסער „סאָבאָר קלויסטער". די מאַמע פלעגט דערציילן, אַז אויף דעם פּלאַץ איז אַמאָל איינגעזונקען געוואָרן אַ קלויסטער; זענען געקומען די גויים און אויסגעבויט אויף דעם זעלבן אָרט דעם איצטיקן „סאָבאָר־קלויסטער". בכלל האָט דער קלויסטער געוואָרפן אַ שרעק אויף יידן מיטן שטענדיקן קלינגען פון די גרויסע גלעקער. מענגעס גויים פלעגן זיך שטענדיק ציען אין קלויסטער און שכור'ערהייט האָבן זיי געוואָרפן אַ פּחד אויף די איינוווינער פון געסל. אונדזער שטוב איז געווען נ״ט ווייט פון לאַנגן בריק.

איך געדענק אונדזערע שכנים יידן אין געסל ווי: ר' לייב דער צדיק, גרינוואַלד דער בזכהענדלער און אייגנטימער פון אַ פּ־יוואַטער ביבליאָטעק, פּאָדליפּסקי, מרדכי דער שטומער,



פון רעכטס צו לינקס: פייגל (טאָכטער), דער צווייטער טוביה מעכאַניק (טעוויע דער סטאָליער), די דריטע (פעסיע), 4־טע חנה חיה (מוטער), מלכה און דבשה (טעכטער)

פייוול זעלדעס (דער יאָוון), נחמה די אייזן קרעמערקע, שלום דער מלמד, לייבל קאַראַסיק, משה אהרן דער אייער הענדלער, זעליק קלאָץ דער קירזשנער, נחום דן באַרהאַן דער ראש ישיבה און שרה קושעס. נישקע קוואַשניקס מויער, איז געווען דער איינציקער צווייַשטאָקיקער בנין און צוליב דעם האָט זוכה געווען אונדזער געסל זיך אָנרופן אויף זיין נאָמען און ניט „סאָבאָרני פערעאולאָק״. מיין פאָטער, טוביה (טעוויע) דער סטאָליער, (מעכאַניק) האָט באַשעפטיקט 6 אַרבעטער. ער פלעגט צושטעלן מעבל, בענק און שטולן פאַר שולעס און רעגירונגס־אַנשטאַלטן אין סלוצק. זיין באַציאונג צו די אַרבעטער איז געווען אַ פאָטערלעכע, ער האָט זיך נוהג געווען געבן צדקה מיט אַ ברייטער האַנט און גמילות־חסדים פאַרטיילן צווישן נויטבאַדערפטיקע. ניט פאַר איינעם האָט ער נאָך באַצאָלט חובית אַלס ערב. מיין מוטער חנה חיה איז געווען אַ אשה צדקנית. צוזאַמען מיט שיינע גבאי האָט זי צונויפגעקליבן געלט אויף אַ־ייַנגעבן אַ ספר־תורה אין דער ישיבה. איך געדענק נאָך דעם סיום התורה און וואָס פאַר אַ פרייד און גליק האָט באַהערשט מיין מוטער. ווער איז נאָך געווען גלייך צו איר? אונדזער שטוב איז געווען אַ גרויסע, אויפן הויף האָט מיין פאָטער פאַרפלאַנצט ביימער. געהאָדעוועט היינער און אינדעקעס.

ביי אונדז אין הויף איז געווען אַ סאַזילקע מיט פיש, און אין שטאַל אַ בהמה מיט אַ קעלבל. מיט איין וואָרט — מיין טאַטע איז געווען אַ גוטער בעל־הבית. זומער־צייט פלעגן מיר פאַרדינגען „לאָדקעס״ פאַר די שפּאַצירנדע איבערן טייך.

מיין פאָטער האָט געהאַלטן, אַז די אמתע גאולה וועט זיין מיט משיחס קומען און דאַן האָט ער געבענקט נאָך ארץ ישראל, אַזוי ווי זיין שוועסטער אין דער ארץ־ישראל־דיקע קאָלאָניע קאַסטיניע איז געווען געדריקט, פלעגט ער איר שיקן שטיצע 10 רובל אַ חודש. מיין מוטער איז געווען פאַר ארץ־ישראל בלב ונפש. די פושקע פון קרן־קיימת לישראל איז ביי איר געווען אַזאַ מיוחסת ווי די פושקע פון ר׳ מאיר בעל הנס און די איבעריקע צדקה פושקעס. מיט ציטערנדיקע הענט פלעגט זי אַראָפּלאָזן די צדקה געלט אין אַלע פושקעס און אירע ליפּן פלעגן מורמלען און שעפּטשען: בזכות שבת און ארץ ישראל זאָלן יידן געהאָלפן ווערן און עס פלעגן איר שטיקן טרערן. זי האָט געהאַט פאַרשטענדעניש ווען מיר



יוסף מעכאַניק (געשטאָרבן 1931 אין ניו־יאָרק)

זענען געווען חברות אין צעירי־ציון. „איר וועט נאָך זוכה זיין לעבן און בויען אונדזער הייליק לאַנד״. פלעגט זי זאָגן. מיין ברודער יוסף ע״ה, וואָס איז געשטאָרבן אין אַמעריקע, איז געווען די ערשטע יאָרן פון דאָזיקן יאָרהונדערט אַ טעטיקער און אַ איבערגעגעבענער ציוניסט אין סלוצק, און האָט גע־הערט צו דעם קרייז פון „קדימה״.

מיין מאַמעס ברכה איז מקויים געוואָרן. מיר האָבן זוכה געווען נעמען אַ אָנטייל אין בנין הארץ.

## מ. ל. גארין / אַ שריפה

איך געדענק, כאָטש איך בין געווען אַ קינד פון 6 יאָר, דעם דאָזיקן פייער.

עס איז געווען אַ וואָך נאָך פסח, אין אַ שיינער קלאָרער, אויסגעשטערנטער נאַכט, די פאַגאָדע איז געווען אַ לויטערע, אַ טרוקענע, אַ קלאָרע, מיין מוטער ע״ה האָט מיך אויפגעוועקט פון שלאָף אַרום 2 אַזייגער פאַרטאָג.

— קוק, זע, עס ברענט!

דורכן פענצטער האָב איך געזען ווי דער הימל איז רויט. פונקען, האַלעוועשקעס, פליען אין דער לופטן, פאַלנדיק אויפן דאַך פון אונדזער הויז. די מאַמע מיט די ברידער און שוועס־טער זענען געווען טעטיק, צונויפבינדן, צוזאַמען נעמען דאָס בעטגעוואַנט, אַלע שטוביקע זאַכן און אַרויסטראָגן זיי אויפן גאַס. איך האָב זיך אָנגעטאָן, אַרויס אין דרויסן און דאָרטן האָט געהערשט אַ בהלה. אַלע שכנים זענען געווען פאַרטאָן אין פּאַקן זיך. שלעפּנדיק גרויסע קופערטס, קאַסטנס, פעקלעך, אַרויף־צו אין דעם אָפענעם פעלד. ווייבער האָבן געיאָמערט, געשריען, קינדער האָבן געוויינט און די מענער זענען געווען פאַרטאָן אין ראַטעווען אַלץ וואָס מעגלעך פון זייער אייגנטום. כאָפּנדיק פון צייט צו צייט אַ בליק אויף דעם „רויטן האָן״, זיין הייסער אָטעם האָט זיך געלאָזט הערן שוין גאָר נאָענט.

דערבייאיקע הייזער האָבן זיך גיך אָנגעצונדן, און באַלד האָט אונדזער הויז שוין אויך אָנגעהויבן ברענען. די קינדער האָט מען אַוועקגעפירט ערגעץ ווייט אויפן שאָסיי אין אַ הויף. פון דאָרטן האָב איך געזען די שרעקלעכע טראַגעדיע: „סלוצק ברענט״!

ווען די זון איז אויפגעגאַנגען האָט זיך דאָס פייער איינ־

געשטילט. נאָכמיטאָג ווען איך בין מיט מיין עלטערער שוועס־טער געגאַנגען זעען אונדזער גאַס, איז זי נאָך געווען איינגע־וויקלט אין פלאַמען און רויך. דאָס הויז איז שוין ניט געווען, אָפּגעברענט ביזן גרונט, און אונדזער פאַמיליע האָט זיך געמוזט אַריינציִען אין הויז פון אונדזערן אַ קרוב, זיך דאָרטן געוואַלגערט מאָנאַטן לאַנג.

די ענגשאַפט איז געווען גרויס. 3—4 פאַמיליעס פלעגן וווינען אין אַ הויז פון 5—6 צימערן. פיל פאַמיליעס זענען געבליבן דאַכלאָז, היימלאָז. זיי האָבן פאַרנומען ווינקלעך אין פאַליש פון די שולן. — די „מוראוואנקעס" פון דער „קאַלטער שול" האָבן אַ לאַנגע צייט געהאַט פאַר (שכנים) אַריבער 50 פאַמיליעס, מיט זייערע קינדער און בעבעכעס.

נאָך דער שריפה

מיט גרויסע שוועריקייטן און מיט דער הילף פון אַמע־ריקע, און אַנדערע שטעט און לענדער, האָט די שטאָט צו ביסלעך צוריקגעבויט אירע חורבות. אַנשטאָט די נידעריקע איינגעבויגענע הייזער, האָבן זיך אויפגעשטעלט שורות נייע הייזער. פיל מויערן פון ציגל און אייזן פון 2—3 עטאַזשן זענען אויפגעשטיגן, עס האָט דערגרייכט אַפילו צום צענטער פון סלוצקער אַרעמקייט — „אַמעריקע"־גאַס.

„נאָך אַ שריפה ווערט מען רייך", האָט זיך געוויצלט דער גרייז־גרויער, אַרטשיק דער שענקער, אַ ייד אַ למדן, מיט אַ הדרת פנים און אַ לאַנגער, גוט־פאַרקעמטער באָרד, וועלכער האָט אויף זיין אַלטן אָפּגעברענטן פלאַץ אויפגעבויט אַ מויער מיט אַ טיפן סקלעפּ און מאָדערנע איינריכטונגען.

פיל מי, שוויס און הארץ־רייסעניש האָט געקאָסט מיין מוטער דער אלמנה, ביז וואַנען אונדזער ניי הויז איז פאַרטיק געוואָרן און מיר האָבן זיך אין איר אַריינגעצויגן.

אין דער צייט פון איבערבוי האָט מען אויסגעברייטערט די גאַסן, איינציקע אויך אויסגעפּלאַסטערט מיט שטיינער, אויסגעגראָבן נייע, בעסערע ברונעמער, פאַרשאָטן די בלאָ־טעס. — בקיצור, אַ טייל פון דער נייער, איבערגעבויטער סלוצק, האָט באַקומען אַ נייעם, שענערן אויסזען.

## יהודית סימוואל / ס׳ברענט!

דעם יאָר געדענק איך ניט. „פאַזשאַר! פאַזשאַר"! — דערטראָגן זיך געשרייען איבער דער גאַנצער שטאָט. איך בין נאָך דאַן געווען זייער קליין, ווייל מ׳האָט מיך נאָך געטראָגן אויף די הענט צו אַנטלויפן פון פייער. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און געעפנט די אויגן, האָב איך גע־זען פלאַמען דורך די לאָדן. אַ סימן, אַז דער פאַזשאַר איז נאָענט פון אונדז. די מאַמע מיטן טאַטן זענען שוין אויף, מ׳קלויבט די קינדער און מ׳ציילט זיי 4, 5, 6. די מאַמע איז שטאַרק צעטומלט, זי זוכט נאָך קינדער, ווו איז רייזל ווו איז העניע? מאַמע! דאָ בין איך, — שרייען אַלע קינדער, די קליינע קינדער נעמט מען אויף די הענט, די גרעסערע האַלטן דער מאַמען פאַרן קליידל, ווייל אַלע קינדער זענען נאָך געווען גאַנץ קליין, איידער מיר גייען אַרויס פון שטוב שרייט נאָך די מאַמע צום טאַטן: לויף אין שטאַל בינד אָפּ די בהמה, טרייב זי אַרויס!

ווען מיר זענען אַרויס פון שטוב, געדענק איך ווי היינט, האָב איך דערזען אַ רויטע וועלט. די לופט איז געווען אָנגע־פילט מיט רויך. מיר זענען געגאַנגען צום פעלד, די גאַס איז געווען פול מיט מענטשן, דער איז געקומען העלפן, דער — ראַטעווען עפּעס פון דער שריפה און נאָך איינער איז געלאָפן מיט אַן עמער וואַסער העלפן די פאַזשאַרניקעס לעשן דעם פייער. אַנדערע זענען געלאָפן מיט קינדער אויפן פעלד אַזוי ווי מיינע עלטערן. גוטע מענטשן האָבן אָפּגעראַטעוועט עטלעכע קישנס און פּערענעס פון אונדזער שטוב און געבראַכט עס צו אונדז אויפן פעלד, צעלייגט אונדז און איינגעדעקט. אַלעס איז אַוועק מיטן פייער, אַ האַלבע שטאָט האָט אָפּגעברענט, מיר זענען געבליבן הויל און נאַקעט, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. אויף מאָרגן אינדערפרי האָט מען אונדז אַריינגענומען אין די שולן, וואָס זענען צופעליק ניט פאַרברענט געוואָרן. יעדע פאַמיליע האָט באַקומען אַ ווינקל צווישן צוויי בענק. עסן האָט מען צוגעשיקט פון שטאָט און פון די אַרומיקע שטעטלעך. איך געדענק אַז מיטאָג האָט מען געקאָכט אין אַ גרויסן קעסל, אַ קרופּניק פון גרויסע פּערלגרויפּן, אין וועלכן עס האָבן אַרומ־געשווומען עטלעכע שטיקלעך שמאַלץ. אַ פּאָר טעג האָבן מיר זיך געוואַלגערט ביז מיינע עלטערן האָבן געדונגען אַ דירה אויף זאַרעצער גאַס.

## פאלקלאר

איינמאָל איז צום סלוצקער רב ר׳ יעקב דויד (דער רידב״ז) געקומען צו גאַסט דער לידער רב ר׳ יצחק יעקב ריינעס, דער גרינדער פונעם „מזרחי", און איז ביי אים איינגעשטאַנען. איז צו אים אַריינגעקומען אַ דעלעגאַציע פון יונגע סלוצקער העברעער־ציוניסטן (צווישן זיי הילל דובראוו און י. ד. בערקאָוויטש) מקבל פּנים זיין אים און אָפּגעבן כבוד, און האָבן גערעדט מיט אים אויף לשון־קודש. איז אַרויסגעשפּרונגען פון אַ זייטיקן חדר דער בעל־הבית, ר׳ יעקב דויד בכבודו ובעצמו, אין אַ רויטן זיידענעם כאַלאַט, און שטיפעריש־פריילעך אַ געשריי געטאָן: „שקצים, גאָוואָריטיע פאָ־רוססקי!" דאָס הייסט: שקצים, רעדט רוסיש!... דערביי האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט אַקעגן די לשון־קודשדיקע שקצים און האָט פאַר זיי איבערגע׳חזר׳ט אַ ציוניסטישע דרשה, וואָס ער האָט געהאַלטן אין שיקאַגאָ אויף זיין נסיעה איבער אַמעריקע. די דרשה האָט זיך אָנגעהויבן מיטן פּסוק: „רני עקרה לא ילדה..."

# באַוועגונגען און פּאַרטייען

## ש. מנחם / די ציוניסטישע באַוועגונג אין סלוצק

אין דעם פּעריאָד פון „חובבי ציון", איידער ס'איז געגרינדעט געוואָרן די ציוניסטישע באַוועגונג דורך ד"ר הערצל, זענען אין סלוצק געווען איינצלנע פּערזאָנען, וועלכע האָבן זיך אינטערעסירט מיט דער פראַגע פון ישוב ארץ ישראל. צווישן זיי איז כדאי דערמאָנען דעם באַוווּסטן דרדקי־מלמד און ביבליאָטעקאַר ר' פּסח קאראַן (פּסח עזרא'ס). אַלע ערב יום־כפור פלעגט ער צושטעלן קערות אין אַלע שולן און בתי־מדרשים פאַר ישוב ארץ־ישראל.

נאָכן ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס אין יאָר 1897, האָט זיך געגרינדעט אין סלוצק אַן אגודה „בוני ציון", — בראש פון וועלכער ס'איז געשטאַנען אַ געוויסער ד"ר מעלצער, וועלכער האָט פּראַקטיצירט אַ קורצע צייט אין סלוצק. די אויפגאַבע פון דער דאָזיקער אגודה איז באַשטאַנען בלויז אין פאַרשפּרייטן אַקציעס פון קאָלאָניאַל באַנק, שקלים און שפּעטער מאַרקעס פון „קרן־קיימת".

די ציוניסטישע יוגנט אַלס טייל פון דער אויבנדערמאָנטער אגודה איז געווען אומצופרידן מיט דער באַגרענעצטער טעטיקייט. זיי האָבן געשטרעבט צו פאַרשפּרייטן יידישע קולטור, העברעאיש, גרינדן אַ קלוב און אַ ביבליאָטעק. אין 1900 איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג אין דער אגודה און ס'איז געגרינדעט געוואָרן אַ מער פּראָגרעסיווע אגודה מיטן נאָמען „קדימה", בראש פון וועלכער איז געשטאַנען דער באַוווּסטער העברעאישער לערער הלל דובראַוו. צו אים זענען צוגעשטאַנען: אַ יונגער טאַלאַנטפולער רעדנער אהרן סינגאַלאָווסקי (מיט דער צייט איז ער באַוווּסט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון „אָרט"), י. ד. בערקאָוויטש, אברהם עפּשטיין, מאיר וואַקסמאַן (שפּעטער באַרימטע שריפטשטעלער) און אַנדערע.

לויט דער איניציאַטיוו פון דער אגודה „קדימה" איז געגרינדעט געוואָרן די „טשאַינע", אַ באַוווּסטער ציוניסטישער קלוב און לעזע־זאַל, און דערביי די ערשטע געזעלשאַפטלעכע ביבליאָטעק אין סלוצק אויף העברעאיש, רוסיש און יידיש. אויך האָבן זיך געעפנט אָוונט־קורסן אויף לערנען העברעאיש און רוסיש די יונגע תלמידים פון די ישיבות.

די ציוניסטישע יוגנט (פון ביידע געשלעכטן) האָט זיך אויסגעצייכנט מיט לעבהאַפטער טעטיקייט און אידעאַלן. נאָכן קעשינאָווער פּאָגראָם איז אַדאַנק דער איניציאַטיוו פון דער ציוניסטישער יוגנט געגרינדעט געוואָרן אַ זעלבסט־שוץ־אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער עס זענען נאָכדעם צוגעשטאַנען פאָרשטייער פון אַלע שיכטן פון דער סלוצקער יידישער באַפעלקערונג.

אין יענע יאָרן האָט זיך געגרינדעט אין סלוצק אַ קרייז פון „פּועלי ציון" לויט „מינסקער טאָלק". ביידע זייטן פון שאָסיי זענען געווען פאַרנומען אין די אָוונטן, אין שבתים און ימים טובים מיט די מאַסן פון סלוצקער יידישן פּראָלעטאַריאַט, — פון איין זייט דער „בונד", ס.ד., ס.ר. און פון דער צווייטער זייט „פּועלי ציון", ס. ס. און אַז"ו. עס פלעגן פאָרקומען פאַרזאַמלונגען און דעבאַטן, וועלכע האָבן זיך געענדיקט אָפט מיט רייסערייען און געשלעגן. ביידע פיינטלעכע לאַגערן, האָבן גאַנץ גוט אָרגאַניזירט שטרייקן צווישן די אַרבעטער.

נאָכדעם ווי עס איז פאַרבאָטן געוואָרן אָפיציעל, דורך דער צאַרישער רעגירונג דער ציוניזם, איז פאַרמאַכט געוואָרן די ציוניסטישע „טשאַינע" אָבער די ביבליאָטעק האָט פאָרגעזעצט איר טעטיקייט אַ לאַנגע צייט.

נאָך דעם דורכפאַל פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע אין יאָר 1905—6 איז אין אַלגעמיין אָפּגעשוואַכט געוואָרן די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון דער יוגנט בכלל, און בפרט די ציוניסטישע. און סלוצק איז ניט אָפּגעשטאַנען פון דעם אַלגעמיינעם שטראָם, וועלכער איז בעאיינפלוסט געוואָרן פון די נייע טענדענצן אין דער רוסישער ליטעראַטור, איבער־



**עקזעקוטיוו קאָמיטעט פון „בוני־ציון" אין 1900.**

זיצן פון רעכטס צו לינקס: 1) זאַבין, 2)..., 3) אייזיק ראטנער, 4) ד"ר מעלצער, 5) שמריהו ביילין, 6) אַדוואָקאַט ראַטנער, 7) שייקעוויטש, 8)... שטייען: 1) אברהם, זון פון קדיש־בער עפּשטיין, לערער און שרייבער, 2) לייב סאַדאָווסקי, 3) ד"ר זונין, 4) משה ראַטנער, 5)..., 6) הלל דובראָוו, 7) אברהם זון פון משה יחיאל עפּשטיין, 8) פיינבערג.

הויפט פון אַרציבאַשעווס „סאנין" און אַנדערע. די יוגנט האָט זיך אָפּגעגעבן מיט עולם־הזה־פאַרווייַלונגען. סאָלאָמיאַקס קאָנדיטערייַ איז שטענדיק געווען איבערפולט מיט טראָמפּאַטעל קרייזן, חי געלעבט!

אַזוי האָט זיך עס געצויגן עטלעכע יאָר ביז די יוגנט האָט דערוואַכט און איז געוואָרן אויף דאָס ניי אידעאַליסטיש מער אָדער ווייניקער. דאַן האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ נייע באַוועגונג צווישן די אַלגעמיינע ציוניסטן און די יוגנט האָט זיך גרופּירט אַרום דער נייער באַוועגונג, „צעירי־ציון".

אין שפּיץ פון די אַלגעמיינע ציוניסטן אין סלוצק איז געשטאַנען דער נגיד און גרויסער כלל־טוער לייבוש גוטצייט. זייער טעטיקייט איז באַשטאַנען אין שטעלן קערות פאַר ישוב ארץ ישראל, פאַרקויפן געהיים שקלים צו ציוניסטישע קאָנגרעסן, דורכפירן רעפעראַטן און לעקציעס וועגן נאַציאָנאַלע און ציוניסטישע פּראָבלעמען. פון די אַלגעמיינע ציוניסטן זענען געווען באַרימט: דער שוחט ר' אלתר מהרשק, די העברעאישע לערער חאזאנאוויטש, שווידל, גוטצייט, בערגער, ציפּצין דער אפטייקער, דער אַלטער איטשע פיינבערג, די אַפּטייק־קרעמער שייקעוויטש, כרמין און אַנדערע.

צעירי־ציון האָבן אַנטוויקלט אַ קולטורעלע און פּאָליטישע טעטיקייט. איבערהויפּט אָרגאַניזירט קרייזן צווישן די שילער פון מיטל־שולן, לערנען זיי ציוניזם און העברעאיש. אברהם יצחק שפּילקין איז געווען איינער פון די הויפּט־פירער. זיין עלטערנס הויז — האָט געדינט אַלס צענטער פאַר אַ געהיימער טעטיקייט. אויסער אים זענען געווען אַקטיוו עפּשטיין, דעם ציין דאָקטאָרס זון סאשע, די טאָכטער דאניע, שמואל נוח גאָלדבערג, צבי ראַזראַן (איצט פּראָפעסאָר אין ניו־יאָרק) אפּעלסין, לאנדע, חיניץ, מוסיע הרכבי מיט אירע 2 ברידער, מלינסקי, לייבוש גוטצייטס זון יאשע, גבאי, און אברהם טשערניכאוו.



**„צעירי־ציון" אין 1917**

ערשטע שורה (**אונטן**) פון רעכטס צו לינקס: 1) שלום שפּילקין, 2) אליהו אַלטמאַן, 3) דוב שעפּטעל, 4) עשקע לעוו. צווייטע שורה (**זיצן**): חברה אראנבוים, אברהם טשערניכאוו, 3) אברהם יצחק שפּילקין, 4) מלינסקי, 5) משה הארקאווי, 6) מוטיע פיימער־מלמד.
דריטע שורה (**שטייען**): 1) ליפּע יום־טוב גבאי, 2) חיה רחל טאַראַסאָווא, 3) מוסיע הארקאווי־קאצענעלסאן, 4)...,
5) חיים משה אפּעלסין, 6) שמואל נוח גאָלדבערג, 7) דוד ניימאַרק, 8) שמריהו באַרהאן, 9) פאניע קרעפּך.

שווערע צייטן זענען אָנגעקומען פאַר סלוצקער איינוווינער אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1915, ווען די שטאָט איז געווען נאָענט צום פראָנט און איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט פליכטלינגע (בעזשענצעס).

יידישע סאָלדאַטן אין רוסישן מיליטער זענען געווען ציוניסטיש געשטימט און גערן האָבן זיי באַזוכט פאַרזאַמלונגען.

צו דער אַלרוסישער ציוניסטישער קאָנפערענץ אין פּעטראָגראַד, האָט סלוצק געשיקט פינף דעלעגאַטן.

צו די וואַלן צום שטאָט־ראַט איז פאָרגעקומען אַ קאַמף צווישן די ציוניסטן און דעם בונד, וועלכער האָט זיך דאַן פאַראייניקט מיט ס. ד. און ס. ר. עס זענען אויסגעקליבן געוואָרן 23 יידן, פון זיי 7 ציוניסטן, 6 בונדיסטן, 10 נייטראַלע יידן און 8 קריסטן.

אין יענער צייט האָט זיך געגרינדעט אַ אָפּטיילונג פון דער עקסטרעמער אָרטאָדאָקסישער אגודת ישראל.

ווען ס'האָט זיך געעפנט אין שטאָט אַן אָפּטיילונג פון „אזע" זענען די בונדיסטן געווען קעגן, מאָטיווירנדיק, דאָס די אויפגאַבע פון דער קהילה איז צו היטן בלויז קולטורעלע ענינים, אָבער אין אַלגעמיינע ענינים, דאַרף זיין פאַראייניקט די גאַנצע באַפעלקערונג אָן אונטערשייד פון גלויבן.

נאָך קערענסקיס רעוואָלוציע האָבן זיך אויך באַטייליקט אין דער אַלגעמיינער שטאָטישער דעמאָנסטראַציע צעירי ציון, קאָנצענטרירנדיק זיך אַרום אַ יידישן סאָלדאַט, אין וועמענס האַנט האָט געפלאַטערט אַ בלוי־ווייסע פאָן מיט אַן אויפשריפט אין רוסיש און העברעאיש: „ערד און פרייהייט".

אויך נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען.

נאָך דער פּוילישער אָקופּאַציע איז די ציוניסטישע טעטיקייט שטאַרק באַגרענעצט געוואָרן, און דאָך האָט זיך דאַן געעפנט אין שטאָט אַ העברעאישע שולע מיטן נאָמען „תרבות".



פון רעכטס צו לינקס: 1) עזריאל נעקריטש (שלו), 2) ברוך ליפּשיץ, 3) יהודה סקאקאלסקי, 4) קרייניע מאהאוושאק, 5) צבי האַזאַנאָוויטש (הגבעתי).

אין זאַל פון דער דאָזיקער שולע זענען אָפט פאָרגעקומען פאַר־שיידענע פאַרזאַמלונגען.

אין 1920 האָט אַ גרופּע סלוצקער יוגנט עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

לויטן ריגער אָפּמאַך האָט דאָס פּוילישע מיליטער אָפּ־געטראָטן פון סלוצק און אַזוי איז געלונגען אַ גרופּע פון צ״צ צו פאַרלאָזן די שטאָט. אַ טייל איז אַוועק קיין ארץ־ישראל און אַ טייל האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע.

אונטער דער סאָוועטן מאַכט, אָנהייבנדיק פון 1920, האָט זיך געבילדעט אין סלוצק אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע פון יונגוואַרג, וועגן וועלכער עס באַשרייבט אויספירלעך אין העברעאיש חאזאנאוויטש.

דעם 12־טן מערץ 1923 זענען אַרעסטירט געוואָרן אין סלוצק פינף ציוניסטן, 4 פון זיי פון „הנוער", „קדימה", דער פינפטער — דער פּראָפּאַגאַנדיסט צווישן דער יוגנט — ע. נעקריטש.

זייער משפט איז פאָרגעקומען אין 1923, אין זאַל פון שטאָטישן טעאַטער.

לויטן פסק־דין זענען די יינגסטע באַשולדיקטע באַפרייט געוואָרן. אַ חבר׳טע איז פאַרמשפט געוואָרן אויף אַ חודש אַרעסט און דער פינפטער אויף אַ יאָר טורמע.

אויספירלעך וועגן דעם איז באַשריבן אין דער העברעאי־שער אָפּטיילונג.

**משה טולמאן** ניו־יאָרק /

# די אנטשטייאונג פון „בונד" און זיין אונטערגאנג

אין די לעצטע יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט איז סלוצק נאָך געווען זייער אַ אָפּגעשטאַנענע שטאָט, אָפּגעריסן פון דער וועלט און אָן אַ אייזנבאַן, האָט סלוצק געהאַט גאָר שוואַכע פּערספּעקטיוון צו אַנטוויקלען זיך עקאָנאָמיש. די באַפעלקערונג, מערסטנס אַ יידישע, האָט געלעבט פון קליין־האַנדל. ס׳האָבן אויך עקזיסטירט אין שטאָט קליינע וואַרשטאַ־טן, וועלכע האָבן פּראָדוצירט פאַר די באַדערפעניש פון דער באַפעלקערונג. פיל וואַרשטאַטן האָבן אויך באַשעפטיקט אַר־בעטער. אַ גרויסער טייל פון דער באַפעלקערונג האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע און מיטגענומען זייערע קליינע און דערוואַק־סענע קינדער. די איבערגעבליבענע האָבן געהאַט גרויסע שוועריקייטן זיך איינצואָרדענען.

די קינדער פון אַרבעטער און בכלל פון אָרעמע עלטערן, האָבן זיך געלערנט אַ פאַך און געוואָרן אַרבעטער אין די שטאָטישע וואַרשטאַטן. זיי פלעגן אַרבעטן ביי זייער שווערע באַדינגונגען און נאַטירלעך געווען ניט שטאַרק באַגייסטערט פון זייער שטאַנד און לאַגע.

קינדער פון ניט־אַרבעטער האָבן טיילווייז זיך גענומען צום האַנדל, אָבער מערסטע טייל פון דער יוגנט האָבן זיך גענומען צום שטודירן און זוכן בילדונג, האָפנדיק צו דער־שלאָגן זיך צו עפּעס דורך דעם.

די ישיבה האָט צוגעצויגן די, וועלכע האָבן געזוכט אַ רעליגיעזע דערציאונג אָדער אַ קאַריערע. מאַנכע האָבן זיך אויך גענומען לערנען העברעאיש, ווי אברהם עפשטיין, הלל דובראווו, י. ד. בערקאָוויטש און אַנדערע, דערביי אַגיטירט פאַרן קיין פאַלעסטינע.

אָבער דער גרעסטער טייל פון דער יוגנט האָט זיך גע־לערנט רוסיש און וועלטלעכע לימודים. די רעגירונגס־שולע פאַר יידישע קינדער און די שטאָטישע גימנאַזיע האָבן זייער פיל געלייסטעט און געהאָלפן דער יוגנט דערגרייכן זייער ציל. מ׳האָט געלערנט און פיל געטראַכט וועגן פערזענלעכע און אַלגעמיינע יידישע אינטערעסן.



משה טולמאן

די מער געבילדעטע זענען געפאָרן אין די גרויסע רוסישע שטעט. נאָר קיינמאָל האָבן זיי אָן סלוצק ניט פאַרגעסן און גאַנץ אָפט פלעגן זיי באַזוכן סלוצק און קומען אין באַריירונג מיט איר לעכצענדער יוגנט. אַזוי האָבן אונדז באַזוכט אייניקע מאָל מערקע ראַטנער, בערל ראַבינאָוויטש — ראובקע דעם מלמד׳ס אַ זון; זאַמע וועגדראַוו — אַ שטאָטישן שוחט׳ס אַ זון, בראָנשטיין (דוכט זיך מיר — שפּעטער — דער קאַזיאָנער ראַבינער פון סלוצק), און דער ניט־ייד — אוטשאַפּאָווסקי, אַ קינד פון אַ זייער ליבעראַל הויז אין סלוצק, וועמענס פאָטער איז געווען אַ סודיאַ (אַ ריכטער) אין שטאָט.

אָט די אַלע זענען געווען פריערדיקע סלוצקער סטודענטן וואָס האָבן זיך צעשפּרייט איבער די רוסישע אוניווערסיטעטן אין מאָסקווע און פּעטערבורג, באַזוכנדיק זייער געבורטס־



**דער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט אין סלוצק אין 1905**

פון רעכטס צו לינקס: (זיצן) — גרישא, דער סטודענט ושיזמער און באָרים.
פון רעכטס צו לינקס: (שטייען) — א. ראָוויטש און געצאף.

שטאָט, פלעגן זיי צוציען אונדז, די מער־ווייניק געבילדעטע און אינפאָרמירט אונדז וועגן דעם לעבן אין די גרויסע שטעט. גלייכצייטיק דערציילט וועגן די שטרעבונגען און שטרעמונגען פון רעוואָלוציאָנערן און פון פאַרשיידענע לאַזונ־גען פון פרייהייט און גלייכבאַרעכטיקונג.

זייענדיק מיטגלידער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער גרופּע, האָבן זיי געוויינלעך אונדז איבערגעגעבן מיט גרויס ענטוזיאַזם דעם פּראָגראַם פון זייער פּאַרטיי וואָס זי האָט צו זאָגן וועגן עקאָנאָמישע פּראָבלעמען, און דערווייל אויפ־געקלערט אונדז וועגן סאָציאַליזם, מאַרקסיזם און דערביי געגעבן אונדז אומלעגאַלע ליטעראַטור־העפטן וועגן די אַלע פראַגן און זייערע לייזונגען.

זייערע רייד האָבן געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק, איבער־הויפּט אויף אונדז יידישע קינדער, וועלכע זענען געווען באַ־גרענעצט דורך די „אויסנאַם־געזעצן" קעגן יידן אויף טריט און שריט, האָט זייער פּראָפּאַגאַנדע געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג.

„צו וואָס טראַכטן וועגן פאָרן קיין פּאַלעסטינע, ווי די ציוניסטישע פאַנטאַזיאָרן פרעדיקן, ווען אונדזער וועג איז דער פּראַקטישער צו לייזן די יידישע פראַגע".

„דער סאָציאַליזם וועט פאַרענטפערן אַלע עקאָנאָמישע פּראַגן און די נייע אָרדענונג וועט פאַרענדיקן אַלע יידישע צרות".

גראַדע איז אין יענער צייט (אין יאָר 1901 אָדער 1902, בערך), געקומען קיין סלוצק דער באַוווסטער יידישער רעוואָ־ליוציאָנער א. ליטוואַק (פסעוודאָנים פון חיים יענקל העל־פאַנד), אַ ווילנער ייד וועלכער איז געווען אַ נכתב אין סלוצק. ער האָט אונדז איבערגעגעבן און דערקלערט, אַז די רוסישע ס. ד.־פּאַרטיי האָט אַ ספּעציעלן קאָמיטעט, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט אַ גרויסער טעטיקייט צווישן די יידישע אַרבעטער אויף דער יידישער שפּראַך. אַזוי ווי די מערסטע פון זיי האָבן ניט געקאָנט קיין רוסיש, האָט די פּראָפּאַגאַנדע אין יידיש געהאַט אַ גרויסע ווירקונג אויף די יידישע אַרבעטער.

א. ליטוואַק האָט פאַררופן אַ קליינע פאַרזאַמלונג אויף וועלכער ס׳זענען געווען אַנוועזנד עטלעכע אינטעליגענטע ניט־אַרבעטער און אויך אַ קליינע צאָל יידישע אַרבעטער, וועלכע מיר האָבן גוט געקענט און געוווסט, אַז מ׳קען זיך אויף זיי פאַרלאָזן. צווישן זיי איז דאָן אויך געווען אַ באַברויס־קער שניידער (זיין נאָמען געדענק איך ניט), וועלכער האָט זיך באַזעצט אין סלוצק און גאַנץ שטאַרק פאַרגעזעצט זיינע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייטן. ליטוואַק האָט אויף אונדז משפיע געווען, אַז מיר זאָלן זיך נעמען ציציען די סלוצקער יידישע אַרבעטער צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. ער האָט אונדז צוגעזאָגט שיקן אומלעגאַלע יידישע ליטעראַטור, ־פּראָק־לאַמאַציעס, רעוואָלוציאָנערע לידער און אויך פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָנערן און ליטעראַטן פון צייט צו צייט. מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט און אָרגאַניזירט אַ קליינעם קרייז פון יידישע אַרבעטער.

אויף די פאַרזאַמלונגען האָבן מיר מיט זיי אויך גערעדט און פאַראינטערעסירט זיי אין דער רעוואָלוציאָנערער באַווע־גונג און אין אַלגעמיינע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע פּראַגן. עטוואָס שפּעטער האָבן מיר מיט זיי אויפגענומען דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן פּראָגראַם, זיינע אויפגאַבן און שטרעבונגען. אונדזערע פאַרלעזונגען, דיסקוסיעס און די באַקומענע ליטע־ראַטור פון מינסק האָבן געהאַט די געהעריקע ווירקונג. די צאָל פון אָנטיילנעמער האָט געהאַלטן אין שטייגן און וואַקסן. ווען די אָרגאַניזאַציע האָט דורך קליינע שטרייקן אָנגעהויבן פאַר־בעסערן די עקאָנאָמישע באַדינגונגען פון אירע מיטגלידער, האָט די מערהייט פון די שטאָטישע יידישע אַרבעטער זיך אָנגעשלאָסן אין אונדזער באַוועגונג. אַ פּאָר יאָר שפּעטער, ווען ס׳איז אין די רייען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אויפגענומען געוואָרן די פראַגע פון דער „יידישער קולטור אויטאָנאָמיע" אין צוקונפטיקער באַפרייטער רוס־לאַנד, און די יידישע גרופּע, אָדער די „זשאַרגאָנישע", ווי דאָס האָט ביז דאָן געהייסן, איז דורכגעאויס אויף דעם באַשטאַנען און צוליב דעם געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע פּאַרטיי אונטערן נאָמען „בונד", איז גלייך אונדזער סלוצקער אָרגאַניזאַציע געוואָרן אַ טייל פון דער נייער פּאַרטיי. פירער פון „בונד" פלעגן אונדז באַזוכן און אויך אַדרעסירן אונדזערע פאַרזאַמ־לונגען. דורך דער צייט האָט די באַוועגונג געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אויף אַלע אונדזערע מיטגלידער און נאָכפאָלגער. דער גרונט־פּרינציפּ פון סאָציאַליזם און מאַרקסיזם, וועלכער באַ־הויפּטעט, אַז דער אַרבעטער־קלאַס וועט דורכפירן די פּאָליטי־שע און עקאָנאָמישע ענדערונגען און וועט איינשטעלן גערעכטיקייט פאַר אַלעמען, האָט געשטאַרקט זייערע האָפענונ־



**אַ רעוואָלוציאָנערע מאַניפעסטאַציע אין סלוצק 1905 יאָר**
דער אָנפירער אין פראָנט איז יחיאל ראַוויטש. (חייקע מייזלס ברודער)

גען פאַר דער צוקונפט און האָט זיי אויך געמאַכט פיל שטאָלצער אין זייער זאָפאָרטיקן צושטאַנד.

אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט אויך געהאַט אַ האַנט אין באַקעמפן פראַקטיש דעם אַנטיסעמיטיזם און דאָס האָט אונדז פאָפולער געמאַכט און געהויבן אונדזער פרעסטיזש.

די שטענדיקע געפאַר פון פאָגראָמען האָט אונדז געצוווּנגען צו שאַפן אַ ספעציעלע גרופע פון שטאַרקע און מוטיקע מענטשן, אַרבעטער אָדער ניט אַרבעטער, פאַר פאַרטיידיקונגס צוועקן. די רוסישע חוליגאַנעס אין שטאָט האָבן שטענדיק געזוכט אָנרייצן די פויערים פון די אַרומיקע דערפער אין די טעג פון יאַרידן (ירידים) קעגן יידן, זיי פלעגן אַרויסרופן געשלעגן אַלס אָנפאַנג צו אַ פאָגראָם. אונדזער פאַרטיידיקונגס־גרופע האָט זיי געוואָרנט, אַז מיר וועלן זיך מיט זיי אָפרעכענען אויב זיי וועלן פאָרזעצן זייער טאַקטיק. אין די יאַרידן־טעג, פלעגן די מיטגלידער פון דער גרופע זיין אויף דער וואַך. איך דערמאָן זיך אַ עפיזאָד, וואָס האָט אונדז ספעציעל אויפגעהויבן אין די אויגן פון די שטאָטישע יידן. צופעליק האָט אַ קאָזאַקן־אָפטיילונג זיך פאַרהאַלטן ביי סלוצק איבערצונעכטיקן. ווען ס'איז געוואָרן פינצטער האָבן אייניקע פון זיי געמאַכט אַ „שפאַציר" אין שטאָט אַריין. אין גרופעס פון צוויי אָדער דריי אָן וואַפען, האָבן זיי באַפאַלן יעדן יידן וואָס זיי האָבן באַגעגנט, געשלאָגן און צוגענומען ביי אים וואָס זיי האָבן נאָר געפונען. אויך האָבן זיי זיך אַריינגעריסן אין יידישע הייזער און געטאָן דאָס זעלבע. פון אַלע זייטן אין שטאָט האָבן זיך געהערט געשרייען פון יידישע קולות.

אונדזער פאַרטיידיקונגס־גרופע האָט זיך גלייך באַוואָפנט מיט אייזנס, שטעקנס און שטיינער, שטילערהייט באַפאַלן די קליינע קאָזאַקן־גרופעס און זיי אַלעמען גוט צוממית'ט ביז ס'איז שטיל געוואָרן אין שטאָט. באַלד זענען אָנגעקומען קאָזאַקן אויף פערד צו זוכן אונדז און נעמען נקמה פאַר דעם „קאָזאַק הנגזל". מיר זענען זיך צעלאָפן און זיי זענען געבליבן ביים זוכן, אָבער די אָנפאַלן אויף יידן האָבן זיך אָפגעשטעלט.

צומאָרגנס, ווען די קאָזאַקן האָבן פאַרלאָזן די שטאָט, האָבן פיל פון זיי געהאַט גאַנץ שיינע סימנים פון די קלעפ, וועלכע זיי האָבן מיטגענומען. צוויי פון זיי האָבן אַפילו געמוזט „נעבאַך" בלייבן אין שטאָטישן שפיטאָל „פאַר אייניקע טעג וואַקאַציע". אויך די פאָליציי, וועלכע האָט זיך געמאַכט ניט זעענדיק, ווען די קאָזאַקן האָבן געשלאָגן און גערויבירט יידן, האָט פלוצלינג דערוואַכט און געזוכט די אָנטיילנעמער.

אַז יידן זאָלן זיך שטעלן קעגן קאָזאַקן, און דערצו נאָך זיי געבן מכות־רצח איז געווען אַ נייע דערשיינונג אין סלוצק און דער פאַקט האָט אונדז פאַרשאַפט באַפרידיקונג און כבוד.

ווען רוסלאַנד האָט פאַרשפּילט אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן אין 1904, האָט די לאַגע אַרויסגערופן גרויס אומצופרידנהייט צווישן דער באַפעלקערונג אין לאַנד. די רעוואָלוציאָנערן האָבן אויסגענוצט די שטימונג מיטן ציל אַרונטערצוזעצן די רעגירונג. זיי האָבן אַרויסגערופן שטרייקן, אָפּגעשטעלט דעם פאַרקער אין לאַנד, אָרגאַניזירט דעמאָנסטראַציעס און אויפשטאַנדן. דאָס אַלעס איז אָבער געווען אַ דורכפאַל, ווייל די אַרמיי איז געבליבן „לאָיאַל" צו דער רעגירונג. דערפאַר איז די רעוואָלוציע דאַן דורכגעפאַלן. די צאַרישע רעגירונג האָט אָבער געוואָלט עטוואָס באַפרידיקן די באַפעלקערונג, האָט זי דערלויבט אויסצוקלויבן פאָלקס־פאַרטרעטער פאַר דער קערפּערשאַפט — די „דומע", וועלכע האָט געזאָלט ראַטן דער רעגירונג וואָס זי האָט צו טאָן. אַזוי ווי דער רעגירונג האָבן ניט געשמעקט די עצות פון דער „דומע", האָט די רעגירונג גלייך צעטריבן די ערשטע דומע און פאַראָרדנט צו קלויבן אַ צווייטע. דער סלוצקער „בונד" האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די וואַלן. אין שטאָט און אין די אַרומיקע שטעטלעך און דערפאַר האָט מען אויסגעקליבן די קאַנדידאַטן וועלכע דער בונד האָט אַרויסגעשטעלט. די אַלע אויסגעקליבענע האָבן שפּעטער געטאָן אין מינסק וואָס די פאַרטיי האָט זיי געהייסן. די רעגירונג האָט דאָס אָבער ניט געדולדעט און אויך די צווייטע דומע שנעל צעטריבן און אַרעסטירט פיל דעפּוטאַטן. דערנאָך האָט מען זיך גענומען צו די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען, זייערע פירער און מיטגלידער. פילע סלוצקער אַקטיווע בונדיסטן האָבן געמוזט אַנטלויפן קיין אַמעריקע און די מערסטע פון זיי וואָס זענען פאַרבליבן, האָבן זיך דערווייטערט פון דער אָרגאַניזאַציע.

דאָס לעצטע קאַפּיטל פון סלוצקער בונד האָט זיך אָפּגעשפּילט, ווען די פּאָליציי האָט אַנטדעקט די בונדישע ביבליאָטעק און דאָס ביסל געווער וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. די פּאָליציי האָט דאַן באַשלאָסן צו אַרעסטירן פיר הויפּט־מיטגלידער פון דעם אָרגאַניזאַציאָנס קאָמיטעט. 3 פון זיי זענען געפונען געוואָרן אין סלוצק און גלייך פאַרשפּאַרט אין טורמע ביז מ'וועט געפינען דעם פערטן, כדי צושטעלן זיי צוזאַמען אין געריכט אַלס געמיינזאַמע גרופּע.

די דריי זענען געווען: 1) ראַלניק, מיט יאָרן שפּעטער געקומען קיין אַמעריקע און דאָ שנעל געשטאָרבן פון טובערקולאָז, וואָס ער האָט געקראָגן פון וואַלגערן זיך יאָרן אין די פאַרשיידענע טורמעס.

2) ליאַטע בונין, זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע.

3) זיין נאָמען האָב איך פאַרגעסן און איך ווייס ניט וואָס האָט פּאַסירט מיט אים.

ניט קענענדיק אויסגעפינען פון די דריי וועגן דעם פערטן האָט די פּאָליציי באַשלאָסן האָבן געדולד און וואַרטן ביז ער וועט זיך אָפּזוכן.

דער פערטער האָט דערווייל זיך אויסבאַהאַלטן אין סטאַרידאָראָגי, ווו ער האָט זיך פאַרנומען מיט לערעריי. גראַדע האָט פּאַסירט אַז אַ שוועסטער פון אַרעסטירטן בונין איז געקומען אים באַזוכן אין טורמע. בונין האָט אַרייַנגעוואָרפן צו איר אין בוזים אַ בריוו וואָס איז געווען אַדרעסירט צום פערטן. אין דעם בריוו האָט בונין איבערגעגעבן דעם פערטן אַלעס וואָס האָט מיט זיי פּאַסירט און אויך, (ווייל דער פערטער איז געווען דער פאַרוואַלטער פון די פינאַנסן פון דער אָרגאַניזאַציע), אַ גענויעם חשבון פון די צוויי הונדערט רובל וואָס ער האָט גענומען פון דער פאַרטיי־קאַסע איידער מ'האָט אים אַרעסטירט.

דער טורמע וועכטער האָט ווייזט אויס באַמערקט בונינס איבערגעבן דעם בריוו צו זיין שוועסטער. פּאָליציי האָט אָפּגעשיקט איין „אוקאַז" צו פאַרהאַלטן דעם אַדרעסאַט. דער פערטער בין איך עס געווען אַליין און קומענדיק אין פּאָסט אָפּצונעמען דעם בריוו האָב איך באַקומען גלייך אַ הייסן קבלת־פּנים און מ'האָט מיך אָפּגעפירט „פּאָ־אוטאַפּ" קיין באָברויסק.

ענדלעך נאָך פילע מאָנאַטן פון שלעפּענישן פון איין טורמע אין אַ צווייטער, האָט מען אונדז אַלע פיר, געשטעלט צום משפּט אין מינסק און פאַרמשפּט צו „אייביקער־פאַרשיקונג" קיין סיביר.

לאַנגע מאָנאַטן האָבן מיר זיך געשלעפּט דורך פאַרשיידענע רוסישע טורמעס ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין יעניסייסק — דעם קאַלטסטן טייל פון סיביר. דאָרטן האָבן מיר פאַרבראַכט בערך זיבן מאָנאַטן און אַנטלאָפן קיין כינע און יאַפּאַן און ענדלעך נאָך פילע גילגולים זיך דערשלאָגן קיין אַמעריקע אין 1910, ווו איך בין פאַרבליבן די אַלע באַשערטע יאָרן צו לעבן און דערלעבט צו דערציילן די געשיכטע. וואָס איז געוואָרן פון די פילע אַרבעטער און ניט אַרבעטער וועלכע זענען באַאיינפלוסט געוואָרן פון סלוצקער בונד?!

פיל פון די וועלכע האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג דאָ אין לאַנד. יענע וועלכע זענען פאַרבליבן אין רוסלאַנד האָבן געפירט אַ אונטערערדישע טעטיקייט און נאָכדעם פאַלן פון דעם „צאַריזם" אין 1917 האָבן זיי אויפדאָסניי אויפגעלעבט דעם בונד אין סלוצק.

ווען די באָלשעוויקעס האָבן איבערגענומען די מאַכט, האָבן זיי פאַרבאָטן די עקזיסטענץ פון „בונד". אייניקע פון אירע פאָריקע מיטגלידער זענען אַרייַנגעטראָטן אין דער קאָמוניסטישער פאַרטיי, נאָר די מערסטע האָבן זיך ניט געקענט צופּאַסן צו דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור.

ווען איך האָב באַזוכט רוסלאַנד אין 1929 האָב איך זיך געטראָפן מיט פיל געוועזענע חברים פון „בונד". זיי זענען געווען, פּונקט ווי די מערסטע יידן דאָרט, דערשלאָגן און אַנטוישט. „איז דאָס וואָס קומט פאָר, דער אידעאַל צו וועלכן מיר האָבן געשטרעבט און געגאַרט אַזוי לאַנג? איז דאָס די ווירקלעכקייט פון אונדזערע שיינע חלומות?" באַטראַכטנדיק אַלעס וואָס דאָרטן קומט פאָר, האָב איך זיך אומגעקערט קיין אַמעריקע אַ צעבראָכענער. עס איז געווען שווער איבערלאָזן די קרובים, פריינד און אַמאָליקע חברים אין דעם חורבן, וואָס האָט געהערשט אין יעדן ווינקל פון לאַנד.

# געשטאַלטן

## נ. ביניטש / ר׳ רפאל יאסל

א.

אַ ווונדער איז געשען אין סלוצק: רפאל יאָסל דער שניידער, אַ יונגערמאַן האָט מיט אַמאָל פאַרלאָזן שניידעריי, ווען חוה, די באָב־פאַרקויפערין האָט אַריינגעטראָגן פאַרריכטן איר מאַנס קאַפּאָטע, איז דער שניידער אין שטוב ניט געווען. און ווי מ׳האָט איר איבערגעגעבן, האָט ער שוין אַ פאָר טעג אין שטוב ניט אַריינגעשמעקט. וווהין האָט ער געקענט נעלם ווערן? — אָט די פראַגע האָט אַלעמען פאַראינטערעסירט. די שטאָט האָט געקאָכט, און פאַרשיידענע השערות זענען איבערגעגעבן געוואָרן: אייניקע האָבן געזאָגט, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן קויפן עפּעס אַ הויז. אַנדערע האָבן דערציילט, אַז דער שניידער איז אַוועק איבער די דערפער אַרבעטן ביי די גויים. אַן אָרעמאַן זוכט נעבעך פרנסה ער זאָל קענען מפרנס זיין אַ ווייב מיט קינדער. אַ ערלעכער יונגערמאַן, ניט קיין גרויסער בן־תורה, אָבער ער האָט פאַרמאָגט אַ גוט האַרץ און האַלט זייער פון אַרבעט. מיט אַמאָל פאַרשוווּנדן. ניט געזאָגט ווי לאַנג ער וועט זיך זאַמען און וווהין ער גייט.

אין „ותיקין שטיבל" האָט אים געפונען דער שמש זיצנדיק פאַרטיפט אין אַן „עין־יעקב" און אָנגעזאָגט דער ווייב אַז דער מאַן איז אין שול. אַהיים האָט ער בשום אופן ניט געוואָלט גיין. אָט דאָ וועט ער פאַרברענגען ביחידות, וועט לערנען תורה און דינען דעם בורא מתוך אהבה און דביקות. ס׳זענען אָנגעקומען בעלי־בתים גערעדט, געטענהט און געגעבן צו פאַרשטיין: ער זאָל גיין אַהיים, וואָס איז דער ציל פאַר אַ מענטשן אין מיטן דרינען אַוועקוואַרפן אַ ווייב מיט קינדער און זיך זעצן לערנען. בשום אופן האָט ער ניט מסכים געווען, ער האָט זיך איינגעשפאַרט. דאָ וועט ער פאַרברענגען זיין ביסל יאָרן. ווייט פון טומל, זאָרג און עולם־הזה׳דיקע פאָדערונגען, גליקלעך וועט ער זיין.

זאָל ער זיצן דאָ אַ פאָר טעג, נישקשה. דער הונגער וועט אים צודריקן, וועט ער זיך פאַרבענקען נאָך דער היים. זאָל אַזוי לאַנג דויערן דער יידישער גלות, וויפל צייט ער וועט פאַרברענגען אין שטיבל — האָבן געזאָגט שטאָט־מענטשן.

אָבער ניט אַזוי איז געווען ר׳ רפאל־יאָסל: אַריינגעוואָרפן זיך בלב ונפש אין לערנען תורה, דורכגעגאַנגען משנה, צוביסלעכווייז גמרא. געמאַטערט זיך אויף אַ שווערן ענין. יאָ געגעסן, ניט געגעסן, וואָס איז דער אונטערשייד? האָט די ווייב עפּעס געבראַכט איז גוט געווען און אויב ניט איז אויך רעכט. ביז שפּעט אין דער נאַכט געלערנט, מיד ווערנדיק געכאַפּט אַ דרעמל אויף אַ האַרטער באַנק, אַהיים ניט געגאַנגען, אַ שאָד די צייט! ביטול תורה! בעסער דורכגיין נאָך אַ פאָר בלעטלעך גמרא. ביי טאָג געפרעגט, זיך ניט געשעמט און געלערנט בהתמדה, און ביינאַכט ווען אַרום איז געווען אַלעס שטיל, ביי אַ קליינעם לעמפּל איז געזעסן אַ ייד אַ נזיר און מיט אַ זיסן דינעם קול געזונגען, זיצנדיק איבער אַ גרויסער גמרא, זייענדיק פאַרטיפט אין אַ שווערן ענין, האָבן זיך געוווּנדערט מענטשן פון וואַנען קומט דאָס אַזאַ מדרגה צו אַ פשוטן שניידער? לומדים זענען נתפעל געוואָרן פון זיינע גרויסע בקיאות און טיפן פאַרשטאַנד, איבערראַשט האָט ער אַלעמען מיט זיין שאַרפן מוח. קיינער האָט ניט געוואַגט מער אַרויסריידן „רפאל־יאָסל דער שניידער", און מיט אַ הייליקייט אויף די ליפּן איז אַרומגעגאַנגען דער נאָמען „ר׳ רפאל־יאָסל".

שטאָטיקע יידן האָבן געפונען פאַר אַ חוב צו זאָרגן פאַר זיין פאַמיליע און צושטעלן אים עסן.

ר׳ רפאל־יאָסל פלעגט אָפט זיצן אין אַ תענית, זייער זעלטן זיך באַוויזן אויסער דעם שטיבל אויף אַ פאָר מינוט, ניט גערעדט קיין דברים בטלים. יאָרן פאַרבראַכט אין ד׳ אמות של הלכה. זיין בלאַס געזיכט, די איינגעדאַרטע באַקן, מיט די לאַנגע זיידענע פאות, די שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן אויסגעדריקט עפּעס אַ טיפן טרויער און אַ ליבשאַפט צו דער גאַנצער וועלט. דאָס אַלעס האָט אַלעמען באַצויבערט און זיין נאָמען איז געווען באַוווּסט אין דער גאַנצער געגנט, ביז וואַנען ס׳איז אים אַרויס אַ נאָמען פון אַ צדיק.

האָט עפּעס אַן אומגליק געטראָפן, איז מען געקומען צו ר׳ רפאל־יאָסלען, איז ער געשטאַנען איינגעבויגן, ביטער געזיפצט מיט טרערן אין די אויגן — „וואָס זשע קען איך העלפן, קינד מיינס! איך בין אַ פשוטער בשר ודם, אַ שניידער, גיי אַהיים און דער שוכן שמים וועט דיר העלפן, דער הויפּט איז בטחון אין טאַטן פון הימל, ער איז הכל־יכול".

איז אימיצער געקומען ריידן מיט אים אין לערנען, האָט ער געענטפערט, זיך מתוכח געווען, אָבער אויסער דעם געשוויגן.

איז געקומען אַ יידענע אַ שאלה פרעגן, האָט ער געזאָגט: „טאָכטער מיינע! גיי צום רב!" אָבער, רבי, איר זייט דאָך

מער ווי אַ רב, דער דיין האָט געזאָגט, אַז איר זייט אַ „רב״. „גיי טאָכטער! איך בין רפאל־יאָסל דער שניידער״.

אינמיטן נאַכט פלעגט ער אויפשטיין, אַרויפלייגן אַש אויפן קאָפּ. זיין טרויערדיקע שטימע, ציטערנדיק פול מיט געבעט, האָט געקלונגען: „ביז וואַנען וועסטו זיך ניט דער־באַרעמען אויף ציון, טאַטעניו! אוי, גרויס זענען די נויטן און די הצטרכות׳ן פון דיין פאָלק ישראל. גרויס זענען די זאָרגן פון יידן, קיין געדולד ניטאָ. וואָס איז דער ווונדער טאַטע זיסער! ס׳איז ניט זייער שולד. אַ ביטערער גלות פון צרות און ליידן. זיי זשע זיך מרחם, גרויסער פאָטער, און העלף, „כי באו מים עד נפש״.

אויף דער עלטער איז ער קראַנק געוואָרן און ווען מ׳האָט אים געוואָלט איבערפירן אין אַ וווינונג, האָט ער ניט איינ־געשטימט, מיט וואָס האָט ער דאָס פאַרדינט?

די „פני״ פון שטאָט האָבן אים געפירט קיין וואַרשע. ווען מ׳האָט אים דערלאַנגט אַ פערטל עוף, און דערוויסנדיק זיך, אַז אַן עוף קאָסט פופציק קאָפּיקעס — האָט ער ניט געוואָלט מער זיין אין וואַרשע. — „איך וויל ניט פאַלן צו לאַסט אויף קהל, אַזוי פיל געלט אויסגעבן אויף מיר. פירט מיך צוריק אין מיין שטאָט סלוצק״. און דעם זעלבן טאָג האָט ער פאַרלאָזן וואַרשע.

אַן אַרבעטער איז געקומען אין „ותיקין שטיבל״ און זיך באַקלאָגט פאַר ר׳ רפאל־יאָסלען, אַז אים איז מיאוס געוואָרן שניידעריי.

— „קינד מיינער! טו עפעס אַנדערש און השם יתברך וועט בענטשן „מעשה ידיך״ און דו וועסט באַגליקן״.

— ניט דאָס האָב איך געמיינט, רבי! איך וויל פאַרלאָזן שניידעריי און זעצן זיך לערנען.

— „קינד מיינער! אַרבעט אַלס שניידער און דין דעם בורא מתוך אהבה, וועט זיין פאַררעכנט גלייך ווי דו וואָלסט לערנען תורה״.

— רבי, אַנטשולדיקט מיר, איר זייט דאָך אויך געווען אַ שניידער און היינט, זייט איר אַ צדיק און אַ רב.

— „קינד איינער! ערשטנס בין איך יעצט אַ קנאַפּער צדיק און ווייט פון אַ רב. צווייטנס האָב איך ניט געהאַט וואָס צו פאַרלאָזן, בין איך דען געווען אַ גוטער שניידער? אַ פּראָס־טער לאַטוטניק! אָבער דו מיין קינד, ביזטו אַ גוטער שניידער, גיי אַהיים אַרבעט, זאָג עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים אַ טאָג, גיי אין שול, לערן „עין־יעקב״. אַרבעטן זאָלסטו און פאַרלאָז ניט דיין פרוי און קינדער.

אוי, „יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך״.

דערביי האָבן אים טרערן געשטיקט ריידנדיק.

גאַנצע טעג און נעכט פלעגט ר׳ רפאל־יאָסל לערנען און טרייסטן זיינע באַזוכער.

ווייניק געקוקט אויף זיך, ביז די כוחות האָבן אים פאַר־לאָזן ביסלעכווייז און ער איז נפטר געוואָרן מיט אַ גרויסן נאָמען.

מיט אַ ציטער און יראת הכבוד ווערט דערמאָנט דער נאָמען „ר׳ רפאל־יאָסל״.

אין „ותיקין שטיבל״, פלעגט מען אָנווייזן: „אָט דאָ איז געזעסן דער צדיק״.

קיינער האָט ניט געוואַגט זיך זעצן אויף דעם אָרט.

הונדערטער זאַכן און מעשיות ווערן דערציילט וועגן די גרויסקייט פון אַ מענטשן, וואָס האָט זוכה געווען צו אַזאַ הויכער מדרגה.

ב.

## ר׳ חיים זיידעס דערציילט:

### I

ר׳ רפאל יאָסל איז געווען אַ פּאַרטאַץ׳ אין שניידעריי. האָט ער איינמאָל אָפּגעבראַכט צו איינעם אַ שטיקל אַרבעט און ס׳איז ניט געלונגען, האָט יענער אים פון כעס געגעבן אַ פּאַטש. אַזוי ווי זיין פריינט ר׳ יאָשע דער גאון איז שוין געווען אַ מומחה אין שניידעריי, זאָגט ר׳ יאָשע צו רפאל־יאָסלען: „קיין שניידער וועסטו שוין ניט זיין, זעץ זיך לערנען״. האָט רפאל יאָסל געפרעגט: היתכן? איך בין אַ עם הארץ, וואָס קען בלויז דאַווענען און דערצו נאָך אַ מטופל מיט אַ פרוי און קינדער. האָט ר׳ יאָשע אים געענטפערט: פאַנג אָן פון חומש מיט עברי־טייטש, ביז דו וועסט ווערן אַ למדן. וועגן פרנסה זאָרג זיך ניט, איך וועל באַשטעלן דיין פרוי זאָל קנעטן דייזשעס ברויט פאַר די רייכע באַלעבאָסטעס, וואָס מען קריגט 3 קאָפּיקעס פאַר אַ דייזשע, וועט שוין זיין פרנסה.

רפאל יאָסל האָט זיך געזעצט לערנען אין ותיקין שטיבל, בלויז פרייטיק צו נאַכט געגאַנגען אַהיים. קעראָסין האָט דאָך געקאָסט צו טייער, האָט ער געברענט אַ חלבנע ליכטל צווישן די פינגער און געלערנט ביז די פינגער האָבן גענומען ברענען. דער סלוצקער רב ר׳ יאשע בער סאָלאָווייטשיק האָט אים מקרב געווען, געמונטערט און געשטיצט. פון דער גאַנצער סביבה פלעגט מען זיך ווענדן צו ר׳ רפאל יאָסלען. פרויען האָבן אים באַזוכט, ער זאָל זיי פותר חלום זיין. ביי קיינעם קיין געלט ניט גענומען, בלויז גענומען אַ ליכטל צום לערנען.

### II

ווען דער רידב״ז איז געווען בגילופין בסעודה של פורים, האָט ער אַ געשריי געטאָן צו די ביי־זיצנדע ביים טיש:

אַ שניידערוק זיצט אין ותיקין־שטיבל און ווייבער גייען צו אים פותר חלום זיין און באַלד וועלן זיי דעם שניידערוק פרעגן שאלות. לאָמיר גיין און דערווייזן אַז ער איז אַן עם הארץ. קומענדיק אַהין, זעט דער רידב״ז ווי ר׳ רפאל יאָסל לערנט מסכת שבת. פרעגט דער רידב״ז אים קשיות און מיט רוגזה. אָבער ר׳ רפאל יאָסל ענטפערט בנחת און ווייזט אָן דעם מקור. דער רידב״ז פרעגט ווייטער, און יענער ווייזט אָן אויף אַ געוויסן תוספות. דער רידב״ז ווערט נתפעל פון זיין גדלות און זאָגט: ביז היינט האָב איך געדענקט אַז איך בין דער איינציקער למדן אין סלוצק. יעצט זע איך, אַז דאָ אין שטיבל זיצט נאָך איינער.

III

יאָרן לאַנג איז געשטאַנען אויף ר' רפאל־יאָסלס קבר אַ הילצערנע מצבה. לייבע יוך דער שמיד האָט גענומען דעם גרויסן שטיין וואָס איז געלעגן ביי דער קאַלטער שול און געמאַכט פון אים אַ מצבה אויף ר' רפאל־יאָסלס קבר.

ג.

ר' רפאל־יאָסל זאָגט זיין וואָרט וועגן דער פרויען־מאָדע פון זיין צייט.

אויף אַ חתונה האָבן זיך געקריגט די מחותנים. דער חתן האָט ניט געוואָלט גיין צו דער חופּה אויב מען וועט אים ניט צושטעלן די צוגעזאָגטע ראָטאַנדע, וואָס עס האָט געפעלט צו די חתונה־קליידער פון דער כלה.

האָט מען געשיקט רופן ר' רפאל־יאָסלען און געבעטן אים ער זאָל מאַכן שלום צווישן די צדדים.

ר' רפאל יאָסל איז געקומען און האָט צום ערשטן געפרעגט וואָס איז עס אַזוינס אַ ראָטאַנדע. האָט מען אים דערקלערט זייער דייטלעך אַז דאָס איז אַ ווייבערשער בגד אָן אַרבל.

ר' רפאל־יאָסל האָט זיך אַוועקגעזעצט נעבן דעם חתן און געפרעגט האָט ער אים זייער ערנסט און זייער האַרציק:

— מיין קינד, צוליב אַ פּאָר אַרבל קריגט מען זיך איידער מען גייט צו דער חופּה. צוליב אַ פּאָר אַרבל מאַכט מען אַזעלכע לייטעשע געלעכטער?

דער חתן האָט זיך שטאַרק צושמייכלט. געשמייכלט האָבן אויך זיינע טאַטע־מאַמע.

נאָך ר' רפאל־יאָסל האָט דעם חתן־בחור ווידער אַריינגעזאָגט דאָס זייניקע:

— אם־ירצה־השם, נאָך דער חתונה וועט דיר גאָט



אסתר מלכה שפילקין (ר' רפאל יאָסלס טאָכטער)

העלפן און דו וועסט אויף דיין אייגענעם חשבון איינייען אַרבל אינעם מלבוש פון דיין יונג ווייבל. און אפשר אין דעם זכות פון די פּאָר אַרבל וואָס עס פעלט איר איצט צום בגד, וועסטו זיין געבענטשט מיט פרנסה בשפע אויף דיין גאַנץ לעבן.

דער קריגערישער חתנ'ס צד האָט אויפגעהערט צו שמייכלען. דער זון און טאַטע־מאַמע האָבן געדאַנקט ר' רפאל יאָסלען פאַר זיינע ברכות און געהייסן שטעלן חופּה אין אַ גוטער און מזלדיקער שעה.

פאַרשריבן אין סלוצק דורך ר. פּ.

## מרדכי ליפע גארין ניו־יארק / געשטאַלטן

### דיינאָוו צבי הירש

(1832 — כ"א אדר 1877)

געבוירן אין סלוצק, געוועזן מפורסם אַ"נ „דער סלוצקער מגיד". איינער פון די ערשטע מאָדערנע מטיפים אויף יידיש; אין אַ פשוטער יידישער שפּראַך, אָן דעם טראַדיציאָנעלן מגידישן ניגון, אָן העוויות, ניט שרעקנדיק דעם עולם מיטן גיהנום. מיט זיין גרויסן כוח הדיבור פלעגט ער מאַכן אַ גרויסן רושם אויף די צוהערער. דורכגעדרונגען מיטן געדאַנק פון השכלה, האָט ער געשילדערט פאַרן עולם דעם שפלדיקן מצב פון פאָלק, דעם עקאָנאָמישן און גייסטיקן, אַרויסגעטראָטן קעגן פאַלשן יחוס, קעגן לידיקגייעריי, געפּרידיקט די נייטיקייט צו פאַרנעמען זיך מיט מלאכה, די וויכטיקייט פון בילדונג, פון שיקן די קינדער אין פאָלקס־שולן. די חברה „מפיצי השכלה" פלעגט אים שיקן אויף אירע הוצאות איבער יידישע שטעט און שטעטלעך צו האַלטן דרשות פאַרן פאָלק. זיינע שאַרפע אַרויסטרעטונגען קעגן דעם פאַנאַטיזם און דעם אַבערגלויבן, ווי אויך דאָס וואָס ער האָט ניט צופיל מחמיר געווען אין אָפּהיטן געוויסע מצוות, האָבן אויפגעבראַכט קעגן אים די אָרטאָדאָקסיע; ער האָט זיך געקויפט אַסך שונאים בפרט צווישן דעם אַלטן דור. די באַציאונג צו אים האָט זיך באַזונדערס פאַרשאַרפט צוליב דעם, וואָס די רוסישע אַדמיניסטראַציע, (צו וועלכער ער פלעגט זיך ווענדן נאָך הילף), האָט אים פּראָטעזשירט. אין אַסך שטעט האָט מען פאַרשלאָסן פאַר אים די טירן פון בית־מדרש, און אין „המגיד" און „המליץ" פלעגט אים אויסקומען אָפט צו קלאָגן זיך אויף די רדיפות וואָס ער האָט אויסצושטיין פון די קעגנערס פון השכלה. אַ דאַנק דער השתדלות פון זיין פריינט יל"ג איז ד. אין 1874 איינגעלאַדן געוואָרן אַלס מטיף פון דער קהילה „עין יעקב" פון די רוסיש־פוילישע יידן אין לאָנדאָן, וווּ ער איז געוואָרן זעער פּאָפּולער און באַליבט, אַפילו ביי די פירער פון דער יאַהודישער קהילה מיטן ראַבינער נתן אדלער בראש. כאַראַקטעריסטיש איז זיין באַציאונג צו דער יידישער שפּראַך; אין איינעם פון זיינע בריוו צו דער „חברה מפיצי השכלה" פון 1873, מאַכט ער די חברה אויפ־

מערקזאַם, זי זאָל אַרויסגעבן יידישע ביכער, באַנייען דעם „קול מבשר", דורך וועלכן מ׳קען האָבן אַ ווירקונג אויפן המון־עם. ער דערציילט וועגן דעם גרויסן נוצן, וואָס עס האָבן געבראַכט די יידישע ווערק פון מיכל גאָרדאָן, לינעצקי, אקסענפעלד און אַנדערע. דיינאוו האָט איבערגעלאָזט אַ ריי ווערק אין כתב־יד.

## ר׳ צבי הירש מאסליאנסקי



דער באַוווּסטער פאָלקס רעדנער
ר׳ צבי הירש מאַסליאַנסקי

געבוירן אין סלוצק, ג׳ סיון 1856 אין אַ באַלעבאַטישער פאַמיליע. באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע דערציאונג. ער האָט שוין קינדווייז אַרויסגעוויזן זיינע פעיקייטן, צו 7 יאָר געקענט תנ״ך אויף אויסווייניק, צו 10 יאָר פלעגט ער זיך איינהילן אין אַ טישטעך און האַלטן פאַר זיינע חברים אַ דרשה אויפן חורבן בית המקדש, וואָס האָט די יינגלעך גערירט ביז טרערן. געלערנט אין מירער ישיבה. זיך באַזעצט אין פינסק, קאַרלין, ווו ער איז געווען לערער פון העברעאיש, פריוואַט און אין תלמוד־תורה׳ס. אַרום 14 יאָר, נאָך די פאָגראָמען פון 1881, אַריינגעצויגן אין דער חיבת ציון באַוועגונג, אָנגעהויבן צו אַגיטירן פאַר איר אין שולן און בתי־מדרשים, אַרויסווייזנדיק אַ גרויסן אָראַטאָרישן טאַלענט. ער האָט אונטערגענומען אַ רעדנער טור איבער דרום רוסלאַנד, ליטע, זאַמעט, קורלאַנד, פּראָפּאַגאַנדירט פאַר חיבת־ציון און יידישן נאַציאָנאַליזם און אַרויסגערופן באַגייסטערונג סיי ביי דעם אָרטאָדאָקסישן עולם, סיי ביי דער אַסימילירטער אינטעליגענץ. צוליב די שטערונגען פון דער פּאָליציי איז ער אַוועק קיין אַמעריקע, ווו ער איז די ערשטע פיר יאָר אַרומגעפאָרן איבער די שטאַטן אַלס רעדנער. זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק און אין 1898 אָנגעשטעלט געוואָרן אַלס „מטיף" אין „אַדיוקיישאַנעל עלייאַנס". ער האָט זיך באַטייליקט אין דער יידישער און העברעאישער פּרעסע אַרויסגעגעבן אַ בוך „דרשות", זכרונות פון אַ פאָלקס־רעדנער.

(לויט רייזענס לעקסיקאָן)

## ר׳ שמואל סימכאוויטש

דער רייכער תבואה־סוחר ר׳ שמואל סימכאָוויטש, איז געווען אַ באַרימטע סלוצקער פערזענלעכקייט און האָט זיך אויסגעצייכנט אין פיל הינזיכטן. קלוג, געבילדעט סיי אין יידישער ווויסנשאַפט ווי אויך אין וועלטלעכער. אַ גרויסער שפּראַכן־קענער און אַ וועלט סוחר, געהאַנדלט מיט אַקציעס אויף דער לאָנדאָנער בירזשע. ער איז געווען אַבאַנירט אויף העברעאישע, רוסישע, דייטשישע, ענגלישע צייטונגען. פון צייט צו צייט געדרוקט קאָרעספּאָנדענציעס אין פּעטערבורגער דייטשישער צייטונג „פּעטערבורגער העראַלד".

אין יאָר 1894 איז ער דורך דער רוסישער רעגירונג איינגעלאַדן געוואָרן קיין פּעטערבורג צו באַטייליקן זיך אין דער וועדת הרבנים (רבנישע קאָמיסיע).

## ר׳ מאיר סאלאווייטשיק

אַ ייד מיט אַ הדרת־פּנים, אַ געניטער סוחר, האָט געהאַט דעם טאַלאַנט צו קאָמבינירן מייסטערהאַפט וועלטלעכע פּראַב־לעמען מיט יידישקייט און לומדות.

געווען איז ער איינער פון די שאַרפסטע מוחות אין שטאָט. אין זיין גרויסער שיינער הויז, וואָס איז געשטאַנען אין אַ פּרעכטיקן גאָרטן איז געווען זיין גרויסע און רייכע ביבליאָ־טעק פון רבנישער און וועלטלעכער ליטעראַטור.

## חיים מיכל גוטצייט

דער גרעסטער בעל־דעה אין שטאָטישע ענינים איז געווען דער נגיד און תקיף חיים מיכל גוטצייט. אויף אים האָט מען געזאָגט, אַז ער האָט די דעה — נאָר ווייל ער האָט די מאה. זיין פאַרמעגן האָט מען געשאַצט אין סלוצק מער ווי הונדערט טויזנט רובל, וואָס איז דאַן געווען אַ לעגענדאַרער קאַפּיטאַל. אַט דער נידעריק געוואָקסענער, דיקער מיט אַ רויטן פּנים און טונקל ברוינע האָר, איז געווען אַ גוטער געשעפטסמאַן. זעער באַשיידן. צו אים פלעגן קומען עלטערן איינלייגן דעם נדן פאַר זייערע טעכטער.

דער צוטרוי איז געווען צו אים גוואַלדיק גרויס. די קהילה האָט אים אָנגעטרויט ירושה׳ס פון יתומים, אלמנות, גרושות, כתובה׳ס געלטער און אַ. וו.

ער האָט געשאַפן אַרבעט פאַר פיל פאַמיליעס אַרום זיין זעג־פאַבריק און זיין גרויסע מיל, וועלכע האָבן זיך באַוועגט מיטן קראַפט פון פאַראָווע מאַשינען. אויך האָבן פיל אָנגע־שטעלטע און אַרבעטער געצויגן זייער חיונה פון זיינע גרויסע אונטערנעמונגען און אַנדערע גיטער אין אומגעגנט.

## ר׳ יצחק האכמארק

איז געווען אַ פּילזייטיקע פערזענלעכקייט צוליב זיין באַקאַנטשאַפט מיט דער אויסערער וועלט אַלס אַ משולח פאַר קהלשע אַנשטאַלטן און ישיבות. ניט איין מאָל באַזוכט די פאַראייניקטע שטאַטן און אויך דרום־אַמעריקע. נאָך הרב ר׳ יחזקאל אבראמסקי איז ער געווען דער לעצטער סלוצקער רב ביי דער ראַטן־מאַכט.

## ד״ר ליאָווע שילדקרויט

ד״ר שילדקרויט איז געווען זייער באַוווּסט אין סלוצק און איר סביבה. קינד־און־קייט האָט אים געקענט, ער איז געווען אַן אימפּאָזאַנטע פּערזענלעכקייט. זיין ווייס־פּערלדיק פּנים, די ברייטע פּלייצעס האָבן געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק אויף אַלעמען. מעדיצין האָט ער געלערנט אין מאָסקווער אוניווערזיטעט. זיין אָרעמע מוטער האָט אים געהאָלפן מיט אַלע אירע כּוחות. ער איז געווען אַ ליבעראַלער מענטש. פֿאַר אים זענען אַלע געווען גלייך — אָרעם און רייך. פֿאַר אַ חולה מסוכן האָט ער ניט געזשאַלעוועט קיין מי, טאָג און נאַכט.

דערפֿאַר האָט שילדקרויט זיך קונה שם געווען צווישן אַלע שיכטן פֿון דער באַפעלקערונג אַלס פּשוטער מענטש און ווילער דאָקטאָר. ער האָט געהאַט אַ פֿענאָמענאַלן זכּרון. האָט ער בלויז איינמאָל זיך געטראָפֿן מיט אַ מענטשן, פֿלעגט ער אים אָנרופֿן ביי זיין נאָמען און פֿאַמיליע, אַפֿילו אין אַ צייט אַרום. אויב ער האָט ניט געקראָגן קיין דראָזשקע, איז ער געגאַנגען צופֿוס צום חולה.

אין דער צייט פֿון דער ערשטער וועלט־מלחמה (1915—17), ווען סלוצק איז פֿול געוואָרן מיט בעזשענצעס־פּליטים פֿון די פּויליש־אָנגעלאָפֿענע יידן, איז ער געווען פֿון די, וועלכע האָבן אָרגאַניזירט אַ הילפֿס־קאָמיטעט פֿאַר די געליטענע. זיין גאַנצע ענערגיע און אויך אייגן געלט האָט ער געווידמעט צו לינדערן נויט און ראַטעווען פֿון טויט און פּלאָגעניש.

אויסער שילדקרויטן זענען געווען אין סלוצק נאָך עטלעכע דאָקטוירים, דאָקטאָר מעלצער, דאָקטאָר פֿיינבערג. די קריסטלעכע דאָקטוירים וועטשאָר און יאַנושקעוויטש. צווישן די פֿעלדשערס איז געווען זייער פּאָפּולער דער פֿעלדשער גראַיעוו. די יידישע דאָקטוירים האָבן באַדינט דעם איינציקן הקדש שפּיטאָל און דעם מושב זקנים.

טראַגיש איז אומגעקומען אין זיין בליענדער יוגנט און פּראַקטיק דער באַליבטער יונגער דאָקטאָר סינאַייסקי. ער איז דערמאָרדעט געוואָרן אין זיין וווינונג צוזאַמען מיט זיין שיינער יונגער טאָכטער. דער מערדער איז געווען זיין אייגענער קריסטלעכער קוטשער. מ׳האָט די טראַגעדיע באַזונגען אין סענטימענטאַלע לידער.

## אליהו (עליע) טשאַרני

אליהו טשאַרני איז געווען גוט באַקאַנט אין סלוצק: אַ וויצלער, אַ ליבהאָבער פֿון ליטעראַטור. ער איז געווען אַ רעדאַקטאָר פֿון „סלוצקער שייגעץ״, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1911.

אַ דאַרער, אַן עסקעטישער לענגלעכער בלאַסער פּנים, אַ פּאָר דורכדרינגנדע גראָע אויגן האָבן בולט געמאַכט דאָס בלאַסקייט פֿון זיין געזיכט.

ער איז געבליבן אַ יתום גאַנץ פֿרי, און די מוטער, די אלמנה, האָט געהאַט די אויפֿגאַבע צו דערנערן זיך און אירע צוויי זין אליהו און פּיניע טשאַרני. זי האָט פֿאַרמאָגט אַ אייגנטום פֿון אַ שטוב מיט צוויי קראָמען אויפֿן מאַרק, פֿון וועלכע זי האָט געצויגן חיונה. ביידע ברידער זענען געבוירן



ש. נחמני (נאחמאַנאָוויטש) און עליע טשאַרני

געוואָרן שוואַכע, קרענקלעכע. פּיניע האָט געירשנט שווינדזוכט פֿון זיין פֿרי פֿאַרשטאָרבענעם פֿאָטער.

אליהו האָט געלערנט ביי מלמדים, וועלכע פֿלעגן קומען צו אים אַהיים לערנען מיט אים. זיין ברודער פּיניע, האָט באַוויזן ענדיקן דענטיסט און געהאַט אַ קאַבינעט אין סטאַריע־דאָראָגי. אליהו, צוליב דער פֿרייער צייט, זיין לוסט און ליבע צום לעזן, איז ער געוואָרן שטאַרק בעהאַוונט אין דער יידישער ליטעראַטור, ווי אויך אין דער רוסישער. ער האָט געהאַט אַ חוש פֿאַר הומאָר, און אַ שטאַרקן זכּרון. ער איז געווען פֿעאיק אָפּשילדערן מיט אַלע פּיטשעווקעס אַ שטריך, אַ זאָגאַכץ פֿון אַ שרייבער, אַ דיכטער און אַ קינסטלער. זיין מוטער פֿאַיע, האָט אים צערטלעך באַהאַנדלט און אָפּגעהיט זיין שוואַכן געזונט. דאָס האָט פּסיכאָלאָגיש געווירקט אויפֿן אַלטן בחור, אויף אַזוי פֿיל, אַז ער האָט קיינמאָל ניט געזוכט קיין באַשעפֿטיקונג. די מערסטע צייט פֿלעגט ער זיך וואַלגערן אין בעט פֿון מאָלצייט צו מאָלצייט. ביז שפּעט אין אָוונט פֿלעגט ער שפּאַצירן ביחידות אָדער מיט חברים שטאָט־אינטעליגענטן. אייניקע שטונדן אַ וואָך האָט ער געווידמעט דער ציוניסטישער ביבליאָטעק. אָט אַזוי האָט ער געפֿירט זיין איינזאַמען לעבן אַלס אַלטער בחור.

איך האָב אים געקענט, זייענדיק אַ ייִנגל פֿון 11 יאָר, ווען איך פֿלעג באַזוכן דעם לעזע־זאַל און די ביבליאָטעק.

ער האָט שטענדיק געטרוימט אַרויסגעבן אַ הומאָריסטישן זשורנאַל געווידמעט דעם סלוצקער טאָג־טעגלעכן לעבן און אירע ספּעציפֿישע טיפּן און זיין חלום איז פֿאַרווירקלעכט געוואָרן מיט דער דערשיינונג פֿון „סלוצקער שייגעץ״.

# דער סלוצקער שייגעץ



DER SLUTZKER SHEIGETZ

## אַ ליטעראַריש־הומאָריסטישע זאַמלונג.

### אינהאלט־פערצייכניש:



דער שער־בלאַט פון סלוצקער שייגעץ 1911

אין יאָר 1928 בין איך געקומען אַלס אַמעריקאַנער טוריסט קיין סלוצק. דאָס יידישע לעבן אין סלוצק, גייסטלעך און עקאָנאָמיש האָט געגוססט. טשאַרני איז געווען פאַרעלטערט, גרוי און מאָגער, אָבער די אויגן זיינע האָבן געשיינט מיט טיף פאַרשטענדעניש און אינטעליגענץ ווי אַמאָל.

— „אוי, האָבן מיר איבערגעלעבט שרעקלעכע צרות פון דער געגאַרטער רעוואָלוציע! פון אונדזערע אַמאָליקע פאַר־חלומטע יוגנט־יאָרן, האָט זיך גאָרנישט אויסגעלאָזט" —, האָט ער זיך פאַר מיר באַקלאָגט.

— „און וואָס איז מכוח אייער געזונט? ווי לעבט איר זיך דורך?" — האָב איך אים געפרעגט.

— „מ'מוטשעט זיך, יעדער מוז איצט אַרבעטן, און אויף דער עלטער האָב איך זיך גענומען פאַבריכטן אַלטע צעריסענע קאַלאָשן — מ'שטיינס געזאָגט, אויך מיר אַ פרנסה. עטוואָס פלעג איך באַקומען פון אַמעריקע, פון געוועזענע סלוצקער חברים: אַלטמאַן, מייזל און אַנדערע, אויך פון פאַלעסטינע אייניקע ענגלישע פונטן פון ח' נאַחמאַנאָוויטש און אַנדערע, אָבער עס סטייעט ניט צו וואַסער אויף קאַשע..."

אַפילו איצט איז געווען אינטערעסאַנט שמועסן מיט אים.

אין יאַנואַר 1935 האָב איך ווידער באַזוכט סלוצק און פאַרבראַכט דאָרטן צוויי וואָכן. מיר ביידע, איך און טשאַרני האָבן שפּאַצירט איבערן פּוסטן מאַרק, איבערן שאָסיי און אויפן שולהויף מיט די רעקווירירטע שולן. אויך האָבן מיר באַזוכט מלוכה געשעפטן, אַרטעלן און קליינע בודקעס. אַלעס האָט אויסגעקוקט טרויעריק, בידנע, נישט־היימיש. דער איינציקער יידישער קולטור־פּלאַץ איז געווען דער קאָמוניסטישער קלוב, מיט אַ ביסל מאַרקסיסטישע ביכער און זשורנאַלן אין דער געבוידע פון דער געוועזענער סלוצקער ישיבה.

ש. נחמני דערציילט:

עליע טשאַרני, האָט זיך אַמאָל מיישב געווען פאָרן קיין אַמעריקע, אָבער אַזוי ווי ער איז געווען אַ שלים־מזל, איז ער ניט דערפאָרן און זיך אָפּגעשטעלט אַ געוויסע צייט אין שווייצאַריע. פון דאָרטן פלעגט ער שרייבן (אָטקריטקעס) פאָסט־קאַרטלעך, אַז ער שפּאַצירט מיט דער קאַלטער יונגפרוי (דער הויכער באַרג אין די שווייצאַרישע אַלפּן).

ווען נחמני איז געקומען קיין סלוצק אויף וואַקאַציע,

האָט ער געטראָפן טשאַרנין ביי דער מאַמען אין בעט. אויף דער פראַגע ווי קומט ער אַהער: האָט ער געענטפערט, אַז ער האָט דערוויזן אַז די ערד איז קיילעכדיק. מ׳דרייט זיך און מען דרייט זיך און מ׳קומט צוריק אויפן זעלבן פּלאַץ.

— „חבר גארין”, האָט מיר טשאַרני אַריינגעשושקעט אין אויער: אונדזער לעבן איז שפּאָגל־ניי: רעוואָלוציע, די קרעמל איז באַזעצט, אַרבעטער אַרבעטן מיט די זייטן, מ׳קרענקט, מ׳הוסט און דער מאָגן איז פּוסט. מ׳האָט אונדז פיינט, ניט פון היינט. ווו האַלטן מיר טאַקע?”

אַ קלאַנג פון אַ באַהאַלטענעם קרעכץ פילט זיך אין אַ ליד צוגעשיקט אין 1934 צום ח׳ נחמני:

### דער ווינט

וואָס וויל דער ווינט, ער ברומט צו ווילד,
ער שטערט מיין שלאָף דעם שוואַכן,
אין שלאָף זע איך אַ שיין בילד,
ס׳שטערט מיר, איך מוז זיך אויפוואַכן.
איך וויל ניט גיין, וווהין ער בלאָזט,
ווו שווערע וואָלקנס ציען:
שלאָפן, טרוימען — ניט ער לאָזט,
זעען ווי בלומען בליען.
עס ווילט זיך שלאָפן, טרוימען לאַנג,
זעען נאָר שיינע בילדער,
נאָר עס שטערט, אַ בייז געזאַנג,
דער שלעכטער ווינט, דער ווילדער.

עליע טשאַרני מיט דער וואַרעמער נשמה און ליבהאָבער פון יידיש־שאַפן האָט געפילט די בייזע ווינטן, די שוואַרצע וואָלקנס, בייזע געזאַנגען האָבן צעשטערט דאָס יידישע לעבן און ער איז אומגעקומען מיט די סלוצקער יידן.

כבוד זיין אָנדענק!

# פאלקלאר

פון די באַרימטע סלוצקער משוגעים איז בנימין דער משוגענער מיט דער געדיכטער קאָלטונעוואַטער באָרד געווען דער מער באַרימטער — מיט זיין תורה און מיט זיינע ווערטלעך. איינמאָל, בשעת מע האָט געבויט אין סלוצק די קצבישע שול און מענטשן האָבן זיך אָפּגעשטעלט קוקן, האָט איינער אַ זאָג געטאָן בנימינען: „נו, בנימין, זאָג עפּעס אַ ווערטל דערויף!” זאָגט בנימין: „וואָס טויג דיר אַ ווערטל? סע איז אַ בפירושער פּסוק אין „על כן נקוה לך”: „וכל בני בשר יקראו בשמך”.

איינמאָל האָט מען באַגעגנט בנימינען שפּאַנענדיק הינטער דער שטאָט, אויפן סלוצקער שאָסיי, מיט דער פאַרלאָשענער ליולקע אין מויל. פרעגט מען אים: „בנימין, וואוהין איז?” זאָגט בנימין: „קיין הראָזעווע”. „וואָס דאַרפסטו אין הראָזעווע?” זאָגט בנימין: „פאַר־רויכערן די ליולקע”. „אין סלוצק איז דען קיין פייער ניטאָ?” זאָגט בנימין מיט כעס: „סלוצקער פייער איז פאַר מיר צו קאַלט”.

*

אויף סלוצקער יידן, באַוואוסטע גרויסהאַלטערס, פלעגט די וועלט זאָגן, אַז זיי גייען אום מיט פאַרבייגטע פינגער. פאַרוואָס? ווייל אַז מע פרעגט אַ סלוצקער: „ווער ביזטו?” ענטפערט ער מיט גאוה און פאַרבייגט דערביי אַ פינגער: „איך ווער בין? ערשטנס, בין איך אַ סלוצקער...” און אַזוי ווי מער מיט וואָס צו באַרימען זיך האָט ער ניט, בלייבט ער מיט איין פאַרבייגטן פינגער.

יעקב דינעזאָן, דער באַוואוסטער מחבר פונעם „שוואַרצן יונגנמאַנטשיק” און „יאָסעלע”, האָט געהאַט וועגן דעם אַן אַנדער גירסה: אַ סלוצקער גייט שטענדיק אום מיט אַ לאָך אין האַרצן, ווייל ער האַלט אין איין קלאַפּן זיך מיטן פינגער אין האַרצן און טענהן: „איך בין, זאָלט איר וויסן זיין, אַ סלוצקער!” — אַזוי לאַנג, ביז ער בויערט זיך אויס אין האַרצן אַ לאָך.

*

וועגן דעם נאָהענטן שטעטל ראָמאַנאָווע פלעגט מען אין סלוצק זיך וויצלען: „ראָמאַנאָווער גאָט” (אַפּנים, לכבוד דער גרויסער געטשקע, וואָס איז געהאַנגען אויף דער גרעניץ צווישן דעם יידישן שטעטל ראָמאַנאָווע און דעם גויעשן דאָרף מיטן זעלבן נאָמען). מע פלעגט אויך זאָגן: „אין ראָמאַנאָווע טאָגט שוין”. נאָר וואָס איז געווען די כוונה דערפון — איז שוין איצט ניט צו געדענקען.

# הרב ניסן וואקסמאן ניו־יארק / סלוצקער שמשים *

1

סלוצק האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע „כלי קודש". סלוצקער רבנים זענען דורות־לאַנג געווען אַ „שם דבר" אין דער תורה־וועלט. אַפילו סלוצקער שמשים זענען געווען אינטערעסאַנטע טיפּן.

## פּייוול דער שטאָט־שמש

פּייוול האראך איז שוין געווען אַ געבוירענער שמש. זיין פֿאָטער ר' אהרן, דער בית־דין שמש, איז געשטאָרבן גאָר יונג און איבערגעלאָזן אסתר פרומען אַ אַלמנה מיט פיר פּיצ־לעך קינדער, איז קהל אַנגעשטאַנען אויף דעם, ער זאָל איבערנעמען די שמש'עס. פּייוול איז דאַן אַלט געווען בלויז פערצן יאָר. פאַרמאָגנדיק אַ גוטן קאָפּ צום לערנען, האָט ער גראָדע קיין חשק ניט געהאַט אַריינקריכן אין שמש'עס. אָבער דאָס איז געווען דער איינציקער אויסוועג צו שפּייזן דער מאַמען מיט די קליינע יתומימלעך. אַזוי אַרום איז פּייוול געוואָרן צו פערצן יאָר דער בית־דין־שמש און אויך „אונטער־שמש" פון דער קאַלטער־שול. עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען ר' הירשל דער „אויבער־שמש" פון דער קאַלטער־שול איז אַוועקגע־פאָרן קיין אַמעריקע, איז פּייוול געוואָרן דער הויפּט שמש. טראָץ דעם וואָס פּייוול איז געווען שטאַרק פאַרנומען מיט שטאָט־זאַכן, האָט ער זיך פון זיינע ספרים קיין מאָל ניט געע־שיידט און איז געווען באַוווּסט אַלס קענער פון תנ"ך און בקי אין „עין־יעקב".

אַלס בית־דין־שמש איז אים געוויינלעך אויסגעקומען פאַרברייינגען אַ גרויסן טייל פון זיין צייט אַרום רב. פלעגט טאָקע דער רב, ר' איסר זלמן, זיך ווענדן צו אים מיט פּראַ־געס: ווו געפינט זיך דער און דער פסוק אָדער דער און דער מאמר חז"ל. ווען ליאָטע דער שמש פון קצבישער שול איז געשטאָרבן, האָט פּייוול גלייך אָנגעפאַנגען זאָגן דאָרט „עין יעקב" יעדן בין מנחה למעריב, ניט פאַר געלט חלילה. פּייוול איז געווען אַ קלוגער ייד און שטענדיק אַ צופרידענער, אַ גוט האַרציקער, האָבן אים טאַקע אַלע געאַכטעט. אין די צוואַנציקער יאָרן ווען די באָלשעוויקעס האָבן שוין „רעק־ווירירט" כמעט אַלע שולן און ניט איבערגעלאָזן קיין אָרט פאַר שמשות, האָט זיך פּייוול איינגעהאַנדלט אַ פערד־און־וואָגן און אַרומגעפירט משאות אין שטאָט און אַמאָל אַ פאַסאַזשיר צום באַן, אָבער זיין הויפּט־חיונה האָט ער געצויגן פון ברענגען פעסער וואַסער און פאַרקויפן דאָס צו דער סאָוויעטישער שטאָטישער סטאָלאָווע (רעסטאָראַן), כאָטש די פירער האָבן גריילעך געוווּסט זיין „בורזשאַזנע פאַרגאַנגנהייט" אַלס שטאָט־שמש.

אין 1930 נאָך טראַצקיס מפּלה, ווען די „טשעקא" האָט געאַרבעט מעשים אויסצוראָמען יעדן איינעם אויף וועמען ס'איז געפאַלן דער מינדסטער חשד פון „טראָצקיזם", האָט מען אין סלוצק אַרעסטירט אַ געוויסן יידישן קאָמוניסט אַלס טראָצ־קיסט. ווי דער שטייגער, איז קיין געדעכעניש ניט פאַרבליבן פון אים, איבערלאָזנדיק אַ יונגע פרוי מיט עטלעכע קליינע קינדער. די שטימונג איז געווען אַ שרעקלעכע. מ'האָט געצי־



ר' ליאָטע שמש פון דער קצבישער שול און פון דער קאַלטער שול

טערט אַפילו ריידן מיט דער פאַמיליע. אין אַ פראָסטיקן ווינ־טערדיקן־פאַרטאָג האָט פּייוול אָנגעטאָן זיין כּעלץ און אַוועק הינטערן שטאָט און זיך געשטעלט אין „אָטשערעד" אַ פאָר שעה צו קריגן עטלעכע בינטלעך האָלץ, אַוועקגעפירט האָט ער דאָס צו דער פרוי פון דעם „טראָצקיסט" און איבערגעלאָזן עס דאָרט אָן אַ פּרוטה. ווען אַ האַלב־דערפראָרענער שפּעט ביי־נאַכט איז פּייוול געקומען אַהיים, האָט אים זיין ווייב געפרעגט וואָס האָט ער פאַרדינט? האָט פּייוול געענטפערט מיט אַ טיפן קרעכץ: „חוה! ברוך השם איך האָב היינט געהאַט אַ גרויסן פאַרדינסט".

אין עלטער פון זעכציק יאָר איז ר' פּייוול אומגעקומען אין סלוצק אין 1941, דורך די נאַציס ימח שמם. הי"ד ות.נ.צ.ב.ה.

## ר' שלמה דעמבורג פון שניידערשער שול

ר' שלמה דעמבורג איז געווען אַ ייד אַ למדן, אַ שיינער בעל־דרשן מיט אַ וווּנדערבאַרן אויסזען, אַ בעל הדרת פנים. איידלקייט און גוטסקייט איז געווען אויסגעגאָסן אויף זיין געזיכט. אַ לוסטיקער, אַ מלא שמחהדיקער ייד און דאָך אַ קבצן אין זיבן כּאַלעס, אַ מטופל מיט אַכט קינדערלעך, וועלכע פלעגן וואַרטן יעדן טאָג אויף די פאָר גראָשן פון שמשות אין שניידערשער שול. אָבער ר' שלמה האָט זיך געשלעפט אַזש פון וויגאַדע, געטאָן זיין אַרבעט ערלעך, בנאמנות. פאָר זיך האָט ער וויניק וואָס געזאָרגט נאָר פאַר אָרעמע לייט, אלמנות

*) די סעריע איז באַזירט הויפּטזעכלעך אויף אויטענטישע ידיעות פון חשובע פערזאָנען וואָס האָבן פערלאַנגט צו בלייבן אינקאָגניטאָ.
נ. וו.

און יתומים. מען פלעגט שטענדיק זען אין גאַס ר׳ שלמהן אַרומטראָגן זיך מיט געפּאַקטע טאַשן אָנגעשטאָפּטע מיט קליי־דער אָדער עסנוואַרג פאַר אָרעמעלייט.

זיין גוטסקייט איז געווען אַ שם־דבר אין סלוצק. אין דער ערשטער וועלט־מלחמה איז שלמה דעמבורג געווען אַ סאָלדאַט. ליגן סאָלדאַטן אין די אָקאָפּעס און שיסן, חוץ שלמה. וואָס הייסט שיסן, מ׳קען דאָך חס־ושלום עמעצן טרעפן מיט אַ קויל!.. ליגט שלמה און זינגט תהילים אָנשטאָט שיסן. האָט מען דאָס דערציילט דעם קאָמאַנדיר פון זיין אָפּטיילונג, קומט יענער און שרייט: „דעמבורג, פּאַטשעמו ניע סטרע־ליאַעש"? (וואָרום שיסטו ניט?..) ווייס שלמה, אַז „דאָ שמעקט מיט פּולווער", מאַכט ער זיך אַ האַרץ און שטעלט אָן די ביקס אין דערהויך און שיסט אויס דריי מאָל ביז דער אָפיצער איז אַוועקגעגאַנגען. דאַן לייגט שלמה אַוועק די ביקס און נעמט זיך ווידער צום תהילים. בזכות דעם איז ער ניצל געוואָרן.

אין די ערשטע צוואַנציקער יאָרן, ווען די יעווסעקציע איז געווען אַלמעכטיק און די רויטע שטאָט־רעגירונג האָט רעקווירירט דעם ישיבה־בנין, זענען די מערסטע בחורים פון דער ישיבה אַנטלאָפן צוזאַמען מיט זייערע פירער קיין קלעצק, אָבער איינצלנע ישיבה־בחורים זענען נאָך געבליבן און פאָרגעזעצט זייער לערנען אין דער שניידערשער שול. ווי באַוווּסט, זענען אין דער שניידערשער שול געווען זייער שיינע בענק, זענען די בעלי־בתים געווען ברוגז אויף די ישיבה־בחורים, וועלכע נוצן אויס צופיל די בענק און די שטענדערס. פלעגט זיך ר׳ שלמה לפנים וועגן זיך צושרייען: „מזיקים, וואָס איר זייט! איר מאַכט דאָך חרוב די שול, הערט אויף ברעכן די בענק, די שטענדערס ...ס׳איז ניט אויסצו־האַלטן פון אייך"!

גלייך אָבער ווי נאָר די בעלי־הבתים זענען אַוועק, פלעגט ער צוגיין צו די ישיבה בחורים און זאָגן: „ס׳אַרא שוטים די בעלי־הבתים זענען. אויב נישט אויף לערנען צו וואָס דאַרף מען די בענק מיט דער שול צוזאַמען, נוצט זיי געזונטערהייט נאָר לערנט תורה, קינדערלעך!"

ר׳ שלמה איז געווען אויך דער אָפיציעלער דרשן אין דער שניידערשער שול, קיין מאָל נישט צוגעגרייט זיך צו דרשות. גאָר שטרענג איז ער געווען אין זיינע דרשות. שבת־בייטאָג פלעגט אָפּט פּאַסירן אַז ער פלעגט זיך צובייזערן און שטאַרק צוואָרעמען דעם עולם מיט זיין טרויעריקן ניגון און פיל האָבן פאַרגאָסן טרערן.

ר׳ שלמה איז אומגעבראַכט געוואָרן אין סלוצק דורך די נאַציס ימח שמם.

## ר׳ שמואל דער שמש פון קלויז

די קלויז איז געווען די עלטסטע שול אין סלוצק און איר געבוי איז געווען מער ענלעך צו אַ פעסטונג ווי צו אַ שול. די ווענט זענען דאָרטן געווען גרעבער ווי אין אַנדערע בנינים.

ווי שטאַרק זענען געווען די ווענט פון קלויז, איז נאָך שטאַר־קער געווען דער יידישער גייסט וואָס האָט געהערשט אינ־ווייניק אין די ווענט. אין קלויז האָבן געוויינטלעך גע־דאַוונט דער רב און די חשובסטע בעלי־הבתים פון שטאָט. יעדן נאָך־מעריב האָט מען דאָרט געזאָגט אַ טעגלעכן בלאַט גמרא ביי אַ טיש, אויסגעזעצט פון צוויי־דריי מנינים יידן. אין קלויז איז געווען אַ סך ספרים, אַלטע פון קדמונים־אָן און אויך שפּאָגל־נייע ש״ס׳ן און רמב״מס פון ווילנא. ר׳ יחזקאל אבראמסקי, דער לעצטער סלוצקער רב פלעגט זאָגן אַז דאָס וואָרט קלויז קומט פון העברעאיש „קול עוז", די שטימע פון שטאַרקייט פון דער תורה, וואָס ווערט אָנגערופן עוז (ה׳ עוז לעמו יתן), סלוצקער יידישקייט האָט זיך אַמ־שטאַרקסטן געפילט אין קלויז.

דער שמש ר׳ שמואל ווענדראָוו האָט מיט זיך פאַרקער־פּערט אַ שטיק יידישע סלוצק. במשך פון זיין גאַנצן לעבן איז ער ניט אַרויסגעפאָרן פון סלוצק. ער האָט געזען סלוצק אין איר גאַנצן פּראַכט און גלאַנץ, ווען זי איז באַטראַכט געוואָרן אַלס די צווייטע, נאָך ווילנע, אין דער דינאַסטיע פון ליטווישן יידנטום.

ר׳ שמואל איז געווען שמש אין דער צייט, ווען ר׳ יאָשע־בער סאָלאָווייטשי׳ק איז נאָך געווען סלוצקער רב. (ר׳ יאָשע־בער איז געווען רב אין סלוצק בערך אין יאָרן תרכ״ב — תר״ל, 1862—1870), אויך מיט ר׳ יעקב דוד׳ן און ר׳ איסר זלמן מעלצער. און ער האָט נאָך דערלעבט צו זיין שמש מיט ר׳ יחזקאל אבראמסקי. ר׳ שמואל איז געווען אַ בקי אין ש״ס מיט גרויסע ידיעות אין מדרשים, שטענדיק איז ער געזעסן און געלערנט, דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט פון דערפילן אַלע פליכטן זיינע פון שמשות אין שול. איבער־הויפּט איז ער געווען פאַרקאָכט אין די ספרים פון קלויז און ער האָט זיי אָפּגעהיט ווי דעם בעסטן אוצר. ס׳פלעגט אָנקומען זייער שווער צוקריגן פון אים אַ ספר, און גלייך ווי ער האָט דערזען אַ גמרא ליגנדיק אויף אַ שטענדער, פלעגט ער עס גלייך אַריינשטעלן אין אַלמער און פאַרשליסן. הרב אַבראַמ־סקי פלעגט זיך וויצלען: ר׳ שמואל האָט שוין פאַרשפּאַרט אַביי און רבא׳ן אין אַלמער, מ׳דאַרף גיין מקיים זיין „פדיון שבוים".

צוליב זיין הויכן עלטער און זיין נאָענטקייט צו די געווע־זענע גרויסע סלוצקער רבנים, האָט ר׳ שמואל געקוקט מיט ביטול אויף יונגע רבנים און נייע מוסמכים, וועלכע האָבן שטענדיק געווירבלט אין קלויז. „עט, די „מאַשינאָוועס" רבנים וואָס ווייסן זיי, היינטיקע צוציקעס", פלעגט ער זאָגן, פון ר׳ יאָשע־בערס חריפות אָדער ר׳ יעקב דוד׳ס בקיאות". אָבער צו דעם יונגן מרא דאתרא האָט ער זיך באַצויגן מיט דעם גרעסטן יראת הכבוד, אפילו ווען ער האָט עטוואָס געהאַט איינצווענדן קעגן אים. הרב אבראמסקי פלעגט זיך נוהג זיין בלייבן אין שול נאָכן דאַוונען און לערנען אין טלית און תפילין. באַמערקט איינמאָל ר׳ שמואל אַז דער תפילין של ראש ביי דעם רב איז עטוואָס אָן אַ זייט, וויל ער דאָס זאָגן, אָבער ס׳פעלט אים דער קוראַזש צו קאָרעגירן דעם רב. ר׳

שמואל פאַרלירט זיך ניט און ער גייט צו צום רב מיט אַ מעשה: איר ווייסט רבי, איך געדענק ווי ר׳ יאשע־בער פלעגט אַראָפּפּאַטשן די האָר ביים אַנטאָן דעם של־ראש, כדי ס׳זאָל ניט זיין קיין חציצה. הרב אברמסקי קוקט אים אָן און גיט אַ זאָג: נו איז וואָס, און איך טו דען ניט אַזוי? דערווייל כאַפּט ער זיך גלייך מיט דער רעכטער האַנט אויטאָמאַטיש צום תפי־לין של־ראש און גלייכט אים אויס. שמייכלט ר׳ שמואל וואָס ער האָט ח״ו ניט פוגע כבוד געווען דעם רב. אויפן אויסזען איז ר׳ שמואל געווען, אַ ברוגזדיקער, אַ בייזער ייד, אָבער ער האָט פאַרמאָגט וואַרעמקייט, גוטסקייט אָן אַ שיעור. דריי טעכטער זיינע זענען, לא עלינו, געשטאָרבן ביי זיין לעבן פון צוקער־קראַנקייט, איבערלאָזנדיק קליינע יתומים. פלעגט ר׳ שמואל שטענדיק טענהן, אַז יעדער מענטש באַקומט וואָס ס׳איז באַשערט, אַ האָר ניט ווייניקער און ניט מער. אַלס באַשטעטיקונג צו דעם פלעגט ער זאָגן, אַז ער זעט דאָס באַ־שיינפּערלעך פון זיך אַליין. אָט האָט ער געהאַט אין זיין לעבן זייער פיל יסורים, אָבער גראָדע ניט קיין צאָן־ווייטיק. טראָץ דעם וואָס ער האָט שוין פאַרלוירן כמעט אַלע ציינער, ער קער ניט באַגרייפן ווי אַזוי ציינער קענען ווייטאָן; ווייל ס׳איז אים נישט באַשערט געווען צו האָבן דעם צער.

אין 1925 האָט די סאָוועטישע שטאַט־רעגירונג, דורך דער ווירקונג פון דער „יעווסעקציע", אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אַז די שולן מעגן זיין אָפן בלויז צום דאַוונען, אָבער ניט צום לערנען, דערפאַר מוזן זיי זיין געשלאָסן פון 9 אַזייגער אין דערפרי ביז 5 פאַרנאַכט. זענען געגאַנגען אייניקע פאַרבלי־בענע ישיבה־בחורים און געעפנט די קלויז דורך דער הינטער־טיר און דאָרטן געלערנט. די סאָוועטישע משרתים האָבן דאָס אַנטדעקט און געמאַכט פון דעם אַ גאַנצן וועזן. די בעלי־בתים פון קלויז האָבן געשריען אויף ר׳ שמואלן וואָרום ער ווייסט ניט וואָס ס׳טוט זיך אין קלויז, און ער דאַקעגן האָט זיך דערשראָקן און זיך געבייזערט אויף די „פאַרברעכער" וואָס וואָגן צו שטעלן אין געפאַר די עקזיסטענץ פון דער שול. אין אַ קורצע ווײַלע אָבער האָט ער זיך באַטראַכט און איז געקומען זיך אַנטשולדיקן פאַר זיינע איבערגעאיילטע באַמערקונגען קעגן די יעניקע, וואָס האָבן זיך זעלבסט געשטעלט אין אַ פיל גרעסערער געפאַר, כדי צו לערנען אייניקע שטונדן.

אין זיינע לעצטע יאָרן האָט ר׳ שמואל איבערגעגעבן די שמשות זיין איידעם ר׳ הלל דעם סופר (נאַזשיק) און ער אַליין האָט בלויז אַכטונג געגעבן אויף די ספרי־תורות אַז זיי זאָלן שטענדיק זיין צוגעגרייטע אויפן אָרט ווו מ׳דאַרף לייע־נען און אויך יעדער ספר־תורה זאָל געניצט ווערן נאָך דער רייע, כדי קיין איינע זאָל ניט בלייבן אומבאַנוצט פאַר אַ לענגערע צייט. די אַרבעט האָט ער געהאַלטן פאַר צו הייליק צו אַנטרויען דאָס אַ צווייטן. עס האָט פּאַסירט אַז ר׳ שמואל האָט צוגעגרייט אַ ספר תורה און ווי זיין שטייגער, אַוועקגע־לייגט עס אויפן ברעג פון טיש ביז ער וועט איבערקוקן נאָך אייניקע, און צוזאַמען זיי אַריינשטעלן אין ארון־קודש. דער־ווייל האָט זיך די ספר־תורה אַ דריי געטאָן און אַראָפּגעפאַלן פון טיש. ר׳ שמואל איז געבליבן אַ פּאַראַליזירטער, — אין זיין לאַנגער קאַראַיערע אַלס שמש פון קלויז האָט אַזוינס נישט פּאַסירט. ער האָט גלייך געזאָגט, אַז דאָס מוז זיין דער סוף, ער וועט שוין לאַנג נישט אָנציען אויף דער נאַרישער וועלט. כך־היה, אַזוי איז טאַקע געווען. אין אַ קורצער צייט אַרום איז ר׳ שמואל נפטר געוואָרן און באַלד נאָכדעם איז אויך זיין „מלוכה" געפאַלן. די קלויז, אַזוי גוט ווי אַלע סלוצקער שולן, איז באַלד פאַרמאַכט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער רעגי־רונג.

## ר׳ נתן פישקין־האַרן — קרניים־שול

די „קרניים־שול" איז געווען, פונקט ווי די קצבישע און שניידערשע שולן, אַ זכר פון אַמאָליקע יאָרן ווען, דער גאַנצער יידישער לעבן האָט זיך געדרייט אַרום שול צום דאַוונען און צו טרעפן זיך מיט די קאָליעגן. אין קרניים־שול האָבן געדאַוונט, די חברה קעמלמאַכער, וועמענס צאָל אין סלוצק איז געווען אַ היפּשע. דערום האָט טאַקע די שול געהייסן קרניים — הערנער. די לעצטע יאָרן זענען שוין דאָרטן געווען ווינציק קעמלמאַכער, אָבער דער נאָמען קרניים־שול איז געבליבן אַלס אָנדענק פון אַ שיינער תקופה אין יידישן לעבן.

דער לעצטער שמש פון קרניים־שול איז געווען ר׳ נתן פיש־קין־האַרן. ס׳איז גאַנץ וואַרשיינלעך, אַז דער צוגאָב „האַרן" האָט ער זיך אַליין צוגעגעבן, זייענדיק שטאָלץ מיטן נאָמען פון שול. ר׳ נתן איז געווען אַ מענטש פון מיטעלער הויך. אַ דאַרער, אַ קרענקלעכער, שטענדיק געלעבט אויף אַ דיעטע און געציטערט פון נעמען אַ איבעריקן ביסן. קוקנדיק אויף אים האָט איר ניט פאַרשטאַנען ווי אַזוי דער מענטש האַלט זיך אויף די פיס, און ס׳האָט זיך טאַקע געדאַכט אַז אָט פאַלט ער אַוועק. קוים אָבער האָט ער זיך געשטעלט צום עמוד אַלס בעל תפילה, איז ער גלייך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַנדער בריאה. ווען ר׳ נתן האָט געדאַוונט פאַרן עולם האָט מען געקענט זיין זיכער, אַז דאָ שטייט אַ גיבור מיט אַן אייזער־נעם ברוסט־קאַסטן. ס׳האָט זיך געפילט אַ גוואַלדיקער גערש־מאַק, אַ דביקות אין כלות־הנפש. ווען ער האָט געלייענט אין דער תורה איז דאָס געווען מיט אַ זעלטענער אינטאָנאַציע און קלאָרקייט. אַפילו אַזאַ פּשוטע זאַך ווי קידוש, יעדן פרייטאָג־צו־נאַכט אין שול, האָט דאָס ביי אים געקלונגען ווי אַ גלאָק און ס׳האָט זיך געהערט אין פיל גאַסן. אַממערסטן אָבער איז ר׳ נתן געקומען צום אויסדרוק שבת־פאַר־נאַכט, ווען אין שול איז כמעט פינצטער, בלויז איין לעמפּל ברענט ביים טיש, דאַן גייט צו ר׳ נתן צום עמוד און פאַנגט אָן מיט אַ ווייכן טרויעריקן און מעלאַנכאָלישן דורכדרינגענדיקן ני־גון: אשרי תמימי דרך ההולכים בתורת ה׳ — — — בלויז עטלעכע יידן שפּאַרן זיך צום לעמפּל כדי צו זאָגן דאָס פון קליינעם תהילים, אָבער די מערסטע פון עולם זאָגן נאָך ר׳ נתן׳ן פּסוק ביי פּסוק אויף אויסנווייניק, און מיט יעדן פּסוק הויבט זיך די התלהבות ביי אים, אַזוי אַז מ׳האָט געפילט בחוש דעם שטילן געוויין פון די ווענט אין שול. אַפילו חברה יונגוואַרג וואָס האָבן געשטיפט ווי טייוואָלים, צוריקקומענדיק

פון שלוש־סעודות, בלייבן זיי ווי פאַרגאַפטע פון ר׳ נתן׳ס שבת־צו־נאַכטיקן תהילים־זאָגן און רירן זיך ניט פון שול ביז נאָך מעריב. ר׳ נתן איז געווען אַ גרויסער קבצן, נאָר מיט אַ גבירישן פּאַרנעם. זיין הוצאה פלעגט ער אויסמאַטערן פון זיין קליינעם געהאַלט אַלס שמש און צו דעם געמאַכט אַ פאַרדינסטל פון צוהעלפן אַ צווייטן שדכן דורכפירן אַ שידוך. אָדער אַמאָל העלפן אַ צווייטן מעקלער פאַרקויפן אַ הויז, אָבער אַ נאָמען האָט ער געהאַט אַלס אַ עקספּערט אין הייזער־געשעפטן און איבערהויפּט אַלס אַ גרויסער נאמן, וועמען מ׳מעג אַנטרויען אוצרות אויף זיין וואָרט. דערום האָבן פיל אָפּגעשריבן זייערע הייזער אויף זיין נאָמען. אַ אַלטער טאַטע האַלט ביים שטאַרבן און שרעקט זיך, אַז די קינדער וועלן זיך קריגן איבער דער ירושה, שרייבט ער איבער זיין הויז אויף ר׳ נתנס נאָמען און ער מעג שוין רואיק שטאַרבן, ווייל ר׳ נתן וועט זען, אַז אַלע זאָלן זיין צופרידן. איינעמס אַ זון איז אַנטלאָפן פון פריזיוו, שרעקט זיך דער טאַטע, אַז די רעגירונג וועט אַרויפלייגן אויף זיין הויז אַ גרויסע סומע געלט אַלס שטראָף, שרייבט ער איבער זיין הויז אויף ר׳ נתן׳ס נאָמען. מיט זיין ערשטער פרוי האָט ר׳ נתן ניט געהאַט קיין קינדער פיל יאָרן, דערום איז אים פאַרבליבן אַ שטאַרקע ליבע צו קינדער, אַפילו נאָכדעם, שפּעטער, ווען זיין פרוי איז געשטאָרבן און ער האָט שוין געהאַט אַ קינד פון זיין 2־טער פרוי. אויך קינדער האָבן אים זייער ליב געהאַט און צייטנווייז פלעגט ער מיט זיי פאַרברענגען, געשמועסט וועגן זייערע לימודים אין חדר און געהאָלפן זיי אין זייער לערנען. ר׳ נתן פלעגט חתונה־מאַכן יתומים, געהאָלפן אַ סך אָרעמעלייט. סתם אָרעמעלייט האָבן שטענדיק געוווסט אַז „בדלית־ברירה״, קען מען גיין אין קרנים־שול — „ר׳ נתן דער שמש וועט שוין געפינען אַ וועג און וועט ניט אַרויסלאָזן אַ יידן מיט ליידיקע הענט״. בכלל האבן אַלע אין סלוצק געוווסט אַז ר׳ נתן איז שטענדיק גרייט העלפן, ווי שרייבן אַ בריוו פאַר א אַלמנה צו אירע קרובים אין אַמעריקע, אָדער אַ אָרעם פאָרפאָלק העלפן מאַכן אַ שיינעם ברית, דורכרעדן זיך אַ ביסל מיט אַ יידן, אַ מר־נפש, וואָס איז נייגעריק אַראָפּצורעדן פון האַרצן. צייטנווייז האָט ער זיך אויך געקענט מאַכן תמעוואַטע, ווי ער וואָלט ניט געקענט ציילן קיין צוויי.

אין 1923 ווען די סאָוועטישע שטאָט־רעגירונג האָט שוין פאַרמאַכט אַלע חדרים און פאַרבאָטן צו לערנען תורה מיט יידישע קינדער, האָבן אייניקע יידן זיך צוזאַמענגערעדט און אויסגעהאַנגען אַ געשריבענעם קול־קורא אין אַלע שולן, אַז יידן זאָלן זיך מוסר־נפש זיין און לערנען זייערע קינדער. די יעווסעקעס האָבן זיך דערוווסט פון דעם און געלאָזט ברענגען אין געריכט אייניקע שמשים פאַר דערלויבן אַזאַ „פאַרברעכן״. ערב תשעה־באב תרפ״ג, איז פאָרגעקומען דער פּראָצעס, וואָס האָט דערשיטערט די רעליגיעזע עלעמענטן פון שטאָט. אויף דעם פּראָקוראָרס געשריי, פאַר וואָס זיי האָבן דערלויבט אַזעלכע אויפרופן הענגען אין שול, — האָט ר׳ נתן זיך געמאַכט ווי אַ גולם און געזאָגט, אַז ער האָט ניט געוווסט וואָס דאָרטן איז געשריבן, — „מאַלעוואָס אַ צעטל הענגט אין שול״. זיינע רייד האָבן נאָך מער אויפגערעגט דעם יעווסע־קישן געריכט, ווייל זיי האָבן גאַנץ גוט געוווסט, אַז ער איז ניט אַזאַ בטלן ווי ער מאַכט זיך, דער פּראָקוראָר האָט זיך געקאָכט: „ועמען ווילט איר איינריידן אַזעלכע זאַכן, ווען איר מעקלערט אַ הויז זייט איר אויך אַזוי נאַאיוו״? אָבער ר׳ נתן האָט זיי געקוקט גלייך אין די אויגן און געגלעט זיין געלע באָרד ווי ניט אים מיינט מען דאָס. נאָך דעם ווי אַלע שולן זענען פאַרמאַכט געוואָרן, האָט נאָך ר׳ נתן זיך געמאַטערט פיל מאָל אויפצוהאַלטן מנינים און עטוואָס אַ איבערבלייבעניש פון אַ געמיינזאַמען יידישן לעבן. ליידער איז יעדן טאָג די לאַגע געוואָרן שווערער. די אויגן פון די יעווסעקעס האָבן דורכגעדרונגען אַלע באַהעלטענישן און געזוכט צו עוקר־מן־השורש זיין יעדן אָנדענק פון יידן און יידישקייט.

ר׳ נתן איז אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט אַלע יידן פון סלוצק — הי״ד ותנצב״ה.

## ר׳ איסערקעס קלויז און איר לעצטער שמש ר׳ ישראל פעלער

ר׳ איסערקעס שול איז געווען די איינציקע אין סלוצק וואָס האָט זיך אָנגערופן אויף אַ נאָמען פון אַ מענטשן. דער נאָמען האָט אין זיך פאַרקערפּערט אַ שטיק סלוצקער געשיכטע וואָס האָט זיך געצויגן הונדערטער יאָרן.

די משפחה איסערלין, אָדער איסרסאָן, וואָס האָט אַרויסגעגעבן פיל גאונים און צדיקים, האָט געשטאַמט פון דעם גאון ר׳ משה איסרלעש, וועלכער איז באַוווסט אַלס „דער רמ״א״ (1520—1579). די מיטגלידער פון דער משפחה האָבן געוווינט אין סלוצק פאַר לאַנגע דורות און אויך אויפן סלוצקער בית־עולם האָבן זיי פאַרנומען גאָר מיוחסדיקע ערטער (זע „דעת קדושים״ חלק „יתרון דעת״ צד 25).

אין אָנפאַנג פון 19־טן יאָרהונדערט האָט אין סלוצק געלעבט ר׳ אברהם ר׳ איסרקעס איסערלין. חוץ זיין גרויס יחוס, איז ער געווען אַ גדול בתורה און אַ גאַנץ פאַרמעגלעכער. זיין פרוי רבקה האָט אויסגעבויט אַ שול וועלכע האָט געהייסן „רבקה ר׳ איסערקעס קלויז״. זייער זון יונה האָט די שול נאָך מער פאַרפאָלקאָמט. ר׳ יונה איסערלין האָט געהייראַט מיט דבורה, די טאָכטער פון דעם גרויסן נכבד ר׳ יואל סירקין פון דער מיר און ס׳איז אים אַוועק זייער גוט אין אַלע זיינע געשעפטן, ביז מ׳האָט אים געשאַצט זיין פאַרמעגן בערך זעקס הונדערט טויזנט רובל, אַ קאָלאָסאַלע סומע אין יענע יאָרן אין סלוצק. צו דעם איז ר׳ יונה געווען אַ גרויסער בעל צדקה. ער האָט זיך נוהג געווען צו געבן יעדער איינעם, וואָס האָט געבעטן אויף חלה און פלייש אויף שבת. ר׳ יונה׳ס אַ טאָכטער איז געוואָרן אַ כלה פון דעם יונגן גאון ר׳ צבי הירש אָרנשטיין, וואָס איז שפּעטער געווען רב אין בריסק און לעמבערג. אַלטע סלוצקער דערציילן, אַז דער שידוך האָט געהאַט זייער אַ גרויסן אָפּקלאַנג אין ווייטע קרייזן פון דער יידישער וועלט, ווייל דער חתן, חוץ זיין גרויסקייט אין תורה, האָט געשטאַמט פון די גרעסטע גאונים און יחסנים פון לעמבערג, און דאָ קומט אַ גביר פון ליטא און כאַפּט אַרויס אַזאַ אַנטיק פאַר אַ איידעם.

צוליב דעם גרויסן שידוך האָט ר׳ יונה אַפילו מסכים געווען, אַז די חתונה זאָל פאָרקומען, נישט ווי ס׳פירט זיך ביי יידן, אין דער כלה׳ס היים, נאָר אין דעם חתן׳ס שטאָט. ר׳ יונה האָט אַפילו געפועלט ביי זיין רב, דעם אַלטן גאון ר׳ יאָסעלע פיימער, ער זאָל פאָרן צו דער חתונה אַזש קיין לעמבערג.

ר׳ יאָסעלעס נאָמען איז געווען באַוווסט אין דער גאַרער יידישער וועלט און די גאונים פון לעמבערג האָבן אומגע־דולדיק געוואַרט מקבל פנים זיין אים און הערן עטוואָס גרויסעס פון זיין מויל.

ר׳ יאָסעלע איז טאַקע פינקטלעך געקומען צו דער חתונה, אָבער ער האָט בלויז „מסדר קידושין" געווען אונטער דער חופה און מער קיין וואָרט ניט גערעדט. די אַנדערע רבנים האָבן זיך, ווי דער שטייגער, פיל געאַמפּערט אין לערנען אין ר׳ יאָסעלעס קעגנוואַרט און געזוכט אַלערליי מיטלען אים צו פּראָוואָצירן און אַריינשלעפּן אין אַ תורה־געשפּרעך. אַנדערע האָבן אַפילו אָנגעפאַנגען צווייפלען אין זיין גרויסקייט: „מאַלע וואָס אין דער ליטע קען מען אויס־קלינגען". האָבן זיי באַשלאָסן אַריינצולייגן אין אַ גרויסן כלי פאַרשיידענע מינים פּרוכטן און דאָס אַוועקשטעלן נעבן ר׳ יאָסעלען, כדי זען ווי אַזוי ער וועט מאַניעווירן ביים עסן, אויף וועלכע וועט ער פריער מאַכן אַ ברכה.

ר׳ יאָסעלע האָט „אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען", האָבן זיך די רבנים איבערגעקוקט: „ס׳ווייזט אויס אַז דער ליטוואַק ווייס עפּעס יאָ אין די קליינע אותיות. טאָ וואָרום שוויגט ער?!!"

ענדלעך זענען זיי צו אים צוגעשטאַנען און געפרעגט די אורזאַך פון זיין שווייגן. ר׳ יאָסעלע האָט געענטפערט גאַנץ קאַלטבלוטיק אַז ער זאָגט קיין מאָל נישט קיין אייגענע תורה, נאָר בלויז וואָס ער האָט געהערט פון זיין רבין, ר׳ חיים וואָלאָזשינער.

אָבער דער שידוך האָט נישט מצליח געווען. דער אונטער־שייד צווישן די צוויי וועלטן איז געווען צו גרויס פאַר דאָס פּאָרפאָלק און אין אייניקע יאָר אַרום האָבן זיי זיך גע׳גט און ר׳ יונה׳ס טאָכטער איז אַהיים געקומען אין סלוצק.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז זי געוואָרן אַ כלה מיט ר׳ שמואל שמחוביץ פון מינסק. דאָס איז געווען „אַ צאַצקע, אַן אַנטיק" אַ ייד מיט אַלע מעלות. אַ גדול בתורה אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב מיט אַ וווּנדערבאַרן קאָפּ און אַ ברייט יידיש האַרץ.

ר׳ שמואל שמחוביץ איז געווען באַוווּסט אַלס חכם און כלל־טוער ווייט איבער די גרענעצן פון סלוצק און אַפילו פון מינסקער גובערניע. ווען דער רוסישער קיסר האָט אויפגע־שטעלט אַ „ראַווינסקי קאָמיסיע", אין וועלכער ס׳זענען אַריין די גרעסטע רבנישע פירער ווי ר׳ יצחק אלחנן ספּעקטאָר און ר׳ יאָשע־בער סאָלאָווייטשיק, כדי צו באַראָטן זיך מיט זיי פון צייט צו צייט וועגן יידישע פראַגן, איז אויך ר׳ שמואל שמחוביץ איינגעלאַדן געוואָרן צו זיין אַ מיטגליד פון דעם ראַט.



הרב הגאון ר׳ יאָסעלע פיימער

דער גרויסער גביר ר׳ יונה איסערלין האָט זייער ליב געהאַט ספרים און תלמידי חכמים. האָט ער זיך איינגעשאַפן אַ ריזיקע ביבליאָטעק וואָס האָט אַנטהאַלטן זייער אַ גרויסע קאָלעקציע פון אַלערליי יידישע ספרים. אויך האָט ער אַוועק־געזעצט אין זיין מוטערס קלויז צען תלמידי חכמים, וועלכע זענען אויסגעהאַלטן געוואָרן אויף זיין חשבון, און געלערנט תורה אָן קיין זאָרג, אָדער ווי מ׳האָט דאָס אַמאָל גערופן „עשרה בטלנים" (זע מס׳ מגילה ה׳ ע״א: איזו עיר גדולה, כל שיש בה עשרה בטלנים).

אַלטע סלוצקער לצים דערציילן איין עפּיזאָד וואָס שפּיגלט אָפּ די אָרעמקייט און די קבצנישע השגות פון יענע יאָרן. ר׳ יונה האָט געהאַט יאָרצייט נאָך זיין טאַטן, איז ער געקומען צו זיין מנין און געזאָגט: „איך בעט אייך אַז היינט ביינאַכט זאָלט איר ספּעציעל זיצן אַ גאַנצע נאַכט און בכוונה לערנען פאַרן זכות פון מיין טאַטן ז״ל. פאַר אייער טירחה וועל איך אייך צום מאָרגנס באַפרידיקן מיט אַ מאָלצייט לויט אייער אייגענעם פאַרלאַנג".

די חברה האָבן גריילעך דערפילט זיין פאַרלאַנג און גע־לערנט אַ גאַנצע נאַכט נאָכאַנאַנד. אויף מאָרגן ווען ער האָט זיי געפרעגט וואָס איז זייער פאַרלאַנג צו דער סעודה, האָבן זיי געענטפערט אַז זיי האָבן שוין געהאַט אַ ישוב הדעת און איינשטימיק באַשלאָסן פאַרלאַנגען באַטשווענע מיט מילך און הרעצקענע קאַשע געקאָכט מיט פּוטער צום פאַרבייסן.

אין יאָר 1868 איז די שול פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט אַ גרויסן חלק פון דער שטאָט סלוצק און אויך די מערסטע פון ר' יונה'ס ספרים זענען פאַרניכטעט געוואָרן (ז. הלבנון, שנה ה' מספר כ"ז).

ר' יונה איסערלין האָט איבערגעבויט די שול פון דאָסניי און צוריק אַריינגעזעצט זיין מנין צום לערנען. פון דאַן אָן איז דאָס שוין געבליבן באַוווּסט אַלס אַ משפחה־זאַך, „ר' איסערקעס קלויז, אָדער שול", ווו מ'האָט שטענדיק געלערנט. יאָרן שפּעטער איז די שול אויך געווען די היים פון ר' נחמיה'ס מכינה־ישיבה ביז וואַנען ער האָט זיך פאַראייניקט מיט ר' בערל און ר' יאשע טריצאַנער, און צוזאַמען האָבן זיי פאַרמירט די „מכינה", וועלכע איז שוין געווען אין דער געבײַדע פון דער „קאַלטער שול" און האָט אָנגעהאַלטן ביז די ערשטע צוואַנציקער יאָרן.

דער לעצטער שמש פון ר' איסערקעס שול איז געווען ר' ישראל פעלער. אַ געבוירענער אין אַרלע און געלערנט האָט ער ביי ר' ברוך־בער'ן אין סלאָבאָדקע. אין צייט פון ערשטן קריג איז ער מיט זיינע עלטערן געקומען קיין סלוצק אַלס קריגס־פאַרטריבענע און שוין דאָרטן פאַרבליבן.

ר' ישראל האָט געהייראַט מיט הרב יצחק יעקב שיינבוים'ס אַ טאָכטער, וועמען מ'האָט גערופן אין סלוצק דער הראַזאָווער משולח.

דאָס איז געווען אַ ייד אַ שטיק פייער און ווען ער פלעגט זאָגן אַ דרשה, איז דאָס געווען ווי אַ וווּלקאַן. לצים פלעגן אים רופן „דער קאַטשעגאַר פון גהינום".

נאָך זיין חתונה האָט ר' ישראל פעלער געפּרוּווט אייניקע געשעפטן אָן הצלחה און זיך גענומען צו שחיטת עופות. דערווייל האָט ער געלערנט משניות פאַרן עולם אין קרניים־שול און אויך געזאָגט אַ בלאַט גמרא אין ר' איסערקעס שול, ווו זיין שווער האָט געדאַווענט.

אין 1924 האָט די שטאָט־רעגירונג צוגענומען ר' איסער־קעס הויפּט־שול און איבערגעלאָזט בלויז די ווייבערשע טייל פון שול צום דאַווענען. דאַן האָט ר' ישראל איבערגענומען די שמשות, מער פון מצוה וועגן ווי פאַר דעם „געהאַלט". אַזוי ווי די דאָזיקע שול איז געווען כמעט די איינציקע אָפן־געבליבענע דורך די אַלע יאָרן ביז דעם גרויסן אונטערגאַנג, זענען ביידע „פּראָפעסיעס" זיינע, שחיטה און שמשות, באמת געווען מער אַקטן פון מסירות־נפש ווי עפּעס אַנדערש.

דורך די יאָרן פון די לעצטע צוואַנציקער, ווען די רעגי־רונג האָט שווידערלעך געפּרעסט און געזעצט מענטשן אין טורמע כדי צו באַקומען פון זיי אויסלענדישע וואַליוטע, דאָס וואָס מ'האָט גערופן די „דאָלאַרן אינקוויזיציע", האָט מען אויך ר' ישראל פעלער פאַרשפּאַרט אין תפיסה: די טשעקאַ־אַגענטן האָבן אים פיל געמאַטערט, אַלס קהלשער מענטש וואָס קען אַלעמען אין שטאָט, ער זאָל מסרן פון וועמען מ'קען „קוועטשן" און „אויספּרעסן" דאָלאַרן.

ר' ישראל איז אָבער אויסגעשטאַנען אַלע יסורים און, חס ושלום, קיינעם ניט געמסרט. נאָך מער, אַפילו זיצנדיק אין טורמע צוזאַמען מיט פיל אַנדערע האָט ער זיך אויפגעפירט אַזוי איידל און דערהאַבן, אַז זיין האַלטונג האָט אַרויסגערופן רעספּעקט ביי אַלע זיינע מיט־זיצער, און אַפילו די האַרצ־לאָזע טשעקאַ־אַגענטן זענען פון אים באַווירקט געוואָרן. זיין גאַנצער ווען האָט אַלעמען איבערצייגט אַז אויף זיין וואָרט קען מען זיך אָנטרויען, און זיי האָבן אים טאַקע געגלויבט. בלויז אויף זיין וואָרט זענען אַרעסטירטע באַפרייט געוואָרן און די הכנות צו אַרעסטירן אַנדערע, זענען בטל געוואָרן. אַזוי איז זיין אַרעסט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קידוש־השם און אַ שטיקל צייטווייליקע ישועה.

ווי געזאָגט, האָט ער אָנגעהאַלטן די שמשות ביז דעם לעצטן חורבן און אויך די אַרבעט פון „שחיטת עופות" (צו־שעכטן גסות איז געווען אַבסאָלוט אוממעגלעך) צוזאַמען מיט הרב ר' שמחה רישין (איידעם פון ר' חיים בער, אַ באַוווּס־טער נכבד אין סלוצק, וועלכער איז אויך געווען דער גבאי פון קרניים־שול).

אָט די צוויי זענען געווען די לעצטע שוחטים אין סלוצק.

נאָך דעם ווי הרב ר' יחזקאל אבראַמסקי איז אַנטלאָפן פון סלוצק קיין אויסלאַנד איז דאָרטן נאָך געבליבן אייניקע יאָר הרב ר' יצחק האַכמאַרק, וועלכער האָט געהייראַט מיט דער איהומענער רביצין יערוסאַלימסקי, טאָכטער פון רידב"ז און שוויגער־מוטער פון הרב אַבראַמסקי.



דער לעצטער שוחט און שמש אין סלוצק
ר' ישראל פעלער מיט זיין פאַמיליע (אומגעקומען אין געטאָ)

די דאָזיקע זענען געווען די לעצטע מאהיקאַנער אין דער לאַנגער גלאָרייכער קייט פון כלי קודש אין סלוצק.

---

צום שלוס פון דער רשימה דערלויב איך זיך צו פאַרציי־כענען עטלעכע פערזענלעכע זכרונות־שטריכן אַלס אַ געוועזענער אין סטאַראָבין, פאַר וועמען סלוצק איז געווען דער ערשטער טויער אין דער גרויסער וועלט אַריין.

ווען סטאַראָבין האָט אָפּגעברענט, האָבן מיר באַשלאָסן זיך אַריבערציען אין אַ דאָרף. דער גורל איז אויסגעפאַלן אויף דעם דאָרף מיטשאַוויץ, וואָס געפינט זיך בערך זעכצן רוסישע ווייאָרסט פון סטאַראָבין און אַ פיר וויאָרסט פון דער שטעטל פאַהאָסט. אַזוי ווי אין דאָרף האָבן געוווינט בלויז

געציילטע ידישע פאַמיליעס, האָט מען געמוזט לייגן אײַן ערוב אין דאָרף סעלץ, כדי מ׳זאָל מעגן שבת אין דער פרי גיין דאַוונען אין פאַהאַסטער בית מדרש (לויטן דין טאָר מען נישט גיין שבת אויסערן שטאָט מער ווי אַ „תחום שבת״, וואָס איז בערך צוויי רוסישע ווערסט, סיידן מ׳לייגט אַן ערוב).



בערל כּאַשעס (ריווין)
דער זיידע פון הרב וואַקסמאַן

דאָס איז אַנגעגאַנגען אין די שיינע פרימאַרגנס פון זומער און אויך אין די שנייאיקע און פראָסטיקע פאַרטאָגן פון ווייסרוסישן ווינטער. אויך פאַר ימים־נוראים פלעגן מיר אַריינפאָרן און שטיין אין פאַהאַסט. מיינע ערשטע דעראי־נערונגען פון פאַהאַסטער בית מדרש, באַלויכטן מיט די גרויסע בליץ־לאָמפּן, דעם רב׳ס חומש־לערנען שבת פאַרן דאַוונען און ר׳ הירשל איידליעס האַרציקע מוספים אין ימים נוראים האָבן געמאַכט אויף מיר אַ טיפן איינדרוק. וועגן גיין טעגלעך קיין פאַהאַסט אין אַ חדר איז ניט אַרויף אויפן געדאַנק. דערום האָט דער זיידע אַליין געמוזט קנעלן מיט מיר די ערשטע פאַר יאָר (דער טאַטע איז שוין געווען אין אַמעריקע). דער זיידע, בערל כּאַשעס ע״ה איז געווען אַ טיפּישער פּראָדוקט פון זיין צייט. צובראָכן פון דלות און צרות׳דיקן לעבן, איז ער אָבער געבליבן אומבאַרירט אין גייסטיקער תקיפות און אין נאַטירלעכן שטאָלץ. טראָץ זיין אויסערלעכע בייזקייט, האָבן אָבער זיינע קלוגע אויגן אויסגעדריקט מילדקייט און וואַרעמ־קייט, וואָס איך האָב טאַקע בעאָבאַכטעט ביי פיל געלעגנהייטן. זיין „לומדות״ איז באַשטאַנען אין וואָס מ׳קען אָנרופן „אַ משניות יידי״, קענענדיק תהילים אויף אויסנווייניק, גאַנץ חומש מיט רש״י, תנ״ך ביז ישעיה און גאַנץ משניות מיטן „קי־צור״ (תוספות יום טוב) כּמעט אויף אויסנווייניק, עד כּאן. קיין גמרא, חוץ אַזעלכע „קליינקייטן״ ווי עין יעקב, מדרש און אַ ביסל זוהר, אין וועלכע ער האָט זיך „געדראַפּעט״ יעדן שבת פאַרטאָג.

אָט די לימודים האָט ער מיר געלערנט ביז זעקס־זיבן יאָר. דאַן איז געוואָרן אַ שאלה ווו צו לערנען: אין סטאַראָבין אָדער סלוצק, איז געבליבן סלוצק, ווייל דאָרטן האָט געוווינט זיין עלטערע טאָכטער, דערום איז קיין פּראָבלעם ניט געווען וועגן אַ קוואַרטיר פאַר מיר.

אין סלוצק האָט מיך פאַרהערט ר׳ בערל דער ראש ישיבה און געזאָגט צום זיידן: „טאַקע אַ גוטער יינגעלע נאָר אַ קאָפּעלע צו יונג, זאָל ער נאָך גיין פאַר אַ יאָר צו ליפּע שיניאַווקער״.

אַזוי בין איך שוין פאַרבליבן שטיין ביי דער מומען, ראשע די קצב׳טע וועלכע האָט געוווינט אין יאַטקע מויער, און געלערנט ביי ר׳ ליפּען. ער איז שוין געווען אַ „קענער״ פון גמרא און גאַנץ „שוואַרבע״ (תנ״ך) און אַ גרויסער איבער־קלייבער ביים אויפנעמען תלמידים. געלערנט האָט מען אַ גאַנצן טאָג און יענעם זומער האָט מען געלערנט איוב, וואָס מיט מיינע הכנות צו תנ״ך, פון זיידן, האָט דאָס פשוט גע־מיינט „ברעכן די ציינער״. דאָך האָט עס ניט אָפּגעהאַלטן פון לויפן פון חדר אין דער קצבישער שול צו הערן ר׳ ליאָטע דעם שמש זאָגן „עין יעקב״ יעדן בין מנחה למעריב און שבת נאָך מיטאָג די דרשה פון ר׳ לייבע ניימאַרק אין דער שניידער־שער שול. נאָכדעם פלעגן מיר יינגלעך אַרומלויפן אויפן פעלד ביי דער נייער ישיבה. געוויינלעך פלעגט מען דאָרטן טרעפן דעם רב׳ס שוואָגער ר׳ שעפטיל קרעמער, דער משגיח פון ישיבה, גייענדיק שפּאַצירן מיט זיין טאָכטער (יעצט הרבנית פייגל רודערמאַן אין באַלטימאָר).

ווען סטאַראָבין האָט זיך אויפגעבויט האָט אונדזער מש־פחה זיך איבערגעקליבן צוריק אַהיים. עטלעכע יאָר האָב איך געלערנט אין סטאַראָבין און נאָכדעם ווידער אין סלוצק. אין מלחמה־צייט, זענען אָנגעלאָפן פיל נייע מענטשן פון פוילן און גאַליציע. די רואיקייט איז אָבער אַוועק. עס איז געווען דער אָנפאַנג פון סוף. דער ישיבה בנין איז רעקוויזירט גע־וואָרן. די ישיבה האָט זיך איבערגעקליבן צוריק אין דער שניידערשער שול. ביים אָנקומען פון די „רויטע״, פאַנגט אָן סלוצק אויסגיין, אַ לאַנגע גסיסה. איבער צוואַנציק יאָר, ביסלעכווייז שטאַרבט אָפּ סלוצק. ס׳איז געווען אַ טרויעריקע יציאת נשמה...

# תורה און השכלה

## יעקב פּאַט ניו־יאָרק / מיין יוגנט אין סלוצק

די שטאָט סלוצק שטייט מיר פאַר די אויגן אַזוי ווי איך האָב זי געזען אין מיינע יוגנט יאָרן, ווען איך האָב געלערנט אין דער סלוצקער מוסר־ישיבה, וווּ דער גרויסער גאון ר׳ יעקב־דוד איז געווען דער ראש הישיבה. איך האָב ניט איצט קיין מאַטעריאַלן, קיין נאָטיצן אונטער מיין האַנט און איך וועל זיך באַגרענעצן נאָר מיט אַ פּאָר ברעקלעך אַרויסגעגראָבענע פון מיין זכרון און איך בין שטאַרק דאַנקבאַר די רעדאַקטאָרן פון „ספר סלוצק״ וואָס האָבן מיך באַוועגט צו גריבלען זיך אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט.

### ווי אַזוי איך בין געפאָרן קיין סלוצק

ר׳ יעקב דוד סלוצקער, וואָס האָט געגרינדעט אַ מוסר־ישיבה אין סלוצק, האָט זיך געווענדעט, אויף וויפל איך געדענק, צום ראש הישיבה פון דער סלאָבאָדקער מוסר־ישיבה, ער זאָל אים אַרויסשיקן תלמידים, אין דער סלוצקער ישיבה — כדי זיי זאָלן העלפן צו שטאַרקן זי און אַנטוויקלען די ישיבה.

טראָץ דעם וואָס איך בין נאָך דאַן געווען גאָר יונג, האָב איך שוין געהאַט געלערנט איניקע יאָר אין דער סלאָבאָדקער ישיבה און בין געווען אַפילו באַוווּסט — (עס איז באמת ניט שיין יעצט אויסצוזאָגן) — אַלס „דער ביאַליסטאָקער עילוי״. דערום ווען עס איז געקומען דער פאַרלאַנג פון סלוצקער רב, האָט מיך צוגערופן דער משגיח ר׳ נאָטע הירש, וואָס איז געווען דער הויפּט־באַלעבאָס אין ישיבה, און מיר אַריינגערוימט אַ סוד, אַז ער רעכנט צושיקן אַהין אַ גרופּע פון זיינע בעסטע בחורים אין ישיבה, אָבער ער האָט אויך אין געדאַנק מיטצושיקן מיט זיי אַ פּאָר יינגערע וואָס ער האַלט פאַר מצוינים, כדי זיי זאָלן „אויפלעבן״ דאָרטן די ישיבה, אַלזאָ וויל ער אַז איך זאָל זיין איינער פון זיי.

זיינע רייד האָבן מיך שטאַרק אינספּירירט און איך בין טאַקע געווען דער יינגסטער פון דער סלאָבאָדקער גרופּע, וואָס איז אָפּגעשיקט געוואָרן קיין סלוצק.

אַ רייזע פון אַ טאָג און אַ נאַכט האָט מיך דערפירט ביז באַראַנאָוויטש, און דאָרטן זיך איבערגעזעצט אויף דעם באַן קיין ליאַכאָוויטש, וווּ מיר זענען אָנגעקומען פאַרטאָג. עס איז געווען טיפער הערבסט. די פעלדער פאַרזונקען אין בלאָטעס. אַ גרויסער דיליזשאַנס געשלעפּט פון דריי פערד, גראָד ניט קיין גבורים, האָט זיך געטראָגן פון ליאַכאָוויטש קיין סלוצק.



יעקב פּאַט

די נסיעה האָט געדויערט בערך אַ שעה צען־צוועלף, אויב ניט מער, אַ לאַנגע רייזע. די פּאַסאַזשירן וואָס האָבן אָנגעפילט דעם דיליזשאַנס זענען געווען מערסטנס יידן. עס איז געווען אַ קאַלטע נאַכט, איז מען געווען אָנגעטאָן אין פעלצלעך, „בורקעס״ מיט באַראַשקענע היטלעך אויף די קעפּ, וואָס אין יענעם געגנט האָט מען זיי גערופן „קוטשמעס״. דער שאָסיי איז געווען אַ שמאָלער און זיך געצויגן צווישן פעלדער און וועלדער, אַ גאַנץ אומעטיקער וועג. ער ציט זיך אויך דורך דערפער. דער הילוך פון די פּויערים און פּויערטעס איז אַ ווייס־רוסישער, פאַרביקע טיכלעך אויף די ווייבערשע קעפּ און די מענער טראָגן גרויסע סערמיאָגעס. אַלע גייען אין „לאַפּטשעס״ אַרומגעבונדן און אַרומגעשנירט די פּיס.

עס שטייט פאַר מיר לעבעדיק דער וועג מיט דעם דיליזשאַנס. עס פאָרן יידן סוחרים, קרעמער. מ׳רעדט וועגן לעדער און וועגן האָבער און צווישן זיי — אַ יינגל וואָס פאָרט לערנען תורה אין ווייטן סלוצק. איך בין דעמאָלסט געווען אַרום פאַר בר־מצוה־צייט. פון לאַנג פאָרן און טרייסלען זיך ווערט אַ נודנעקייט אין זיך. עס ווילט זיך זייער כאַפּן פרישע לופט. דער בעל־עגלה ווייס דאָס. פון מאָל צו מאָל שטעלט



דער רידב״ז — הרב ר׳ יעקב דוד ווילאָווסקי

ער אָפּ זיינע פערדלעך — זיי ווילן טרינקען און אויך דאַרף מען זיי געבן האָבער — לאָזט ער דערווייל אַרויס זיינע „פאַרשווינגען״ אויפן שאָסיי אָפּצופרישן זיך אַביסל, אָפּצואָטע־מען. אַלע רוען זיך אַ ביסל אָפּ און—צוריק אין דיליזשאַנס, און מ׳פאָרט ווייטער. ביז מיר זענען ברוך השם אָנגעקומען קיין סלוצק.

אין סלוצק, פונקט ווי אין אַלע מוסר־ישיבות האָבן די תלמידים קיין „טעג״ ניט געגעסן. עס איז בכלל געווען קעגן דער שיטה פון די מוסרניקעס. האָט מען מיך אַריינגעשטעלט אין אַ צימער מיט נאָך אַ בחור ביי ראובקע דעם תבואה־סוחר. מיין צימער־שותף איז געווען אַ יונגער בחורל מיטן נאָמען לייזערקע טעלזער. אָרעמע טאַטע־מאַמע פלעגן אים שיקן אַ פּאָר רובל אַ חודש אויף דירה־געלט און אויף קרופּ־ניק מיט קאַרטאָפל, וואָס אין סלוצק רופט מען „פיש־קאַר־טאָפל״.

איך בין פאַרהערט געוואָרן פון ראש־ישיבה און גלייך, אָנגענומען געוואָרן. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס לערנען אין דער ישיבה.

איך קען דאָס ניט פאַרגעסן. ווען איך מאַך צו די אויגן און קוק אין דער ווייטן, זע איך די גרויסע מוסר־ישיבה אין סלוצק, מיט צוויי אָדער דריי הונדערט תלמידים, אַלע בענק באַזעצט, יעדער תלמיד ביי זיין שטענדער, פון מזרח־וואַנט ביז די פּאָליש און די וואַסער־פאַס. בחורים און בחורימלעך, יעדער איבער אַ גמרא, יעדער איינער לערנט אין דער הויך, אויפן קול, יעדער איינער לערנט באַזונדער. אָבער די קולות גיסן זיך צוזאַמען. מען מערקט ניט ווי די צייט גייט, פון פרימאָרגן ווערט בייטאָג, פון בייטאָג — פאַרנאַכט און אָט איז שוין באַלד מעריב. מען האָט אין דער צווישנצייט עפּעס איבערגעביסן — אַ שטיקל ברויט מיט אַן אוגערקע אָדער מיט אַ גלאָז וואַסער, און ווידער זיך צעשאָקלט, זיך צעזונגען, און ווידער איז מען אין דער מסיבה פון תנאים, אמוראים. מען איז מיטן תוספות, מיט רש״י. יעדער איינער זינגט באַזונדער, שרייט אויס זיין גמרא באַזונדער, פרעגט אויס זיינע קשיות אין דער הויך, געפינט די תירוצים אַליין און שרייט זיי אויס.

קומט אַריין דער ראש־הישיבה, לויפט ער דורך די שורות תלמידים, ער לויפט דורך צווישן די בענק, שטעלט זיך אָפּ דאָ און דאָרטן, פאַרהאַלט זיך ביי אַ שטענדער, קוקט אַריין וואָס דער בחור לערנט, טוט אַ שאָס מיט אַ קשיה, וואַרט שוין אויף אַן ענטפער. אויב דער ענטפער איז גוט — אַ קניפּ אין באַק, אַ קלאַפּ אין פּלייצע און — געלאָפן ווייטער. די תורה, די גמרא, דער פּילפּול יאָגט דעם גרויסן גאון, דעם סלוצקער רב צווישן די בענק פון די ישיבה־בחורים.

איין מאָל אַ וואָך פלעגט ר׳ יעקב דוד זאָגן אַ שעור פאַר די ישיבה־בחורים. ער איז געשטאַנען ביי זיין שטענדער אָדער אויף דער בימה. אַרום און אַרום שטייען די ישיבה־בחורים „צפופים ודחוקים״ און הערן, און שלינגען די תורה, וואָס גייט פון זיין מויל. אַ שווערע תורה, שווערע סוגיות, אָבער אָט ווערט אַלץ קלאָרער, עס ווערט ליכטיקער, פאַר־שטענדלעכער, און ער ווענדעט זיך צום סוף צו די תלמידים: „און איצט פרעגט קשיות, ווער עס האָט אַ קשיה, זאָל פרעגן״. לויפן די קשיות פון אַלע זייטן, איינער שיסט אַריבער דעם צווייטן, איין קשיה ברענט העלער ווי די אַנדערע, און דער ראש הישיבה כאַפּט זיי אַלע צוזאַמען, אַזוי ווי אין אַ זאַק און נאָכדעם נעמט ער זיי צוריק אַרויס איינציקווייז, קשיה נאָך קשיה, און גלייך — תירוץ נאָך תירוץ, און עס ווערט בעסער אויפן האַרצן עס ווערט קליגער און שענער אויף דער וועלט...

עס איז געווען אַ ווונדערלעכע צייט. אַלנפאַלס, אַזוי זעט זי איצט אויס ווען מען קוקט [illegible] טנס, הינטער דעם באַרג פון די יאָרן. אַ משמר אין דער סלוצקער מוסר־ישיבה, — ווער עס האָט עס געהאַט און ווער עס האָט עס פאַרלאָרן. עס איז נאַכט, אַלע ישיבה־בחורים שלאָפן שוין אויף זייערע קוואַרטירן, נאָר געציילטע — אַ האַלבער צענדליק, אַ צענד־ליק ישיבה־בחורים מתמידים לערנען אין די נעכט אַ משמר. אַרום און אַרום דער ישיבה איז שטיל און פינצטער. בלויז אין ישיבה, איבער געציילטע שטענדערס, ברענען ליכט, און [illegible] ליכט — אַ גמרא, און איבער דער גמרא — אַ לערנער. או[illegible] אַזוי שאָקלט מען זיך, מען לערנט און מען זינגט. ווערט עפּעס שווער צו פאַרשטיין, פאַרשווייגט מען, פאַרקלערט מען זיך, און „אָט כאַפּט מען״ דעם תירוץ, מען כאַפּט אים מיט שמחה — „געפונען אַ געפינס״, און מען שאָקלט זיך ווייטער...

און אָט הער איך אַליין מיין אייגענע שטים — צונויפגע־פלאָכטן דער לשון פון דער גמרא מיטן לשון יידיש, צונויפ־

געגאָסן דער ניגון מיט אַ נשמה־אויסגעשריי. און ניט נאָר זענען פאַרכּישופ׳ט די לערנער אַליין, נאָר עס טרעפט גאַנץ אָפט אַז עס קומט אַריין אַ סלוצקער באַלעבאָס אין ישיבה אַריין, ס׳האָט אים געצויגן, ער האָט געוואָלט זען ווי אַזוי די בחורים לערנען אין זיין ישיבה. שטייט אַזאַ באַלעבאָס שטיל צווישן די בענק, קוקט אַריין אין די ספרים, אין די פּנימער פון די לערנער. טוט אַ גלעט אַ קאָפּ, אַ פּלייצע, גיט אַ שמייכל, האָט הנאה, שלעפּט אַרויס פון די גרויסע קעשענעס אַן עפּל, אַ באַרנע, און גיט עס אַ מתנה, און זאָגט דערביי מיט זיין סלוצקער אויסשפּראַך: „קינד, דערקוויק זיך, כאַפּ אָפּ אַביסל״.

ניטאָ מער יענע סלוצקער באַלעבאַטים. ניטאָ מער יענע טיפע קעשענעס מיט די האַלב־פאַרפראָרענע עפּל. ניטאָ מער יענער קול: „קינד, דערקוויק זיך...״ דאָך דערמאָנט זיך זיין אָפּקלאַנג, זיין עכאָ. געווען אַמאָל, און ניטאָ מער.

ווי שוין געזאָגט, האָב איך געוווינט אויף דער קוואַרטיר פון תבואה־הענדלער ראובקע. דאָרטן — אַן אַנדער וועלט, אַנדערע בילדער, אַן אַנדער לעבן. אַרום ראובקעס תבואה־שייערן זענען געשטאַנען גרויסע, לאַנגע און ברייטע שטאַלן. אַהין פלעגן פאַרפאָרן די פּויערים פון די ווייס־רוסישע דערפער, זיי ברענגען זעק תבואה און פאַרקויפן צו ראובקען. פּויערים און פּויערטעס מיט זעק שטייען ביי דער וואָג. מען וועגט, מען מעסט, מען רעכנט זיך, מען דינגט זיך, מען קריגט זיך, מען קלאַפּט זיך איבער די פּלייצעס, אַזוי ווי גאַנץ ווייס־רוסלאַנד וואָלט אַהער אַראָפּגעקומען. מען האָט ניט קיין צייט צו וואַרטן, קלאַפּט מען מיט די הענט אַרויס די פּראָב־קעס פון די פלעשלעך „מאָנאָפּאָלקע״, מען מאַכט אַ לחיים. גוֹיים טרינקען און — ווי צו מיינע אויגן, — מען פאַרבייסט מיט פעטע שטיקער חזיר. דעמאָלט פלעגט מיר אויסזען ווי די גאַנצע וועלט ווערט טריף אָט פון דעם פּויערשן חזיר.

די פּויערים פלעגן לאָזן שטיין זייערע וועגענער אויף ראובקע׳ס גרויסן הויף און אַריינקומען אין די גרויסע צימערן פון ראובקעס הויז. צעזעצט זיך אויף דער פּאָדלאָגע, אויף שטולן, באַשטעלט גרויסע סאַמאָוואַרן טיי, געגעסן, געטרונקען. האַלב אויסגעטאָן זיך און באַשמירט זיך מיט זאַלבן, ווייל יעדער צווייטער פון זיי איז געווען אויף עפּעס קראַנק, פלעגט ראובקעס גרויסער „זאַל״ פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שפּיטאָל.

שלאָגט די פּאַרע פון די סאַמאָוואַרן. טרינקען די דאָרפישע גוֹיים גלעזער נאָך גלעזער טיי, ווישן זיך מיט האַנטטיכער דעם שווייס, וואָס שלאָגט זיי אַרויס אויפן פּנים. און מען איז שוין האַלב־שיכור, און זינגען קאָן מען, און שרייען קאָן מען, ווערט רעשיק, טומלדיק און פריילעך אין די צימערן פון ראובקע דעם תבואה־סוחר.

אויך האָט מיך אויסגעדונגען ביים ראש הישיבה דער יידישער פריץ טוראָוו, וועמענס גרויסער מאַיאָנטעק איז געלעגן הינטערן שטאָט. ער האָט געהאַט גרויסע סעדער און פעלדער. אויף די עלטערע יאָרן איז ער געזעסן אין זיין גרויסן הויז מיט די פּרוכטבוימער און פאַרדינט אַ מצוה — אַריינגעלאָזן אין זיינע צימערן אַ פּאָר ישיבה־בחורים, זיי זאָלן וווינען דאָרטן אָן געלט. איז געווען מיין מזל צו

וווינען אין הויז פון די טוראָווס. דער גאָרטן און די בוימער — פול מיט פּרוכט, דער טייך אינמיטן סאָד — דאָס אַלץ שטייט לעבעדיק פאַר מיין זכרון. דער באַלעבאָס טוראָוו מיט דער גרויער באָרד מיט צוויי שפּיצן פון ביידע זייטן — אַ קייזערלעכע באָרד — זיצט אויף זיין שטול, אונטערגעבעט מיט אַ קישן, און בעט זיין קוואַרטיראַנט, דעם ישיבה־בחור, ער זאָל מיט אים לערנען אַ ביסל תורה.

„צי איך פאַרשטיי יאָ, צי איך פאַרשטיי ניט״ — פלעגט ער זאָגן, — „אָבער סיי־ווי־סיי איז גרויס די הנאה פון הערן תורה״.

## די ציוניסטישע „טשאַינע״

ביים שוועל פון דער ישיבה פלעגן פון מאָל־צו־מאָל קומען צוויי מינים „מיסיאָנערן״: פון סאָציאַליזם און פון ציוניזם. זיי פלעגן וואַרפן אַן אויג אויף איינעם פון די ישיבה־בחורים, שליסן מיט אים באַקאַנטשאַפט, אַריינציען אים אין שמועסן און — געווינען די נשמה. מיט אַ סך יאָרן שפּעטער בין איך געוואָר געוואָרן, אַז ניט נאָר די שוועל פון דער סלוצקער ישיבה, נאָר אויך פון אַנדערע ישיבות — פון סלאָבאָדקע, פון טעלז פון וואָלאָזשין — זענען געווען גוטע טרעף־פּונקטן פאַר אַגיטאַטאָרן פון די צוויי באַוועגונגען ביי יידן — פון דער סאָציאַליסטישער און פון דער ציוניס־טישער.

פון שוועל פון דער ישיבה האָט געפירט פון מאָל־צו־מאָל דער וועג צו דער ציוניסטישער „טשאַינע״. איך געדענק שוין ניט דעם נאָמען פון יענער גאַס אין סלוצק (כאַפּאַשקער גאַס. רעד׳) ווו די ציוניסטישע „טשאַינע״ איז געשטאַנען. איך זע זי אָבער דייטלעך פאַר מיינע אויגן, אַ הילצערנע הויז. אַריינגיין אין „טשאַינע״ פלעגט מען ניט פון דרויסן, נאָר פון אַן אינעווייניקסטן קאָרידאָר. דאָס ערשטע מאָל אַריינגיין אין „טשאַינע״ איז פאַר מיר געווען אַ מין אַריבערגיין די שוועל פון אַן אַנדער וועלט. עס זעט מיר איצט אויס, אַז דאָרטן איז געווען זייער ליכטיק. עס האָבן געברענט בליץ־לאָמפּן. די פּאָר־צימערן — איינער אַ גרעסערער און אַ פּאָר קלענערע — זענען געווען פול מיט מענטשן, מערסטנס יונגעלייט, מיידלעך און בחורים, און דאָס איז געוויס געווען פאַר אַ ישיבה־בחור אין יענער צייט אַן אויסטערלישע זאַך. מיידלעך מיט בחורים צוזאַמען, און מען רעדט, און מען שרייט, און מען לאַכט, און מען שטיפט... — ווי ווייט דו ביסט דעמאָלסט פון דער מוסר־ישיבה.

אין די פאַרנאַכטן איז אין דער ישיבה געווען שטיל און טרויעריק. דער מוסר־ניגון, די שטיקער „חובת הלבבות״, וואָס מיר האָבן אַרויסגעזונגען — אַרויסגעלערנט מיט דעם מוסר־ניגון און אַריינגעשאָקלט אין זיך, אין דעם גרויסן ברייטן לאַנגן חדר, האָבן נאָך מער פאַרטיפט דעם טרויער. אָבער דאָ אין „טשאַינע״ — ניטאָ קיין מוסר, ניטאָ קיין אומעט. מען שאָקלט זיך ניט ביים שטענדער. מען שרייט, מען שטיפט, מען לאַכט און צו דעם — מען זינגט העברעאישע שירים. איך האָב עס געהערט צום ערשטן מאָל. געהערט אַ שיר, גלייך אים אויפגעכאַפּט, אים נאָכגעברומט, אים מיטגעזונגען,

דער ניגון און די ווערטער האָבן מיך אַריינגעבראַכט אין דער יונגער ציוניסטישער וועלט.

איך בין אויך ניט בייגעשטאַנען דער סאָציאַליסטישער אַגיטאַציע. עמיצער האָט אָנגעוויזן דעם סטודענט, דעם סאָציאַליסטישן אַגיטאַטאָר, מען זאָל זיך נעמען צו מיר, און ער האָט עס געטאָן, און זיך שטאַרק גענומען — געקומען אַפילו צו מיר אַהיים, באַגלייט מיך פון און צו דער ישיבה, און דערציילט אַ סך וווּנדערלעכע זאַכן: מען גייט איבערמאַכן די וועלט. מען גייט אַראָפּוואַרפן דעם קייסער און אומוואַרפן די „טשערטא״, יידן וועלן האָבן אַלע רעכט און עס וועלן מער ניט זיין קיין פּאָגראָמען. עס וועט מער ניט זיין אָרעם און רייך, נאָר אַלע גלייך.

עס שווימען אַרויס פאַר מיר קלאַנגען פון נעמען פון יענער צייט, וואָס עס האָט מיר אַריינגעזאָגט דער סטודענט דער סאָציאַליסט, און איין נאָמען איבער אַלע נעמען: סאָפיא פּעראָווסקאַיאַ. עס וואַקסן אויס פאַר דער פאַנטאַזיע הייליקע געשטאַלטן, מענטשן, וואָס גייען אויף תליות.

און נאָך עפּעס האָב איך געהערט דעמאָלט. איך האָב געהערט דעם אָפּקלאַנג פון די שטעט באָברויסק און מינסק. אין באברויסק מאַכט מען אַ גרויסע יידישע ביבליאָטעק. אַ געוועזענער ישיבה־בחור מיט דעם נאָמען קירזשנער איז דער בויער. די צאָל ביכער האָט מיר דעמאָלט געקלונגען פאַנטאַסטיש, דריי טויזנט, פיר טויזנט, פינף טויזנט ביכער! און דאָס אַלץ וועל איך דאַרפן לייענען. עס נעמט מיר צו לערנען איין גמרא אַ גאַנצער ווינטער, אַ גאַנצער זומער, ווייניק די טעג דאַרף מען נאָך די נעכט. און די טויזנטער ביכער קומען פאַר מיין דמיון אין דער שטאָט באברויסק אין דער נייער ביבליאָטעק!

דערצו נאָך מינסק קלינגט גאָר פאַנטאַסטיש. דאָרטן זענען שוין דאָ שטרייקן פון אַרבעטער. דאָרטן גייט מען שוין אין דעמאָנסטראַציעס איבער די גאַסן. דאָרטן קומען פאָר געהיימע צוזאַמענקומען פון רעוואָלוציאָנערן פון גאַנץ רוסלאַנד... און עס לאָקט, און עס רופט, און די גאַנצע וועלט ווערט אַזוי אָנציענד, כאָטש נעם שוין און לאָז זיך פון דער ישיבה־באַנק אין מינסק אַריין.

איך שרייב איצט די ווערטער און פיל נאָך אַ מאָל די וווּנדערלעכע, לאָקנדיקע און ריינע שטימונג פון יענער צייט. עס איז געווען אַ צייט, ווען עס האָבן געקעמפט אידעאָלאָגיעס אין די מוחות און הערצער פון די ישיבה־בחורים אין סלוצק, צוזאַמען מיט אַלעמען אין דער גרויסער רוסלאַנד.

פון דער ציוניסטישער „טשאַינע״ האָט זיך געצויגן נאָך אַ וועג — צו די ברעגן פון סלוטש. דאָרטן האָט מען זיך געבאָדן, געשווומען אין טייך, זיך געשפּילט אין „לאָדקעס״, גאַנצע גרופּעס פלעגן מיר גיין אַהינצו. זיך געלערנט שווימען און „געלייגט קלאַפּטערס״, ווי עס האָט געהייסן אין סלוצק. אַריינגעשווומען ביז טיף אין די פאַרנאַכטן און אַרויסגעשווומען אויפגעהייטערט, אויפגעמונטערט. יאָ, עס איז גוט, עס לוינט צו לעבן אויף דער וועלט!

ניט קיין רייכקייט, ניט קיין רחבות, ניט קיין וווּילטאָג. עס זענען אָבער געווען סיי די שטענדערס אין ישיבה, סיי די טישלעך אין „טשאַינע״, סיי די שפּאַצירן איבער די גאַסן, און סיי דאָס שווימען אין סלוצקער טייך. יונגע יאָרן אין סלוצק — ווער עס האָט אייך געהאַט און ווער עס האָט אייך פאַרלאָרן!

רוסלאַנדס רעוואָלוציע האָט מיך אַרויסגעריסן פון דער ישיבה. אַזוי איז געווען דער מזל. אַז איך האָב פאַרלאָזן די סלוצקער ישיבה, בין איך אַוועק אין מיין היימשטאָט ביאַליסטאָק. אויס גמרא, אויס תורה, אויס מוסר און מוסר־ניגונים. „מען דאַרף אַרבעטן פאַר דער רעוואָלוציע, מען דאַרף איבערקערן די וועלט, מען דאַרף אויך ניי מאַכן דאָס יידיש לעבן״.

פון יענע יאָרן שווימט אַרויס פאַר מיין דמיון אַ טשיקאַווער פּרט. איך בין שוין געווען אין ביאַליסטאָק, איז געקומען צו מיר דער אַלטער שמש פון „גרינעם״ בית־מדרש און מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל באַלד קומען אין בית־מדרש, מען דאַרף מיך דאָרטן נייטיק האָבן. „צוליב וואָס״? — האָב איך געפרעגט. ניט געווען קיין ענטפער. עס האָט געהייסן: „פרעג ניט קיין שאלות און קום״.

בין איך געגאַנגען. איך האָב ניט געוווּסט ווער עס האָט געשיקט נאָך מיר. איך בין אַריינגעקומען. מען האָט מיך צוגעפירט צו אַ טיש מיט ספרים. האָב איך דערזען די געשטאַלט פון ר׳ יעקב דוד סלוצקער. ווי קומט ער אין ביאַליסטאָק? וואָס דאַרף ער דאָ טאָן? וואָס דאַרף ער מיך? — די פראַגעס האָבן געזשגבערט אין מח. איך בין געוואָר געוואָרן, אַז דער גאון ר׳ יעקב דוד איז איצט אויפן וועג ערגעץ ווייט און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ פּאָר טעג אין ביאַליסטאָק.

איך בין צוגעגאַנגען צו דעם גאון און, איך בין זיך מודה, עס האָט מיך געקלאַפּט דאָס האַרץ. איך האָב געציטערט מיט אַלע איברים.

— „שלום עליכם, רבי״ — האָב איך געזאָגט.

ער האָט מיר ניט גלייך געענטפערט, ניט גלייך אויסגעשטרעקט זיין האַנט, נאָר מיך אָנגעקוקט, און איך זע איצט דעם דעמאָלסטיקן צער אין זיינע אויגן. ער האָט מיך ניט געפרעגט וואָס איך טו, צי איך לערן, צי איך לערן ניט. ער האָט מיך נאָר אָנגעקוקט לאַנג, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און צום סוף אַרויסגעזאָגט אַ פּאָר ווערטער:

— „יאַנקל, האָסט נאָך צייט אויף תשובה״.

ער האָט מיר ניט געדאַרפט זאָגן, וועלכע תשובה ער מיינט. איך האָב מיך גוט אָנגעשטויסן. אַז מען זיצט אין „גרינעם״ בית־מדרש ביי דעם לאַנגן טיש מיט ספרים, און עס רעדט צו דיר ר׳ יעקב דוד סלוצקער, און ער רופט דיך צו תשובה, דאַרפסטו שוין אַליין וויסן וואָס פאַר אַ תשובה מען מיינט.

איך בין אַוועק פון טיש און קיין תשובה האָב איך ניט געטאָן, אַלנפאַלס ניט אַזאַ תשובה, ווי דער גאון ר׳ יעקב דוד וואָלט פאַרלאַנגט.

איצט ווען איך שרייב די ווערטער, קלינגען מיר ווידער אָפּ די רייד פון ר׳ יעקב דוד:

— „עס איז נאָך צייט אויף תשובה..״

# ה. לאַנג לאָס־אַנזשעלעס / סלוצק אין זכרון

## מיינע ערשטע באַגעגענישן

פון דעם שטעטל שקוד אין ליטווישן זשאַמוט, ביי די גרענעצן פון קורלאַנד און מזרח דייטשלאַנד, בין איך, אַ יונגער ייִנגל, אין אַ געוויסן טאָג ביים סאַמע אָנהייב פון דעם יאָר־הונדערט אַרויסגעפאָרן אויף אַ וויַיטן מהלך צו דער ווייסרוסישער יידיש־יחסנ׳דיקער שטאָט סלוצק. מיין פאָרן איז געווען מיט אַ געשפּאַנט געמיט צוליב אייניקע אורזאַכן. ערשטנס, אין פערגלייך מיט מיין געבורטס־שטעטל שקוד, האָט דער נאָמען סלוצק גאָר שטאַרק געקלונגען גרויס שטאָטיש. צווייטנס פאָר איך לערנען אין אַ מוסר־ישיבה, זייט ביי זייט מיט גרויסע בחורים פון פאַרשידענע שטעט און געגנטן, און איבערהויפּט וועל איך זיך דאָרטן טרעפן מיט דער גרויסער רבנישער פאַמיליע פיימער, וועלכע האָט באַשיינט סלוצק פאַר אייניקע דורות און מיט וועלכער מיין פאָטער האָט אַ דירעקטע פאַמיליע־שייכות און פלעגט מיר שטענדיק דער־ציילן וווּנדער־שיינינקע מעשה׳לעך און געמאַכט מיך נייגע־ריק.

נאָך אַ לאַנגער רייזע מיטן באַן קיין באַראַנאָוויטש און פון דאָרטן מיטן „דיליזשאַנס״, האָב איך צום ערשטן מאָל, אין אַ האַרבסטיקן פאַרנאַכט, דורך אַ טומאַן וואָס איז געהאַנגען ווי אַ ווייסער שלייער פון דינינקע זילבער פעדימלעך, דערזען סלוצק מיט אירע צעוואָרפענע פייערלעך, וואָס האָבן אַרויס־געפינקלט פון אָנגעצונדענע גאַס לאַמטערנעס, און פלעמעלעך פון שטיבער־לאָמפּן וואָס האָבן אַרויסגעשיינט דורך די פענצטער. די אויסטערלישע פּאַנאָראַמע האָט אין מיין קינדע־רישן נשמה־פאַרנעם געשאַפן דעם איינדרוק פון אַ זעלטענעם אויפלויכט, אַ מיסטישן שיין, אַ סימבאָליש ליכט פון סלוצקער אַלטן יחוס און לומדות, אַ איינדרוק וואָס איז מיר פאַרבליבן ווי אַ פיבער אין מיין האַרצן און האָט זיך כסדר געשטאַרקט אין מיר ביז היינטיקן טאָג.

מיט מיין פאָטערס בריוו אין טאַש, בין איך דעם ערשטן טאָג גלייך געגאַנגען צו דער פיימער פאַמיליע זען מיט מיינע אויגן די לומדישע פייערלעכקייט וואָס האָט זיי געגעבן אַ וועלט־נאָמען. ליידער איז דאָס געווען מיין ערשטע אַנטוישונג אין סלוצק. עס איז שוין דאַן געווען די שקיעה־צייט ביי דער פיימער משפחה, ערב אָפּגאַנג אין דער געשיכטע. האָב איך דאָרט געטראָפן אַ פאַראָרעמטע שטוב וואָס האָט פאַר מיר אַרויסגעבראַכט דעם טראַגיזם וואָס ליגט שטענדיק צווישן אַ „דור הולך״ און „דור בא״.

אויף סלוצק האָט דאַן אָפּגעשטראַלט די תפארת׳דיקע פּראָמינענץ פון דעם גאון ר׳ יעקב דוד ווילאָווסקי, אָדער ווי ער איז געווען באַוווּסט מיט זיין פאַרקירצטן נאָמען, רידב״ז.

אַ לוסט אין מיינע ערשטע סלוצקער טעג אַריינצוקוקן אין אַלע בתי־מדרשים אין שטאָט האָט מיך אַוועקגעפירט צום שול הויף. דאָרטן האָב איך דערזען די אימפּאָזאַנטע געשטאַלט פונעם רידב״ז אָנגעטאָן אין אַ יום־טוב׳דיקער לאַנגער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, אויפגעניַיט ווי אַ כאַלאַט און באַצירט מיט פורפור־פעדעם און אַ גאָלד־וועבעריי, און אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ שטריימל, און ער האָט געהאַלטן אַ גרויסן אָפּענעם ספר אין האַנט, די אויגן איינגעגראָבן אין ספר, און געשטאַנען איז ער ביי דעם לעגענדאַרן פעלזיקן שטיין אויפן שול הויף. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט צו קוקן אויף אים מיט גרויס נייגער. דער רידב״ז האָט געשפּירט, אַז עמעצער קוקט אים נאָך, האָט ער פאַרמאַכט דעם ספר און מיך צוגערופן.



ה. לאַנג

ער האָט געוואָלט וויסן ווער איך בין. טאַקע ניט מער ווי אַ יונגער בחור׳ל, אָבער ווי באַלד איך בין געקומען לערנען אין דער ישיבה פון אַזוי וויַיט ווי שקוד, האָט ער צו מיר גערעדט ווי צו אַ דערוואַקסענעם. און ער האָט געקענט האָבן אַ שווער געמיט און עס איז אים געווען לייכטער זיך אַראָפּצורײדן פון האַרצן פאַר אַ פרעמדן ייִנגל. עס זענען מיר פאַרבליבן אין זכרון זיינע ווערטער, וואָס אַרויסגערעדט האָט ער זיי ווי ער וואָלט זיך באַקלאָגט אויף עלנד. אַ צוויי יאָר צייט איז ער ניט געווען אין סלוצק, געווען אָפּגערייזט אין אַמעריקע און יעצט האָט ער ניט מער וואָס צו טאָן אין סלוצק, רייזט ער באַלד אָפּ צוריק קיין אַמעריקע.

צוויי מאָל האָט ער גערייזט קיין אַמעריקע. ס׳ערשטע מאָל צו קריגן הילף אָפּצודרוקן זיינע ספרים, באַזונדערס זיין פּירוש אויף דעם תלמוד ירושלמי; ס׳צווייטע מאָל מיט אַ פּרוּוו צו פאַרבלייבן אין דער נייער וועלט, וואָס אויסגעלאָזן האָט זיך עס גאָר און גאָר אַנדערש. עס האָט אים אָפּגעשיידט אי פון סלוצק, אי פון דער נייער וועלט.

קוים אַ צענדליק יאָר איז ער געווען רב אין סלוצק, אָבער דער נאָמען „סלוצקער רב״ איז אים געוואָרן אומ־צושיידבאַר. אַרום דעם האָט זיך אָנגעזאַמלט ממש אַ גאַנצער פּאָלקלאָר, און געשפּילט דערין האָט די שטורמישע מחלוקת זיינע מיטן פיימער־צד אין שטאָט.

טאַקע אַ פילאָזאָפישע פלוגתא. דער אַלטער שטרייט פון בית־שמאי און בית־הלל, אַ מחמיר און אַ מקיל. אָבער מיט פערזענלעכער ביטערקייט.

דער רידב״ז איז געווען בית־שמאי׳דיק. ס׳האָט געשטימט מיט זיין כאַראַקטער: שטרענג, האַרט, שווער, אַגרעסיוו. בעת די פיימר פירונג איז געווען בית־הלל׳דיק: לייכט, ווייך, ניט מיט אַ וועלכע קריגסלוסט, פשרה׳דיק, ניט מיט שטראָפן, נאָר מיט גוטע רייד אַרויסרופן גוטע מעשים.

פאַר אַ קריגער אין אַ מלחמת־מיצווה איז די גאַנצע וועלט אַ גלייכע שלאַכט־פעלד, האָט די סלוצקער מערכה פון דעם רידב״ז מיטגערייזט מיט אים אין דער ווייטער אַמעריקע. אַ קאָנפערענץ פון אָרטאָדאָקסישע קהילות פאַרזאַמלט אין פילאַ־דעלפיע האָט אים געקרוינט אַלס „זקן הרבנים״. ס׳האָט געהייסן אַז דער סלוצקער רב איז געקומען אַריינברענגען אָרדענונג אין דער יידישער הויז פון דער נייער וועלט. זענען אָבער באַלד אָנגעקומען שטורמישע טעג קעגן אים, די זעלבע קהילות האָבן זיך אָנטזאָגט אָנצונעמען זיין האַרטקייט און אַז ער האָט אויסגעפרוווט אַ רבנות שטעלע אין שיקאַגאָ, האָט ערשט דאָרטן זיך צעפלאַקערט אַ מחלוקת קעגן דער שטרענגקייט וואָס ער האָט געפאָדערט. ער איז פון דער שיקאַגער רבנות אָפּגע־טראָטן. ער האָט זיך דערשפירט איבעריק, און אים איז פאַר־געשטאַנען מער פיינלעכס. אַ וויזיע האָט אים געפירט פון שטאָט צו שטאָט מיט אַ פרווו צו שאַפן אין אַמעריקע עפעס אַזוינס כמו ליטע, כמו סלוצק, האָט ניט געפונען קיין אָפּקלאַנג. האָט ער זיך אַרומגעזען, אַז ער דאַרף זיך געזעגענען מיטן גאַנצן גלות, אָפּרייזן פון אַמעריקע קיין ארץ ישראל. דאָרטן וועט ער זיך פאַרנעמען מיט שרייבן ווייטער זיין פירוש אויף דעם תלמוד־ירושלמי.

בעת די צוויי רירנדע מאָמענטן זיינע, ערב זיין אָפּרייזע פון סלוצק און ערב זיין געזעגענען זיך מיט אַמעריקע, האָט דער גורל מיך צוגעבראַכט צו אים.

פלוצלינגע אָנטרעפענישן זענען דאָס געווען, און אויף אויסטערלישע ערטער. עס איז דאָס יאָר 1905. עס איז ניו־יאָרק מיט איר איסט בראָדוויי. טאָג נאָך טאָג קומען דאָ אָן טויזנטער יידישע קינדער פון רוסלאַנד, פיל פון די ישיבות פון ליטע. עס פלאַטערן דאָ אַרום חלומות פון מיין סלוצקער ישיבה־דור. און ווי אין אַ כישוף־מעשהלע דערזע איך פלוצ־לינג ווידער דעם רידב״ז. און ער איז אָנגעטאָן אין דעם זעלבן פראַכט, אין זיין יום־טובדיקער סאַמעטענער קאַפּאָטע, געצירט מיט פורפור־ און־ גאָלד פעדעם, און מיטן פוטערן שטריימל אויפן קאָפּ, און מיט אַ געעפענטן ספר אין האַנט, און ער שטייט ביים סוארד פּאַרק צווישן איסט בראָדוויי און העסטער סטריט ווי ער איז געשטאַנען ביים פעלזיקן שטיין אין סלוצק. איך האָב געמיינט אַז איך בין אין אַ חלום. איך בין צוגעגאַנגען און פאַר אים זיך פאַרגעשטעלט, דערמאָנענדיק סלוצק. ער האָט מיך דערקענט, און ווייטער גערעדט שניידנ־דיקע ווערטער. ערשט אין אַמעריקע איז ער אַן איבעריקער. ס׳איז אַ נייע וועלט אין גלות. און היינט־מאָרגן וועט ער דער עלנדער צורייצטער סלוצקער קעמפער זיך געזעגענען מיטן גאַנצן גלות.



הרב הגאון ר׳ איסר זלמן מעלצער

## דער ראש הישיבה

די ישיבה האָט דאַן געהויזט אויף אָסטראָווע, צווישן גערטנער און לאָנקעס און איז געוואָרן אַ וועלט פאַר זיך מיט אָנגעפאַרענע יונגעלייט פון ליטע און ווייסרוסלאַנד און אויך פון שטעטלעך אין פוילן, ביז די גרענעצן פון אוקראַינע. דעם ראש הישיבה ר׳ איסר זלמן מעלצער, וועמען דער רידב״ז האָט אַליין געבראַכט פון סלאָבאָדקע קיין סלוצק, איז באַשערט געווען צו ווערן דער מורה־דרך פון אַ גאַנצן דור יידישע קינדער וואָס זענען נאָכדעם צעשפּרייט געוואָרן איבער אַלע ימים און אַלע ריכטונגען.

אין דער וואַרעמקייט פון דעם גייסטיקן חן פון ר׳ איסר זלמן מעלצער׳ס פערזענלעכקייט האָט זיך אויסגעפאָרמט דער אייגנאַרטיקער כאַראַקטער פון דער סלוצקער ישיבה, זענען אָנגעקומען לערנער אַפילו פון שטעט, וועלכע האָבן געהאַט אייגענע גרעסערע און מער היסטאָרישע ישיבות. מיט ישיבה לערנער גייען געוויינלעך די נעמען פון זייערע שטעט, האָבן אין סלוצק אָפּגעקלונגען נעמען פון אַזוי פיל ישובים ווי אין סלוצק וואָלט זיך געזאַמלט די גאַנצע יונגע יידישע וועלט, און די ישיבה איז דורך דעם געוואָרן אַ גייסטיקער כח אין שטאָט.

דריי געבענטשטע אַטריבוטן האָט פאַרמאָגט ר׳ איסר זלמן׳ס גייסטיקער חן.

ערשטנס, ליבשאַפט. פשוטע ליבשאַפט צום גאַנצן דור יונגע יידן ווי מען האָט ליב אייגענע קינדער. ליבשאַפט מיט זאָרג, אַז זיי זאָל קיין שלעכטס ניט געשען, ליבשאַפט מיט תפילהדיקער שפּאַנונג, אַז מ׳זאָל פון זיי דערלעבן נחת. היינט ווער רעדט שוין פון דער ליבשאַפט צו לערנען זעלבסט, מחמת דער ליבשאַפט צום לערנען גופא. ר׳ איסר זלמן פלעגט זאָגן: לערנט מען, האָט מען אַרום זיך די שכינה, און מיטן

ניגון ביים לערנען זינגט מען אַריין אין יידישן האַרצן בייע כוחות. איז לערנען אַ זכות, און קענען מקבל זיין דעם זכות איז ערשט אַ זכות, און קען דען זיין אַ גרעסערער תענוג?..

צווייטנס, אמונה. אַ זעלטענער גלויבן אין דער פּסיכישער גבורה פון דעם בחור ביי דער גמרא. מ׳קען זיך אויף אים פאַרלאָזן. ער וועט די הייליקע טראַדיציעס ביים פאָלק ניט אָפּוואַרפן. נייערט וועט ער זיי באַשיצן אַפילו מיטן לעבן. קוים איז ער דערגאַנגען צו דער ישיבה, דאַרף מען ניט שטיין איבער זיין קאָפּ מיט אַ אייזערנער דיסציפּלין, און כסדר אים וואָרענען מיט שטראָפן וואָס יאָ צו לערנען און וואָס ניט, און אויך ניט וואָס איז שייך אויפפירונג, מאָראַל. מען מעג אים אַנגעטרויען אַריינצוקוקן אין יעדן ספר. ער וועט אַליין אויסקלייבן וואָס איז עכט און וואָס ניט. ס׳איז אַ זינד אים חושד צו זיין, אַז ער קען צילן צו אַ פּאַרקרימטן לעבנס־וועג. ר׳ איסר זלמן איז דעריין געווען דער גרויסער סניגור פון דעם גאַנצן יונגן דור אין דער יידישער הויז. געווען ביי אים ענלעכעס וואָס ביים „בערדיטשעווער״...

דריטנס, די עניוות זיינע, די מידה פון באַשיידנקייט, ממש אַ הייליקע זעלבסטפאַרלייקענונג. דער עיקר ווי אַ מוסטער פאַר לומדים ניט צו זיין קיין גרויסהאַלטער. דער וואָס קען לערנען און דער וואָס וויל קענען זענען גלייכע יחסנים.

די דריי כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן, ר׳ איסר זלמנס, זענען געוואָרן איינס מיט דער ישיבהס נשמה, איז דער אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון דער סלוצקער ישיבה געגאַנגען ניט אויף די שטעגן פון מוסר ישיבות אין אַנדערע שטעט.

### אין דער ישיבה

געוועזן זענען אין דער ישיבה דרייערליי שיכטן לערנער. ווער שווין מיט סמיכה, אָט קענען זיי ווערן רבנים; ווער טיף אין תלמודישער הלכה און אגדה מיט אַלע מפרשים, און זיי צילן ניט דווקא צו סמיכה; און ווער ערשט רייפגעוואָרענע אין גמרא־לערנען אָן אַ רבי׳ן אַרום זיך. ניט איינגעטיילט אין כיתות, לערנט יעדער פאַר זיך. מ׳לערנט טאָקע די זעלבע גמרא, אָבער יעדער איז פּאַרטיפט אין זיין אויסדערוויילטן טייל פון זיין מסכתא, און יעדער האָט זיין אייגענעם ניגון, וואָס אין דעם איז אי דער גאַנצער מח זיינער אי זיין גאַנץ האַרץ. זיין געדאַנקען־וועלט בליצט און זינגט, און הגם אָן אַ דירעקציע פון וועמען, ערשיינט מען אינאייינעם ווי מען וואָלט געוועזן אַן איינגעמושטירטער כאָר פון די הימלען, סיי מיט פילאָזאָפישע דיאַלאָגן, סיי מיט געזאַנג. און דערביי גילט וואָס יעדער איז אַ גייסטיקע קראַפט פאַרן צווייטן דורך „דאָס ריידן אין לערנען״. ס׳איז אַ בילד פון געדאַנקען און דראַמע.

די ישיבה שטייט ניט אויף אַן אָרט. שפּאַצירן אַרום די לערנער צווישן די שטענדערס און אַרום די בימה, און איינער פּרווט איבערגעבן דעם צווייטן די סוגיא וואָס ער לערנט. און ניט דווקא גלייכע מיט גלייכע שפּאַצירן אין חבר׳שאַפט צו „ריידן אין לערנען״. אַן עלטערער גייט מיט אַ ייִנגערן, דער מופלג מיטן מתחיל, מיטן אָנהייבער. עס פליען קשיות. עס שוועבן ענטפערס. דער למדן צילט צו שלייפן זיין מח דורך אָפּענטפערן די נאַאיווע פראַגעס פון דעם נייעם לערנער, און דער נייער פלייסט זיך אויסצונעמען ביים למדן. ס׳איז אַ גייסטיקער קריג אין ליבשאַפט.

פאַראייניקט ווערן אַלע דורך ר׳ איסר זלמנס שיעור. דאָן איז אַן אַלגעמיינע שלאַכט מיט טשאַלענדזשעס (אַרויספאָדער־רונגען צום קאַמף). איידער נאָך דער ראש־ישיבה קומט צו אַ פּונקט אין זיינע געדאַנקען, פרעגט מען זיי אָפּ, און ער ענטפערט באַלד, און מען פרעגט ווידער אָפּ, און עס ווערט אַ געפעכטס צווישן די פרעגערס אַליין. מען פלאַקערט מיט „קל־וחומר׳ס״ און מיט „צד־השווה׳ס״. ווער עס בייסט מיט סאַטירע, ווער עס חוזקט מיט איראָניע, און ווער עס זינגט אויס זיינע פרעגענישען. ר׳ איסר זלמן שלאָגט זיך מיט אַלעמען, און גלייכט אויס, און וואָס מער צוהיצט מען ווערט, אַלץ ליבער איז דאָס אים.

און דאַן קומט דאָס לערנען אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, די משמרים...

געגאַרט האָט סלוצק נאָכצופאָלגן די טראַדיציע פון וואָלאָזשין, אַז דער קול פון תורה זאָל קיינמאָל ניט אַוועק פון דער ישיבה, אַז דאָס לערנען זאָל אָנהאַלטן אַלע 24 שטונדן פון מעת־לעת, די ישיבה זאָל זיין פול מיט לערנער און לערנען גאַנצע נעכט ווי גאַנצע טעג. צו אַזאַ מדרגה איז אָבער סלוצק ניט דערגאַנגען. מ׳האָט אָנגעהויבן מיט איין משמר, מיט דער נאַכט פון דאָנערשטיק, אַזוי יעדע וואָך, און מען איז דערגאַנגען צו דריי משמרים, אַ נאַכט איבער אַ נאַכט. און ניט די גאַנצע ישיבה האָט אַזוי געלערנט דורך די נעכט, נאָר איינצלנע. דריי זענען מיר געווען. דריי נעכט אַ וואָך, סיי זומער, סיי ווינטער. און ווער ס׳האָט אַזאַ משמר ניט דורכגעלעבט, דער האָט קיין גייסטיקע דערהויבנקייט ניט דורכגעלעבט. די נאַכט איז פּאַרטיפט. מיר זענען אַליין אין דער ישיבה. יעדער זיצט ביי זיין גמרא. עס ברענען בלויז די ליכט וואָס די דריי לערנער דאַרפן האָבן. יעדער זינגט זיין ניגון ביי זיין ברייטער אויפגעמישטער גמרא מיטן אָנגעצונדן ליכט דערביי, און דער ניגון, אַזוי וויינענדיק, אַזוי פול מיט קימער, ווי די שכינה אַליין וויינט ערגעץ, צופּאַלט זיך אין די שאָטנס ווייטער פונעם נאַכט־לערנערס שטענדער. און ווערט מען אַנטשוויגן, הערט מען זיך איין צו דעם ניגון פון צווייטן און דריטן חבר.

עס איז זומער. די נאַכט שטיקט און עס ווערט לייכטער. דאָס ליכט צאַנקט. עס לעשן זיך אויף די שטערן. אָט ווערט פאַרטאָג. די ישיבה פענצטער שטייען אָפן. ס׳קומט אַריין אַ קיל ווינטל. מען שפּירט, אַז ביים פענצטער אין דרויסן סודן זיך גרעזלעך. זיי האָבן געהאַט אַ נאַכט רו, און באַלד וועט אויף זיי שמייכלען די זון, און זיי וועלן שמייכלען צוריק. אָבער אין האַרצן פון דעם לערנער איז קיין שמייכל ניטאָ. אַ בענקשאַפט נאָגט אים. אַ טרויערשאַפט צופּט: זיי וואָך, יידישער בחור; דיין ניגון מוז אייביק זיך וויגן מיט אַ טרער פאַר דער שכינה.

ווינטער איז דאָס בילד נאָך מער צויבערדיק. די נשמה ביי אַ משמר אין די לאַנגע ווינטערדיקע נעכט איז אין אַ שפּל פון גליאונג און צוריסנקייט. די ישיבה מיט אַ שיין דורך די פענצטער פון עטלעכע ליכט שטייט אין אַ געדיכטן שניי. דער שניי שטורעמט ווייטער דורך דער נאַכט. דער

ווינט קלאַפּט אין די פענצטער. עס איז קוים וואַרעם אין דער ישיבה. די דריי לערנער טוליען זיך ביים אויוון, דער ניגון ווערט אַלץ העכער. דער ניגון פון לערנען וויל פאַרטויבן די פייפעריי פון דעם נאַכטיקן ווינט. די לופט זאַוויערוכעס אין אַ פראָסטיקן שניי, וואָס וויקלט די וועלט אין ווייסע תכריכים. עס איז אַ רעש ערגעץ אין די הימלען. טוליעט מען זיך צו דער גמרא אין פחד און אַרויסרוף, און דער ניגון בעט זיך און פאָדערט — „תנו רבנן״!.. ס'איז יידיש לערנען אין פולער מייעסטעט.

און מייעסטעט האָט אַ קרוין. און די קרוין איז מוסר לערנען.

### מ'לערנט מוסר

אַן אַבסאָלוטער מוז פאַר יעדן סלוצקער ישיבה לערנער אַריינצולאָזן זיך אין מוסר, איז ניט געווען. האָט ווער געוואָלט אַוועקשטיין פון דער זייטיק שטיבל אין דער ישיבה־געביידע, ווו די מוסר־לערנער פלעגן זיך צונויפזאַמלען יעדן בין־השמשות, איז ער געבליבן לערנען ביי זיין מסכתא אויף זיין שטענדער. דאָס מוסר־שטיבל איז אָבער תמיד געווען איבערפולט. בעת ר' איסר זלמן פלעגט זיך שטעלן זאָגן אַ שיעור אין מוסר, פלעגט ער אָנטאָן זיין טלית, און עס פלעגט באַלד ווערן אַ גאַנץ באַזונדערע שטימונג. מ'פלעגט דערשפירן, אַז עס גייט זיין אַ העכערער לערנען. און האָט אימיצער אַריינגעטאָן אינעם ניגון ביים געוויינלעכן לערנען אַלע זיינע חלומות, האָט ער דאָס געטאָן אויף אַ הונדערטפאַכיקן שטייגער ביים מוסר. ווען מען איז געקומען צו אַ מאמר אין מוסר, וואָס רופט אַרויס מחשבות וועגן תשובה, האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, און דעם זעלבן פסוק ווידערהאָלט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל ביז דאָס איז געוואָרן אַ שטיק פייער אין די בלוטן.

באַזונדערס געדענקט זיך דאָס מוסר לערנען אין די סלוצקער שבת־פאַרנאַכטן. עס פלעגן זיך אַנטפּלעקן מעכטיקע פּאָעטישע בילדער. צוערשט פלעגט מען זיך באַגעגענען ביי דער ישיבה אויף אָסטראָווע און זיך אַוועקלאָזן אויף אַ שבתדיקן שפּאַציר. פיין אָנגעטאָן פלעגן די לערנער זיין אַ גאַנצע וואָך, און אַוודאי שבת. עס איז געווען ווי אַ געבאָט פאַר די מוסרניקעס, אַז וויבאַלד זיי טראָגן מיט זיך אַ ביי ליכט פון דער אַלטער יידישער טראַדיציע דאַרפן זיי זיך ניט ווייזן דווקא מיט אַן אויסערלעכער פרומקייט. מוסרניקעס האָבן ניט געטראָגן קיין לאַנגע קאַפּאָטעס. מען האָט ניט געזען ביי קיינעם אַרויסהענגען ציצית. מען האָט אויך ניט געזען לאַנגע פאות. ווען די ישיבה לערנער פלעגן זיך אַרויסלאָזן אויף זייער שבתדיקן שפּאַציר, די מייסטע פון זיי יונג און פריש, און אַלע אָנגעטאָן מיט ענלעכע קאַפּעלושן, פלעגן אַנדערע אויף די גאַסן זיך שטעלן קוקן מיט גרויס רעספּעקט. דער שפּאַציר פלעגט זיין פון דער אָסטראָווע צו דער ברייטער גאַס, און פון דאָרטן מיטן שאָסיי צו ר' איסר זלמנ'ס היים. מען פלעגט גיין ניט בלויז פּאָרוויז, אָפּט אַפילו פיר און זעקס אין אַ שורה. ס'איז געווען אַ מאַרש פון שיינקייט אַרויס צובאַגלייטן דעם שבת, און עס פלעגט זיך אויסווייזן, אַז אַפילו די אונטערגייענדיקע זון פון שבת פאַרנאַכט שפּילט מיט. ס'איז אַן אַנדער הימל און אַן אַנדער ערד. פלעגט מען דערגיין שבת פאַרנאַכט צו ר' איסר זלמנ'ס היים מיט אַ יראת־הכבוד, און ווען ער פלעגט אַרויסקומען צו פאַרנעמען זיך צו דער ספּעציעלער שבתדיקער מוסר שמוס וואָס איז אויך געווען אויף אָסטראָווע, פלעגן די ישיבה־לייט אים נאָכגיין אַהין. און ערשט דאָרטן פלעגט זיך אויסשטעלן פון זיך אַליין אַ מגילת־אש, אַ פּאָעמע פון פייער, פון לעבעדיקן לעבן.

דער ניגון אין מוסר פלעגט דעמאָלט זיך אָנהויבן שטיל, בלויז מיט אַ פאַרטראַכטונג, און דאַן ווערן אַלץ העכער און העכער ביז געשריייען, טענות פון יעדן איינציקן צו זיין אייגענעם הארצן און צום אב הרחמים. מיט'ן פנים צו דער וואַנט פלעגט מען אַפילו אויסברעכן אין געוויינען. ווער עס האָט געכליפּעט שטיל און ווער מיט אַ יאָמער אויפן קול. און געקומען איז דאָס ניט לויט געוויסע אַלגעמיינע פסוקים פון מוסר. יעדער האָט געהאַט זיין אייגענעם נוסח לויט דער אייגענער זאָרג און דעם אייגענעם קלעם. און אַז עס איז געוואָרן גאָר פינצטער, פלעגט ר' איסר זלמן זיך שטעלן מיטן פנים צו אַלעמען, און דעמאָלט האָט מען געוווּסט, אַז ער גייט זאָגן אַ ספּעציעלן שיעור אין מוסר. ער פלעגט אויפקלערן יעדן שבת אַן אַנדער פונקט פון דער מוסר פילאָזאָפיע, באַגלייט פון דיכטערישער, חזיונישער התרוממות דורך אַ מעשהלע וועגן וועמען פון די מקובלים, אָדער פון די גרינדער פון מוסר. לעבנס־מעשהלעך מיט וווּנדערלעכער עטיק אין זיי און מיט אַ באַהעפטן זיך מיט געטלעכקייט זענען אַ בריק צווישן קבלה און מוסר, און ר' איסר זלמן פלעגט שפּאַצירן אויף דער בריק מיט אַ גייסטיקער עלעגאַנץ. מען האָט דערשפירט אַן עלית נשמה אין זיך און דאַן פלעגט מען דאַווענען מעריב. נאָכדעם פלעגט ר' איסר זלמן מאַכן הבדלה, און מען איז געגאַנגען אָנהויבן אַ נייע וואָך פון לערנען, סיי דורך די טעג, סיי אין די שטילקייטן פון דער נאַכט.

אַ ליכטיקייט פון ברודערשאַפט האָט דעמאָלט (1902—1904) געהאַט דורכגענומען די סלוצקער ישיבה. ממש אַ נשמה־פלאַם פון „קהל חברים״. אַזאַ גייסט איז קודם אַריין אין די אָרגאַניזאַציעס פון דעם ישיבה לערנערס לעבן, וואָס איינע האָט געהאַט דעם אינטריגירנדן נאָמען „נר של שבת״. ס'האָט געהאַט צו טאָן מיטן באַזאָרגן די אָנגעפּאַרענע ישיבה־לייט מיט אַ שבת־טיש, „אַ הויזגעזינד ווו צו קענען זיין אַן אורח אויף שבת אַ גאַנצן זמן, אויב ניט אַ גאַנץ יאָר״.

די סלוצקער ישיבה האָט יאָ נאָכגעפאָלגט די מוסר ישיבות פון אַנדערע שטעט מיטן איינפיר, אַז די ישיבה־לייט זאָלן ניט זיין אָנגעוויזן אויף „עסן טעג״, נאָר מ'זאָל דורך משולחים זיי באַזאָרגן מיט וויפל־ניט־איז געלט־שטיצע. ס'האָט אַוודאי ניט געקענט זיין גענוג; ס'האָט אָבער געהויבן דעם ישיבה מאַנ'ס שטאָלץ. ער האָט מער ניט געהייסן אַן „אָרעם בחור״, וואָס שטייט יעדן טאָג ביי אַן אַנדער טיר צו קריגן אַ ביסן ברויט. ער איז אַ פאַרשטייער פון לומדות ביי זיין פאָלק, הגם פאַראָרעמט און אָפט אַפילו פאַרהונגערט. די מייסטע פון אונדז זענען געווען קינדער פון היימען מיט קוים אַן אויסקומעניש. טאַטע־מאַמע האָבן זיך מקריב געווען צו האָבן אַ זון אין אַ

ישיבה, פלעגט מען אים צושיקן אַ פּאָסילקעלע אין דער ווייטער שטאָט, וואָס נאָר עס האָט זיך געלאָזט שיקן. אַ פּעקעלע טיי, אַ זעקעלע צוקער. און פיל אַרויסגעהאָלפן האָבן די ליבהאָרציקע שוועסטער אונדזערע אויספירנדיק די היסטאָרישע ראָל פון יונגע יידישע טעכטער ביים יידישן תורה־לערנען. זיי זענען געווען פון די ערשטע טויבן אין די יידישע וואַנדערונגען, זענען זיי אַוועק פון טאַטע־מאַמעס היים קיין ענגלאַנד, קיין אַמעריקע, און אַ ישיבה־מאַן פלעגט פון צייט צו צייט קריגן פון דער פאַררייזטער פאַרהאַרעוועטער שוועסטער, צומאָל יינגער פון אים, אַ האַרציק בריוועלע מיט אַביסל געלט, זאָל ער נאָר לערנען און זיין אַ נחת פאַר טאַטע מאַמען. דער גאַנצער געלט־חשבון פונעם ישיבה־מאַנ'ס לעבן האָט זיך געדרייט אַרום קאָפּעקעס. געציילטע קאָפּעקעס פאַר דירה־געלט און געציילטע קאָפּעקעס פאַר אַ טאָג עסן. געוויינלעך פלעגן פיר ישיבה־לייט זיין אין איין צימערל, און די באַלעבאָסטעס פון אַזעלכע דירות, וואָס מען האָט אָנגערופן „סטאַנציעס", זענען אַליין געווען אָרעמע מאַמעס, אין אַ ביטערן דלות. און זיי פלעגן אויך קאָכן פאַר די ישיבה לערנער. אַרויסגעהאָלפן אין דעם עסן האָט דער געדיכטער סלוצקער „קרופּניק". אָדער די אכילה פון רעטעך מיט שמאַלץ, און ווייטער האָט מען געלעבט אַ גאַנצע וואָך אויף ברויט מיט טיי. אָבער שבת, שבת האָט געדאַרפט זיין אַנדערש. שבת איז די פּרינצעסין, די קעניגין, די כלה, די גאַנצע שיינקייט פון יידישן לעבן. שבת דאַרף מען זיין ביי אַ טיש מיט חלה, מיט קידוש, מיט אַ שטיקל פלייש. מען דאַרף קענען זינגען מיט ווערמען זמירות. איז געוואָרן די חברה „נר של שבת", וואָס האָט געקראָגן אין שטאָט פאַמיליעס פאַר אָנגעפאַרענע ישיבה־לייט ווו צו עסן שבת, און געקראָגן האָט מען עס אויפן סמך וואָס ניט דווקא דער לערנער דאַרף עס, נאָר אויך דער מכניס אורח. מען דאַרף דאָך הערן ביים שבת־טיש גייסטיקייט, און דער ישיבה־מאַן איז דער פאַרטרעטער פון דער יידישער וועלט.

ס'איז געווען אַן אויפטו פאַר דער גאַנצער שטאָט. אַ פּאָר הונדערט ישיבה לערנער, האָבן אין אַזויפיל סלוצקער הייזער גערעדט שבת וועגן הויכע ענינים. און דווקא אין די גבירישע רוסיפיצירטע הייזער פון דער סוחרישער וועלט. און עס איז געווען אַ ספּעציעלער אומשטאַנד אין סלוצק, וואָס האָט געגעבן דעם אויפטו אַ גרויסן היסטאָרישן כאַראַקטער.

סלוצק האָט געהאַט אויך אַן אַכט־קלאַסיקע רוסישע גימנאַזיע, וואָס האָט געבראַכט אין שטאָט סטודענטן פון גאַנץ מינסקער גובערניע, און פון אַנדערע גובערניעס אויך, צווישן זיי קינדער פון באַלעבאַטישע יידישע היימען, ווו מען האָט געקענט טרוימען וועגן קאַריערעס דורך גימנאַזיסטישער בילדונג. אַ סך פון זיי זענען אין דער גימנאַזיע קיינמאָל ניט אַריין. ענטוועדער דער פּראָצענט פאַר יידישע גימנאַזיסטן איז תמיד געווען פאַרפולט, אָדער זיי האָבן ניט געקענט אויסהאַלטן די נויטיקע עקזאַמענס. זיי זענען אָבער אין סלוצק פאַרבליבן. זיי האָבן געלערנט ביי פּריוואַטע לערער צוצוגרייטן זיך צו אַן עקזאַמען אויף פיר קלאַסן גימנאַזיע, וואָס וועט זיי מיט דער צייט אַריינפירן אין דער פּראָפעסיע פון אַפּטייקערס. סלוצק האָט דורך דעם פאַרגעשטעלט ווי אַ שטאָט מיט גאָר אַן אומגעהויערער איינזאַמלונג פון יידישע יוגנט. אי אַ ישיבה יוגנט אי אַ סטודענטישע. און קיין צד האָט ניט אויפגעשטעלט אַ וועלכע ס'איז מחיצה. די שבת'דיקע באַגעגענישן פון ביידערליי מחנות אין באַלעבאַטישע סלוצקער הייזער האָבן אויסגעברייטערט די סביבה פון יידיש־גייסטיקן לעבן, וואָס דערין איז געווען גאָר אַ נייער רעספּעקט פאַר דעם ישיבה־מאַן. עס איז אָפּגעפאַלן די פאַלשקייט אַז איינער, וועלכער איז פאַרטאָן אין יידישער לומדות איז אַ „ווילדע בריאה". ער האָט ניט קיין זין פאַר מאָדערנער ציוויליזאַציע און וועלטלעכער קולטור. ער איז אַ בטלן. ער געהערט צום אַלטערטום. מען האָט איינגעזען אַז עס איז פונקט פאַרקערט, אַז ערשט פון יידישער לומדות קוועלן אַרויס וועלט־אידעען.

## מאָמענטן און פּערזאָנען

וווּנדערלעכע מאָמענטן פון שטאָט און ישיבה זענען מיר פאַרבליבן אין זכרון אין פולער וואַכזאַמקייט, און זיי דאַרפן, מיין איך, פאַרצייכנט ווערן פאַר אַלע פּנקס'ן פון אונדזער דור.

איין מאָמענט — גלייך נאָך דעם קישינעווער פּאָגראָם.

מען האָט אין דער סלוצקער ישיבה דורכגעפירט אַ קדיש־זאָגן נאָך די דערהרגעטע אין דעם פּאָגראָם. ס'האָט געהאַט אַ כאַראַקטער פון פּראָטעסט קעגן דער גאַנצער פינצטערניש, וואָס איז דורות געווען אַרויפגעוואָרפן אויפן יידישן לעבן אין צאַרישן רוסלאַנד. מען האָט געוווּסט אין שטאָט, אַז אַזאַ טאָג גייט זיין אין דער ישיבה, זענען געקומען אויך סטודענטן פון אַרום דער גימנאַזיע. עס איז געווען אַ זעלטענע סצענע. אַ שטאָטישער אַדוואָקאַט האָט זיך געשטעלט אויף די טרעפּלעך ביים ארון־קודש און דערציילט איינצלהייטן וועגן דעם פּאָגראָם, און ווי די גאַנצע וועלט קלינגט מיט זיי. איינער פון די ישיבה לערנער האָט געזאָגט קדיש, און אַ צווייטער פאַרגעטראָגן חיים נחמן ביאַליקס באַרימטע פּאָעמע „אין דער שחיטה־שטאָט". די פּאָעמע איז געווען אָפּגעדרוקט אין אַ קליין ביכעלע, וואָס איז דערגאַנגען קיין סלוצק ווי אַ געהיימע שריפט. ביים קדיש־זאָגן האָט אויסגעבראָכן אַ יאָמערלעכער געוויין. ביי ביאַליקס פּאָעמע איז מען געשטאַנען ווי פאַרגליווערט מיט אויפגעריסענע אויגן און פאַרשעמטע ציין.

אַ צווייטער מאָמענט — שפּעטער אין זומער.

ווידער אַן אומפאַרגעסלעכע סצענע.

דאָקטאָר טעאָדאָר הערצל איז געקומען אין רוסלאַנד אָנצופירן געשפּרעכן מיטן צאַרס פּרעמיער מיניסטער פּלעווע וועגן ציוניזם. ווען ער איז געווען אין ווילנע בעת יענער היסטאָרישער רייזע, האָט זיך פונאַנדער געטראָגן אַ קלאַנג, אַז עמעצער האָט אים דערשאָסן. ווי אַזוי דער קלאַנג האָט זיך באַלד דערטראָגן קיין סלוצק איז אַ רעטעניש. כמעט די גאַנצע שטאָט מיט יידן איז פּאַקטיש באַלד געווען אַרום דעם פּאָסט־אַמט אויף דער ברייטער גאַס. יידן פלעגן דאָרטן קומען הערן וועלט־נייעס יעדן טאָג. עס האָט געגאָלטן אַן איינריידעניש, אַז ביים פּאָסט־אַמט הערט מען אַלץ. זענען יידן איצט געלאָפן אַהין אין אַ מיטן טאָג צו הערן וועגן

דאָקטאָר הערצל. מען האָט איבערגעלאָזן קראָמען. באַלמעלאָ־כעס זענען אַוועק פון דער אַרבעט. ישיבה־לייט האָבן אָפּ־געשטעלט דאָס לערנען.

און אַ דריטער מאָמענט — רירנדע פאַלקישקייט.

אין סלוצק איז אָנגעקומען אַ „קול־קורא", אַז אויף דער דערבייאיקער שטאָט באַברויסק איז אָנגעפאַלן אַ שריפה, און גאַנצע גאַסן האָבן אָפּגעברענט. סלוצק האָט זיך אַ הויב געטאָן מיט הילף. מען האָט געזאַמלט לאַבענס ברויט, נשרפים זאָלן ניט פאַרהונגערט ווערן, און מען האָט געזאַמלט קליידער און בעט־געוואַנט פאַר די וואָס זענען געבליבן אָן היימען. די ישיבה־לייט האָבן זיך אַוועקגעלאָזן איבער דער שטאָט דאָס אַלץ צו קריגן. סלוצקער פורמאַנעס האָבן אויסגעשטעלט זייערע פערד און וואָגנס ביי דער ברייטער גאַס אינמיטן שטאָט, יעדער וואָגן איז באַלד געוואָרן איבערפולט, ענטוועדער מיט ברויט, אָדער מיט זאַכן. און די פורמאַנעס האָבן נאָכדעם זיך אַוועקגעלאָזן, אַ וואָגן נאָך אַ וואָגן, צום שאָסיי קיין באַברויסק. דאָס איז געווען די פורמאַנישע צדקה פאַר די געליטענע. און ווען די פורן האָבן זיך גענומען רירן, זענען די ישיבה־לייט נאָכגעגאַנגען און האָבן געזונגען פסוקים פון תהילים. די פורמאַנעס זענען שליחי מיצווה, דאַרף זיי ניט געשען קיין שלעכטס אויפן וועג. פון אַלע הייזער איז מען אַרויסגעקומען מיטצולעבן מיט דער פּראָצעסיע.

נאָך מאָמענטן — ווי פאַרלויפערס פון די שפּעטערדיקע דורכלעבונגען פון אונדזער דור.

גלייך נאָך דער היסטאָרישער ציוניסטישער קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן (1902) אין מינסק. אַ דראַמאַטי־שער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון רוסישן ציוניזם. דאָרטן האָט זיך פונאַנדערגעוויקלט דער היסטאָרישער שטרייט צווישן דעם ציוניזם פון דאָקטאָר הערצל און דעם ציוניזם פון אחד־העם. און אחד־העם האָט טאַקע זיך באַטייליקט אין דער קאָנפערענץ. און געווען זענען דאָרטן כמעט אַלע פון דער רוסיש־יידיש אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך געטוליעט צום ציוניזם. אויך יונגע רבנים פון פאַרשיידענע פונקטן אין רוסלאַנד. זיי זענען שוין געווען איינגעשלאָסן אין דער מזרחי באַוועגונג, געשאַפן און אָנגעפירט פון הרב יצחק יעקב ריי־נעס פון לידע. און ער אַליין איז אויך געווען. גרופּעס פון די דעלעגאַטן זענען נאָך דער קאָנפערענץ, אויפן וועג צו זייערע היימען, געקומען באַזוכן סלוצק. זיי האָבן געהאַט געהערט וועגן דער נייער יידישער יוגנט, וואָס זאַמלט זיך אין סלוצק, דורך דער ישיבה און דורך דער גימנאַזיע און געוואָלט אָנקוקן. געווען וואָכן ווען יעדן טאָג האָט זיך באַוויזן אַ גאַסט אין דער ישיבה, און דער גאַסט האָט געשמט אין רוסיש־יידישן לעבן. איך געדענק דעם גרויסן עולם, וואָס איז דעמאָלט געקומען הערן אַ דרשה פון הרב ריינעס אין דער סלוצקער גרויסער שול. פיל ישיבה לערנער זענען געקומען. ער האָט טאַקע געהאַט אַ נאָמען אַלס אַ מאָדערנער רב, און די אָרטאָדאָקסיע האָט אויף אים געקוקט קרום, אָבער אַ רב איז אַ רב, און אַפילו די פרימסטע פון דער ישיבה האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס רעספּעקט. און ער האָט דאָך געשמט מיט דער קרוין פון אַ גדול בתורה, וואָס די גאַנצע ישיבה־וועלט פון רוסלאַנד האָט אים געהאַט געגעבן, און דאָס איז אין סלוצק געשטאַנען העכער פון אַלע חשבונות.

דורך די געסט, וואָס האָבן דעמאָלט באַזוכט סלוצק, איז ביי די ישיבה־לייט געוואָרן אַן אינטערעס צו אַלע שאַטירונגען אין ציוניזם. הגם ס'איז געווען איינגעשטעלט ווי אַ פּאַרזאַג, אַז קיינער אין דער ישיבה פאַרנעמט זיך ניט דערמיט, האָט מען פון דעסטוועגן געזוכט אויפקלערונג ביי דער יידישער ביבליאָטעק אין שטאָט, ווו מען האָט געקענט קריגן זאַמל־ביכער אויף העברעאיש און יידיש, און טאַקע דעם זשורנאַל „השלוח", וואָס האָט דעמאָלט געדרוקט אחד העם'ס „על פרשת דרכים". נאָכדעם האָט מען שוין געקענט הערן ביי אַ ישיבה־לערנער אַ סך רייד וועגן אחד העם, וועגן דאָקטאָר יוסף קלויזנער און וועגן דאָקטאָר שמעון בערנפעלד, דעמאָלט די וויכטיקסטע שרייבער אין „השלוח".

די ביבליאָטעק האָט אַנטפּלעקט גאַר אַ נייעם פונקט אין שטאָט, דעם צענטער פון משכילים מיט העברעאישע לערער. אַ לערער איז דאָרטן געווען אויך דער דעמאָלט־יונגיקער שרייבער און שפּעטער באַרימטער שריפטשטעלער אין העב־רעאיש און יידיש, נאָוועליסט, דראַמאַטורג און איבערזעצער פון שלום עליכם אויף העברעאיש, י. ד. בערקאָוויטש. אַ יונגער טונקעלער פּנים, גרויסע רונדע אויגן מיט אַ שטילן קלוגן שמייכל אין זיי, האָבן ישיבה־לייט אים אומגעוויינלעך געשעצט און ליב געהאַט וואָס עס געהערט צו ליטעראַטור. און אַז ער האָט פאַרלאָזן סלוצק, און מען האָט נאָכדעם דערהערט וועגן זיין גרויסן ליטעראַרישן דערפאָלג, מיט זיין געווינענער דערציילונג אין אַ ליטעראַרישן קאָנקורס — די דערציילונג „משה'קעלע חזיר", — איז ביי די ישיבה־לייט געווען אַ יום־טובדיקייט ווי אַלע וואָלטן געהאַט אַ חלק אין דעם. פאַר דער סלוצקער יוגנט האָבן דעמאָלט דורך אים זיך געעפנט די טויערן פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, העברעאיש און יידיש, אַריינצושפּאַצירן אין אירע גערטנער, און מיטוואַקסן מיט אַלץ, וואָס גייט דאָרטן אויפבליען.

צו יענע טעג אין סלוצק געהערט אויך, גלויב איך, דער אָנהייב פון דעם גרויסן שעפערישן קולטור־לעבן פון דעם סלוצקער געבוירענעם ליטעראַטור פּראָפעסאָר און היסטאָרי־קער מאיר וואַקסמאַן, וואָס זיינע צאָלרייכע ווערק אויף ענגליש וועגן דער העברעאישער און יידישער ליטעראַטור און וועגן דער יידישער געדאַנקען־וועלט און יידישע עטיק, ענטהאַלטן פיל ערלעכע התמדה און פיל גליענדע חריפות.

אויף אַ שפּעטעריש געזעלשאַפטלעכע קראַפט איז דורך יע־נע סלוצקער טעג אַריין אין אונדזער דור.

אַ צופאַל, אָבער מיט אַ צוויבערלעכן אינהאַלט.

אַ סלוצקער ווינטער נאַכט. שניי, פראָסט, ווינט. מיר זענען אין אַ משמר, און בלויז צוויי לערנער. מיין חבר איז „דער קאַברינער". ער געהערט צו דער חסידישער וועלט פון הויף פון קאַברינער רבי'ן. מיר לערנען מיטן זעלבן גמרא־ניגון, אָבער אַנדערש. מיין חבר לערנט אויף אַ הויכן קול, ממש ווי בעל־תפילה'דיק געשרייען, אויסרופן צו די הימלען און צו זיך אַליין. עס האָבן זיך דערהערט טריט ביי דער ישיבה טיר,

און באַלד איז פאַר אונדז אויסגעוואַקסן אַ יונגער היכער בחור, אָנגעטאָן אין אַ גרויען סטודענטישן מאַנטל מיט בלאַנקע קנעפּ און אַ באַשליק איבער די פּלייצעס, און אַ הויכן גראַ־באַראַנקענעם הוט. מען האָט געקענט מיינען, אַז ער איז אַ יונגער מיליטערישער אָפיציר. מיר האָבן אויפגעהערט לערנען. דער גאַסט האָט זיך פאָרגעשטעלט. ער איז פאַרבייגעגאַנגען. ער האָט געהערט דאָס קול פון לערנען אַזוי שפּעט און אין אַזאַ נאַכט, האָט ער געוואָלט אַ קוק טאָן. קען ער ריידן מיט אונדז? זיין נאָמען איז אהרון סינגאַלאָווסקי.

דער צוקונפטיקער דאָקטאָר סינגאַלאָווסקי, טאַלאַנטפולער וואָרט־פירער ביי ייִדיש־סאָציאַליסטישע פאָלקס גרופּעס, ביים אינטערנאַציאָנאַלן „אָרט”, כלל־טוער פער־עקסעלאַנץ ביים אייראָפּעאישן ייִדנטום.

עס גייען דיאַלאָגן צווישן אים און אונדז. ער איז אַ פרעמדער אין סלוצק, אַן אָנגעפאָרענער מיט אַ האָפענונג אַריינצוקומען אין דער גימנאַזיע. וואָס מיר, מיין חבר און איך, טוען, דאָס זעט ער. איז וואָס לערנען מיר? און וואָס איז מוסר? און ווער זענען געווען די תלמודישע גרויסע פילאָזאָפן, און ווער די גאונים, און ווער די בעלי־קבלה? מיר ווערן ניט נתפעל. מיר רעכענען אויס פאַר אים נעמען פון דער גמרא און מיר ריידן וועגן זייער גרויסקייט און טיפער מענטשלעכקייט. מיר נעמען זיך איבער מיט זייער שווערן לעבן, וואָס פיל פון זיי זענען געווען באַלמעלאָכעס. דער און יענער תנא, דער און יענער מקובל, זיי זענען געווען שמידן, שוסטערס, האָלץ־העקערס, רייפן־באַשלאָגער אויף טונען, אויספלעכטערס פון קערב, און גלייכצייטיק לומדים און דיכטער. עס צויבערט אונדזער גאַסט די געשטאַלט פון דעם מקובל ר׳ שלמה אלקאבאץ, דיכטער פון דעם שבת־ליד „לכה דודי”. ר׳ איסר זלמן האָט אין יענע טעג געהאַט געטייטשט פאַר אונדז, אַז היסטאָריש איז ער געווען דער פאָרגייער פון מוסר, סיי מיט זיינע געדאַנקען, סיי מיט זיין מאָראַלן פאַרהאָרעוועטן לעבן. סינגאַלאָווסקי זיצט ווי אויפגעציטערט פון דעם וואָס ער הערט. ער זיצט מיט אונדז ביז פאַרטאָג. ער קומט צו אונדז אַ צווייטן מאָל, אַ דריטן מאָל. ער גרינדעט אין סלוצק אַן אָרגאַניזאַציע פון סטודענטן און ישיבה לערנער, „בני־יהודה”. זי ווערט אַ געזעלשאַפט צונויפצוקומען זיך און צו לערנען איינער פון צווייטן דורך אויפנעמען דיסקוסיעס וועגן מוסר און וועגן גמרא־געשטאַלטן, און וועגן וועלט־אידעען, סאָציאַליזם. מ׳הערט וועגן „בונד” און הערש לעקערט אין ווילנע, און וועגן „בונד” און פועלי־ציון אין מינסק. אין אַ טראָפּן וואַסער זעט מען דעם ים און אַלע גאָטס רעגנס. אין יענער סלוצקער „בני יהודה” איז געלעגן די גאַנצע אָנקומענדע וועלט פון אינדזער דור...

סלוצק פון יענע טעג האָט מיטגעפיבערט ביי אַלעמען פון אונדז, וועלכע האָבן זי אַריינגענומען אין די בלוטן, און מיר זענען דערמיט אַוועק איבער אַלע ימים, און אַריין דערמיט אין כלערליי פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען, און ווער עס איז דערמיט אַרויף אויף קולטור־פּאָזיציעס, ביי ליטעראַטור, ביים זשורנאַליזם, און ביי וויסנשאַפטן אינעם קאַלעדזש־לעבן פון דער פרייער וועלט. אויף עטלעכע וועלט־רייזעס מיינע דורכצולעבן פון־דאָס־ניי באַגעגענישן מיט מענטשן און דערשיינונגען אין לאַנד נאָך לאַנד, איז סלוצק געשטאַנען אויף מיין וועלט־מאַפּע, און איך בין צוגעקומען צו איר ברעג אין דעם יאָר 1933, בעת דעם סאָוועטישן טעראָר־און־הונגער־יאָר, איך האָב פריער געהאַט אַ צוגרייטונג צו קענען ווידער באַנעמען סלוצק. איך בין געווען אין ארץ ישראל און אַ שבת־גאַסט אין דער ירושלימער היים פון מיין רבין ר׳ איסר זלמן מעלצער דעמאָלט שוין פון די גדולי־תורה אין ירושלים, און אין מיר איז וואַך געוואָרן פון־דאָס־ניי זיין סלוצקער היים. און אין דער ליבלעכער געזעלשאַפט פון דעם סלוצקער י. ד. בערקאָוויטש, שוין פון דער חבורה לעבן אין דער העברעאישער ליטעראַטור, וואָס האָבן צוגעגרייט אַ ליטעראַרישע אַטמאָספערע פאַר דער אויפקומענדיקער מדינת ישראל, האָב איך געשפּירט אָטעם פון סלוצקער ביבליאָטעק. סלוצקער רידב״ז — צו זיין קבר אין צפת. סלוצק און סלוצק, און אָט בין איך ענדלעך ביי איר ברעג. איך קום צו איר פון באָברויסק. דער סאָוועטישער פּאָליציי־וועג שניידט זי אָבער אָפּ. ווייטער קען מען ניט פאָרן. אַלץ איז מיליטער. אָט בין איך שוין ביי דער שטאָט. זאָל דער אויטאָמאָביל פאָרן נאָך אַ פינף מינוטן און מיר וועלן זיין ביי אָסטראָווע — אָסטראָווע ווו די ישיבה



הלל דובראוו און אהרון סינגאַלאָווסקי

איז געשטאַנען — אָבער מען לאָזט ווייטער ניט גיין. איך דער־קען דעם וועג. איך טראָג אין זיך פּאָרטרעטן פון אַלע גאַסן און שטעגן אויף דער וועלט, ווו נאָר איך בין אַמאָל געווען. מיין סאָוועטישער „אינטוריסט" באַגלייטער איז פריינדלעך. ער באַנעמט מיין ציל קיין סלוצק. ער וויל מיך העלפן. ער נעמט מיך צו אַ מיליטעריש וואַך־שטיבל. זענען דאָ יידן אין סלוצק? מען קוקט זיך איבער. איך הער אַ באַמערקונג, אפשר קען מען דאָס דערגיין אינעם קלוב פון די „בעזבאָזשניקעס". אַ „בעזבאָזשניק" האָט זיך אָפּגעזוכט פּאַרגאַרטעלט מיט אַ שטריק אַרום זיך. ער האָט געשלעפּט אַ קלאָץ. איך הער פון אים, אַז די גאַר אַמאָליקע סלוצק איז שוין מער ניטאָ. יענע סלוצק איז שוין לאַנג געשטאָרבן. טאָקע געשטאָרבן אויף די הענט פון די „בעזבאָזשניקעס". איז נאָך דער שול־הויף אין מיטן שטאָט? איז נאָך דאָ דער פּעלזיקער שטיין? דער מענטש מיטן שטריק אַרום זיך גיט אַ זאָג: סלוצק איז אַ מיליטער לאַגער, אומעטום שטייען שטאַלן מיט מיליטערישע פערד. ס'האָט מיר אַ ריס געטאָן אין האַרצן. אַזוינס איז דער סוף פון אונדזער יענער סלוצק וואָס פיבערט איצט בלויז אין זכרון...

**ר. בערקאָוויטש** / פילאַדעלפיע

# די „יעווריסקאיע אוטשילישטשע"

„יעווריסקאָיע דוואוכקלאַסנאָיע נאַטשאַלנאָיע אוטשי־לישטשע" איז געווען די איינציקע שטאָט־שולע פאַר רוסישע לימודים פאַר יידישע יינגלעך אין סלוצק. אָפיציעל איז זי געווען פאַררעכנט אַלס רעגירונג־שולע, געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דעם ווילנער בילדונגס־קרייז. צי זי איז אויך אויסגעהאַלטן געוואָרן פון דער רעגירונג — דאָס געדענק איך שוין ניט. די לערער זענען געווען דיפּלאָמירטע פון דעם ווילנער לערער־אינסטיטוט, געטראָגן מונדירן מיט קנעפּ, היטלען מיט קאָקאַרדעס, און זיך געהאַלטן מעשה „טשינאָוור־ניקעס". די תלמידים („אוטשעניקעס") האָבן געטראָגן שוואַר־צע רובאַשקעס, פאַרגאַרטלט מיט פּאַסן, און היטלען מיט גלאַנציקע דאַשעקעס.

די שולע איז באַשטאַנען פון פיר האַלב־קלאַסן, אַחוץ אַ „פּריגאָטאָוויטעלנע" (צוגרייטונג) קלאַס. די לימודים זענען געווען: רוסישע שפּראַך, אַריטמעטיק, רוסישע געשיכטע, געאָגראַפיע. שפּעטער (אַרום 1903) זענען אויך אַריינגעב־ראַכט געוואָרן אין קורס אַלגעברע, געאָמעטריע און אויפן שפּיץ מעסער „זאַקאָן באָזשי" (יידישע רעליגיע). מע האָט דאָרט אויך געלערנט זינגען — רוסישע פּאַטריאָטישע לידער, קינדערשע פאָלק־לידער. אין „טאַבעלנע" טעג (פּאַטריאָטישע ימים טובים) פלעגן אָפּגעהאַלטן ווערן פייערונגען אין דער גרויסער קאַלטער שול, ווו דער כאָר פון די קינדער פלעגט זינגען און דער קאַזיאָנע ראַבינער פלעגט האַלטן פאַר די תלמידים אַ רוסישע פּאַטריאָטישע דרשה.

פריער האָט די שולע זיך געפונען אין דעם שיינעם הילצערנעם הויז פון די סאָלאָווייטשיקס, אויף סאַדאָוווע גאַס. שפּעטער האָט זי זיך אַריבערגעצויגן אין אַ געמויערט הויז, וואָס האָט געהערט צו אַ דייטש מיטן נאָמען גערלע, נאָהענט צו אָסטראָווער גאַס, ניט ווייט פון דעם גלח'ס הויז מיטן קלויסטער.

די שולע איז באַשטאַנען פון פינף קלאַס־צימערן מיט בענקלעך פאַר די תלמידים. אין יעדן צימער — אַ „דאָסקע" (טאָפעל) אויף אַ גרויסן שטח פון דער וואַנט, לאַנד־קאַרטעס און פּאָרטרעטן פון דעם קייסער מיט דער קייסערינע. אין דעם בנין האָבן זיך אויך געפונען דאָס לערער־צימער („אוטשיטעלסקאָיע"), די ביבליאָטעק און די פּריוואַטע דירה פון דעם פּרינציפּאַל („זאַוועדויושטשי"). די שולע האָט אויך פאַרמאָגט אַ הויף, ווו די תלמידים האָבן געמאַכט גימנאַסטישע איבונגען אונטער דער אויפזיכט פון אַ „פעלדפעבל" אין אַ מונדיר — אַ היפּשער חידוש פאַר געוועזענע חדר־יינגלעך אין סלוצק.

די תלמידים זענען געקומען, מערסטנטייל, פון באַלע־באַטישע הייזער. קינדער, וואָס האָבן ניט אַרויסבאַוויזן קיין נייגונג צו לערנען אין די ישיבות, זענען געווען שטאָף פאַר דער „אוטשילישטשע". צווישן זיי זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט די אַמביציע צו ווערן רוסישע לערער, אָדער צו עקסטערנירן און האַלטן עקזאַמען אין דער סלוצקער גימנאַזיע.

אַז איך בין אַריינגעטראָטן אין דער „אוטשילישטשע", נאָכדעם ווי איך בין דורכגעגאַנגען די געוויינלעכע יידישע לימודים אין די חדרים, האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ נייע חידושדיקע וועלט. די אָפיציעלע שפּראַך צווישן די תלמידים האָט דאָ געמוזט זיין רוסיש, און מיין רוסיש, וואָס איך האָב אַהער געבראַכט, איז געווען דאָס ביסל „גוייש", דאָס ווייס־רוסישע פּויערים־לשון, וואָס איך האָב אויפגעכאַפּט אין סלוצ־קער דרויסן. די ערשטע צייט איז מיר אָפּט אויסגעקומען אויסצושטיין דעם געלעכטער פון די אַלטגעזעסענע חברים פאַר מיין „גוייש" — אַשטייגער, אַז אַנשטאָט „מאַלטשיק" פלעג איך זאָגן „כלאָפּעץ". עס האָט אָבער ניט גענומען לאַנג און איך בין איבערגעקומען די „חבלי לשון" און „געקנאַקט רו־סיש", ווי מע האָט עס גערופן אין סלוצק, גלייך מיט אַלע מיינע חברים.

דאָס רעדן רוסיש האָט ווי דיסציפּלינירט די געוועזענע חדר־יינגלעך און זיי געהאַלטן אין די ראַמען פון אָרדענונג, אויפמערקזאַמקייט צו די לימודים און דרך־ארץ פאַר די לערער אין די מונדירן מיט די קנעפּ, הגם עס האָבן זיך געפונען צווישן די תלמידים אויך פרייע נשמות, שטיפער און לצים, וואָס האָבן הינטער די אויגן נאָכגעקרימט די לערער, גערופן זיי מיט „צונעמענישן", און דווקא אויף יידיש. אַזוי האָט דער לערער ראָזענטאַל געהייסן ביי זיי „קראַליק", יעלין

— „ביעק" (ווייל ער איז געווען קורץ און קיילעכדיק, ווי דער שטאָט־משוגענער איטשע ביעק), פעטקון — „האַרבאַטע נאָז", וכדומה אַזעלכע נעמען, פון וועלכע אַפילו די סטאַטעטשנע תלמידים האָבן הנאה געהאַט.

דאָס זענען געווען די טעג פון דער „ערשטער רעוואָלוציע" אין רוסלאַנד (1905—1904). דער בונטאַרישער גייסט האָט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד און האָט פאַרבלאָנדזשעט אַפילו אין אונזער „יעווריעיסקאַיע אוטשילישטשע", בפרט אין לעצטן קלאַס. ווען די גימנאַזיסטן פון דער שטאָט־גימנאַזיע זענען אַרויס אין סטרייק, דערפאַר וואָס מע האָט אויסגעשלאָסן ניין חברים זייערע פון דער גימנאַזיע פאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, זענען מיר אויך ניט אָפּגעשטאַנען פון קהל און אַרויס אין אַ „סימפּאַטיע־סטרייק" מיט די גימנאַזיסטן, זיך באַטייליקט אין דער דעמאָנסטראַציע מיט אַלע אַנדערע אָרגאַניזירטע רעוואָלוציאָנערע גרופּעס, געהאָלפן מאַרשירן צו דעם בניין פון דער גימנאַזיע, פאָדערן מע זאָל צוריק אַריינגעמען די אַרויסגעטריבענע גימנאַזיסטן. דער סוף איז אָבער געווען: ביי די טירן פון דער גימנאַזיע זענען געשטאַנען גרייט סאָלדאַטן מיט ביקסן. איינער פון אונז האָט זוכה געווען און איז צוריקגעלאָפן אַ צעבלוטיקטער.

געענדיקט די „אוטשילישטשע", האָט יעדער איינער פון אונז זיך אויסגעקליבן זיין וועג. אייניקע האָבן פאָרגעזעצט זייער שטודיום אַלס עקסטערנע, אַנדערע האָבן נאָכגעטאָן די טאַטעס און זיך גענומען צו מסחר, און די מערסטע זענען אַוועק מיטן גרויסן יידישן עמיגראַנטן־שטראָם, נאָך די אָקטאָבער־פּאָגראָמען אין 1905, קיין אַמעריקע. דאָ, אין אַמעריקע, איז מיר אויסגעקומען מיט עטלעכע חברים פון דער „אוטשילישטשע" זיך ווידער צו באַגעגענען.

צום סוף דאַרף דאָ דערמאָנט ווערן צום גוטן דער פּרינציפּאַל פון דער שולע מאַאיסיי לעווינסאָן, וועלכער איז אויך געווען דער לערער פונעם לעצטן קלאַס און האָט ביי חברה שטיפער געהייסן „דער אַלטער", אַפּנים דערפאַר, וואָס ער האָט געטראָגן אַ באָרד. אַליין אַ מענטש פון פיינער גייסטיקייט, האָט ער שטאַרק מקרב געווען יענע פון זיינע תלמידים, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו העכערע ענינים, זיך אינטערעסירט מיט זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג אויסער די גרעניצן פון דער שולע, אַרויסגעגעבן זיי ביכער צו לייענען פון זיין פּריוואַטער ביבליאָטעק און זיי מדריך געווען אין דער קלאַסישער רוסישער ליטעראַטור.

## ל. אליעזר פאַגעלמאַן ניו־יאָרק / סלוצק, מיין צווייטע היים

סלוצק באַטראַכט איך שטענדיק ווי מיין צווייטע היים. אין ניעסוויזש, בין איך געבאָרן געוואָרן און דאָרט האָב איך פאַרבראַכט מיינע קינדער־יאָרן און אויך אַ טייל פון מיין יוגנט. אָבער מיט סלוצק פאַרבינדן מיך גאָר אַנדערע פעדים מער גייסטיקע און עמאָציאָנעלע.

אין סלוצק האָבן געוווינט מיין עלטערע שוועסטער שרה קרעמער, מיט איר מאַן און קינדער, און אויך מיין מומע העניע, וועלכע האָט זיך באַצויגן צו מיר ווי צו אַן אייגן קינד. איך פלעג ביי זיי פאַרברענגען יעדן יאָר עטלעכע חדשים נאָכאַנאַנד, אין פאַרבינדונג מיט מיין שטודירן, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות מיט דער סלוצקער גימנאַזיע.

דאָס איז געווען אַ וויכטיקער קאַפּיטל אין מיין לעבן, אַ קאַפּיטל אויף וועלכן עס לוינט זיך אָפּשטעלן מער אויספירלעך, ווייל עס שפּיגלט אויך אָפּ דאָס לעבן פון דער יידישער שטודירנדער יוגנט אין ווייס־רוסלאַנד, אין אָנפאַנג פון איצטיקן יאָרהונדערט.

אין ניעסוויזש איז דעמאָלט ניט געווען קיין גימנאַזיע (ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט ניעסוויזש זיך אויך דערהויבן צו אַן אייגענער גימנאַזיע). ווען איך האָב זיך פאַרנומען צו באַקומען וועלטלעכע בילדונג, און דאָס האָט זיך אָנגעפאַנגען גאַנץ פרי, צו מיין בר־מצוה יאָר, האָב איך געמוזט אָנקומען צו סלוצק, וואָס האָט גראַד געהאַט אַ רעגירונגס־גימנאַזיע מיט אַ היפּשער צאָל שילער. אַזוי ווי סלוצק איז געווען אַ גרעסערע שטאָט ווי ניעסוויזש, איז איר גימנאַזיע געווען אַ בילדונגס־צענטער ניט נאָר פאַר סלוצק אַליין, נאָר אויך פאַר די אַרומיקע קלענערע שטעטלעך.

דעריבער האָבן געשטראָמט קיין סלוצק יידישע יונגעלייט פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך צו קריגן דאָרטן וועלטלעכע בילדונג, ווי עס האָבן אַהין אויך געשטראָמט



ד״ר ל. אליעזר פאַגעלמאַן

יידישע יונגעלייט לערנען אין דער סלוצקער ישיבה. צווישן די שילער אין דער סלוצקער גימנאַזיע, און די תלמידים פון דער ישיבה, איז ניט געווען קיין שום קאָנטאַקט, ווייל דאָס זענען געווען צוויי באַזונדערע וועלטן.

מיט דעם דערקלערט זיך דער פאַקט, וואָס ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען איך בין אַרויס, שוין אַלס דערוואקסענער, אויף דעם ברייטן וועג פון אַ זעלבסטשטענדיקן לעבן, האָב איך באַגעגנט אין דער וועלט פריינד, קאָלעגן און באַקאַנטע, וועלכע האָבן אויך געלערנט אין סלוצק אין די זעלבע יאָרן ווי איך; אָבער אַ מחיצה האָט דעמאָלט אָפּגעטיילט צווישן „גימנאַזיסטן" און „ישיבה־בחורים"; דאָרטן האָבן מיר ניט געהאַט קיין שום געלעגנהייט צו באַקאַנען און טרעפן זיך.

יענע צייט פון מיין לעבן, וואָס מען קען באַצייכענען מיטן נאָמען „די סלוצקער פּעריאָדע", קען איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווייל זי איז ענג פאַרבונדן מיט די ערשטע שטאַרקע און אָפּטמאָל אַפילו דראַמאַטישע איבערלעבונגען און דערפאַרונגען פון מיינע יונגע יאָרן. דעמאָלט האָב איך צום ערשטן מאָל דערפילט דעם טעם פון אַ יידישן יונגערמאַן, וועלכער פאַרנעמט זיך אין דער אַלטער צאַרישער רוסלאַנד אויף דעם שווערן וועג פון קריגן וועלטלעכע בילדונג. פאַר אַ יידישן יונגערמאַן איז געווען שווער ווי קריעת־ים־סוף אַריינצוטרעטן אין אַ רוסישער גימנאַזיע אין יענע צייטן.

כדי צו באַגרייפן קלאָר דעם פיינלעכן וועג, וואָס אַ יונגערמאַן האָט געמוזט דורכמאַכן, דאַרף מען זיך דערמאָנען, אַז עס האָט דעמאָלט עקזיסטירט אין רוסלאַנד דאָס, וואָס מען האָט גערופן אַ „פּראָצענט נאָרמע" פאַר יידן אין גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן; דאָס הייסט, בלויז אַ געוויסער פּראָצענט יידן, לויט דער אַלגעמיינער צאָל ניט־יידישע שילער און סטודענטן, האָבן געקענט אַריינקומען אין אַ רוסישער רעגירונגס־גימנאַזיע אָדער אוניווערסיטעט.

אין אַ רעגירונגס־גימנאַזיע פלעגן דעמאָלט אַריינגענומען ווערן מערסטנס קינדער פון מער פאַרמעגלעכע עלטערן, וועלכע פלעגן ניט קאַרגן קיין מיטלען און קיין מי אַריינצושטופּן אַהין ווי עס איז זייערע קינדער, אָפּטמאָל מיט דער הילף פון פאַרשיידענע „טריקס", פון פאַרשיידענע ניט „כשר'ע" מיטלען, ווי כאַבאַר, פּראָטעקציע א. אַ. וו.

שלום עליכם, ווי מיר ווייסן, האָט קינסטלעריש געשילדערט די טראַגי־קאָמעדיע פון אַזעלכע יידישע עלטערן און קינדער אין פאַרבינדונג מיט דער שווערער פּראָצעדור פון אַריינגעבן אַ יידיש קינד אין אַ גימנאַזיע אין דער צאַרישער רוסלאַנד. און איך האָב אַליין אין מיינע יונגע יאָרן דערפילט דעם ביטערן טעם פון דער פיינלעכער פּראָצעדור ביי מיינע ערשטע פאַרזוכן אַריינצוטרעטן אין דער סלוצקער גימנאַזיע.

איך בין גראָד געווען אַ קינד פון ניט־פאַרמעגלעכע עלטערן, וועלכע האָבן ניט געקענט זיך דערלויבן דעם „לוקסוס" אויסצוגעבן די נויטיקע געלט פאַר מיר איך זאָל אַריינטרעטן אין אַ גימנאַזיע; האָב איך דעריבער געמוזט דורכמאַכן אַן אַנדער שווערן וועג, דעם וועג פון אַן „עקסטערן".

אין יענע צייטן האָבן קינד־און־קייט געוווסט וואָס עס מיינט צו זיין אַן „עקסטערן"; אָבער אַזוי ווי עס טיילט אונדז אָפּ פון יענער צייט שוין אַ היפּשער מהלך פון אַ האַלבן




סלוצקער גימנאַזיע

יאָרהונדערט, איז כדאי, גלויב איך, אָפּצושטעלן זיך דאָ אויף אָט דער אייגנאַרטיקער יידישער־דערשיינונג, וואָס איז באַקאַנט מיטן נאָמען „עקסטערן". דאָס איז נוצלעך פאַר די קומענדיקע דורות און פאַר דער געשיכטע בכלל, הגם מ'האָט שוין, דוכט זיך, מער אָדער ווייניקער עס באַשריבן אויך פריער.

די יידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט אַריינצוטרעטן אין אַ רוסישער גימנאַזיע אין דער צאַרישער רוסלאַנד, האָבן דעמאָלט געקענט לערנען ערגעץ פּריוואַט, ביי לערער, די אַלע געגנשטאַנדן און האַלטן יעדן יאָר אַן עקזאַמען אין דער גימנאַזיע, צו וועלכער זיי האָבן ניט געהאַט קיין צוטריט צוליב דער אַנטיסעמיטישער „פּראָצענט־נאָרמע"; אַזוי האָט זיך געשאַפן די אויסטערלישע יידישע אינסטיטוציע פון „עקסטערנעס"; און איך אַליין האָב עס אויך באַלאַנגט צו אָט דער שלימזל'דיקער קאַטעגאָריע „עקסטערנעס", און גראָד ביי דער סלוצקער גימנאַזיע.

פאַרוואָס איך באַצייכן עס מיט דעם וואָרט „שלימזל'דיקער" איז ניט שווער צו באַגרייפן. ווען מען ווייס וועגן די אַלע מאַטערנישן, זאָרג, נערוועזער אָנשטרענגונג און אויך פאַרפאָלגונגען, וואָס יעדן „עקסטערן" פלעגט אויסקומען

אויסצושטיין אויף זיין לאַנגן וועג צו אַ גימנאַזיע־דיפּלאָם, אָדער צו אַן „אַטעסטאַט" זרעלאָסטי", ווי מען פלעגט עס רופן אין רוסיש. די רוסישע לערער פון דער גימנאַזיע פלעגן מערסטנס קוקן קרום אויף די יידישע „זייטיקע" בילדונג־זוכער, וועלכע פלעגן זיך אַרומדרייען אַרום דער גימנאַזיע אין די זומער־חדשים פון מאַי און יוני צו האַלטן די עקזאַמענס. אייניקע לערער זענען פשוט געווען אַנטיסעמיטן, און זיי פלעגן אַרויסשטעלן בייזוויליקע שטרענגע פאָדערונגען צו די „עקסטערנעס".

ס'איז געווען אַן אָנגענומענער כלל, אַז אַן „עקסטערן" מוז וויסן אַ סך מער ווי אַ געוויינלעכער גימנאַזיסט, כדי אויסצוהאַלטן זיין עקזאַמען. דאָס לערנען די געגנשטאַנדן, דאָס „זוברעווען" די אַלע פאַקטן און ציפערן, כדי צו גע־דענקען זיי גוט, אויף אויסנווייניק ביים עקזאַמען, איז באמת געווען אַ מאַטערניש, וואָס נאָר זייער פעאיקע, פלייסיקע און געדולדיקע יונגע לייט האָבן געקענט אויסהאַלטן.

עס פלעגט טרעפן גאַנץ אָפט, אַז די אַרבעט פון אַ גאַנץ יאָר לערנען פלעגט זיין אַרויסגעוואָרפן צוליב דעם, וואָס ביי איין עקזאַמען, און בלויז פון איין געגנשטאַנד, איז דער „עקסטערן" נעבעך דורכגעפאַלן, און אויך אָפט צוליב אַ „קלייניקייט", ווייל זיין זכרון האָט אים גראָד פאַרראַטן אין דעם קריטישן מאָמענט פון דעם עקזאַמען, סיי פון שריפטלעכן, סיי פון מינדלעכן. דעמאָלט פלעגט דער „עקסטערן" נעבעך מוזן אויף דאָס ניי האַלטן איבעראַיאָר דעם עקזאַמען אויף אַלע געגנשטאַנדן, אפילו אויף יענע געגנשטאַנדן, אין וועלכע ער האָט פאַראַיאָרן שוין יאָ אויסגעהאַלטן.

אַזוי האָב איך אויך אָנגעהויבן דעם פיינליכן וועג פון אַן „עקסטערן" ביי דער סלוצקער גימנאַזיע, אין די יאָרן פון 1900 ביז 1905; און בין דערקראָכן אַזוי, דורך יערליכע עקזאַמענס, ביזן יאָר 1906, ביזן זיבעטן קלאַס, ווען מיר איז ענדלעך, ווי ממש דורך אַ נס, געלונגען אָנצוקומען אין דעם זיבעטן קלאַס פון דער צווייטער וואַרשעווער גימנאַזיע (אויף נאָוואָליפּקי גאַס). איך האָב די גימנאַזיע אין וואַרשע דערנאָך פאַרענדיקט מיט אַ מעדאַל; און אַ דאַנק דעם, האָב איך געקענט אַריינטרעטן, אין יאָר 1908, אויף דעם יורידישן פאַקולטעט פון דעם וואַרשעווער אוניווערסיטעט, וועלכן איך האָב פאַרענדיקט אין פיר יאָר אַרום.

ערשט שפּעטער, נאָך מיין ענדיקן דעם אוניווערסיטעט, האָב איך ווידער געהאַט גרויסע שוועריקייטן ביים אַריינטרעטן אין דער פּראָפעסיע פון אַדוואָקאַטן, ווייל אויך דאָרטן האָט אַ ייד געמוזט יאָרנלאַנג אַרבעטן בלויז אַלס „געהילפס אַדוואָ־קאַט" אַלס „פּאָמאָטשניק פּריסיאַזשנאָוואָ פּאָווערענאָוואָ"), ניט האָבנדיק פולע רעכט פון אַ „פּריסיאַזשני פּאָווערעני".

אָט די אַנטיסעמיטישע באַגרענעצונגען קעגן יידן אין דער צאַרישער רוסלאַנד האָבן פאַרוואַנדלט דעם יידן אין אַ ביר־גער פון אַ נידעריקערן קלאַס, אַ בירגער, וועלכער האָט נאָכאַנאַנד באַגעגנט אויף זיין וועג פאַרשיידענע שטערונגען און צאַמען.

איך דערמאָן שטענדיק סלוצק מיט וואַרעמע געפילן פון דאַנקבאַרקייט און בענקשאַפט; ווייל דאָרטן האָב איך באַקו־




דער בולוואַר אויף ברייטער גאַס

מען די ערשטע מעגלעכקייטן אַריינצוטרעטן אין לעבן מיט אַ געוויסער צוגרייטונג, וואָס האָט שפּעטער געעפנט פאַר מיר אַ ברייטערן וועג צו העכערע בילדונג, צו אַ פּראָפעסיע און צו אַ מער קוואַליפיצירטער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. איך בין דאַנקבאַר סלוצק פאַר איר ביישטייערונג צו מיין גייסטי־קער ענטוויקלונג; און איך בענק נאָך איר צוליב אייניקע וואַרעמע דעראינערונגען, וואָס זענען פאַרבונדן מיט מיינע יונגע סלוצקער יאָרן.

ביזן היינטיקן טאָג געדענק איך מיינע פריינד אין יענע יאָרן, די באַקאַנטשאַפט מיט פאַרשיידענע טיפּן יידן און אויך די סצענעס און בילדער פון סלוצקער לעבן, וואָס האָבן זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון.

איך געדענק באַזונדערס עטלעכע יידישע פאַמיליעס, צוליב מיין פריינדשאַפט מיט זייערע יונגע זין און טעכטער, וועלכע זענען געווען מיינע חברים און פריינד אין יענער צייט.

נאָענט זענען מיר געוואָרן די סלוצקער משפחות פון די דאָרטיקע צוויי יידישע „פּריוואַטע אַדוואָקאַטן" ראטנער און קארפמאן. איך געדענק די סלוצקער פאַמיליעס וויטקין, די אייגנטימער פון אַן אַפּטייק־קראָם; די פאַמיליע קאַנטאַראָוויטש; די פאַמיליע געצאָוו; די „עקסטערנעס" לוסטערניק און זונין, וואָס האָבן געהאַט אַ נאָמען פאַר פעאיקע יונגעלייט (ווי אַנדערש וואָלטן זיי געקענט דורכמאַכן די אַלע אַכט קלאַסן גימנאַזיע אַלס „עקסטערנעס"!).

אָבער אויסער אָט די נאָענטע משפחות און איינצלנע מענטשן, געדענק איך אויך די אַנדערע יידן, וואָס האָבן געשפּילט אַ ראָלע אין סלוצק, צום ביישפּיל, דער זייער פּאָפּולערער יידישער דאָקטאָר שילדקרויט, וועלכער פלעגט אַרומפאָרן אין אַ „דראָזשקע" איבער סלוצקער גאַסן, ברענגענדיק מעדיצינישע הילף. ער איז אגב געווען פאַרהייראַט צו אַ בילד־שיינער יונגער מיידל פון דער נעסוויזשער פאַמיליע סווערזשינסקי, וועלכע איז מיר געווען גוט באַקאַנט צוליב זייערע קינדער, מיינע יונגע חברים.

ביזן היינטיקן טאָג געדענק איך די דאָרטיקע גרעסערע געשעפטן (לויט דעם דעמאָלסטיקן באַגריף און פאַרנעם) פון זיגדע, דערעטשין, געצאוו. פאַר מיר האָבן זיי דעמאָלט אויסגעזען ווי גרויסע, רייכע, כמעט לוקסוסדיקע קראָמען.

פול מיט לעבן און גערויש איז געווען דער סלוצקער מאַרק, נעבן „שאָסיי", ס'האָט געקאָכט, אַ געפּילדער און אַ שטענדיקער הו־האַ. אָרעמע הענדלער און הענדלערינס האָבן געהאַנדלט און געוואַנדלט מיט גראָשענע סחורות כדי פאַרדינען זייער חיונה.

איך געדענק די אַנגענעמע לופטיקע אָוונטן פון מאי און יוני, ווען די יונגעלייט און מיידלעך פלעגן זיך אַרויסלאָזן שפּאַצירן איבער די טראָטואַרן ביים סלוצקער „שאָסיי", שמועסנדיק געמיטלעך און פירנדיק שטילערהייט ליבעס אָדער אַ יוגנטלעכן לייכטן פלירט. די הערצער האָבן געפלאַטערט, די בליקן זענען געווען פול מיט פייער, און ס'איז גאָרניט געווען קיין סוף צום שפּאַצירן. מען איז קיינמאָל ניט מיד געוואָרן אַרומצוגיין שעהן לאַנג, כאָטש מ'האָט זיך געדאַרפט גרייטן צו די מאָרגנדיקע עקזאַמענעס און „זוברעווען" ביז שפּעט אין דער נאַכט.

ווער איז דעמאָלט מיד געוואָרן! ווער האָט דעמאָלט געטראַכט וואָס ס'איז געזונט אָדער אומגעזונט! מען איז געווען יונג, געזונט און קרעפטיק, און די הייסע בלוט אין די אָדערן האָט געפליסט שנעל...

ווו זייט איר פאַרשוואונדן, מיינע ווייטע ליבע סלוצקער יאָרן! זיי זעען איצט אויס ווי אַ חלום. ווי ווייטע שאָטנס לויפן איצט דורך פאַר מיינע אויגן די שטאָלצע, שלאַנקע יונגעלייט, אויסגעפּוצטע אין גימנאַזיסטישע אוניפאָרמס; די אַלע יונגע און שיינע יידישע טעכטער, פול מיט חן און רייץ, וועלכע האָבן אין אונדז אָפּט געוועקט ליבע,ליידנשאַפט און אייפערזוכט; און די עלטערע סלוצקער יידן, וואָס האָבן זיך געקהלט אין די אָוונטן נאָך די גרויסע טעג פון אַרבעט און זאָרג וועגן פרנסה.

אויף אַ היפּש ביסל יאָרן האָב איך זיך דערנאָך געשיידט מיט מיין „צווייטער היים" סלוצק; און ערשט שפּעטער האָט מיך דער גורל פאַרוואָרפן אין סלוצק שוין גאָר ביי אַנדערע באַדינגונגען. און דאָס איז אויך געווען מיין לעצטע באַגעגעניש און מיין טרויעריקער אָפּשייד מיט סלוצק.

געווען איז דאָס שוין עטלעכע יאָר נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע; אין יאָר 1921 האָט די רעוואָלוציע מיך, ווי אַ סך אַנדערע יידן, געטראָגן אויף אירע כוואַליעס אין פאַרשיידענע פלעצער, אין פאַרשיידענע שטעט און שטעטלעך, ביז וואַנען זי האָט מיך דערטראָגן צוריק קיין סלוצק, ווו מיר איז אויסגעקומען צו שפּילן שוין גאָר אַן אַנדער ראָלע ווי אין די פריערדיקע יאָרן, ווי אין מיין יוגנט. דאָס מאָל בין איך באַשטימט געוואָרן פון סאָוועטישן בילדונגס־קאָמיסאַריאַט אַלס לערער אין דער זעלבער גימנאַזיע, וואָס איך פלעג פריער אין די זומערדיקע חדשים באַזוכן מיט אַ ציטער אין האַרצן צו האַלטן מיינע עקזאַמענעס אַלס „עקסטערן".

פאַר מיר איז דעמאָלט געווען אַ מאָדנע איבערלעבונג צו שטיין אין די זעלבע גרויסע צימערן און לערנען גאָר סאָוועטישע שילער, וועלכע זענען שוין אַריינגעטראָטן אין גימנאַזיע אָן קיין שום באַגרענצונגען און שוועריקייטן.

יעדן מאָל, ביי מיינע לעקציעס אין גימנאַזיע, פלעג איך זיך דערמאָנען וועגן די שווערע טעג, וואָס איך פלעג דאָ פאַרברענגען מיט יאָרן פריער. „וואָס ווייסן מיינע איצטיקע שילער, האָב איך זיך געטראַכט, וואָס איך לעב איבער, שטייענדיק פאַר זיי אַלס זייער לערער? וואָס ווייסן זיי וועגן דער פּיין, וואָס איך האָב דאָ איבערגעלעבט מיט יאָרן צוריק?"

איך האָב געזען אין מיין ראָלע אין סלוצק אַ מאָדנעם קאַפּריזנעם שפּיל פון מיין גורל. עס האָט זיך געפאָדערט אַ בלוטיקע וועלט־מלחמה און דערנאָך אויך אַ בלוטיקע רעוואָלוציע, כדי דער זעלבער סלוצק זאָל מיך, דעם ניעסוויזשער ייד, דערזען אין אַ נייער ראָלע אין דער זעלבער גימנאַזיע. איך האָב דערפילט אין מיין גלגול אַ מין אַקט פון „היסטאָרישער גערעכטיקייט", וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט פאַר מיינע אויגן.

ווי אַזוי ס'איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די בילדונגס־סיסטעם אין סאָוועט־רוסלאַנד אין יענע יאָרן (דאָס הייסט, פיר־פינף יאָר נאָך דעם אויסברוך פון דער רעוואָלוציע) קען מען זען פון דעם, וואָס מיך האָט דער סאָוועטישער בילדונגס־קאָמיסאַריאַט באַשטימט אַלס לערער פון מאַטעמאַטיק אין דער סלוצקער גימנאַזיע, הגם איך האָב גאָרנישט געהאַט קיין געהעריקע פולע צוגרייטונג פאַר דעם געגנשטאַנד, לויט מיין פריערדיקער בילדונג; איך האָב פריער זיך גאָר ספּעציאַליזירט אין דער רוסישער שפּראַך און רוסישער ליטעראַטור, איבער וועלכע איך פלעג האַלטן לעקציעס אין אייניקע הויך־שולן פון פּעטראָגראַד.

אָבער עס האָט זיך געפילט אַזאַ שאַרפער מאַנגל אין לערער, אַז דער בילדונגס־קאָמיסאַריאַט האָט זיך ניט גערעכנט מיט זייער צוגרייטונג, אַבי צו פאַרפילן די ליידיקע פלעצער פון לערער. ווי אַנדערש דאָס איז געווען אין פאַרגלייך מיט די פריערדיקע יאָרן, ווען צו ווערן אַ לערער

אין אַ גימנאַזיע אויף אַ געוויסן געגנשטאַנד האָט זיך געפּאָדערט אַ ספּעציעלע צוגרייטונג אין פאַרלויף פון יאָרן!

אַזוי איז עס אויך געווען מיט אַנדערע אַזעלכע סאָוועטישע שטעלעס אויף פאַרשיידענע געביטן. ס׳איז געווען דעמאָלט אַ פּעריאָד, ווען די סאָוועטישע מאַכט האָט בכלל זיך אָנגעכאַפּט פאַר יעדן אינטעליגענט, פאַר יעדן מענטשן מיט בילדונג, אויף אָנצופירן מיט דער אַרבעט אין די פאַרשיידענע רעגירונגס־אַנשטאַלטן. די מערסטע אינטעליגענטן האָבן דעמאָלט ניט געהאַט קיין גרויס חשק זיך איינצושפּאַנען אין דעם סאָוועטישן וואָגן, און זיי זענען פּאַקטיש געווען געצוווּנגען דאָס צו טאָן קעגן זייער אייגענעם ווילן. זיי האָבן דאָך קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט; ווייל קיין אַנדער אַרבעט, לויט זייער אויסוואַל און צוגרייטונג, האָבן זיי ניט געקענט באַקומען אין דעם לאַנד, ווו אַלץ ווערט קאָנטראָלירט פון דער צענטראַלע.

אין דער סאָוועטישער גימנאַזיע איז מיר אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך מיט אייניקע אַלטע לערער, וועלכע האָבן מיך גראָד עקזאַמענירט אין מיינע פריערדיקע יאָרן פון אַן „עקסטערן”. איך פלעג זיי דערמאָנען אָן יענע מאַטערנישן און פייניקונגען, וואָס איך און אַנדערע יידישע „עקסטערנעס” פלעגן דורכגיין ביי יענע עקזאַמענעס; אָבער איצט האָבן מיר זיך געפילט ווי גלייכע. זיי פלעגן אגב ניט אַרויסווייזן קיין באַזונדערע באַגייסטערונג ניט פאַר דער נייער מאַכט און ניט פאַר דער נייער בילדונגס־סיסטעם.

אין גימנאַזיע איז דעמאָלט ניט געווען קיין שום דיסציפּלין, פּונקט פאַרקערט ווי אין די יאָרן פון דער צאַרישער מאַכט. די שילער פלעגן טאָן אַלץ וואָס זיי האָבן געוואָלט, און קיינער האָט ניט געקענט אַרויפצווינגען אויף זיי ניט קיין דיסציפּלין און ניט קיין אַרבעט. ערשט אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט די סאָוועטישע מאַכט איינגעפירט אַ שטרענגע דיסציפּלין אין די קלאַסן; אָבער איך אַליין האָב שוין ניט בייגעוווינט די ענדערונגען; ווייל איך האָב אינגיכן פאַרלאָזן סלוצק און סאָוועט־רוסלאַנד בכלל.

דאָס אַלגעמיינע לעבן אין סלוצק אין יענער צייט איז אויך אַזוי פאַרענדערט געוואָרן, אין פאַרגלייך מיט דעם לעבן אין מיינע פריערדיקע יאָרן אַלס „עקסטערן”, אַז ס׳איז געווען פּשוט ניט צו דערקענען די שטאָט. אַלץ האָט אויסגעזען אָפּגעלאָזן און פאַרחשכט. די געשעפטן זענען אויך פאַראָרעמט און אויסגעליידיקט געוואָרן.

די טראָטואַרן, די בריקלעך פון די הייזער און דער שאָסיי איז געווען טרויעריק אַ קוק טאָן אויף זיי. אָפּט פלעגט מען זען רייען מענטשן, שטייענדיק אין „אָטשערעד” צו קריגן פאַרשיידענע פּראָדוקטן; און אויך די מענטשן אין דער „אָטשערעד” האָבן אויסגעזען פאַרוועלקט, פאַרעלטערט, פאַרזאָרגט און גרוי.

סלוצק האָט געקראָגן גאָר אַן אַנדער אויסזען נאָך די טראַגישע דערפאַרונגען פון דער מלחמה און רעוואָלוציע. און איך האָב זיך דערפילט דאָרטן ווי אין אַ פרעמדער שטאָט, מיט וועלכער איך האָב שוין אַ קנאַפּע שייכות און פאַרבינדונג.

מיין שוועסטער, וועלכע איז שוין **דעמאָלט געווען אַן** אלמנה, האָט מיט אירע דריי פאַרבליבענע טעכטער קוים מיט צרות געקענט ווי עס איז צונויפקלאַפּן די נויטיקע לעבנס־מיטלען. מ׳האָט געהערט אין דער אומעטיקער שטוב רעדן בלויז וועגן „אָטשערעד”, פּראָדוקטן און פאַרשיידענע זאָרג און געפאַרן, וועגן וועלכע מ׳האָט קיינמאָל פריער ניט געהערט.

איך האָב שוין ניט געטראָפן דאָרטן מיינע פריערדיקע פריינד און באַקאַנטע; און האָב זיך געפילט עלנט און איינזאַם אין דער זעלבער שטאָט, וואָס האָט געשפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע אין מיין יוגנט. זי איז געוואָרן ווי אויסגעליידיקט און אינגאַנצן פאַרפרעמדט. און אַ מאָדנער אומעט און בענקשאַפט האָבן מיך גענאָגט די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געווען אין דער סאָוועטיזירטער סלוצק, וווהין ס׳האָט זיך אַריינגעריסן מיט גוואַלד די „נייע וועלט” מיט אַ „נייעם לעבן”.

די שאָטנס פון דער פאַרגאַנגענהייט האָבן זיך געטראָגן אַרום מיר אין סלוצק און האָבן געוועקט אין מיר אומרואיקע געפילן און געדאַנקען. איך האָב דערפילט שוין דעמאָלט דעם טרויעריקן אָנזאָג וועגן דעם אונטערגאַנג פון יידישן לעבן אין די יידישע שטעט און שטעטלעך.

איך האָב פאַרשטייט זיך, נאָך דעמאָלט ניט געקענט פאַרשטעלן זיך די נייע שרעקלעכע בלוטיקע כוואַליע פון נאַציזם, וואָס וועט אינגאַנצן פאַרניכטן און אָפּווישן דעם יידישן יישוב. איך האָב גאָרנישט געקענט טראַכטן דעמאָלט, אַז די אַלע יידן פון סלוצק, נעסוויזש, קלעצק און פון אַנדערע אַזעלכע שטעט און שטעטלעך וועלן אומקומען ווי מאַרטירער מיט אַזאַ גרויזאַמען טויט פון די מערדערישע הענט. אָבער שוין דעמאָלט, נאָך מיט יאָרן פריער, איידער די היטלעריסטישע מגפה האָט פאַרפלייצט אייראָפּע, האָב איך דערפילט אין סלוצק דעם אָנפאַנג פון קומענדיקן חורבן.

איך האָב פאַרלאָזט סלוצק מיט געמישטע געפילן פון זאָרג, ווייטיק און טרויער. מיט אַ פאַרקלעמטן האַרץ האָב איך מיט מיין פרוי זיך אָפּגעזעגנט פון דאָרטן וואַנדערן ווייטער, צו מיין ערשטער היים־שטאָט נעסוויזש, דורך קלעצק, ווו עס האָבן געוווינט מיינע אַנדערע צוויי שוועסטער מיט זייערע פאַמיליעס, שוין אונטער אַ פּוילישן רעזשים.

אויך דאָרטן, אַזוי ווי אין סלוצק, האָב איך דערפילט די שטיקנדיקע לופט פון געפאַר און פון קומענדיקן אונטערגאַנג. אויך איבער זיי האָט שוין געשוועבט אַ טיפער אומרו, וואָס האָט ניט געלאָזט מענטשן אָנצוגיין ווייטער מיט אַ נאָרמאַלן לעבן.

ביים פאַרלאָזן סלוצק, האָב איך דערפילט, אַז איך לאָז איבער הינטער זיך אַ וויכטיקן טייל פון מיין לעבן, אַ קאַפּיטל פול מיט פאַרשיידענע דראַמאַטישע דערפאַרונגען און איבערלעבונגען.

איצט נאָך אַזוי פיל יאָרן פון שיידונג מיט „סלוצק”, פיל איך נאָך אַלץ אַ שטאַרקע בענקשאַפט נאָך איר. דאָס וואָרט „סלוצק” וועקט אין מיר נאָך אַלץ אַ גאַנצע סימפאָניע פון פאַרשיידענאַרטיקע קלאַנגען.

# זכרונות

## ח. א. פיימער ניו־יאָרק / ר׳ יאָסעלע פיימער

(אייניקל פון ערשטן ר׳ יאָסעלע)

א

### דער רב

מיין פּאָטער ר׳ יאָסעלע, סלוצקער רב ז״ל, איז געווען געקנאָטן פון רבנים און גאונים. ער האָט פאַרקערפּערט אין זיך זעלטענע מידות ומעלות. ער איז געשטאַנען אין אַ שטענדיקער שריפטלעכער פאַרבינדונג מיט גדולים פון זיין דור. אַלס גרויסער הובב און מוקיר ספרים, האָט ער זיך דערוואָרבן איינע פון די רייכסטע ביבליאָטעקן אין צאַרישן ווייסרוסלאַנד וואָס האָט פאַרמאָגט ספרים־אַנטיקן און כתבי־יד. חוץ דעם איז ביי אים געווען אַן אויספּירלעכע קאָלעקציע פון יידישע און העברעאישע צייטונגען, זשורנאַלן, צייט־שריפטן און זאַמלביכער, געבונדן אין גאַנצע יאָרגאַנגען. די ביבליאָטעק איז געווען דאָס טייערסטע וואָס ער האָט פאַרמאָגט. אין דעם שענסטן, גרעסטן צימער פון אונדזער גרויסן, רחבותדיקן הויז זענען אין שיינע, פּאָלירטע שראַנקען און פּאָליצעס געווען אויסגעשטעלט ציכטיק זויבערע ספרים אין אַ מוסטערהאַפטער אָרדנונג. מיט אַ אויסערגעוויינלעכער צערטלעכקייט איז ער אַרומגעגאַנגען אַרום זיי, געלופטערט און אַרומגעווישט דעם שטויב. כאַראַקטעריסטיש פאַר אים פלעגט זיין דאָס איינהאַנדלען אַ ספר, ס׳האָט קיינמאָל נישט פּאַסירט ווען ער האָט געקויפט אַ ספר, אַז דאָס זאָל נישט זיין אַ גרויסע מציאה — נאָכדעם ווי ער האָט שוין באַצאָלט אַ הויכן פּרייז. די מוכרי ספרים האָבן שוין געוווּסט, אַז ביי ר׳ יאָסעלען דאַרף מען נעמען אַ „געזונטן" מקח, ווייל אויב נישט, וועט ער זיך זיכער ערגערן טאָמער האָט ער זיי חלילה אָפּגענאַרט. זיין זכרון איז געווען אַ פענאָמענאַלער, און ער האָט כמעט קיינמאָל נישט פאַרגעסן קיין זאַך (חוץ ווען מ׳האָט אים באַליידיקט — דאָס פלעגט ער גלייך פאַרגעסן). דאָך האָט ער זיך אויף זיין זכרון קיינמאָל נישט פאַרלאָזט, נאָר אַלץ פאַרצייכנט און פאַרשריבן.

ס׳זענען געווען צייטן ווען דער פאָטער האָט געהאַט ביי זיך גרויסע פאַרמעגנס פון געלט, צירונג און ווערט־פּאַפּירן. איז יעדער איינציקער פקדון געווען רעגיסטרירט מיטן טאָטנס האַנט בזה הלשון: ב״ה, יום, פרשה, חודש, שנת...... הביא אלי מר, מרת...... סך מאה ב, צענער, וכו׳. און יעדער איינער האָט צוריקגעקראָגן זיין פקדון פונקט אויפן זעלבן אופן ווי ער האָט עס איבערגעגעבן דעם טאַטן אין די הענט אַריין. אויך אין דברי תורה, האָט אים עמעצער עפּעס געפרעגט — איז דעם בעל שאלה׳ס נאָמען פאַרצייכנט געוואָרן צוזאַמען מיט דער שאלה און תשובה.



הרב ר׳ יאָסעלע (דער צווייטער) פיימער

וואָס שייך צום איבערגעבן אָדער איבערזעצן דבר בשם אומרו, איז ביי אים גאָר קיין גרענעץ און קיין שיעור ניט געווען: איידער נאָך ער האָט אַרויסגעזאָגט די דברי הלכה, שאלות, תשובות און אַפילו מילי דעלמא און שיחת חולין, האָט ער זיך גלייך פאַררופן אויף דעם מחבר, מפרש, מגיד, בדחן און פשוטע פאָלקסמענטשן. זיין שתדלנות און אוממיד־לעכקייט האָט נישט געוווּסט קיין שיעור און קיין גרענעץ. הגם אין סלוצק איז געווען נאָך אַ רב איז דער פאָטער דאָך געווען דער פאַראַנטוואָרטלעכער עסקן אין שטאָט וואָס האָט שטענדיק געטראָגן אויף זיך דעם עול פון צרכי הכלל, ביי

יעדער מאַכט און יעדן נייעם רעזשים איז ער תמיד געווען א יוצא ונכנס, און איז גרייט געווען צו יעדער צייט זיך מוסר נפש זיין פאַר דער גאַנצער עדה און פאַר יעדן יחיד באַזונדער. און דאָס פּיקאַנטע דערביי איז געווען וואָס דער פּאָטער ז״ל האָט קיין איין אייראָפּעאישע שפּראַך ניט באַהערשט.

ס׳איז אינטערעסאַנט דאָ צו פאַרנאָטירן, אַז דער פּאָטער אליין פלעגט אין אַ שפּאַסיקן טאָן איבערגעבן ווי אַזוי ער רעדט זיך צונויף מיט די אַלע מושלים ונוגשים: מיט די רוסן רעדט ער אַ צומזיקטן דייטש, מיט די דייטשן אַ צוהרגעטן פּויליש און מיט די פּאָליאַקן עפּעס אַזוינס וואָס איז ניט קיין פּויליש ניט קיין דייטש און ניט קיין רוסיש, נאָר אַ מין געמיש פון אַלע דריי פאַרגרייזטע לשונות. אָבער דאָ דאַרף באַטאָנט ווערן לכבוד דעם ליכטיקן אָנדענק פון פיר סלוצקער נכבדים, גוטצייט, טשערניכאָוו, און די לעצטע צוויי פיינבערג און ד״ר שילדקרעט וועלכע זענען אָפּגעפרעמדט פון רעלי־גיעזער יידישקייט, דאָך זענען זיי געווען דעם פּאָטערס שטענ־דיקע געטרייע און איבערגעגעבענע באַגלייטער אויף אַלע זיינע סכנותדיקע שליחותן לטובת הכלל און לטובת הפרט. יהי זכרם ברוך!

בעת די רוסישע חיילות האָבן אָפּגעטראָטן פון טעליעכאַן, לעבן פּינסק, האָבן זיי אַרויסגעטריבן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג. נאַטירלעך איז דער רב געגאַנגען פאָרויס מיט עטלעכע באַלעבאַטים און הינטער זיי איז נאָכגעגאַנגען דאָס גאַנצע שטעטל יידן, מיט אַמאָל האָט זיך אַ צודרייטע יידענע אָפּגעשיידט פון דער מחנה, צוגעלאָפן צו איינעם פון די סאָלדאַטן און אים אַ שעפּטשע געטאָן אין אויער און אָנגעוויזן מיטן פינגער אויפן רב מיט די עטלעכע נכבדים. דאָס איז געווען גענוג מ׳זאָל די גרופּע יידן שמידן אין קייטן און שלעפן זיי מיטן עטאַפּ קיין סלוצק. צום גרויסן באַדויערן האָבן נעבעך די אַנדערע יידן ניט געהאַט דעם זעלבן מזל ווי דער רב. אונדזערע עלטערן האָבן אים גערעטעוועט פון אַ זיכערן טויט און אַרויסגענומען פון „טורמע״.

אין אַ געוויסן טאָג איז אָנגעקומען אַ מיליטערישער שטאַפּעט באַפעלנדיק דעם פּאָטער, אַז ער מוז תיכף ומיד קו־מען צום קאָמאַנדיר. דער פּאָטער האָט גלייך פאַררופן צו זיך דעם חשובן מר פיינבערג ע״ה און ביידע האָבן זיך געלאָזט גיין צו דער קאָמענדאַטור. דער קאָמאַנדיר, האָט געשריען און געטופּעט מיט די פיס און געגעוואַלדעוועט אַז ער וועט פאַרשמייסן, פאַרשיקן אין סיביר סלוצקער יידן וועלכע פאַרקויפן בראַנפן. די צעיושעטע שיכורע סאָלדאַטן האָבן געשלאָגן און געמזיקט, ראַבירט יידיש האָב און גוטס. דער קאָמאַנדיר האָט געפרעגט דעם הער פיינבערג וואָס דענקט דער ראַבין טאָן. דער פּאָטער האָט באַשלאָסן אויסצופּרובירן דעם אַלטן יידישן מיטל: חרם; ס׳איז באמת געווען אַ צער בעלי־חיים אויף דעם ווירדיקן פיינבערג ע״ה בשעת ער האָט גע־דאַרפט אויפקלערן דעם קאַצאַפּישן קאָפּ דעם זין און אינהאַלט פון חרם. דער פּאָניע האָט זיך גוט אויסגעלאַכט פון דעם נאַרישן, לעכערלעכן, זשידאָווסקן מיטל אָפּצושטעלן דעם אומלעגאַלן האַנדל מיט בראַנפן, דאָך האָט ער מסכים געווען איבערלאָזן דעם פּאָטער ז״ל אַז ער זאָל באַווייזן וואָס ער קען אויפטאָן צוזאַמען מיטן צווייטן רב.

דאָנערשטיק בייטאָג, אין דער קאַלטער שול, זענען אויף דער בימה געשטאַנען אָנגעטאָן אין קיטלען און איינגעהילט אין טליתים, די רבנים, די דיינים, שטאָט־שמשים און די שטאָטישע בעלי־תקיעות. אויפן טיש איז געווען אויסגעשפּרייט אַ פּאַרמעט מיטן נוסח פון חרם. אויפן עמוד האָבן געברענט גרויסע שוואַרצע ליכט. פון איין זייט די טהרה־ברעט, פון דער צווייטער זייט די מיטה. אַ ריזיקע עדה יידן שטייט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם. דער בעל־תקיעה בלאָזט שופר. דער ראש הדיינים איז מכריז בשם הרבנים והדיינים אין אַ יאָמער־דיקן קול, אַז אויב פלוני בן פלוני וועט וואַגן צו פאַרלעצן די אזהרה פון מאַכן אָדער פאַרקויפן שנאַפּס, זאָלן אויף אים חל זיין אַלע קללות און חרמות פון דער תוכחה, און קיינער טאָר מיט אים קיין מגע ומשא ניט האָבן, ווייל ער איז אין חרם. אין דער טויטער שטילקייט פון אַרויסגעבן דעם חרם הערט זיך אַ פאַרשטיקטער כליפּען פון פרויען און אַן איינגעהאַלטענער שלוכצן פון מענער. דער גרויליק־פאַרכטי־קער דורות־אַלטער ריטואל שליסט זיך מיט אַ וואָכעדיקע מנחה אין אַ אימה ופחדיקער שטימונג אין אַן אויסערגע־וויינלעך ערנסטן סלוצקער פאַרנאַכט. די כלי־קודש אויף דער בימה זענען אָפּגעצערט און פאַרשמאַכט, דער פּאָטער ז״ל וואָס איז נאָך געווען גאָר אַ יונגער מענטש האָט געהאַט דעם אויסזען פון אַן אמתן זקן. דאָס איז געווען פאַר אים אַ טיף פּיינלעכע איבערלעבונג אין זיין רבנות. דער רושם און איינדרוק אין שטאָט איז אין לשער. דער אָפּשטעל פון פאַר־קויף פון בראַנפן איז אָפּגענומען געוואָרן אַזוי ווי מיט דער האַנט. דער פּאָטער ז״ל איז געוואָרן אַ יוצא ונכנס ביים קאָמאַנדיר וועלכער האָט באַוויליקט מודיע זיין אים פאָרויס ווען מיליטער וועט דאַרפן דורכגיין די שטאָט, כדי די קרעמער זאָלן געוואָרנט ווערן באַצייטנס. דאָס איז געווען אויסערגע־וויינלעך וויכטיק, מחמת אַ סך יידישע קהילות זענען צוליב דעם רואינירט געוואָרן, באַזונדערס אין די שבתים און יום־טובים ווען די דורכמאַרשירנדיקע סאָלדאַטן האָבן געבראָכן די טירן פון פאַרשלאָסענע געשעפטן מיט די פּריקלאַדן פון זייערע ביקסן. צעראַבירט אַלץ וואָס איז זיי געקומען אונטער האַנט. מיין פּאָטער ז״ל האָט אַלעמאָל געוווּסט פאָרויס ווען דאָס רוסישע מיליטער דאַרף דורכגיין שבת אָדער יום־טוב און די רבנים האָבן מזהיר געווען די קרעמער האַלטן אָפן די קראָמען און דאָס איז געווען חל אויך אויף די יידישע בעקערס צוגרייטן גענוג געבעקס.

איינמאָל, ראש השנה וואָס איז אויסגעפאַלן שבת האָט דער פּאָטער ז״ל זיך דערוווּסט אַז מיליטער דאַרף דורכגיין דורכן שטאָט. האָט ער מיטן צווייטן באַוווּסטן רב ר׳ איסר זלמן מעלצער אַרויסגעלאָזן אַ כרוז צו אַלע שולן און בתי מדרשים אַז דעם ראש השנה מוזן די קרעמער און בעלי־מלאכעס האַלטן אָפן די קראָמען און ווי אויך באַקן ברויט און געבעקס. ס׳איז גאָר ניט שווער זיך פאָרצושטעלן מיט וואָסערע צובראָ־כענע הערצער און דערשלאָגענע געמיטער סלוצקער יידן האָבן דעמאָלט אויפגענומען דעם נייעם יאָר. יידן און

יידענעס, אויסגעפּוצטע אין בגדי שבת ויום טוב, זענען, נידערשלאָגענע און מיט סידורים און מחזורים אונטער די הענט, געגאַנגען פון דאַוונען אין די קראָמען.

אין סלוצק איז געווען אַ באַוווסטער פּוילישער פּריץ בולהאק, אַ כלל־טוער ביי דער פּוילישער באַפעלקערונג. האָבן די באָלשעוויקעס אים אַרעסטירט. זיי האָבן זיך געגרייט אָנפאַלן אין מיטן נאַכט אויף בולהאקס פּאַלאַץ און אַרעסטירן אויך זיין פרוי. האָט עמעצער געלאָזט וויסן ר׳ יאָסעלען וועגן דעם, האָט ער שפּעט אין אָוונט געשיקט רופן בולהאקס פרוי און איר געזאָגט, זי זאָל למען השם עטלעכע נעכט ניט נעכטיקן אין דער היים. נעבן בולהאקס פּאַלאַץ האָט געוווינט אַ ייד, צווישן יענעמס הויף און בולהאקס פּאַלאַץ איז געווען אַ פּאַרקאַן פון שטייענדע פלעקער איבערגעפלאָכטן מיט דינע ריטלעך. זאָגט ער צו איר: שלעפּ אַרויס פון פּאַרקאַן צוויי־דריי פלעקער, גיי דורך — דערנאָך שטופּ אַריין די פלעקער צוריק. איך האָב שוין באַזאָרגט אַז דו זאָלסט נעכטיקן ביי דעם יידן אין הויז. זי האָט אַזוי געטאָן און איז געראַטעוועט געוואָרן פון אַרעסט. אין אַ קורצער צייט אַרום איז די שטאָט אַריבער פון די רוסן צו די פּאָליאַקן און בולהאק איז באַפרייט געוואָרן. זיין פרוי האָט אים דערציילט אַלעס וואָס מיט איר האָט פּאַסירט, ווי אַזוי דער רב האָט איר געראַטעוועט, האָט ער דאָס גוט געדענקט.

דעם פּאָטערס פילזייטיקע, פּאַרצווייגטע און אחריותדיקע רבנות לטובת הכלל האָט אָנגעהאַלטן ביז נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, ביי דער דייטשער אָקופּאַציע און די צעיושעטע פּוילישע „פּאָזנאַנטשיקעס” און „האַלערטשיקעס” וואָס האָבן חרוב געמאַכט דעם גרעסטן טייל פון סלוצק און אונדזער הויז בתוכם. זיי האָבן געמאַכט אַ סוף צו אונדזער איינגעפונדעוועטער דורות־לאַנגער באַלעבאַטישקייט, אונטערגעצונדן און אַוועקגעלאָזט מיטן רויך ניט נאָר אונדזער גאַנץ האָב און גוטס, נאָר אַלע אָנגעקליבענע גייסטיקע אוצרות צווישן וועלכע ס׳האָבן זיך געפונען זעלטענע יקר המציאותן און די ווונדערבאַרע ביבליאָטעק.

אין אַ געווייסן פרייטיק, ווען די פּאָליאַקן האָבן געהאַלטן ביים אָפּטרעטן פון שטאָט, בעת די רויטע אַרמיי האָט זיך האַסטיק דערנענטערט, האָט דער קאָמאַנדיר פון פּוילישן גאַרניזאָן אַרויסגעפאָדערט צו זיך דעם פאָטער ז״ל און אים באַפוילן, היות ווי זיינע בראַווע „ריטער” ציען זיך צוריק, איז על כן דעריבער ניט מער ווי רעכט אַז די סלוצקער יידן זאָלן זיי מהנה זיין מיט אַ געהעריקער „אָטיעזדנע” (אָפּשייד־מתנה) וואָס מוז אומבאַדינגט צוגעשטעלט ווערן ביז מאָרגן, שבת האלבן טאָג. אויב ניט, וועט ער לאָזן זיינע יונגען זיך אַליין צעפירן זייערע הענט... דערהערט די נייע גזירה, האָט דער פאָטער ז״ל ניט פאַרלאָרן דעם מוט, אַוועק אַ היים זיך אָנגעטאָן בגדי־שבת אַרויפגעצווונגען אויף זיך אַ שבת־יום־טוב׳דיקע שטימונג און אין דער באַגלייטונג פון דעם אָנגעזעענעם מאַן דר. שילדקרויט ע״ה, זיך אַרויסגעלאָזן אין די הייזער פון די סלוצקער גבירים צו שאַפן די שווערע סומע געלט פאַר דער קאָנטריבוציע. אַזוי איז די געהעריקע סומע געלט אויפגעזאַמלט געוואָרן און צוגעשטעלט אין צייט צום פּוילישן קאָמאַנדיר, וועלכער האָט צוגענומען דאָס אויסלייזגעלט און אויף אַ ברוטאַל־ציניש אופן זיך אויסגעלאַכט פון זיין צוזאָג און איבערגעלאָזט די יידישע באַפעלקערונג צום חסד פון די פּוילישע בעסטיעס.

שבת צו מנחה ווען דער פאָטער איז געגאַנגען אין שול, האָבן זיך באַוויזן מיטאַמאָל דריי פּוילישע באַוואָפנטע כוליגאַנעס מיט פּעקלעך רויב אונטער די אָרעמס. דערזעענדיק דעם טאַטן אַן אויסגעפּוצטן אין אַ צילינדער מיט דער שיינער פּאַטריאַרכאַלער באָרד, האָט איינער אַרויסגעכאַפּט אַ שאַכטל שוועבעלעך כדי צינדן און וואַרפן עס אין טאַטנס באָרד, דער צווייטער האָט געהאַלטן גרייט דעם מעסער אויף צו שניידן די זשידאָווסקע באָרד, אָבער דער דריטער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום פאָטער בלויז מיט זיין טריפהנער לאַפּע, און געוואָלט אָנכאַפּן דעם טאַטנס באָרד, האָט דער פאָטער זיך ניט פאַרלאָרן און אים אַ זעץ געטאָן איבערן האַנט מיטן גאַנצן כוח. דער מנוול האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין שטעקן און זיך פאַרמאָסטן אויפן טאַטן וואָס האָט אָבער באַוויזן אָנצוכאַפּן דעם שפּיץ פון שטעקן. יענער האָט געוואָלט מיטן פוס געבן אַ בריק דעם פאָטער, וועלכער האָט זיך אָבער אויך דאָס־מאָל ניט פאַרלאָרן. ער האָט אָפּגעלאָזט דעם שטעקן און אַזוי איז דער אויסוווּרף געפאַלן אויפן טראָטואַר.

האָט ער זיך אָבער אויפגעשטעלט און אַרויסגעכאַפּט זיין שווערד און מיט אַ גזלנישער רציחה זי אַראָפּגעלאָזט אויפן פאָטערס קאָפּ... פון וועלכן דער שבתדיקער צילינדער איז איצט געווען דער מלאך הגואל און גלייכצייטיק דער שעיר לעזאזל. דער פּרעכטיקער צילינדער איז געלעגן אַ צעדריקטער, אַ צעקוועטשטער.

דער פאָטער איז אַזוי אַרום ניצול געוואָרן פון אַ זיכערן טויט.

די צושראָקענע יידן פון גאַס, דערהערנדיק דעם טומל און דערזעענדיק זייער רב אַרומגערינגלט פון די דריי באַוואָפנטע פּוילישע אויסוווּרפן, האָבן זיי אויפגעפּראַלט די פאַרריגלטע טירן און זיך געלאָזט מיט די הוילע הענט ראַטעווען דעם פאָטער. די צעיושעטע זעלנער האָבן זיך ניט געלאָזט וואַרטן אויף כבוד און זיך צעלאָפן.

די שבת׳דיקע מנחה איז ביי אים איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן ערב יום כיפור׳דיקן השתפכות הנפש מיט אַ התלהבותדיקן שבח והודיה צום בורא־עולם פאַר דעם גרויסן נס וואָס איז מיט אים געשען. אונדזערע בליקן זענען געווען צוגעשמידט צו אים דורך דער גאַנצער צייט פון זיין דאַוונען און געוואַרט ביז ער וועט ענדיקן, און וועט אונדז אַליין דערציילן, נאָך הבדלה איז אַ שכן אַריינגעקומען מיטן צילינדער אין האַנט און פון אים האָבן מיר זיך דערוווּסט וועגן דער געשעעניש אויף זאַרעצער גאַס.

צוואַנציק יאָר נאָכאַנאַנד איז ער געווען אַ רב אין סלוצק און אין יאָר 1920 איז דער פאָטער אָנגעקומען קיין באַראַנאָוויטש. מיד, צעבראָכן, עלנט און איינזאַם, אָן ספרים, אָן אַ פּרוטה געלט און אָן זאַכן, נאָר מיט טויזנטער בריוו פון סלוצקער יידן צו זייערע קרובים אין אַמעריקע פון וועמען זיי האָבן געבעטן הילף.

אין יענע שטורעמדיקע טעג זענען די פּוילישע האָרדעס געווען כמעט די איינציקע וואָס האָבן אָנגעפילט די באַנען, איז פאַר זיי אַ ייד אַ רב מיט אַ פּאַטריאַרכאַלער באָרד דערצו געווען ממש אַן אבן־טוב. דערזעענדיק ווי דער פאָטער ז״ל מאַטערט זיך אַרויפצוקלעטערן אויפן פראַכט־וואַגאָן, האָבן זיי אים אַרויפגעשלעפּט מיט זיין באַגאַזש אין פראַכט־וואַגאָן אַריין. זיך אַ לאָז געטאָן מקבל פּנים זיין מיט מעסערס, באַיאַגעטן און ברענענדיקע שוועבעלעך. ווען ניט אַ שווער־פאַרוואונדעטער יידישער אָפיציר וועלכער האָט זיך צופעליק געפונען אין זעלבן וואַגאָן, וואָלט דער פאָטער ז״ל ניט אַרויס קיין לעבעדיקער פון די רוצחישע הענט. אָט אַזוי האָט ער אויך די גרויליקע נסיעה דורכגעמאַכט בשלום אויפן וועג קיין וואַרשע.

אין יענער צייט האָבן אין וואַרשע געוווינט דעם טאַטנס צוויי שוועסטער, ביידע אָנגעזעענע דענטיסטקעס וועלכע האָבן געהאַט זייערע קאַבינעטן אויף מאַרשאַלקאָווסקאַ 81, און צווישן זייערע פּאַציענטן זענען געווען, גענעראַלן, פּראָפעסאָרן, און וויכטיקע רעגירונגס־באַאַמטע. ביידע שוועסטער זיינע וועלכע האָבן געלעבט באַקוועם און אַפילו רחבותדיק לויט די דעמאָלטיקע אומשטענדן אין פּוילן, האָבן געוואָלט, אַז זייער ברודער זאָל פאַרבלייבן מיט זיי, זיך אויסרוען און קומען צו זיך נאָך זיינע שרעקלעכע איבערלעבונגען. דער פאָטער האָט זיך בשום אופן ניט געלאָזט איבעררעדן. ער האָט געוואָלט טאָן עפּעס ממשותדיקס כדי צו לינדערן די נויט און די ליידן פון די יידן פון סלוצק און אומגעגענט. און איינזעענדיק אַז די הילף מצד די פירער פון פּוילישן יידנטום וועט ניט לייזן דאָס גוואַלדיקע פּראָבלעם פון אַנטיסעמיטיזם און בלוטיקע רדיפות, האָט ער אויך באַוויזן צו קריגן אַן אוידיענץ מיט דעם העכסטן קאַטוילישן גייסטלעכן אין יענער צייט, דעם קאַרדינאַל קראַקאָווסקי, וועלכער האָט דעם פאָטער ז״ל אויפגענומען העפליך און זייער וואַרעם: דער קאַרדינאַל האָט אויסגעהערט דעם פאָטערס שילדערן די רציחות און גוואַלט־טאַטן קעגן הילפלאָזע יידן, האָט ער אָנגעשריבן אַ בריוו צום קאָמאַנדיר פון מיליטערישן גאַרניזאָן אין באַראַנאָוויטש, רידז שמיגלי וואָס איז אגב געווען דער לעצטער פּוילישער זיכערהייטס־מיניסטער. חוץ דעם האָט דער קאַרדינאַל אָנגעשריבן אויף אַ ספּעציעלער קאַרטל זייער וואַרעמע ווערטער אין וועלכע ער האָט אַפּעלירט צו מיליטערישע און ציווילע באַאַמטע, אַז זיי זאָלן אַרויסווייזן דעם ראַבין פיימער די גרעסטע מאָס פריינדלעכקייט, העפלעכקייט און איינזעעניש בכל אשר יפנה...

גלייכצייטיק האָט דער פאָטער זיך דערוווסט, אַז דער איינפלוסרייכער פריץ בולהאק געפינט זיך אין באַראַנאָוויטש. ער האָט זיך געווענדעט צו אים און יענער האָט אים געגעבן נויטיקע פּאַפּירן־דאָקומענטן און אויך אַ בריוו צו זיינע קאָלעגן, באַוווסטע פּוילישע פירער אַז וואָס דער ראַבין וועט זאָגן „זאָל דאָס זיין ביי אייך הייליק״.

די פּאַפּירן האָבן אויפגעטאָן ממש וווּנדער, און געהאָלפן אים אַרויפשטייגן אין וואַגאָן. אָנקומענדיק קיין באַראַנאָוויטש האָט ער, גלייך זיך אַריינגעוואָרפן אין זיין עבודת הכלל פון הצלת נפשות און פדיון שבויים. דאָס ערשטע וואָס ער האָט געפּועלט ביים קאָמאַנדיר פון באַראַנאָוויטשער גאַרניזאָן, רידז שמיגלי, אַז די מאַכט זאָל דערלויבן צו באַזאָרגן מיט עסן, קליידער און מיט מעדיקאַמענטן די פילע הונדערטער פאַרשמאַכטע און פאַרפּייניקטע יידישע צוריקגעקערטע פּוילישע בירגער וועלכע האָבן זיך געפונען אין די שרעקלעכסטע באַדינגונגען אין דעם דעמאָלסטיקן עמק הבכא אין באַראַנאָוויטש — דער טרויעריק באַרימטער „יור״ (אינטערניר און קאַראַנטין לאַגער).

דעם קאַרדינאַלס בריוו צום אויבער־קאָמאַנדיר פון די פּוילישע חיילות האָט ממש דורכגעבראָכן די אייזערנע טיר פון דעם טרויעריקן אינטערניר לאַגער און אַ שטראַל פון האָפענונג און בטחון האָט אַרומגעכאַפּט די פאַרמאַטערטע אין באַראַנאָוויטשער טרויער לאַגער, זיי האָבן דערפילט אַז זיי זענען ניט הפקר און אַז מ׳אינטערעסירט זיך מיט זיי.

קומענדיק צוריק אין שטאָט אַלאַרמירט ער די באַראַנאָוויטשער יידישע קהילה וועגן דעם טרויעריקן מצב אין „יור״. ער האָט מכריז ומודיע געווען, אַז די שטאָט מוז גלייך באַזאָרגן די אומגליקלעכע יידן פון לאַגער מיט שפּייז און קליידער און מעדיקאַמענטן כדי צו דערהאַלטן יידן ביים לעבן. וויכטיק איז דאָ צו פאַרצייכנען, די צוויי מקורבים: פיין און מלינסקי, וועלכע זענען צופעליק אויך געווען אין באַראַנאָוויטש אין יענע טעג האָבן אַרויסגעהאָלפן דעם סלוצקער רב אין זיין שליחות.

איינשטעלנדיק אַ קאָמיטעט פון וועלכן ער איז געווען דער פאָרזיצער און וועמענס פונקציע איז געווען קודם כל באַזאָרגן די נודדים מיט די נייטיקע הצטרכותן, האָט דער פאָטער ז״ל גלייכצייטיק זיך געשטעלט אין טעלעגראַפישער פאַרבינדונג מיט דעם אומפאַרגעסלעכן קדוש, מיטן באַרימטן אַדוואָקאַט, דעפּוטאַט אין סיים, נח פּרילוצקי הי״ד, אַז ער זאָל שיקן פון וואַרשע אַ געשולטן יידישן אַדוואָקאַט וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט די לעגאַלע ענינים פון די נודדים.

קיין באַראַנאָוויטש איז געקומען אַ באַרימטער יידישער אַדוואָקאַט פון וואַרשע, ער האָט זיך געווענדעט צו פאַרשיידענע גמינעס און געבעטן די „דאָזאָרעס״ זיי זאָלן למעה״ש גלייך צושיקן באַשטעטיקונגען וועגן דער לעגיטימער אָנגעהערי־קייט פון די לאַגער־יידן צו די פּוילישע שטעט און שטעטלעך. די פּאָליאַקן האָבן בטל געמאַכט אַלע אָפיציעלע דאָקומענטן, וואָס די אַלע נודדים האָבן מיט זיך געהאַט פון פּוילישע רעגירונג פאָרשטייער אין סאָוועט רוסלאַנד ווי אויך פון פּוילישע גרענעץ באַאַמטע, מיטן אויסרייד, אַז אַלע יידן זענען באָלשעוויקעס און דאַרפן צוריקגעשיקט ווערן צו זייער באָלשעוויסטישער מלוכה. דער פאָטער ז״ל האָט זיך באַנוצט מיט אַ פּשוטן און מסירת נפשדיקן מיטל: פאַר די רעגירונגס אָנגעשטעלטע — אַ טלית אָדער אַ פּאָר תפילין, אַ ספר אָדער סתם אַ יידישער חפץ, אַ פּאָר לייכטער, אַ צאינה וראינה אָדער אַ סידור איז געווען אַ גענוגנדער באַווייז, אַז די אייגנטימער פון די חפצים זענען נישט קיין באָלשעוויקעס און ער איז ערב פאַר זיי. ס׳איז כדאי פאַרצייכענען, אַז פון דער צווייטער זייט גרענעץ האָט מען אויסגענוצט דעם טאַטנס ז״ל תמימות

אין זין פון הצלת נפשות און פון זייער זייט אַדורכגעשמוגלט אַ היפּשע צאָל פּאַרטיי־טוער און פּראָפּאַגאַנדיסטן, אויסגעשטאַט מיט די עכט יידישע קלעריקאַלע קלאַפּערגעצייג קעגן וועלכע די דעמאָלטיקע יעווסעקציע האָט אַזוי אומרחמנות׳דיק געשטורעמט און געקעמפט.

אַ זעלטענע דעמאָנסטראַציע פאַר כבוד־התורה און קידוש־השם איז אין יענע טעג פאָרגעקומען אין באַראַנאָוויטש מיטן אָנקומען (פון רוסלאַנד) פון דעם וועלט באַרימטן גאון־הדור דער חפץ חיים ז״ל. ניט נאָר דער פּאָטער ז״ל האָט געפּועלט ביי דער פּוילישער מיליטער מאַכט אין באַראַנאָוויטש אַז דער גייסטיקער ריז מיט זיינע צענדליקער ישיבה־לייט זאָלן ניט דאַרפן דורכגיין די שבעה מדורי גיהנום אין דעם טרויעריק באַרימטן „יור״, נאָר זיינע אָפיציעלע דאָקומענטן, ווי די אַרויספאָר לעגיטימאַציע, וכדומה, איז שוין געווען צוגעגרייט פאַר אים נאָך איידער ער האָט נאָך באַוויזן אַרויסצושטייגן פון באַן, מיין פּאָטער האָט איינגעאָרדנט אַן אויסערגעוויינלעכן קבלת פנים פאַר דעם חשובן גאַסט אין וועלכן עס האָט זיך באַטייליקט די גאַנצע באַראַנאָוויטשער קהילה. דער אימפּאָזאַנטער טייל פון אָט דער אויסערגעוויינלעכער דעמאָנסטראַציע איז געווען דאָס, וואָס דער פּאָטער ז״ל האָט געקראָגן אַ דערלויבניש פון דער מיליטער מאַכט אַז אַ גרופּע באַפרייטע יידישע סאָלדאַטן זאָל אָנטייל נעמען אין דעם קבלת פנים פאַרן חפץ חיים מיט אַן ערן־וואַך. דער גאון הדור האָט זיי אַלעמען געבענטשט און זיי געווונטשן, אַז זיי זאָלן זיך אומקערן אין זייערע היימען בשלום. דער רושם איז געווען אין לשער בעת די יידישע זעלנער האָבן דעם גרויסן גאון געטראָגן ממש אויף די הענט פון וואָקזאַל ביז זיין אכסניא. די פּאַנסקע דומע קעפּ האָבן בשום אופן נישט געקענט תופס זיין דעם וועזן וואָס די זשידקעס מאַכן עס פון דעם קליינינקן, דאַרן און קוואַרן ידעלע, „כלאָפּעץ חיים״...

אין יענע שטורעמדיקע טעג ווען באַראַנאָוויטש איז געווען פאַרפלייצט מיט טויזנטער יידן, צוריקגעקומענע, אַנטלאָפּענע און אַזעלכע וועלכע האָבן נאָך געהאַלטן אין לויפן סיי פון רוסלאַנד און סיי פון פּוילן און זיך געלאָזט וואוהין די אויגן האָבן זיי געטראָגן. איז געקומען מאַנע קאַץ, דער גרויסער און באַרימטער יידישער קינסטלער, וועלכער האָט זיך געוואָלט אַרויסראַטעווען קיין פראַנקרייך. אָבער גיי זיי אַ בריה און דערשלאָג זיך קיין פּאַריז, ווען פּאַליאַקן ווילן יידן צוריקשיקן קיין רוסלאַנד. האָט ער זיך געווענדעט צום פּאָטער וועלכער האָט זיך ווי זיין שטייגער באַמיט צו קריגן פאַר אים די נייטיקע פּאַפּירן אַרויסצופאָרן פון פּוילן. דער קינסטלער איז געווען זייער דאַנקבאַר דעם פּאָטער פאַר דער גרויסער הילף. ער האָט באַשלאָסן פאַראייביקן דעם פּאָטערס געשטאַלט אין אַ גרויסן אייל פּאָרטרעט. אָבער גיי צייכן אַ פּאָרטרעט פון אַ יידן וואָס איז אַריינגעטאָן בראשו ורובו אין יידישע דאגות און צרות, האָט ניט אַפילו קיין פרייע מינוט אָפּצודעכן און דערצו אין פּאָטערס צימערל ד׳ על ד׳, איז אוממעגלעך געווען צו זיצן און צייכענען. אָבער דער קינסטלער מ. ק. האָט זיך דערמיט ניט גערעכנט. געבראַכט דעם לייוונט, פאַרב און פּענזלס און זיך גענומען צו דער אַרבעט מיט אויסערגעוויינלעכער געדולד, התמדה און ליבע. דעם גרויסן קינסטלער איז געלונגען אויפצוכאַפּן אויפן לייוונט דעם פּאָטערס כאַראַקטער־שטריכן און זיין הדרת־פנים אין פּרעכטיקע קאָלירן און פאַרבן. אָבער ס׳איז מסתמא געווען באַשערט, אַז דאָס קינסטלערישע ווערק זאָל בלייבן אַ ניט־פאַרענדיקטע. אינמיטן צייכנען האָט מ. ק. געקריגן אַ באַפעל פאַרלאָזן פּוילן. דער חשובער מאָלער האָט געהאָפט, אַז מיט דער צייט וועט ער דאָך האָבן די געלעגנהייט צו פאַרענדיקן דאָס בילד, האָט ער בחפזונדיק איבערגעלאָזט דאָס גאַנצע קלאַפּערגעצייג זיינס, די פאַרמישטע פאַרבן, די צוגעגרייטע פּענזל און דעם אויפגעצויגענעם לייוונט מיט דעם ניט־פאַרענדיקטן פּאָרטרעט, אויפן טאַטנס קוואַרטיר.

מיט יאָרן שפּעטער ווען דער פּאָטער ז״ל איז שוין געווען אַ ניו־יאָרקער תושב און מאַנע קאַץ זייענדיק ביי א. ליעסין ז״ל, האָט ער דערמאָנט לטובה דעם טאַטן, וואָס האָט אים פיל געהאָלפן זיך אַרויסצוראַטעווען פון די פּוילישע און פון די באָלשעוויסטישע נוגשים. מעגלעך, אַז דער קינסטלער האָט פאַרגעסן דעם רב ר׳ יאָסעלען... איז עס טאַקע אַ שאָד וואָס אַ פּאָרטרעט געמאָלן פון אַזאַ פיינעם יידישן מאָלער איז ניט פאַרענדיקט געוואָרן...

אין שייכות מיט דעם אויבנדערמאָנטן איז וויכטיק צו קאָנסטאַטירן, אַז אין דער צייט וואָס דער פּאָטער ז״ל איז געווען דער איינציקער אָפיציעלער פאָרשטייער פאַר סלוצק און איר סביבה, זענען דורך זיינע הענט דורכגעגאַנגען טויזנטער דאָלאַרן אין מזומן, קליידער, שפּייז און מעדיקאַמענטן, אָבער דער טאַטע האָט פון דעם גאָרנישט גענאָסן.

לייכט און גרינג איז דעם פּאָטער געווען צופּאַסן זיך אין אַמעריקע, קיינע נסיונות האָט ער ניט געדאַרפט ביישטיין און קיין קאָמפּראָמיסן האָט ער ניט געדאַרפט מאַכן. ווייל ער איז דאָ קיין רב ניט געווען. געלעבט 12 יאָר אין אַמעריקע און די פּאָזיטיווע שטריכן פון אַמעריקע האָבן אים דווקא זייער שטאַרק אימפּאָנירט. ער האָט אָבער בשום אופן ניט געקענט פאַרטראָגן די צו לייכטע און ווולגאַרע פרייהייט, וועלכער אַ גרויסער טייל יידן האָבן אויפגעכאַפּט. אַראָפּוואַרפן פון זיך רעליגיעזע, נאַציאָנאַלע און טראַדיציאָנעלע התחייבותן, האָט ער געהאַלטן פאַר אַ פאַרברעכן.

אין אַ פרייע לאַנד קענען יידן אָנפירן אַן אינטענסיוון יידישן לעבן. און אויב זיי טוען עס ניט איז עס די שולד פון זייערע פירער. אָט אַזוי האָט זיך דער פּאָטער אויסגעלעבט זיינע מיטעלע יאָרן, שטיל, צוריקגעצויגן, עלנט און איינזאַם. נאָך לאַנגע און גרויזאַמע יסורים האָט ער אויסגעהויכט זיין לויטערע נשמה, א׳ כסלו תרצ״ט (נאָוועמבער דעם 25־טן 1938). ווייזט אויס אַז די השגחה האָט געוואָלט, אַז דעם פּאָטערס לויה זאָל אויך זיין אַ סימבאָלישע. צו דער לויה איז געוואָרן אַן אויסערגעוויינלעכע זאַווערוכע, אַ געדיכטער שניי האָט אוממעגלעך געמאַכט, אַז אַ גרויסע צאָל מענטשן זאָלן אים קענען אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד. אויף אים איז באמת מקויים געוואָרן, „שטיל געלעבט און שטיל געשטאָרבן״. תנצב״ה.

## ב.
## די רעביצין

מיין מוטער אַלטע־עלקע איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן ביי איר זעליגן פאָטער ר׳ ראובן שאַהראַוויטש אין קאָוונע. אַ חשובער פראָמינענטער סוחר, אַ גרויסער תלמיד חכם, משכיל און אַריסטאָקראַט ביי וועמען עס איז געווען תורה און גדולה במקום אחד. זיין געראָטענער טאָכטערס דער־ציאונג איז געווען אַ פולשטענדיקע טראַדיציאָנעלע און וועלטלעכע, אַזוי אַרום האָט די מוטער ע״ה באַקומען אַלזייטיקע ידיעות אין לשון־קודש, רוסיש, פויליש, דייטש און יידיש. צוליב איר פערזענלעכן חן איז זי שוין געווען אין איר פריסטער יוגנט אַ שם־דבר אין קאָוונע און איידער



אַלטע (עלקע) פיימער

זי האָט נאָך דערגרייכט איר רייפן עלטער האָבן שוין שדכנים באַלאַגערט און אָפּגעשלאָגן די שוועלן פון איר פאָטערס הויז. אָבער ווי עס ווייזט אויס איז געווען באַשערט, אַז די מוטער ז״ל זאָל דווקא זיין אַ רביצין בישראל. דער גורל איז געפאַלן אויפן פאָטער וועלכער איז געווען איינער פון די בעסטע סלאבאדקער ישיבה־בחורים און דווקא אָן וועלטלעכע שפּראַכן און אַ רב איז ער געוואָרן צו איין און צוואַנציק יאָר. כאָטש מיינע עלטערן זענען געווען מענטשן פון צוויי באַ־זונדערע וועלטן האָט זיי פאַראייניקט די אהבת־ישראל און די מסירת־נפש פאַרן כלל און פאַרן יחיד.

פאַר אונדזער מוטער ע״ה האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייער און אויסערגעוויינלעכער קאַפּיטל אין איר קורצן שווערן און פרוכטבאַרן לעבן. די זעלטענע יפת־תואר איז אין גיכן געוואָרן איינע פון די באַרימטסטע רביצינס אין גאַנץ ווייסרוסלאַנד.

אַדאַנק איר שכל, אינטעליגענץ און טאַקט איז אונדזער בית־הרב געוואָרן אַן אמתער צענטער אין שטאָט. ס׳איז ניט געווען קיין איין געביט אין וועלכן די מוטער האָט זיך ניט באַטייליקט. עס איז פשוט צו באַוווּנדערן ווי אַזוי אַזאַ צאַרטע און שוואַכע פרוי האָט פאַרמאָגט אַזוי פיל ענערגיע צו אָרגאַני־זירן און זיין אַקטיוו אין פאַרשיידענע אונטערנעמונגען. זי איז געווען אַ קראַנקן־שוועסטער אין שטוב אַרום אַ חולה און סיי אין שפּיטאָל אַרום צענדליקער חולים. בכלל איז ביי איר ניט געווען קיין מיאוסע און שווערע אַרבעט, אַלץ איז געווען גוט און וויכטיק און געטאָן האָט זי עס מיט גרויס התלהבות. הגם אונדזער שטוב איז געווען אַן עכט רבנישע איז דאָך עס געווען עפּעס אַנדערש. אַ גרויסע רחבות׳דיקע הויז אויף איינער פון די שענסטע גאַסן, אַ גרויסער סאָד מיט אַ שיינעם גאָרטן, אַ איינגעפונדעוועטע באַלעבאַטישקייט גאָר ניט ווי ביי אַ רב. אַ אָפן הויז פאַר דורכגייער און דורכפאָרער: רב־נים, משולחים, מגידים, קרובים און סתם אורחים.

כאָטש אונדזער שטוב איז געווען אַן אמתער רשות הרבים, ווו יעדער איינער האָט זיך תמיד געפילט פראַנק און פריי, קומען ווען ער האָט געוואָלט, איז פונדעסטוועגן די שטוב געווען ריין און זויבער אין אַ פולשטענדיקער אָרדענונג.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט מלחמה זענען הונדערטער יידישע יונגעלייט מאָביליזירט געוואָרן און האָבן געדאַרפט איבערלאָזן זייערע יונגע ווייבער.ביים אַרויסגעבן תנאי־גט׳ן זייערע געליבטע פרויען און דורך דעם פאַרהיטן זיי פון אַ מעגלעכן אומגליק, זענען געזעסן ר׳ מרדכי יעקב דער סופר און ר׳ שמעון דער דיינות שמש און געשריבן די גט ן. אונדזער שטוב איז געווען געפּאַקט מיט מענער, פרויען, טאַטעס, מאַמעס און שוועסטער. די בכיות און יללות האָבן געשפּאָלטן דעם הימל. מיין מוטער ע״ה און מיין ליבע שוועס־טער מוטיע זענען געוואָרן קראַנקן־שוועסטער און געהאַלטן אין איין מינטערן די מיט געוואַלד געצווונגענע געגעטע פרוי־ען. איינער האָט מען געדאַרפט דערלאַנגען חלשות טראָפּנס, אַ צווייטער איינרייבן דעם שטערן, אַ דריטער עפּעס געבן אין מויל אַריין. אָט אַזוי, זענען זיי ביידע געווען פאַרנומען וואָכן לאַנג מיט דער שרעקלעכער גט׳ן פּראָצעדור.

זיי זענען אויך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין קעכינס. די יידי־שע פריזיוניקעס, אַלס סאָלדאַטן אין דער רוסישער אַרמיי, האָבן ניט געקענט פאַרטראָגן פאָניעס קאַפּוסטע און קאַשע, איז זיי פשוט אויסגעקומען לעבן אויף ברויט מיט וואַסער. האָט זיך אונדזער פאָטער פון דעם דערוווּסט און גענומען איינלאַדן די סאָלדאַטן צו אונדז אין שטוב. פון אָנפאַנג זענען עס געווען בלויז עטלעכע, נאָכער זענען געוואָרן צענדליקער. מיין מוטער און שוועסטער פלעגן צוטראָגן דאָס עסן יעדן איינעם בסבר פנים יפות, די צאָל יידן אין דער אַרמיי האָט זיך פאַרגרעסערט, און האָט דערגרייכט אין די הונדערטער. פיזיש איז שוין געווען אוממעגלעך צו באַזאָרגן זיי אין אַ פריוואַטער הויז. האָט זיך די מוטער אַ קער געטאָן צו דער סלוצקער יוגנט, וואָס איז באַשטאַנען פון סטודענטן, ישיבה־לייט, אַרבעטער, לערער און האַנדלס־אָנגעשטעלטע. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ קאָמיטעט אין עטלעכע פון די שטיב־לעך פון דער קאַלטער שול. די מוראַוואַנקעס זענען פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער מאָדערנער קיך מיט אַ פרעכטיקן עס־צימער, ווו מען האָט באַזאָרגט הונדערטער

זעלנער און היימלאָזע (וועלכע האָבן שוין אָנגעהויבן אָנקומען אין סלוצק) מיט פרישע און נאַרהאַפטע מאָלצייטן. נאַטירלעך איז דאָס ניט אָנגעקומען אַזוי לייכט. עס איז פּאַקטיש געווען אַ פראַגע פון שאַפן אַ יש מאין, אויפבויען אַזאַ מין זאַך אָן פאָנדן, אָן געשיר און אָן פראָדוקטן. אָבער דער מוטערס אייזערנער ווילן מיט דער איבערגעגעבענער אַרבעט פון דער ווונדערבאַרער סלוצקער יוגנט האָבן עס באַוויזן. זיי האָבן אויפגעבויט ניט נאָר די קיך מיטן עס־צימער נאָר אַ גאַנצע רייע וויכטיקע אַנשטאַלטן. עס האָט אַפילו דערגרייכט אַזוי ווייט, אַז איינע פון צאַר ניקאָלייס טעכטער וועלכע האָט אָנגעפירט מיט ווילטעטיקע אַרבעט אין רוסלאַנד האָט אויסגעדריקט ספּעציעלע אָנערקענונג דעם סלוצקער קאָמיטעט. צווישן די פאַרשיידענע אַרבעטן מיט וועלכע די מוטער ע"ה צוזאַמען מיט אונדזערע היימיש שטאָטישע בחורים און מיידלעך האָבן זיך אויסגעצייכנט זענען געווען שיקן פּאַסילקעס, פּאַקעטן צו די זעלנער אויפן פראָנט. ביינאַכט ביי אונדז אין הויז, דער גרויסער בליץ־לאָמפּ וואַרפט אַ העלע וואַרעמע ליכט אויף די צאַרטע יידישע טעכטער וואָס ברויזן מיט אַרבעט. מען שטאָפּט סיגאַרעטן, מען שטריקט זאָקן, סוועדערס און מען נייט לייווענטענע זעקלאַך (אַ לעבנס וויכטיקער אַרטיקל פאַרן זעלנער, עס פלעגט זיין זייער אָנגעפילט מיט זאַמד צו באַשיצן די קאָפּ ביים שיסן פון די אָקאָפּעס). אין די פּעקלאַך איז אויך געווען שאָקאָלאַד, סוכאַרעס, פּאַפּיר מיט קאָנווערטן און נאָדלען מיט פאָדים און קנעפּלאַך. דערצו אַ צושריפט פון עטלעכע האַרציקע ווערטער, דער זעלנער זאָל עס ווייל באַקומען, און קומען וואָס גיכער אַהיים.

די יוגנט האָט פאַרפּאַקט און אַדרעסירט די פּעקלעך און באַזאָרגט עס אויף פּאָסט.

אין יענע צייטן ווען עפּידעמיעס האָבן געבושעוועט אין סלוצק האָבן די מאַמע און די טאָכטער ניט צוריקגעהאַלטן זיך פון גיין העלפן די, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין הילף. און קוקנדיק אויף זיי זענען שוין אַנדערע אויך געגאַנגען. אַפילו איר בן יחיד דער פרא אדם, וואָס האָט פּשוט איבערגעקערט די וועלט איז אויך אָנגעשטעקט געוואָרן מיטן יאָך פון שטוב. איך בין געווען פול מיט אַלערליי שמד שטיק, און אַזוי שנעל ווי ס'איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט מלחמה האָבן מיינע שטיפערייען אַריינגענומען אין זיך אַ אַ היפּשן חלק כלל אַרבעט.

אַזאַ ווילטעטיקער ענין פאַר נויט באַדערפטיקע איז אויך געווען אַ טעאַטער פאָרשטעלונג, וואָס איך מיט מיינע חברים האָבן איינגעאָרדנט.

איך געדענק שוין ניט די קינסטלערישע זייט פון דער פאָרשטעלונג, אָבער מאַטעריעל איז עס געווען אַ קאָלאָסאַלער דערפאָלג. ביי אונדז אין שטאַל האָבן מיר דורכגעפירט „עקדת־יצחק" מיט גאַרדעראָב, גרים, און דעקאָראַציעס. און אויב אונדזער טייערע בהמה האָט ניט פּראָטעסטירט קעגן אונדזער אַריינרייסן זיך אין איר תחום און מאַכן דאָרטן אַ איבערקערעניש, איז עס געווען בלויז דערפאַר, וואָס זי איז געווען אַן אמתע כשרה בהמה און האָט ניט געהאַט קיין שכל שטערן אונדז און אַלץ מקבל געווען באהבה, ביזן לעצטן אַקט. מ'קען ניט זאָגן, אַז די ליבע עלטערן, און די דערבייאיקע שכנים זענען געווען צופרידן פון אונדזער טומל, געפילדער און האַרמידער. די צרות און צרכי עם ישראל זענען דאַן געווען אַזוי פיל און דרינגנד, אַז מיינע ליבע עלטערן האָבן זיך כמעט מיט מיר ניט אָפּגעגעבן. די שטוב האָט געשוויבלט און געגריבלט מיט כלערליי מענטשן. טיילמאָל פלעגן אַוועקגיין גאַנצע טעג און איך פלעג די עלטערן אַפילו ניט אָנזען. דער מוטער פלעג איך זען נאָר דאַן ווען זי האָט שוין ניט געקענט שטיין אויף די פיס. האָב איך שוין געדאַרפט זיין איר קראַנקן־שוועסטער, איינמאָל אין אַ געוויסן אָוונט איז זי געקומען אַהיים אַ באַלאָדענע מיט פּעקלעך און זי האָט מיר דערקלערט, אַז זי וויל מיך מיטנעמען ערגעץ ווו. זענען מיר צוגעקומען צו אַ געוויסער הויז, אָנגעקלאַפּט, אַריין אין שטוב. די מוטער לייגט אַוועק די פּעקלעך, גייט אַריין אין אַ צווייטן צימער און קומט אַרויס מיט אַ קינד אויף די הענט, וועלכן זי קושט און האַלדזט מיט גרויס צערטלעכקייט, רעדט און לאַכט צו אים מיט אַ אויסערגעוויינלעכער ליבע. ערשט יאָרן שפּעטער האָב איך אויסגעפונען וואָס פאַראַ קינד עס איז געווען. און דאָס איז ניט די איינציקע קינד געווען וואָס די מוטער ע"ה האָט אויסגעהאָדעוועט. זי האָט דערצויגן צענדליקער אונטערגעוואָרפענע קינדער אַלס גוטע יידן. אין דער באַרימטער סלוצקער תפיסה איז אונדזער מוטער געוואָרן אַ אָפּטע אַריינגייערין און גענומען באַזאָרגן מיט עסנוואַרג, וועש און אַז"וו גרויסע „פאַרברעכערס" ווי רבנים, ישיבה־לייט, אַרבעטער. זי האָט באַוויזן אַרויסצוראַטעווען אַ היפּש ביסל קרבנות פון פאַרטריבן ווערן קיין סיביר.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן, בערלען, אַ צען־יאָריקער יינגל, וועמען די צאַרישע מאַכט האָט באַשולדיקט אין שפּיאָנאַזש. ער איז אַרעסטירט געוואָרן בשעת ער איז געגאַנגען פאַרנעמען זייער בהמה לעבן פראָנט, איז ער געשלעפּט געוואָרן צענדליקער וויאָרסט מיטן עטאַפּ, זיך געוואַלגערט אין פאַרשיידענע תפיסות ביז ער איז מגולגל געוואָרן אין סלוצקער תפיסה. און ווער ווייסט וואָס פון אים וואָלט געוואָרן ווען ניט די ליבע מוטער ע"ה. נאָך לאַנגער מי און שתדלנות איז איר געלונגען אים אַרויסצוראַטעווען. אַ געוויסן פּורים האָט זי געשיקט דעם אויפזער פון תפיסה אַ שיינעם משלוח־מנות, אָבער דערפאַר האָט זי געפּועלט ביי אים, אַז איידער אַ פּאַרטיע יידישע אַרעסטאַנטן ווערט פאַרשיקט קיין סיביר, פלעגט מען איר לאָזן וויסן און זי האָט זיי באַזאָרגט מיט וואַרעמע וועש, פעלצלעך און וואָליקעס. אמת, ניט איינמאָל האָט מען דערביי אויך געמוזט באַזאָרגן אַ היפּשע צאָל ניט יידן, כדי ניט אויפצורייסן די אויגן פון די קריסטלעכע אַרעסטאַנטן, האָט זי געגעבן גויים יידישע נעמען און צוגעשטעלט דעם קאָמיטעט ליסטעס פון בלויז יידישע אַרעסטאַנטן.

בכלל איז די מוטער אין יענע גרויזאַמע טעג געווען זייער רייך אין „עברות". זי איז געווען די ערשטע וועלכע האָט רעקווירירט אַ היפּשע צאָל שולן אין סלוצק און זיי פאַרוואַנדלט אין קינדער־היימען און מושב זקנים'ס, די יעניקע

יידן, וועלכע האָבן געגוואַלדעוועט, ס׳טייטש די רביצין איז מחלל די בתי־תפילה, — האָט זי געענטפערט, אַז דאָרט ווו ס׳שטייט געשריבן, אַז מען דאַרף דאַוונען, דאָרטן שטייט אויך, אַז מען דאַרף רחמנות האָבן אויפן היימלאָזן, אַלטן און קראַנקן, און דעריבער נעמט זי דעם חטא אויף זיך.

אַ צאָל סלוצקער קינדער, וועלכע זענען געווען קיילעכדיקע יתומים, האָט זי געמאַכט פאַר היימלאָזע און דורך דעם דערמעגלעכט, אַז זיי זאָלן קענען קריגן אַ בעסערע דערציאונג מיט אַ בעסערער אויפפּאַסונג. און אין אַנדערע פאַלן האָט זי געקענט מאַכן אַ היימלאָזן יידן פון ליטע אָדער פוילן פאַר אַ סלוצקער כדי ער זאָל זיך בעסער קענען איינאָרדנען.

איך געדענק ווי אונדזער פאַמיליע האָט געוווינט צוזאַמען מיט עטלעכע משפחות נשרפים. אין אונדזער דירה האָט אויך געוווינט טאָוואַרישטש באַלאַשאָוו מיט זיין „סאָלדאַט באַדינער וואַניאַ״, פון אונדזער אַמאָליקן רבנישן הויז איז געבליבן אַלס איינציקער זכר דעם עלטער זיידנס פאָרטרעט און אַ ביסל ספרים. ווען ניט דאָס, וואָלט די שטוב אויסגעזען ווי אַ ביוראָ פון אַ רויטן קאָמאַנדיר, ווו קאָמיסאַרן און רויטע אַרמייער האָבן געהאַלטן אין קומען און גיין. אין דער סביבה האָב איך זיך געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער, בפרט ווען סיי באַלאַשאָוו און סיי וואַניאַ זענען געווען האַרציקע מענטשן אַז אַפילו די „גוטע האַרציקע״ פעשע וועלכע האָט געשאָלטן די באַלשעוויקעס מיט טויטע קללות האָט זיי ליב געקראָגן און פאַר זיי געקאָכט און פלעגט אַפילו אויף שבת פאַררוקן פאַר זיי אַ טשאָלנט.

צום ערשטן ווען דער בריגאַדע־קאָמאַנדיר באַלאַשאָוו איז געקומען רעקווירירן אַ צימער איז פעשע געזעסן אין קיך אויפן אויוון און געטאָן דריי זאַכן מיט אַמאָל: געגרעדט צו זיך, געדאַוונט און געשאָלטן. אַזוי שנעל ווי זי האָט דערזען דעם קאָמאַנדיר האָט זי אַ קאָמאַנדע געטאָן: היי דו הערסט, נעם דעם עמער און ברענג וואַסער. און דער חבר באַלאַשאָוו, האָט אַוועקגעלייגט זיין טעקע, אַ נעם געטאָן דעם עמער, אַרויס און געבראַכט אַ פולן עמער וואַסער און שמייכלענדיק געזאָגט: מוטערל, אָט האָסטו וואַסער.

מיט אים און מיט וואַניען בין איך געוואָרן אַ בעסטער־גוטער פריינט, געריטן אויף זייערע פערד, אָנגעטאָן זייערע מונדירן און געקראָגן פון זיי קאָנטער מאַרקעס צו קאָנצערטן און טעאַטער־פאָרשטעלונגען. אַלץ וואָלט געווען גוט און פיין און כ׳האָב געקענט הנאה האָבן פון די צוויי האַרציקע חברה. אָבער דער טייערער ר׳ בער עפראָן, וועלכער פלעגט לערנען מיט מיר, ער איז געווען אַ „אבן נגף״ אויף מיין וועג. ווען וואַניאַ האָט געהאַלטן אין אַנטפלעקן מיר די סתרי־תורה פון אַלערליי מיני געווער, האָט זיך דערהערט ר׳ בערס ליבע הייזעריקלעכע שטימע: אַ גוטינקער אָוונט ר׳ חיים אברהם, אנו נעמט אַרויס אַ חומש אָדער אַ תנ״ך און לאָמיר זיך זעצן עפעס לערנען. עס מאַכט ניט אויס, זאָגט ער צו מיר, אַנווייזנדיק אויף וואַניען, ער מעג אויך זיך איינהערן, אסור אויב עס וועט אים שאַטן... דאָס סאַמע וויכטיקסטע פלעגט זיך אָנפאַנגען נאָכן לערנען. זייט אַזוי גוט ר׳ חיים אברהם, שטעלט צוריק אַוועק די ספרים און טוט זיך אָן. מיר טאָרן ניט פאַר־לירן קיין צייט, מיר דאַרפן קלייבן געלט פאַר נצרכים — צדקה לעניים. דער גרייז־גרויער ר׳ בער און דער יונגינקער האַלב־ווילדער בן הרב האָבן זיך אַרויסגעלאָזן איבערן שטאָט פאַר אַ דבר מצוה. געגאַנגען זענען מיר פון איין עק שטאָט ביזן צווייטן, פון אסטראַוועו ביז טריצאַן. פון קאַפוילער בראָם ביזן בית־עולם. ער האָט געשפרייזט מיט גרויסע טריט און איך האָב געמוזט אונטערלויפן. צוגעקומען צו אַ פינצטערער הויז מיט פאַרמאַכטע לאָדן. ר׳ בער קלאַפט אין טיר אָדער אין לאָדן, — ווער איז עס? — עפנט, דאָס זענען יידישע גזלנים. ס׳ווערט ליכטיק, עס עפנט זיך אַ טיר און אַ פאַרשלאָפענער בייזער ייד איז אונדז מקבל פנים: קיין אַנדער צייט גיין איבער די הייזער האָט איר ניט געפונען? ערגערט זיך ניט, רעדט ר׳ בער גלאַסן: איר דאַרפט זיין צופרידן, דאָס דער איבערשטער פאַרלאָזט אייך ניט און איז אייך מזכה מיט מצוות אַפילו ווען איר שלאָפט. איר ווייסט ווער דער יונגער מאַן איז? דאָס איז דאָך ר׳ יאָסעלעס בן יחיד ווען ניט ער, וואָלט איך אַזאַ זאַך קיינמאָל ניט געטאָן.

ווי עס זעט אויס איז נאָך דער ליבער מוטער ע״ה באַ־שערט געווען זיך מאַטערן... איר נסיעה איבער דער רוסיש־פוילישער גרענעץ קיין באַראַנאָוויטש צום טאַטן איז געווען ממש כפסע בינה ובין המות. די „פאַדפאָלניקעס און קאָנט־ראַבאַנדיסטן״ (אונטערוועלט פאַרשוינען וואָס האָבן געש־וואַרצט די גרענעץ מיט דער גוטהייסונג פון דעם באָלשעוויס־טישן רעזשים פאַר וועלכן די פאַרשוינען האָבן געליפערט קאָמוניסטישע ליטעראַטור אויף דער פוילישער זייט און אַלס קאָנצעסיע האָבן זיי געמעגט אַריינשמוגלען קאָנטראַבאַנ־דע פון פוילן צוריק קיין רוסלאַנד) מיט וועלכע זי איז געווען געצוווּנגען שוואַרצן דעם גרענעץ, איז נאָכדעם ווי די פוילישע גרענעץ־וואַך האָט זיי באַפוילן בלייבן שטיין, זענען זיי זיך צולאָפן און איבערגעלאָזט די קראַנקע שוואַכע מוטער אויף גאָטס באַראָט אין אַ ברענענדיקן פראָסט אויף אַ וויסטן שליאַך מיט אַ גאַנצן פאַק קאָמוניסטישע ליטעראַטור אין שליטן לעבן דער מוטערס פיס.

די צוויי זעלנער מיט די געלאַדענע ביקסן צוקומענדיק צום שליטן און דערזעענדיק וואָס דאָרטן טוט זיך האָט איינער געוואָלט איר דערשיסן, אָבער דער צווייטער האָט זיך אָפגע־רופן: צו וואָס פטר׳ן קוילן אויף דער אַלטער „זשידאָווקע״ (בסך הכל איז די מוטער דאַן אַלט געווען בלויז 41 יאָר, אירע גרויע האָר און שוואַכער געזונט האָט איר געמאַכט אויסקוקן ווי אַ זקנה). און תוך כדי דיבור גענומען און אַרויסגעוואָרפן דער מוטער פון שליטן, איבערגעלאָזט איר אין דער וויסטער זאַווערוכע אין מיטן פעלד אין ברענענדיקן פראָסט, און אין דער שאַרפער קעלט, האָט זי איינגעדרעמלט.

דורכגעפאָרן איז אַ יידישע פאָר־פאַלק, האָבן זיי איר אַריינגענומען צו זיך אין שליטן אַ האַלב טויטע דערפראָרענע און געבראַכט איר צו זיך אין שטוב. אַ זכיה איז ביי זיי געווען צו האָבן ביי זיך דעם מענטשן וואָס האָט פאַר זיי אַזויפיל געטאָן בעת די פרוי איז געווען אַ היימלאָזע אין סלוצק.

אָט די פרוי האָט אַיינגעלייגט וועלטן ברענגען דער מוטער צו אירע כוחות.

איך מיט מיין שוועסטער זענען געבליבן אין סלוצק. אַזוי שנעל ווי די מוטער איז אַביסל געקומען צו זיך, האָט זי ווידער געלאָזט זיך אין וועג אַריין צוריק קיין סלוצק. זי איז אָנגעקומען אַן אָפּגעשוואַכטע, אָפּגעצערט און אויסגעמאַטערט.

אַ סדרה אָביסקעס, אָבלאַוועס און רעוויזיעס האָבן פאַר־וואַנדלט אונדזער הויז אין אַ מין הויפּט קוואַרטיר פון געהיים־אַגענטן, פּאָליציאַנטן און טשעקיסטן. ווער ווייס מיט וואָס דאָס וואָלט זיך געענדיקט ווען ניט אונדזער שכן, דער גוטער מלאך אין געשטאַלט פון דעם בריגאַדע קאָמאַנדיר חבר באלאשאוו פון דער רויטער אַרמיי. ער האָט ניט געקענט צוזען די שפיכת־דמים און יסורים פון דער מוטער ע״ה, איז ער אַוועק אין טשעקא און דערקלערט אַז עס מוז נעמען אַ סוף צו די אַלע פאַרפאָלגונגען, ווייל אויב עס וואָלט געווען אמת, אַז די מוטער האָט פאַרבינדונגען מיט דער פוילישער דעפענסיווע אין פאַרראַט דער סאָוועטן מאַכט וואָלט ער געווען דער ערשטער איבערצוגעבן איר צום טריבונאַל. צו לאַנג אין סלוצק האָבן מיר שוין סיי ווי סיי ניט געקענט בלייבן צוליב דער מוטערס שטענדיקער קראַנקהייט און דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע, אונדזער איינציקע ברויט געבערין אין יענער צייט איז געווען מיין ליבע שוועסטער זאָל לעבן, וואָס איר פאַרדינסט האָט קוים געקלעקט...

אין אַ קאַלטער ווינטערדיקער נאַכט האָבן מיר זיך אַרויסגעגנבהט מיט אַ פּאָר בידנע קלומיקלעך. די איינציקע מיט וועמען מיר האָבן זיך געזעגנט זענען געווען די טויטע אויפן בית עולם, לעבעדיקע האָבן ניט געטאָרט וויסן, אַז מיר פאַרלאָזן סלוצק און רוסלאַנד. נאָך גרויס מי און מאַטערנישן האָבן מיר זיך קוים דערשלאָגן קיין באַראַנאָוויטש. אַ אויס־געמאַטערטן, אָן כוחות האָבן מיר געפונען אונדזער פאָטער אין אַ פיטשינקן ענגן צימער, ניט קענענדיק געפינען קיין דאַך איבערן קאָפּ האָבן מיר זיך געלאָזט ווייטער, צו ערשט אין אָטוואָצק האָבן מיר געפונען אַ צוויי צימערדיקע דירה אויסגעמעבלירט מיט אַלטע האַלב צובראָכענע מעבל.

מיין ליבע שוועסטער מוטיע האָט איינגעזאַפּט אין זיך כלל־אַרבעט נאָך אַלס קינד. ביי אַלע מאַכטן, רעגירונגען און רעזשימען האָט זי זיך אויסגעצייכנט מיט שתדלנות און הילפס־אַרבעט. אינטערעסאַנט, אַז בעת אונדזער משפחה האָט זיך געפונען אין אָטוואָצק און דער פאָטער ז״ל, דער רב בן רבנים, האָט בשום אופן ניט געקענט קריגן די וויזע אַלס רב, איז מיין שוועסטער אַוועקגעגאַנגען און געהאָלפן אַ יידן וואָס איז אין זיין לעבן אַפילו נעבן אַ רב ניט געשטאַנען (ער איז געווען אַ טערפּענטין סוחר), פלוצלינג האָט ער באַשלאָסן פאָרן קיין אַמעריקע, זיך פאַרלאָזט אַ בערדל און אָנגעטאָן אַ קאַפּאָטע. מיין שוועסטער איז אַוועק און באַזאָרגט אים מיט אַלע פוילישע פאַפּירן פאַר אַ אַמעריקאַנער וויזע, וועלכע ער האָט געקראָגן פאַר זיך מיט דער משפחה.

לויט די השתדלותן פון לואי מאַרשאַל, אברהם לעסין און וויליאַם גרין האָט מיין פאָטער באַקומען די אַמעריקאַנער וויזע. זענען מיר הייסט עס געווען, פיר מענטשן אין דריי באַזונדערע לענדער. דער פאָטער אין אַמעריקע, די שוועסטער אין ארץ־ישראל און איך מיט דער מוטער אין פוילן.

סוף כל סוף בין איך מיט דער מוטער אין אַ קורצער צייט אַרום אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק, האָט זיך געדוכט אַז מ׳איז שוין געקומען אל המנוחה ואל הנחלה. מיד, קראַנק און דאָך צופרידן איז געווען די מוטער: אויס פחד, צוזאַמען מיטן טאַטן. אין שפּיטאָל פאַר אַ אָפּעראַציע האָט זי געזאָגט: קינדערלעך, פאַרלירט ניט די האָפענונג און האַלט זיך רואיק, נאָר האַלטן זיך רואיק! איר איז נאָך געווען באַשערט זיך מאַטערן עטלעכע וואָכן און נאָכער אויסגעהויכט איר ליכטיקע נשמה אין דער פרעמד. י״ח טבת תרפ״ט, תנצב״ה.

וואָס אונדזער פאָטער ע״ה האָט געדענקט און געטראַכט וועגן דער מוטער, האָט ער אויסגעדריקט אין דעם קורצן נוסח אויף איר מצבה:

„רבות בנות עשו חיל, ואת עלית על כולנה״.

# נחום קאנטאראוויטש ניו־יארק / זומער 1919 אין סלוצק

אָנפאַנג זומער 1919 האָב איך באַקומען אַ פאַראָרדענונג פון דער מאַכט אין מינסק אַרויסצופאָרן אַלס „געהילף פון פאָלקס־קאָנטראָליאָר" קיין סלוצק. געווען איז עס די צייט, ווען די אינטעליגענץ אין רוסלאַנד האָט ניט געוואָלט מיט־אַרבעטן מיט דער ניי־אַנטשטאַנענער ראַטן־מאַכט, האַלטנדיק אַז זי האָט פאַרכאַפּט די רעגירונג אין לאַנד אויף אַן אוזור־פּאַטאָרישן, אומלעגאַלן אופן, דורך אַ בלוטיקער איבערקע־רעניש, ביים צעטרייבן שפּעטער די „גרינדונגס־פאַרזאַמלונג" פון גאַנץ רוסלאַנד. וואָס איז אויסגעקליבן געוואָרן אויף אַ דעמאָקראַטישן אופן.

אין יענער צייט האָט די ראַטן־מאַכט מאָביליזירט, די נויטיקע פאַכמענטשן און אינטעליגענטן צווישן דער אומ־פריינדלעכער באַפעלקערונג; אַזוי אַרום איז עס אויך געקומען צו דעם, אַז אין מיין געבורטס־שטאָט, מינסק, איז אַרויס אַ פאַראָרדענונג צו אַלע מענטשן מיט העכער בילדונג, ווי אויך צו סטודענטן פון העכערע לערן־אַנשטאַלטן, צו מעלדן זיך צום דינסט צו דער ראַטן־מאַכט. איך, אַלס יונגער סטודענט פון מאָסקווער טעכנישער הויכשול, הגם כ׳האָב געהאַט הינטער זיך בלויז איין יאָר שטודיום אין ריגער פּאָליטעכנישן אינס־טיטוט, וואָס האָט בעת דעם 1־טן וועלט־קריג אָפּגעריכט גלות אין מאָסקווע, — בין איך באַשטימט געוואָרן צו אַרבעטן אין „פאָלקס־קאָנטראָל", אַלס „געהילף פון פאָלקס־קאָנטראָליאָר". די באַשטימונג אַהין איז געמאַכט געוואָרן, ווייזט אויס ניט בלויז צוליב מיין טעכנישער בילדונג, נאָר מסתמא, אויך צוליב דעם, וואָס דער „פאָלקס־קאָנטראָל", אַלס ניט־פּאָליטישער צווייג פון דער רעגירונג, האָט זיך געקענט דערלויבן אַזוי צו זאָגן, אַריינצונעמען באַאַמטע, וואָס זענען ניט געווען שווה־בשווה מיט דער מאַכט און וועלכע מ׳האָט געקענט חושד זיין אין אָפּאָזיציאָנעלע שטעלונג אָדער שטימונג לגבי די באָלשעוויקעס. דער גאַנצער „פאָלקס־קאָנטראָל" אין מינסק איז דאַן אויף וויפל איך געדענק — באַשטאַנען פון ניט־באָלשעוויסטישע באַאַמטע. דער איינציקער באָלשעוויק איז געווען דער סטאָליער־אַרבעטער, ח אָ ד אָ ש, — אַ ייד, וואָס האָט אגב, גאַנץ שוואַך גערעדט רוסיש און איז געווען, דוכט זיך, דער באָלשעוויסטישער קאָמיסאַר אין דעם אנשטאלט, און האָט עס געדאַרפט האָבן די אויפזיכט, איבער זיין כשרות פון רעגירונגס־שטאַנדפּונקט.

דער דאָזיקער חאָדאָש ווערט, אגב, דערמאָנט צום גוטן אין דעם גרויסן בוך איבער דער געשיכטע פון מינסק, וואָס עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער ווייסרוסישער וויסנ־שאַפטלעכער אַקאַדעמיע מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אין מינסק. דאָס דאָזיקע בוך דערמאָנט, אגב, ניט מיט קיין איין וואָרט וועגן יידן אין מינסק און וועגן דער געשיכטע פון דער אונטערגעגאַנגענער יידישער קהילה, וואָס די נאַציס האָבן דאָרט אומגעבראַכט. טאָמער ווערן יידן, ממש געציילטע אַ פּאָר מאָל דערמאָנט, איז עס נאָר ווען מען דאַרף דערציילן דעם לעזער, אַז דער יידישער „בונד" איז געווען קעגן דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש א. ד. גל. עס ווערט אַפילו ניט דערציילט, אַז אין מינסק איז געווען אַ יידישע אָפּטיילונג ביים ווייסרוסישן פּעדאַגאָגישן אינסטיטוט, אַז דאָרטן איז געווען אַ באָלשעוויסטישע צייטונג אין יידיש „דער אָקטיאַבער", יידישע־באָלשעוויסטישע פאַרלאַגן, פּובליקאַציעס. אַפילו אָט דאָס אַלץ, וואָס האָט דאַכט זיך געדאַרפט שטימען מיט דער באָלשעוויסטישער ליניע פון דעם בוך איבער מינסק, אויך אָט דאָס ווערט לגמרי פאַרשוויגן. יידן, ווייזט אויס, דאַרפן לויט דער נייער, כרושטשאָווישער ליניע לגבי זיי, לא יזכר ולא יפקד ווערן. פאַר חאָדאָשן איז אָבער דאָך געמאַכט גע־וואָרן אַן אויסנאַם, הגם עס איז ניט דערציילט געוואָרן אַז דאָס איז געווען אַן „עמך"־ייד, אַ פּשוטער ייד׳ישער סטאָליאַר, וואָס איז נאָך דערצו געווען אַביסל הינקענדיק ווי געזאָגט אין הינזיכט פון רוסיש.

די „קאָמאַנדיראָווקע" קיין סלוצק האָב איך אויפגענומען ניט אָן צופרידענקייט. איך האָב דאַן געהאַט די גרעסטע טראַ־געדיע אין מיין לעבן: כ׳האָב פאַרלוירן מיין מוטער, כ׳האָב אַלזאָ געוואָלט אַוועקפאָרן ערגעץ־ווו.

פאַרן געהאַלט פון „פאָלקס־קאָנטראָליאָר" האָט מען לח־לוטין ניט געקענט עקזיסטירן אין מינסק. דאַקעגן איז געווען באַקאַנט, אַז אין די קליינע שטעט איז די לאַגע מיט שפּייז פיל בעסער, עס איז ניט אַזאַ גרויסער יקרות, די רעגירונג רעקווירירט ניט אַזוי פיל און עס לעבט זיך דאָרטן בכלל לייכטער. אַ צווייטע און וויכטיקערע זאַך, וואָס האָט מיר געשמייכלט, איז געווען די פּערספּעקטיוו פון קאָנען אָנקניפּן אַ דירעקטע פאַרבינדונג מיט די צעירי ציון פון סלוצק. עס איז דאַן אָנגעגאַנגען אַ קאַמף צווישן די סאָציאַליסטישע און ניט־סאָציאַליסטישע עלעמענטן. געהערנדיק צו די ערשטע, האָב איך געהאָפט, אַז איך וועל קאָנען אויך אין סלוצק פאַרשטאַרקן דעם סאָציאַליסטישן פליגל אין „צעירי ציון" און מיטהעלפן דורך דעם, אַז אויף דער פאַרשטייענדער קאָנ־פערענץ פון די „צעירי ציון"־אָרגאַניזאַציעס פון ווייסרוס־לאַנד, וועט ענדלעך אָנגענומען ווערן אַ סאָציאַליסטישע פּראָגראַם פאַר „צעירי ציון".

קיין סלוצק בין איך אָנגעקומען סוף מאַי, צי אָנפאַנג יוני. מיט דער הילף פון די חברים פון „צעירי ציון", וואָס האָבן מיר אויפגענומען גאַנץ וואַרעם, האָב איך זיך איינגע־אָרדנט אין דער הויז פון דער חברה הארקאווי, וואָס האָט זיך געפונען אויפן עק פון איינער פון די צענטראַלע גאַסן אין שטאָט. דער פאָטער און די ברידער הארקאווי האָבן אָפּגעריכט גלות, אַלס היימלאָזע ערגעץ ווייט אין רוסלאַנד, דוכט זיך אין ראָסטאָוו אויפן דאָן. זייער באַשעפטיקונג איז געווען מאַכן קעזן. געוווינט האָט אין הויז מוסיא אַ טאָכטער פון דער הארקאווי פאַמיליע צוזאַמען מיט איר מאַן. די שטוב איז געווען דורכגעדרונגען אינגאַנצן מיט אַ צעירי־ציוניס־טישן גייסט. שפּעטער, שוין נאָכן רוסיש־פּוילישן קריג, האָב איך געהערט, אַז מוסיא הארקאווי האָט עולה געווען צוזאַמען מיט איר מאַן קיין ארץ ישראל (געשטאָרבן איז זי אין תל־אביב).

געקומען קיין סלוצק, האָב איך געדאַרפט זיך מעלדן צו „נאַטשאַלסטוואָ”. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דער גאַנצער נעבעכדיקער „פאָלקס־קאָנטראָל” אין שטאָט געפינט זיך אין אַ קליין הייזל און אַז דער אָנפירער פון דעם גאַנצן אנשטאַלט איז איינער אַ סאָלאָוויאָוו, אַ ייד פון באברויסק.

די אַרבעט אין דעם אנשטאַלט איז געווען אַ גאַנץ מאָגערע. סאָלאָוויאָוו האָט געהאַט אַ גרויסע געמבע און געהאַלטן אין איין דרשענען וועגן די מעלות און מידות טובות פון די באָלשעוויקעס און דעם נייעם רעזשים. קיין גרויס אינטעליגענץ האָט ער דערביי ניט אַרויסגעוויזן. מיט דער אַרבעט גופא האָט ער אָנגעפירט גאַנץ שלאַבעריק. עס איז בכלל אַ ספק געווען, צי ער ווייסט זיכער, אין וואָס זיינע אויפגאַבן באַשטייען. אָבער דאָך איז ער געווען פיל אינטעליגענטער פון מינסקער חאדאש, הגם דער לעצטער האָט אים אָן אַ מאָס איבערגעשטיגן אין זיין יידישער פאָלקסטימלעכקייט און אין גוטמוטיקייט. איך דערמאָן זיך ניט אַפילו, צי סאָלאָוויאָוו האָט גערעדט יידיש, בעת ביי חאדאשן איז דאָס געווען די איינציקע שפראַך, אויף וועלכער זיין פשוטער, פרימיטיווער, אָבער דאָך גוטמוטיקער שכל האָט געקענט קומען צום אויסדרוק. חאדאש האָט אויך ליב געהאַט צו וויצלען זיך און זאָגן אַמאָל אַ געפעפערט וואָרט אין זיין אַנשטאַלט אין מינסק און צו וועמען האָט ער געקענט אַדרעסירן זיינע וויצן, אויב ניט צו די פאָר יידן, וואָס זענען געזעסן אין „פאָלקס־קאָנטראָל”. עס דאַרף באַמערקט ווערן, אַז רוסן, פאָליאַקן און אַנדערע ניט־יידן האָבן, אַזוי צו זאָגן, מאַסנווייז, געשטראָמט אין „פאָלקס־קאָנטראָל”, כדי צו אַרבעטן אין אַ נייטראַלער, ניט־פאָליטישער אינסטיטוציע. אַ ייד האָט זיך, דעריבער, געפילט אַמאָל גאָר ניט גוט, דאָרטן, ווייל פון אַלע זייטן פלעגן אים באַגלייטן פיינטלעכע „גוישע” בליקן. מיר אַליין האָט עפּעס אַ „ווייסגוואַרדייער”, אַ געוועזענער צאַרישער פאָלקאָווניק דערגאַנגען די יאָרן, פרעגנדיק כסדר, וואָס איך טו אין „פאָלקס־קאָנטראָל”, ווען מיין פלאַץ, „אַלס ייד”, דאַרף זיין אין אַן אויסגעשפּראָכן באָלשעוויסטישער אינסטיטוציע. געווען איז עס אין יענע, שוין באַלד פאַרגעסענע צייטן, ווען די „ווייסע” קעגנער פון דעם ראַטן־רעזשים, האָבן געהאַלטן אין איין טענהן אַז ייד און באָלשעוויק איז „היינו הך”, און אַז די מאַכט אין לאַנד געהערט צו טראָצקין מיט נאָך אַ הייפל יידן. דער צאַרישער אָפיציר און אויך די פאָליאַקן אין „פאָלקס־קאָנטראָל” האָבן נאָר געוואַרט אויף דעם, אַז דער רעזשים אין מינסק זאָל פאַלן און דאַן וועלן זיי זיך ערשט צוכאַפּן צו דער מאַכט און זיך אויך זען אָפּרעכענען מיט די „יידן־באָלשעוויקעס”.

דאָס לעבן אין סלוצק איז אָנגעגאַנגען אין די געוויינלעכע, אויסגעטראָטענע וועגן. דער זומער איז געווען אַ שיינער. די סעדער האָבן געבליט מיט כלערליי פרוכטן; אַמבעסטן איז דוכט זיך, געווען די גערעטעניש אויף די קליינע „סאַפּאָזשאַנקעס”. עמיצער האָט מיר אַפילו אויפגעקלערט צווישן די סלוצקער תושבים, אַז דער מין „סאַפּאָזשאַנקעס” שטאַמט בכלל פון סלוצק, עס הייסט, אַז סלוצק קאָן זיך באַרימען ניט נאָר מיט די „סלוצקער פלאָדן”, — נאָר אויך מיט אָט די קליינינקע, האָניק־זיסע באַרן, וואָס צעגייען ממש אין מויל. דער עצם נאָמען זייערער זאָל אויך שטאַמען פון פוילישן גראַף סאַפּיעהא, וואָס האָט געהאַט נעבן סלוצק זיינע גרויסע גיטער, וווּ ער האָט עס דער ערשטער גענומען קולטיווירן אָט די האָניק־זיסע „סאַפּאָזשאַנקעס”, וועלכע האָבן זיך פון סלוצק שוין „אַריבערגעכאַפּט” און זיך פאַרשפרייט איבער דער גאַנצער מינסקער גובערניע.

כ׳דערמאָן זיך ניט אָבער, צי כ׳האָב זיך דאַן אין סלוצק פאַסמאַקעוועט מיט דעם צווייטן וויכטיקן פראָדוקט פון דער יידישער פראָדוקציע פון סלוצק, — די באַרימטע סלוצקער „פלאָדן”. ערשטנס איז מיר פשוט שווער געווען צו פאַרשטיין, וואָס עס באַדייט דער מאָדנער, משונהדיק קלינגענדער וואָרט „פלאָדן”? פון וואַנען שטאַמט ער און ווי אַזוי האָט ער זיך בכלל אַריינגעכאַפּט אין דער יידישער שפראַך, וואָס, אויף וויפל מיר שיינט, פאַרמאָגט זי גאָרניט קיין ענלעכעס וואָרט צו דעם. ביי אונדז אין מינסק וואָלט מען אָט די אויסטערלישע „פלאָדן” אָנגערופן פראָסט־פשוט — „אַ באַבקע מיט קעז”. אויב סלוצק האָט געגעבן דעם פלאָדן זיין אייגענעם און, ווי געזאָגט, גאַנץ מאָדנעם נאָמען, דאַרף זיין צו דעם אַ באַזונדער סיבה און טעם דערצו. איך בין געווען זייער ווייט פון חכמת הבעקעריי, כדי אויפצוכאַפּן און דעפינירן, אין וואָס דער טעם באַשטייט און, דער עיקר, מיט וואָס פאַר אַ ספּעציעלע באַק־מיטלען אָט דער דאָזיקער טעם איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן. עס איז געבליבן פאַר מיר אַ רעטעניש עד היום. אפשר וועלן אַנדערע, אמתע סלוצקער דאָס דערקלערן.

די „פלאָדן” זענען מיר אָבער בכלל באַלד אַרויס פון קאָפּ, ווייל דער יקרות האָט גענומען שטייגן אויך אין סלוצק. פראָדוקטן צום פשוטן לעבן זענען געוואָרן אַלץ טייערער און דאָס לעבן אויפן געהאַלט פון „פאָלקס־קאָנטראָליאָר” איז געווען זייער שווער. אָרטיקע איינוווינער האָבן זיך ווי עס איז געגעבן אַן עצה, אָבער פאַר מיר אַלס צוגעפאָרענעם, איז דאָס לעבן אַלץ שווערער געוואָרן. מיט דאַנקבאַרקייט דערמאָנט זיך יעצט, ווי עס האָבן מיר דערביי אַ ביסל געהאָלפן די מענטשן פון דער שטוב, וווּ איך האָב געוווינט און אייניקע חברים פון צעירי ציון און סתם פריינד, דערונטער אַ סטודענטין סינאגובקא, וואָס איז שפּעטער געוואָרן אַ דאָקטאָר אין כאַרקאָוו. די „צעירי ציון” אין סלוצק האָבן געהאַט אַ קאָמיטעט בראש מיט פ. מעלצער, יינגערן זון פון רב, טשיפּטשין, אַלטמאַן און נאָך אייניקע. די דיסקוסיעס זענען מערסטנס אָנגעגאַנגען איבער דעם קינפטיקן פראָגראַם פון „צעירי ציון”, אַלס סאָציאַליסטיש־ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. צווישן די סלוצקער „צעירי ציון” זענען די אונטערשיידן ניט געווען אַזוי שאַרף אויסקריסטאַליזירט, ווי, לאָמיר זאָגן, אין מינסק, וווּ די שאַרפע דיסקוסיעס פלעגן אָפּט פירן צו אַ דערווייטערונג און אַפילו פאַרפרעמדונג פון די יאָ־און ניט־סאָציאַליסטן. די אַלגעמיינע שטימונג צווישן די סלוצקער איז געווען אַ פראָ־סאָציאַליסטישע. דער שרייבער פון די שורות איז, אגב, דאַן געווען אַן אָנהענגער פון פאָלקסטימלעכן, „נאַראָדניקעס”־סאָציאַליזם, אין אונטערשייד פון מאַרקסיסטישן, קלאַסן־קעמפערישן סאָציאַליזם, וואָס האָט

דאַן באַהערשט די רוסישע „פּועלי ציון" און האָט פיל פון זיי פאַרטריבן ווייט פון ציוניזם.

לאַנג איז אָבער אונדז ניט באַשערט געווען צו פירן די דיסקוסיעס אין „צעירי ציון". פאַרזאַמלונגען האָט מען געהאַט איין מאָל אַ וואָך, צי נאָך זעלטענער, — בפרט ווען עס זענען אָנגעקומען די היצן. דערווייל האָט זיך אויף די שטי־מונג אין שטאָט, וואָס איז געווען בכלל אַ רואיקע, גענומען אויף ענדערן צום שלעכטן. פון דער אָרטיקער באַלשעוויס־טישער פּרעסע האָט מען ניט געקענט דערגיין, וואָס עס הערט זיך אין דער ברייטער וועלט און אַפילו אין שכנות־דיקן פּוילן, ווו די רעגירונג פון פּילסודסקין האָט זיך געש־טעלט אַלס ציל אויפצושטעלן אַ פּוילן פון „ים צו ים", דאָס הייסט אין אירע היסטאָרישע גרענעצן און אָפּרייסן צו דעם צוועק די, אַזוי גערופענע „מזרח קרעסן", ווייסרוסלאַנד און אַ טייל פון אוקראַינע.

## מיט די פּאָליאַקן

נעענטער צום חודש אב האָט זיך אָנגעפאַנגען טומלען אין שטאָט. ס׳זענען אָנגעקומען פּליטים פון מערב, פון געביטן וואָס די פּוילישע „לעגיאָנערן" האָבן שוין פאַרנומען. מ׳האָט אָבער מורא געהאַט אַרויפברענגען עפּעס אויף די ליפּן. פּלוצים, גאָר נאָענט צו תשעה־באב, איז אין שטאָט געוואָרן אַ מהומה. מ׳איז דערגאַנגען אַז די מאַכט־אינסטיטוציעס האָבן זיך אָנגעהויבן עוואַקואירן. פון מיין סאָלאָוויאָוון האָב איך גאָרנישט געקענט דערגיין. באַמערקט האָב איך אָבער, אַז די פּאָסט פונקציאָנירט ניט רעגולער, און איין מאָל קו־מענדיק קויפן מאַרקעס, האָב איך דאָרטן בכלל קיינעם ניט אָנגעטראָפן, הגם בריוו צום אָפּשיקן זענען געווען צעלייגט אויפן טיש.

כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז מ׳דאַרף זיך אָפּטראָגן צוריק אַ היים מיט מיין „קאַרזינע". כ׳האָב זיך געלאָזן צום באַן, האָפנדיק צו דערגרייכן ביז אָסיפּאָוויטש, ווו מ׳האָט געדאַרפט פאָרן מיטן באַן קיין מינסק.

כ׳בין אָבער ביז אָסיפּאָוויטש ניט דערפאָרן, ווייל עס איז געוואָרן באַקאַנט, אַז די באַנען פון דאָרטן גייען ניט קיין מינסק ווייל ס׳איז שוין פאַרנומען דורך די פּאָליאַקן. בין איך אַלזאָ געפאָרן צוריק. פון יענער צייט איז געבליבן אין מיין זיכרון זייער אַ שטאַרקע איבערלעבעניש.

געווען איז עס אויף דער באַן־סטאַנציע פון סלוצק, דאָרטן האָט זיך צונויפגעזאַמלט גאָר אַ גרויסער עולם, אַנטלאָפענע פון שטאָט, וואָס האָבן געוואָרט אַז מען זאָל „דערלאַנגען" די באַן קיין אָסיפּאָוויטש. דערווייל איז אָנגעפאָרן אַן אָפּטיי־לונג קאָזאַקן, צי סתם קאַוואַליעריע, וואָס האָבן צוגעבונדן זייערע פערד צו די ביימער און אַליין געלאָזן זיך צו דער סטאַנציע־געביידע. פּלוצים האָט זיך אין דערבייאיקן וועלדל דערהערט אַ שיסעריי, דער אָנגעשראָקענער עולם האָט געמיינט, אַז דאָס שיסן אָנקומענדע פּאָליאַקן. עס איז, אַלזאָ, אַנטשטאַנען אַן אומבאַשרייבלעכע מהומה. דער עולם־יידן און גוים, האָבן זיך געלאָזן לויפן מיטן שאָסיי צוריק קיין סלוצק. געלאָפן איז מען אויף פּייערשע וועגעלעך, געשפּאַנטע מיט פערד און אויך צופוס. דער וואָרט „פּאָליאַק" איז דאַן געווען ווי אַ „סטראַשידלע" און עס איז ניט קיין ווונדער, וואָס עס איז אַנטשטאַנען אַזאַ בהלה און אַ משונהדיקער געלויף. דערווייל האָבן זיך אויך די פערד, וואָס זענען געווען צוגעבונדן צו די ביימער, אָפּגעריסן פון זייער צוים און זיך געלאָזן אין אַ סטיכישן „גאַלאָפּ" איבער דעם הילצערנעם „נאסטיל" נעבן דער סטאַנציע־געביידע.

די מהומה איז געוואָרן אומבאַשרייבלעך. קינד־און־קייט האָבן זיך געלאָזן לויפן מיטן שאָסיי, וואָס איז, ווי די אויג האָט געקאָנט דערגרייכן, געווען איבערפילט מיטן צעטראָגע־נעם און שרייענדן המון.

איך האָב זיך ניט געלאָזט מיטרייסן מיטן לויפנדן שטראָם, ווייל איך האָב געזען, אַז די שיסעריי אין וואַלד, וואָס האָט אַרויסגערופן די גאַנצע מהומה, איז באַלד אַנטשוויגן גע־וואָרן. פון דער אַנדער זייט האָב איך פאַרשטאַנען אַז איך האָב ניט וואָס צו לויפן צוריק קיין סלוצק, ווען איך דאַרף גאָר פאָרן אין אַ קעגנגעזעצטער ריכטונג.

פּלוצעם האָב איך זיך דערזען לויפנדיק מיט מיין קאַרזינקע אין האַנט, צוזאַמען מיטן המון. עפּעס אַ ווילדע קראַפט האָט מיר אויפגעהויבן פון פּלאַץ, און האָט צונישט געמאַכט מיין גאַנצע רואיקייט, און האָט מיך אַ ריס געטאָן צום לויפנדן עולם, משוגענערווייז צוריק קיין סלוצק. עס האָט געדויערט ניט מער פון אַ סעקונדע, ווי איך בין עס מיטגעריסן געוואָרן מיט דער מענטשלעכער לאַווע וואָס האָט זיך געטראָגן ווי פון אַ הייסן ווולקאַן איבער דעם שאָסיי קיין סלוצק.

איך בין, אַלזאָ, צוריקגעקומען קיין סלוצק און זיך געלאָזן וואַרטן, צוזאַמען מיט דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג, אויפן אָנקומען פון די פּאָליאַקן.

אַ פּאָר יאָר נאָך דעם, ווען כ׳בין געווען אַ סטודענט אין דער „פרייער פּוילישער אוניווערזיטעט" אין וואַרשע, האָב איך אויף אַ סעמינאַר פון סאָציאָלאָגן, ביים באַקאַנטן פּוילישן סאָציאָלאָג לודוויק קשיוויצקי, געבראַכט דעם פאַל מיט דער אומבאַשרייבלעכער מהומה ביי דער דערמאָנטער אייזנבאַן־סטאַנציע, וואָס האָט מיט איר סטיכישער סטאַדע־קראַפט איבערגעשוועקט מיין גאַנצע אינדיווידועלע שטעלונג בעת דער מהומה, מיט איר לאָגיק און ניכטערקייט — אַלס באַווייז פון דער „סטאַדע־געפיל" אין דער סאָציאָלאָגיע, אַלס איבער־בלייבעניש פון יענע אור־אַלטע צייטן, ווען מענטשן האָבן געלעבט און אַרומגעוואַנדערט אין סטאַדעס.

פון די אַלע ביישפּילן פון „סטאַדע־געפיל", וואָס זענען געבראַכט געוואָרן פאַר פּראָפ. ל. קשיוויצקי, האָט מיין פאַל געמאַכט אויף אים דעם גרעסטן און איבערצייגנדן איינדרוק.

דער אַריינמאַרש פון די פּאָליאַקן אין סלוצק איז באַ־גלייט געוואָרן מיט אַ פּאָגראָם און רויבערייען. אין שטאָט האָט געהערשט אַן אימה. גערויבט האָבן סיי די אָנגעקומענע פּוילישע לעגיאָנערן, סיי די אָרטיקע פּאָליאַקן און אויך ווייסרוסן, וואָס האָבן דערזען פאַר זיך אַ שעת הכושר פאַר זייערע באַנדיטישע אינסטינקטן.

ווען עס האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט, האָבן די יידן דאָך מורא געהאַט באַווייזן זיך אין די גאַסן און ביינאַכט איז מען סתם געזעסן אָפּגעשלאָסן אין די הייזער.

די באַנדעס האָבן זיך אָבער געלאָזן ווילגיין דווקא ביי־נאַכט. און וואָס האָבן די אומבאַהאָלפענע, שוצלאָזע יידן געקענט טאָן קעגן די נאַכט־רויבער און שאַקאַלן? איז מען „געפאַלן אויפן שכל". ווי נאָר אַ באַנדע פלעגט באַפאַלן אַ הויז, צי אַ הויף, וווּ עס האָבן געוווינט יידן, פלעגט זיך דאָרט אָנהייבן אַ געוואַי פון די איינוווינער. דער געוואַי פלעגט זיך ביסלעכווייז אַריבערטראָגן אין די שכנותדיקע הייזער און אָט וואָיעט שוין אַ גאַנצע גאַס, נאָך אַ גאַס, אַ דריטע גאַס, אַ גאַנצער קוואַרטאַל יאָמערט ממש צו די הימלען וועגן הילף.

דער אימהדיקער איינדרוק פון אָט דעם יאָמערן און וואָיען פלעגט, ווייזט אויס, פאַרטרייבן די אָנפאַלער און אַזוי אַרום אָפּראַטעווען די יידן פון טויט. מ'האָט דערציילט אַז ווען אַ דעלעגאַציע פון דער יידישער קהילה האָט אינטערווע־נירט ביי דער פוילישער מאַכט קעגן די אָנפאַלן און רויבע־רייען, האָט איר פאָרשטייער זיך געמוזט מודה זיין, אַז ער איז אומבאַהאָלפן אין קאַמף קעגן דעם „סאָלדאַטסטוואָ„, וואָס בושעוועט איבער דער שטאָט. דער יאָמער און דער נאַכט־וואָי פון די באַפאַלענע יידישע הייזער און גאַסן האָט באַוויזן אויפצוטאָן דאָס, וואָס די פוילישע קאָמאַנדע האָט ניט געקענט דערגרייכן.

אינטערעסאַנט איז, אַז מיט אַ יאָר שפּעטער, ווען איך בין געווען אין ענלעכע באַדינגונגען אין ווילנע, האָט דאָרטן ווידער געקלונגען דער ביינאַכטיקער יאָמער און געוואָי פון די באַפאַלענע יידישע הייזער און הויפן, אַלס מיטל אָנצושרעקן און צו פאַרטרייבן, ווידער אַ מאָל, פוילישע אָנפאַלער. ווילנע איז דאַן פאַרנומען געוואָרן דורך געג. זשעליגאָווסקיס לעגיאָ־נערן, און ווידער איז געקומען צו פּאָגראָמען, רויב־אָנפאַלן, מאָרדן פון דער שוצלאָזער יידישער באַפעלקערונג. און ווידער אַמאָל האָט דאָס יאָמערן פון דער אומבאַהאָלפענער יידישער „סטאַדע" געדאַרפט זי אַרויסהעלפן.

פון יענע צייטן דערמאָן איך זיך אויך, ווי אַ צעבושעּ־וועטע גרופּע פוילישע זעלנער האָט זיך אַמאָל אַריינגעריסן דורך דער קיך אין דער הויז פון די האַרקאַוויס. מיר זענען, צום גליק, אָפּגעקומען בלויז מיט שרעק.

אייניקע וואָכן שפּעטער בין איך דערגאַנגען, אַז אַ פור פאָרט קיין האַראַדעי. איך האָב אויסגענוצט די געלעגנהייט און זיך געלאָזן אין וועג, כדי צו דערגרייכן קיין מינסק.

געפאָרן זענען מיר אַ גאַנצן טאָג. דער טאָג איז געווען אויסערגעוויינלעך שיין. אָנפאַנג הערבסט, אָבער מיר זענען איבערראַשט געווען פון דער פוסטקייט, וואָס עס האָט גע־הערשט איבער אַלע וועגן. דער עולם האָט ניט געוואַגט צו לאָזן זיך אין וועג. אין איין פונקט האָט אונדז פאַרהאַלטן אַ פוילישער קאָנוואָי. מ'האָט גענישטערט ביי מיר אין קוישל. אַ נס, וואָס כ'האָב באַוויזן פריער אַראָפּרייסן די רויטע טאָוולען פון דעם באַריכט איבערן צוזאַמענפאָר פון די סאָ־ציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן אין העלסינגפאָרס, פון וואַנען מיר האָבן געוואָלט שעפּן מאַטעריאַל פאַר אונדזער אַלגעמיינע, גייסטיקע און אידעאָלאָגישע זוכענישן. היות כ'האָב נאָך געהאַט אויף זיך מיין סטודענטן טוזשורקע פון גראַנאַט־שטאָף מיט די גלאַנציקע קנעפּ, האָט דער יונגער פירער פון דער גרופּע געפרעגט ביי מיר, וווּהין איך פאָר, און געראַטן מיר צו פאָרן שטודירן קיין וואַרשע.

שפּעט אין אָוונט זענען מיר אָנגעקומען קיין טימקאָוויטש, ווידער האָט איבערראַשט די טויטע שטילקייט אין שטעטל. באַלד איז אָנגעקומען אַ ייד, וואָס האָט אונדז אַוועקגעפירט צום רב. דאָרטן האָבן מיר געפונען אַ הייפל צעשראָקענע יידן, וואָס האָבן זיך אַ ביסל געמונטערט מיט אונדזער דערציילונג, ווי אַזוי מיר זענען געפאָרן אַ גאַנצן טאָג פון סלוצק און עס איז אונדז גאָרנישט געשען.

פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען קיין ניעסוויזש. דאָרט האָב איך אויפגעזוכט אַ חבר פון „צעירי ציון" מיטן נאָמען ליטווין און מיר זענען אָפּגעפאָרן צו דער אייזנבאַן־סטאַנציע קיין מינסק. אויף דער באַן האָב איך שוין געטראָפן נייע און ניט דערשראָקענע פוילישע יידן, וואָס האָבן געפירט סחורות פון וואַרשע. זיי האָבן געגעסן ווייסע ברויט, באַשמירנדיק עס דיק מיט פּוטער, וואָס עס איז געווען פאַר מיר אַ גרויס וווּנדער. אין מינסק האָבן מיך מיינע פריינד אויפגענומען מיט אויסגעשטרעקטע אָרעמס.

# חסידות אין סלוצק

הסידות אין סלוצק לויט דובנאָווס בוך „די געשיכטע פון חסידות״.
אַ מעשה פון סלוצק פון ספר „קהל חסידים״.
דער מגיד ר׳ ישראל לייב און זיין קאַמף קעגן חסידות.
ר׳ זלמנ׳ס תשובות אויף די פראַגן פון ר׳ אביגדור.
דער אָנפאַנג פון חסידות אין סלוצק אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

### חסידים אין סלוצק

אין סלוצק האָבן געוווינט צוויי רייכע ברידער, וועלכע זענען געקומען פון גאַליציע און האָבן געהאַלטן אין אַרענדע אַלע „אימעניעס״ פון דעם פוילישן פירשט ראַדזיוויל. די דאָזיקע הויפּט פּאַכטערס, זענען געווען באַקאַנט לויט שלמה מיימאָן מיטן פוילישן נאָמען „דיערזשאַווצ׳י״; זיי האָבן גע־וועלטיקט אויף מאַסן דאָרפישע יידן, וועלכע האָבן ביי זיי געדונגען שענקען, קרעטשמעס אאז״וו.

די תקיפים־ברידער פלעגן אַכטונג געבן, אַז די אַרענדאַרן זאָלן זיך ניט פוילן און פון צייט צו צייט געהעכערט דעם אָפּצאָל ניט קוקנדיק אויף זייערע טענות, דאָס זיי זענען פאַראָרעמט. „טיראַנען״ האָבן זיי אָנגערופן זייערע אונטער־דריקטע.

אַ חסידישע לעגענדע דערציילט: איינמאָל האָט די פרוי פון איינעם פון די רייכע ברידער איינגעלאַדן איר לאַנדס־מאַן — דעם בעל־שם־טוב צום חנוכת הבית פון אַ גרויס־אַרטיקן מויער, וואָס איר מאַן האָט אויפגעבויט אין סלוצק. דער צדיק האָט דאָרטן פאַרבראַכט 3 וואָכן, אָבער ער האָט געפילט, אַז אין דער ליטווישער סביבה קוקט מען אויף אים מיט פאַראַכט און מ׳גלויבט ניט אין זיינע „מופתים״. ביים געזעגענען זיך האָט די חסידישע פרוי געפרעגט: ווי לאַנג וועט אויפהאַלטן און דויערן די הצלחה פון זייער משפחה. דער ענטפער איז געווען: 22 יאָר. די נבואה איז מקויים געוואָרן: אין 22 יאָר אַרום איז דעם פירשטס צאָרן אַזוי גרויס געווען אויף די צוויי רייכע ברידער, דאָס ער האָט זיי אַריינגעזעצט אין תפיסה.

(פראַגמענט איבערזעצט פון דובנאָוון — צו דער געשיכטע פון חסידות).

### דער בעש״ט אין סלוצק

עס איז געווען אַ סוחר ר׳ שמואל סלוצקער, ער פלעגט תמיד אַרומפאָרן אין פוילן. ער איז געווען אין מעזבוז און האָט דאָרט דערקענט דעם בעש״ט, אַז ער איז אַ קדוש עליון, פלעגט ער שוין פון דעמאָלסט אָן אָפּטרעטן ביי דעם בעש״ט און איז געוואָרן אַ מקורב. אַז ער איז געקומען אַהיים און האָט דערציילט וועגן די גרויסקייט פון דעם בעש״ט האָט אים זיין ווייב געבעטן ער זאָל אים אַראָפּברענגען קיין סלוצק. ער האָט אַזוי געטאָן. ער האָט געבעטן דעם בעש״ט ער זאָל פאָרן נאָך סלוצק און האָט געשיקט נאָך אים אַ פור, אָבער ר׳ שמואל אַליין האָט דעמאָלסט קיין צייט ניט געהאַט צו פאָרן אַהיים, ער האָט באַדאַרפט זיין אין קיעוו. ווי דער בעש״ט איז געקומען קיין סלוצק, האָט ער תיכף געהייסן, אַז דער שוחט זאָל ברענגען דעם חלף, ער וויל אים זען, צי ער איז כשר.

די נגידה טויבעלע, ר׳ שמואל׳ס ווייב, ביי ווען דער בעש״ט איז איינגעשטאַנען, האָט געהייסן תיכף ברענגען דעם חלף און דער בעש״ט האָט אים געזען און ער איז אים געפעלן. דעם שוחט האָט פאַרדראָסן אויף דעם בעש״ט וואָס ער קוקט אים נאָך, האָט ער זיך מיישב געווען: ער וועט אָפּטון אַ שפיצל, וועט ער זען צי דער בעש״ט פאַרשטייט צי ניט. דער שוחט האָט גענומען דעם חלף וואָס ער האָט אים געשטעלט און האָט מיטגעפירט מיט זיך צוויי עדות און איז געגאַנגען ווייזן דעם בעש״ט דעם חלף. דער בעש״ט האָט געזען דעם חלף און האָט גאָרניט געזאָגט.

נאָכדעם ווי זיי זענען אַרויסגעגאַנגען פון דעם בעש״ט, האָט גענומען דער שוחט און האָט געגעבן אַ קלאַפּ דעם חלף אויף די העקעלעך פון זיין ז׳ופּעצע. די עדות האָבן דאָס ניט געזען, ער האָט זיי אָבער גערופן זיי זאָלן גיין מיט אים זען ווי ער וועט קוילען און ער האָט אַזוי געקוילעט מיט דעם טרייפהנעם חלף. נאָכדעם האָט ער גערופן די עדות, זיי זאָלן זען ווי ער בדקנט און די בהמה איז געווען אַ גלאַטע כשרה. ווי עס איז געקומען פרייטיק צונאַכטס איז צונויפגע־קומען דער גאַנצער עולם צו דעם בעש״ט צום טיש. דער שוחט איז אויך געווען. מען האָט געגעסן דגים, נאָכדעם האָט מען געגעבן די יויך. דער בעש״ט האָט גענומען אַ ביסל אין לעפל און האָט אַ שמעק געטאָן און זאָגנדיק אַז עס שמעקט מיט נבלה און האָט אַוועקגעשטעלט די יויך. זיי האָבן גאַנץ שבת ניט פאַרזוכט קיין פלייש. דעם עולם האָט דאָס זייער פאַרדראָסן, זיי זאָגן, דעם דריטן שבת איז ער דאָ, האָט ער געגעסן צוויי שבתים און היינט זאָגט ער אַז עס איז אַ נבלה — נישט טריפה, איז דאָך עפּעס אין דער שחיטה אַ פסול

אָדער דער חלף איז ניט גוט. דערצו האָט דאָך דער שוחט געוויזן עדות, אַז דער חלף איז געווען גוט, בקיצור עס איז געווען אַ רעש, און עס איז געבליבן ביי זיי אַז זיי זאָלן אים אָנטאָן אַ בזיון. זיי האָבן אָבער מורא געהאַט פאַר דער נגידה. זענען זיי געגאַנגען צו דער דוכסה און האָבן זי געבעטן זי זאָל זיי געבן תקיפות, וואָרעם די דוכסה איז דאַמאָלסט געווען צוקריגט מיט דער טויבעלע. נאָר זיי האָבן ניט גע־וואָלט מחלל שבת זיין, האָבן זיי געבעטן אַז מען זאָל אים היטן ביז זונטיק אין דער פרי. די דוכסה האָט אַזוי געטאָן און האָט געשיקט אויפהענגען אַ שלאָס אויפן טויער ווו דער בעש"ט איז געשטאַנען און ביי אַלע טירן האָט זי געשטעלט שומרים. זיי האָבן אים געהיט אַ גאַנצן שבת, זיי האָבן ניט געלאָזט קיינעם אַרויסגיין. ווי עס איז געקומען נאָך הבדלה, האָט דער בעש"ט געהייסן איינשפּאַנען די פערד און האָט זיך אויפגעזעצט און האָט געהייסן דעם משרת פאָרן. ווי זיי זענען געקומען צו דעם טויער, האָט זיך אויפגעהויבן דער גאַנצער טויער מיט די סלופּעס און זענען אַרויסגעפאָרן, און די שומרים וואָס זענען געשטאַנען, האָבן ניט געהערט און ניט געזען. און דער בעש"ט איז פון דאָרט געפאָרן מיט קפיצות הדרך און איז געקומען אויף מאָרגן אַהיים. ער האָט געזאָגט צו ר' לייב דעם פּולנאיר מוכיח, ער זאָל פאָרן קיין סלוצק און זאָל דאָרטן פאַרענטפערן דעם בעש"ט. ער האָט ניט געזאָגט וואָס עס איז געווען, נאָר ער האָט אים געהייסן פאָרן אַהין און פאַרענטפערן אים, עס זאָל דעם עולם גאָרניט קשה זיין אויף אים. דער ר' לייב איז געקומען קיין סלוצק און האָט געזאָגט אַז ער איז אַ גרויסער בעל דרשן און האָט געזאָגט איין פיינע דרשה. עס איז דעם עולם זייער געפעלן, זיי האָבן אים געגעבן דרייסיק רענדלעך. בקיצור ער איז דאָרטן געשטאַנען דריי שבתים, אַלע שבת האָט ער געזאָגט אַ אַנדערע דרשה. דער עולם האָט גאָרניט געקענט אָפּלויבן זיינע דרשות.

עס איז אָבער געקומען דער פערטער שבת, הייסט ר' לייב קלאַפּן אין שול, מען זאָל צונויפקלייבן דעם גאַנצן עולם, איינער זאָל ניט איבערבלייבן. מען האָט באַלד אַזוי געטאָן, עס איז צונויפגעקומען דער גאַנצער עולם. הייבט ר' לייב אויף די אויגן און זאָגט ווו איז דער שוחט פון שטאָט, פאַר־וואָס איז ער ניט געקומען הערן מיין דרשה. ער הייסט שיקן נאָך אים און וויל ניט זאָגן ביז וואַנען ער וועט קומען. די שמשים גייען נאָך אים. קומענדיק צו זיין שטוב, זעען זיי אַז עס זענען פאַרמאַכט טיר און פענצטער. זיי קלאַפּן אָן, קיין ענטפער נישטאָ. קומען זיי צוריק אין שול און דערציילן, זאָגט ר' לייב מען זאָל נעמען ער"ג זיי זאָלן צוברעכן די טיר, מען זאָל זען וואָס דאָרט טוט זיך. ער זאָגט אָן די שמשים אַז זיי זאָלן גוט קוקן וואָס ער טוט. זיי האָבן אַזוי געטון. זיי האָבן אים געטראָפן ליגן מיט זיין טאָכטער, זיי האָבן אים אָפּגעטראָגן אין שול אַריין און האָבן דערציילט ביי וואָס זיי האָבן אים געטראָפן. די שטאָט־לייט האָבן זיך שטאַרק געוווּנדערט, זיי האָבן אים ניט געהאַלטן פאַר אַזאַ רשע.

ר' לייב האָט אָנגעהויבן צו שרייען: רשע, זיי מודה וואָס האָסטו געטאָן בעת דער בעש"ט איז דאָ געווען. האָט ער אויך געמוזט מודה זיין, אַז ער האָט דעם חלף אָנגעקלאַפּט אין זיינע העקעלעך, איז שוין טאָקע געווען דאָס פלייש נבלה. אַלע האָבן שוין טאָקע געוווּסט, אַז דער בעש"ט האָט אמת געזאָגט און דער ר' לייב האָט געזאָגט, אַז דער שוחט איז ניט געווען אַזוי אַ רשע, נאָר ווייל ער האָט געטון די עבירה האָט עס אים שוין געשלעפּט צו דער אַנדערער עבירה, אַזוי ווי אונדזערע חכמים זאָגן „עבירה גוררת עבירה". דער זכות פון צדיקים זאָל מגין זיין, מיר זאָלן אָפּגעהיט ווערן פון עבירות, מיר זאָלן זוכה זיין צו זען בנחמת ציון, אמן!

(„קהל חסידים").

## דער מגיד ר' ישראל לייב און זיין קאַמף קעגן חסידות

צווישן 18טן און 19טן יאָרהונדערט האָט דורכגערייזט ליטע, רייסן, פוילן, גאַליציע, דייטשלאַנד דער מתנגדישער מטיף ישראל לייב. ער האָט געשטורעמט די ברויזנדע געמי־טער מיט זיינע דרשות און ספרים.

ר' ישראל בר' יהודה לייב איז געווען, ווי ס'ווייזט אויס אַ סלוצקער. (זיין מיטקעמפער פון די מתנגדים דער מחבר פון ספר „זמיר עריצים" (תקנ"ח) רופט אים אָן מיטן נאָמען „ר' ישראל מסלוצק"). ביזן יאָר (תקמ"ז) האָט ער פאַרנומען אַ אָרט אַלס מגיד אין מאָהילעוו־רייסן, נאָכהער אַלס דיין און מגיד אין נאָוואַרידאָק.

זיין קעגנערשאַפט צו חסידים איז געווען מוראדיק, זעענ־דיק ווי גרויס עס איז די השפעה פון ר' זלמן, צו וועמען ס'האָט געשטראָמט און געצויגן די יוגנט קיין לוזנא.

ער האָט זיך ניט אָפּגעהאַלטן און געפאָרן צו ר' זלמנען זיך מתווכח זיין; זאָגנדיק, דאָס ער געפינט אַז חסידות שאַדט דאָס יידנטום און די עיקרים פון מוסר בכלל. לויט זיין מיינונג וועלן די טובי אומות העולם אָנערקענען און מכיר טובה זיין די רבנים, וועלכע אַנטדעקן דעם קלקול אין דער מינדערהייט פון דער אומה לטובת די אויסבעסערונג פון דער גאַנצער אומה. ווען ער האָט אָנגעהויבן אויפוויזן, אַז די חסידים יאָגן זיך נאָך תענוגים, זענען געלט־ליבהאָבער, זיי פאַרשפּרייטן אָבערגלויבנס. דערהערנדיק דאָס, האָט אים ר' זלמן משלח געווען מיט כעס.

דעמאָלסט האָט ישראל לייב אָנגעשריבן אַ „ספר וויכוח" קעגן חסידות און געפאָרן קיין וואַרשע דרוקן עס. דאָס איז געווען אין יאָר תקנ"ז, נאָכדעם ווי דער ווילנער גאון איז אַרויס מיט זיין באַוווּסטן אויפרוף קעגן דער כת (חסידים) צו אַלע קהילות אין יעדער גובערניע. דעם גאונס שליח, ר' סעדיה, וועלכער איז געווען דער וואָרט־זאָגער פון די מתנגדים, האָט דערלויבט דעם ליטווישן מגיד דרשהנען אומעטום קעגן דער גרופּע און געשריבן אַ הסכמה צום דרוקן דעם ספר (סיון תקנ"ז).

אין חודש אָב איז ישראל לייב דורכגעפאָרן סלוצק און באַקומען אַ הסכמה פון די פּרנסי הקהילה.

דער „ספר הוויכוח" איז דערשינען בערך אין כסלו תקנ"ח — דעצעמבער 1797. ער האָט אַרויסגעגעבן אויך אַ בראָשור „תאוות צדיקים", ישראל לייבל, וואַרשע תקנ"ח.

די חסידים האָבן אויסגעקויפט די עקזעמפּליאַרן פון ספר, אויסגעראַמט זיי, ביז עס איז כמעט קיין איבערבלייבניש ניט

געבליבן פון ספר, חוץ געציילטע עקזעמפּליאַרן. פאַנאַטיקער האָבן אָפּגעוואָרט דעם מגיד ישראל לייב, געשלאָגן, געזידלט אים אויף די גאַסן פון וואַרשע און אין די איבעריקע שטעט, ווו ער האָט זיך אויפגעהאַלטן. זיין מיטקעמפער אין ספר „זמיר עריצים" זאָגט עדות: „ס'האָט זיך אויפגעוועקט דער ווונדער־באַרער הרבני ר' ישראל מסלוצק אין זיין וויכוח ספר, ער נעמט זיך אָן קנאת ד' צבאות, און האָט זיך איבערגעגעבן להריגה דורך די פאַרפלוכטע חסידים, וועלכע פאַרגיסן זיין בלוט ווי וואַסער — — — געוואָרפן אויף אים שטיינער, צע־ריסן זיינע ספרים, געטראָטן אים ווי ליים אויף די גאַסן, און אָנגערופן אים מיטן נאָמען „מגיד פתי".

*

ניט ווילנדיק האָט זיך די רוסישע רעגירונג אַריינ־געמישט אין דאָזיקן רעליגיעזן קריג צווישן די חסידים און מתנגדים אין 1800—1801.

פון ר' זלמנס תשובות אויף די פראַגן פון ר' אביגדור האָבן זיך אויפגעהיט אין די רעגירונגס־שריפטן נאָר צווי, אויף דער 18טער און 19טער פראַגע וועלכע לויטן: „די אנשי ק"ק סלוצק זענען אונדזערע שונאים, זיי האָבן אָנגע־מאַכט גרויסע רדיפות אויף די ליאַכאָוויטשער חסידים, ווען דער ענין איז באַוווּסט און אויף דעם איז אַרויס אַ פּסק דין פון מינסקער פראַוולעניע".

(ס'איז דאָ אַ רמז אויף די רדיפות פון די סלוצקער מתנג־דים קעגן אַ גרופּע חסידים, אין וועמענס שפּיץ עס איז געשטאַנען הצדיק ר' מרדכי ליאַכאָוויטשער).

*

אַ חסידישע לעגענדע דערציילט: ווען דער בעש"ט האָט אָפּגעריכט גלות איז ער אָנגעקומען אויך קיין סלוצק, אָבער די סלוצקער תושבים האָבן אים ניט פיין אויפגענומען.

ער האָט פאַרשאָלטן די שטאָט, אַז חסידים זאָלן זיך קיינ־מאָל דאָרטן ניט געפינען. די קללה איז מקויים געוואָרן, און סלוצק איז געבליבן איינע פון די פיר באַוווּסטע שטעט מיטן נאָמען „כרפ"ס": כאַסאָווע, ראַזשינאַיע, פּרוזשעני, סלוצק, ווו חסידים האָבן דאָרטן ניט געוואָלט אַ פוס אַריינשטעלן. די שטעט האָבן ניט זוכה געווען הערן „הודו" פאַר „ברוך שאמר". עס זענען דורות אַוועק און אַ סידור נוסח ספרד איז ניט געווען בנמצא אין סלוצק.

*

אין אָנפאַנג פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זענען אין סלוצק געווען איינצלנע חסידים און אין שפּיץ פון זיי איז געשטאַנען ר' פּינחס (פיניע) קאַנטאָראָוויטש, אָבער זיי האָבן ניט געהאַט קיין אָרט ווו אָפּצוריכטן אַ תפילה בציבור. נאָכדעם ווי ס'האָט זיך אויפגעבויט די „משניות" שול, האָט מען זיי אָפּגעגעבן די שטיבל און דאָרטן האָט זיך אויפגעהאַלטן זייער מנין.

ווען ס'האָט זיי אויסגעפעלט אַ צענטער צום מנין, פלעגן זיי מצרף זיין אויך מתנגדים. צו אַ „יאָרצייט" לשם תיקון האָט מען געמאַכט אַ שנעפּסל מיט אַ פאַרבייסן. איבערהויפּט איז די חסידישע שטיבל געווען אָנגעפּאַקט אין דער נאַכט פון שמיני עצרת. חסידים האָבן זיך נוהג געווען פראַווען „הקפות" ניט שמחת תורה ווי די מתנגדים און מ'האָט זיך משמח געווען כדבעי און געטרונקען משקה אויף אַ גרויסן פאַרנעם.

און אָט וואָס ס'דערציילט נח. ווען ער פלעגט דורכגיין אין דער פרי אָדער פאַרנאַכט נעבן „דער שטיבל", האָט מען אים געבעטן אַריינגיין און משלים זיין דעם מנין.

אויף זיין פראַגע, פאַר וואָס וואַרט מען נאָך אַלץ, ווען מיט אים איז שוין דאָ פונקט אַ מנין? האָט אים איינער אָנגע־מערקט: אויף פאַרנעמען אַ אָרט פון אַ צענטן חסיד קלעקט ניט איין מתנגד, ס'פאָדערן זיך אויף דעם עטלעכע מתנגדים.

*

מ'דערציילט, דאָס צווי חב"ד־חסידים פון רעציצע האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן אין סלוצק ביי נעקריטשן אין אכסניא. אַזוי ווי דאָס איז אויסגעפאַלן י"ט בכסלו, האָט זיך זיי פאַרוואָלט דאַווענען בציבור און פראַווען אַ סעודהלע לזכר דאָס באַפרייאונג פון רבי'ן, דעם בעל התניא. אויפקלייבן אַ חסידישן מנין אין סלוצק איז ניט געווען קיין לייכטער ענין, האָבן זיי אָוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ „בוטליע" שנאַפּס און וויין מיט פאַרבייסנס לכבוד די געסט. דאָך האָט זיי פאַרט אויס־געפעלט איינער צום מנין. עס איז שוין געווען אַרום 12 ביינאַכט. מיט אַמאָל האָט זיך אַריינגעריסן אין אכסניא אַ צעשראָקענער ייד און פרעגט: „ווו איז דער דאָקטאָר? האָבן זיי געזאָגט: צום ערשטן לאָמיר דיך מכבד זיין מיט אַ שנעפּסל און דער רופא חולים איז אויך דאָ. דער ייד האָט זיך געלאָזט איינרעדן און זיך גוט פאַרשנאַשקעט.

די שמחה ביי די חב"דניקעס איז געווען אין לשער. מ'האָט געדאַוונט מעריב און זיך געלאָזט באַגיין ווי געהעריק. די פרוי פון קראַנקן וואַרט אויפן דאָקטאָר און זעט אַז זי קען זיך ניט דערוואַרטן אויף איר מאַן איז זי אַוועק זוכן אים.

גייענדיק, הערט זי אַ זינגעריי און אַ הענט־פּלעסקעריי. זי כאַפּט אַ קוק אין פענצטער פון אכסניא און זעט אַז איר מאַן איז אויך צווישן די טענצערס. אַ ברוגזדיקע איז זי אָנגע־פאַלן אויף אים: איך זיץ אַליין אין געהאַקטע צרות, דאָס קינד איז קראַנק און ברענט ווי אַ פייער און דו טאַנצט. האָט זיך איר שיכורער מאַן פאַרענטפערט שטאַמלענדיק: נאַרעלע, וואָס שרייסטו? די נאַכט איז ניטל־נאַכט און ס'איז אַ מצווה זיך משמח זיין און טאַנצן פיל סגלוסט דאָס האַרץ.

*

סלוצק איז געווען און פאַרבליבן אַ ריין מתנגדישע ליטווישע שטאָט. סלוצקער יידן זענען געבליבן געטריי דער שיטה פון מתנגדישן ווילנער גאון און געווען שטאַרקע קעג־נער פון חסידות, וואָס האָט זיך שטאַרק פאַרשפּרייט אין אוקראַינע און פוילן אין 18טן יאָרהונדערט. מען האָט זיך טאַקע געוויצלט: „ווען אין סלוצק וועט זיין אַ מנין חסידים מיט אַ שטיבל און אַ רבין, וועט משיח קומען". און אַזוי איז עס טאַקע געווען און פאַרבליבן ביזן סאָוועטישן משיח און ביזן נאַצישן חורבן.

# פאלקלאר

## רבנים

ר׳ ישראל, ר׳ יאָסעלע סלוצקערס זון, האָט אין דער יוגנט געוואָלט ווערן אַ חסיד. איז ער אַנטלאָפן פון סלוצק, פון זיין טאַטן, דעם מתנגד, קיין קאידענאָווו, צום רבין. דאָרט האָט ער זיך צוגעכאַפּט צו חסידות, געוואָרן פון די „יושבים״. חסידים האָבן פון אים שטאַרק געהאַלטן. מחמת ר׳ ישראל איז געווען אַן עילוי, אַ פייערדיקע קאָפּ. הײנט ר׳ יאָסעלע סלוצקערס אַ זון. ר׳ ישראל האָט זיך אָבער דאָרט לאַנג ניט געהאַלטן. חסידות, האָט אים ניט געגומען. אַ מתנגדישער שורש.

איינמאָל, צו שלוש־סעודות, האָט דער רבי געזאָגט אַ תורה אויף „תפארת שבתפארת״. די תורה איז געווען אַ טיפע, וועדליק חב״דער תורה, און דער עולם חסידים האָט ניט פאַרשטאַנען. נאָך הבדלה זענען עטלעכע מקורבים דעם רבינ׳ס צוגעגאַנגען צו ר׳ ישראל׳ן און אים געבעטן, ער זאָל זיי מסביר זיין דעם רבינ׳ס תורה.

— יאָ, — זאָגט ר׳ ישראל — כ׳וועל אייך מסביר זיין אויף אַ בולטן אופן. פירט ער זיי צו צום פענצטער, ווייזט אַן אויף דער לאָך און פרעגט זיי: וואָס זעט איר דאָ? — אַ לאָך — זאָגן זיי. — ריכטיק, — זאָגט ר׳ ישראל. — היינט, אַז כ׳וועל נעמען אַן עקבויער און מאַכן אין דער לאָך נאָך אַ לאָך, וואָס וועט עס הייסן? — אַ לאָך אין אַ לאָך — כאַפּט זיך אַרויס אַ חסיד.

— אַ! — מאַכט ר׳ ישראל — אָט דאָס איז „תפארת שב־תפארת״...

✶

ר׳ מענדעלע סלוצקער איז געווען אַ גאון־עולם, ער האָט אָבער קיינמאָל קיין רב ניט געוואָלט זיין. צענדליקער יאָרן איז ער געזעסן אין ר׳ איסערקעס בית־מדרש, געפירט אַ ישיבה און עוסק געווען אין תורה מיטן „צוועלפטל״, די צוועלף לומ־דים, וואָס דער גביר איסערלין האָט אויסגעהאַלטן. זיין מנהג איז געווען, אַלע טאָג גיין מיט די תלמידים צו איסערלין אין שטוב טיי טרינקען. ר׳ מענדעלע אַליין פלעגט אַלעמען משמש זיין, דערלאַנגען טיי צום טיש, געבן איטלעכן וויפל ער וויל און אַז אַלע האָבן שוין אָפּגעטרונקען, האָט ער ערשט אַליין גע־טרונקען.

איז אין סלוצק אַמאָל געקומען דער מירער משולח, איז ער אַריין צום גביר. זעט ער אַ עדה יידן זיצן אַרום טיש און טרינקען טיי און אַ קליין יידל דערלאַנגט אַלעמען צום טיש, קלערט ער זיך: אַוודאי אַ משרת ביים גביר. זעצט ער זיך צווישן עולם און הייסט דערלאַנגען אַ גלאָז טיי. און היות ער איז געווען אַ בעל־בשר און אַ שאַרפער טיי־טרינקער, האָט ער זיך געהייסן דערלאַנגען אַ גלאָז נאָך אַ גלאָז, זיך געשאַפּט מיט ר׳ מענדעלען ווי מיט אַ משרת. דער עולם האָט זיך איבערגע־קוקט, אָבער קיינער האָט אַ וואָרט ניט גערעדט.

שבת אינדערפרי איז געווען דער מנהג, אַז נאָכן דאַווענען פלעגן אַלע גיין קידוש־מאַכן ביים גביר. אַז דער גאַנצער עולם איז שוין געזעסן אַרום די טישן, פלעגט אַריינקומען איסער־לין מיט ר׳ מענדעלען און אַלע פלעגן זיך אויפשטעלן און אָפּגעבן גוט שבת דעם ראש־ישיבה מיטן גביר. שבת איז דער מירער משולח געגאַנגען מיטן עולם צום גביר. זעט ער ווי דער גביר גייט אַריין מיטן קליינעם יידל. דער גאַנצער עולם שטעלט זיך אויף און פון אַלע זייטן הערט זיך:

— גוט שבת, רבי, גוט שבת!

ווערט ער שוין טשיקאַווע.

— ווער — פרעגט ער — איז דער ייד?

— ס׳איז דאָך — ענטפערט מען אים — ר׳ מענדעלע!

ווערט אים פינצטער אין די אויגן. מיט ר׳ מענדעלען האָט ער זיך עס געשאַפּט ווי מיט אַ משרת! לויפט ער תיכף צו ר׳ מענדעלען מיט תחנונים:

— זייט מיר מוחל, רבי, האָט קיין פאַראיבל ניט, כ׳האָב ניט געוווסט...

— וואָס פאַר אַן עוולה — קוקט אים אָן ר׳ מענדעלע — כ׳האָב — זאָגט דער משולח מיט הכנעה — ניט געוווסט, רבי, ווער איר זענט, האָב איך אייך מטריח געווען... — כ׳פאַרשטיי ניט — זאָגט ר׳ מענדעלע בתמימות — וואָס איר דאַרט געזינדיקט קעגן מיר, איר זאָלט מיר דאַרפן מחילה בעטן. איר האָט געבעטן אַ גלאָז טיי, האָב איך אייך געגעבן. אדרבה, איך דאַרף נאָך אייך דאַנקען, איר האָט מיך מזכה געווען מיט אַ מצווה...

# חייקל לונסקי / ר׳ יאָשע־בער אַלס סלוצקער רב

**איבערגעגעבן צום דרוק דורך הרב ניסן וואַקסמאַן**

דער מחבר פֿון דער באַשרייבונג איז געווען דער ביב־ליאָטעקאַר פֿון דער באַוווסטער שטראַשון־ביבליאָטעק אין ווילנע.

אַלס אייניקל פֿון דעם גרויסן גאון ר׳ מרדכי׳לע אשמענער, אָדער סלאָנימער, און אויך אַליין אַלס גאָר אַ גרויסער תלמיד חכם, האָט חייקל לונסקי געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך און שטודירן דאָס יידנטום, יידישע גאונים און גדולים. חייקל לונסקי האָט אַרויסגעגעבן פֿאָלגענדע ווערק: תולדות הגאון ר׳ מרדכי ווייצל (עברית) ווילנה, תרע״ז; טפוסים וצללים מהגיטו הוילנאי, ווילנא תרפ״א; גאונים און גדולים פֿון נאָענטן עבר, ווילנע תרצ״א. חוץ דעם האָט לונסקי פֿאַר־עפֿנטלעכט אין צייטונגען, גאַנצע סעריעס וועגן גאונים און גדולים. אין תרצ״ז האָט לונסקי געדרוקט אַ גרויסע סעריע מאמרים וועגן „גאונים און גדולים“ אין דער ווילנער רעליגיע־זער וואָכן־צייטונג „דאָס וואָרט“, פֿון וועלכער ס׳ווערט דאָ איבערגעגעבן דער פּרק וועגן דער תקופֿה פֿון ר׳ יאשע בערן אין סלוצק. אין די דרייסיקער יאָרן האָט ה׳ פּרץ וויערניק, דאַן שעף־רעדאַקטאָר פֿון דעם ניו־יאָרקער „מאָרגן זשורנאַל“ זיך שטאַרק פֿאַראינטערעסירט וועגן איבערדרוקן די סעריעס אין זיין צייטונג. די פֿאַרהאַנדלונגען זענען געפֿירט געוואָרן דורך דעם שרייבער פֿון די דאָזיקע שורות, אַ פּערזענלעכער פֿריינד פֿון די צוויי גרויסע ווילנער, וואָס האָבן זיך צופֿעליק נישט געקענט פּערזענלעך.

ה׳ וויערניק, האָט זייער הויך געשעצט זיין ווילנער קאָ־ליעגע און זיין אוצר פֿון יידישן פֿאָלקלאָר. ליידער איז ה׳ פּרץ וויערניק דאַן געשטאָרבן און דער ענין איז בטל געוואָרן.

זאָל, אַלזאָ, דאָס זיין אַ אָנדענק פֿאַר דער איידעלער נשמה פֿון ה׳ חייקל לונסקי וואָס איז אומגעקומען צוזאַמען מיט דער האַרציקער און יידישער ווילנע.

נ. וו.

**ארייַנפֿיר**

ווען דער באַליבטער סלוצקער רב, דער גאון ר׳ יאָסעלע פיימער איז נפטר געוואָרן, אין ל׳ סיון תרכ״ד, האָט די קהילה אָנגעפֿאַנגען זוכן אַ רב פֿאַר סלוצק. אַזאַ זאַך איז געווען גרינגער צו זאָגן ווי צו טאָן. אַ רב אין סלוצק האָט געדאַרפֿט זיין אַ וועלט־גאון, ווייל אַזעלכע זענען געווען כמעט אַלע פֿריערדיקע סלוצקער רבנים. דערצו האָט ער געדאַרפֿט באַזיצן אַנדערע גרויסע מעלות און איבערהויפּט נאַטירלעכע פּיקחות.

די פֿירער פֿון דער קהילה האָבן דעריבער געוואָרפֿן אַן אויג אויף דעם גאון ר׳ יוסף דוב בר׳ יצחק זאב הלוי סאָלאָ־ווייטשיק. אייגנטלעך איז ער גאָר קיין רב נישט געווען, נאָר אַ ראש ישיבה אין וואָלאָזשין, אָבער דווקא צוליב דעם האָט זיין נאָמען געקלונגען איבער דער גאַנצער יידישער וועלט.

גראַדע האָט ער מיט אייניקע יאָר צוריק געהאַט אַ סכסוך מיט דעם הויפּט ראש־ישיבה פֿון וואָלאָזשין, ר׳ הערש לייב, אָדער ווי מ׳האָט אים גערופֿן דעם נצי״ב. דאָס האָט פֿאַר־אורזאַכט אַ מחלוקת וואָס איז אַרויס פֿון די ברעגן פֿון שטעטל און ישיבה און דערגרייכט צו די הויכע קרייזן פֿון דער ליט־ווישער תורה־וועלט. די מחלוקת איז שטאַרק פֿערשאַרפֿט געוואָרן און מ׳האָט דעם גאַנצן ענין געמוזט איבערגעבן צו אַ דין־תורה, אין וועלכער ס׳האָט זיך גראַדע באַטייליקט דער גאון ר׳ יאָסעלע סלוצקער צוזאַמען מיט די גאונים ר׳ דוד טעבל מינסקער, ר׳ וועלוועלע, דער ווילנער שטאָט־מגיד, און דער יינגסטער פֿון דער גרופּע, ר׳ יצחק אלחנן, וואָס איז דאַן געווען רב אין נאָוואַרידאָק.

טראָץ די גרויסקייט פֿון דעם בית־דין און דעם צוטרוי וואָס ביידע צדדים האָבן געהאַט צו אים, דאָך האָט ר׳ יאָשע־בער געשפּירט, אַז זייער פּסק איז געווען בלויז אַ געלאַטעטע פּשרה און ער איז דערפֿון געבליבן אומצופֿרידן.

אַלס אייניקל פֿון ר׳ חיים וואָלאָזשינער און אַליין אַ גרויסער גאון, פּיקח און אויסערגעוויינלעכער בעל־מידות, האָבן די סלוצקער מנהיגים אים באַטראַכט פֿאַרן פּאַסיקסטן קאַנדידאַט פֿאַר זייער רבנות און אַריינגעשיקט צו אים אַ „כתב“, אַ איינלאַדונג צו קומען קיין סלוצק.

נ. וו.

נאָכן סכסוך האָט שוין ר׳ יאָשע־בער מער ניט געוואָלט זיין ראש־ישיבה אין וואָלאָזשין, דעריבער, אַז ער האָט שפּע־טער באַקומען אַ כתב־רבנות פֿון סלוצק, האָט ר׳ יאָשע־בער דאָס אָנגענומען און איז געוואָרן דאָרט רב אין יאָר תרכ״ה.

אין סלוצק איז ר׳ יאָשע־בער געווען זייער באַליבט, ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט דאָרט געפֿירט זיין רבנות ביד רמה, קיינעם ניט געפֿרעגט און זייער מקרב געווען אָרע־מעלייט און איבערהויפּט תלמידי חכמים.

אין יענער צייט, איז אַרויס די גזירה פֿון די רעקרוטן. ס׳פֿאַרשטייט זיך, אַז מען פֿלעגט נעמען, מערסטנטייל קינדער פֿון אָרעמעלייט, ווייל די רייכע פֿלעגן זיך אויסקויפֿן דורך קוויטאַנציעס, וואָס האָבן געקאָסט עטלעכע הונדערט רובל. ר׳ יאָשע־בער האָט זיך דאַן איבערגעגעבן אינגאַנצן לטובת די אָרעמע און תלמידי חכמים. ער פֿלעגט ניט רוען און טאָג ווי נאַכט אַרומלויפֿן זאַמלען געלט כדי אַרויסצוראַטעווען די אָרעמע פֿון מיליטער־דינסט.

מען דערציילט: אַמאָל האָבן די כאַפּערס געכאַפּט אַ ישיבה־בחור, נאָר עס האָט זיך אים איינגעגעבן צו אַנטלויפֿן פֿון זיי און ער איז אַריינגעלאָפֿן אין קלויז און זיך באַהאַלטן אונטער ר׳ יאָשע־בער׳ס טלית. ר׳ יאָשע־בער האָט אָבער מורא געהאַט מ׳זאָל אים ניט פֿאַרמסר׳ן פֿאַר דער מאַכט, האָט ער געהייסן דעם יונגן־מאַן, דערווייל גיין „שטעלן זיך“ און צוגע־זאָגט צו קויפֿן פֿאַר אים שפּעטער אַ קוויטאַנציע. דער ישיבה־בחור האָט פֿאַר פּחד ניט געוואָלט אַוועקגיין. האָט אים ר׳ יאשע־בער באַהאַלטן ביי זיך אין שטוב. אַז די כאַפּערס האָבן

זיך דערפון דערוווּסט, זענען זיי אַוועק צו ר׳ יאשע־בערן און זייער עלטסטער איז אַריין מיט חציפות צום רב פאָדערן, ער זאָל אים אַרויסגעבן דעם ישיבה־בחור. אַז ר׳ יאשע בער האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך אָפּגערופן צו זיין זון: חיימקע גיב מיר דעם שטעקן און כ׳וועל דעם יונגאַטש וויזן — און ער האָט אויפגעהויבן אויף אים דעם שטעקן. איז אויפן כאַפּער אָנגעפאַלן אַזאַ פחד, אַז ער האָט געעפנט די טיר און אויס־געשריען צו די איבעריקע כאַפּערס: „קינדער אַ היים! פון איצט אָן וועלן מיר וויסן, אַז אַ למדן איז אַ ליגאַטש...

*

ס׳האָט אויך געטראָפן, אַז אַמאָל איז צו ר׳ יאשע־בערן געקומען אַ בחור, אַן עם־הארץ און אָנגעהויבן וויינען און בעטן ער זאָל אים ראַטעווען פון מיליטער־דינסט. ר׳ יאשע־בער, דער גרויסער נדיב־לב, וואָס האָט קיינעם ניט אָנטזאָגט, איז תיכף געלאָפן צו די גבירים און אים אויסגעלייזט. שפּעטער זענען די גבירים געקומען צו ר׳ יאשע־בערן מיט טענות: דער בחור איז דאָך אַ בור דאוריתא! האָט זיי ר׳ יאשע־בער געענטפערט: — ווען איך וואָלט אים געמאַכט פאַר אַ רב, וואָלט איר געקאָנט האָבן צו מיר טענות אַז ער קען ניט לער־נען; איך האָב אים דאָך אָבער געמאַכט בלויז אויס סאָלדאַט, און אַן עם הארץ מעג דאָך אויך זיין קיין סאָלדאַט.

ר׳ יאשע־בער האָט זיך איבערגעגעבן ניט נאָר מיט פדיון־שבויים, נאָר בכלל צו העלפן אַלע אָרעמע און געדריקטע. ער פלעגט ממש אַוועקגעבן דעם לעצטן ביסן פון מויל.

*

מען דערציילט: צו ר׳ יאשע־בערן איז אַמאָל פאַר פסח געקומען אַ ייד, אַ בעל־עגלה, אַ סלוצקער תושב און געוויינט מיט ביטערע טרערן: באַשערט אַן אומגליק, רבי! אַ גאַנצן ווינטער אָפּגעזעסן ליידיק, ניט פאַרדינט אַ גראָשן. איצט, פאַר פסח, אַז ס׳מאַכט זיך עפּעס צו פירן און מ׳קען פאַרדינען אויף יום־טוב, איז דאָס פערד אַוועקגעפאַלן.

— גיי אַריין צו מיר אין שטאַל — זאָגט צו אים ר׳ יאשע־בער — נעם מיין בהמה, פיר אַרויס אויפן מאַרק און בייט אויס אויף אַ פערד.

דעם בעל־עגלה איז ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. ער האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן, איז געגאַנגען אין שטאַל, גענומען דעם רב׳ס בהמה און אַוועק מיט איר. אין אַ ווײַלע אַרום, די רביצין גייט אַריין אין שטאַל, צו מעלקן די בהמה — ערשט זי איז גאָר ניטאָ. — לויפט זי אַריין אין שטוב מיט אַ געוויין: — יאשע־בער, מ׳האָט אַוועקגעגנב׳עט אונדזער בהמה!

— מ׳האָט זי ניט געגנב׳עט — ענטפערט ר׳ יאשע בער בתמימות — זי איז דאָ.

ווּ איז זי? — פרעגט זי.

— אויב דער ייד האָט זי נאָך ניט אויסגעביטן, איז זי ביים יידן — ענטפערט ר׳ יאשע־בער. קוקט זי אים אָן: — וואָסער ייד? וואָס געביטן?

דערציילט איר ר׳ יאשע־בער די גאַנצע מעשה, אַז ער האָט אַוועקגעגעבן די בהמה אַן אָרעמען יידן, ער זאָל פאַרדינען זיין ברויט. ווערט זי דאָך פול מיט תרעומות און הייבט אָן טענה׳ן:

— ס׳טייטש, איין שטיקל בהמה, ווּ וועט זי איצט נעמען אַ קאָפּ מילך?

— זאָ — ענטפערט ר׳ יאשע־בער — דו האָסט ברויט, ווילסטו נאָך האָבן מילך אויך און דער אָרעמער ייד, נעבעך, זאָל קיין ברויט אויך ניט האָבן? זאָג אַליין, איז דאָס אַ יושר?..

שפּעטער האָט אים דער סלוצקער בעל־טאַקסע אַריינגע־שיקט אַ בהמה אויף מילך.

אין עטלעכע וואָכן אַרום איז דער בעל־טאַקסע אַריינגע־קומען צו ר׳ יאשע־בער׳ן מיט אַ פאַרשלאַג, ער זאָל אַרויסגעבן אַ איסור אויף בשר־חוץ. ר׳ יאשע־בער האָט ניט מסכים געווען און אויפן אָרט אַריינגערופן די רביצין און איר געזאָגט! — שיק תיכף אָפּ דעם בעל־טאַקסע זיין בהמה און באַצאָל אים פאַר דער צייט וואָס דו האָסט זי געמאָלקן...

*

אַמאָל איז צו ר׳ יאשע־בער׳ן געקומען אַ סלוצקער בעל־עגלה מיט אַ געוויין: — רבי! ביי מיר איז געפאַלן דער פערד, וואָס טוט מען? פרעגט אים ר׳ יאשע־בער: — וויפל דאַרף קאָסטן אַ פערד? האָט ער געענטפערט: 50 רובל. האָט זיך ר׳ יאשע־בער אָפּגערופן, איך האָב ביי זיך פופציק רובל שכירות, נאָ דיר זיי און קויף אַ פערד. אַז די שטאָט־לייט האָבן זיך דערוווּסט, אַז ער צעטיילט זיינע גאַנצע שכירות און האָט אַליין ניט פונוואַנען צו לעבן, האָבן זיי שוין אָנגעהויבן צאָלן די שכירות דער רביצין.

*

אַמאָל, פאַר פסח איז צו ר׳ יאשע־בערן געקומען אַ ייד מיט אַזאַ שאלה: — רבי, מעג איך יוצא זיין די אַרבע כוסות מיט מילך?

— זייט איר חלילה קראַנק? — פרעגט ר׳ יאשע־בער ביים יידן.

— כ׳בין ב״ה געזונט, ענטפערט דער ייד, נאָר ווײַן — זאָגט ער מיט אַ האַלבן מויל, — איז פאַר מיר הייער־יאָר צו טייער.

רופט אַריין ר׳ יאשע־בער די רביצין און הייסט איר געבן דעם יידן פינף־און־צוואַנציק רובל. כדרך הטבע, וויל דער ייד לכתחילה ניט נעמען דאָס געלט. ער איז געקומען פרעגן אַ שאלה, אָבער חלילה, ניט בעטן. נאָר ר׳ יאשע־בער האָט אים שטאַרק גענומען בעטן און אים געזאָגט, אַז דאָס גיט ער אים בתורת הלוואה. השי״ת וועט אים העלפן, וועט ער אָפּגעבן — האָט ער שוין גענומען.

אַז דער ייד איז אַוועקגעגאַנגען, פרעגט אים די רביצין:

— וואָס האָסטו אים עפּעס געגעבן אַ גאַנצן פינף־און־צוואַנציקער, ווײַן אויף אַרבע כוסות קען מען דאָך, דאַכט זיך, קויפן פאַר צוויי דריי רובל.

— וואָס פאַרשטייסטו ניט, ענטפערט איר ר׳ יאשע־בער, — האָסטו דאָך געהערט ווי דער ייד האָט געפרעגט צו מען מעג יוצא זיין די אַרבע כוסות מיט מילך. ווען ער וואָלט געהאַט

אויף פסח ווי ביי לייטן, מיט פיש און פלייש, וואָלט ער דאָך קיין מילך ניט געטאָרט טרינקען צום סדר, איז דאָך אַ סימן אַז ער מאַכט קיין פסח ניט, האָב איך אים געגעבן אַ פינף־און־צוואַנציקער אויף פסח.

*

פון ר׳ יאשע־בער׳ס נדיבות, ווערט נאָך דערציילט פאָלגנדע מעשה:

אַמאָל איז ר׳ יאשע־בער געפאָרן פון סלוצק קיין וואָלאָזשין, האָט מען מיט אים מיטגעשיקט דעם שטאָט־שמש מיט 15 רובל אויף הוצאות, ווייל מ׳האָט אים שוין נישט געטרויט קיין געלט, וויסנדיק אַז ער וועט דאָס אָוועקגעבן אויף צדקה.

אויפן וועג זענען זיי אַריין אין קרעטשמע. זעט דער שמש ווי ר׳ יאשע־בער האָט זיך צוקושט מיט אַן אַלטן יידן מיט גרויס שמחה, אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד און אים גערופן רבי. האָט אים דער שמש געפרעגט, ווער איז דער רבי. האָט ר׳ יאשע־בער געענטפערט: דאָס איז דער רבי וואָס האָט מיט מיר געלערנט אלף־בית און ער איז דאָס צו מיר געפאָרן, איך זאָל אים העלפן. ער דאַרף חתונה מאַכן אַ טאָכטער. דעריבער גיב אים די געלט פון די הוצאות, כדי מקיים זיין די מצוה פון „הכנסת כלה״.

האָט זיך דער שמש אָפּגערופן: — רבי, ווו וועלן מיר אָבער נעמען געלט אויף הוצאות? האָט ר׳ יאשע־בער געענטפערט: — מיר וועלן לייען. — ווער וועט אונדז לייען אויפן וועג — פרעגט דער שמש ווייטער.

אַז ר׳ יאשע־בער האָט דערזען, אַז דער שמש וויל אים שטערן, זאָגט ער צו אים: — איך בין אויף דיר גוזר אַז דו זאָלסט געבן מיין רבין 50 רובל...

*

ר׳ יאשע־בער האָט אַמאָל, אין וועג, געהאַלטן שבת אין אַן אכסניא. צו שלש־סעודות זענען אין דער אכסניא ניט געווען קיין לחם משנה פאַר ר׳ יאשע־בערן. איז מען געלאָפן קריגן חלות. זיצט ר׳ יאשע־בער און וואַרט. — רבי, רופט זיך אָפּ איינער פון די אורחים — מיר ווייסן דאָך, אַז מ׳קען יוצא זיין שלש־סעודות מיט תורה אויך. הייַנט מה רעש? זאָגט אונדז אַ שטיקל תורה, וועט איר יוצא זיין מיט שלש־סעודות און מיר וועלן הערן אַ גוט שטיקל תורה. — גערעכט זייט איר — מאַכט ר׳ יאשע־בער. — כ׳האָב אָבער מורא, טאָמער וועט איינער מיין תורה אָפּוועגדן, וועל איך בלייבן אי אָן תורה, אי אָן שלוש־סעודות...

### דער אונטערשייד צווישן חסידים און מתנגדים

ר׳ יאשע־בער, פלעגט געבן פאָלגנדיקן הסבר אויף דעם, וואָס מתנגדים פאַסטן אין טאָג פון יאָרצייט און חסידים מאַכן נאָך אַ סעודה און „לחיים״.

פאַר מתן־תורה, ווען יידן האָבן ניט געקענט לערנען, און זיי האָבן געזען, אַז משה רבנו פאַרזאַמט זיך, האָבן זיי זיך משער געווען, אַז ער איז נפטר געוואָרן, און זיי האָבן געמאַכט אַ סעודה: „וישב העם לאכל״. מיט יאָרן שפּעטער, ווען משה רבנו איז טאַקע ווירקלעך נסתלק געוואָרן, איז שוין געווען נאָך מתן־תורה, יידן האָבן געקענט לערנען, האָבן זיי שוין קיין סעודה ניט געמאַכט, נאָר אָפּגעריכט אבלות, ווי עס ווערט געבראַכט אין פסוק: „ויבכו בני ישראל את משה...״

### ווער איז משוגע?

ר׳ יאשע־בער איז ניט תמיד געווען איינשטימיק מיט די סלוצקער גבירים. איין מאָל איז געקומען צו אים אַ פרוי מיט אַ געוויין: „רבי, האָט רחמנות, מיר האָט זיך געחלום׳ט, אַז מיין אייניציקער זון איז משוגע געוואָרן״.

— וויין ניט, מיין טאָכטער, דאָס איז אַ סימן, אַז ער וועט ווערן אַ נגיד... ווייל אַלע נגידים זענען משוגע.

געזאָגט האָט דאָס דער רב אין געגנוואַרט פון די סלוצקער גבירים, און בעת־מעשה באַמערקט צו די גבירים:

— איר, סלוצקער גבירים, זייט פותר־חלום דער פרוי. זאָגט איר, אַז איר זון וועט ווערן אַ רב... ווייל איר האַלט דאָך, אַז דער רב איז משוגע...

*

ר׳ יאשע־בער איז אויסער זיין גאונות און נדיבות אויך געווען אַ גוואַלדיקער צדיק, אַ קדוש וטהור; אַזוי ווייט, אַז מ׳האָט אים געהאַלטן פאַר אַ בעל מופת און ס׳ווערן פאַרשיידענע מעשיות דערציילט וועגן דעם.

ר׳ יאשע־בער איז אויך געווען אַ מורא׳דיקער מדקדק במצוות און אַ גוואַלדיקער צדיק. אַזוי למשל דערציילט מען, אַז ער פלעגט זיך נוהג זיין די שמורה־ווייץ אַליין איבערקלייבן און אַליין צעמאַלן מיט אַ האַנט־מילכל און דערנאָך אַזוי לאַנג האַלטן אין אויוון, ביז זיי פלעגן ווערן כמעט האַלב פאַרברענט, און דאַן פלעגט ער מער ווי אַ פאָר כזית׳ן ניט עסן. אַגב איז געווען ביי אים אויך אַ מנהג, וואָס שטאַמט נאָך פון זיין עלטער־זיידן ר׳ חיים וואָלאָזשינער, פסח צום סדר איינצוטונקען אַ כזית מצה אין וויין און אויפעסן, כדי צו וויזן אַז שרויה (געווייקטע) איז מותר, לויט דעם מנהג פון ווילנער גאון. ר׳ יאשע־בער פלעגט ניט נאָר אַליין זיך עוסק זיין מיט מצוות, נאָר פלעגט אויך זוכן אַנדערע מזכה צו זיין מיט מצוות.

*

מ׳דערציילט: צו ר׳ יאשע־בער׳ן איז אַמאָל געקומען אַ משולח ערב שבת, האָט אים ר׳ יאשע־בער געבעטן ער זאָל האַלטן ביי אים שבת. פרייטיק פאַר ליכט־בענטשן זאָגט ר׳ יאשע־בער צום אורח: לייט מיר זייט־זשע מוחל, פינף קאָפּיקעס. האָט אים דער אורח געגעבן. שבת צו־נאַכט, נאָך הבדלה, גיט ר׳ יאשע־בער אָפּ דעם משולח די פינף קאָפּיקעס. דער אורח דערקענט, אַז עס איז די זעלבע מטבע, וואָס ער האָט דעם רב געגעבן. האָט קיין פאַריבל ניט, רבי — זאָגט ער, — וואָס כ׳וועל אייך פרעגן: צו וואָס האָט איר מיר געבעטן לייען די פינף קאָפּיקעס? כ׳זע דאָך, אַז איר האָט זיי אַפילו ניט אויסגעביטן. — פאַרשטייט איר מיר, — ענטפערט ר׳ יאשע־בער, — איר זייט דאָך אַ וועגמענטש, איר פאָרט תמיד אַרום,

ווען קען אייך אויסקומען מקיים זיין די מצוה פון גמילות־חסד? ווער וועט ביי אַ יידן אַדורכפאָרער בעטן אַ הלואה? כ׳האָב אייך געוואָלט מזכה זיין מיט דער מצוה...

✶

ר׳ יאשע בער איז אמאָל געקומען קיין מינסק. זענען די מינסקער חשובים, לומדים געקומען אים מקבל פנים זיין, נעמען שלום און שמועסן אין תורה. צווישן עולם איז געווען אַ יונגערמאַן, אַ מינסקער קרעמער, וואָס האָט אמאָל געלערנט ביי ר׳ יאשע בערן. אַז ער האָט געהערט, אַז דער רבי זיינער איז דאָ אין שטאָט, איז ער תיכף געקומען זען זיך מיט אים. ר׳ יאשע בער האָט אים מקרב געווען, געזעצט לעבן זיך.

— וואָס מאַכסטו? — פרעגט ער אים. — געלויבט השי״ת, רבי — זאָגט דער יונגערמאַן — כ׳האָב מיר ניט צו באַקלאָגן, כ׳בין ב״ה געזונט, פרנסה איז אויך דאָ.

זיצט מען און מען שמועסט ווייטער צווישן עולם.

אַ ווײַלע שפּעטער, פרעגט ר׳ יאשע בער דעם יונגערמאַן נאָך אַמאָל:

— וואָס מאַכסטו? — ברוך השם — זאָגט דער יונגערמאַן — כ׳בין געזונט, כ׳האָב פרנסה. און מען שמועסט ווייטער. עטלעכע מינוט שפּעטער, פרעגט ר׳ יאשע בער דעם יונגערמאַן אַ דריטן מאָל: וואָס מאַכסטו?

— האָט קיין פאַריבל ניט, רבי — זאָגט דער יונגערמאַן פאַרחידושט — שוין דריי מאָל אַז דער רבי פרעגט די אייגענע שאלה. כ׳בין געזונט, כ׳האָב פרנסה בשפע.

— ניין; — מאַכט ר׳ יאָשע בער — דו ענטפערסט מיר אַלץ שלא ממין הטענה. איך פרעג דיר: וואָס מאַכסטו? ענטפערסטו מיר געזונט, פרנסה, דאָס אַלץ מאַכט דאָך דער רבש״ע, ניט דו. איך וויל אָבער וויסן: וואָס מאַכסטו! צי ביסטו קובע עיתים לתורה? גיבסטו צדקה? ווי האַלט דאָס בכלל מיט יידישקייט?...

✶

אין סלוצק איז געווען אַ רייכער פּאָדראַטשיק, איז ער געווען זייער אַ פרומער אָבער זייער אַ קאַרגער. ער פלעגט גיין אין רב׳ס בית מדרש דאַוונען, זאָגן תהילים, נאָר אַ נדבה איז ביי אים געווען שווער אַרויסצונעמען. ר׳ יאָשע בער האָט אים גוט געקענט און ניט איין מאָל געהאַט צו טאָן מיט אים פאַר זיין קמצנות.

יום־כפור נאָך „כל נדרי״, ווען דער גרויסער עולם גייט אַהיים און בלויז געקליבענע ערלעכע יידן בלייבן אין שול אויף אַ גאַנצע נאַכט, איז דער גביר אויך געבליבן. ער האָט געזאָגט „שיר היחיד״ מיטן עולם, געזאָגט פאַרן עולם אַ פאָר „יומים״ תהילים און זיך אַלץ געפלייסט אַז ר׳ יאָשע בער זאָל דאָס זען.

פאַרטאָג, בעת דער עולם רוט זיך אָפּ אַביסל, זיך מכין צו שחרית, גייט ער צו צום רב און רופט זיך אָפּ: — וואָס זאָגט איר רבי? שווערלעך אויף זיין אַ גאַנצע נאַכט און שטיין אויף די פיס.

— הערט — זאָגט אים ר׳ יאָשע בער — איר זייט דאָך אַ פּאָדראַטשיק, האָט איר דאָך אַ ידיעה אין מלוכה־ענינים, וועל איך ביי אייך עפּעס פרעגן. כידוע איז ביי אַ מלוכה איינגעפירט פאַרשיידענע מינים פון חיל. ס׳זענען דאָ פוסגייער, ס׳זענען דאָ רייטער און ס׳איז דאָ אַרטילעריע. יעדער מין חיל האָט זיך זיין עובדא און יעדער סאָלדאַט זיין אָרט. וועל איך אייך פרעגן, ווי איז, אַז אַ סאָלדאַט, וואָס מען האָט אים אַריינגעגעבן אין איין מין חיל, זאָל אַליין אַוועקגיין צום אַנדערן מין, אַ רייטער זאָל, למשל, אַוועקגיין צו די פוסגייער, וואָס קומט אים?

— אַזאַ סאָלדאַט — ענטפערט דער ייד — קריגט אַ שווערע שטראָף, ער האָט געבראָכן די דיסציפּלין, אַ מורד במלכות. אָבער אַנטקעגן וואָס פרעגט איר דאָס, רבי?

— טאַקע אַנטקעגן אייך אַליין — ענטפערט ר׳ יאָשע בער — מיר ווייסן, אַז „מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיע״. דער רבונו של עולם האָט אויך פאַרשיידענע מינים פון חיל. ס׳זענען דאָ בעלי תורה, בעלי עבודה און בעלי צדקה. אייך האָט דער אויבערשטער געגעבן עשירות און אַזוי אייך אַריינגעגעבן אין דעם חיל פון די בעלי צדקה. אייער עובדא איז צו געבן גרויסע נדבות, צוהעלפן אָרעמע־לייט, צו אויסהאַלטן לומדי תורה. אַצינד האָט איר זיך געקענט ליגן אין אייער ווייכן בעט און שלאָפן. זאָגן תהילים און לערנען, דאָס איז פאַר די אָרעמע יידן, וואָס געהערן צום מין חיל פון די בעלי תורה און בעלי עבודה. וואָס האָט איר געטאָן? איר זייט־אַליין אַוועקגעגאַנגען פון די בעלי צדקה ווו מ׳האָט אייך אַריינגעגעבן און שטייט אַ גאַנצע נאַכט מיט אָרעמע יידן, צו וועמען איר געהערט ניט, היינט זאָגט זשע אַליין וואָס קומט אייך?...

✶

איין מאָל איז צו ר׳ יאָשע בערן אַריינגעפאַלן דער סלוצקער בעל־טאַקסע מיט אַ געוואַלד. — רבי — מען פירט אַריין אין שטאָט בשר חוץ. — מה רעש — פרעגט ר׳ יאשע בער. — וואָס הייסט? — חידושט זיך דער בעל טאַקסע — מען קען דאָך נישט די שחיטה!

— קיין בייז ניט — שמייכלט ר׳ יאָשע בער. ס׳איז אַ פשוטער קל וחומר: מה דאָך סלוצקער שוחטים, וואָס מיר קענען זיי יע, דאָך עסן מיר פון זייער שחיטה, פרעמדע שוחטים, וואָס מיר קענען זיי ניט, מעגן מיר אַוודאי עסן פון זייער שחיטה...

✶

ר׳ יאָשע בער האָט זייער ניט געהאַלטן פון עם־האַרצותדיקע פרומקייט. איין מאָל האָט ער געזען, ווי איינער האָט זיך געוואַשן צום עסן און אויסגעגאָסן צוויי פולע קוואָרט וואַסער.

— אַ רחמנות נעבעך אויף אַ יידן, שמייכלט ר׳ יאָשע בער — זיין גאַנצע יראת שמיים גיסט ער אויס אין פאָמוניצע...

✶

אין ר׳ יאָשע בערס צייטן האָבן זיך אין סלוצק אָנגעהויבן ווייזן די סימנים פון דער השכלה: יונגע לייט האָבן זיך אָנגעהויבן לערנען בילדונג, עס האָבן זיך באַוויזן ספרי־חוץ, טריף־פסולס.

זענען אַ פאָר בעלי־בתים, שיינע יידן, אַריינגעלאָפן צו אים מיט אַ ויצעקו: — געוואַלד, רבי, די כפירה רחמנא ליצלן, איז זיך מתגבר!

— וואָס איז דער חידוש — זאָגט ר' יאָשע בער — דער אמת איז תמיד גובר.

— וואָס רעדט איר רבי — קוקן אים אָן די בעלי־בתים — די כפירה רופט איר אָן אמת?

— פאַרשטייט איר מיר — ענטפערט ר' יאָשע בער — די כופרים זענען כופרים אויף אַן אמת זענען זיי מצליח. די ערלעכע יידן אָבער זענען ניט קיין אמתע ערלעכע יידן...

*

בעת ר' יאָשע בער איז געווען רב אין סלוצק איז אין מינסק געווען אַ חזן אַ גדול בתורה, וואָס פלעגט אויך זאָגן אַ שיעור פאַר לומדים. ר' יאָשע־בער האָט פון אים שטאַרק געהאַלטן. פלעגט אים תמיד לויבן, אַז ער איז אַ יקר, אַ למדן מופלג.

איין מאָל זאָגט דער חזן צו ר' יאָשע בערן מיט אַ שמייכל:

— איר ווייסט רבי, אַז מיט דעם וואָס איר לויבט מיין לומדות, טוט איר מיר ניט־ווילנדיק אַ רעה? — דהיינו? — פרעגט אים ר' יאָשע בער. דער עולם — זאָגט דער חזן — הערט אַלץ ווי איר לויבט מיין לומדות, איז דאָך געדרונגען, אַז מיין חזנות איז ניטאָ וואָס צו לויבן.

— אויב אַזוי — מאַכט ר' יאָשע בער — וועל איך מוזן פרעגן מבינים אויף אייער חזנות, מחמת, אַז מען וועט מיר כאַפּן ביי אַ ליגן מכוח אייער חזנות, וועט מען מיר שוין אויף אייער לומדות אויך מער ניט גלויבן.

*

זייענדיק אין סלוצק איז אים אָפּגעשטאָרבן זיין צווייטע פרוי ממשפחת עפרון. מען דערציילט אַז בעת זיין פרוי איז געשטאָרבן, האָט ר' יאָשע בער גענומען מפשפש במעשיו זיין. אפשר האָט ער עפּעס פוגע בכבוד געווען ר' הערש לייבן בעת דער מחלוקת אין דער וואָלאָזשינער ישיבה און ער האָט זיך אויסגעדריקט: — איך וואָלט ר' הערש לייבן אַלץ אָפּגעגעבן, כדי ער זאָל מיר מוחל זיין.

אַז ר' הערש־לייב האָט זיך דערוווּסט, אַז ר' יאָשע בער איז זיך זייער מצטער, איז ער געקומען קיין סלוצק אים מנחם־אבל זיין.

זאָגט ר' יאָשע־בער צו אים: איך וועל אייך אַלץ געבן, נאָר איר זאָלט מיר מוחל זיין.

האָט זיך ר' הערש־לייב אָפּגערופן: — גיט מיר אייער זון ר' חיים פאַר אַן איידעם. אָט אַזוי איז ר' חיים געוואָרן אַן איידעם פון ר' רפאלן — ר' הערש־לייבס איידעם.

שפּעטער האָט ר' יאָשע בער חתונה געהאַט צום דריטן מאָל מיט אַ פרוי פון וואַרשע.

אין תרל"ה האָט ר' יאָשע בער פאַרלאָזן סלוצק און איז אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע, ווו ס'האָט געוווינט זיין דריטע פרוי.

דאָרט איז ער אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד און מען האָט אים גלייך געוואָלט אויפנעמען אַלס רב. נאָר צוליב די דעמאָלסטיקע געזעצן, אַז אַ ניט געבוירענער אין פּוילן קען ניט זיין דאָרט קיין רב, איז עס געווען אוממעגלעך. האָט מען אים באַשטימט אַלס ראש ישיבה פון דער חברה ש"ס, ווו ער האָט דריי יאָר געזאָגט אַ שיעור אין בית מדרש פון דער חברה און אַלע גדולי ונכבדי וואַרשע, פלעגן קומען הערן זיין תורה און אים זייער מכבד זיין.

*

מ'דערציילט, אַז אַ וואַרשעווער גביר, אַ חסיד, איז דאַן געפאָרן צו זיין רבין. שמועסנדיק, זאָגט דער רבי צום גביר: ווייסט איר אַז ביי אייך אין וואַרשע געפינט זיך איצט אַ גרויסער גאון? פרעגט דער גביר, — ווער איז עס? האָט דער רבי געענטפערט: — דער סלוצקער רב...

אַז דער גביר איז געקומען קיין וואַרשע, האָט ער געשיקט אָנזאָגן ר' יאָשע בערן, אַז פון היינט אָן וויל ער דעם כבוד האָבן און צאָלן אים שכירות וויפל ער דאַרף צום לעבן. ר' יאָשע בער האָט אָבער ניט געוואָלט נעמען, ווייל דאַן האָט ער שוין באַקומען אַ כתב פון בריסק.

*

מ'דערציילט, אַז בעת ער איז געזעסן אין וואַרשע אָן רבנות און אָן פרנסה, האָט ער איין מאָל זיך געטראָפן אין באַן מיט אַ בריסקער יידן, פון די טובי העיר. אַזוי ווי בריסק האָט דאַן געזוכט אַ רב, הויבט דער ייד אָן צו שמועסן מיט ר' יאָשע בערן, ער זאָל אָננעמען בריסקער רבנות.

פאָלגט מיך — ענטפערט ר' יאָשע בער — און נעמט ר' יהושע לייבן (דיסקין), ער איז מער ראוי צו זיין בריסקער רב...

ערשט אין עטלעכע יאָר אַרום, אַז ר' יהושע לייב איז אַוועק פון בריסק, איז געקומען צו ר' יאָשע בערן אַ דעלעגאַציע פון בריסקער יידן און אים געבראַכט, אָן קיין ישוב הדעת, אַ פאַרטיקן כתב רבנות פון בריסק. אַז מען האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט אין וואַרשע, איז געוואָרן אין שטאָט אַ גרויסער טומל, אַז מען זאָל בשום אופן ניט אַרויסלאָזן פון וואַרשע דעם גרויסן גאון. דער גערער רבי, דער „שפת אמת" האָט אָרגאַניזירט אַלע וואַרשעווער גבירים און נכבדים, זיי זאָלן זען, אַז ר' יאָשע בער זאָל בלייבן אין וואַרשע. אַ דעלעגאַציע פון וואַרשעווער נכבדים איז אַוועק צו ר' יאָשע בערן בעטן ער זאָל פאַרבלייבן אין וואַרשע און נישט פאָרן קיין בריסק. איז צווישן וואַרשע און בריסק געוואָרן אַ מחלוקת וועגן דעם סלוצקער רב. אַז די בריסקער האָבן דערזען אַז ר' יאָשע בער פאַנגט אָן צו וואַקלען זיך וועגן פאָרן צו זיי, האָבן זיי זיך אָנגערופן צו אים: רבי, דרייסיק טויזנט יידן וואַרטן אויף אייך!

דערהערנדיק די ווערטער, האָט ר' יאָשע בער אָנגעטאָן דעם מאַנטל און צוגעגעבן דערביי: אויב דרייסיק טויזנט יידן וואַרטן אויף מיר, פאָר איך.

און ער איז אין יאָר תרל"ח געוואָרן בריסקער רב.

*

נאָך דעם ווי ר' יאָשע בער איז אַוועק פון סלוצק און ר' יעקב דוד איז דאָרט אָנגעקומען, האָט פּאַסירט אַז זיי ביידע האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן און זענען ביידע געפאָרן אין איין בויד. ווי דער שטייגער, האָט מען געשמועסט אין תורה. האָבן

זיך בײדע צואַמפּערט, איז ר׳ יעקב דוד אַרויס פון בויד און זיך געזעצט אויף דער קעלניע, נעבן דעם בעל־עגלה און אַזוי זענען זײ אַרײנגעפאָרן אין שטעטל. דער שטעטלשער עולם חידושט זיך: צװײ רבנים אויף אײן פור, אײנער זיצט אין בויד און אײנער אויף דער קעלניע.

גיבן זײ שלום דעם װאָס זיצט אויף דער קעלניע: שלום עליכם רבי, פון װאַנען איז אַ רב? און װער איז דער רב װאָס זיצט אין בויד? — איך בין — ענטפערט ר׳ יעקב דוד — ר׳ יאשע בער בריסקער און אין בויד זיצט ר׳ יעקב דוד סלוצקער, און היות ס׳איז ניט לפי כבודו פאַר ר׳ יעקב דודן אַז איך זאָל זיצן מיט אים, זיץ איך אויף דער קעלניע.

— גלויבט אים ניט — שטעקט ר׳ יאָשע בער אַרויס דעם קאָפּ און שרײט — איך בין יאָשע בער און ער איז ר׳ יעקב דוד!

— רבי — זאָגט ר׳ יעקב דוד — ס׳װעט אײך גאָרניט העלפן, מ׳קען אײער ענױות...

## ר׳ יעקב־דוד

בעת רבי יעקב דוד איז געװען רב אין סלוצק, פלעגט ער זיך תמיד קלאָגן אויף דער שטאָט, אַז מ׳האַלט אים ניט בכבוד, בעלי־בתים טוען אים אָן צרות.

— רבי — פרעגן אים אַמאָל סלוצקער בעלי־בתים — פאַרװאָס זיצט איר טאַקע אין סלוצק? פאַרװאָס זעט איר אײך ניט אָן אַנדער רבנות?

— כ׳װעל אײך זאָגן — ענטפערט ר׳ יעקב־דוד — אין גיהנום זענען דאָ שבעה מדורי גיהנום. פאַרװאָס עפּעס גאַנצע זיבן? זענען דען ניטאָ גענוג יסורים מיט עינויים פאַרן רשע אין אײן מדור? נאָר דער תירוץ איז אַזוי: אַז דער רשע װערט צוגעװױנט צו זײן מדור אין גיהנום, אַרן אים שוין ניט די יסורים. פירט מען אים אַלע מאָל אין אַ נײעם מדור מיט נײע יסורים.

— ס׳אײגענע — פירט אויס ר׳ יעקב־דוד — איז מיט מיר.

סלוצק איז טאַקע פאַר מיר אַ גיהנום, אָבער כ׳בין שוין צוגע־װױנט. אַ נײע שטאָט װעט זײן פאַר מיר אַ נײער גיהנום מיט נײע יסורים...

## ר׳ מאיר סלוצקער

ער איז געװען אַ גאון עולם און אַ צדיק תמים. ער איז עטלעכע יאָר געװען רב אין סלוצק.

אַז זײנס אַן אײניקל, אַ מײדל, האָט אָנגעהויבן גײן אין גימנאַזיע, האָט זיך ר׳ מאיר אָפּגעזאָגט פון רבנות. — אַז כ׳האָב ניט געקענט — האָט ער געזאָגט — מדריך זײן בדרך הישר מײנע אײגענע קינדער, טאָ װי קען איך מדריך זײן אַ קהילה בײ ײדן?...

## ר׳ איסר זלמן מעלצער

דער סלוצקער רב, איז געװען אַ גרױסער מכניס אורח. זײן שטוב איז געװען אָפן פאַר אַלעמען. איז געקומען אין סלוצק אַן אורח: אַ רב, אַ מגיד, אַ משולח, האָט ער געמוזט בײ אים אײנשטײן.

בעת די באָלשעװיקעס האָבן איבערגענומען די ממשלה, האָבן זײ פאַרמאַכט די סלוצקער ישיבה. ר׳ איסר זלמן האָט אָבער ניט געלײגט קײן אַכט און מרביץ תורה געװען בשתיקה. האָט מען אים געמסרט.

אײנמאָל, אַן ערב שבת, זענען געקומען צװײ רויטע סאָל־דאַטן און אַרעסטירט ר׳ איסר־זלמנען.

װי זײ פירן אים איבערן מאַרק, זעט ער פון װײטן דעם נעסװיזשער מגיד.

ער בעט די סאָלדאַטן זיך אָפּשטעלן אַ װײלע און צורופן יענעם אַלטן ײדן, ער װיל אים עפּעס זאָגן. די סאָלדאַטן האָבן זײן בקשה ממלא געװען.

אַז דער נעסװיזשער מגיד איז צוגעקומען, זאָגט אים ר׳ איסר זלמן: — ר׳ אברהם־יצחק, כ׳בעט אײך, טוט מיר אַ טובה, און האַלט בײ מיר שבת...

# חיים זײדעס / דײנים, מגידים

## שוין גלײכער אַ דין־תורה מיטן רמ״א

אין סלוצק איז געװען אַ רב ר׳ אברהם, װעלכער איז אויך געװען אַ גרױסער פּוסק, אָבער ער פלעגט אויך באַטײליקן זײן דײן אין דין־תורה׳ס און שװערע שאלות.

מאַכט זיך אַ מאָל, אַז ערב פּסח איז טריף געװאָרן אַן אָקס. די שטאָט איז געבליבן אָן פלײש און די אָרעמע שטעטלשע קצבים איז פאַרגעשטאַנען אַ גרױסער היזק, אַ הפסד מרובה. האָט זיך ר׳ אברהם געמאַטערט צו געפינען אַ היתר און כשר מאַכן דעם אָקס.

ער האָט געפונען אַ „מקיל״ צװישן די אחרונים, און גע־בעטן דעם דײן, אַז זײ בײדע און דער „מקיל״ זאָלן שאַפן אַ בית־דין של שלשה און צוזאַמען כשר מאַכן דעם אָקס.

דער דײן האָט זיך אָנטזאָגט עס צו טאָן, װײל ער האָט געהאַלטן, אַז עס איז קעגן דעם רמ״א, װעלכער איז בפירוש אוסר אַזאַ פאַל.

דערויף האָט ר׳ אברהם שאַרפזיניק געענטפערט:

איך האַלט אָבער, אַז מען קאָן כשר מאַכן, אַפילו קעגן דער דעה פון רמ״א. װען מיר װעלן קומען אויף יענער װעלט פאַר דער פמליא של מעלה, װעט דער אָקס אונדז רופן צו אַ דין־תורה, פאַרװאָס מ׳האָט גע׳אסר׳ט זײן פלײש, אויף װעלכן ײדן װאָלטן דאַן געמאַכט אַ ברכה; די קצבים װעלן טענה׳ן, אַז זײ האָבן געהאַט אַ „הפסד מרובה״. איז שוין גלײ־כער צון גײן צו אַ דין תורה מיט׳ן רמ״א, װי מיט אַ אָקס און קצבים. מיטן רמ״א װעט מען זיך גיכער קאָנען דורכמיטלען...

אין סלוצק זענען געווען אַ סך סופרים, וואָס האָבן געשריבן ספרי־תורה און מזוזות. דער רב פון שטאָט האָט געהאַט זיין אייגענעם סופר, ר׳ מרדכי יעקב, וואָס איז געווען אַ בקי אין שרייבן גט׳ן, און איז געווען דער אמת׳ער ירא־שמים.

ויהי היום, מאַכט זיך אַז ר׳ מרדכי יעקב איז קראַנק געוואָרן, און מען האָט געבראַכט אַ יידן אַ סופר, מיטן נאָמען ר׳ וועלוול. אַזוי ווי פון זיין אַ סופר האָט ער קיין לעבן ניט געקאָנט מאַכן, איז ער געוואָרן אַ בעקער.

אַז עס איז געקומען צו שרייבן אַ גט, האָט דער סלוצקער רב ניט געוואָלט, אַז דער סופר זאָל עס שרייבן.

— פאַרוואָס, רבי? — האָט מען אים געפרעגט — ער איז דאָך אַ גוטער סופר!

האָט דער רב געענטפערט: „ביי אַ גט דאַרף מען האָבן צוויי עדות. אויב איינער זאָגט בייטאָג „בפני נכתב" (פאַר מיר געשריבן), און איינער זאָגט ביינאַכט „בפני נחתם" (פאַר מיר געחתמעט), איז דער גט פסול. דאָ איז דער סופר בייטאָג אַ „נכתב" און ביי נאַכט איז ער אַ „נחתום" (אַ בעקער), איז ער דערפאַר פסול.

✶

צום סלוצקער דיין, הרב ר׳ לייב ניימאַרק, איז אַמאָל געקומען אַן איבערגעשפּיצטער סוחר און זיך געוואָלט מיט אים אַן עצה האַלטן, אויב ער זאָל קויפן אַ געוויסן וואַלד, זאָגענדיק דערביי, אַז מיט געוויסע סוחר׳ישע דריידלעך, וואָס איז ניט קיין דירעקטע גניבה, קען ער מאַכן דערפון אַ גרויס געשעפט.

הרב ניימאַרק, וועלכער איז געווען אַ פיקח, האָט אים בלויז געזאָגט דעם פסוק פון דער תורה, אַז די לוחות „מזה ומזה הם כתובים".

וואָסער שייכות האָט דאָס צו מיין ענין — האָט דער סוחר געפרעגט.

— עס האָט שוין אַ גאָר גרויסע שייכות — האָט הרב ניימאַרק געענטפערט — דער „לא תגנוב" קען געלייענט ווערן פון ביידע זייטן. עס בלייבט די זעלבע עבירה, אויב גלייך, אָדער מיט קונצן און דריידלעך...

✶

מען האָט געוואָלט פאַרגרעסערן די שטאָטישע תלמוד־תורה, און ר׳ לייב ניימאַרק האָט צעוואַרעמט דעם עולם מיט זיין דרשה. ווי נאָר אָבער עס איז געקומען צו געלט, האָט זיך דער עולם גענומען אַרויסרוקן. האָט ר׳ לייב ניימאַרק דאַן געזאָגט: היינטיקע סדרה איז ויקהל, „מיך פלעגט אַלעמאָל אַרן אַ קשיא. פריער שטייט: „ויצאו כל בני ישראל", און דערנאָך שטייט: „ויבאו כל איש אשר נשאו לבו". איצט אָבער איז מיר דער ענין קלאָר געוואָרן. צו דער דרשה קומען אַלע, נאָר ווען עס האַנדלט זיך וועגן דער מטבע, ווערט שוין דער עולם שיטערער..."

✶

אין סלוצק איז געווען אַ גביר, אַ קאַרגער, אַ געוואַלדיקער קמצן, וועלכער האָט ניט געוואָלט געבן קיין געלט פאַר צדקה. ער פלעגט זיך אָבער איבערנעמען מיט זיין יחוס־אבות און אָנגעגעבן, אַז ער שטאַמט פון דעם „מגן אברהם".

איז צו אים אַריין אַ סלוצקער משולח בעטן אַ נדבה, און, ווי געוויינלעך, האָט דער ייד אַנטזאַגט. נאָר דערביי שטאָלצירט מיט זיין יחוס, אַז ער ציט זיין משפחה־קייט אַזש פון „מגן אברהם".

דעם משולח האָט די מעשה שטאַרק פאַרדראָסן. זייענדיק אַ קלוגער ייד, האָט דער משולח געזאָגט:

— ר׳ ייד, איך צווייפל זייער אין אייער יחוס, ווייל ווער עס וויל לערנען דעם „מגן אברהם", מוז ער פריער זען דעם „מחצית השקל", וועלכער איז אַ פירוש אויף „מגן אברהם". ביי אייך, ליידער געפין איך דאָס ניט...

## ער זאַמלט געלט פאַר אַן אלמנה מיט יתומים

אין סלוצק איז געווען אַ מגיד. ר׳ משה שוסטערמאַן האָט ער געהייסן. נאָר גערופן האָט ער זיך „משה ידבר". לויט „מאַסליאַנסקי ידבר". אָט דעם בעל־דרשן און רעדנער געדענקט מען אין ניו־יאָרק. משה ידבר און מאַסליאַנסקי ידבר ביידע סלוצקער.

יידן האָבן ליב געהאַט די דרשות פון ר׳ משה ידבר. אַז אין די שולן איז געווען אַ מודעה, אַז משה ידבר וועט האַלטן אַ דרשה, האָבן זיך יידן געגרייט. אַלע זענען געלאָפן הערן משה ידבר דרש׳ענען. זיינע דרשות האָבן גע׳שמ׳ט. פערל האָבן זיך געשאָטן פון זיין מויל. דער עולם האָט ביי זיינע דרשות געוויינט און געלאַכט צוזאַמען. ער האָט דער עיקר׳שט גענומען דעם עולם מיט זיינע רירנדיקע מעשה׳לעך און משלים.

וואָלט דאָך אים געדאַרפט זיין גוט. נאָר אין דער אמתן איז אים נעבעך נישט געגאַנגען. זיין ווייב, איז פרי אַוועק פון דער וועלט און האָט אים איבערגעלאָזט מיט צוויי קליינע יתומים.

צו די צרות האָבן נאָך די באָלשעוויקעס פאַרנומען די געגנט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און ר׳ משה ידבר איז געבליבן אָן פרנסה. די רויטע האָבן נישט געלאָזט, אַז ער זאָל האַלטן דרשות און מוסרן דעם עולם. איז אים נעבעך געווען ביטער. און דאָ האָט ער נאָך חתונה געהאַט אַ צווייטן מאָל און געהאַט נאָך אַ פּאָר קינדער. קיין ברויט איז נישט געווען, און מ׳האָט געהונגערט.

ס׳איז אַריבער אַזוי אַ שטיקל צייט און ר׳ משה ידבר האָט זיך אַרויסגעריסן פון סלוצק. ער איז אַוועק קיין פוילן און האָט ווידער אָנגעהויבן אַרומפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך און האָט גע׳דרש׳נט. און כדי דער עולם זאָל געבן מער געלט, האָט ער אין אַלע זיינע דרשות דערציילט אַ מעשה מיט אַ בידנער אַלמנה, וואָס איז געבליבן מיט זעקס בלודנע יתומים. פאַר דער דאָזיקער אלמנה מיט די יתומים פאָרט ער דאָס זאַמלען געלט, האָט ער דערציילט. דערביי האָט ער געמאָלן די שטוב מיט די עלנטע יתומים, און ווי אַזוי זיי קומען צו דער פינצטערער אלמנה און בעטן ברויט. נאָר זי האָט נעבעך נישט וואָס צו געבן זיי.

און דאָ קומט נאָך איין יתום און וויינט, ער דאַרף שיכעלעך. און זיינס אַ שוועסטערל וויינט, זי דאַרף אַ קליידעלע, אַזאַ ווי די חבר׳טעס האָבן. נאָר די אלמנה האָט איין ענטפער אויף אַלץ — טרערן. וואָס זאָל זי נעבעך טאָן? אַנדערע קינדער

האָבן אַ טאַטן, קויפט ער. נאָר פון וואַנען זאָל זי נעמען צו קויפן?

די דרשה האָט אומעטום אַזוי געררירט דעם עולם, אַז יידן און יידענעס האָבן געטראָגן געלט. מ׳האָט אים געגעבן וויפל מ׳האָט געקענט און נאָך מער ווי מ׳האָט געקענט.

איז דאָך שוין גוט. מאַכט זיך אַמאָל אין אַ שטעטל, אַז נאָך ר׳ משה ידבר׳ס דרשה קומט צו אים צו דער גבאי און גיט צו אים אַ זאָג:

„ר׳ מגיד, ווער איז די אלמנה? אפשר קענט איר אונדז זאָגן ווו זי וווינט?”

ר׳ משה ידבר, איז אַ רגע געבליבן שטיין ווי מ׳וואָלט אים געטראָפן מיט עפּעס. נאָר גלייך איז ער געקומען צו זיך און געענטפערט:

„איר ווילט וויסן? גוט, איכ׳ל אייך זאָגן — דאָס איז מיין ווייב”.

„אייער ווייב?!” קוקט אויף אים דער גבאי. „וואָס הייסט? איר לעבט דאָך, טאָ ווי קען זי זיין אַן אלמנה?”

„נו, אַרט אייך וואָס איך לעב?” פרעגט ר׳ משה ידבר. „ווען איך וואָלט געשטאָרבן, וואָלט אייך געווען בעסער?”

### „דו” און ניט „איך”

ר׳ משה ידבר, דער באַוווּסטער מגיד און מחבר פון ספרים, איז אַמאָל געקומען אין אַ שטעטל האַלטן אַ דרשה. ער איז געווען אַ ייד אַ בעל־בשר און אַ הדרת־פּנים. איז צו אים צוגעקומען אַ געוויסער לץ און חצוף און זיך אָפּגערופן:

— רבי, איך גלויב קוים, אַז איר האָט מקיים געווען די מצוה פון „פת במלח תאכל ומים במשורה תשתה ועל הארץ תישן וחיי צער תחי׳ (זאָלסט עסן ברויט מיט זאַלץ, און וואַסער זאָלסטו טרינקען מיט אַ מאָס, און אויף דער האַרטער ערד זאָלסטו שלאָפן, און אַ געדריקט לעבן זאָלסטו פירן), ווייל אויף אייער פּנים ליגט עס ניט...

ר׳ משה ידבר, וועלכער איז געווען אַ ייד אַ פּיקח, האָט זיך באַלד געכאַפּט אויף אַ שאַרפזיניקן שפּיצל און אָפּגעענטפערט דעם בעל העזה׳ניק:

— ס׳שטייט דען, אַז איך זאָל עסן ברויט מיט זאַלץ א.א.וו. דער לשון איז דאָך „תאכל, תשתה, תישן, תחי׳” — אַז „דו” זאָלסט די אַלע זאַכן מקיים זיין. אַלץ „דו” און ניט איך.

★

ר׳ משה ידבר, איז געווען אַ ייד אַ בעל צורה, געהאַט אַ שיינעם הדרת־פּנים, געגאַנגען בכבוד׳יק אָנגעטאָן און אויס־געזען ווי אַ רב.

פאַרנדיק אַמאָל אויף דער באַן איז ער אַריין אין אַ אָנגע־פּאַקטן וואַגאָן מיט יידן. אַפילו צו שטיין איז קיין אָרט ניט געווען. ווי ער איז אַריין, איז געוואָרן אַ געמורמל: — אַ רב! אַ רב!

און דער עולם האָט זיך צונויפגעקוועטשט און אים גע־מאַכט אַ וועג.

איינער, וואָס איז געזעסן, האָט זיך אויפגעהויבן און אים אָפּגעגעבן זיין אָרט:

— זיצט, רבי!

דער מגיד האָט זיך געזעצט.

הויבט זיך אָן, ווי דער שטייגער ביי יידן, אַ שמועס:

— פונוואַנען פאָרט איר, רבי?

— וווהין?

— ווו זיצט איר אויף רבנות?

— כ׳בין ניט קיין רב — זאָגט ר׳ משה — כ׳בין סלוצקער מגיד.

ווי ער האָט אַרויסגערעדט, גייט צו דער ייד, וואָס האָט אים אָפּגעגעבן זיין אָרט און זאָגט:

זייט זשע מוחל, ר׳ ייד, דער אָרט איז אַ פאַרנומענער. דער מגיד האָט זיך נעבעך געמוזט אויפהויבן און שטיין דעם גאַנצן וועג אויף די פיס.

# ע מ ד

אין סלוצק איז געווען אַ באַלעבאָס, אַ גרויסער גמילות־חסדים׳ניק, ר׳ איסר׳ל האָט ער געהייסן. ווער ס׳האָט זיך געניייטיקט אין אַ גמילות־חסד, איז געגאַנגען צו ר׳ איסר׳לען, מ׳האָט געמעגט האַלטן דעם גמילות־חסד גאַנצע חדשים, האָט ער נישט געמאָנט און קיין פּראָצענטן, חלילה, נישט גענומען.

אין זיין צייט איז אין שטאָט געווען אַן אַלטער קצב, ר׳ אייזיק טומאַניק. קיין גביר איז דער קצב נישט געווען. עס זענען געווען ביי אים צייטן, בפרט, ווען ער איז געוואָרן אַלט, יוען ער האָט געמוזט קריגן אַ גמילות־חסד, צו קענען קויפן אַ בהמה אויף שבת, אָדער אויף יום־טוב. און אַז דער אייבערש־טער האָט געהאָלפן און דאָס בהמה׳לע איז געווען כשר, האָט דער קצב גלייך, נאָך פאַר ליכט־בענטשן, אומגעקערט דעם גמילות־חסד, און אין שטוב ביי אים איז געווען פריילעך און ער צוזאַמען מיט זיינע בני־בית האָבן געהאַט אַ גוטן שבת. נאָר אויב די בהמה איז חלילה, געוואָרן טריף, איז געווען ביטער.

טרעפט, אַז ר׳ אייזיק ברענגט אַ בהמה אין דער שעכט־הויז און זי ווערט־טריף. דער קצב איז אַרומגעגאַנגען אַ צומישטער. ער האָט נישט געקענט צאָלן קיין חובות און נישט געקענט קריגן קיין נייע הלוואות.

לויפט ר׳ אייזיק צו ר׳ איסר׳לען אין שפּייז־קראָם, ער זאָל אים וואַרטן מיטן גמילות־חסד, וואָס ער איז אים שולדיק, ביז דער אויבערשטער וועט העלפן.

אַז ר׳ איסר׳ל האָט פון זיין שוועל דערזען דעם קצב, איז ער אַריין אינעווייניק און האָט זיך באַהאַלטן הינטערן פעסל נאַפט. ער האָט מורא געהאַט, אַז ער זאָל נישט עובר זיין אויף אַ לאַוו פון דער תורה, וואָס זאָגט, אַז מ׳זאָל נישט זיין צו איינעם, וועמען מ׳לייט געלט, ווי אַ פּראָצענטניק.

דערווייל קומט אַריין אַ יידענע און הייסט זיך געבן אַ קוואָרט נאַפט. גייט די קרעמערין צו צום פאַס נאַפט און זעט ווי איר מאַן באַהאַלט זיך הינטערן פאַס. דערשרעקט זי זיך. זי האָט געמיינט, אַז ס׳האָט חלילה עפּעס געטראָפן מיט אים.

„ניין״, זאָגט ער. „נאָר איך האָב געזען דעם קצב קומען, און איך ווייס, אַז ער האָט נעבעך נישט פון וואַנען מיר אָפּצו־געבן דעם גמילות־חסד. ס׳איז ביי אים ווידער טריף געוואָרן אַ בהמה. און איך וויל נישט עובר זיין אויף דעם לאוו פון דער תורה, אַז מ׳זאָל נישט זיין צו אַ לווה ווי אַ פּראָצענטניק״.

דערווייל קומט אַריין דער קצב און הערט, וואָס ר׳ איסר׳ל זאָגט. גיט ער אַ זאָג:

„חלילה, ר׳ איסר, איך בין עקסטרע געקומען צו אייך בעטן, איר זאָלט מיר וואַרטן נאָך אַ וואָך״.

„אַוודאי״, זאָגט ר׳ איסר׳ל. „ווען איך האָב אייך געגעבן דעם גמילות־חסד, איז טאַקע מיין כוונה געווען, אַז נישט אויף איין וואָך גיב איך אייך דאָס געלט, נאָר אויף עטלעכע וואָכן. דאַגה׳ט נישט, ר׳ אייזיק. דער אייבערשטער וועט העלפן און אַז איר וועט האָבן, וועט איר מיר דעמאָלט אומקערן דעם גמילות־חסד״.

ר׳ מאיר ראַזאָוואָסקי פלעגט זאָגן: „וואַסער מיט פייער האַלטן צווישן זיך מלחמה און ביז דער טאָג מאַכט צווישן זיי שלום, ווערט ער נעבעך גוט פאַרשוואַ־צט״.

✶

דאַלהוניכצע די זאָגערין פלעגט אויפן בית־עולם דער־שיטערן די באַזוכער מיט איר מענה־לשון און אויסטענהן זיך מיט די נפטרים, זיי זאָלן זיך אָננעמען פאַר די געליטענע.

די ערשטע פראַגע אירע איז געווען צום באַזוכער אויפן קבר: „מיט טרערן אָדער אָן טרערן?״

✶

אַ סלוצקער קברות־מאַן האָט זיך געווענדעט צו זיין טאָכטער: „גאָט וועט געבן אַ „מת׳לע״, וועל איך דיר שאַפן אַ „חת׳לע״.

✶

סלוצקער ווייבער האָבן זיך געשאָלטן אין יאַטקע ביים פאַרקויפן פלייש.

זאָגט איינע: אכצן קלאָגן אין מיין שונאס מאָגן.

רופט זיך אָן די צווייטע פאַרוואָס דוקא פונקט אכצן?

ענטפערט די ערשטע, ווייל חי (י״ח — 18) איז צום לעבן.

# ש. ל. בעקער / צוויי בריוו קיין ארץ־ישראל

אהרון ברוך בעקער, וועלכער האָט געאַרבעט אין דער סלוצקער ציוניסטישער טשאינע איז אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל אין יאָר תרס״ד (1904). די ערשטע צייט געאַרבעט אין ועד פון ראשון לציון און דערנאָך אַלס אַרבעטער אין טעכניקום פון הדר־הכרמל אין חיפה.

געשטאָרבן אין יאָר תרצ״ב (1932) אין תל־אביב.

אינטערעסאַנט זענען די פראַגמענטן פון די עלטערנס בריוו פון סלוצק קיין ארץ ישראל צו זייער זון אהרון ברוך (אַ נאָמען נאָך זיין זיידן דעם באַוווּסטן סלוצקער ראש ישיבה ר׳ אהרון ברוך (ביי וועמען ס׳האָט געלערנט מענדעלע מו״ס).

אין זיי שפּיגלט זיך אָפּ דעם פאָטערס באַציונג צום ציוניזם, זיין פּאָליטישע אויפפאַסונג אין זיין ד.רכשמיעסן זיך מיטן זון פון דערווייטנס אין אַ שפּראַך האַלב יידיש און העברעאיש.

סלוצק, 1914.

אור ליום א׳ מוצאי ש״ק, פ׳ תצוה.

אָפּזאָגנדיק די זמירות פון מוצש״ק בעטן מיר דעם עוויגן ער זאָל עפענען אַלע גוטע שערים, האָט מען אָפּגעגעסן און פאַרטרונקען מיט געשמאַקע טיי. חיהלע און שרהלע זענען אין קראָם און שאַיע־לייזער איז אַוועק אין גאַס פרעגן מחר קאַדער (די וועלכע פאָרן אויף די דערפער האַנדלען, איינקויפן אַלטוואַרג). בין איך געבליבן אין שטוב מיט דער שוואַכער מוטער. זי בעט מיך שרייבן דיר אַ בריוו.

בני אהרון ברוך, אין די שולן זענען צעקלעפּט צעטלען פון אוסישקין, דעם פירער פון חובבי־ציון. ער בעט מען זאָל געבן נדבות אויף קויפן ערד אין ארץ־ישראל. אויך איז אויפ־געקלעפּט אַ בקשה פון ר׳ אברהם קוק, יפוער רב מיט הייכע הייליקע ווערטער, ער ווייזט אויף, אַז ביי יידן האָט זיך



אהרן ברוך בעקער

אָנגעהייבן אייניקן איין געדאַנק פאַרן הייליקן ארץ־ישראל מיטן יידישן ישוב. איך האָב געלייענט אין צייטונג וועגן דעם פאַראַד פאַרן אַלטן יידישן פּאַטריאַרך ראָטשילד, וועלכער האָט אויסגעשאָטן מיליאָנעס אויפן ישוב א״י בעת ער איז דורכגע־פאָרן א״י. זרם דמעות נזלו מעיני, באַגאָסן זיך מיט טרערן, וואָס איך בין ווי אַ געשמידטער — כיסי לא תתנני לנסוע —

די קעשענע פּאַזוואָליעט ניט... פּאַרגעס ניט, צווייען אין פאָלק ביי פּאָניען אין די הענט און מע דאַרף זיי שיקן געלט. שאַיע לייזער איז אַ שוואַכער, העלפן העלפּט ער האָרעווען, ער דאַרף וווילטאָג, גוט עסן, שמאַטקע אייער.

איך מיט מיינע שוואַכע כוחות דאַרף האָרעווען, צוגעבונדן צו אַ סוס און דערצו דער קלאַפּאָט — שיקן די סחורה צום באַן ווו ס'איז טייערער ווי אין סלוצק. איך דאַרף קלייבן אַ גאַנצן וואַגאָן עצמות, וועלכע איך שיק קיין סטאַריע־דאַראַגי. קאָסט די פור געלט וועלוועלער ווי לעבעוויטש און דער מקח איז אויך אַ גרעסערער ווי ביסלעכווייז פאַרקויפן.

אַ וואַגאָן ברזל איז 1000 פּוד, לויפט אַרויף אויף דעם 50 רובל טייערער. דאַרף מען האָבן סבלנות (טערפּעניע) קלייבן אַ וואַגאָן אַ האַלב יאָר באַזונדער. פאָרן אין דאָרף, הערן פון דעם מוזיצ'אָק חז, פון שונא ישראל שמוציקע רייד, ער לאַכט און שרייט. אויב דער עוויקער גיט מיר כוחות צו פאַרטראָגן עס, האָב איך ניט וואָס צו זינדיקן.

ווען איך וואָלט ווערט זיין זיך זעען מיט דיר. אין ווי גליקליך וואָלט איך געווען. דיינע געדאַנקען זענען ווייט פון מיינע, כאָטש דו זעסט די פּראַקטיקע, אַז ניט פאָלגנדיק דעם אָשמענער רב האָסטו גאָרניט אויסגעפירט.

נו, האַלט זיך ביי דיינע געדאַנקען און דער עוויקער זאָל דיר פירן אויך ווייטער אויף אַ בעסערער און גליקליכער וועג ווי ביז אַהער. — — —

אביך הדורש שלומך ש״ל בעקער

סלוצק, אור ליום א׳ דחוהמ״ס.

שלום לך בני יקירי אהרון ברוך.

היום ב׳ דסוכות עת הלכתי מבית המדרש ווילנער קבלתי מכתבך והמטר הלך — עס האָט גוט גערעגנט ולא קראתיו עד בואי לביתי — ניט געלייענט ביזן קומען אַהיים. הראיתי מכתבך בחלון — געצייגט דיין בריוו אין פענצטער ואחותך הצעירה רצה לחוץ — דיין יונגע שוועסטער איז געלאָפן אין דרויסן ובשמחות וגיל קבלה מכתבך — ווי צופרידן איז זי געווען פון דיין בריוו. בפּאָסט השני קבלנו מכתב מאחיך נחום — אַ בריוו באַקומען פון נאַחומען. ער שרייבט, כי לפי השמועה ילך מחר לשדה המלחמה און ער בעט מיר זאָלן מתפלל זיין. אחיך בערל נמצא עתה במאסקווע. כאשר נסע לשדה המלחמה און זיך געזעצט אויף הראַמאַט והסוסים רצו מהרה — נפל ארצה, איז ער געבליבן ליגן גלמוד שוכב על הארץ, כי גלגל הראַמאַט לחץ רגלו. נו, האָט די ראָד צוגעקוועטשט זיין פוס. המחנה שלו נסע למלחמה — זיין קאָמפּאַניע איז אַוועק ולא שמו עין לו — ווער האָט געקוקט אויף אים. ברד חצים יעופו מעל ראשו, וישא עיניו וירא בור ושכב שם — אַ האָגל פון פיילן האָט געפייפט און געפלויגן, איבערגעלעגן אין אַ דערבייאיק גרוב. וישא רגליו וילך 4 וויאָרסט ביז ער איז צוגעקומען צו אַ לאַגער.

הכאב ברגל גדל והלך ללאַזאַרעט. בחמשה ערים הובילו אותו — אַרומגעפירט אים איבער 5 שטעט ביז מ'האָט אים געבראַכט אין מאָסקווע. מ'מאַכט אים „פּעֶרעוויאַזקעס" והוא שוכב — ער ליגט שוין דאָרט יותר מחודש.

— — — נודע לנו כי אבדו לפאָניע שני קאָרפּוסים און דיין ברודער היה שם. הלכנו קדורים וידינו אסורות — פאַרשוואַרצט, פאַרט־ויערט זענען מיר אַרומגעגאַנגען און האָבן זיך ניט געהויבן די הענט. — — —

חדשות — חלשות — נייעס ניט קיין פריילעכע:

הרוסים רצו וברחו בלי סדר — געלאָפן 150 וויאָרסט און ערב ראש השנה מכתב מאחיך כי חמשה ימים לא אכל, עשרה ימים לא שתה ולא החליף בגדיו ששה שבועות. ער האָט געוואַרט אויפן ביטערן מלאך המות ובזכות אבות איז ער געבליבן לעבן. — — — הגרמאַנצים חזקים ומה שיעשה הזמן לא יעשה השכל. ובגאַליציע האוסטרית עשה הרוס ניצחון ולקח הרבה פלעניקעס והקאזאק הנגזל, האָט געגזלט, געראַבירט לפי כללי המלחמה וידם בכל — אין יידיש האָב און גוטס. — — — ואני כאשר עבדתי עבדתי — מ'אַרבעט און מע שמאיעט אויף פּוסטאַ־פּאַס. חזק ואמץ!

אביך הדורש שלומך ש״ל בעקער



ש. ל. בעקערס פאַמיליע

# פאלקס־טיפן

## חיים זיידעס ניו־יארק / סלוצקער טיפן

א

פאַר דער ערשטער מלחמה זענען געווען אין סלוצק גרויסע סוחרים, וואָס אין זייער יוגנט האָבן זיי אויך געלערנט אין וואָלאָזשין. ניט קוקנדיק וואָס זיי האָבן געפירט גרויסע מסחרים, האָבן זיי קובע עתים געווען לתורה. אַלע טאָג זענען זיי געזעסן אין שול, געלערנט אַ בלאַט גמרא. און אַזאַ סוחר ווי ישעיה מענדל, אַ גרויסער הורטאָווניק (האָלסעילער) האָט יעדן טאָג נאָכן דאַווענען געלערנט מיט זיין זון אַ בלאַט גמרא און נאָכער איז ער געגאַנגען אין זיין געשעפט האַנדלען.

ישעיה מענדל דערעצין, איז געווען באַוווּסט אין מינסקער גובערניע, זיין הויז איז געווען אַ פּלאַץ פון מסחר און צדקה. ביי ישעיה מענדלען, האָבן געגעסן דרייסיק ישיבה־בחורים יעדן דינסטיק און ישעיה מענדל איז געווען טעטיק אין אַלע מוסדות של צדקה. ער אַליין האָט געגעבן און געזען אַז אַנדערע זאָלן אויך געבן.

אַ געוויסער ייד מיטן נאָמען זעליג, דער קעמעל־מאַכער, האָט זיך אָפּגעגעבן מיט זאַמלען געלט פאַר אלמנות און יתו־מים און באַזונדערס פאַר תומכי תורה. ער האָט זייער אָפט באַזוכט ישעיה מענדלס הויז און זעענדיק ווי מען באַזאָרגט מיט עסן יעדן דינסטיק דרייסיק ישיבה־לייט, זאָגט זעליג איינמאָל צום גביר ישעיה מענדלען: „זייער שיין פון אייך, וואָס איר גיט עסן די ישיבה־בחורים איין טאָג אין וואָך. איר ווייסט דאָך, אַז די וואָך האָט זיבן טעג און נאָך צענדליקער ישיבה־בחורים דאַרפן עסן טעג... וואָס קענט איר טאָן פאַר זיי ?...״

ענטפערט אים ישעיה מענדל: „זעט ר׳ זעליג, קומט צו מיר פאַר נאַכט און זאָגט מיר ווי גרויס ס׳איז די סומע פון צדקה וואָס איר האָט געזאַמלט אין פאַרלויף פון טאָג, און איך וועל אייך געבן מיין חלק...״

דאָס האָט געגעבן גרויס מוט ר׳ זעליגן און ער האָט זיך באַמיט זאַמלען וואָס מער נדבות, ווייל ער האָט געוווּסט אַז ר׳ ישעיה וועט געבן לויט דער גרויס פון זיין געזאַמלטער סומע. ער האָט דאָס דערציילט זיין אשת חיל רבקה, זאָגט זי צום מאַן: „היינט האָב איך געהאַט אַ גוטן טאָג אין יאַטקע, גיב איך דיר פינף רובל, ועסטו האָבן דאָפּלט ביי ישעיה מענדלען״.

שפעט אין אָוונט האָט ר׳ זעליג געבראַכט דאָס געלט צו ישעיה מענדלען און אויסגעציילט פאַר אים אַלע נדבות. ישעיה מענדל האָט געהאַלטן וואָרט און געגעבן כנגד, וויפל ער האָט באַקומען פון אַלע מנדבים. ר׳ זעליג דער קעמעל־מאַכער איז אַוועק זייער אַ צופרידענער פון ישעיה מענדלען, זיך געוווּנטשן, אַז אַזעלכע ישעיה מענדל׳ס זאָלן זיין אין די טויזנטער...



ר׳ חיים זיידעס

ס׳איז אויך געווען אַ ייד מיטן נאָמען חיים דוד דער בדחן, ער האָט געשפּילט אויף דער גרויסער באַנדורע אויף אַלע חתונות. אַן אָרעמאַן איז ער געווען אין זיבן פאַלעס, געדאַוונט האָט ער יעדן טאָג ביז מיטאָג־צייט, געגאַנגען אין גאַס און געזאָגט תהילים. געוווינט האָט ער אויף דער שמידישער־גאַס אין אַ קליין שטיבעלע, וווהין די ליכטיקע שיין איז ניט אַריינגע־קומען. ס׳איז דאָרט געווען אַ צעבראָכן פענצטער פאַרשטעקט מיט שמאַטעס. אין ווינטערדיקע טעג האָט דער פראָסט גע־בושעוועט אינעווייניק פונקט ווי אין גאַס. אַלע פרייטיק איז חיים דוד דער בדחן געלאָפן מיט פיל ישיבה־בחורים און סתם אָרעמעלייט פון שול צו שול בעטן יעדן בעל־הבית ער זאָל נעמען אַן אורח אויף שבת. זומער אין די היצן, ווינטער אין די

קעלטן, און זאווערוכעס האָט חיים דוד געטאָן די אַרבעט בתמימות. עס האָט פיל מאָל פּאַסירט, אַז צוליב דעם וואָס ער האָט פאַר יעדן געוואָלט באַשטעלן אַ שבת צום עסן, האָט ער אַליין געגעסן פרייטיק צו נאַכטס צו האַלבער נאַכט. ער איז געווען אַלט אין יאָרן, נאָר געלאָפן איז ער ווי אַ יונגער סאָל־דאַט פון שול צו שול באַשטעלן פאַר יעדן ישיבה־בחור אַ שבת צום עסן.

ניט איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז אייניקע אורחים זענען געבליבן, קיינער האָט זיי ניט געוואָלט נעמען, איז ער אַליין געווען דער מכניס אורח.

## ב.

די תלמוד תורה איז געווען ניט ווייט פון מאַרק, דאָרטן האָבן געלערנט איבער הונדערט קינדער. היים בערל אַלשאַנסקי דער כהן, לייבע יויך, דער שמיד, און זעליג דער קעמעל־מאַכער, האָבן אויסגעבויט אַ שיינעם בנין אויף דעם פּלאַץ, ווו עס איז געשטאַנען די אַלטע באָד, געהאַלטן די בעסטע מלמדים, ווו מען האָט געלערנט פון אלף־בית ביז אַ בלאַט גמרא.

אין סלוצק איז געווען אַ לינת־הצדק, וואָס האָט באַזאָרגט די קראַנקע מיט אַ דאָקטאָר און מעדיצין, און יעדע נאַכט זענען געקומען צוויי מענטשן צו באַדינען דעם קראַנקן אַלס קראַנקן־שוועסטער.

אַלע סאָרטן כלים וואָס אַ קראַנקער ברויכט, האָט דער לינת־הצדק געגעבן פריי און ניט איינמאָל, האָט דער לינת־הצדק געגעבן געלט דעם קראַנקן צו שטעלן אים אויף די פיס. דער סלוצקער „הקדש" איז געווען אונטער דער אויפ־זיכט פון ד"ר שילדקרויט און אַנדערע דאָקטוירים האָבן יעדן טאָג באַזוכט דעם הקדש פריי אָן צו קריגן געצאָלט. דער הקדש האָט אויך אַריינגענומען קראַנקע פון אַרום סלוצק.

דער מושב־זקנים, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן הקדש איז געווען אַ צדקה־אַנשטאַלט פאַר דעם גאַנצן סלוצקער אויעזד. אין דער ישיבה, וואָס איז געווען לשם ולתפארת אין גאַנצן רוסלאַנד, זענען אַלע ישיבה־לייט געווען באַזאָרגט מיט „טעג" און אַ פּלאַץ צום שלאָפן. יעדער אַרעמער ייד האָט געהאַט יעדע וואָך צו געבן אַ ישיבה־בחור אַ „טאָג". יעדער אַרעמאַן האָט געהאַט אין הויז עטלעכע צדקה־פּושקעס. יעדע וואָך זענען געקומען משולחים פון ארץ ישראל און פון אַנדערע אַנשטאַלטן.

עס איז געווען אין סלוצק אַ פרוי מיטן נאָמען לאה פון הארקע, אַ פרוי וואָס איז געווען ווייט פון בילדונג, נאָר מיט אַ יידיש האַרץ. יעדן טאָג האָט זי געהאַט אַ ישיבה־בחור צום עסן. פיל מאָל געבראַכט עסן אין דער ישיבה צו די ישיבה־לייט. זי האָט געטענהט: אפשר שעמען זיך אַנדערע צו גיין עסן „טעג", אָדער זיי ווילן ניט מבטל זיין דאָס לערנען תורה? האָט זי געבראַכט זיי עסן אין דער ישיבה, און געפרעגט ווער עס האָט וועש צום וואַשען, וועט זי טאָן פאַר זיי אַלעס פריי. זי האָט חלילה קיינעם ניט געוואָלט מבייש זיין. מיט פאַרשי־דענע תירוצים האָט זי געגעבן צדקה צו געפאַלענע פערזאָנען, זיי זאָלן ניט פאַרשעמט ווערן. למשל, איך געדענק, ווי זי האָט אַליין געבראַכט ווינטער־צייט האָלץ צו אַן אַרעמער פאַמיליע, און זיי געזאָגט, אַז זי האָט צו פיל האָלץ, גיט זי דאָס אַוועק, נאָר בתנאי, אַז דעם קומענדיקן יאָר זאָל מען איר אָפּגעבן... פיל מאָל האָט זי געבראַכט צו אַן אַרעמער פאַמיליע עטלעכע פונט פאַרפל. זי איז געווען אַ גרויסע בריה און אַ גרויסע בעל־הבית'טע און אַלע אירע ווערטער זענען געווען: „איר ווייסט, מיין חיים'קע וויל נאָר לאָקשן, ניט קיין פאַרפל... נעמט ביי מיר אַ זעקל מיט פאַרפל, דעם קומענדיקן יאָר וועט איר מיר אָפּגעבן לאָקשן"... אַזוי איז געווען איר צדקה־געבן שטילערהייט. יעדן אַרעמאַן האָט זי געגעבן איר נדבה בסבר פנים יפות, און אים געהייסן זיך וואַשן און אים געגעבן עסן נאָך אירע מעגלעכקייטן. זי האָט ניט געהאַט קיין מאַשין צו מאַכן זאָקן, נאָר מיט אירע פיר פרענטלעך געמאַכט פאַר אַרעמעלייט אַלע סאָרטן זאָקן, ספּעציעל פאַר ישיבה־בחורים און אַרעמע כלה־מיידלעך. כאָטש די פרוי לאה האָט געהאַט אַ שוויגער פעסעלע, וואָס האָט געהאַט אַ שם אין שטאָט, אַז זי האָט אַ מויל אויף שרויפן, אָבער לאה האָט אַלץ געטאָן שטיל, ניט געזוכט קיין כבוד, נאָר געבעטן גאָט, זי זאָל זוכה זיין צו האָבן קינדער בני תורה ויראה.

ניט איינמאָל האָט זי אַוועקגעגעבן איר עסן אַן אַרע־מאַן. זי האָט ניט אַכטונג געגעבן אויף איר געזונט, נאָר אויפן צווייטנס געזונט, — אַז מען האָט איר געפרעגט: ס'טייטש לאה, די וועלט זאָגט דאָך, אַז אייך אַליין קומט צום ערשטן? איז איר ענטפער געווען מיט אַ שמייכל: „איך ווער זאַט און צופרידן ווען איך מאַך דעם הונגעריקן זאַט און באַקלייד דעם אַרעמאַן".

## ג.

אין יאָר 1899, נאָך דער גרויסער שריפה, זענען פיל גע־בליבן בעירום ובחוסר כל.

אַ געוויסער ר' מרדכי יונה, האָט אויסגעבויט זיין הויז און געלאָזט וויסן, אַז ער נעמט פאַר זיך בלויז איין צימער, און דאָס גאַנצע הויז גיט ער אַוועק פאַר אַ שטאָטישן הכנסת־אורחים. ער האָט געמאַכט תקנות, אַז יעדער אורח האָט אַ רעכט דאָרטן צו עסן צוויי מאָלצייטן און איבערשלאָפן אַ נאַכט. אַלע שטאָטישע אַרעמע תלמוד־תורה־קינדער האָבן דאָרטן געגעסן צוויי טעג אין וואָך, און צוויי טעג אין וואָך האָבן געגעסן ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן געלערנט אין סלוצקער ישיבות.

די רביצין, הינדע ביילע, די פרוי פון הגאון מעלצער זצ"ל, האָט יעדן טאָג באַזוכט דעם הכנסת־אורחים קאָמיטעט. שכנא דער שמש פון שמידישער שול, איז געווען דער קאָלעקטאָר פאַר דעם קאָמיטעט, און מענדל, אַ ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט, איז געווען דער אויפזעער איבער דער געביידע.

כאָטש עס איז געווען אין סלוצק אַ הכנסת־אורחים, פונ־דעסטוועגן האָט יעדערער גענומען פרייטיק־צו־נאַכטס פון שול אַן אורח אויף שבת, און אים געגעבן עסן און אַ פּלאַץ צום שלאָפן.

ד

**לייבע יויך**

לייבע יויך, איז געווען אַ שמיד. געשטאַנען אין קוזניע, געקלאַפּט מיטן האַמער און געבלאָזן מיטן בלאָז־זאַק. אַט דער שמיד לייבע, ווי פאַרנומען ער איז געווען אין קוזניע, האָט ער געהאַט אויף זיין קאָפּ אַלע סלוצקער אָרעמע לייט, אַפילו די אָרעמע ישוב׳ניקעס. נאָך פאַר פּורים האָט ער שוין גענומען פאַרזאָרגן אַלע אָרעמע לייט פון שטאָט ווענמען מיט מצות, ווענמען מיט קאַרטאָפל, און ווענמען מיט אַנדערע הצטרכותן. און דאָס אַלץ פאַר דעם גרויסן יום־טוב פּסח.

פאַר זיך אַליין האָט לייבע ווייניק וואָס זיך געקימערט. ער איז אַפילו געווען אַ קנאַפּער מקפּיד אויף זיין הילוך. ער האָט געטראָגן אַן אַלטן, אויסגעריבענעם פּעלצל אַ גאַנצן ווינטער, אַ פּאָר פּאַרלאַטעטע שטיוול און אַ היטל, וואָס איז אַלט געווען אַ צענדליק יאָר און אפשר מער. די קאַפּאָטע איז געווען פאַר־לאַטעט און פאַרשמאָלצן. אין אַזאַ הלבשה האָט ער באַזוכט אַלע נגידים פון סלוצק. יעדער האָט אים געקענט און ס׳איז געווען זייער שווער אים אָפּזאָגן צו געבן אַ נדבה. אַלע האָבן געוווסט, אַז לייבע נעמט ניט אַראָפּ פון די נדבות קיין גראָשן. ער גיט אַוועק אַלץ שטאָטישע אָרעמע לייט.

ווען איינער האָט אים ניט געוואָלט געבן אַ ריכטיקע נדבה, האָט אים לייבע יויך דערלאַנגט אַ ריכטיקן גאָב, אַז עס איז יענעם אין האַלדז ניט געקראָכן. לייבע דער שמיד, האָט געקענט אָפּזידלען דעם גרעסטן גביר מיט די גרעסטע זילזולים. ער האָט קיינעם ניט געשאַנעוועט.

אין אַ געוויסן יאָר איז די פּרנסה פון די סלוצקער יידן געווען בדוחק. אַ גאַנצער ווינטער זענען קרעמער געזעסן און אַרויסגעקוקט אויף אַ פּדיון און בעלי־מלאכות זענען געזעסן כמעט אָן אַ שטאָך אַרבעט. איז טאַקע צוליב דעם אַליין געווען אַ סך מער נצרכים דעם ערב פּסח.

האָט לייבע געהאַט יענעם ערב פּסח מער זאָרג און אַרבעט ווי אין אַנדערע ערב פּסח׳ס.

אָבער לייבע געהאַט מוט און געזאָגט: גאָט איז אַ פאָטער, ער וועט מיר העלפן צו באַזאָרגן זיינע קינדער. גייענדיק מיט זיינע פאַרלאַטעטע שטיוול אין די גרויסע בלאָ־טעס פון הויז צו הויז, האָט מען אים ניט געגעבן וויפל ער האָט פאַרלאַנגט, און לייבע איז געווען שטאַרק פאַרזאָרגט. און דאָ מאַכט זיך, אַז אַ רייכער בעל־הבית פון זאַרעצער גאַס גיט אים אַ גאָר קליינע נדבה פאַר מעות חיטים, ער וויל מער ניט מוסיף זיין קיין קאָפּיקע. זאָגט אים לייבע: „איר זייט אַ כלב (אַ הונט). נאָך מער: אַ כלב שבכלבים!" ער האָט נאָך דערביי אויסגעטייטשט וואָס ער מיינט: „אַ הונט, אַז ער כאַפּט אַ ביין, האַלט ער עס פאַר זיך אַליין. דאָס זעלבע זייט איר מיט אייער געלט."

אָפּגעזאָגט דעם פּזמון צו דעם סלוצקער גביר, האָט ער זיך אַרויסגערוקט פון הויז, און עס איז געוואָרן אַ ברוגז צווישן לייבען מיטן גביר. נאָר ווען עס איז געקומען פאַר ראש השנה, האָט לייבע געוואָלט איבערבעטן דעם גביר, אָבער דער גביר האָט זיך אָפּגעזאָגט אים מוחל צו זיין. לייבע וואָס איז געווען בטבע אַ שרעקנדיקער פאַר אַן עבירה, האָט זיך געפילט געערגערט. איז ער אַוועק צו ר׳ לייבע ניימאַרק, דעם דיין, און דערציילט זיינע צרות. דער דיין ניימאַרק, וואָס איז געווען אַ פּיקח, האָט אים באַרואיקט און געזאָגט: „איר האָט דאָך אים ניט באַליידיקט פון אייערט וועגן, נאָר צוליב צדקה, ווייבאַלד איר האָט אים געבעטן מחילה און ער האָט אייך אָפּגעזאָגט, האָט איר שוין אָפּגעטאָן אייער חוב".

לייבע דער שמיד האָט זיך געפילט שולדיק, וואָס ער האָט אַ יידן גערופן כלב (הונט). ער האָט זיך באַמיט אים איבער־צובעטן. האָט ער געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט.

לייבע, ווי אָרעם ער איז געווען, האָט ער שטאַרק געוואָלט אָפּהיטן אַלע יידישע מצוות. אַז עס איז געקומען פּורים, האָט לייבע געשיקט יעדן איינעם שלח־מנות, און דעם גביר, וועמען לייבע האָט גערופן כלב, האָט ער אויך געשיקט שלח־מנות. אַז דער גביר האָט געזען דעם שיינעם שלח־מנות, איז ער ווייכער געוואָרן און האָט חרטה געהאַט, וואָס ער האָט אָפּגעזאָגט זיך איבערצובעטן מיטן שמיד ערב ראש השנה. האָט דער גביר צוגענומען דעם שלח־מנות פון טעצל און אַוועקגעלייגט גאַנצע פינף רובל מיט אַ צעטעלע, וואָס האָט זיך אַזוי געליי־ענט: „ר׳ לייבע, דאָ האָט איר פינף רובל און איר קענט טאָן מיט דעם וואָס איר ווילט... איך האָב גרויס חרטה וואָס איך האָב אייך ניט געוואָלט מוחל זיין. מוחל! ווען איר וועט נאָר דאַרפן אַ נדבה, קומט צו מיר, איך וועל אייך קיינמאָל ניט אָפּזאָגן. איך ווינטש אייך אַ גוטע עלטער".

ה.

**די חופּה־קלייד**

שמעון דער טרעגער, כאָטש ער האָט געהאַט אַ הויז מיט מיידלעך, איז ער אָבער געווען אַ צופרידענער מענטש, ווייל יעדעס מיידל האָט אין יענער צייט געדינט ביי אַ גביר אין סלוצק, און יעדע איינע פון זיי האָט געהאַט אַ שיינעם נדן. יונה דער שדכן איז געווען דער פאַרמיטלער פון אַלע יידישע טעכטער פון סלוצק און אומגעגנט.

שמעונס טאָכטער, רחל, איז געווען אַ שיין מיידל מיט אַ שיינער פיגור. דער חתן איז געווען אַ דאָרפישער בחור, מיט געזונטע הענט, פון דאָרף קריוויץ, וואָס ליגט ניט ווייט פון סטאַראָבין. דער נדן איז געווען איינגעשריבן אין די תנאים, גאַנצע צוויי הונדערט רובל.

די חתונה האָט געדאַרפט פאַרקומען אַ וואָך נאָך שבועות. רחל האָט קיין מוטער ניט געהאַט. איר שטיף־מוטער איז געווען גוט צו איר. די גאַרדעראָבע איז געמאַכט געוואָרן ביי דעם בעסטן שניידער, יאָסל יאַרחע, פון זאַרעצער גאַס. ווען יאָסל האָט געבראַכט איר חופּה־קלייד, האָט רחל געוואַשן אירע הענט מיט זייף, ניט צו פאַרפלעקן די סטענגעס פון קלייד. און ווען רחל האָט אָנגעמאַסטן דאָס חופּה־קלייד, האָט איר שטיף־מוטער אַ זאָג געטאָן: „זעסט, רחל׳ע, דיין מזל זאָל אַזוי שיינען, ווי דו שיינסט אין דעם קלייד!.."

אַלע אירע חברטעס, האָבן זיך ניט געקאָנט אָפּוווּנדערן פון דער גוטער סחורה און פון דער גוטער אַרבעט, וואָס יאָסל דער שניידער האָט אַריינגעלייגט. דאָס גרויסאַרטיקע

חופה־קלייד, מיט די באַפּוצונגען, האָט אָפּגעקאָסט פופציק רובל פון נדן. זי האָט ביי זיך געטראַכט, אַז איר חתן איז דאָך אַ דאָרפישער בחור, וועט ער זיין צופרידן מיט הונדערט און פופציק רובל נדן, אָנשטאָט די צוגעזאָגטע צוויי הונדערט רובל.

אויף דער חתונה זענען געווען איינגעלאַדן שכנים און טרעגער פון מאַרק. פעסעלע די קצב'טע, וואָס האָט אַלע מאָל ליב געהאַט משמח צו זיין חתן־כלה — ספּעציעל ווען די כלה איז געווען אַ יתומה — איז איצט געווען די ערשטע מחותנת'טע אויף דער חתונה. אויך לייבע יויך, דער שמיד, איז געווען אויף דער חתונה.

און אַט זיצט שוין די כלה אויף איר שטול און וואַרט, מען זאָל זי פירן צו דער חופה. יאַנקל דער קלעזמער שפּילט אויפן פידל, אליהו שפּילט אויף דעם פּאַפּיאַל, און חיים דוד — אויף דער גרויסער באַנדורע. ערשט ס'הויבט זיך אָן אַ טומל: דעם חתנ'ס מוטער אַ יידענע „מיט אַן אוירינגל", שרייט אַז זי וויל האָבן די גאַנצע צוויי הונדערט רובל נדן, נישט ווינציקער!.. אַזוי ווי עס איז איינגעשריבן געוואָרן אין די תנאים. שמעון דער טרעגער רעדט צום חתנ'ס מוטער מיט גוטן: „זעט טייערע מחותנת'טע. מיין טאָכטער האָט געמאַכט זייער שיינע קליידער, אַלץ פאַר אייער זון, צו געפעלן אים, האָט זי אויסגעגעבן פופציק רובל... זעט, פאַרשעמט זי ניט... לאָמיר גיין צו דער חופה..."

אָבער דעם חתנ'ס מוטער, דאָבע, ענטפערט: „זעט בעסער, וואָס אין די תנאים איז איינגעשריבן געוואָרן. ניטאָ דער נדן איז אויס חתונה!.."

די כלה האָט געפּאַסט אַ גאַנצן טאָג, איז זי געווען אָפּגעשוואַכט, און פון די געשרייען פון דעם חתנ'ס מוטער איז זי געפאַלן אין חלשות... מען האָט זי קוים אָפּגעמינטערט. און דאָ איז שוין באַלד שבת. ווו קריגט מען אַזאַ גרויסע סומע געלט, גאַנצע פופציק רובל?

האָט לייבע יויך אַ זאָג געטאָן צו פעסעלען: „פעסל, דו ווייסט דאָך אַז איך האַלט וואָרט, גיב דיינע פּערל מיט דיינע דימענטענע אוירינגלעך צום חתנ'ס מוטער אַלס משכון. איך גאַראַנטיר דיר, אַז אין אַ וואָך אַרום וועל איך אויפמאָנען די פופציק רובל... דו וועסט קריגן דיינע פּערל מיט דיינע אוירינגלעך צוריק..."

פעסעלע האָט אַראָפּגענומען פון זיך די אוירינגלעך מיט אירע פּערל, דערלאַנגט עס דעם חתנ'ס מוטער, און די קלעזמער האָבן גענומען שפּילן אַ פריילעכס, און מען איז אַוועק צום שול־הויף שטעלן די חופה.

ביי דער חופה זענען אָנוועזנד געווען יונג און אַלט. יעדער האָט זיך געוווּנדערט: אַזאַ גרויסאַרטיקע חופה־קלייד זאָל טראָגן שמעון דעם טרעגערס טאָכטער!?

עס האָט ניט גענומען קיין צוויי וואָכן, ווי לייבע יויך האָט צוזאַמענגעקליבן אין שטאָט, פאַר הכנסת־כלה, מער ווי די סומע פון פופציק רובל, און ער האָט אַרויסגענומען פעסעלעס צירונג. און צו איר געזאָגט: „זעסט, פעסעלע, ביי מיר איז נאָך געבליבן עטלעכע רובל פאַר אַ צווייטער אָרעמער כלה... סלוצקער גבירים זענען קאַרגלעך אויף געבן צדקה, נאָר איך, לייבע יויך, ווייס ווי צו ריידן צו זיי און זיי גיבן מיר, ניט ווילנדיק..."

## לייבע דער שמיד / הרב משה גאלדבערג

אין מיינע קינדער יאָרן האָט לייבע דער שמיד נאָך געלעבט. איך פלעג אים זעען זייער אָפט דורכשפּאַנענדיק מיט שווערע אָבער בנחתדיקע טריט די גאַסן פון שטאָט. און איך פלעג דערהערן פון דערווייטן דאָס קלאַפּערײַ פון אייזערנע „פּאָדקאָווּעס" איבערן שטיינערנעם ברוק, האָב איך שוין פאַרשטאַנען אַז אָט גייט לייבע דער שמיד. ער האָט געהאַט אַ טבע צו שלעפּן זיך דווקא אויף די שטיינער ניט אויפן טראָטואַר מיט אַלע מענטשן צוגלייך.

זיין הדרת פנים, גלייבט מיר אויף מיין ערן וואָרט, איז ניט געווען פון אַ שמיד. זיין געדיכטע ווייסע באָרד האָט זיך געפּאַסט, גיכער פאַר אַ כלי־קודש, אָדער פאַר אַ שיינעם בעל־הבית. אָבער אַז ער האָט איר שוין געהאַט איז זי פאַרבליבן זיינע און איז אים געקומען צייטנווייז צו הילף. ווייל פאַר אַ יידן מיט אַ ווייסע באָרד דאַרף מען גאָר אַנדערש האָבן דרך ארץ, כאָטש ער איז אַ שמיד...

אַז לייבע האָט אויפגעגעבן די אַרבעט אין קוזשניע און האָט זיך גענומען איינצוהאַנדלען אַ חלק עולם־הבא, האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן: לייבע בעל מצוהניק. עס האָט זיך ניט געגלויבט אַז אַזאַ פּראָסטער שמיד וואָס ברעכט די ציינער דריי מאָל אַ טאָג ביים דאַווענען און וועלכער איז גאָט צו דאַנקען געזונט אויף אַלע גלידער, זאָל מיט אַ מאָל, פון היילער הויט, אויפהערן צו אַרבעטן און זיך איבערגעבן צו מצוות און מעשים טובים.

אָבער לייבע האָט ווייניק זיך געקימערט וואָס לייט האָבן גערעדט וועגן אים. אַלס שמיד וואָס איז געווויינט צו אַלץ, האָט ער מקבל באהבה געווען זיין צונאָמען, כאָטש ער האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען אַז דאָס האָט מען פון אים געשפּאַסט.

איז ער זיך געגאַנגען זיין וועג: אין דער רעכטער האַנט געהאַלטן אַ רויטע טיכל פון וועלכע איין ברעג איז שטענדיק אַראָפּגעהאַנגען, אין דעם רויטן טיכל האָט ער געקליבן געלט פאַר פאַרשיידענע צוועקן, און דעם אַראָפּגעהאַנגענעם ברעג האָט ער גענוצט פאַרן נאָז... אַזוי פלעגט ער דורכמאַרשירן עטליכע מאָל דורכן וואָך די גאַנצע שטאָט.

אַז מען האָט זיך אַרומגעזען, אַז לייבע איז אַן ענערגישער אַרבעטער, האָט מען אים אָנגעהויבן אַ ביסל צו רעספּעקטירן. די אָרעמע לייט האָבן געקוקט אויף אים ווי אויף אַ גוט־האַרציקן פאָטער, זיין הויז איז געוואָרן ווי אַ צדקה אַנשטאַלט. ווו אַן אָרעמע אַלמנה, אַן עלנדער יתום, אַן אָרעמע כלה אָדער אַ ייד וואָס האָט ניט געהאַט אויף שבת, ווו נאָר אַ נצרך — האָט ער זיך געווענדעט צו לייבן, און לייבע וועלכער האָט מיטגעליטן און מיטגעפילט מיט זיינע קונדן, האָט מיט אַ

שטאָלץ פון אַ ראש הקהל זיך אַרויסגעלאָזן, מיט דער רויטער פּאַטשיילקע אין האַנט, צו שאַפן עטלעכע קאָרבן.

אָבער אַזוי ווי לייבע איז געווען דער שפּייזער פון די אָרעמע לייט אַזוי איז ער אויך געווען אַ פּרעסענדיקער וואָרעם אין די אויגן פון די גבירים. די גבירים האָט ער געגעבן צו לעקן האָניג... ער איז געווען אַ האַרטער מענטש, ניט נתפעל געוואָרן פון זידלעריי און ועל כולם האָט ער ניט פאַר ווייבער־געדאַכט, געהאַט אַ געשליפן מויל מיט אַ גלאַטן צינגל און האָט געוווּסט די מלאכה פון אָנשיטן אַ קאָלנער...

אַז ער פלעגט זיך אָנטרעפן אויף אַ נגיד אַן עקשן מיט וועמען עס איז געווען שווער דורכצוקומען פלעגט ער זאָגן: „לייבען שיקט מען ניט אַוועק מיט ליידיקע הענט. איר ווילט דאָך פּטור ווערן פון מיר טאָ גיט זשע אין יד אַריין, אויב ניט — בלייב איך ביי אייך אין הויז. איר הערט? איר וועט מיר מוזן געבן עסן און אַן אָרט צום שלאָפן, איר הערט?" דער גביר, דערהערנדיק אַזעלכע דיבורים האָט נעבעך געמוזט עפּענען דעם בייטל און געבן וויפל לייבע האָט פאַרלאַנגט. קיין אַנדער ברירה האָט דער גביר ניט געהאַט. זאָל ער אים אַרויסוואַרפן? ערשטנס, ווי וואַרפט מען עס אַרויס אַ ייד מיט אַ ווייסע באָרד? און צווייטנס, זאָל ער נאָר פּרובירן וועט ער שוין ניט האָבן קיין נחת פון די שמידן... וואָס וועלן קומען זיך אָננעמען פאַר לייבעס קריוודע.

ס'האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז לייבע איז אַריין אין הויז פון אַ גביר מיט בלאָטיקע שטיוול. אַז ער האָט קיינעם ניט גע־טראָפן אין קיך איז ער געגאַנגען אין עס־זאַל, פון דאָרטן אין שלאָף־צימער און פון דאָ־טן אין סאַלאָן ווו די גבירטע איז געזעסן אויף אַ ווייכע סאָפע און געלייענט אַ בוך. ווי די גבירטע האָט אָנגעקוקט לייבעס פאַרבלאָטיקטע שטיוול האָט זי געמאַכט אַ „ויצעקו": „אַרויס פון דאַנען, שנאָרער! דו האָסט מיר פאַר'חזר'ט אַלע פאַדלאָגעס מיט דיינע בלאָטיקע שטיוול". לייבע האָט איר געענטפערט קאַלט־בלוטיק: „שאַ, שטיל, קאָך זיך ניט פריצ'טע מיינע, מיר וועלן נאָך אַמאָל ביידע ליגן אונטער דער זעלבער „פּערענע" אויפן בית עלמין".

אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און אַז די גביר'טע האָט געזען אַז לייבעס צינגל אַרבעט שנעלער און בעסער פון אירן, האָט זי נעבעך געגעבן אים אַ נדבה און געדאַנקט גאָט וואָס זי האָט נאָך אַזוי אָפּגעשניטן... פון דאַן אָן, האָט זי שוין געוווּסט אַז מיט לייבען דאַרף מען האַנדלען ווי מיט אַ „דזשענטעלמאַן".

אין דער צייט פון „פּריזיוו" האָט ער געוווּסט פון אַלע פּריזיוווניקעס און איז געגאַנגען צו זיי בעטן נדבות און בענטשן אַז אין זכות פון צדקה זאָלן זיי באַפרייט ווערן. דאַן האָט ער זיך געפונען אין די אכסניות ווו די קליין שטעטלדיקע פּריזיווו־ניקעס פלעגן פאַרפאָרן. אויך ביי זיי פלעגט ער נעמען קליין־געלט און בענטשן מיט באַפרייאונג. אַז אַ פּריזיוווניק איז פריי געוואָרן איז לייבע ווידער אַוועק צו אים און געזאָגט: „זעסט ברודערל, מיין ברכה איז מקוים געוואָרן, יעצט גיב נאָך אַ נדבה און גאָט וועט העלפן".

איבערהויפּט האָט מען לייבען אויסגענוצט אויף אַ מתן־בסתר צדקה. האָט דער רב געדאַרפט האָבן אַ געוויסע סומע געלט פאַר אַן אָנשטענדיקן אָרעמאַן, האָט ער גערופן לייבען און געזאָגט: „ר' לייב איך דאַרף היינט אַ פינף־און־צוואַנ־ציקער". לייבע פלעגט דאַן זאָגן: „רבי, אַ פינפערל וועל איך געבן צו שטייער". פלעגט אָבער דער רב זאָגן, אַז ער זאָל געבן מער, פלעגט לייבע ענטפערן, אַז ער דאַרף די געלט פאַר אַנ־דערע נויטבאַדערפטיקע. אַזוי פלעגן זיי זיך דינגען ביז מען פלעגט מאַכן אַ פּשרה.

ווו אַ חתונה און ווו אַ ברית איז לייבע געקומען מיט זיין רויטע פּאַטשיילקע. אינטערעסאַנט איז אַז ער האָט ניט געוואָלט באַנוצן די ליפּן. מען האָט זיך ביי אים געבעטן: „ר' לייב, מאַכט לחיים לכבוד דעם בעל שמחה", האָט ניט געהאָלפן. ער האָט ניט געוואָלט מען זאָל אים חושד זיין, אַז דער עיקר קומען איז צוליב דעם ביטערן טראָפּן און אַ שטיקל לעקאַך און ווידער האָט ער ניט געוואָלט הנאה האָבן עס זאָל ניט אויסקומען, אַז ער נעמט שכר פון זיינע מצוות אויף דער וועלט.

## יהודית סימוואל / זכרונות פון דער אלטער היים

אונדזערע סלוצקער קרובים, פריינד, שכנים נאָענטע און ווייטע אין אַמעריקע, אין ישראל און איבער דער גאַנצער וועלט וואָס וועלן אַריינקוקן אין דעם ווינקל, וועט דאָס זיי אומקערן צוריק מיט צענדליקער יאָרן. עס וועט זיי ד'ערמאָנען אַ סך זאַכן פון ליידן און פריידן פון אונדזערע לאַנגע יאָרן, ווען מיר האָבן פאַרבראַכט אין אונדזער ליבער געבורטס־שטאָט סלוצק.

שוין באַלד 50 יאָר אַז מיר האָבן פאַרלאָזן סלוצק, אָבער סלוצק פאַרגעסט זיך ניט, איבערהויפּט די אָרענטלעכקייט, פיינקייט פון יעדערן, וואָס איז געווען אָרעם און צייטנווייז אַפּילו הונגעריק.

סלוצקער ימים־טובים, סלוצקער מאכלים, סלוצקער חתונות, בריתן, אָך ווי עס בענקט זיך נאָך מיין מאַמעס פּוטער־קיכלעך, אַפּילו אָן פּוטער און זאָן אייער. דאָנערשטיק פלעגט די מאַמע באַקן אַ גאַנצע נאַכט חלה מיט קיכלעך פאַר איר מאַן מיט די 9 קינדער. דער ריח פלעגט זיך טראָגן איבער דער גאַנצער שטוב. פאַר די מיידלעך אַ בולקע פאַר יעדער, פאַר די יינגלעך אַ חלה'לע. פרייטיק צו מיטאָג האָט יעדער קינד באַקומען אַ בולקעלע מיט אַ טעלער קרופּניק. פון אַלעס האָט געשמעקט יום־טובדיק. ערב פסח האָט מען געלופטערט און געקאָלכט די שטוב, געכשרט און געטובלט כלים. יעדער קינד האָט געהאַט זיין כוסה, ווער אַ גרינע, ווער אַ בלויע, ווער אַ ווייסע. דער גרויסער בעכער פאַר אליהו הנביא. פאַר אַלע קינדער צוגעגרייט נייע שיכלעך.

דערמיט וויל איך זיך אָפּשטעלן אויף אייניקע באַקאַנטע טיפּן:

## איצע באַרקער

איצע בארקער מיט זיין ווייב צירע זענען געווען אונדזע־רע שכנים, זיי זענען געווען ברויט־בעקער. ער, איצע, אַ הויכער, אַ שיינער ייד מיט אַ ווייסער, לאַנגער באָרד. זיין ווייב צירע — אַ נידעריקע יידענע,ביידע שטילע, גוטע מענטשן. קיין קינדער האָבן זיי ניט געהאַט, האָבן זיי געהאָ־דעוועט זייערע אַ קרובה, אַ יתומה. רייזעלע האָט זי געהייסן. אויסגעהאָדעוועט, חתונה געמאַכט און אַריינגענומען דעם איידעם נתן, דעם סופר, צו זיך אין שטוב אויף קעסט, אָפּגע־געבן זיי דעם בעסטן צימער און אַליין געשלאָפן אין פינצטערן צימער הינטערן אויוון. אין קיך איז געשטאַנען אַ טיש מיט אַ גרויסער לאַנגער באַנק, ווו זיי פלעגן אויסלייגן דאָס ברויט גלייך פון אויוון. (ביי זיי אין שטוב איז געווען אַ גרויסע ווייסע קאַץ מיט שוואַרצע פלעקן, דאָס איז ניט געווען גלאַט אַ קאַץ וואָס לויפט אַרום זוכן חיונה, איר אַרבעט איז געווען אַרומשפּאַצירן צווישן די וואַרעמע לאַבנס ברויט, גע־לעקט, געשמעקט, געדרייט מיטן עק און זיך צוגעלייגט פון צייט צו צייט צווישן די וואַרעמע לאַבנס ברויט).

די קונים האָבן זיך חלילה קיין מאָל ניט געקלאָגט אויף דעם, אויב איצעס קאַץ דרייט זיך אַרום צווישן די לאַבנס ברויט, מסתמא דאַרף אַזוי זיין.

## חוה די באָב־טרעגערקע

חוה די באָב־טרעגערקע, ווער חוה איז געווען, צי האָט זי געהאַט אַ מאַן, צי האָט זי געהאַט קינדער — ווייס איך ניט. אָבער חוה דער באָב־טרעגערקע געדענק איך זייער גוט. געווען איז זי אַ הויכע, אַ גרויסע יידענע מיט אַ גוטן פריילעכן פּנים. אַ גאַנצע וואָך אַרומגעטראָגן געלע אַרבעס, גוט צוקאָכטע און צוקוועטשט, איינגעדעקט מיט אַ פּאַטשיילע, עס זאָל חלילה זיך ניט אָפּקילן. דער טעם און דער ריח פלעגט צוגיין איבער אַלע גלידער. טראָגן איר סחורה פלעגט זי אין אַ גרויסן טאָפּ. איר מעסטל איז געווען אַ הילצערנער בעכערל פאַר אַ גראָשן. איך פאַרשטיי ניט ביז היינט, ווי זי האָט געקענט שלעפּן אַזאַ משא אויפן בויך. פרייטיק לכבוד שבת פלעגט זי פאַרקויפן וואַרעמע באָב. וואַרעמע באָב! וואַרעמע באָב! — פלעגט זי מכריז זיין, ביי אַלע שניידערס, שוסטערס און אַנ־דערע בעלי מלאכות. מ׳האָט געקויפט מחייה זיין די נשמה פאַר אַ גראָשן.

איי חוה, חוה! דער טעם פון די וואַרעמע טונקעלע גרויסע באָב מיט די געלע וואַרעמע אַרבעס ליגט מיר נאָך ביז היינטיקן טאָג אין זכרון.

## מיין זיידע עליע פליישציק

מיין זיידע עליע פליישציק איז געווען אַ ייד אַ אָרנטלע־כער און האָט ליב געהאַט טאָן טובות, און פאַרדינען מצוות. ער איז געווען אַ „כלי זמר" און אַזוי ווי אַ „כלי זמר" אין יענע צייטן איז געווען אַ קליינער פאַרדינער פלעגט ער פאַר פסח אַרבעטן אין אַ פאַבריק פון מצות. אָבער דאָס אַלץ האָט נאָך ניט געקלעקט אויסהאַלטן די גרויסע פאַמיליע, האָט די באָבע חאַשקע געבאַקן קיכלעך ביי נאַכט און גאַנץ פרי צוטיילט עס אין די שענקען און אין די קלייטלעך. בײַ׳ער און שווער האָט זי געהאָרעוועט און פון די אַלע פּרנסות זענען זיי געווען ניט קיין גרויסע גבירים און ניט קיין קליינע אָרעמע לייט; דאָך האָט זיי ניט געשטערט אויסהאָדעווען עטלעכע פרעמדע קינדער. עס פלעגט זיך טרעפן אַז עמעצער האָט געמוזט פּטור ווערן פון אַ אומגעזעצלעך קינד, פלעגט מען דאָס אונטער־וואַרפן אין באָד אָדער אין פּאַליש פון אַ שול, נו האָט מען געוווּסט אַז עליע פייפּאַל וועט עס צונעמען; געבראַכט אַהיים און די באָבע חאַשקע, אַ גוטע פון דער נאַטור, האָט געפּאָלגט דעם זיידן און געהאָדעוועט עס גלייך מיט אירע קינדער. צוועלעכע דריי קינדער, געדענק איך. אָבער פון איינער האָט דער זיידע געהאַט צרות. נאַטירלעך פלעגן זיי זיך אויסהאָדעווען און נאָכדעם גיין לערנען אַ מלאכה. איינער פון זיי איז אָבער גע־וואָרן אַ גאַנצער אינטעליגענט און ער האָט זיך פאַרליבט אין מיין זיידנס אַ טאָכטער, ער איז געווען אַ שיינער בחור און זי האָט מיט אים געוואָלט חתונה האָבן. מיין זיידע האָט בשום אופן ניט מסכים געווען און האָט טאַקע אויסגעפּירט. מיין זיידנס אַ וואָרט איז געווען הייליק.

## מיין מומע שרה־רייזל

מיין מומע שרה־רייזל איז געווען מיין זיידנס עלטסטע טאָכטער. זי איז נעבעך געבליבן אַן אלמנה מיט צוויי קליינע קינדער, פלעגט זי נעמען צוויי גרויסע קאָשיקעס און איז אַוועק אין מאַרק האַנדלען. געוויינט האָט זי אויף אַמעריקע גאַס אין אַ קליין שטיבעלע. אין האַלבער נאַכט אויפגעשטאַנען, איינגעהייצט, אָפּגעבאַקט קאַרטאָפל, אָפּגעקאָכט אַ קרופּניק פאַר זיך און פאַר די קינדער. פון נאַטור איז זי געווען אַ גוטע, נאָר דער שווערער לעבן האָט איר געמאַכט נערוועז, האָט זי געשאָלטן און געשריען ביי יעדער געלעגנהייט. די מומע שרה־רייזל האָט געקליבן פעדערן פאַר דער טאָכטער. זי האָט דאָס געפּליקט, אָנגעפילט צוויי גרויסע קישנס, אַ קליינע קישן, אַ קלענערע און נאָך אַ קלענערע און גאָר אַ קלייניקע. אויף די קישנס האָט מען ניט געטאָרט שלאָפן.



פון לינקס צו רעכטס (דער צווייטער): שמעון לייב פליישציק דער קלעזמער.

ביינאַכט אַוועקגעלייגט אויף אַ טאָבערעטקע און אין דער פרי אויפן בעט אויסגעפּוצטע. צום סוף האָט זיך אַריינגע־כאַפּט אַ גנב און צוגעגנבעט די קישנס. דער מומעס צער און ווייטאָק איז געווען אומבעשרייבלעך.



עליע פּייפּיאַל — פליישציק

## מיין מומע חנה הינדע

מיין מומע חנה הינדע איז געווען איינע פון דעם זיידנס טעכטער. צום גרויסן אומגליק איז זי געבליבן אַ יונגע אלמנה מיט צוויי קליינע קינדער. איר מאַן וועלוול איז אַוועקגעפאָרן אין דער גאָלדענער לאַנד אַמעריקע זוכן פּרנסה. אַזוי האָבן געטאָן אַ סך סלוצקער יידן אין יענער צייט. אין אַ קורצע צייט אַרום איז ער מיט נאָך זיינעם אַ פריינד דערשטיקט געוואָרן אין שלאָף פאַרגעסנדיק פאַרמאַכן דעם גאַז־רער. האָט זיך צוזאַמענגעקומען דעם זיידנס משפחה און באַשטימט עפּענען פאַר איר אַ באַקאַליינע קרעמל. מ׳האָט זיך אויפגעלייגט, ווער ס׳האָט מער אַ̇ין ווער ווייניקער געגעבן און אויפגעקויפט פאַר איר סחורה. אַזוי איז מיין מומע חנה־הינדע געוואָרן אַ קרעמערקע. איז געקומען אַ יידענע קויפן אַ פונט גרויפּן — פלעגט זי צושיטן נאָך אַ הויפן צום וואָג, זאָגנדיק: געזונט זאָלט איר זיין, וואָס וועט איר טאָן מיט איין פונט גרויפּן פאַר אַ גאַנצע פאַמיליע? ווען קינדער פלעגן קומען מיט מאַמעס אין קרעמל פלעגט זי טיילן אַלע קינדער קיכעלעך און צוקערקעס. פאַרנאַכט פלעגן קומען אַלע קונים פאַרברייניגען ביי חנה־הינדען אין קרעמל, פלעגט זי מכבד זיין אַלעמען מיט וואָס זי האָט פאַרמאָגט, אַזוי ביסלעכווייז האָבן זיך די פאָליצעס אויסגעליידיקט. דעם זיידנס משפחה איז זיך ווידער צוזאַמענ־געקומען און געקויפט פאַר איר סחורה אויף דאָס ניי. די זעלביקע געשיכטע האָט זיך איבערגעחזרט און די פאָליצעס האָבן זיך ווידער אויסגעליידיקט. די דריטע באַראַטונג פון דער משפחה האָט באַשטימט, אַז זי מוז חתונה האָבן. און גוטע מענטשן האָבן אויסגעזוכט אַ יידן פון אורעטשע. די מיידל האָט זי גענומען מיט זיך, דער יינגל איז געבליבן ביים זיידן. ווען דער זיידע איז געשטאָרבן איז דער יתום אַריבער בירושה



כאַשקע פליישציק

צו מיין טאַטן, און ער האָט זיך ביי אונדז אויסגעהאָדעוועט. הלוואי אויף אַלע יידישע קינדער געזאָגט געוואָרן. היינט הייסט ער אברהם גפני פון כפר גנים.

## מיין טאַטע שמעון לייב פליישציק

מיין טאַטע שמעון לייב פליישציק איז געווען געראָטן כמעט אין גאַנצן אין זיידן. ער איז אויך געווען אַ כליזמר. 9 קינדער האָט ער געהאַט, ליב געהאַט טאָן לייטן טובות, פונקט ווי דער זיידע־עליע פּייפּיאַל — פּייפּיאַל האָט מען אים גערופן, ווייל ער האָט געשפּילט אויף אַ פלייט. וואָס האָט מיין מאַמע ניט געטאָן צו מאַכן די קינדער פאַר לייט, געהאַנדלט מיט סעדער, מיט גערטנער, געזעצט גענדז, געפּרעגלט שמאַלץ און פאַרקויפט עס סוחרים פון די גרויסע שטעט, געהאַלטן בהמות פאַרקויפט מילך, געשלאָגן פּוטער, געמאַכט קעז; געהאַלטן ישיבה־בחורים אויף קעסט. ווען די קינדער זענען אונטערגע־וואָקסן האָט זי געזאָגט, אַז זי וויל ניט, אַז אירע קינדער זאָלן זיך צעשפּרייטן איבער גאָר דער וועלט, ווי עס איז דאַן געווען דער מנהג אין סלוצק. די קינדער האָבן זיך ניט געוואָלט מוטשען ווי די עלטערן, פלעגן זיי אַנטלויפן פון סלוצק אין דער גרויסער וועלט אַריין, אַמערסטן אין אַמעריקע. לויט מיין מאַמעס מיינונג איז געווען, אַז מ׳דאַרף פאָרן קיין ארץ־ישראל, קויפן ערד, באַאַרבעטן עס און לעבן צוזאַמען. צום גרויס באַדויערן האָט זי דאָס ניט דערלעבט, זי איז געשטאָרבן פון אַ לונגען־אָנצינדונג, אין 1910. קיין ארץ־ישראל זענען מיר

געקומען אָן דער מאַמען אין יאָר 1912. מיין טאַטע איז גע־שטאָרבן אין פּתח־תקוה אין יאָר 1940 אין עלטער פון 79 יאָר.

מיין מאַמעס ווונטש, אַז אירע קינדער זאָלן לעבן אַלע אויף איין פּלאַץ איז מקוים געוואָרן. אַלע קינדער האָבן זיך צו־זאַמענגעקומען אין ארץ־ישראל.

### קיין ארץ־ישראל

געקומען זענען מיר קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1912 אויף דער שיף קירילאָף, אַ אַלטע שמוציקע שיף. פון שיף האָבן אונדז אַריבערגעטראָגן אַראַבער אויף זייער שיפּל. די היץ איז געווען שטאַרק, מיר זענען קוים אַרויס פון די שנאַלע אַראַבישע געסלעך אין יפו. מיר זענען געפאָרן מיט אַ דיליזשאַנס פון יפו קיין עין־גנים, ווו דער פעטער מרדכי־ניסן האָט אונדז צוגעגרייט אַ דירה: אַ צימער מיט אַ קליין טעראַסקעלע, אַ קליינע קיך און אַ הילצערנע שטיבל. די פּ׳סטע ווענט מיטן פוסטן פעלד אַרום האָט געמאַכט אויף אונדז אַ שרעקלעכן איינדרוק. עס האָט געהערשט אַ שרעקלעכער אומעט אין שטיבל און אַרום. די מעבל איז באַשטאַנען פון צוויי בעטן אַ ברייטע און אַ שמאָלע. די קאַסטנס און די קעסטלעך פון די אויסגעפּאַקטע זאַכן האָבן אונדז געדינט אַלס אַ טיש און בענק־לעך. די עטלעכע הונדערט רובל וואָס דער טאַטע האָט באַקו־מען פאַר זיין שטוב אין סלוצק, האָט ער געהאַט אויף קויפן באַדן. שפּעטער האָט ער טאַקע אַליין געמאַכט מעבל פון די זעלבע קאַסטנס: אַ שאַפע אויף אַריינהענגען זאַכן, בענק און בענקלעך. אַ זכר פון דעם איז נאָך דאָ ביז היינט ביי מיין ברודער אין הויף אונטערן בוים. מיר אַלע האָבן זייער שווער געאַרבעט, אַ סך געקרענקט. קדחת איז דאָ געווען אַ טעגלעכע דערשיינונג. דאָקטוירים, מעדיצין און שפּיטעלער זענען נאָך דאַן כמעט געווען. ס׳זענען פאַרגעקומען שטענדי־קע אַנפאַלן פון אַראַבער.

מיין טאַטנס שטוב איז געווען אָפן פאַר יעדן. סלוצקער, קומענדיק אין לאַנד איז זייער ערשטע אכסניה געווען ביי אונדז. מיר, קינדער, פלעגן אַרבעטן און דער טאַטע האָט גע־דינט אַלס באַלעבאָסטע. אַז עס פלעגן קומען געסט, פלעגט דער געדיכטער קרופּניק ווערן אַ ביסל שיטערער. מיר פלעגן מיט אַ גרינגער האַרץ אָפּגעבן אונדזער בעט פאַר געסט און אַליין זיך לייגן אויפן פאָל. אין דער מלחמה־צייט, אין 1914, צווישן די טערקן און די ענגלענדער, איז אונדזער שטוב חרוב געוואָרן, שפּעטער האָבן מיר אויפגעבויט אַ נייע שטוב.



אינמיטן שמעון לייב (דער קלעזמער) מיט זיין פאַמיליע לכבוד זיין 75 יעריקער פייערונג אין פּתח־תקוה

# אונטער דער סאוועטן־מאכט

## מרדכי ליפא גארין / עקאנאמישע און גייסטיקע אונטערגאנג

ווען איך בין געקומען צו גאַסט קיין סלוצק, צום ערשטן מאָל, אַלס אַמעריקאַנער בירגער אין יאָר 1927־28, איז סלוצק שוין געווען 10 יאָר אונטער דער הערשאַפט פון די באָלשעוויקעס. די קאָמוניסטישע איבערקערעניש, האָט זיך געלאָזט פילן און זען איבעראַל.

אַוועק איז די צאַרישע מאַכט, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם פאַרשיכורטן, כאַבאַר־נעמענדן דעסיאַטניק, דעם גאָרדאָוואָי, דעם איספּראַווניק. ניט געווען מער די אויטאָריטעט, רעספּעקט פאַר רעליגיע און עלטערע מענטשן, פאַר דעם רב, און פאַר די אַלטע שיינע בעלי־בתים. דער נייער רעגירונגס־אַפּאַראַט האָט פונקציאָנירט דורך דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, און די מיטגלידער זענען באַשטאַנען, איבערהויפּט, פון יונגע מענטשן. די דיסציפּלין איז געווען שטאַרק ווי אייזן. די פּאַרטיי־ליניע, וואָס איז געפאָרעמט און אַרויסגעגעבן פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט אין מאָסקווע, איז געווען דער איינציקער מאָראַלישער און פּאָליטישער געבאָט פון דער לאָקאַלער באַפעלקערונג, צו היטן און נאָכפאָלגן אַזוי ווי תורת משה, להבדיל.

דאָס יידישע לעבן אין סלוצק, ווי אין אַלע סאָוועטישע שטעט, האָב איך געפונען אין ערגסטן מצב. זייענדיק איבערהויפּט הענדלער, סוחרים, און קליינע האַנדווערקער, לויטן עקאָנאָמישן באַרוף, זענען זיי, לויטן נייעם שולחן־ערוך, דעקלאַסירט געוואָרן. כמעט אַלע זענען געבליבן הענגען אין דער לופטן, האָבנדיק פאַרלאָרן דעם באָדן פון פּרנסה. די לאַגע איז געווען קלאָגעדיק, טרויעריק, ווייל דער באָלשעוויזם, ווי אַ נייע פאַנאַטישע רעליגיע, איז געווען אומברחמנותדיק, גרויזאַם. איר האַנט האָט געשניטן פאַסנווייז פון די אַמאָליקע, סטאַבילע, קאָנסערוואַטיווע קלאַסן.

די קראָמען אין סלוצק זענען מערסטנס געשטאַנען לער, ווייל פּריוואַטער האַנדל איז געווען אונטערן צייכן פון ליקווידאַציע. די סחורה איז געווען אין די הענט פון דער רעגירונג, און זי האָט געגרינדעט קאָאָפּעראַטיווע קראָמען, אַזוי, אַז דער פּריוואַטער מסחר, מיט שווערע שטייערן אויף אים אַרויפגעלייגט, — האָט ניט געקאָנט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ און האָט זיך געמוזט ליקווידירן.

בעלי־הבתים, לופט־מענטשן, זענען אַרעסטירט געוואָרן אונטערן חשד אַז זיי האָבן געהאַנדלט מיט וואַליוטע, מיט פאַרבאָרגענער סחורה אויף דעם שוואַרצן מאַרק. זייער גורל איז געווען ביטער און פינצטער. ניטאָ קיין חיונה, ווייל צו קיין מלאכה טויגן זיי ניט, און מיילער אין דער פאַמיליע ווילן עסן, און ס'איז ניטאָ. אַרויספאָרן פון רוסלאַנד, איז אוממעגלעך, ווייל דער אייזערנער פאָרהאַנג האָט זיך אַראָפּגעלאָזן — אין יוצא ואין בא.

כמעט אַלע שולן, בתי־מדרשים זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פאַרווייילונגס־פּלעצער, טעאַטערס, קינאָס אָדער שפּייכלערס פאַר תבואה און סחורות. דער בית־מדרש, קרנים־שול, שניידערישע־שול און די גרויסע שיינע קאַלטע שול, זענען געוואָרן מיליטערישע סקלאַדעס פאַר אַרמיי־זאַפּאַסן.

דאָס גלייכן מיט די צערקוועס. די קליינע זענען פאַרחתמעט געוואָרן פון דער מאַכט, נאָכדעם ווי די ווערטפולע זאַכן ווי די אָקאָנעס, גאָלדענע געפעסן, און קונסט־בילדער זענען פון דאָרט אַרויסגענומען געוואָרן, און אַוועקגעשיקט צום רעליגיעזן קולט־אָפּטיילונג — אין מינסק.

אַלע ישיבות, חדרים, דאָס גלייכן דער רעליגיעזער סעמינאַר פון דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן, דער הונדערט־יאָריקער מאָנאַסטיר מיט די מאָנאַכן און מאָנאַשקעס זענען אָפּגעשאַפט געוואָרן.

בלויז אייניקע שולן און דער גרויסער „מיקאָלע קלויסטער" זענען נאָך געווען אָפן, פאַר די געציילטע עלטערע מתפּללים. די יונגוואַרג איז מער אין שול דאַווענען ניט געגאַנגען. אין די שולן פלעגט אויספעלן אַ מנין.

### דער אונטערגאַנג פון דעם מיטל־קלאַס

„ווען ניט די פּעקלעך, די שטיצע פון געציילטע אַמעריקאַנער דאָלאַרן וועלכע שיקן אונדז אונדזערע קרובים געבענטשט זאָלן זיי זיין, וואָלטן מיר, און אַ סך אַנדערע פון אונדזערע יידן אויסגעגאַנגען פון הונגער. אויסוואַנדערן קענען מיר ניט, ווייל, מען לאָזט פון דאַנען ניט אַרויס, און אין אַמעריקע לאָזט מען ניט אַריין, אַזוי, אַז עס איז געוואָרן אַ פאַרמאַכטע וועלט — אַ אין יוצא ואין בא. אָ דאָס צייגט, אַז נאָך ערגערע צייטן וועלן וואַרשיינלעך קומען. לכל הפּחות זאָל זיין שלום — אָבער עס שפּירט זיך נאָך מלחמות, דייטשלאַנד שאַרפט דעם חלף אויפן „רויטן" פּאַניען און אויך אויף אונדז

יידן — הלואי זאָל איך ליגן זאָגן" — האָט מיין פרומע און בעאָבאַכטנדע שוועסטער געלאָזט פאַלן טרערן פון אַ צעוויי־טיקט האַרץ.

חוץ דעם ווערן אונדזערע קינדער, אַוועקגענומען פון אונדז. זיי ווילן מיט די עלטערן קיין מגע ומשא ניט האָבן. דינען דעם קאָמוניזם — דער פאַרטיי — און די עלטערן דאַרפן זיי ניט, האָט געכליפּעט ר׳ לייזער זלמן דער פאַרוואַרלאָזטער, אַמאָליקער רב פון טימקאָוויטש, איצט אַ דרדקי־מלמד.

— איך אַליין ריכט זיך יעדן טאָג מען זאָל קומען מיך אַרעסטירן, ווייל איך קנעל אונטער מיט קינדער. מען לערנט מיט זיי אַ ביסל חומש מיט רש״י און אַ ברכה מאַכן.

לייבוש גוטצייט, דער גרעסטער סלוצקער גביר, קאַפּיטאַ־ליסט־אינדוסטריעלער, האָט נאָך עטוואָס בעסער אָפּגעשפּילט. די רעגירונג האָט טאַקע קאָנפיסקירט, צוגענומען אַלע מאַ־יאָנטקעס, פאַבריקן, מזומן געלט, פון וועלכע די פאַמיליע האָט געצויגן אַ רייכן לעבן פון ווילטאָג און לוקסוס. אָבער זייענ־דיק באַקאַנט מיט באַנק ענינים — אַ פינאַנסיר, האָט מען אים נאָך באַשעפטיקט.

— שלעכט ברודער! — האָט ער מיר געזאָגט. איך בין אייך מקנא וואָס איר זייט אַן אַמעריקאַנער. הלואי וואָלט איר מיך געקאָנט נעמען און אַריינלייגן ביי אייך אין געפּעק. איך וואָלט גערן מיטגעפאָרן. חיים מיכל דעם נגיד׳ס זון, דאַרף זיך מוטשען אויף אַ לעבן צו מאַכן. כ׳בין אָנגעוויזן אויפן גענאָד פון די נייע מושלים.



לייבוש גוטצייט

# נ. ח. / פון לערעריי צו שוסטעריי

אין אָנדענק פון אברהם יצחק שפּילקין, אַן איינ׳קל פון באַוווּסטן צדיק ר׳ רפאל־יאָסל.

ביים וואַרשטאַט מיט אַ שוך אין האַנט זיצט ער און ברומט אונטער מיט אַ מאָנאָטאָנעם ניגון: „העמערל! העמערל! קלאַפּ, קלאַפּ שטאַרקער!" אין שטוב איז קיין ברויט ניטאָ, עס טרייסלט און צאַפּלט דאָס האַרץ. אַרום — ביטער נויט. די פרוי קראַנק, הונגעריקע קינדער, אָפּגעריסענע.

טראָגט עמעצער אַריין אַ פּאָר שיך צום פאַרריכטן, — מונטער, פריילעך פאַנגט ער אָן אַרבעטן און זינגען מיט אַ אומעטיקן קול: דו ביסט דאָך פּאַרט אונדזער שפּייזער, אוי העמערל! העמערל!... קלאַפּנדיק אַ טשוואָק נאָך אַ טשוועקל, לויפן דורך פאַר זיינע אויגן די יונגע יאָרן: אַ פאַרברענטער ציוניסט, אומלעגאַלע אַרבעט, אַ לעזער פון אַלערליי העברע־אישע צייטונגען און אויסגאַבן, אַ גרינדער פון „חובבי־שפת עבר", „דוברי־עברית". ניט געוואָלט מאַכן לערעריי אַלס ציל און זיין צוקונפט אין לעבן — באַשעפטיקט ער זיך אַלס סיפר ביים שרייבן ספרי־תורות.

מיטן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, ווען ס׳איז ניטאָ קיין אומזאַץ־מאַרק פאַר ספרי־תורות, און אַ גרויסער צאָל לערער ווערן מאָביליזירט, באַשטימט אברהם יצחק שפּילקין צו זיין אַ העברעאישער לערער. ער פילט אַז ער איז אַ צייטווייליקער באַפאָלמעכטיקטער, וועלכער גיט אַכטונג אַלעס זאָל זיין אין פאָלקאָמער אָרדענונג ביז וואַנען עס וועלן זיך אומקערן די אמתע בעלי־בתים.

וואָס האָט ער געוואָסן פון לעבן? פון זיך ניט געהאַלטן, שטענדיק אונטערגעשעצט זיין „איך", ווען גרעסערע פון אים האָבן זיך געפונען אין שטאָט, קיין מוט און קיין העזה ניט געהאַט, פאַרמעסטן, גלייכן זיך צו די אמתע משכילים, העברע־אישע לערער.

אין דער וועלט־מלחמה אַלס אַלטער בחור, ניט מאָביליזירט געוואָרן און געוואָרן אַ פירער.

מיטן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע, געווען שוין אַ באַקאַנטער כלל־טוער, אַ העברעאישער לערער מיט אַ נאָמען.

חתונה געהאַט מיט קיילען, ר׳ יוסף אראַנזאָנס טאָכטער (ר׳ יוסף ריקינער). גליקלעך צופרידן. עס האָט זיך געדוכט אַז ער איז נאָך אַ יונגער בחור׳ל. מיט פייער און ברען זיך איבערגעגעבן צו דערציאונג און געזעלשאַפטלעכע אַרבעט.

ביי די באָלשעוויקעס, אַרויסגעשטויסן פון יידישע שולן, כאָטש מ׳האָט אָנערקענט זיינע פעיקייטן אַלס דערציער און פאַכמאַן. אים, אַ ציוניסט ניט אָנגעטרויט דערציען אַ פּראָ־לעטאַרישן קאָמוניסטישן דור. געפּרוּווט אָרגאַניזירן אומלע־גאַלע, געהיימע גרופּן צו לערנען העברעאיש. די ערשטע צייט האָט די באָלשעוויסטישע מאַכט ניט געלייגט קיין אַכט, אָבער מיט אַ מאָל איז געוואָרן שטרענג, און ניט דערלויבט געבן פּריוואַטע שטונדן.

ל׳יידן, צרות... אַ קראַנקע פרוי קליינע קינדער לעכצן

נאָך אַ שטיקל ברויט. די ביטערע קעלט נעמט דורך די ביינער...

געטראָפן אים לערנענדיק מיט קליינע קינדער, פאַרשפּאַרט אים אין תפיסה אויף עטלעכע מאָנאַטן. פאַרלאָזן די תפיסה, מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און צעבראָכן האַרץ. געטראַכט, געפירט אַ קאַמף מיט זיך אַליין, זאָל ער פאַרקויפן זיין אידעאַל? גיין אין יעווסעקציע בעטן מ'זאָל אים אָנשטעלן אַלס לערער?.. פאַרבייגיין, פאַרלייקענען אַלעס וואָס אים איז טייער און הייליק צוליב אַ שטיקל ברויט? אַ לעבן פון די „אַנוסים", אויסערלעך אַ קאָמוניסט און אינערלעך אַ ציוניסט?..

זיינע באַקאַנטע האָבן זיך געשטעלט קעגן דער מאַכט — פאַרשיקט קיין סיביר, דאָרטן שטאַרבן זיי פון הונגער און קעלט, און ער שטאַרבט דאָ פאַר אַ שטיקל ברויט. זיי האָבן אָבער געקעמפט, פראָטעסטירנדיק און ער וויל זיך פאַרקויפן פאַר אַ „בזיד־עדשים"?... — ניין. ער וועט ווערן אַ פּראָלעטאַריער, אַ פּשוטער אַרבעטער. אַ מאָל אַלס פלינקער, געשיקטער בחורל פלעגט ער קויפן פאָדעשווע, שטיקלעך רימען און פאַרריכטן שיך, פונקט ווי אַן אמתער שוסטער.

זיצט ער ביים קליינעם טישעלע, ציט די „דראַטווע", קלאַפּט די טשוועקעס, עס ציען זיך די יאָרן, עס קלאַפּט דאָס האַרץ.

אויפן גאַס שנייט, עס בושעוועז שטורעם־ווינטן, דונקל־פינצטער איז אין דעם קליינעם שטיבל. דאָס אומעטיקייט דריקט זיך אויס אין אַ שטילער מאָנאָטאָנער לידל: „אוי, העמערל, העמערל! דו ביסט דאָך דער איינציקער שפּייזער, העמערל, קלאַפּ! קלאַפּ שטאַרקער!"

עס הייבט זיך מונטערער די האַנט פון אַ מענטשן וועלכער איז צופרידן ווערנדיק אַ פּראָלעטאַריער, ניט פאַרקויפט זיין נשמה. עס לעבט זיך ווי עס איז, מיט אַ ריינעם געוויסן. אמת, ער מאַטערט זיך. „העבודה היא חיינו!" זינגט ער אונטער — „מכל צרה תצילנו" — געפינט ער אַ באַרואיקונג אין די קלאַנגען, אַ טרייסט, אַ האָפענונג...

צוויי צענדליק יאָר ווידער פאַראיבער. פאַרוואָגלט קיין אַרמעניען, קוים מיטן לעבן זיך געראַטעוועט. סלוצק איז חרוב ונחרב אין זיילן פייער, פאַרלאָרן דער פרוי מיט אַ זון. נאָך וואָגלענישן — מיט אַ זון זיך פאַרשלעפּט מעבר להרי חושך. מוט פאַרלאָרן — אַלעס פאַרלאָרן.

קלאַפּט ווידער דאָס העמערל שוואַכער, מוטלאָזער. ציען זיך די יאָרן פאַרכמורעט צווישן פרעמדע. עלנד, איינזאַם. „ויקם דור חדש אשר לא ידע את יוסף" — מורמלט ער. ווער קען מיך? מיין זון? אַ אַנדער שפּראַך — אַנדערע האָפענונגען. וימת כל הדור — עס איז אַלץ אויסגעשטאָרבן...

# מ. ל. ג. / קעמפער און מארטירער

דער לערער נחום מאַלאַדעצקי, געבוירן אין סלוצק, איז געווען הויך געבילדעט. זיין פאָטער איז געווען אַ סוחר און ליבעראַל געשטימט. די פּאָגראָמען אויף יידן האָבן דעם יונגן לערער שטאַרק צעטרייסלט און זיין יונג בלוט האָט געבראַוזט אָן אַן אויפהער. ער האָט באַשטימט מקריב זיין זיין לעבן פאַר דער קומענדיקער סאָציאַלער רעוואָלוציע און דורכגעפירט דעם טעראָריסטישן אַקט אויף דעם אינערן־מיניסטער מעליקאָוו. יענער איז נאָר פאַרוואונדעט געוואָרן און פאַר דעם איז מאַלאַדעצקי פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט דורך הענגען.

העלדיש איז ער אַרויפגעטראָטן אויפן עשאַפאָט און מיט זיינע העל־בלויע אויגן געקוקט גלייכגילטיק אויפן גרויזאַמען טויט. אַלט איז ער דאַן געווען בלויז 23 יאָר.

דאָס העלדנמוט פון סלוצקער יידישן בחור מאַלאַדעצקי, באַשריבן אין אַ געדרוקטן אונטערערדישן זשורנאַל, פון די רעוואָלוציאָנערן, איז אויסגעשטעלט אין דעם לענינגראַדער „רעוואָלוציע מוזעאום" אין געוועזענעם צאַרישן ווינטער־פּאַלאַץ.

אָט אַזוי איז באַשערט געווען אַ סלוצקן יונגן יידישן לערער זיין אַ מאַרטירער פאַר דער רעוואָלוציע, פאַר אַ אידיאַל אַלס אַ קעמפער פאַר גערעכטיקייט איבער דער וועלט.

אין דער אָקטאָבער רעוואָלוציע, האָבן פאָלגנדע סלוצקער געשפּילט אַ באַדייטנדע ראָל:

I

וועלוול קרינסקי, דער יינגסטער זון פון אַדוואָקאַט קרינסקי, אַ סטודענט אין אַ פּעטערבורגער לערן־אַנשטאַלט, איז געפאַלן אין שלאַכט ביים שטורמען דעם ווינטער־פּאַלאַץ, וואָס האָט אַרונטערגעוואָרפן די קערענסקיס רעגירונג. מ'דערציילט, דאָס ער איז געווען אַ פעאיקער רעדנער און פירער ביי די אויפשטענדער, ווי אויך לעניגס אַ ליבלינג און אַ אָנפאַרטרויטער שליח. אויף זיין נאָמען האָט מען אין סלוצק אָנגערופן אַ גאַס און געריכטס אַנשטאַלטן.

II

נאָך אַ סלוצקער איז געווען יודל קאַלמאַנאָוויטש, אַ הויכער קאָמיסאַר אין דער מאָסקווער רעגירונג אין פאַרנומען האָט ער וויכטיקע שטעלעס אַלס עקספּערט איבער אַגריקולטורעלע ענינים, לויט זיין פאַך איז ער געווען אַ אַגראָנאָם.

III

אַ דריטער איז געווען יעקב גאָלדבערג, אַ שניידער לויטן פאַך, פון זייער אַ אָרעמער משפּחה. ער האָט געהאַט אַ גוטן קאָפּ, און זיך זעלבסט געבילדעט. זייענדיק דינאַמיש, מיט אַ שטאַרקן ווילן און אַ דאָרשט נאָך וויסן, איבערהויפּט אין סאָציאַל־פּאָליטישע פּראָבלעמען. צוערשט איז ער געווען אַ בונדאָוועץ און איז אַריבער צו די קאָמוניסטן. ער איז שנעל געשטיגן. פון אָנפאַנג האָט ער געאַרבעט אַלס „יעווסעק". נאָכהער איז ער געוואָרן פאָרזיצער פון סלוצקער „גאָרסאָוועט". אָט דער האָרבאַטער יעקב גאָלדבערג, אַ געטרייער דינער פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, האָט געהאַט דעם זעלבן

טראַגישן סוף פון אַלע אַלטע באַלשעוויקעס. אין דער צייט פון פאַרטיי־רייניקונגען אין 1936—1937, איז ער אַרעסטירט געוואָרן און אויפן פאַרדאַכט אַז ער איז אַ טראָצקיסט — אַ געוועזענער בונדאָוועץ, איז ער אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין דער טרויעריקער סלוצקער טורמע.

ער האָט זיך פאַרשאַפט פיל שונאים, דורך דעם וואָס ער איז געווען שטרענג ביים אויפמאָנען גרויסע נאַלאָגן, צו פאַרזיכערן דעם דערפאָלג פון דער אינדוסטריאַליזאַציע. ער איז באַשולדיקט געוואָרן, דאָס ער האָט גרויסע שטאַטישע סומעס געלט פאַרטאַכלעוועט און פאַרנוצט פאַר זיינע פערזענלעכע צוועקן.

אַ פאָר יאָר האָט ער אָפּגעשמאַכט אין געפענגעניש און צוליב זיין שוואַכן געזונט איז ער דאָרטן געשטאָרבן אַ פאַרלאָזענער, אַ פאַרגעסענער...

# צווישן די צוויי וועלט־מלחמות

דעם 29טן יוני 1941 האָב איך פאַרלאָזן סלוצק מיט דער רויטער אַרמיי.

איך בין געבוירן געוואָרן אין סלוצק אין 1914 און די גאַנצע צייט געוווינט אין סלוצק. געלערנט האָב איך אין דער פינפטער יידישער שולע, ווו יידיש איז געווען די אונטעריכטס־שפּראַך, אויסער אייניקע געגנשטאַנדן אין רוסיש, אויך האָט מען אונדז געלערנט דייטש פון פינפטן קלאַס אָן און מאַלן. 20 לערערס זענען געווען אין דער שולע און די צאָל שילער האָט דערגרייכט אַרום 400 אין עלטער פון 8—16.

איין לערערס נאָמען געדענק איך, לאַבוס האָט ער געהייסן. אונדזער שולע האָט זיך געפונען נעבן דער אַמאָליקער גימנאַזיע פאַר מיידלעך.

אין שולע האָט מען דעם נאָמען ארץ־ישראל ניט געוואַגט דערמאָנען און מ'האָט נאָר געהאַלטן אין לויבן די גרויסע דערגרייכונגען פון דער אָקטיאַבער רעוואָלוציע.

אין 1925 האָט מען אַרויפגעלייגט גרויסע צינזן אויף די איינוווינער פון שטאָט און קרעמער האָבן ניט געקענט אויסהאַלטן און ביסלעכווייז ליקווידירט די קראָמען. יידישע שוסטערס, שניידער, סטאָליאַרעס האָבן געלעבט אַלס קוסטאַרניקעס פאַר זיך, אָבער זיי האָבן געמוזט באַקומען דערלויבענישן און אָנשליסן זיך אין אַרטעלן. יעטוועדער האָט געדאַרפט אָפּגעבן דעם אַרטעל זיין געצייג. בעלי־עגלות האָבן געמוזט אָפּגעבן זייערע פערד און וועגענער און אָנשליסן זיך אין אַרטעלן.

די וווינונגען האָט יעדערער געדאַרפט אַליין פאַררעכטן און אויסבעסערן אויף זיין אייגענעם חשבון. די רעגירונג האָט זיך ניט אָפּגעגעבן מיט בויען פריוואַטע וווינונגען, נאָר זי האָט געבויט געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן, ווי אויך רוסישע און יידישע שולעס.

ביז 1935 האָבן עקזיסטירט אין סלוצק יידישע שולעס, ווו מ'האָט געלערנט יידיש און רוסיש.

אין 1935 האָבן אַממערסטן יידישע עלטערן אויפגעהערט שיקן זייערע קינדער אין די יידישע שולעס און אַנשטאָט דעם געשיקט זיי אין רוסישע מיטל־שולן. פיל האָבן געזוכט אַ תכלית פאַר די קינדער און פיל האָבן זיך אַנגעפּאַנגען אַסימילירן.

כשר פלייש האָט מען געקענט באַקומען ביזן יאָר 1927. די קצבים פלעגן קויפן בהמות און אַ שוחט האָט געשאָכטן.

פון 1927 איז אַרויס אַ באַפעל ניט שעכטן און די קצבים האָבן זיך געמוזט אָנשליסן אין אַ קאָלכאָז. קצבים, וועלכע האָבן ניט אויסגעפאָלגט דעם באַפעל, זענען מיט זייערע מיטהעלפער, פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר.

די באַפעלקערונג איז דאַן באַשטאַנען פון 3 קאַטעגאָריעס: קולאַקעס, בעדניאַקעס, סערעדניאַקעס. אַן אייגנטימער פון אַ געוויסן טייל באָדן איז פאַרשיקט געוואָרן אַלס קולאַק. אַ סערעדניאַק — אַ מענטש פון אַ מיטל־שטאַנד — האָט זיך אָנגעשלאָסן אין אַ קאָלכאָז. ביז 1928 איז אַ מיטעלער מענטש געווען ניט קאַלט און ניט לעבלעך — אָבער מ'האָט געהאַלטן אַן אויג אויף אים.

אין בנין פון דער סלוצקער ישיבה האָט זיך געפונען דער קלוב פון די יידישע קוסטאַרניקעס.

שטרענג און אָנגעצויגן איז געווען די עקאָנאָמישע לאַגע פון די סלוצקער יידן. פאַר יעדער קלייניקייט, למשל, אויב מ'האָט זיך פאַרזינדיקט מיט פאַרקויפן אַ קלייד, אַ פאָר הויזן, אַ זאַק מעל, — פאַרשיקט קיין סיביר. עשאַלאָנען אָנגעפילט מיט „זינדיקע" פלעגן אָפט פאַרלאָזן סלוצק און מיט שרעק האָט מען געקוקט אויף זיי. פון אַ פרוכט־גערטל, פון אַ פאָר בהמות, האָט יעדערער געמוזט געבן אַן אָפּצאָל און די לאַסט איז געווען צו שווער פאַר אַ סלוצקער יידן. נאָר אַרום 10 פּראָצענט קריסטן האָט פאַרמאָגט סלוצק און 90 פּראָצענט פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון יידן.

אין 1929 האָט די רעגירונג ליקווידירט דעם אַמאָליקן מאַרק און פאַרוואַנדלט אים אין אַ שיינעם סקווער, פאַרזייט מיט בלומען, אַ טייל מיט אַספאַלט. אַלע בײדלעך און קראָמען אַרונטערגענומען און אינמיטן סקווער אויפגעשטעלט אַ גרויסע לענין־סטאַטוע. דער גאַנצער פּראַכטפולער פּלאַץ איז אַרומגעצוימט געוואָרן מיט אַ שיינעם צוים.

דער מאַרק איז אַריבערגעפירט געוואָרן אויפן פּלאַץ, ווו ס'איז אַמאָל געווען די פלאַשטשאַדקע. אין סאָלאָמיאַקס קאָנדיטעריי איז געעפנט געוואָרן אַ רעגירונגס־רעסטאָראַן.

אויך האָבן זיך געעפנט רעגירונגס־כל־בו־קראָמען פאַר אַרבעטער און רעגירונגס־אָנגעשטעלטע. קיין אַנטיסעמיטיזם, יעדנפאַלס עפנטלעך, האָט זיך ניט באַמערקט.

חדרים האָבן ניט עקזיסטירט, בגניבה פלעגן מלמדים, ישיבה בחורים באַזוכן פריוואַט עלטערן, וועלכע האָבן נאָך זייערע קינדער געלערנט עברי, הפטרה. די סלוצקער קאַלטע שול איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַגאַזין פון געווער, אַרומגעצוימט מיט שטעכיקן דראָט און אַ באַוואָפנטע וואַך איז געשטאַנען נעבן דעם מאַגאַזין טאָג און נאַכט. שולן זענען



**זומער סעמינאַר פאַר לערער פֿון סלוצקער יידישע שולעס אין יאָר 1924.**

ערשטע שורה — אונטן, פון רעכטס צו לינקס: די צווייטע איז ר׳ נחמיה דעם ראש־ישיבה׳ס טאָכטער, די דריטע — מלכה באָרוכאָוויטש.

צווייטע שורה, זיצן: דער לערער לייבאָוויטש, די פערטע איז די באַוווסטע ציוניסטקע קלאַראַ מיראָנאָוונאַ מישקאָווסקי, דער פינפטער — משה עפּראָן, זיבעטער — מייסל בארנאוויטש

דריטע שורה: דער זעקסטער — דער לערער ברעוודע (אינספעקטאָר פון די יידישע שולעס), דער ניינטער — שמעון מאַהאַרשאַק.

פערטע שורה — אויבן: די צווייטע איז ר׳ נחמיה דעם ראש־ישיבה׳ס טאָכטער, דער דריטער איז דער לערער שאַר, די פערטע — נחמה שפילקין־בילער, דער לעצטער איז קאַרלין.

רעקוויזירט געוואָרן, אויך להבדיל דער סלוצקער באַוווסטער מאָנאַסטיר און פיל קלויסטערס.

אין 1928 האָט מען אָנגעפאַנגען באַשולדיקן די סלוצקער יידן אין אַ ציוניסטישער פּראָפּאַגאַנדע. אויף וועמען עס איז געפאַלן אַ חשד, אַז ער האָט געהאַט צו טאָן מיט ציוניזם איז פאַרשיקט געוואָרן. אַפילו אין די פאָר געציילטע מנינים פלעגט מען מיט פחד שנעל אָפּדאַווענען און וואָס גיכער פאַרלאָזן דעם פּלאַץ.

אַ ראַדיאָ אין הויז איז געווען פאַרבאָטן און טאָמער האָט מען ביי עמעצן געטראָפן אַ קליינעם ראַדיאָ איז יענער איינגע־זעצט געוואָרן אַלס שפּיאָן. דערלויבט איז נאָר געווען האַלטן „נאַושניקעס״ (אויערן צוהערער), פאַר וואָס מ׳האָט געדאַרפט אָפּצאָלן 15 ר׳ובל אַ יאָר און מ׳האָט דורך דעם געקענט הערן נייעס און סאָוועטישע פּראָגראַמען. אויך אין די גאַסן זענען פאַרשפּרייט געוואָרן רעגירונגס נייעס, פּראָגראַמען און פּראָ־פּאַגאַנדע וועגן די סאָוועטישע גליקן און די אַרבעטסלאָזיקייט אין אויסלאַנד.

אין 1932—33 האָבן אויך די פּויערים פון סלוצקער געגנט ניט געזייט די פעלדער, ניט ווילנדיק אָפּגעבן דער רעגירונג זייער פּראַצע — די תבואה. אַ טייל פון זייער באַ־האַלטענער תבואה פלעגן זיי פאַרקויפן אומלעגאַל און אַ טייל פאַרברויכן אַליין. טייער האָבן זיי באַצאָלט פאַר דעם, אַ הונגער האָט געהערשט דאַן אין רוסלאַנד. אין סלוצק האָט מען דעם הונגער ניט געפילט אַזוי שטאַרק, ווייל, ווי עס איז, האָבן די פּויערים פאַרקויפט אַ טייל פון זייער תבואה באַהאַלטנערהייט.

אַ הונגער ממש אין סלוצק איז ניט געווען. אָבער מ׳פלעגט דאַרפן שטיין אין אָטשערעד כמעט אַ טאָג אָדער אַ נאַכט ביז מ׳פלעגט באַקומען דעם קילאָ ברויט און אָפט ביים סאַמע אַריינגאַנג האָט מען אויסגערופן: מער קיין ברויט צום פאַר־טיילן איז ניטאָ.

האָט מען געטיילט אַ פּאָר קילאָ מעל, האָבן שוין רעליגיע־זע יידן אין זינען געהאַט פסח און פון חודש צו חודש גע־שפּאָרט און געקליבן מעל אויף מצה. אָנשטאָט ברויט האָט מען זיך באַנוצט מיט קאַרטאָפל, אַבי ניט דאַרפן עסן חמץ אין פסח.

אַזוי ווי אַלע מילן זענען געווען אין רשות פון דער רע־גירונג, פלעגט מען באַהאַלטן דאָס אָפּגעשפּאָרטע ביסל מעל. דורך אַ צאָל פאַמיליעס איז אָפּגעשפּאָרט געוואָרן במשך פון יאָר 38 קילאָ ווייץ אויף פסח, איז געקומען אַ בעל־עגלה און האָט דערציילט, אַז ער פאָרט אין אורעטשע, ווו אין אַ

פריוואַט מילכל קען מען מאַלן. ס׳איז צוגעגרייט געוואָרן אַ רשימה פון נעמען צו וועמען דאָס ווייץ געהערט. אינמיטן וועג איז דאָס ווייץ רעקוויזירט געוואָרן דורך דער פּאָליציי. לויט דער רשימה זענען די מענטשן איינגעלאַדן געוואָרן צו אַ אויספאָרשונג. אַזוי ווי עס איז געווען מעל אויף מצה זענען 16 קילאָ אומגעקערט געוואָרן און דאָס איבעריקע רעקוויזירט.

שלעכטע צייטן זענען אָנגעשטאַנען אויף סלוצקער יידן. סוחרים, קליין־הענדלער און מעקלערס זענען פאַר יעדער קלייניקייט פאַרשיקט געוואָרן. שוין אין 1928 האָבן שוחטים ניט געטאָרט שעכטן פריוואַט נאָר אין דער שלאַכט־הויז נעבן מיל אויף קאַפּוליער גאַס, ביים קליינעם טייכל.

פּויערים פלעגן אויסבאַהאַלטן קעלביקע בהמות, אַ קעלבל איז געווען צום האָדעווען און אַ ביקל צום פאַרקויפן. פאַרטאָג צוגעדעקט מיט שטרוי און היי פלעגט דער פּויער ברענגען עס צו אַ יידישן קצב, אָנגעקלאַפּט און בסוד פאַרקויפט. אין אַ שטאַל אָפּגעשאָכטן, דעם הינטערשטן טייל האָט צוגענומען דער פּויער און מיט פלייש פון ביקלעך האָבן זיך אַ צייט דערנערט פרומע יידן — דאָס איינציקע בשר כשר. עופות איז געווען דערלויבט צו קויפן, אָבער שעכטן האָט מען עס געמעגט נאָר אין באַינע — שעכטהויז.

ברויט און צוקער פלעגט יעדערער באַקומען לויט קאַרטן. מעקלערס האָבן ניט באַקומען קיין קאַרטן און ניט קיין פּאַספּאָרטן, אַזוי, אַז אַפילו אַ שולע האָבן ניט געקענט באַזוכן זייערע קינדער.

אין אַלגעמיין האָט אַ שרעק באַהערשט יעדן אין שטוב און אין גאַס, ווען ס׳זענען געשטאַנען פיר מענטשן און האָבן געשמועסט, איז מען ניט געווען זיכער, אַז דער פערטער איז ניט אַ שפּיאָן. קינדער אין שולע ניט־ווילנדיק, אָן שום כוונה, פלעגן אויסגעבן זייערע עלטערן. דער פחד פאַר אייגענע קינדער איז געווען זייער גרויס און אין זייער אָנוועזנהייט האָט מען זיך געהיט ניט ריידן אַן איבעריק וואָרט.

אין די הייזער האָט מען איבערהויפּט געטראַכט וועגן עסן און וואָס ווייניקער ריידן. זומער־צייט האָט מען נאָר געטראַכט צוגרייטן 2 אָדער 3 קוב האָלץ אויף ווינטער, ווייל דאָס וואַסער פלעגט פאַרפרוירן ווערן אין הויז. פאַר באַהאַלטן, אָדער צוגרייטן אַפילו 10 קילאָ מעל האָט מען באַקומען 5 יאָר זיצן. מיט אַ קלאַפּעניש אין האַרצן פון שרעק, פלעגט מען צוגרייטן וואַליקעס אָדער וואַרעמע הויזן. אַ ווערטל איז אַרומגעגאַנגען צווישן יידן: ס׳איז אַ שווערער טאָג, זאָל זיין כאָטש אַ רויקע נאַכט.

### 1934—36

אין משך פון 1934—36 האָט זיך אָנגעפאַנגען „אַ גילדערנע צייט", פאַר די וועלכע האָבן געהאַט גאָלד מטבעות. יידישע אַרבעטער, שמידן, סטאָליאַרעס האָבן ביי די פּויערים ניט גענומען פאַר זייער אַרבעט קיין אַנדער מטבע ווי גאָלד. ס׳איז אָנגעשטאַנען אַ ביטערע צייט פאַר די יידן, אויף וועמען ס׳איז נאָר געפאַלן אַ חשד, אַז זיי פאַרמאָגן גאָלד.

ס׳זענען געווען פאַלן, ווו אַ ייד איז 4 מאָל אַריינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה און מ׳האָט פון אים געפאָדערט גאָלד, 4 מאָל האָט ער אָפּגעגעבן די מטבעות אָבער צום פינפטן מאָל, נאָך שווערע עינויים, ניט האָבנדיק מער קיין גאָלד, איז ער געשטאָרבן. אַ צווייטער האָט דערציילט נאָך מאַטערנישן, אַז זיין פרוי האָט אים איבערגעלאָזן 25 גאָלד־מטבעות און בפירוש געשריבן אין איר צוואה, אַז דאָס איז אויף אַ מצבה. 3 וואָכן האָט מען אים געמאַטערט און איינגעשפּאַרט אים אין תפיסה צווישן פאַרברעכער און רוצחים.

אַ זכות האָט ער געהאַט, עפּעס אַ ווייטער קרוב אַ אָנגעזענער קאָמוניסט האָט געזאָגט אַ גוט וואָרט פאַר אים.

אין דער באַגלייטונג פון געהיים־אַגענטן איז ער געבראַכט געוואָרן אַהיים און אין זייער אָנוועזנהייט האָט מען אויפגעבראָכן אַ שטיקל אויוון און זיי האָבן אַרויסגענומען דאָס גאָלד.

לויט אַ רשימה פון די יידן וועלכע האָבן געהאַט קרובים אין אַמעריקע, פלעגן זיי איינגעלאַדן ווערן צו חתמענען, אַז זיי פאָדערן דאָלאַרן פון זייערע קרובים. די דאָלאַרן האָט די רעגירונג צוגענומען.

טאָמער האָט זיך איינער אָפּגעזאָגט פון אונטערשרייבן איז ער אַריינגעזעצט געוואָרן אין תפיסה.

דאָס האָט זייער געווירקט שלעכט, ווייל אַמעריקאַנער יידן האָבן פאַרשטאַנען און געוווּסט וואָס די גזירה באַדייט און ניט אַלע מאָל צוגעשטעלט דאָס וואָס די באַלשעוויקעס האָבן געהאָפט און געוואַרט אויף דעם מבול פון דאָלאַרן. לייכטער איז געוואָרן דאָס לעבן, ווען ס׳האָבן זיך געעפנט די טאָרגסין קראָמען; מיט דאָלאַרן האָט מען דאָרט אַלעס געקענט קויפן. אַזוי זענען טאַקע געהאָלפן געוואָרן די וועלכע האָבן געהאַט קרובים אין אַמעריקע.

### 1941

דעם 22סטן יוני איז צוגעגאַנגען איינער צו מיר און האָט געזאָגט: די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן מיט די דייטשן. איך בין אַוועקגעלאָפן אין מאַרק און געקויפט אַ זאַק קאַרטאָפל, געבראַכט אַהיים און זיך געמאָלדן אין מיין מיליטערישער אָפּטיילונג. 4 בייטאָג זענען פאַרשפּרייט געוואָרן קלאַנגען, אַז אַרום שטאָט האָט מען געכאַפּט דייטשישע פּאַראַשוטיסטן.

6 פאַרנאַכט האָבן די דייטשן געוואָרפן באָמבעס אַרום וואָקזאַל. מענטשן זענען אַ גאַנצע נאַכט אַרומגעלאָפן ווי משוגעים און ניט געוווּסט וווּהין זיך ווענדן.

דעם 23סטן יוני אין דער פרי האָט זיך באַוויזן אַן עסקאַדראָן פון 15 אַעראָפּלאַנען וואָס האָבן געוואָרפן באָמבעס אויף דער ריכטונג פון זאַרעצער גאַס ביז וויגאָדע. מענטשן מיט קישנס און עסנוואַרג אין די הענט, זענען געלאָפן אויף סיאָלקער פעלדער. דער רעש, טומל און געפילדער איז געווען אומבאַשרייבלעך, קינדער זענען געגאַנגען פאַרלאָרן. ס׳האָט געהערשט אַ גרויסע פּאַניק.

דעם 25—24סטן יוני — אַלע וועגן זענען געווען איבערפולט פון היימלאָזע וועלכע האָבן געוואַנדערט קיין באָברויסק און פון באָברויסק אין דער ריכטונג קיין מינסק.

דעם 26סטן יוני, האָבן זיך באַוויזן אַעראָפּלאַנען און

געהאַלטן אין איין וואַרפן באָמבעס. די גאַנצע זאַרעצער גאַס איז געווען אַרומגענומען מיט פלאַמען פייער.

ביי אונדז אין הויז זענען די טירן געווען געשלאָסן, פינצ־טער אויפן גאַס, מ׳האָט ניט געזען אַ לעבעדיקן מענטשן. אַלע זענען געווען אויף די פעלדער. קיין זאַך איז ניט גערירט געוואָרן פון אָרט אין שטוב. נאָר עסנוואַרג, איז געווען קענ־טיק אַז מ׳האָט עס מיטגענומען מיט זיך.

דעם 28—27סטן יוני איז שוין אין סלוצק ניט געווען קיין רוסיש מיליטער. די שטאָט האָט געברענט און מיט מינסק איז שוין ניט געווען קיין פאַרבינדונג. קלאַנגען זענען אַרומ־געגאַנגען, אַז דייטשישע שפיאָנען האָבן קאָנצענטרירט אַלע מאַשינעס און אויטאָבוסן, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין אָפטרעטן און דערנאָך באָמבאַרדירט זיי. אין שפיטאָל נעבן דער האַנדלס־שול, איז אַריינגעשליידערט געוואָרן אַ באָמבע און הונדערטער קראַנקע זענען אומגעקומען. קראַנקע זענען אַרומגעפירט געוואָרן און מיטגעשלעפט זיך ניט וויסנדיק פו וואַנען און ווו קענען זיי באַקומען מעדיצינישע הילף. אין שטאָט זענען פאַרבליבן די פייערלעשער, דאָקטוירים און די היטער פון די תפיסות.

דעם 29־סטן יולי 1941 האָבן זיך שוין די דייטשן געפונען 15 קילאָמעטער אַרום סלוצק, 6 פאַרנאַכט איז אַרויס פון סלוצק די לעצטע מיליטערישע אָפטיילונג אין דער ריכטונג קיין מינסק.

די וועג איז געווען אָנגעפילט מיט אַנטלאָפענע, וועלכע האָבן געשטערט איינער דעם צווייטן און ס׳האָט געהערשט בלויז אַ כאַאָס.

איבערגעגעבן פון אַ סלוצקער




די שאָסיי גאַס

# אומקום

## מאריס הינדוס ניו־יארק / סלוצק נאך דעם חורבן

**(געזען מיט די אייגענע אויגן)**

*מאריס הינדוס, דער שרייבער פון דעם ארטיקל איז א באוווסטער שרייבער און זשורנאליסט. אין 1944 איז ער פיליכט געווען דער ערשטער אמעריקאנער ייד, וועמען ס'איז ערלויבט געווארן, אלס קארעספאנדענט, באגלייטן די רויטע ארמיי ביים אריינגיין אין סלוצק נאך דעם נאצישן צוריקטריט פון שטאט.*

*אין דער זעלבער צייט האט ער געדרוקט זיינע בעאבאכטונגען אין איבערבליקן אין א סעריע פון ארטיקלען אין דער צייטונג „ניו־יארק העראלד טריביון".*

*דער ארטיקל איז געשריבן געווארן דורך הער הינדוס ספעציעל פארן סלוצקער בוך.*

אין מיטן נאוועמבער 1944 בין איך געפארן אין אן אלטן שטארק אפגענוצטן „פארד" פון מינסק קיין סלוצק. עטלעכע מינסקער סאוועטישע באאמטע, וועלכע האבן געקענט סלוצק, האבן מיך באגלייט אויף דער דאזיקער רייזע. מיר זענען דורכגעפארן פארוויסטע געגנטן. פון ביידע זייטן שאסיי, האבן זיך שטארק ארויסגעזען שווארצע קוימענס, צעבראכענע טיילן, אלס וואס איז פארבליבן פון די אמאליקע באפעלקערטע שטעטלעך און דערפער.

די דייטשן האבן מיט זייער אפטרעטן צוריק, פארברענט און צעשטערט אלס וואס איז געווען אויף זייער וועג. שעה'ן לאנג זענען פארביי און נאך אלץ האבן מיר סלוצק ניט געזען.

מיינע באגלייטער האבן געהאלטן אין איין זאגן אז אט באלד וועלן מיר אנקומען אהין; מיר קענען סלוצק ניט אויסמיידן. סלוצק איז געווען א גרויסע שטאט און כאטש די וועגשילדן זענען פארניכטעט געווארן, זענען זיי זיכער געווען דאס מיר וועלן זיי זען אויסגעשפרייט ביי די זייטן פון שאסיי. אבער מיר האבן סלוצק ניט געזען. מיר זענען ווייט אריבערגעפארן, ניט וויסנדיק אז מיר האבן אונדזער ציל שוין אויסגעמיטן. בלויז דאן ווען מיר האבן געפרעגט אן אלטע פויערטע, וועלכע האט זיך געבויגן אונטער א משא פון ברען האלץ, ווי ווייט זענען מיר פון סלוצק? האבן מיר אויסגעפונען אז מיר זענען שוין איבערגעפארן 10 קילאמעטער.

איך דערמאן דעם פאקט, ווייל דורכפארנדיק האבן מיר ניט דערקענט די שטאט. די סיבה איז, ווייל סלוצקער רואי־נען זענען געווען די שוידערלעכסטע פון וועלכע איך האב געזען אין מלחמה־צעשטערטן רוסלאנד, און איך האב דאך געזען סטאלינגראד!

מיר זענען געפארן אין דער ריכטונג צו גוטצייטס מיל. די גאנצע וועג צום מארק, האב איך געזען בלויז געציילטע בנינים. דער מארק אליין ווי איך געדענק אים, וואס האט גערוישט תמיד מיט האנדל אין הערבסט צייט, איז איצט געווען בוכשטעבלעך פארלאזט. קיין סימן פון עופות, בהמות, חזירים און אגריקולטורעלע פראדוקטן, וועלכע זענען געווען א נאטירלעכע ערשיינונג אויפן סלוצקער מארק! קיין זכר פון פויערים מיט זעק און קוישן אנגעפילט מיט עפּל און בארן, מיט וועלכע סלוצק און איר געגנט זענען געווען בארימט!

ס'איז ניט צו באשרייבן דעם שוידער, וועלכן איך האב געפילט גייענדיק אויף דער ברייטער גאס. כ'האב ניט געקענט דערקענען די שענסטע און באליבסטע גאס אין שטאט. דער בולוואר איז פארשוואונדן. פון רציחה און כעס האבן די דייטשן אויסגעהאקט די שיינע ביימער און נאר די אפגעהאקטע שטאמען פארוואקסן מיט ווילדע גראזן האבן ארויסגעשטעקט. די הייזער, די שענסטע אין שטאט, זענען כמעט אלע צעשטערט און חרוב געווען. די לוטעראנישע קירכע מיט איר שפיציגן טורעם און אלטן שטאט זייגער, איינע פון די באוווסטע ארכיטעקטישע אנטיקן פון סלוצק, איז געווען צו־שפאלטן און געהאלטן ביים איינפאלן. דער אמאליקער שיינער שפיל און פארוויילונגס פלאץ פון סלוצק איז איצט געווען א ווילדע, טרויעריקע וויסטעניש.

קאפוליער גאס דארף מען רופן איצט די „שחיטה גאס". אין דער אמתן איז עס שוין מער ניט געווען קיין גאס, ווייל אלע הייזער זענען אפגעווישט געווארן ביזן יסוד. אויף דער גאס הינטער אייזערנע צוימען און שטעכיקע דראטן, זענען יידן צוזאמענגעטריבן געווארן און אויסגעהרגעט. קיינער האט מיר ניט געקענט זאגן וויפל יידן זענען געפאלן קרבנות פון די דייטשע מאשין ביקסן. אלץ וואס איך האב אויסגעפונען איז געווען דאס פון א באפעלקערונג פון 20,000 פון וועלכע יידן זענען געווען צוויי דריטל, האבן זיך ניט פיל געראטעוועט פון דער שחיטה. די צוזאמענגעדרייטע און פארראסטעטע שטעכיקע דראטן, וועלכע מ'האט נאך ניט געהאט קיין צייט



מאָריס הינדוּס אַדרעסירט אַ „יזכור" פאַרזאַמלונג (איןְ ניו־יאָרק), צום אָנדענק פין די סלוצקער קדושים (פעב. 1952).
זיצן פון רעכטס צו לינקס: הרב צבי יהודה מעלצער, בנימין סיימאן, מאַלי עפשטיין, פּראָפּ' פייבול מעלצער און ד"ר אברהם ל. בוּנין.

אָפרייניקן זיי, זענען געווען שטומע עדות פון דעם גרויסן פּאָגראָם.

די דייטשן האָבן פאַרנומען סלוצק 3 טעג נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה. איינצלנע יידן זענען אַנטלאָפן אין דעם מאָמענט ווען זיי האָבן געהערט די דייטשע עראָפּלאַנען פליען הויך איבערן שטאָט, אין דעם פרימאָרגן פון ערשטן מלחמה טאָג. אַזוי ווי באַנען, אויטאָמאָבילן און אַנדערע פאַרקער מיטלען זענען געווען פאַראַליזירט אָדער מאָביליזירט דורך דער סאָוועטישער אַרמיי, איז דער איינציקער מיטל צו ראַטעווען זיך געווען — גיין צופוס. דריי פון מיינע פּלימעניקעס: רפאל, גרשון און שלמה גינדעלעוויטש האָבן צוזאַמענגענומען זייערע פאַמיליעס און געגאַנגען צופוס לאָזנדיק זיך טיף אין רוסלאַנד. גרשון האָט דערגרייכט צו אַ דערפל אויף דער וואָלגאַ און זיך דאָרטן באַזעצט. רפאל און שלמה, מיטגלידער פון סלוצקער קאָלכאָז האָבן דערגרייכט צו אַ דאָרף אין דער פּראָווינץ פון קאַסטראָמאַ און אַריינגעטראָטן אין אַ דאָרטיקן קאָלכאָז. מיט זייער אַנטלויפן האָבן זיי זיך געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. לויט ידיעות פון סאָוועטישע פּאַרטיי באַאַמטע האָבן ניט מער ווי הונדערט יידישע פאַמיליעס פאַרלאָזן די שטאָט און גייענדיק צופוס דערגרייכט אַ רעטונגס פּלאַץ טיף אין לאַנד. ווער זענען זיי געווען און ווו זיי האָבן זיך באַזעצט, האָט קיינער מיר ניט געקענט דערציילן. די איבעריקע יידן זענען פאַרבליבן אין סלוצק. זיי האָבן זיך ניט געקענט פאָרשטעלן און גלויבן, אַז די דייטשן זאָלן זיין אַזוי פאַרדאָרבן און מערדעריש ווי מ'האָט זיי דערציילט. זיי האָבן זיך ניט פאָרגעשטעלט, אַז די דייטשן זאָלן אויסשעכטן אַלטע מענער, פרויען און קליינע קינדער אָן רחמנות. דאָס איז געווען דער טרויעריקסטער טעות, וועלכע אונדזערע ברידער האָבן געמאַכט ניט נאָר אין סלוצק נאָר אין גאַנץ ווייסרוסלאַנד. אויך האָבן די דייטשן ניט אַרויסגעוויזן קיין סימנים פון שנאה ביים פאַרנעמען די שטאָט. זיי האָבן געהייסן דער יידישער קהילה אויסקלייבן פאָרשטייער, וועלכע זאָלן רעפּרעזענטירן זיי פאַר דעם דייטשן קאָמענדאַנט. דער אַדוואָקאַט ציפּצין איז געווילט געוואָרן פאַר דעם אַמט.

אין פאַרלויף פון עטלעכע וואָכן האָט זיך געדוכט, אַז ער איז ערפאָלגרייך מיט זיינע נייע בעלי בתים פון סלוצק. אָבער ווען די אונטערדריקונגען האָבן זיך אָנגעפאַנגען, האָט ער ניט איין מאָל פּראָטעסטירט. איין טאָג האָבן די דייטשן צוזאַמענגערופן אַ מאַסן מיטינג פון יידן, כלומרשט געבן זיי אַ געלעגנהייט אַרויסצוברענגען זייערע טענות עפנטלעך. ציפּצין איז געווען דער ערשטער רעדנער. ער האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט אַרויסצוריידן אַ פּאָר ווערטער, האָט אַ דייטשער אָפיציר אַרויסגעכאַפּט זיין רעוואָלווער און האָט אים דערשאָסן. ער איז געווען דער ערשטער יידישער קרבן. די יידישע קהילה איז טעראָריזירט געוואָרן. צום ערשטן מאָל האָבן זיי געזען און געפילט אַז דער טייוול איז נאָך שוואַרצער ווי מ'האָט אים פאָרגעשטעלט. זיי האָבן זיך געפילט הילפלאָז ווי אין געפענגעניש. בלויז געציילטע איז געלונגען אַנטלויפן.

אַ פרויביים נאָמען מישעלאָוו האָט איינגעשטעלט איר לעבן און פאַרלאָזן די שטאָט מיט אירע צוויי קינדער, מיט דער הילף פון אַ פאַלשן פּאַספּאָרט. אירע העלע האָר און די בלויע אויגן האָבן איר מיטגעהאָלפן אַרויסצודרייען זיך פון די נאַצישע הענט. די עלטערע מענטשן — די ניימאַרק ברידער איז אויך געלונגען דערגרייכן די רוסישע פּאָזיציעס. נאָך אייניקע האָט באַגליקט צו אַנטלויפן, נאָר קיינער האָט מיר ניט געקענט געבן זייערע נעמען.

סלוצק איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ שטאַרקע פּאַרטיזאַנישע אַרמיי און די דייטשן האָבן אַזוי מורא געהאַט פאַר די פּאַרטיזאַנער, דאָס זעלטן האָבן זיי געוואַגט אַרויספאָרן ווייט פון די הויפּט וועגן. איך האָב באַזוכט דערפער אַרום סלוצק און זיך איבערצייגט, אַז די דייטשן האָבן ניט אָנגערירט אפילו די געגנדן ביי די פּויערים. די דערפער, וואָס ליגן, ווייט פון די וועגן, האָבן די דייטשן געלאָזן צו רו. זיי האָבן ניט ריזיקירט גיין נעמען געגנדז, וועלכע איז געווען אַ באַליבטער מאכל ביי זיי.

עטלעכע יונגע יידן אין סלוצק איז געלונגען זיך פאַראייניקן מיט די פּאַרטיזאַנער. פאַר וואָס האָט די יידישע יונגוואַרג זיך ניט דורכגעריסן צו די פּאַרטיזאַנער? מיט די פּאַרטיזאַנער, איז דאָך דער שכל מחייב, וואָלטן זיי געווען זיכער מיטן לעבן, סיידן זיי וואָלטן פאַלן אין שלאַכט, אָדער קריגן אַ קויל פון אַן אַנטיסעמיטישן פּאַרטיזאַן, אָבער לויט ווי עס באַהויפּטן איבערגעבליבענע, זענען געווען פיל פאַלן פון אַנטיסעמיטישע פּאַרטיזאַנער.

ווי עס האָט מיר איבערגעגעבן דער בירגערמייסטער פון סלוצק, וועלכער איז געווען הויפּט קאָמאַנדיר פון די פּאַרטיזאַנישע גאַרניזאָנען, האָבן יידן אונטער זיין אָנפירונג זעלטן געליטן פון אַנטיסעמיטיזם. ער האָט שטרענג געהאַנדלט מיט די יעניקע אַנטיסעמיטן. אויסער דעם זענען די יידן אַלס פּאַרטיזאַנער געווען באַוואָפנט אַזוי גוט ווי די ביט יידן, און וואָלטן זיך געקענט באַשיצן קעגן אָנפאַלן. ס'איז אַ פאַקט אַז ניט נאָר אין סלוצק נאָר אין גאַנץ ווייסרוסלאַנד, האָבן פאַרהעלטנישמעסיק ווינציק יידן צוגעשטאַנען צו די פּאַרטיזאַנער. מאיר הענדלער, אַ חבר קאָרעספּאָנדענט, אַלס פאַרשטייער פון יונייטעד פּרעס אין מאָסקווע, האָט באַרייזט פּינסק אין דער זעלבער צייט פון מיין פאָרן קיין סלוצק. מיט זיין צוריק קומען האָבן מיר פאַרגלייכט אונדזערע נאָטיצן. ער האָט געבראַכט פון פּינסק די זעלבע טרויעריקע געשיכטע ווי איך פון מינסק, סלוצק, פּאַהאָסט און נאָך אַנדערע קהילות אין ווייס־רוסלאַנד. בלויז געציילטע יידן האָבן פאַראייניקט זייער שיקזאַל מיט די פּאַרטיזאַנער. פאַר וואָס טאַקע?

אין סלוצק האָב איך באַגעגנט אַ סטאָלער מיטן נאָמען פּאָפּאָוו. ער האָט מיר דערציילט, דאָס איין מאָל אין אַן אָוונט פון דער אָקופּאַציע צייט, האָט די פרוי פון אַ יידישן שערער מיטן נאָמען מעלניק, אַריינגעלאָפן צו אים אין הויז און געבעטן אים ראַטעווען אירע קינדער. פּאָפּאָוו איז מיטגעגאַנגען צו איר אין הויז און גענומען אירע 3 קינדער, געבראַכט זיי צו זיך אין הויז. ער האָט זיי געהאַלטן אַ וואָך צייט. אַזוי ווי ס'איז געווען געפערלעך פאַר אים צו האַלטן זיי לענגער, איז די מוטער געקומען און געזאָגט אַז זי וועט זיי נעמען צוריק אַהיים. פּאָפּאָוו האָט זיך ביי איר געבעטן, זי זאָל אַנטלויפן מיט די קינדער צו די פּאַרטיזאַנער. ער איז געווען איינער פון „זייערע" געהיים אַגענטן אין סלוצק און ער האָט פאָרגעשלאָגן העלפן איר געפינען אַ וועג צו די פּאַרטיזאַנער. די מוטער האָט זיך ענטזאַגט. „אויב איך וואָלט געווען אַליין" — האָט זי געזאָגט, — „וואָלט איך פּרובירט, אָבער מיט די קינדער, וועל איך דאָס קיינמאָל ניט קענען דערווייזן און אָן זיי וויל איך ניט גיין".

ניט קוקנדיק אויף פּאָפּאָווס איינטענהן און איינרעדעניש, האָט זי זיך ענטזאַגט פאָלגן אים. באַלד נאָך דעם איז זי מיט אירע קינדער אומגעקומען.

ס'זענען געווען פיל אַנדערע פאַלן ווען מוטערס, פאָטערס, זין און טעכטער וואָלטן זיך געקענט ראַטעווען אַנטלויפנדיק צו די פּאַרטיזאַנער, אָבער זיי האָבן ניט געוואָלט זיך שיידן. אַזוי זענען פאָטערס און מוטערס פאַרבליבן מיט זייערע קינדער, זין און טעכטער מיט זייערע עלטערן. דער דייטשער טעראָר האָט שטאַרק סאָלידאַריזירט און ענג צוזאַמענגעבונדן יידישע פאַמיליעס.

אויב ניט קענען לעבן צוזאַמען איז בעסער אומקומען צוזאַמען.

האָבן זיי אַלע פאַרענדיקט זייער לעבן הינטער די אייזערנע שטאַכעטן פון קאַפּוליער גאַס.

# סלוצק אין דער דייטשער אקופאציע

איבערגעגעבן פון מלאדינאוו דניאל, 17 יאָר אַלט, געבוירן און געלעבט אין סלוצק, זון פון אָרטיקן שוסטער מלאדינאוו בנימין, אַנטלאָפן פון סלוצק אין דעם טאָג פון ליקווידאַציע־אַקט, זיך אויסבאַהאַלטן אַרום סלוצק אַלס רוס, דורכגעגאַנגען דורך ביאַליסטאָק.

אין סלוצק, באָברויסקער אָבלאַסט, האָבן בעת דעם אויס־ברוך פון קריג געלעבט אַרום 12,000 יידן, צווישן זיי אויך פּלי־טים פון פּוילן, וועלכע זענען אָנגעקומען אין 1939 יאָר.

דעם 5.7.1941 זענען די דייטשע אָקופּאַנטן אַריין אין סלוצק. באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען און די דייטשן אַליין האָבן אָנגעהויבן ריידן, אַז מען וועט אַלע יידן פאַרניכטן. עס זענען אויך געווען אייניקע פאַלן, ווען די דייטשן האָבן געשאָסן יידן, וועלכע האָבן געזאָגט עפּעס, וואָס עס איז זיי נישט געפעלן. אין משך פון 7 מאָנאַטן האָבן די יידן גע־לעבט אין שטאָט אין זייערע דירות. די דייטשן האָבן זיי געצוווּנגען אַרבעטן ביי פאַרשיידענע שוואַרצע אַרבעט, ווי ביים בויען פון דייטשע געביידעס, אויף וועגן און אַנדערע. בעת דער אַרבעט האָבן זיי די אַרבעטער געשלאָגן מיט נאַ־גייקעס, פריקלאַדן און שרעקלעך געפייניקט. עס זענען אַרויס־גענומען געוואָרן די מצבות פון יידישן בית־עלמין און זענען געלייגט געוואָרן אַלס פונדאַמענט פאַר 4 גרויסע דייטשישע הייזער.

אַרום נאָוועמבער, 1941, אַ זונטיק־טאָג, איז אין סלוצק אָנגעקומען אַ ליטווישער אָטריאַד אויף דורכצופירן אַן אַקציע איבער די יידן. ביי טאָג האָט אַ טייל פון זיי אַרומגערינגלט די שטאָט און די איבעריקע זענען געגאַנגען איבער די הייזער און געזוכט יידן. יעדער געטראָפענער אין שטוב אָדער אויפן גאַס, האָבן זיי אויפן אָרט געשאָסן, נאָכדעם צעראַבירט די יידישע זאַכן. אין משך פון אַ פּאָר שעה זענען אין דעם טאָג אומגע־קומען אַרום 500 יידן. די איבעריקע האָבן באַוויזן זיך צו באַהאַלטן. נאָך דער אַקציע איז דער ליטווישער אָטריאַד אַוועק־געפאָרן. אין יאַנואַר 1942 זענען די סלוצקער יידן איינגעשלאָסן געוואָרן אין 2 געטאָס. איין געטאָ אין וועלכן עס האָבן זיך גע־פונען קינדער, אַלטע, קראַנקע, נישט אַרבעטס־פּעאיקע, אַליינ־שטייענדע, שוואַרצע אַרבעטער, אינגאַנצן 1000 יידן, האָט זיך געפונען אויסערן שטאָט. דער צווייטער געטאָ, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען אַרום 5000 פאַרטיילט מיט זייערע פאַמיל־יעס, האָט אין צענטער פון שטאָט פאַרנומען אַרום 40 הייזער.ביידע געטאָס זענען געווען אַרומגעצוימט מיט דרייפאַכן פאַרעלעקטריזירטן דראָט.

אין מאַי 1942 איז ליקווידירט געוואָרן דער געטאָ פון די שוואַרץ־אַרבעטער. פלוצלינג איז דער געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן פון די דייטשן. אַלע יידן זענען אַרויפגעזעצט געוואָרן אויף מאַשינעס און אַרויסגעפירט געוואָרן אויסערן שטאָט, ווו זיי זענען אַלע דערשאָסן געוואָרן, לויט די באַקומענע ידיעות פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג. דער אָרט פון דער שחיטה איז דעם איבערגעבער נישט באַקאַנט.

אין אַ האַלב יאָר אַרום דעם 8.11.1942 איז ליקווידירט געוואָרן אויך דער צווייטער געטאָ. דעם 7טן נאָוועמבער איז שוין דער געטאָ געווען אַרומגערינגלט פון אַ פאַרשטאַרקטער וואַך פון ליטווינער און קיינער איז ניט אַרויסגעלאָזן געוואָרן. דעם 8טן אינדערפרי זענען די ליטווינער אַריין אין געטאָ און האָבן אָנגעהויבן אַרויספירן די יידן מיט מאַשינעס הינטערן שטאָט. זיי האָבן אויף פאַרשיידענע שרעקלעכע אופנים זיך איזדיעקעוועט איבער די יידן. אָפּגעריסן קליינע קינדער פון די באַהאַלטענע מוטערס און אויפן אָרט געשאָסן. קליינע קינדער געוואָרפן אָן דער ערד און געהרגעט א.אַ.וו. אין דער צייט האָבן עטלעכע יידן אַרום 10 מאַן, וועלכע האָבן געהאַט גע־ווער, אָנגעהויבן שיסן אויף די דייטשן. וועלנדיק אויסמיידן ווידערשטאַנדן, האָבן די דייטשן באַשלאָסן צו פאַרברענען דעם




געצייכנט דורך דעם סלוצקער געראַטעטן יינגל חיים רוסאַק, וועלכער געפינט זיך איצט אין ישראל

גאַנצן געטאָ מיט די יידן. זיי האָבן מיט בענזין באַגאָסן אַלע הייזער און האָבן זיי אונטערגעצונדן. אין דער שריפה איז אומגעקומען דער גרעסטער טייל סלוצקער יידן. די איבעריקע זענען דערשאָסן געוואָרן אויסערן שטאָט, ווו עס זענען אויף „דער בלאָטע" געווען אָנגעגרייט גריבער.

אַ קליינער צאָל יידן, אַרום 25 מאַן, איז געלונגען אַרויס־צולויפן דורך דעם צוים אין דער צייט פון דער לעצטער אַקציע. זיי זענען מייסטנס געווען אין דער פּאַרטיזאַנקע אַרום סלוצק. צווישן די געראַטעוועטע געפינען זיך גאַלאַנסאַן (זון) 18 יאָר אַלט, גאַלאַנסאַן (מוטער) 35 יאָר אַלט.

אונטערשריפט פון עדות מלאַדינאָוו, ביאַליסטאָק 31.5.1945

פּראָטאָקולאַנט פּאַרז. פון וואָיעוואָדיש־היסטאָרישער קאָמיסיע.

(אַרכיוו פון „יד ושם" נומ' M11/1317).

ביאַליסטאָק דעם 31.5.1945 פּראָטאָקאָלירט פון ש. שטיינמאַן.

# בריוו פון סלוצקער געטאָ

א

טייערער ברודער עזריאל,

דו ווילסט וויסן די אומשטענדן פון אונדזער מוטערס טויט. איך בין דאַן ניט געווען אין סלוצק. אין 2 חדשים אַרום האָב איך זיך אומגעקערט קיין סלוצק. מ'האָט מיר דערציילט, אַז זי האָט זיך געפונען ביי די עלטערן פון אַ מיידל מיט וועלכער איך האָב געזאָלט הייראַטן, נאָר די מלחמה האָט צעשטערט אונדזערע פּלענער. אויסער אירע עלטערן, האָט דאָס מיידל געהאַט 3 ברידער. ניט קוקנדיק אויף זייער שלעכטן מצב, האָבן זיי אויסגעהאַלטן אונדזער מוטער מיט גרויס כבוד. מענטשן האָבן דערציילט, אַז אָפּט איז אויסגעקומען דערהאַלטן די נשמה טעגלעך מיט אַ שאָלעכץ פון אַ קאַרטאָפל. מערסטנטייל האָט מען געהונגערט ביז מ'איז אומגעקומען.

דאָס איז געווען מאָנטיק, דעם 27־טן אָקטאָבער 1941. ווען מען פּלעגט אַ יידן דערמאָנען דאָס וואָרט מאָנטיק, פּלעגט אַ שוידער דורכגיין זיין לייב, ווייל סלוצקער יידן איז אויסגע־קומען איבערלעבן נאָך עטלעכע מאָנטיקס פיל שרעקלעכע, ביז וואַנען מ'האָט פאַרניכטעט אַלעמען. ס'זענען געווען פיל נאַיווע מענטשן, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז מ'וועט זיי לאָזן לעבן.

מ'פלעגט פיל יידן אויסהרגענען אין סלוצק צוליב כלו־מרשטע סיבות: איינער האָט ניט אויסגעפילט אַ באַפעל, אַ צווייטן האָט מען פאַרמסרט און אַז.וו. באַפעלן זענען געווען פיל און פאַרשיידענע: 1) יידן האָבן ניט געטאָרט זיין אויפן מאַרק און ניט קויפן איינער ביים צווייטן; 2) ס'איז געווען פטרבאָטן גיין אויפן טראָטואַר; 3) יידן האָבן געמוזט אַרומגיין מיט אָפּגעשערטע קעפּ; 4) אַראָפּנעמען די היטל פאַר יעדן דייטש; 5) אָנטייען אַ געלע לאַטע אין פאָרעם פון אַ מגן־דוד אויפן בגד פון פאָרנט און פון הינטן; 6) אַ ייד האָט ניט גע־טאָרט ריידן מיט ניט קיין יידן. ווער קען אויסרעכענען די נאָך פיל אומגעלומפּערטע באַפעלן.

פאַר ניט אויספאָלגן אַזאַ באַפעל איז געווען טויט־שטראָף.

ביז „יענעם מאָנטיק" איז נאָך ניט געווען קיין געטאָ אין סלוצק. יידן און ניט־יידן האָבן נאָך געוווינט, ווו זיי האָט זיך געגלוסט.

נאָך וויגאָדער גאַס האָבן זיך געפונען גרויסע באַראַקן, ווו פאַר דער מלחמה האָבן זיך אויפגעהאַלטן אונדזערע מילי־טער־אָפּטיילונגען. אָט אין די באַראַקן האָבן די נאַציס באַזעצט אַ סך יידן און אויך חנה מיט די קינדער (צוויי מיידלעך און אַ יינגל) זענען געווען דאָרטן. די מאַמע מיט דער פאַמיליע האָבן זיך געפונען אויף מאַנאַכאָווער גאַס (ווו די טורמע גע־פינט זיך).

דער מאַמעס געזונטס־צושטאַנד איז קיינמאָל ניט געווען פויגלדיק. ווי האָט זי זיך געקענט פילן אין אַזעלכע ביטערע טעג? פרייטיק פאַר דעם „מאָנטיק" איז געקומען צולויפן חנה מיט אַ געוויין. איר עלטערע מיידל חיה, האָט געקויפט אַן עפּל אויפן מאַרק און מ'האָט איר געכאַפּט ביים „פאַרברעכן"... אויף מאָרגן, ד.ה. שבת האָט מען אָנגעזאָגט דער מאַמען, אַז אַלע יידן פון די באַראַקן (פאַרשטייט זיך, חנהן מיט די קינדער בכלל) האָט מען די נאַכט ערגעץ אַוועקגעפירט. פאַר קיינעם איז ניט געווען קיין סוד, אַז מ'האָט זיי אויסגעהרגעט. נאָך אַזעלכע „גוטע" נייעס, איז די מאַמע געלעגן שוין שטאַרק קראַנק צום בעט.

מאָנטיק דעם 27 אָקטאָבער 1941, אַז יידן האָבן זיך אויפ־געכאַפּט פאַרטאָג, האָבן זיי זיך דערוווסט, אַז די גאַנצע שטאָט איז אַרומגערינגלט מיט דייטשן, באַוואָפנטע מיט פּולימיאָטן און אָטאָמאַטן. ווען ס'איז גוט ליכטיק געוואָרן, זענען צוגע־פאָרן גרויסע לאַסט־מאַשינעס, געכאַפּט יידן און געשליידערט אין די מאַשינעס. די פּאַניק איז געווען אומבאַשרייבלעך. מ'איז געלאָפן ווי מייז, ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ געיעג אויף יידן. מ'האָט געשאָסן אויף יעדן, וועלכער האָט געפּרוווט אַנטלויפן.

בלוט האָט זיך געגאָסן אויף די גאַסן. די אָנגעפּילטע לאַסט־אויטאָס מיט יידן, האָט מען געפירט אויסערן שטאָט, אין דער ריכטונג אויף באַראַנאָוויטשער וועג. דאָרטן זענען שוין געווען צוגעגרייטע גריבער. מ'האָט געשאָסן אויף די גע־בראַכטע יידן מיט פּולימיאָטן, געריסן דעם באָדן מיט גראַנאַטן, פאַרשאָטן, צוגעדעקט מיט ערד, ניט קוקנדיק וואָס זייער פיל זענען געווען ניט מער ווי פאַרוווּנדעטע. אַזוי האָט עס גע־דויערט ביז האַלבן טאָג. ביי טאָג איז געקומען דער אַזוי־גערו־פענער געביטס־קאָמיסאַר און האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל מער ניט פירן די יידן אויסערן שטאָט, נאָר גלייך אין די באַראַקן אויף וויגאָדער גאַס.

די פאַמיליע, ביי וועמען די מאַמע האָט זיך אויסגעהאַלטן, איז זיך פונאַנדערגעלאָפן און זיך צעשפּרייט. אַ מיידל האָט זיך פאַרבאַהאַלטן אויפן אויוון, זיך באַדעקט מיט שמאַטעס און די מאַמע איז געלעגן אויף געהאַקטע צרות אין בעט. אַ נאַצישער סאָלדאַט האָט זיך אַריינגעריסן, אַ שלעפּ געטאָן דער מאַמען און געהייסן גיין. זעענדיק, אַז זי קען זיך טאָקע ניט אַ ריר טאָן,

האָט ער געבראַכט אַ יידן און באַפעלט, ער זאָל זי אַוועקטראָגן אין אויטאָ אַריין.

(דאָס האָט דערציילט די מיידל וועלכע איז געלעגן פאַר־שטעקט אויפן אויוון).

אַזוי האָט מען די יידן געבראַכט אין די באַראַקן. די מאַמע האָט זיך געוואַלגערט אויף דער פּאָדלאָגע אַ גאַנצע נאַכט, געהוסט און געפּאָכט מיט דער נשמה. ס'איז ניט געווען אַפילו אַ קאַפּ וואַסער אָפּנעצן אירע פאַרשמאַכטע ליפּן. דאָס האָט מיר דערציילט לאה די שווענזנערן, וועלכע איז דאַן געבליבן לעבן און אין אַ צייט אַרום איז זי אומגעקומען מיט אירע טעכטער און איידעמס.

אויף מאָרגן, דעם 28־טן אָקטאָבער איז געקומען אַ קאָ־מיסיע און מ'האָט אָנגעפאַנגען סאָרטירן די מענטשן אויף צוויי טיילן, אויף רעכטס און אויף לינקס — רעכטס צום לעבן און לינקס — צום טויט.

אונדזער מאַמען האָט מען געהייסן גיין אויף לינקס. די פאַרמישפּעטע צום טויט זענען אוועקגעפירט געוואָרן אויסערן שטאָט.

ב

טייערער ברודער,

איך האָב דיר צוגעזאָגט באַשרייבן וואָס מיר איז אויסגע־קומען איבערלעבן אין דער צייט פון אונדזער אומגליק.

אויפשרייבן דאָס איז אוממעגלעך און דאָך פּרוביר איך, וויפל עס איז, אָנוואַרפן אויפן פּאַפּיר.

דעם 22־טן יוני האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה און 9 אַזייגער פאַרנאַכט האָט דער שונא שוין באָמבאַרדירט סלוצק. די גרענעץ איז געווען אינגאַנצן אַרום 30 קילאָמעטער פון שטאָט און אין די טעג 25־24־23 פון יוני 1939 האָבן די דייטשן באָמבאַרדירט סלוצק טאָג און נאַכט. די שטאָט האָט געברענט אין אַלע עקן. זאַרעצער גאַס איז געווען אין פלאַמען־פייער. צו אונדזער שטוב זענען זיי נאָך ניט דערגאַנגען. אונדזער מאַמע האָט געזאָגט, אַז אונדזער געסל וועט ניט ברענען, ווייל אַ גרויסער צדיק האָט אַ מאָל פאַרשווירן, אַז קיין פייער זאָל ניט צושטיין צו אונדזער געסל. די מאַמע און נאָך פיל סלוצקער האָבן געגלויבט אין דעם.

די ראַדיאָ, טעלעפאָן, אייזנבאַן און עלעקטרישע פאַרבינ־דונגען האָט דער שונא איבערגעריסן.

די ערשטע טעג האָבן מיר ניט געוווּסט, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. מ'האָט נאָר געזוכט אַ פּלאַץ, ווו צו באַהאַלטן זיך פון די באָמבעס. מענטשן זענען געלאָפן אין די פעלדער, אין די נאָענטע אַרומיקע דערפער. אינגאַנצן פאַרלאָזן סלוצק האָט מען נאָך ניט געטראַכט. מ'האָט זיך ניט גערעכנט, אַז דער דייטש איז אַזוי נאָענט פון שטאָט. דעם לעצטן טאָג, ווען מ'האָט שוין געזען ווו מ'האַלט אין דער וועלט, האָט מען זיך געלאָזן לויפן — ווער אויף באָברויסקער ריכטונג און ווער — קיין מינסק.

די דייטשן אָבער, האָבן זיי שוין איבערגעיאָגט און דער גרעסטער טייל, האָט זיך אומגעקערט צוריק. איך מיט דער מאַמען האָבן זיך געפונען אויפן פעלד די ערשטע טעג. אַזוי ווי די מאַמע איז געווען אַ קראַנקע פרוי, איז איר געווען שווער זיך וואַלגערן אויפן פעלד, האָט זי געבעטן כאָטש שטאַרבן אויף דער אייגענער בעט ביי זיך אין דער היים.

ווען מיר האָבן זיך אומגעקערט אַהיים, איז די שטוב שוין ניט געווען קיין שטוב. פון די באָמבעס־אויפרייסונגען, זענען די פענצטער מיט די ראַמען אַרויסגעפלויגן, שטיקער ווענט האָבן ממש געהאַנגען אויף נסים. די מאַמע האָט געזאָגט: סוף כל סוף, ווי עס איז ביי זיך אין דער היים, ניט אויף הוילע ערד; געקענט איר דערלאַנגען אַ וואַרעמע גלאָז טיי און פאַר־לייכטערן איר דעם הוסט.

דעם 26־טן יוני, אַרויסגייענדיק פון שטוב 5 אינדערפרי, האָט זיך געהערט אַ גרויסע שיסעריי אין דער ריכטונג פון דער באַן־סטאַנציע. אַ טויטע שטילקייט האָט געהערשט אין שטאָט. איך האָב דער מאַמען געזאָגט, אַז דער דייטש איז שוין אין שטאָט און איך מוז אַנטלויפן, ווייל מ'וועט מיך הרגענען. די מאַמע פרעגט: און וואָס וועט זיין מיט איר? האָב איך געענט־פערט, אַז פרויען און קינדער וועט ער קיין שלעכטס ניט טאָן. און איך האָב טאַקע געגלויבט אין דעם.

בלייבן מיט דער מאַמען האָב איך ניט געקענט. זי האָט געליטן פון אַ קורצן אָטעם, און נאָך יעדע 3 טריט, פלעגט זי זיך אָפּשטעלן רוען. ביטער און פינצטער איז מיר געווען, אָבער איך האָב ניט געהאַט קיין ברירה און זי איבערגעלאָזט מיט אַן אַלטער יידענע, אַ שכנה פון אונדזער געסל, אויך אַ קראַנקע. איך בין אַוועק זוכן נאָך שכנים און מיין באַקאַנטע מיידל. געבעטן זיי אַכטונג געבן אויף דער מאַמען און ניט פאַרלאָזן איר.

מיט אַ ווייטיק אין האַרצן האָב איך באַשלאָסן לאָזן זיך אין דער ריכטונג פון מאָזיר דורך פעלדער און וועלדער און ניט דורכן שאָסיי, וועלכן דער שונא האָט באָמבאַרדירט טאָג און נאַכט. זיינע טאַנקען און מאַשין־געווער שניידן איבער יעדן פאַרקער מיט מינסק און באָברויסק. 3 אַזייגער ביינאַכט בין איך אָנגעקומען קיין ליובאַן און ס'האָט זיך שוין געזען ווי עס ברענען סלוצק, אורעטשע, סטאַרי־דאראגע און נאָך פיל שטעט־לעך און דערפער. נאָך אַ מעת־לעת צייט פון שלעפּן זיך, בין איך אָנגעקומען קיין קאפּאטקעוויטש. דאָרטן איז נאָך געווען אַלץ אין אָרדענונג. די באַנען זענען געווען אין פאַרקער, די ציווילע באַפעלקערונג האָט מען עוואַקואירט. איך האָב זיך געווענדעט אין אַ מאָביליזאַציע־פּונקט, פון וואַנען מ'האָט מיך אַוועקגעשיקט אין אַן אָפּטיילונג פון אַרטילעריע.

צוויי חדשים האָבן מיר זיך פאַרטיידיקט אַרום פּינסק. ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס מינסק, סלוצק, באָברויסק, סמאָליענסק און האָמעל זענען שוין געווען פאַרנומען. אַזוי ווי אונדז האָט געדראָט די געפאַר פון ווערן אַרומגערינגלט, האָבן מיר באַ־קומען אַ באַפעל אָפּטרעטן. דער דייטש האָט אונדז באָמבאַר־דירט אויף טריט און שריט. מענטשן זענען געפאַלן ווי פליגן און אונדזערע אָפּטיילונגען זענען אַרומגערינגלט געוואָרן.

איך האָב איבערגעביטן אין אַ אוקראַאינישן דאָרף מיינע מיליטער־קליידער אויף אַלטע צעריסענע ציוויל־קליידער און באַשלאָסן איבערכאַפּן זיך צו אונדזערע. 10 וואָכן האָב איך



**דייטשע טאַנקען אַרום סלוצק.**
די שטאָט איז איינגעטונקט אין פלאַמען פייער און זיילן רויך. (פון „ניו־יאָרק טיימס“, דינסטיק, דעם 22־טן יולי 1941, לויט אַ ראַדיא בילד).

געוואַנדערט אין אוקראַינע. איך בין דורכגעגאַנגען צופוס טשערניגאָווער, פּאָלטאַווער, דניעסטרע־פּעטראָווסקער געגנטן. איך פלעג דורכמאַכן 50—40—30 קילאָמעטער אַ טאָג אין הונגער, קעלט און לייז. ס׳האָט געהערשט אַ מיש־מאַש; מענטשן האָבן געוואַנדערט, ווער ס׳האָט געוואָלט דורכרייסן דעם פראָנט, מ׳איז געגאַנגען אַהיים. איך פלעג גיין דורך פעלדער און שטעטלעך, ווו דער דייטש האָט זיך באַזעצט.

אומעטום בין איך דערשינען אַלס קריסט, ווייל טויט־שטראָף האָט געדראָט פאַר אויסבאַהאַלטן אַ יידן. אין די דערפער, האָט דער דייטש אָרגאַניזירט פּאָליציי פון רוסישע פּאַרעטער און דאָך האָב איך געמוזט דורכגיין דערפער, ווייל אַ לעבעדיקער מענטש האָט דאָך געמוזט עסן.

איין מאָל גייענדיק האָט מיך נאָכגעפאָלגט פּאָליציי. וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? — אַ גרויסער טייך פאַר מיינע אויגן! אַזוי ווי אין טייך זענען געווען שטיקער אייז, האָב איך געשפּרונגען און געטאַנצט פון איין שטיק אייז אויפן צווייטן און געפאַלן כורעים ניט איין מאָל, און אַזוי דערגרייכט דעם צווייטן ברעג. די נאָכיאָגער האָבן ניט געוואָלט איינשטעלן זייער לעבן ווי איך.

אַ צווייטן מאָל האָט מיך די פּאָליציי פאַרהאַלטן און פירנדיק מיך צום דייטשישן קאָמענדאַנט, האָב איך זיך אויסגעקויפט מיט מיין זייגער און ביסל געלט וואָס איך האָב פאַרמאָגט. אָט אַזוי האָב איך זיך אויסגעלייזט פון אַ זיכערן טויט.

כ׳האָב ווידער געפּרווט זוכן אַ וועג ווי דורכשלאָגן זיך צוריק אַהיים. מ׳האָט מיך ווידער געכאַפּט נאָך 3 וואָכן וואַלגערן זיך אין וועג: ווו געטאָגט דאָרטן ניט גענעכטיקט, יעדן טאָג געשפּילט מיטן לעבן, חוץ הונגער און קעלט. האָט מען מיך פאַרפירט אין אַ געפאַנגען־לאַגער אין קאָנאטאָפּ. אַן אָפן פעלד, אַרומגעצוימט מיט שטעכיקן דראָט און אַרום דייטשן מיט מאַשין־געווער. טויזנטער מענטשן האָבן זיך דאָרטן געוואַלגערט אָן עסן, אָן וואַסער. יעדן טאָג פלעגט מען אַרויספירן צענדליקער טויטע קערפּערס, אין פיל פאַלן, זענען ביי די טויטע געווען אויסגעשניטן ווייכע טיילן פון קערפּער. אַ סברה, אַז מענטשן פלעגן עסן מענטשן־פלייש. אין אַ פינצטערער רעגנדיקער נאַכט, האָב איך ווי ניט איז דורכגעריסן אַ דורכגאַנג צווישן די שטעכעדיקע דראָטן און ווידער אַנטלאָפן.

אין 10 טעג אַרום האָט מען מיך ווידער געכאַפּט און געבראַכט אין אַ געפאַנגען־לאַגער אין ראָגאַטשאָוו.

מיר איז ווידער געלונגען זיך אַרויסרייסן פון דעם גיהינום. ס׳איז געווען אין מיטן חודש דעצעמבער, איך בין געווען כמעט אינגאַנצן נאַקעט, אויף די פיס אַ פּאָר צעריסענע קאַלאָשן. די הויזן און דער רעקל צעריסן און דורך־און־דורך איינגעטונקט אין לייז. דער לעבן איז שוין מיאוס געוואָרן. איך האָב נאָר געהאָפט, אפשר וועט זיך מיר איינגעבן דורכשלאָגן זיך צו די

ווייסרוסישע וועלדער און אָנשליסן זיך אין אַ פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג. די ווענדונג מיינע איז געווען סלוצק.

ווי ניט ווי, נאָך ליידן און קנאַפּע פריידן דערגרייכט קיין סלוצק.

דער מאַמען האָב איך שוין ניט געטראָפן. אין שטאָט זענען געווען פיל יידן. ס׳זענען געווען פיל גוטע פריינט, וועלכע האָבן מיר געהאָלפן. ווער ס׳האָט מיר געגעבן אַ פּאָר שיך, ווער וועש, ווער אַ מאַנטל, הויזן א. אַ. וו. הונגעריקע האָבן געטיילט זיך מיטן לעצטן ביסן.

אַ גרויסער טייל יידן איז נאָך דאַן ניט געווען אין געטאָ. ביי מיין אָנקומען אין סלוצק האָט מען שוין אָנגעהויבן צוצוגרייטן אַ געטאָ. מ׳האָט אויפגעזאַמלט אַ סך יידן אין דעם געגנט, ווו די שולן זענען געווען. דעם ראַיאָן, האָט מען אַרומגעצוימט מיט אַ הויכן צוים פון ברעטער און שטעכיק דראָט. אין טויער זענען געשטאַנען באַוואָפנטע פּאָליציסטן. יעדער ייד האָט געמוזט האָבן ביי זיך אַ פּאַספּאָרט פון דער דייטשישער מאַכט. אַזוי ווי איך האָב אַזאַ פּאַספּאָרט נאָך ניט געהאַט, האָט מען מורא געהאַט מיך לאָזן נעכטיקן אין אַ שטוב. ס׳איז מיר אויסגעקומען שלאָפן אויפן גאַס אַרום 10 טעג.

עס איז שוין געווען אָנהויב יאַנואַר 1940. איך האָב באַקומען אַ פרעמדן פּאַספּאָרט פון אַ געהרגעטן ייד, און מיט דעם פּאַספּאָרט האָב איך געלעבט די גאַנצע צייט.

אין יענער צייט זענען שוין אין סלוצק געווען צוויי געטאָס, איינער — פאַר קוואַליפיצירטע אַרבעטער, דער צווייטער — פאַר סתם יידן. מ׳האָט געהאַלטן, אַז דער ערשטער איז צום לעבן און דער צווייטער — צום טויט. איך האָב געדענקט, אַז סוף כל סוף וועט מען אַלע יידן פאַרניכטן. האָב איך געפּרוווט אָפּרוען זיך אַ ביסל נאָך מיין גרויסן שפּאַציר איבער רוסלאַנד און קלייבן כוחות. איך האָב געזוכט אַזאַ אַרבעט, ווו איך זאָל לכל הפּחות ניט הונגערן. ס׳האָט מיר ממש אָפּגעגליקט און זיך איינגעאָרדנט אין אַ דייטשישן רעסטאָראַן. זיין אין געטאָ, ד.ה. שלאָפן דאָרטן, האָב איך מורא געהאַט, ווייל איך האָב געוווסט, אַז דאָס איז אַ טויט־קאַמער. אַ באַפעל איז אויסגעהאַנגען געווען אומעטום, דאָס אויב מען וועט געפינען אַ יידן אויסער דעם געטאָ, וועט ער געהאַנגען ווערן. דאָך בין איך אין געטאָ ניט געגאַנגען. אין רעסטאָראַן, ווו איך האָב געאַרבעט, איז געווען אַ צעבראָכענער קעלער פול מיט וואַסער. האָב איך דאָרטן אויסגעקליבן אַ שטיקל אָרט, וואָס איז אַ ביסל טרוקן, איינגעאָרדנט מיט ברעטלעך און שטרוי. ווען מ׳פלעגט דאַרפן גיין אַהיים, ד.ה. אין געטאָ, פלעג איך אויסנוצן אַ מאָמענט, ווען קיינער זעט ניט, און אַריינכאַפּן זיך אין קעלער און אָפּזיין דאָרטן די נאַכט. פאַרטאָג זיך ווידער אַרויסכאַפּן, ווען קיינער באַמערקט ניט. די דייטשן מיט וועמען איך האָב געאַרבעט, האָבן ניט אַנדערש געדענקט, אַז איך גיי שלאָפן אין געטאָ.

אַזוי האָב איך אָפּגעשלאָפן אין קעלער אַ גאַנצן ווינטער. ווען ס׳איז וואַרעמער געוואָרן בין איך געשלאָפן אויף אַ בוידעם פון אַ שטאַל נעבן רעסטאָראַן. איך בין געווען דער איינציקער ייד, וועלכער האָט געאַרבעט אין רעסטאָראַן. די איבעריקע זענען געווען קריסטן. אין דרויסן פלעגן מענער האַקן און זעגן האָלץ און אין רעסטאָראַן פלעגן פרויען שיילן קאַרטאָפל, קאָכן, באַקן, רייניקן די פּאָדלאָגעס.

די בעלי־בתים פון רעסטאָראַן זענען געווען דייטשקעס פון רויטן־קרייץ. מיין אַרבעט איז באַשטאַנען פון הייצן די אויוונס און וואַרעמען די קעסלען, זען אַז האָלץ און וואַסער זאָלן זיין אין דער צייט. דער צוטרוי צו מיר איז געווען זייער גרויס. ניט נאָר איך בין אַליין געווען זאַט, נאָר איך האָב נאָך געהאָלפן אַ סך פריינט מיט עסן. און איבערהויפּט דער פאַמיליע ווו די מאַמע האָט זיך געפונען. ביי זיי איז געווען אַ גרויסע פאַמיליע פון זעקס מענטשן. די דייטשן פלעגן געבן אַן אַרבעטער 200 גראַם ברויט אַ טאָג. ווען איך וואָלט ניט געהאָלפן דער פאַמיליע, וואָלטן זיי אויסגעשטאָרבן פון הונגער.

אין רעסטאָראַן האָבן זיך געפונען 2 ראַדיאָס, פלעג איך 5 אַזייגער פאַרטאָג, אויפנעמען שטילערהייט די לעצטע נייעס פון מאָסקווע און איבערגעבן אין געטאָ. די געפאַר איז געווען גרויס, אָבער מ׳האָט עס געמוזט טאָן. די דייטשן פלעגן אַרויסלאָזן קלאַנגען, אַז מאָסקווע, לענינגראַד זענען שוין פאַרנומען און די באָלשעוויקעס זענען קאַפּוט...

אין יאָר 1942 האָבן פאַרטיזאַנער זיך שוין געלאָזן הערן און איך האָב געזוכט אַ פאַרבינדונג מיט זיי, כדי אַוועקצוגיין אין וואַלד. מיר איז דאָס ניט געלונגען. דער רעסטאָראַן האָט זיך געפונען אויף פּראָלעטאַרסקער גאַס (שאָסיי). אַ מאָל איז דאָרטן געווען קריינעסעס קלוב און אין רשות פון רעסטאָראַן איז געווען אַ „ליעדניק", וועלכער האָט זיך געפונען אויף כאַפּאַשקער גאַס. דער ליעדניק איז געווען צוגעדעקט מיט אַ דעכל. אַזוי, אַז ס׳האָט זיך באַקומען אַ בוידעמל פון דריי פערטל מעטער די הויך. קיין אַריינגאַנג צום בוידעמל איז ניט געווען. די שליסלען פון „ליעדניק", האָבן זיך אַלע מאָל געפונען ביי מיר. איך האָב אויפגעהויבן אַ ברעט אין פּאָטאָלאָק (סטעליע) פון ליעדניק — אַלס אַריינגאַנג אין בוידעמל און אָנגעפאַנגען צוגרייטן שפּייז. אַוועקגעלייגט דאָרטן אַרום 4 קילאָ צוקער, 4 קילאָ מאַרגאַרין, 4 קילאָ איינגעמאַכץ, 4 פלעשלעך ראָם, 50 גראַדוס, 4 קילאָ רייז. קיין ברויט האָב איך ניט געהאַט אַ מעגלעכקייט אָנגרייטן. ס׳איז געווען זומער צייט. איך האָב זיך באַמיט שאַפן אַ פאַרבינדונג מיט די פאַרטיזאַנער, אָבער ס׳איז מיר ניט געלונגען און אַזוי איז דער זומער אַוועק.

אין רעסטאָראַן האָב איך געאַרבעט פּונקט אַ יאָר צייט פון פעברואַר 42־טן יאָר ביז פעברואַר 43־טן יאָר.

דעם 8־טן פעברואַר 43־טן יאָר ווי מיין שטייגער איז געווען, האָב איך זיך אַרויסגעכאַפּט פון מיין באַהעלטעניש און גענומען אונטערהייצן די אויוונס מיט די קעסלען. ס׳זענען געקומען די רוסישע פרויען, וועלכע האָבן מיט מיר געאַרבעט און זיי האָבן דערציילט, אַז מחנות דייטשן האָבן אַרומגערינגלט דעם געטאָ. מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז מען איז געקומען פאַרניכטן די לעצטע סלוצקער יידן.

דעם געטאָ פון די ניט־קוואַליפיצירטע יידן, האָבן די דייטשן פאַרניכטעט און אויסגעהרגעט ווינטער דעם 42־טן יאָר. איך האָב לאַנג ניט געטראַכט, געכאַפּט פון קלאַדאָווע אין רעסטאָראַן 10 לעבלעך ברויט, צו 1½ קילאָ אַ לעבל און

געמאַכט פּליטה אין מיין באַהאַלטעניש. דעם געטאָ האָבן די רשעים אונטערגעצונדן פון אַלע עקן, און ווער ס'איז ניט פאַרברענט געוואָרן, איז דערשאָסן געוואָרן צום טויט מיט מאַשין־ביקסן. 10 טעג נאָכאַנאַנד זענען געשטאַנען באַוואָפנטע דייטשן און געהיט, טאָמער האָט זיך פאַרשטעקט אַ ייד און זיך אויסבאַהאַלטן ווו ס'איז. ווער ס'האָט זיך באַוויזן איז ניט אַרויס אַ לעבעדיקער.

ניט קוקנדיק, וואָס איך בין געבוירן אין סלוצק, האָב איך ניט געקענט אַפילו די נאָענטסטע דערפער אַרום סלוצק און ניט געוווּסט קיין וועג ווי דורכצוגיין אין די אַרומיקע וועלדער. גיין מיטן שאָסיי איז געווען געפערלעך. דער איינציקער אויסוועג איז געווען אויסוואַרטן ביז ס'וועט וואַרעמער ווערן. בין איך אַוועק אין מיין באַהאַלטעניש אויפן בוידעם, אָפּגעזעסן דאָרטן ביז דעם 15טן אַפּריל, כמעט 24 מאָנאַטן. קיין לעבעדיקער נפש, האָט ניט געוווּסט, אַז איך געפין זיך דאָרטן. דעם ברויט האָב איך צושניטן אויף פעניצלעך. די ערשטע צייט, פלעג איך עסן עטוואָס מער, נאָכהער בין איך דערגאַנגען ביז 50 גראַם אַ טאָג, אַ לעפל צוקער, אַ לעפל איינגעמאַכץ און אַ שטיקעלע מאַרגאַרין.

אין די גרויסע פרעסט, פלעג איך נעמען אַ ביסעלע ראָם. צום טרינקען האָב איך גענומען פון „ליעדניק" אַ שטיקל אייז, צעשניטן אויף קליינע שטיקעלעך און געזויגן עס, צעלאָזט אין מויל. אַזוי ווי ס'זענען געווען גרויסע פרעסט, זענען מיינע פיס אַזוי געפרוירן געוואָרן. דאָס די הויט פון זיי האָט זיך געשיילט. צום גליק האָב איך נאָך באַצייטנס צוגעגרייט אויפן בוידעם שטרוי און אַ וואַטענעם מאַנטל, דאָס האָט מיך אַ ביסל דערוואַרעמט, אָבער ווען איך פלעג פּרווון גיין, האָב איך קוים געשלעפּט מיינע פיס. אויפן בוידעמל האָט מען נאָר געקענט זיצן אָדער ליגן.

דעם ערשטן חודש פלעג איך נאָר ליגן און זיצן, דערנאָך איז מיר אַרויף אויפן געדאַנק, דאָס איך וועל מיט דער צייט ניט קענען גיין. ביינאַכט פלעג איך מיר זיך אַראָפּלאָזן אין „ליעדניק" און טופּן מיט די פיס אַהין־און־צוריק ביי אַ האַלבע שעה צייט. די לאַגע איז געווען אַ געפערלעכע, ווייל דאָס איז געווען אין רעכטן צענטער פון שטאָט. אַרויסקריכן, וועט מען מיך זיכער כאַפּן. איך האָב מורא געהאַט, איך זאָל ניט משוגע ווערן פון איינזאַמקייט. כדי צו פאַרטרייבן די צייט, האָב איך געמאַכט פון ברעטלעך אַ שאַכמאַט (אַ מעסערל איז ביי מיר גראַדע געווען), און איך פלעג שפּילן מיט זיך אַליין פון 5 ביז 6 שעה אַ טאָג שאַכמאַט. צום גליק איז ביי מיר געווען אויך טאָלסטאָיס בוך „מלחמה און שלום". איך האָב באַשטימט אַ נאָרמע וויפל בלעטער איך דאַרף איבערלייענען יעדן טאָג, לייענען איינציקע ווערטער לאַנגזאַם, שטילערהייט. ווען איך האָב דאָס בוך איבערגעלייענט, האָב איך אָנגעהויבן פון דאָס ניי. קיין בלייפעדער האָב איך ניט געהאַט, פלעג איך אָנצייכענען מיטן מעסערל אַ צייכן, כדי צו וויסן דעם טאָג און די דאַטע פון מאָנאַט.

דעם 15טן אַפּריל בין איך אַרויסגעקראָכן פון מיין נאָרע. איך האָב באַשטימט אַרויסגיין גראַדע ביי טאָג, ווייל ביינאַכט איז קריגס־צושטאַנד, וואָלט מען מיך גלייך דערשאָסן. כ'האָב געטראַכט, מ'וועט מיך ניט דערקענען, ווייל איך בין געווען שרעקלעך פאַרוואָקסן מיט אַ גרויסער באָרד, ווי אַ זעכציקיאָריקער מענטש, אָבער אַ סך האָבן מיך דערקענט. אַ קריסטלעכע פרוי איז אַוועקגעלאָפן אין זשאַנדאַרמעריע אָנזאָגן די בשורה, אַז אַ ייד האָט זיך באַוויזן אין שטאָט. מען האָט זיך געלאָזן אין אַלע עקן שטאָט זוכן מיך, נאָר איך בין דאַן גראַדע געזעסן אין שטאָטישן פאַרק 3 שעה צייט און געבראָכן דעם קאָפּ וווהין איך זאָל גיין? דאָס האָט מיר געראַטעוועט. איך בין אַוועק וווהין די אויגן האָבן מיך געטראָגן און געפירט.

4 נעכט בין איך געגאַנגען ביז איך בין געקומען אין אַ וואַלד אַריין. געגעסן האָב איך די רייז, וועלכע איך האָב צוגעגרייט אויפן בוידעם. געקאָכט אין אַ פושקעלע פון קאָנסערוון אַ קאַשקע, גאַנצע 3 שוועבעלעך האָב איך פאַרמאָגט און ווען דאָס איז אויסגעגאַנגען, האָב איך גייענדיק געפונען אַ שטיינדל, געמאַכט אַ קנייטל פון מיין וואַטענעם מאַנטל. מיט מיין שטאָלענעם מעסערל האָב איך אויסגעקלאַפּט אַ פייערל.

5 טעג האָב איך געבלאָנדזשעט אין וואַלד, ביז צופעליק האָב איך זיך אָנגעשלאָגן אויף אַ קליינע גרופּע פון 7 פאַרטיזאַנער.

ס'איז פריילעכער געוואָרן אויפן האַרצן, אייגענע, פרייע מענטשן. צוזאַמען געשפּאַנט, געגעסן, געטרוימט, אָנגעשלאָסן זיך אין אַ אָפּטיילונג פון פאַרטיזאַנער.

ס'ווילט זיך איצט לעבן, נעמען נקמה פון די מערדער.

אַזוי פיל איבערגעלעבט! איז דאָס מעגלעך? איז דאָס דער ביטערער אמת? אָפּגעווישט סלוצקער קהילה. ווו זענען סלוצקער יידן?

★

דעם פערטן אַפּריל 1942, האָט אַ גרופּע פון איבער צוואַנציק מענטשן מיט ישראל לפידות בראש פאַרלאָזט מינסקער געטאָ און זענען אַוועק אין סלוצקער וועלדער.

★

פעליע וויינבערג פון לאָדז, איז אַנטלאָפן יאַנואַר 1943 פון אַ אַרבעטס־לאַגער אין סוויערזשאַני און אַריינגעטראָטן אין „זשוקאָווס" אָפּטיילונג וואָס האָט זיך געפונען אין סלוצקער אויעזד. עטלעכע מאָל איז זי געגאַנגען קיין סלוצק פאַרמאַסקירט און איבערגעטאָן אַלס פויערטע, אויסשפּיאָנירן און באַקאָנען זיך מיט דער מעגלעכקייט אויפרייסן די גרויסע געביידע פון די זעג מאַשינען, וועלכע האָבן צוגעשטעלט בויִמאַטעריאַלן פאַרן פראָנט.

זי האָט דערפילט איר פליכט מיט אויסצייכענונג, ברענגענדיק אַ גענויעם פּלאַן פון דעם גאַנצן שטח און פון דער פאַבריק.

אין מאי 1943 האָט זי זיך אונטערגענומען אויפרייסן די סלוצקער עלעקטרישע סטאַנציע און די זעג־פאַבריק.

זי האָט זיך איבערגעטאָן אַלס פויערטע, באַהאַלטן אין איר קאָרב אַ רעוואָלווער און צווישן אַלערליי גרינסן אַריינגעלייגט אַ לעבל ברויט און אין אים אַ מינע.

5 ק"מ פון דאָרף גרעסק האָט איר דערקענט אַ פויער און איבערגעגעבן איר אין דייטשישע הענט.

נאָך שווערע יסורים און פייניגונגען האָט מען איר אויפגעהאַנגען עפנטלעך אין סלוצק.

✶

מישא אוצר פון אסטראג (וואָהלין), קאָמאַנדיר פון אַ גרופּע אין „זשוקאָווס" אָפּטיילונג, האָט געגומען געפאַנגענע דייטשן אויפן שאָסיי סלוצק־מינסק און אויפן אָרט זיי געטויט.

(לויטן בוך פון מ. קאהאנאָוויטש) „דער יידישער אנטייל אין דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג".

## צוויי דייטשן זענען מודה אין דורכפירן אַ שחיטה אויף יידן אין סלוצק

קאַסעל, מערב־דייטשלאַנד, 10 אויג. 1960. צוויי געוועזענע דייטשע פּאָליציסטן, וואָס זענען אַרעסטירט געוואָרן מיט עטלעכע מאָנאַטן צוריק, האָבן היינט מודה געווען, אַז זיי האָבן געהאַט אַ חלק אין דערמאָרדן אַרום 700 יידן אין דער שטאָט סלוצק.

„די יידן זענען געשאָכטן געוואָרן ווי בהמות אין דעם סלוצקער בלוט־באָד", דעם 27סטן אָקטאָבער 1941, איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן דורך דעם פּראָקוראָר ראָבערט האָפּקע.

די פּראָצעסירטע זענען:

פראַנץ לעכטראָלער, 69 יאָר אַלט, און ווילי פּאַפּענקאָרט, 51 יאָר אַלט.

ביידע האָבן דערקלערט, אַז זיי האָבן געהאַנדלט אונטערן צוואַנג פון באַפעלן, מיטן אַנטייל פון צוויי דייטשע פּאָליציי־אָפּטיילונגען און אַ ליטווינישן אָפּטייל.

דער פּראָקוראָר האָט איבערגעגעבן, אַז די ליטווינער האָבן אויסגעשאָסן די יידן, — מענער, פרויען און קינדער, — בעת די דייטשע פּאָליציי־אָפּטיילונגען האָבן נישט דערלאָזט, אַז יידן זאָלן אַנטלויפן.

דער אַנגעקלאָגטער פּאַפּענקאָרט האָט דערקלערט, אַז ער האָט אָפּגעשטעלט די שחיטה, ווייל ער האָט נישט געקענט מער צוקוקן.

✶

## אַ בריוו פון סלוצק

סלוצק דעם ניינצטן פעוראַל 1946.

געערטע אומבעקאַנטע פריינד,

אייער בריוו פון חודש מאַי באַקומען אין פעוראַל... דאָס וואָס איר בעט, האָבן מיר געטאָן. איך און מיין מאַן האָבן אייערע לייטע ניט געקענט, נאָר מיט אייער בריוו האָבן מיר אָנגעפרעגט ביי לייטן, אַזעלכע יידן וואָס האָבן געקענט אייער משפחה.

אייער ברודער מיט זיין פאַמיליע זענען אַרויסגעפאָרן פון סלוצק — לעבן זיי טאַקע. זיי האָבן געבעטן בעקאַנטע, מ'זאָל זיי אַרויסשיקן אַ ערלויבעניש אומקערן זיך קיין סלוצק. אָבער אַזוי ווי יעצט איז ווינטער צייט און אין סלוצק איז אַ מאַנגל אין דירות, ערלויבט מען ניט אומקערן זיך אין שטאָט ביזן מאָנאַט מאַי. — — —

אייער שוועסטער מיט איר מאַן און די קינדער זענען ליידער אומגעקומען. זיי האָבן נאָך געלעבט ביזן אַכטן פעוורראַל פון דריי און פערציקסטן יאָר. (8.2.1943) דאַן זענען אומגעקומען אַלע סלוצקער יידן.

אייער שוועסטערס מאַן איז געווען אַ שניידער, אַ ספּעציאַליסט, אַזעלכע יידן האָט מען אויסגענוצט ביזן לעצטן פּאָגראָם.

פון דער שחיטה איז אַנטלאָפן איין ייד, בערל קאָלבאַסניק, אויך אַ שניידער. דערציילט ער, אַז ער האָט געאַרבעט מיט אייער שוואָגער ביזן לעצטן מאָמענט. איך לעב אין עלנטקייט, פון אַ גרויסער פאַמיליע געבליבן כמעט אַליין.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך גראָדע אָפּגעזוכט מיינער נאָך אַ אומגליקלעכער ברודער. ער האָט פאַרלאָרן זיין פרוי מיט 5 קינדער, אַ שנור מיט 2 אייניקלעך.

ער געפינט זיך 40 קילאָמעטער פון דאַנען, מיר טרעפן זיך אָפט און קלאָגן צוזאַמען.

בעט איך אייך, איר זאָלט ריידן מיט מיינע קרובים און זאָגן זיי, אַז זיי זאָלן ניט פאַרגעסן און שרייבן פון צייט צו צייט.

דאָס איז אונדזער איינציקע טרייסט און האָפענונג הערן אַ גוט וואָרט פון דערווייטן.

מיט דאַנק פאָראויס

**לאה פליישער**

באַמערקונג פון רעדאַקציע

פאָלגענדער בריוו איז איינער פון די ערשטע, וואָס האָט דערציילט וועגן חורבן פון סלוצק.

דער שרייבערינס אַ אָנקל אין ניו־יאָרק האָט אָפּגעדרוקט איר בריוו (פון סלוצק) אין ניו־יאָרקער יידישע צייטונגען.

אויף דעם סמך האָט אברהם מייזל זיך געווענדעט צו דער פרוי און אָנגעפרעגט וועגן זיינע קרובים אין סלוצק.

דער בריוו איז אַ ענטפער אויף זיין אָנפרעגע.

## סאָניע ראָכלין / ו ו י י !

אָן תכריכים אָן אַ תפילה,
אָן אַ קבר אויך אַפילו.
ניט באַשאָטן ניט באַגראָבן —
אונדזער אַש אויף ווינט צעטראָגן.

געטע, שילער, שאָפּענהייער,
קומט און זעט דעם גרויסן פייער
פון אויף אַש פאַרברענטע ביינער.
איר, דער פאָלק פון קונסט און וויסן,
זעט די טייכן בלוט וואָס פליסן —
און דערבאַרעמט האָט זיך קיינער.
ווערטער, ווערטער, אותיות שטומע.
קלאָנגען וויסטע זענען קללות.
ווי! פאַרטיליגט אונדזער אומה
און דער קבר — אונדזער גלות.

# שרייבער פון סלוצק און איר געגנט

## אבראמאוויטש שלום יעקב
## (מענדעלע מוכר־ספרים)

8.12.1917—2.1.1836

געב. אַלס זיבעטע קינד אין קאַפּוליע, מינסקער גוב. די גענויע דאַטע פון זיין געבוירט אונטערליגט אַ ספק : אַלס קבלה אין זיין פאַמיליע איז עס דער 20־סטער דעצעמבער (אַלטער סטיל) 1836. זיין 75־יעריקער יובל איז אָבער געפייערט געוואָרן דעם 20־סטן דעצעמבער 1910. זיין פאָטער, ר' חיים משה ברוידע (די פאַמיליע אַבראַמאָוויטש האָט מענדעלע מוכר־ספרים אָנגענומען ערשט שפּעטער, צוליב סיבות, וואָס זענען פאַרבונדן מיט דער פאַרנאַרטער „סקאַזקע", און, ווי מ'זאָגט, אויפן נאָמען פון אברהמל דעם הינקענדיקן), איינער פון די אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים אין שטעטל.

— — — צו 14 יאָר האָט אבר. שוין געהאַט אַ גרויסע ידיעה אין תלמוד און אין דער רבנישער ליטעראַטור ; באַזונדערס אָבער האָט אין זיין פאַנטאַזיע פאַרנומען דער תנ"ך, וואָס ער האָט נאָך צו 9 יאָר געקענט אויף אויסנווייניק. צו זיין 14טן לעבנס־יאָר איז אים אָפּגעשטאָרבן דער פאָטער — און זיינע קרובים האָבן אים אָוועקגעשיקט לערנען, פריער קיין טימקעוויטש, אַ קליין שטעטל לעבן קאַפּוליע, דאַן קיין סלוצק, ווו ער האָט זיך אָפּגעוואַלגערט 2 יאָר.

אַ געוויסע צייט האָט ער געלערנט אין ווילנע, אין ראַמיילעס ישיבה און אין גאונס קלויז.

— — — אומקערנדיק זיך צוריק קיין קאַפּוליע האָט ער זיך געזעצט לערנען אין בית־מדרש. צו דער צייט איז קיין קאַפּוליע געקומען אַ געוויסער שנאָרער אברהמל דער הינקענדיקער (פּראָטאָטיפּ פון „פישקע דער קרומער"). מיט זיינע ווונדערלעכע מעשיות און חידושים וועגן דעם גליקלעכן וואָלין אין דרום רוסלאַנד, האָט ער אויפגעוועקט די פאַנטאַזיע פון דעם 17־יעריקן אבר., וואָס האָט באַשלאָסן צו לאָזן זיך מיט דעם דאָזיקן אברהמל אין דער ווייטער וועלט אַריין. שטעט און שטעטלעך האָבן זיי דורכגעוואַנדערט, דורך ליטע און דעם גאַנצן דרום מערבדיקן געגנט פון רוסלאַנד, איבער וואָלין, אוקראַינע און פאָדאָליע, נעכטיקנדיק אין הקדש אָדער בית־מדרש און בעטלענדיק איבער די הייזער. בעת די דאָזיקע נסיעות אין דעם צעבראָכענעם וועגעלע מיט דער אויסגעמאָגערטער שקאַפּע איז געלייגט געוואָרן דער יסוד צו מענדעלע מוכר ספרים'סביידל מיט דער קליאַטשע, וואָס ער פאָרט אויס מיט איר דעם גאַנצן יידישן תחום אין דער לענג און אין דער ברייט.

— — — אין קאַמעניץ הויבט ער אָן אַריינצוקומען צום העברעאישן און יידישן דיכטער אברהם־בער גאָטלאָבער, וועמענס טעכטער לערנען אים אויס רוסיש, דייטש און חשבון. ער האָלט אויס דעם עקזאַמען אויף לערער, און אין 1856 איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס לערער אין דער קאַמעניצער יידישער רעגירונגס שול.

זיין ערשטע ליטעראַרישע אַרבעט דרוקט אָפּ גאָטלאָבער אָן זיין וויסן אין „המגיד" תרי"ז „מכתב על דבר החנוך". דערנאָך ציט ער זיך איבער קיין בערדיטשעוו, ווו ער פאַרעפנטלעכט אַ זאַמלונג אַרטיקלען אונטערן טיטל „משפּט שלום" ; אַ צווייטע זאַמלונג „עין משפּט". זיין העברעאישער ראָמאַן „האבות והבנים" איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף רוסיש דורך לייב בינשטאָק אין 1867 און אויף יידיש איז ער ערשט אַרויס אין 1923 אין דער איבערזעצונג פון ב. עפּעלבוים.

דער צווייטער פעריאָד אין אבר. שאַפן האָט זיך אָנגעהויבן, ווען ער האָט אָנגעהויבן שרייבן יידיש אונטער דעם שפּעטער אַזוי פּאָפּולער און באַליבט געוואָרענעם נאָמען מענדעלע מוכר ספרים.

— — אין דער יידישער ליטעראַטור פאַרנעמט אבר. דעם ערשטן אָרט. ער איז ניט נאָר דער גרויסער אָריגינעלער יידישער שריפטשטעלער, וואָס האָט געשעפּט פון די טיפסטע קוואַלן — פון דעם פאָלקס־לעבן און דער פאָלקס־קולטור און דער נאַטור ; ער איז בכלל דער ערשטער גרויסער קינסטלער אין יידיש. אויף וויפל עס האָט עקזיסטירט יידישע ליטעראַטור פאַר אבר., האָט זי, מיט אומבאַדייטנדיקע אויסנאַמען, געהאַט דערהויפּט רעליגיעזע אָדער דידאַקטישע צוועקן. האָט ער דאָך די דאָזיקע טענדענצן פון זיין דור סוף כל סוף גובר געווען און האָט די יידישע ליטעראַטור פון איר פּרימיטיוון צושטאַנד אויפגעהויבן אויף אַ הויכער מדרגה פון ריין קינסטלערישן שאַפן.

## פאַפּירנע אברהם יעקב

געב. אין קאַפּוליע, ב' אלול 1840—1918

פון דעם פאָטערס צד — אַן אוראייניקל פון דעם גביר און שתדלן ר' ישראל שערשעווער, פון דער מוטער — אַן אייניקל פון קאַפּוליער רב ר' זיסקינד, אונטער וועמענס השגחה ער איז דערצויגן געוואָרן. אונטער דער השפּעה פון דער השכלה, איז פ. צו 22 יאָר, שוין אַ באַווייבטער, אַוועק קיין זשיטאָמיר, געענדיקט די ראַבינער שולע אין ווילנע. אַ פּאָר יאָר געווען לערער אין דער יידישער שולע אין זאַקראָטשין און אין 1870—1909 געווען לערער פון רעליגיע אין די גימנאַזיעס פון

פלאָצק און פאַרוואַלטער פון דער אָרטיקער יידישער שולע. איינער פון די אָנגעזעענסטע פאָרשטייער פון דער השכלה־באַוועגונג אין רוסלאַנד, אַ פיינער סטיליסט אין העברעאיש. זינט 1862 זיך באַטייליקט אין דער העברעאישער און רוסיש־יידישער פרעסע מיט שירים, אַרטיקלען, היסטאָרישע אָפּהאַנד־לונגען. באַזונדערס צייכנט זיך אויס זיין סאַטירישע פּאָעמע „משלי הזמן" (1893). ער האָט פאַרפאַסט לערנביכער אין העברעאיש און אין רוסיש. זיינע „זכרונות" געהערן צו די בעסטע ווערק פון דער יידישער מעמואַרן־ליטעראַטור.

אויף העברעאיש איז דערשינען „כל כתבי אברהם יעקב פאפירנא".

## יהודה גראַזאָווסקי (גור)

געבוירן 28.2.1862 אין פּאַהאָסט. זיין פאָטער ישעיהו ראובן איז געווען אַ סוחר.

געלערנט אין חדר, און אין וואָלאָזשינער ישיבה. פון די ערשטע חובבי ציון — געקומען קיין ארץ־ישראל אין 1887. געווען אַ אַרבעטער אין ראשון־לציון און אַ אָנגעשטעלטער אין דאַנינס קראָם.

פון 1889 — אַ לערער אין עקרון און פון 1891 — אין זכרון יעקב.

פון די ערשטע צו לערנען עברית בעברית. פון די גרינדער פון דער ערשטער לערער־אָרגאַניזאַציע. איינער פון די פאַרוואַלטערס פון אַנגלאָ־פּאַלעסטינא באַנק.

פאַרעפנטלעכט פיל אַרטיקלען אין צייטונגען, אַרויס־געגעבן לערן־ביכער, ווי „בית ספר עברי" (3 טיילן), איבער־זעצונגען פון דער וועלט־ליטעראַטור (דיקענס, זשול־ווערן, מאַרק טווען, אַנדערסאָן). אַרויסגעגעבן ווערטער ביכער (מיט דער באַטייליקונג פון פּראָפ' קלויזנער), 1903, מיט דער באַטייליקונג פון ד. יעלין, 1920 ; ווערטער בוך פון דער העב־רעאישער שפּראַך, 5—1934.

געשטאָרבן אין תל־אביב 1937.

## אברהם זינגער

(1920—1864)

געבוירן אין קאַפּוליע. צו 10 יאָר געבליבן אַ קליינעכדיקער יתום, געלערנט אין מינסק, סלוצק, פּינסק, נעסוויזש, געגעסן „טעג", אין דער פרייער צייט זיך אָפּגעגעבן מיט השכלה. זינט 1885 פאַרעפנטלעכט סיפּורים און מאמרים אין „המליץ", „האסיף", „כנסת ישראל" אאַז"וו. אויך רעצענזיעס, צ"א קעגן י. ל. פּרץ. שפּעטער אויך געשריבן דערציילונגען און אַר־טיקלען אין „דער יוד", „דער טאָג", „אונזער לעבן". זינט 1888 געלעבט אין וואַרשע, ווו ער איז געווען אַ לערער פון העברעאיש.

בעת דער עוואַקואַציע פון דער שטאָט דורך די רוסן אַוועקגעפאָרן קיין קאַפּוליע.

געשטאָרבן אין באָברויסק.

## אברהם עפשטיין (אבא אריכא)

געבוירן אין סלוצק 1877. זיך באַטייליקט אין „הצופה", „הצפירה", „המליץ", „הזמן".

אין סלוצק רעדאַגירט דעם „סלוצקער שייגעץ" (אַ הומאָ־ריסטישע אויסגאַבע).

איינער פון די בעסטע העברעאישע לערער. אַ קורצע צייט געווען אַ לערער אין סלוצקער „חדר־מתוקן".

אַ לערער אין אַלטערמאַנס און יחיאל האַלפּערינס פּרעבעל־קורסן. געוווינט אין וואַרשע און אָדעס. פאַרעפנטלעכט פעליע־טאָנען, דערציילונגען און קינדער־לידער. זיך אויסגעצייכנט אַלס קריטיקער. זיין געהעריקן אָרט אין דער ליטעראַטור האָט ער זיך דערוואָרבן אין אַמעריקע, ווו ער האָט געלעבט 30 יאָר. זיינע אַרטיקלען און עסייען זענען אַרויס אין אַ בוך־פאָרעם מיטן נאָמען „סופרים עברים באמריקה", אויסגאַבע פון „דביר" אין תל־אביב, 2 בענדער.

געשטאָרבן אין ניו־יאָרק 1953.

## זלמן עפשטיין (שלמה האלקושי)

שרייבער זינט 1879. געבוירן אין ליובאַן ערב ראש השנה תרכ"א (1860), געשטאָרבן אין 1936.

געלערנט אין חדר, אין יאָר 1875 אין וואָלאָזשינער ישיבה.

1904—1870 אַלס בוכהאַלטער אין אָדעס.

איינער פון די גרינדער פון „בני־משה" און סעקרעטאַר פון דעם אָדעסער קאָמיטעט.

זינט 1904—1914—1916—1919 אין פעטערבורג.

טעטיק אין דערציאונגס־פראַגן, דעלעגאַט צום 11־טן ציו־ניסטישן קאָנגרעס.

זינט 1925 אין ארץ־ישראל. געשטאָרבן אין תל־אביב אין 1937.

זיך באַטייליקט אין דער העברעאישער פּרעסע אַלס פּובליציסט און פאַרעפנטלעכט בילדער און זכרונות אין „המליץ", „הצפירה", „השלוח", „הארץ".

פון צייט צו צייט געשריבן אויך אין יידיש.

אַרויסגעגעבן אַ זאַמלונג פון זיינע שריפטן אין 1905 ; „אזכרת יצחק" געווידמעט זיין אומגעקומענעם זון יצחק, אין 1927 ; לילענבלומס מאנאגראפיע אין 1934.

## ז. וועָנדאָרף

( —5.1.1879)

פּסעוודאָנים פון זלמן וועָנדראָווסקי. געב. אין סלוצק, אין דער פאַמיליע פון אַ שוחט. ביז 13 יאָר געלערנט אין חדר און ישיבה און ביי פּריוואַטע לערערס העברעאיש און רוסיש. צו 18 יאָר אַוועק קיין לאָדזש, געאַרבעט אין אַ טיכער־פאַבריק,

זיך געלערנט פאַר אַ צאַנדאַקטאַר, געפּרוווט שרייבן לידער און מעשיות. אין 1900 פאַרעפנטלעכט אין „דעם יוד" אַ פּאָר בריוו פון יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאָדזש, אינגיכן אַבער אַוועק קיין ענגלאַנד, געווען אַ משרת אויף אַן אָקסנ־שיף, געאַרבעט אין אַ פאַבריקל פון סאָדע־וואַסער, אין דער פרייער צייט פלייסיק געלערנט ענגליש און זיך באַקענט מיט דער ענגלישער ליטעראַטור, געפעדלט איבער ענגלאַנד און שאָטלאַנד מיט נאָטן. זיך באַטייליקט אין דער גלאַזגיער „אידישער צייטונג" און אין לאָנדאָנער „אידישן עקספּרעס", געדרוקט דערציילונגען אין אַרבעטער פריינד און אין פּועלי־ציוניסטישן וואָכנבלאַט „דער וואַנדערער". חיונה געצויגן פון אַן אַ שיעור באַשעפטיקונגען, אָנגעהויבן פון אַ לערער אין אַ תלמוד־תורה ביז אַ גאַיד איבער לאָנדאָן; פון אַ ביב־ליאָטעקאַר ביז אַ שווייצאַר אויף אַן אויסשטעלונג, פון אַ פּעדלער איבער די דערפער ביז אַ זעצער אין אַ דרוקעריי. אין יוני 1905 געקומען אומלעגאַל קיין מאָסקווע, געצויגן חיונה פון ענגלישע לעקציעס, דאַן אַוועק קיין אַמעריקע. זיך פאַרנומען מיט כלערליי מלאכות. זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק אַלס מיטאַרבעטער פון „מאָרגן זשורנאַל" און „אַמעריקאַנער". געשריבן פאַר דער פ. א. ש. איינגעלאַדן געוואָרן אַלס מיט־אַרבעטער פון „היינט" און „אידישער טאַגעבלאַט" און פון 1908 ביז יוני 1915 געוווינט אין וואַרשע.

אין „היינט" געפירט די אָפּטיילונג „אידישע שטעט און שטעטלעך", געשריבן פעליעטאָנען, דערציילונגען, זיך באַטיי־ליקט אין פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן.

יוני 1915 פאַרלאָזט וואַרשע, געאַהבעט אין מאָסקווע אַלס באַפולמעכטיקטער פון דעם הילפסקאָמיטעט פאַר די פון דער מלחמה פאַראומגליקטע יידן, געווען אָנטייל אין „חברה מפיצי השכלה", „אזע", יידישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט. נאָך דער מערץ־רעוואָלוציע — איינגעלאַדן אַלס רעדאַקציאָנעלער מיטאַרבעטער פון דער צייטונג פון דער יידישער־פאָלקס־פּאַרטיי אין פּט"ב. צוליב חילוקי דעות איז די צייטונג ניט אַרויס.

אין שליחות פון „יעקאָפּאָ" געמאַכט אַ 3 חדשימדיקע נסיעה איבער אוראַל און סיביר אויסצופאָרשן די לאַגע פון די גאַליצישע יידן, וואָס זענען פאַרשלעפּט געוואָרן פון דער צאַרישער אַרמיי אַלס שפּיאָנען. נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע זיך צוריקגעקערט פון אירקוטסק קיין מאָסקווע, געווען באַאַמטער אין קאָמיסאַריאַט פאַר די „נאַצמינדן" און שפּעטער — פאַרוואַלטער פון דער אָפּטיילונג פאַר פּרעסע און ליטעראַטור פאַר קאָמוניקאַציע. גלייכצייטיק זיך באַטיי־ליקט אין אייניקע רוסישע צייטונגען. געדרוקט קאָרעספּאָנ־דענצן און בילדער צוערשט אין „טאָג" ניו־יאָרק, דערנאָך אין „פאָרווערטס", לאָנדאָנער „צייט", אין וואַרשעווער „מאָמענט". אין בוכפאָרם אַרויסגעגעבן „הומאָרעסקן און דערציילונגען", וואַרשע 1911. צוויי בענדער „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ" (פ"ג "יהודיה" 1912), „געלעכטער דורך טרערן". זיינע דערציילונגען און הומאָרעסקעס זענען איבערגעזעצט געוואָרן אויף פיל שפּראַכן.

## שלמה ראַבינאָוויטש

געב. אין אורעטשע. צו 4 יאָר אַריבערגעפאָרן מיט די עלטערן קיין מינסק, ווו זיין פאָטער, אַ משכיל און אַ פריי־דענקער, איז געווען אַ באַן־עקספּעדיטאָר. פאַר זיין אָנטייל אין דער בונדישער באַוועגונג אין 1899 — אַרעסטירט פון זובאַטאָוון, אַ יאָר אָפּגעזעסן אין די מאָסקוועד טורמעס און דאַן פאַרשיקט קיין אַליאַקמינסקי יאַקונטקאָנט, פון וואַנען צוריקגעקומען אין 1904, געווען טעטיק אין מינסק אַלס פּראָפעסיאָנאַל פון דער רוסלענדישער ס"דישער פּאַרטיי („איסקראַ"). אין 1907 אַנטלאָפן פון דער זשאַנדאַרמעריע קיין אַמעריקע.

אָנגעהויבן שרייבן אין אברהם רייזענס „דאָס נייע לאַנד". זיך באַטייליקט אין „צוקונפט", „פאָרווערטס", „גערעכטי־קייט", „פריינד", „וועקער". געדרוקט סקיצן אין דער ענ־גלישער צייטונג Sunday Call.

## יעקב כהן

געבוירן אין 1881 אין סלוצק. געלעבט אין זגערזש, לאָדזש, מאָסקווע, וואַרשע. געענדיקט בערן אוניווערסיטעט אַלס ד"ר פילאָזאָף. רעדאַגירט „העברי החדש", „העוגן", „סנה", „התקופה". געקומען קיין ארץ־ישראל אין 1934. רעדאַגירט „כנסת". איבערזעצט געטעס שאַפונגען.

זיינע שריפטן זענען דערשינען אין 12 בענדער אין פער־לאַג „מסדה".

באַקומען פּרסים א. נ.: ביאַליק, טשערניכאָווסקי, ישראל, פּאַריז. געשטאָרבן אין תל־אביב, שבת כ"ט חשון תשכ"א, 1960.

## ראַזע סימכאָוויטש

געב. אין סלוצק, אין אַ אַריסטאָקראַטיש־נגידישער משפּחה. איר פאָטער, שמואל, איז געווען איינער פון די גרעסטע לומ־דים אין דער ליטע, דערצו אויך אַ גרויסער משכיל, אַ קענער פון דער אַלגעמיינער ליטעראַטור, האָט איבערגעלאָזט אין כתב־יד אייניקע הלכה־ספרים, געשריבן אַ סך אַרטיקלען אין „פעטערבורגער העראָלד", 1894 געווען אַ מיטגליד פון דער רבנים קאָמיסיע אין פעטערבורג, איינגעלאַדן געווען אויפן כסא הרבנות אין ווין, וואַרשע. ער האָט אָבער ניט געוואָלט מאַכן פון זיין תורה קיין „קרדום לחפור בה".

איר ברודער איז געווען דער באַרימטער העבּרעאיסט און היסטאָריקער ד"ר י. נ. שמחוני (1884—1926), באַקומען אַ גוטע יידישע און אַלגעמיינע דערציונג אין עלטערנהויז, גע־לערנט העברעאיש און אַנדערע שפּראַכן.

נאָכן פאָטערס טויט, 1896, איז זי צוזאַמען מיט דער פאַ־מיליע אַריבערגעפאָרן קיין מינסק, ווו זי איז יונג אַריין אין דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. צו 16 יאָר אַרעסטירט גע־וואָרן, אַדאַנק די גרויסע פאַרבינדונגען פון אירע קרובים

באַפרייט געוואָרן מיטן תנאי, זי זאָל אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד. זי האָט שטודירט אין זשענעווע אין דעם פּעדאַגאָגישן אינס־טיטוט א״נ פון זשאַן־זשאַק רוסאָ און גלייכצייטיק באַזוכט דעם פילאָזאָפישן פאַקולטעט פון אוניווערסיטעט.

אין 1919 געווען פּראָוואַלטערין פון די פּרעבל־קורסן אין ווילנע (פון „צענטראַלן יידישן בילדונגס קאָמיטעט״, „אזע״ און „יעקאפא״). אין 1921 אָנגעפירט מיטן געגרינדעטן יידישן לערער־סעמינאַר. האָט געשפּילט אַ אָנגעזענע ראָלע אין דער מאָדערנער יידישער שול־באַוועגונג, אויפגעטראָטן מיט רע־פעראַטן אויף פּעדאַגאָגישע און הומאַנישע טעמעס. איר ליטע־ראַרישע טעטיקייט איז פאַרבונדן מיט איר מיטרעדאַקטאָר־שאַפט פון דעם פּעדאַגאָגישן חודש־זשורנאַל „די נייע שול״ 1921, ווו זי האָט פאַרעפנטלעכט אייניקע אַרבעטן, ווי: יאַן אַמאָס קאמענסקי, און ז. וו. אָנגעפירט מיט דער אָפּטיילונג פון „דייטשע פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן״. געווען מיטרעדאַקטאָר פון דעם עלטערן־זשורנאַל „שול און היים״. אַ געוויסע צייט גע־לעבט אין ווין, בערלין.

## פּראָפעסאָר מאיר וואַקסמאַן

געבוירן 1882 אין סלוצק, געלערנט אין באַרימטע ישיבות, און צו 18 יאָר האָט ער שוין געקראָגן סמיכה אויף רבנות. קומענדיק קיין אַמעריקע גראַדואירט מיט די גרעסטע אויסצייכענונגען אַלס ראַבאַי. ער האָט פלייסיק געאַרבעט כּדי צו קריגן נאָך צוויי אוניווערזיטעט דיפּלאָמען, און ביידע פון וועלט־באַרימטען קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. אין 1912 — אַ מעסטער אָוו אַרטס דעגרי און אין 1916 — אַ דיפּלאָמע אַלס דאָקטאָר פילאָזאָפיע (פּי־עיטש־די).

ד״ר מאיר וואַקסמאַן איז, געווען פּראָפעסאָר אין בית מדרש לתורה פון שיקאַגאָ, ווו ער האָט געלערנט תנ״ך, יידישע געשיכטע און פילאָזאָפיע. אין 1958 זיך צוריקגעצויגן פון זיין אַרבעט און זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק.

ד״ר מאיר וואַקסמאַן איז איינער פון די חשובֿסטע גע־לערנטע, שרייבער און דענקער, וואָס דאָס אַמעריקאַנער יידנ־טום האָט אַרויסגעגעבן. ער איז דער אויטאָר פון פופצן פאַר־שיידענע ווערק, איז הויפּטזעכלעך באַרימט סיי אין דער יידישער, סיי אויך אין דער אַלגעמיינער וועלט, מיט זיין גרויסער פיר־בענדיקער געשיכטע פון דער יידישער ליטע־ראַטור, וואָס ער האָט געשריבן אין דער ענגלישער שפּראַך. ד״ר מאיר וואַקסמאַנ׳ס ענגלישע געשיכטע פון יידישער ליטע־ראַטור באַשטייט פון 6 בענדער, וועלכע אַנטהאַלטן איבער 5000 (פינף טויזנט) זייטן. אין די 6 בענדער ווערן געגעבן באשריבן די גייסטיקע שאַפונג פון יידישן פאָלק זינט דער תנ״ך איז געשלאָסן געוואָרן; פון ש״ס און פוסקים, רבֿ׳נישער ליטעראַטור, קבלה, משלים, חסידיזם, השכלה, די העברעאישע ליטעראַטור, די ליטעראַטור אין יידיש ביז היינטיקן טאָג.

צווישן ד״ר מאיר וואַקסמאַנ׳ס ווערק געפינט זיך אויך „אַ האַנט־בוך וועגן יידישקייט״; משלי ישראל; אַן איבער־זעצונג פון „רוים און ירושלים״ פון משה העס; זיינע „כתבים נבחרים״, געקליבענע ווערק אין עטלעכע בענדער און זיין סאַמע נייסטע זאַמלונג עסייען „בשבילי הספרות והמחשבה העברית״, אויף די וועגן פון דער יידישער ליטעראַטור און פון יידישן געדאַנק, וואָס איז דערשינען אין תל־אביב און פאַר וועלכער ד״ר וואַקסמאַן האָט געקראָגן דעם למד פּרייז.

ד״ר מאיר וואַקסמאַן האָט געשריבן אויך פיל אין יידיש און פאַרעפנטלעכט לענגערע סעריעס אַרטיקלען. ער האָט אויך מיטגעאַרבעט אין „העולם״, „התקופה״ און אַרבעט מיט אין „הדואר״ און אין „בצרון״ ווי אויך אין אַ ריי ענגלישע אויסגאַבעס און אין אַ צאָל פון די וויכטיקסטע ענציקלאָ־פעדיעס.

## ש. י. נאַומאָוו

געב. אין קאָפּוליע, אין אַ ייחוסדיקער פאַמיליע. באַקומען אַ גוטע יידישע און וועלטלעכע דערציִונג. אַרום 1905 אויסגע־וואַנדערט קיין אַמעריקע. זיך באַטייליקט אין „אידישן קעמ־פער״, אין „פאָרשטעהער״ פון סט. לואיס און דערהויפּט אין דער „קאַליפאָרניער־אידישער שטימע״, אין „פּראָגרעס״, לאָס־אַנג׳עלעס, אין דער פּאַסיפישער „פאָלקס־צייטונג״. געשריבן אַרטיקלען און פעליעטאָנען אויך א״פ בן־נחום, איש נעמי, איטשקע קאָפּוליער, משה.

## ד״ר פייטל ליפשיץ

(פּריוואַט דאָצענט אין אַ שווייצאַרישן אוניווערזיטעט)

געבוירן — 1876 אין סלוצק. פאַרעפנטלעכט פאָלגנדע וויכטיקע אַרטיקלען.

1) „וואָס איז אַזוינס די פּאָליטישע עקאָנאָמיע״. „העולם״, ערשטער יאָר 1912, נומער 32.

2) די פּאָליטישע עקאָנאָמיע לויט אירע סיסטעמען און שטראָמען.

ערשטער קאַפּיטל: דער מערקאַנטאַלישער סיסטעם (השי־לוח תרס״ג—פ״ד).

צווייטער קאַפּיטל: דער פיזיאָקראַטישער סיסטעם.

דריטער קאַפּיטל: אדאם סמיט (תרס״ד—ס״ה).

פערטער קאַפּיטל: ראבערט טאָמאס מאלטאס, תרס״ה.

## ד״ר א. דאמניטש

געבוירן כ׳ טבת תרמ״ד (1884) אין ראמאנאווע. זיין דערציונג אין תלמוד און השכלה־ליטעראַטור האָט ער באַ־קומען פון זיין פאָטער ר׳ אשר, אַ ייד אַ בר־אוריין און אַ מש־כיל דערצו. געלערנט אין סלוצקער און אין מינסקער ישיבות. אין מינסק געשטאַנען אין שפּיץ פון דער אגודה „ציון ושפתה״ — ציון און איר שפּראַך, חברים זאָלן ריידן העברעאיש.

אָנקומענדיק קיין אַמעריקע אין 1906 האָט ער פאָרגעזעצט אַ העברעאיש ציוניסטישע טעטיקייט. געווען דער ערשטער סעקרעטאַר פון דער הסתדרות עברית אין אַמעריקע, געגרינדעט אין 1908. זינט 1919 זיך באַזעצט אין באַלטימאָר און פאַרנעמט זיך מיט זיין פאַך אַלס ציין־דאָקטער. פאַרעפנטלעכט לידער און דערציילונגען אין פאַרשיידענע צייטונגען און אויסגאַבן.

## י. ד. בערקאָוויטש

געב. 1885 אין סלוצק. האָט באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציִונג; געלערנט גמרא, אָבער אומבאַפרידיקט פון דער טרוקענער הלכה, געזוכט צו שטילן זיין פאַנטאַזיע אין דער אגדה און אין די מעשיות און לעגענדעס פון דער נאָכתלמודישער ליטעראַטור. שפּעטער, אַלס לערער פון העברעאיש, האָט ער זיך אָנגהויבן אָפּגעבן מיט זעלבסטבילדונג און זיך באַקאַנט מיט דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור. זיך באַזעצט אין לאָדזש, האָט ער דעביוטירט 1903 „אין הצופה" מיט די דערציילונגען „ערב יום כיפור" און „מלקות". אין דעם אייגענעם יאָר אויך באַקומען די ערשטע פרעמיע אין דעם ליטעראַרישן קאָנקורס פון „הצופה" פאַר זיין דערציילונג „משקהלי חזיר" וואָס האָט אים געמאַכט אַ נאָמען אין דער העברעאישער ליטעראַטור, און ער האָט זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן דער ליטעראַרישער טעטיקייט.

1905 איינגעלאַדן קיין ווילנע צו רעדאַגירן דעם בעלעטריסטישן טייל פון „הזמן". נאָך די פּאָגראָמען פון 1905 איז ער אַוועקגעפאָרן קיין ניו־יאָרק, ווו זיינע עלטערן האָבן זיך נאָך פריער באַזעצט, ער האָט זיך אָבער ניט געקענט איינלעבן אין דער יידישער סביבה פון אַמעריקע און צוריקגעקומען קיין אייראָפּע, צוזאַמען מיט זיין שווער, שלום־עליכם, און פון דאַן אָן געלעבט צוזאַמען מיט דער פאַמיליע פון דעם גרויסן יידישן הומאָריסט אין נערווי (איטאַליע), שווייץ, דייטשלאַנד אא״וו, דרוקנדיק פון צייט צו צייט דערציילונגען אין העברעאישע און יידישע צייטשריפטן און באַאַרבעטענדיק אויף העברעאיש די ווערק פון שלום־עליכם.

נאָכן אויסבראָך פון דער וועלט־מלחמה, צוריקגעפאָרן מיט ש"ע'ס פאַמיליע קיין נ"י. 1919—20 רעדאַגירט דעם חודש זשורנאַל „מקלט" (פון פאַרלאַג שטיבל), באַטייליקט זיך צ"א אין „צוקונפט", ווו ער פאַרעפנטלעכט אייניקע דערציילונגען (די לעצטע פון זיי „פוןביידע וועלטן", 1924, VIII) און די דראַמאַטישע ווערק „לאַנדסלייט" (איינאַקטער, 1921, II) און „אונטערן צלם" (דראַמע אין 3 אַקטן, 1925, III—V). ב. געהערט צו די באַדייטנסטע פאָרשטייער פון דער רעאַליסטישער שול אין דער יידישער און העברעאישער ליטעראַטור. דערהויפּט אינטערעסירן אים די איבערלעבונגען פון מענטשן, וואָס קאָנען זיך ניט צופּאַסן צו דער סביבה, אָדער געפינען זיך אין אומגעוויינלעכע אומשטענדן; ער האָט אַ שאַרף אויג פאַר דער לעבנס־שטייגערישער קליינמאָלעריי און ווייזט אַרויס טיפקייט פון פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז אין שילדערן דיליידן פון זיינע שוואַכע, גרויע העלדן, דאָס רוב — מענטשן פון פאָלק, וואָס זענען אָפט קאָמיש אין זייער רחמנותדיקער אומבאַהאָלפנקייט. אין זיין שטייגער שרייבן און אין זיין נייגונג צו הומאָר פילט זיך אַ געוויסע השפעה פון ש"ע, ווען ער האָט אַזוי מייסטעריש איבערגעזעצט אויף העברעאיש. אין זיין פּאָגראָם־דערציילונג „ביי די קראַנקע", איינע פון זיינע בעסטע זאַכן, אַנטפּלעקט ב. דעם גאַנצן טראַגיזם פון דעם פּאָגראָם־שרעק, דערהייבנדיק די קאָמישע פּאַסירונגען אין שפּיטאָל צו סימבאָלישער באַדייטונג. די פּאָגראָם־פּסיכאָלאָגיע האָט ער אויך באַהאַנדלט אין זיין דראַמע „אונטערן צלם", וואָס איז א"ט „מאָשקעלע הזיר" מיט גרויס דערפאָלג אויפגעפירט געוואָרן אין 1923 פון מאָריס שוואַרץ אין „קונסט־טעאַטער" און אויך געגאַנגען אויף דער יידישער בינע אין וואַרשע. אויך די „לאַנדסלייט" זענען מיט דערפאָלג געשפּילט געוואָרן אין נ"י. — אין בוכפאָרם: זיין גרויסע דערציילונג „אוגערקעס" (פאַרלאַג רעזניק און קאַפּלאַן, נ"י, 1909, ז"ז 53); געזאַמלטע שריפטן (פאַרלאַג „השחר", וואַרשע תר"ע, ז"ז 269); אַ טייל דערציילונגען פון זיי מיט אייניקע אַנדערע גייען אַריין אין זיין ב. ספּורים (תר"ע, ז"ז 199) פון וועלכע „פרא אדם" איז לעצטנס פאַרעפנטלעכט א"ט „פון דעם אָרעמען נעסט" („צוקונפט" 1923, XII). אין העברעאישן פ"ג מקראות קטנות, נ"י, זענען אויך אַרויס אַ סעריע 2 בויגנדיקע ביכלעך ב—ס, ווי „משחק פורים", „מחזה התולים", „אל הדוד באמריקה" — ספּור, „האחרון" — ספּור אגדה, „הוכוח" — בדיחה מני קדם, „נערים" (איבערזעצט פון א. פּ. טשעכאָוו). אייניקע דערציילונגען זיינע זענען איבערגעזעצט געוואָרן אויף רוסיש, פּויליש, דייטש, ענגליש (פון העלענע פראַנק), פראַנצויזיש (פון ל. בלומענפעלד), שפּאַניש (פון ש. רעזניק).

אין יאָר 1928 זיך באַזעצט אין ארץ ישראל. אין 1929 רעדאַגירט צוזאַמען מיט פּ. לאַחאָווער דעם „מאזניים". פינף בענדער פון זיינע צונויפגעזאַמלטע שריפטן („סיפּורים ומחזות") האָבן באַקומען דעם „פּרס ביאַליק", תשי"ב 1952, פרס ישראל תשי"ח. פאַר איבערזעצן שלום עליכם'ס שריפטן (כרכים א—י) באַקומען פרס טשערניכאָווסקי תש"ד.

דעם זעלבן פּרס תשט"ו האָט ער באַקומען פאַר דער איבערזעצונג פון „יאָסעלע סאָלאָוויי", און אַ „מעשה בלי סוף" „שלום עליכמ'ס. פון ב. ווערק אין ארץ ישראל זענען: „ימות המשיח" און „מנחם מענדל אין ארץ ישראל".

## אפרים א. ליסיצקי

געבוירן אין מינסק חמישה־עשר בשבט תרמ"ה 1885. צו 7 יאָר ווערט ער אַ יתום און נאָכן פאָטערס הייראַטן צום צווייטן מאָל, ציען זיי זיך אַריבער קיין סלוצק. פון דאָרטן פאָרט אָפּ זיין פאָטער קיין אַמעריקע, אָבער ער מיט זיין שטיפמוטער פאַרבלייבן נאָך אין סלוצק 9 יאָר. דאָ באַקומט ער זיין דערציִונג אין חדר און ישיבה. קיין אַמעריקע איז ער געקומען אין עלטער פון 15½ יאָר, געלערנט אין ישיבת ר' יצחק אלחנן און אָנגעפאַנגען זיך באַשעפטיקן אַלס לערער פון

העברעאיש. 3 יאָר איז ער געזעסן אין קאַנאַדאַ און אַ פּאָר־וואָרפענעם דאָרף אַלס דאָרפישער מלמד און נאָכדעם אַוועק קיין מילוואָקי. אַריין אין דאָרטיקן אוניווערזיטעט און געלערנט אַפּטייקעריי און כימיע. אָבער דאָס לערעריי האָט אים מער אינטערעסירט.

זינט דאַן האָט ער זיך באַשעפטיקט מיט דעם אין באפלא, מילוואקי, ביז ער איז אַריבער קיין ניו־אָרלינס און זיך באַזעצט דאָרטן.

ער האָט אַרויסגעגעבן אין העברעאיש 7 ביכער פון לידער און זייער אַ אינטערעסאַנטן אויטאָביאָגראַפישן בוך „תולדות אדם" — די געשיכטע פון אַ מענטשן.

אין זיין ליריק שפּיגלט זיך אָפּ פעסעמיזם און אַנטוישונג.

פון איין זייט פֿאָדערט ער אַלס יחיד אַ חשבון פאַר זיין צוגערויבטן לעבן אין דער וועלט בכלל; פון דער צווייטער זייט מאָנט ער רעכט פאַרן ידישן כלל פון זיינע אונטערדריקער.

## ר' יהודה לייב דאַווידזאָן

געבוירן אין קאָפּוליע. זיין פאָטער ר' בער קאָפּוליער. האָט זיך אויסגעצייכנט אין לערנען און פאָרשן פילאָזאָפיע און מאַטעמאַטיק. אַלס 12 יאָריקער יינגל, האָט יהודה דאַווידזאָן געוואַנדערט פון מירער ישיבה קיין קאָרעליטש, מינסק. זיין ערשטער אַרטיקל „לקדם פני הרעה", האָט זיך געדרוקט אין 4 פאַרזעצונגען אין „הקול". דערנאָך איז ער אַוועק קיין וואַרשע. זיך ערנערט פון העברעאישע לעקציעס.

געלערנט מעדיצין. לויטן פאַרשלאַג פון פוילישן שרייבער קלעמענס יונאשא, האָט ער איבערזעצט אויף פויליש „מסעות בנימין השלישי".

די ביכער זענען שנעל אויספאַרקויפט געוואָרן. דאָקטאָר דאַווידזאָן האָט מען גוט געקענט אין וואַרשע.

## מיכאל פרענקל

דיכטער און יידיש־אַמעריקאַנער קריטיקער. געשטאָרבן אין עלטער פון 62 יאָר.

ער איז געווען מענדעלעס אַ אייניקל. געבוירן אין קאָפּוליע, עמיגרירט קיין אַמעריקע אין אָנפאַנג פון דעם יאָרהונדערט. ער האָט באַרייזט די וועלט און אין 1926 זיך צייטווייליק באַזעצט אין פּאַריז, דאָרטן האָט ער געעצה'ט און געמונטערט העברי מילערן, זיך אָפּגעבן מיט ליטעראַטור. צוזאַמען מיט מילערן, האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ בוך פון פילאָזאָפישע אָפּהאַנדלונגען אויף האַמלעט.

נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה, איז ער אַריבער קיין לאָנדאָן.

זיין פרוי איז געווען די באַוווּסטע פראַנצויזישע קינסטלערין דאַפנע מושוס.

## זלמן ראַטנער

געבוירן אין יאָר 15.5.1885 אין סטאַראָבין, אַלס אַ זון פון אַ שניט־קרעמער. ביז 12 יאָר געלערנט אין חדר, דאַן באַזוכט אַ אָנפאַנגס־שול אין סלוצק. פון 10 יאָר אָן געאַרבעט אויף פאַרשיידענע שטעלעס אין מינסק. 1918—23 געווען פאַרוואַלטער פון יידישן ביכערלאַגער אין מאָסקווע. זינט 1924 — אַנגעשטעלטער אין מלוכה־האַנדל אין מאָסקווע. ער האָט צונויפגעשטעלט די ביבליאָגראַפיע פון דער יידישער בוך־פּראָדוקציע אין ראַטנפאַרבאַנד פאַר די יאָרן 1917—23 (אַ רשימה פון 1500 ביכער און בראָשורן).

אין דעם זאַמל־בוך „אויף די וועגן צו דער נייער שול" 1928, פאַרעפנטלעכט אַ רשימה פון אַלע יידישע ביכער, וואָס זענען אַרויס אין ראַטנפאַרבאַנד פאַרן יאָר 1927.

## זעליג ראַטנער

געבוירן אין סלוצק 1885, געשריבן יידישע לידער און אויך רעדאַגירט אין ניו־יאָרק דעם זשורנאַל „רוסקי־גאָלאָס". (רוסישע שטימע).

## יצחק עפּשטיין

געענדיקט לוזאַנער אוניווערזיטעט אין 1905; ד"ר פון ליטעראַטור פון 1915; אַ שרייבער, אַ שפּראַכן־קענער, פּעדאַגאָג־פּסיכאָלאָג. פון די ערשטע לערער אין נייעם ישוב; לערער אין לערער סעמינאַר; אַ שטענדיקער רעפערענט אויף דער העברעאישער שפּראַך אין דער ארץ־ישראלדיקער ראַדיאָ. ברודער פון זלמן עפּשטיין, געבוירן אין ליובאַן.

געלערנט אין חדר, אין אָדעסער רעאַל־שולע. פון 5—1902 אין לוזאַנער אוניווערזיטעט.

זינט — 1886 אין ארץ־ישראל (איינער פון די 6 וועלכע זענען געשיקט געוואָרן דורך די חובבי ציון לערנען אַגריקולטור). 1891—1902 לערער אין צפת, אין ראש־פּינה און מתולה האָט ער איינגעפירט די סיסטעם פון לערנען „עברית בעברית".

אין 9—1915 פאַרוואַלטער פון אַ שולע אין סאַלאָניקי; 1919—1923 —— פאַרוואַלטער פון לערער־סעמינאַר אין תל־אביב פאַר לערער און פרעבעליסטנס. פון די ערשטע וועלכע האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף דאָס נויטווענדיקייט אָפּגעבן זיך מיט דער פראַגע וועגן אונדזערע באַציונגען מיט די אַראַבער און זוכן אַ דערנענטערונג צו זיי. פון די גרינדער פון „ברית־שלום". לעקטאָר און אינסטרוקטאָר אין פאַרשיידענע טעאַטער־סטודיעס אין ארץ־ישראל. פאַרעפנטלעכט פאָרשונגס־אַרבעט אין פאַרשידענע געביטן: דערציונג, העברעאישע שפּראַך, פּעדאַגאָגיע און פּסיכאָלאָגיע, אַרויסגעגעבן אַ בוך „עברית בעברית",

געשטאָרבן אין 1943.

## רחל פייגענבערג (אמרי)

געבוירן אין 1885 אין ליובאַן. זינט 1924 אין ארץ־ישראל. אַ פאָלקס־דערציילערין אין יידיש און העברעאיש. זי האָט פיל געהאָלפן דער פאַרטיידיקונג אין דעם משפט פון שוואַרצבארד מיט איר רייכן מאַטעריאַל וועגן די פּאָגראָמען אין אוקראַינע. זי האָט געשריבן דערציילונגען פון דעם יידישן קעגנוואַרטס לעבן אין פוילן. איר ערשטער בוך „קינדער יאָרן" האָט געמאַכט אַ גרויסן איינדרוק. אין „מגילת דובובה" — געמאָלן דעם חורבן פון דובאווע אין אוקראַינע; אַרויסגעגעבן „אין פרעמדע וועגן", „נע ונד", „בימי זעם", „על חופי הדניאסטר" — אויף די ברעגן פון דניעסטער, „לשנתיים", „רומן בלי אהבה" (פון ארץ־ישראל לעבן). „השלב האחרון" — דאָס לעצטע שטאַפּל (פון יידישן לעבן אין פוילן).

געשריבן און שרייבט אַרטיקלען פון צייט צו צייט וועגן אַקטועלע פראַגן: די יוגנט, די יידישע פרוי, בויען דאָס לאַנד.

רעדאַגירט: „העם בביתו" (48—1949). איבערגעזעצט אויף יידיש די שריפטן פונעם רוסיש־יידישן שרייבער סעמיאָן יושקעוויטש.

## מאַריס הינדוס

געבוירן נעבן סלוצק. באַוווּסטער ענגלישער זשורנאַליסט. מיטאַרבעטער פון „ניו־יאָרקער הערעלד טריביון".

אין 1961 איז דערשינען זיין ענגלישער בוך „אַ הויז אָן אַ דאַך", פאַרלאַג „דאובל־דיי".

## הרב פּראָפעסאָר שמחה אסף (אסאָווסקי)

געבוירן אין ליובאַן, ט' תמוז תרמ"ט (1889). געלערנט אין חדר, אין סלוצקער און אין טעלזער ישיבות (תרס"ה—תרס"ח) און באַקומען סמיכות אויף רבנות. אין די יאָרן (תר"ע—ע"א) רב אין ליובאַן.

אין תרע"ד—ע"ט געשטאַנען אין שפּיץ פון אָדעסער ישיבה (געגרינדעט דורך הרב ר' חיים טשערנאָוויטש (רב־צעיר).

אין אָדעס האָט ער אָנגעפאַנגען זיין וויסנשאַפטלעך־ליטעראַרישע אַרבעט און פאַרעפנטלעכט זיינע ערשטע אַרטיקלען אין „השילוח" און אין „רשומות".

אַ טעטיקער ציוניסט איז ער נאָך געווען אין טעלזער ישיבה און אין אָדעס האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין די טעטיקע מיטאַרבעטער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און געווילט געוואָרן אַלס מיטגליד פון ציוניסטישן שטאָטישן קאָמיטעט.

קיין ארץ־ישראל איז ער אָנגעקומען אין 1921 און איז אויפגענומען געוואָרן אַלס לערער פון תלמוד אין ירושלימער לערער־סעמינאַר פון „מזרחי".

ער האָט פאַרעפנטלעכט פיל פאָרשונגס־אַרבעטן און ביכער וועגן די כיתות אין ישראל, וועגן פון דערציונג, בתי־דין, די באַציונגען צווישן די תורה־צענטערן אין חוץ־לארץ צו די צענטערן אין ארץ־ישראל.

מיט דער גרינדונג פון דער העברעאישער אוניווערזיטעט תרפ"ה (1925) איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס לעקטאָר און דערנאָך אַלס פּראָפעסאָר פון גאונים־און רבנישע ליטעראַטור.

געווען טעטיק אין מזרחי און איר פאָרשטייער אין ועד הלאומי. מיטגליד אין דער פערוואַלטונג פון די מזרחי שולן, מיטגליד פון ערן־געריכטן פון דער וועלט־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און פון דער מזרחי אָרגאַניזאַציע, וויצע פּאָרזיצער פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט אין ארץ־ישראל, מיטגליד פון ועד הלשון און פון אויספיר־קאָמיטעט פון דער העברעאישער אוניווערזיטעט. וויצע פּאָרזיצער פון די „בני־ברית" אָרדנס, און ז. וו.

מיט דער אַנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה איז ער געווילט געוואָרן אַלס ריכטער פון העכסטן געריכט אין לאַנד און אַלס רעקטאָר פון העברעאישן אוניווערזיטעט.

ער האָט אַרויסגעגעבן פיל וויכטיקע ביכער.

געשטאָרבן אין עלטער פון 64 יאָר, ט' חשון תשי"ד (1953).

## מרדכי ליפּע גאַרין

געבוירן אין 1890 אין סלוצק. וווינ־אָרט ניו־יאָרק. אין 1935 אַרויסגעגעבן אַ ביכל „לידער פון וועג", ווי אויך לידער אין ענגליש.

## נחום כיניטש

געבוירן אין 1895 אין אַ דאָרף „ריזיצע", סלוצקער געגנט. געלערנט אין סלוצקער און לידער ישיבות. געענדיקט גראַדנער פעדאַגאָגישע קורסן. זיך באַטייליקט אין „קאַליפאָרניער שטימע", „שיקאַגע", „ליטעראַרישע בלעטער", אין דער קאַנאַדער יידישע פּרעסע. אין „היום", „הצפירה", „בדרך", „הדואר", „העולם", „דבר", „הארץ", „הצופה", „עתוננו", „הד־החינוך". אַרויסגעגעבן אַ אַנטאָלאָגיע „חיי עבודה", רעדאַגירט לונינעצער יזכור בוך, קאָברינער בוך; געזאַמלט דעם מאַטעריאַל פאַר די יזכור ביכער בריסק, מינסק.

## אליהו שולמאַן

געבוירן אין סלוצק. געענדיקט דעם ניו־יאָרקער שטאָטישן אוניווערזיטעט.

מחבר פון דער „געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע", 1879—1905, „יונג־ווילנע" און פון פאַרשיידענע מאָנאָגראַפיעס, און מאמרים וועגן דער יידישער ליטעראַטור.

## אברהם רעגעלסאָן

דיכטער און קריטיקער. געבוירן אין הלוסק 1896. אַלס 11־יעריקער יינגל איז ער אָנגעקומען מיט זיין פאַמיליע קיין אַמעריקע. באַשעפטיקט זיך מיט לערעריי. זיינע ערשטע

לידער זענען געווען געדרוקט אין „מקלט״, ניו־יאָרק. פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען אין אַמעריקאַנער און ארץ־ישׂראלדיקע צייטונגען.

זיין פּאָעמע „קין און הבל״ האָט זיך אָפּגעדרוקט אין תרצ״ב.

זייענדיק אין ישראל איז ער געווען רעדאַקציע מיטגליד פון „דבר״ און „דבר לילדים״.

אין 1936 האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין אַמעריקע. אין 1949 מיט זיין צוריק אָנקומען קיין ישראל, האָט ער געאַרבעט אין ביכער פאַרלאַג „עם עובד״ און דערנאָך אין דער רעדאַקציע „על המשמר״.

רעגעלסאָן איז איינגעוואָרצלט אין דער ענגליש־אַמעריקאַנער ליטעראַטור. פיל פון זיינע ביכער: לידער, איבערזעצונגען, אָפּהאַנדלונגען און געשפּרעכן, זענען ערשינען אין ניו־יאָרק און אין תל־אביב.

## קאַצענעלסאָן ברוך

געבוירן — 21.12.1900 אין סלוצק. געלערנט אין חדרים און אין דער ישיבה, אָבער זיך פרי באַקענט מיט דער העברעאישער ליטעראַטור, אָנגעהויבן צו שרייבן שירים. אונטער דער השפּעה פון דער רעוואָלוציע אַריבער צו שרייבן לידער אין יידיש, געדרוקט זיי אין מינסקער „שטערן״, 1919, און „פאַרן פאָלק״, 1920.

סוף 1921 געקומען קיין אַמעריקע, ווו ער איז געווען באַשעפטיקט אַלס העברעאישער לערער. פאַרעפנטלעכט לידער אין „אַמעריקאַנער״, „יידישן טאגעבלאַט״, וויניפּעגער „יידישן וואָרט״, „פ.א.ש.״, „קונדס״, „אויפגאַנג״, „די פעדער״ א״אַ, אויך אַ ריי קריטישע אַרטיקלען (אין „פעדער״). זינט 1934 אין ארץ־ישראל, עס זענען דערשינען זיינע 3 ביכער העברעאישע לידער.

## י. ד. אבראמסקי

זון פון באַוווּסטן הרב ר׳ יחזקאל אַבראַמסקי. אַ קורצע צייט פאַרבראַכט און געלערנט אין סלוצק, וווינט אין ירושלים. זיך באַטייליקט כמעט אין אַלע טעגלעכע העברעאישע צייטונגען אין ישראל, ווי אויך אין „הדואר״, „בצרון״, „גשר״.

## חיים ליף

געבוירן אין סטאַראָבין. געלערנט אין סלוצקער ישיבה. פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען אין פאַרשידענע העברעאישע צייטונגען. מיטרעדאַקטאָר פון „הדואר״, „ביצרון״.

## ניסענזאָן אהרון

געבוירן 1897 אין דערפל טשיפּעלי נעבן סלוצק, ביי אָרעמע באַלעבאַטישע עלטערן. זיין פאָטער איז געווען אַ מילנער און געהאַלטן פעלד אין אַרענדע. אין 1911 אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.

פאַרעפנטלעכט לידער אין „דאָס אידישע פאָלק״, פ. א. ש. „צוקונפט״, „די פעדער״, „די צייט״, „ווארהייט״. געשריבן אויך עסייען. געווען מיטרעדאַקטאָר פון דעם חודש זשורנאַל „דער אָנהויב״.

אין בוכפאָרם פאַרעפנטלעכט „הונדערטער לידער״ (פאַרלאַג „אונזער זשורנאַל״, נ״י, 1920). אַ זאַמלונג פון זיינע לידער איז אַרויס א״נ „מעטאָרן״, 1925. ער צייכנט זיך אויס דערהויפּט מיט דער רייפקייט פון פאָרעם און סטיל.

## וואַלענראַד ראובן

העברעאישער שרייבער, געבוירן אין ווילנע. געלערנט אין חדר, ישיבה און דערנאָך אין סלוצקער רעאַל־שולע. אין 1920 געקומען קיין ארץ־ישראל. געאַרבעט אויף די שאָסייען פון טבריה און כפר־יחזקאל. פון ארץ־ישראל אַוועק קיין פראַנקרייך און פון דאָרטן קיין אַמעריקע. געאַרבעט אין פאַבריקן און גלייכצייטיק געלערנט אין ניו־יאָרקער אוניווערזיטעט און קאָלאָמביע.

לערער פון העברעאישער ליטעראַטור אין ברוקלין קאָלעדזש.

זיינע דערציילונגען זענען געווידמעט דעם לעבן פון מזרח־אייראָפּייאישע־עמיגראַנטן וועלכע וואָרצלען זיך איין אין זייער נייער היים. ביז היינטיקן טאָג זענען דערשינען אויף העברעאיש זיינע 6 ביכער אין ניו־יאָרקער און אין ישראל פערלאַגן.

# מחברים, איבערזעצערס און רעדאַקציע־מיטגלידער

## ישראל לעווין

געבוירן 1876, אין אַ דאָרף נעבן ראָמאַנאָווע. העברעאישער לערער אין באָסטאָן. זיך באַטייליקט אין ניו־יאָרקער „טאָגעבלאַט״.

איבערזעצט ש. טשערניכאָווסקיס לידער אויף יידיש, ווי אויך דעם „תהלים״ און „שיר השירים״.

## ש. נחמני (נאַחמאַנאָוויטש)

געבוירן אין הראזאווע אין 1884. געלערנט אין סלוצקער און מינסקער ישיבות.

איינער פון די גרינדער פון „חדר־מתוקן״ אין סלוצק. זינט 1913 לערער אין ישראל.

איבערזעצט אַרום 20 ביכער פון רוסיש אויף העברעאיש. אַרויסגעגעבן פון די ביכער פערלאַגן: „עם־עובד״, „שרעבערק״, „ספרית־הפועלים״. זיך באַטייליקט אין „קונטרס״, „דבר״.

## צבי אסף

געבוירן אין ליובאַן 1902. געלערנט אין סלוצקער און אדעסער ישיבות. סעקרעטאַר פון פערבאַנד פון די דרוק־אַרבע־טער אין ישראל. איינער פון די רעדאַקטאָרן פון „הד הדפוס", „עולם הדפוס".

## שמעון מהרשק

געבוירן 1904 אין סלוצק. געענדיקט דעם העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים. לערער אין דער תל־אביבער קאָמערץ שולע „גאולה".

אַרויסגעגעבן אַ לער־בוך „אלגעברא" אין 3 טיילן.

## הרב ניסן וואקסמאן

געבוירן 1905 אין סטאַראָבין. געלערנט אין סלוצקער, מי־רער, סלאָבאָדקער ישיבות, ווי אויך אין ר' יצחק אלחננס ישיבה. במשך פון 12 יאָר געווען רב אין לייקווּוד נעבן ניו־יאָרק.

זיך באַטייליקט אין „תלפיות", „דאָס אידישע ליכט", ניו־יאָרק,„דאָס וואָרט", ווילנע.

אַרויסגעגעבן פאַרשיידענע ספרים ווי: „מעלות התורה", „תומר דבורה" מיט הערות און היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען און נאָך אַנדערע.

## אברהם אסף

געבוירן אין ליובאַן 1906. געלערנט אין חדר, געענדיקט דעם מזרחי־לערער־סעמינאַר אין ישראל.

פאַרוואַלטער פון דער דובנאָוו פאָלקס־שולע. רעדאַגירט „ספר השבת", „ימים נוראים". אַרויסגעגעבן אויך העפטן פאַר פאַרשיידענע קלאַסן.

## ש. בית־צבי (באסקין)

געבוירן 1906 אין סלוצק. אינזשינער, לערער אין דער תל־אביבער „מאַקס־פיין" מיטל־שולע.

זיך באַטייליקט אין „בטרם", „הדור", „זמנים".

## שמריהו בארהאן

זון פון נחום דן דער ראש־ישיבה. געבוירן אין סלוצק 1896.

חבר פון דער קבוצה דגניה א'. געלערנט אין סלוצקער ישיבה, אין אדעסער לערער סעמינאַר.

רעדאַגירט די ביכער „במערכה", „דרכה של דגניה א' ".

## צבי הגבעתי (חאזאנאוויטש)

געבוירן 1907 אין סלוצק. חבר פון דער קבוצה „עינת". רעדאַגירט אַרום 30 זאַמל־העפטן, וועלכע זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער קבוצה.

באַטייליקט זיך אין „במעלה", הפועל־הצעיר".

## שמואל דאמניטש

געבוירן אין ראָמאַנווע, זיך באַטייליקט אין דער „קאַלי־פאָרניער שטימע", „שיקאַגע" און אַנדערע אויסגאַבן.

(די רשימה איז אַ כראָנאָלאָגישע, צונויפגעשטעלט לויט זלמן רייזענס לעקסיקאָן און אַנדערע קוועלן).

# סלוצק אין דער יידישער ליטעראַטור

## מענדעלע מו״ס / פראַגמענטן פון „שלמה ר׳ חיימס״

### א
### אין סלוצקער ישיבה

— — שלמה׳לע, וואָס דאָס מזל האָט אים געשפּילט צו באַקומען טעג מיט נעכט אויף עסן און שלאָפן, האָט אויך מיט דער צייט באַקומען חן און לייטזעליקייט, אין די אויגן פון אַלע ישיבה בחורים, אַפילו די אַלטגעזעסענע דאָרט האָבן זיך געלאָזט איבערבעטן און אים אין חברה אַריינגענומען. „חארט״, אַ ווייסחברה׳ניק, אַ מזיק אויף נאַסע שמאַטעס צו וואַרפן, „פּאָנפּעס״ אונטערצולאָזן, איינער אין דער וועלט, האָט זיך קאָמפּאַניעט מיט שלמה׳לען — לערנען ווי אַ חבר מיט אים צוזאַמען, האָט עס געהייסן. „חארט״ איז, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, געווען בטבע אַ דימענט, אַ גאָלדענער כאַראַקטער מיט הייסע טיף אין זיך פאַרבאָרגענע געפילן פון רחמנות, פון ליבשאַפט, וואָס פלעגט אָפט אַרויסשפּרודלען אין אַ פּערל־ציטערדיקער טרער אויף די אויגן, און אַ שטיל־אומעטיקן קרעכץ אויף די ליפּן — אַ גאַנץ ווויל בחור׳ל נאָר אַן אָרעמס, אַ עלענטס נעבעך. אָט פון די דאָזיקע גליקן, פון עסן און טרינקען אין געזעלשאַפט, האָט זיך שלמה׳לען נישט געלערנט. עס האָט אים פאַרפירט אין דער זייט וועג פון ד״ר תורה, וווהין ער האָט פריער געוואָלט און האָט באַדאַרפט קומען, אמת טאַקע, אַזוינע גליקן מ׳שטיינס געזאָגט, אויף אַ״ע שונאים געזאָגט געוואָרן, דאָך אָבער זענען „טעג״ — אַפילו אין קיך, אין גלות ביי אַ בייזער קיך יידענע, פאָרט בעסער ווי פּת במלח, ברויט מיט זאַלץ, אַ שיטערער קרופּניק בעסער ווי מים במשורה, וואַסער אַביסל, שלאָפן אויף אַ וואַרעמער „לעזשאַנקע״ פיל בעסער ווי ועל הארץ תישן, ווי אויף דער הוילער ערד שלאָפן, און ליידן אַמאָל דאָס יענץ, צו וואָס אַ זאַטער זינדיקער מענטש האָט חשק, איז אַלץ בעסער ווי איידער, אַ ביטער לעבן פון אַ הונגעריקן, אַ נויטבעדערפטיקן.

פון שלמה׳לעס לעבן אין סלוצק, וואָס האָט זיך געצויגן אינאיינעם אַ פּאָר יאָר לערך מיט אַ הפסקה און דערמיט, לוינט זיך צו פאַרהאַלטן מער־ווייניקער אַ ביסל נאָר אויף געוויסע שטעלן. — —

שלמה׳לע געדענקט יענע ווינטערדיקע פאַרנאַכטן אין דער ישיבה. די זון האָט, נאָך איר מרה שחורה׳דיקער קורצער רייזע, זיך געזעצט אין אַלערליי קאָלירן־שפּילנדיקע, איר אויפן וועג זיך גראָבליך אויסציהענדע וואָלקנס. די לעצטע שטראַלן אירע רייסן זיך אַריין אינווייניק אין דער ישיבה דורך די דיק פאַרפרוירענע פענצטער און פלאַטערן אַקעגן אויף דער וואַנט מיט דעם גאַנצן אָפּגעסטעמפּלטן אָפּגלאַנץ פון צווייפערטלדיקע און פון פראָסט מיט עפּעס מיני געצאַצקעטע, פאַרמאָלטע שויבן. אין דרויסן ברענט, סמאַליעט דער פראָסט.



מענדעלע מו״ס

אינווייניק אין שטוב איז קאַלט — טונקל. די פונאַנדערגעגאַנגענע בחורים הויבן ערשט אָן איינציקווייז זיך צונויפקומען.

איטלעכער רייבנדיק די הענט און מאַכנדיק אַ־אַ! אין אויוון הייצט זיך. צוויי בחורים — פון די פאַרבליבענע, איינער עפּעס אַ שלימזל, גאָר אָן אַ „טאָג״, און דער אַנדערער פונ׳ם „טאָג״ האָט מיט זיך געבראַכט אויף וועטשערע עטלעכע קאַרטאָפל, זיצן אויף די קניביים אָפענעם טירל, אַקעגן דעם פייער, אַכטונג געבנדיק איטלעכער צו זיין זינדיקן טעפּל, ווו עס יאָגט זיך אַ גרויפּ, אַרויף־אַראָפּ מיט אַ רוגזה, אָטיאָכקען; טיאָך, טיאָך, טיאָך! דאָס פייער קנאַקט, באַלויכט זייערע פּנימער און פון די, וואָס אַרום זיי. אַ שטאַרק זיך צופלאַקערנדיקע שייט־האָלץ שטעקט אַרויס פונ׳ם אויוון דעם עולם לאַנגע פלאַם־פייערדיקע צינגלעך, אויסשיסנדיק האַפּערדיק, האַרט

בײַם טירל, מיט גליענדע קוילן, און אויסבלאָזנדיק לסוף פּיפּ־פּ־פּ אַ תּקיעה גדולה! עס ווערט וואַרעם, דער עולם האָט הנאה. פֿערברענגט די צײַט מיט מעשׂיות, מיט גאָגענישן, מיט גלײַכווערטלעך, די בחורים פֿון די טעפּלעך נעמען זיך צום עסן — שטייט אויף ייִדן, אין אַ גוטער שעה! די כּוהנים גייען אַרײַן עסן תּרומה, זופּן זייער קרופּניק!.. און די בחורים זופּן, אַרבעטן געשמאַק, באַגלייטן איטלעכעס לעפֿל פֿונם טעפּל צום מויל מיט אַ שיר פֿון די לעפֿצן, אָנמאַכנדיק אויף די צוקוקער אַ וואָלפֿישן אַפּעטיט. מען קראַצט זיך, מען באַלעקט זיך פֿאַר גרויס חשק. מיטוואָך געווײַנטלעך זיצט דאָ שלמה׳לע אויך, אין דערמיט, און עסט תּרומה פֿון ברויטל, וואָס יענטע די מאַרק־זיצערין, פֿלעגט אים דעם טאָג געבן, ער עסט עס זייער ערנסט, בכּוונה, עפּעס מיט אַ „לשם יחוד״ היטנדיק זיך, ווי אַ שמורה׳ניק עס זאָל חלילה נישט אַראָפּפֿאַלן קיין ברעקל. —

אָט דאָס ברויטל איז באמת טײַער, עס דאַרף באַוויליקט זײַן „כּמנחה על מחבת״ ווי אין פּוטער אַ געפּרעגלטער פֿײַנקוכן, טײַערער פֿון בעסטן „טאָג״, באַטראַכטנדיק זיך, מיט וואָס פֿאַר אַ הייסע ליבשאַפֿט צו גאָט און צו זײַן תּורה, דאָס דאָזיקע ברויטל איז געגעבן געוואָרן. אַ פּאָר טויבן, אַ קרבן פֿון אַ אָרעמאַן, איז בײַ גאָט אָנגענומען ווי דאָס פֿעטע רינד פֿון בשן — דאָס לעצטע האָט דער אָרעמאַן נעבעך אים אַוועקגעגעבן!..

— — — די ערשטע בייזע שעה איז אויף שלמה׳לען אָנגעקומען אויפֿן „טאָג״ בײַ אַ יוסטען בעל־הבית, דאָרט אין קיך, וווהין ער איז געקומען, ווי דער שטייגער פֿון אַ ישיבה בחור איז עסן וועטשערע.

אין קיך, אין אַ ווינקל האָט געצאַנקט אַ חלבדיק ליכטל. אַ ייִדענע מיט אַ רויטע, פֿאַרקרימטע נאָז, מיט פֿעטע ליפּן, אַ ברייט מויל, אָן צוויי פֿאָדערשטע ציין, האָט זיך געבאָברעט בײַם אויוון, געברומט, געמורמלט בייזלעך, גלאַט אַזוי זיך אין דער וועלט אַרײַן, נישט צו קוקן אין שלמה׳לעס ווינקל, גלײַך ווי ער איז נישטאָ. שלמה׳לע זיצט ווי אויף שפּילקעס, די נשמה גייט אים אויס וואַרטנדיק. די טיר פֿון דער קיך עפֿנט זיך אַלע מאָל מיט אַ סקריפּ. אָט־אָט, מיינט ער, קומט די גאולה, די וועטשערע — און גאָרנישט, די שטוב מענטשן אַרײַן־אַרויס! ער זיצט און ווערט שיער נישט צוזעצט וואַרטנדיק. ס׳איז שוין שפּעטלעך, צײַט גיין אין זײַן רו אַרײַן, ווו ער נעכטיקט. מען קוקט שוין דאָרט אויף אים אַרויס מיט נעכטיקע, נאָך נישט געענדיקטע, און אויך מיט נײַע־פֿרישע מעשׂיות. ער לאָזט זיך מערקן מיט ישיבה־בחורשע תּנועות — אַלע ווײַלע אַ הייב, אַ קראַץ, אַ זיפֿץ, אַ הוסט, אַ סמאָרע מיט דער נאָז — און זי, גאָרנישט! זי האַלט אין איין מורמלען, עפּעס ווי זי טענה׳ט זיך מיט עמעצן אויס, פּרעה׳ס מכּות אויסלאָזנדיק צו זײַן קאָפּ. אָט דענסטמאָל איז מיט אַמאָל ווי פֿון דער ערד, אַרויסגעקראָכן פֿאַר שלמה׳לעס אויגן אין העלע פֿאַרבן אַ בילד פֿון זײַן לעבן, פֿון דעם וואָס פֿריער און וואָס אַ צײַנד. און בשעת מעשׂה טאַקע, אינאיינעם דערמיט הערט זיך אַ בת־קול ברומט ווי אַ קיך ייִדענע, רופֿט און זאָגט: גיי בחור׳ל, גיי וואַש זיך. בחור׳ל! — באַוואַשנדיק זיך מיט טרערן וואַשט זיך שלמה׳לע, הויבט אויף בייז, פֿאַרדראָסיק די הענט מיט אַ „שאו־ידיכם״ ניט חלילה אַקעגן גאָט, נאָר אַקעגן דעם פֿינצטערן מזל זײַנעם און דער ייִדענע מיט דער רויטער נאָז.

ער איז מקיים אַ ביס ברויט, אַ זופּ קרופּניק, בענטשט, מאַכט עס אָפּ בקיצור, זאָגט אַ גוטע נאַכט די פֿיר ווענט און גייט אַרויס געשווינד, צעטראָגן, נישט קושנדיק די מזוזה, שטאַרק אויפֿגעבראַכט, פֿאַראומערט, נישט צופֿרידן מיט זיך, מיט קיינעם ניט, אַז אָך־און־ווײ — טראַכט זיך אים אויפֿברויזנד אין די געדאַנקען — צו אים, צו זײַן מזל, צו וואָס ער איז איבערגעקומען! אַ פּאַטראָן, אַ ישיבה בחור, איז ער, עסט „טעג״, מ׳שטיינס געזאָגט... אַז אָך־און־ווײ צו זײַן געהויבנקייט בײַ חברה־לײַט, אָרעמע בחורים... אַז אָך־און־ווײ צו דער זכיה זײַנער, אַרומצוגיין מיט דעם רבין איבער די הײַזער צונויפֿקבצענען נדבות אין דעם בײַטל, אויך צו דער זכיה וואַלגערן זיך, שלאָפֿן אויף דער וואַרעמער לעזשאַנקע... גליקן... תּכליתים — שיינע תּכליתים... — — —

ב

## ר׳ יונה

— — צווישן אַלע אַנטיקן פֿאַרנעמט מיט רעכט דער סלוצקער גביר, ר׳ יונה, אַ שיין אָרט.

קוקט אים אָן אײַנגאַנצן מיט זײַן הויז, מיט זײַן פּירונג, באַטראַכט אים און מאָלט אים! אַ הויז אַ הילצערנע, אײַנגאָרענדיקס, מיט אַ גאַניקל, אויף עטלעכע טרעפּלעך די הויך בײַ דעם אַרײַנגאַנג, און אַ שורה מיטל־הויכע פֿענצטער, גלעזערנע אויגן אַרום פֿון ביידע, זײַטן, קוקט אַרויס, אין אַ גרויסן, אַרומגעצוימטן הויף. און אַזוי טאַקע, מיט דעם נאָמען „רב יונה׳ס הויף״, הייסט אין דער שטאָט די וווינונג זײַנע. אין איין זײַט הויף שטייט הויך אויסגעבויט זייער אַ שיינע שול, אַ בית־מדרש הייסט עס. דאָרט דאַוונט אַ גרויסער עולם — די פֿון דער משפּחה און אויך זײַטיקע ייִדן. דאָרט זיצט אויך יונג און אַלט און לערנט טאָג ווי נאַכט. אַזוי איז עס געוועזן בחייו, און אין זײַן זונס צײַט שפּעטער — אַ מנין ייִדן לומדים, זקנים און יונגע לײַט, זענען אויף שׂכירות געזעסן שטענדיק און געלערנט. שׂכירות האָט אויך באַקומען אַ ראש־ישיבה פֿאַר דעם זאָגן דאָרט אַלע פֿרי־מאָרגן נאָכן דאַוונען אַ שיעור גמרא מיט מפֿרשים פֿאַרן עולם לומדים.

פֿרײַטיק־צו נאַכט באַקומט דער הויף עפּעס גאָר אַ נײַ אויסזען, אַ יום־טובדיק פּנים, אַ גרויסער אַ לאַנגער עמוד־אש פֿון פֿיל ברענענדיקע ליכט אין שול, אין הויז, שטראַלט אַרויס דורך די פֿענצטער און באַלויכט, צעשפּרייטנדיק זיך איבערן הויף, אין איטלעכס ווינקעלע. עס פֿילט זיך עפּעס ווי די גוטע מלאכים, דעם אויבערשטנס דינער, געשיקטע פֿון הקדוש ברוך־הוא אין הימל, שוועבן אַרום דאָרט, אָפּוואַרטנדיק דעם גביר מיט זײַנע קינדער בײַם אַרויסגיין פֿון שול, צו באַגלייטן זיי אַהיים. דאָרט אין שטוב, אין אַ ליכטיקער גרויסער סאַליע שטייען פֿאַר דעם הויזגעזינד און נאָך פֿאַר צענדליקער אורחים, אָרעמע לײַט, שיינע ייִדן, שבתדיק געדעקטע טישן מיט אַלדעסגוטן — מיט בענטש־ליכט אין דריי, אין זיבן רערעדיקע זילבערנע לײַכטער, מיט טײַערע קרעדענצן פֿון פֿאַניר. ווײַן

פינקלט, פערלט זיך אין געשליפענע, בייכיקע, לאַנגהאַלדזיקע פלעשלעך, אָפּשיינענדיק זיך מיט אַלערליי רעגנבויגנדיקע קאָלירן אין קריסטאַלענע קידוש גלעזלעך. פאַר יעדן פון די שפּייזנדע באַזונדער ליגט אויף אַ שניי־ווייסן טישטעך אַ פּאָר פריש שטעקנדיקע, ווי יונגע הינדעלעך — לחם משנה, אָנ־קוקנדיק דאָס אַלצדינג קומט צו, דאַכט זיך, אַ נייע נשמה — די נשמה יתירה, מען פילט, אָט איז שבת, אָט קומט די ליבע כלה, אָט גייט מען איר אַקעגן, מקבל פּנים זיין אין שול מיט אַ „בואי בשלום”, זינגנדיק דעם „לכה דודי” הויך אויף אַ קול מיט אַ ברען!

אויף אַזאַ אופן איז דער גביר יוצא געווען פאַר גאָט, און פאַר זיין תורה. ער איז אָבער, ווי אַ איינוווינער און ווי אַ ייד, אַ זון פון זיין פאָלק, אויך יוצא געווען אַקעגן דער שטאָט און דעם כלל ישראל. ער איז דרינען באַטייליקט געווען. גאַנץ געוויס, מיט זיינעם אַ גרויסן חלק. די צדקה זיינע פאַרן כלל האָט, פונדעסטוועגן, ניט מוציא געווען דעם פּרט, ווי מען איז מוציא ביי אונדז יענעם אַ שטייגער פון ברכה מאַכן אויף וויין וכדומה. דאָס הייסט, מיט די נדבות פאַרן רבים האָט ער ניט אָפּגעפּטרט יענע נויטבאַדערפטיקע יחידים, זיי האָבן געגומען ביי אים די מטבע איטלעכער באַזונדער, קבצנים פון אַלערליי מינים, דלפנים אַזוינע און אַזוינע, מיט טאַרבעס, אָן טאַרבעס, נשרפים, עגונות, שלעפּערס מיט געשריפטן פון רבנים, אָן געשריפטן — אַלץ איינס, יעדער האָט באַקומען זייער פיין זיין גראָשן. ווער רעדט פאַר אייגענע, פאַר שטעטישע ובלא יודעים, שטילע, „מתן בסתר” הייסט עס, מיט עסן און טרינקען, גאַסט־פריינדלעך אויף אברהם אבינו'ס שטייגער.

אָט איז אַ בילד, ליבע יידן, אַ אַנטיקוואַריש בילד! היינ־טיקע צייטן אַ זעלטנהייט... קוקט עס, זייט מוחל, אָן; דאָרט אינ'ם הויף, גלייך אַקעגן דעם גבירס הויז — איר זעט — איז אַ היפּש געביי, אַ לאַנגס, אָן פענצטער מיט אַ פּאָר גרויסע אָפענע, אָפּגעלייגטע טויערן, ווו איינער אונטערגעגאַרטלט, די פּאָלעס פאַרשטעקט, די אַרבל פאַרוואָרפן, מיט אויסגעשטרעקט־טע הענט, נעמט עפּעס אין זעקעלעך פון אינווייניק און דער־לאַנגט אַ צונויפשטופּענדיקן עולם אין דרויסן, מאַנסבילן, ווייבער באַלאָדענע מיט פּעקלעך, ליכטלעך און פלעשלעך — דאָס איז — איר הערט ליבע יידן — דאָס איז אַ שפּייכלער, ווו עס געפינט זיך עסנוואַרג, אויך נאָך אַנדערע נויטיקע זאַכן, און פון וואַנען דעם גבירס אַ „מענטש”, אַ אויפזער דערויף, גיט אַרויס אַלע דאַנערשטיק געוויסע אַרעמע־לייט אויף שבת. און געפּאַלענע, אָפּגעקומענע נעבעך, אַזוי וואָס שעמען זיך אָנ־שטעלן די האַנט, שיקט מען זיי אָפּ שטילערהייט אַהיים בכבוד.

קוקט אָן, יידן, ווייטער אַביסל!

אין דער זייט הויף פאַרנעמט דאָרט פּלאַץ אַ גרויסער פּליגל, פון די קוימענס ציען זיך זיילן רויך, משרתים, ווייבער, מיידלעך אין ווייסע פאַרטעכער, מיט טיכלעך ריינע ווייסע באַדעקטע קעפּ, דרייען זיך שטאַרק באַשעפטיקט, מיט כלים, טישצייג אַהין־אַהער, אַ מאַנספאַרשוין אַ הויכער, אַ געזונטער — קוק אים אָן — אַ יונג מיט ביינער, שטייט אין דער טיר. ער קאָמאַנדעוועט און לאָזט אַריין מענטשן, וואָס קומען און גייען איינער נאָכן אַנדערן — הערט אַ מעשה, וואָס אַ פאַר־צייטיקער גביר קען — איינפירן ביי זיך אַ קיך אויף קאָכן, באַקן און געבן דאָרט אַלע טאָג עסן הונגעריקע, מיט פאַרמעג־לעכע, בית־המדרשניקעס עלנטע, אַרעמענקע, שוואַכינקע נע־בעך!.. יאָ, דאָס איז דעם סלוצקער גביר'ס פאַר אַרעמע, הונ־געריקע אָפענע קיך! נישט צו מיינען דערמיט חלילה פאַר זיך כבוד, קיין שום באַלוינונג; נישט צו דענקען אַפילו אַז מען וועט מאַכן פון אים אַמאָל אַ בילד — אָט אַ דאָס בילד!

און אָט יענער וואָס קאָמאַנדעוועט דאָרט — דאָס איז דער שכנה'ס מאַן, יענע יידענע וואָס וווינט אין צווייטן צימער אינ'ם הויז פון מנין. דער מאַן אירער, נישט קענענדיק זיך אָפּרייסן פון דער קיך, אַזוי פיל אַרבעט ליגט אויף אים שטענ־דיק דאָרט, קומט נאָר איין מאָל אין דער וואָך אויף אַ פּאָר שעה אַהיים און ברענגט אָן פון כל טוב. דער קאָרב איז פול און פול מיט גוטע געשמאַקע זאַכן, וווהין דאָס האַרץ און די אויגן שלמה'ס ציען זיך, וואָס מער ער פאַרזוכט דערפון, אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. און דער יצר הרע, דער אונטערהיטער, זיצט אַממיינסטן פאַרבאָרגן דאָ אין קאָרב צווישן די נאַשע־רייען, גיט פונדאַנען אונטער שלמה'לען חשק צו זיין דאָרט, ווו עס דאַווענט אַ שטוב מענטש, אָפּהאַלטנדיק אים דערוויל פון לערנען.

## ביניש מיכאלעוויטש / „זכרונות פון א יידישן רעוואלוציאנער”

(אין סלוצקער טורמע)

— — איך מיט אַ גרופּע פון אַ מאַן 15 זענען אַרויסגע־שיקט געוואָרן אין דער סלוצקער תפיסה.

די דאָרטיקע טורמע האָט זיך גערעכנט פאַר איינע פון די שווערסטע געפענגענישן, וווהין מען פלעגט שיקן מענטשן, וועלכע האָבן זיך שווער פאַרזינדיקט. די קרימינעלע פלעגן אויפציטערן ווען מען פלעגט זיי דערמאָנען דאָס וואָרט „סלוצק”. אַזאַ אייזן־שווערער רעזשים איז דאָרט געווען. — אין קאָפּוליע האָבן מיר געטראָפן אַ בונדישע אָרגאַניזאַציע. אירע פאַרשטייער האָבן זיך געמאָלדן צו אונדז אין עטאַפּקע, האָבן אונדז מכבד געווען מיט אַ ליימענעם קאַן טיי און האָבן זיך מיט אונדז באַראַטן וועגן זייערע פאַרטיי־ענינים. דאָרטן האָבן מיר פאַרבראַכט אויך אַ גאַנצן טאָג צו רוען.

און נאָך אַ וואָך צייט, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין פרייען פעלד און פרישן־געוווירציקן וואַלד, האָבן מיר זיך דערנענטערט צו דער שטאָט סלוצק.

ס'לעשט זיך אויס די זון אין אונדזערע הערצער, ס'ווערט פאַרשטאָפּט דער קוואַל פון ווערטער: שווייגנדיקע, פאַרטראַכ־טע, מיט פוילע טריט און צעבראָכענער מידקייט, זענען מיר צוגעקומען צו אונדזער נייער דירה — די באַוווּסטע סלוצקער טורמע.

אין אַ געשפּאַנטער שטימונג שטייען מיר אין קאַנצעלאַריע פון סלוצקער טורמע. מיט אַ בייזן נייגער באַטראַכטן אונדז עטלעכע וועכטער און אַ שרייבער. מען וואַרט אויפן „נאַטשאַלניק". ס׳עפנט זיך די טיר. עס לויפט אַריין פּאַרסאָפּעט אַ נידעריק־דיק מענטשל מיט אָקסענע אויגן, אַ באַוואָקסן פּנים און פעטע, האָריקע הענט. ער טוט אַ קוק אויף אונדז בייז פון אונטן אַרויף, לאָזט אַרויס פון זיך אַ אומפאַרשטענדלעכן ברום און כאַפּט זיך האַסטיק פאַר אונדזערע פּאַפּירן.

דערווייל פאַלט ערגעץ אום אין אַ ווינקל אַ ביקס ביי אַ זעלנער. דאָס נערוועז נפש׳ל אין מונדיר פון אַ נאַטשאַלניק טוט פון גרויס פּחד אַ צאַפּלדיקן ציטער, דאָס האָט זיך ביי אים באַקומען זייער קאָמיש און איינע פון אונדזערע דאַמען צעלאַכט זיך אויפן קול. די אויגן פאַרלויפן ביים „נאַטשאַלניק" מיט בלוט, ער לויפט־צו מיט האַסט צו אונדזער ווינקל און הויבט־אָן צו שרייען, ווענדן זיך אויף דו און גראָב זידלען זיך. תוך כדי דיבור באַקומט ער אַ אַנטשיידענעם ענטפער פון אונדז אַלע. ער ווערט פון דעם ווי צעמישט, קוקט אויף אונדז מיט גרויסע אויגן און ווענדעט זיך צום עלטסטן פון קאָנוואָי:

— וואָס זענען דאָס פאַר אַ מענטשן? — פּאָליטישע! — ענטפערט יענער. דער נאַטשאַלניק בלעטערט שנעל אונדזערע פּאַפּירן. „אין רשות פון יוסטיץ מיניסטער", „אונטערן מיניסטער פון אינערן", „ביים פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט". משמעות די אַלע אינסטאַנצן רופן אַרויס ביים סלוצקער סאַטראַפּ׳ל, וואָס האָט קיינמאָל נישט געזען אַרעסטאַנטן, וועלכע זאָלן זיצן נישט לויט דער פאַראָרדענונג פון אַן אויספאָרשונג־ריכטער, אָדער קרייז־געריכט, אַ גרויסן יראת־הכבוד. ער רעדט שוין מיט אונדז קיין וואָרט נישט. שטיל גיט ער אָפּ אַ פאַראָרדענונג דעם עלטסטן וועכטער וווהין אונדז אָפּצופירן.

מיר געפינען זיך אין אַ בעזונדער קאָרידאָר. קיין קרימינעלע זיצן דאָ נישט. אַלץ איז נאָך אַזוי פריש־געפאַרבט, ווייס און ציכטיק. מען פאַרשליסט אונדז אָבער יעדן אין אַ באַזונדער חדר און מען לאָזט נישט זיך קאָמוניקירן צווישן זיך. מיר באַשליסן צו שמידן דאָס אייזן כל זמן ס׳איז נאָך הייס און גלייך, בעת דער נאַטשאַלניק האָט זיך נאָך נישט אָריענטירט ווי געהעריק ווער מיר זענען, מאַכן אויף אים אַ שטאַרקן דרוק. מיר הויבן אָן די באַקאַנטע מוזיק מיט קלאַפּן אין די טירן און שרייען. דער נאַטשאַלניק קומט צולויפן מבולבל און פרעגט, וואָס מיר פאַרלאַנגען. ער אַליין ווייסט נישט, וואָס צו טאָן מיט אונדז און בעט אונדז אָפּוואַרטן אַ פּאָר שעה. אין אַ קורצער צייט לאָזן זיך אַריין צו אונדז אין קאַמער די אַלע מאַכטהאָבער פון דער אויעזדנער שטאָט. דער איספּראַווניק, אַ יונגער פּראָקוראָר, נאָר וואָס אַראָפּ פון דער אוניווערסיטעט באַנק, אַ מיליטער־מאַן און אַפילו דער פּרעזעס פון די סלוצקער אַדעל־לייט. דער ראש המדברים פון זיי איז דער יונגער געהילף־פּראָקוראָר. מיר שטעלן אַרויס אונדזערע פאָדערונגען: מיר ווילן האָבן די מעגלעכקייט צו קאָמוניקירן זיך איינע מיט די אַנדערע, מיר ווילן אַן „אייגענעם קעסל" (קיך), ביכער, שפּאַציר און ענלעכעס. ער פרעגט זיך נאָך, ווי אַזוי איז געווען בנוגע אונדז דער רעזשים אין מינסק און מיר דערציילן אים אָן נסים ונפלאות פון דאָרטן. ער פאַרזיכערט אונדז, אַז אונדז וועט דאָ נישט זיין ערגער, ער באַפרידיקט אַלע אונדזערע פאָדערונגען און גיט דערביי צו, אַז דאָס איז אַלץ נאָר פּראָוויזאָריש: ער וועט זיך נאָך מכוה דעם דורכשרייבן מיט די זשאַנדאַרמען. נאָך אַזאַ געשפּרעך האָט זיך דער „נאַטשאַלניק" אינגאַנצן פאַרלאָרן. ער האָט אונדז ממש אָפּגעגעבן אין אונדזער רשות דעם אויבערשטן עטאַזש, מיר זענען דאָרט געווען פאָלקאָם אויטאָנאָם און פלעגן זיך איינאָרדענען ווי אונדזער האַרץ גלוסט. אַ גאַנצן טאָג, ווען דער הויף פלעגט זיין פריי פון די קרימינעלע, פלעגן מיר קאָנען דאָרט שפּאַצירן, פאַרווילן און איינאָרדענען פאַרשיידענע שפּילן. מיר האָבן טאַקע באַשטעלט אין טורמע ווערקשטאַט, אַ קראָקעט, אין וועלכן מיר פלעגן שפּילן שעהן לאַנג. דערביי פלעגט מען שטיפן, לאַכן און טומלען, אַזוי ווי ערגעץ אויף אַ פרייען פּלאַץ הינטערן שטאָט.

ניט איינמאָל פלעגט דער „נאַטשאַלניק" מיך אַרויסרופן צו זיך אַהיים (איך בין פאַרבליבן אין אַמט פון „סטאַראָסטאָ" אויך דאָ) און זיך בעטן ביי מיר מען זאָל אַזוי נישט שרייען. „איך האָב אייך, האָט ער געטענה׳ט, „אָפּגעטראָטן דעם הויף, די קאַנצעליאַריע, לאָזט מיר לכל הפחות רוען ביי זיך אין שטוב". ער האָט געוווינט אין שכנות מיט דער טורמע. נאָר ביינאַכט פלעגט מען אונדז פאַרשליסן אין אונדזערע חדרים, דערביי פלעגט יעדער קאָנען אויסקלייבן וועלכן צימער ער וויל.

שפּעטער־צו, שוין אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, האָט דער „נאַטשאַלניק" מיך גערופן צו זיך, האָט מיר קאָנפידענציעל פאַרטרויט, אַז פון מינסק האָט זיך באַקומען אַ פּאַפּיר אונדז אַביסל איינצוימען און איינפירן פאַר אונדז אַ שטרענגן רעזשים. ער אָבער וויל זיך מיט אונדז נישט איינרייסן און בעט דערום, מיר זאָלן אויך זיין פאָרזיכטיק און אים נישט אַרויסגעבן. זיין נאָכגיביקייט בנוגע אונדז דערקלערט זיך נישט נאָר מיט זיין פּחדנות, הגם ער האָט זי פאַרמאָגט זייער אין אַ גרויסער דאָזע. דאָ איז געווען נאָך אַ סיבה. מיר האָבן געבראַכט מיט זיך אַ גרויסע געלט־סומע, וועלכע איז געבליבן ליגן אין קאַנצעלאַריע. דאָס געלט האָט דער נאַטשאַלניק גיך פאַרשווענדעט. ס׳פלעגט דערגיין צו דעם, דאָס מיר פלעגן אָפט ניט באַקומען די נויטיקסטע פּראָדוקטן. אַז איך פלעג האָבן דערפאַר טענות צום עלטסטן, פלעגט ער מיר איינרוימען אַ סוד, אַז דער נאַטשאַלניק גיט אים ניט קיין געלט און אַז די קצבים, בעקער, קרעמער ווילן אים שוין מער ניט באָרגן.

איך דערמאָן מיך אַזאַ עפּיזאָד. אַ דענטיסט האָט מיר אין יענעם טאָג אַרויסגעריסן אַ צאָן. ביינאַכט האָט זיך ביי מיר פון הייסן טיי געעפנט אַ אָדער און ס׳האָט אָנגעהויבן שטראָמען בלוט. איך האָב נישט געוואָלט וועקן קיינעם פון די חברים און האָב אַלץ געוואַרט, ווען ס׳וועט איבערגיין. דער שטראָם אָבער האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט און איך בין שיער נישט אָפּגעגאַנגען מיט בלוט. די אויפגעוועקטע חברים האָבן אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיר און פאָדערן אַ דאָקטער. יענער אָבער איז געקומען אינדערפרי, ווען איך בין געלעגן נאָכדעם עטלעכע טעג. עסן איז מיר גאָרנישט געווען מעגלעך. איך האָב געקענט טרינקען טיי. איינע פון די חבר׳טעס, וועלכע זענען אַרום מיר אַרומגעגאַנגען (אונדזערע דאַמען איז געווען דערלויבט צו קומען צו אונדז אין אונדזער אָפּטיילונג), האָט געשיקט דעם

עלטסטן נאָך אַ ציטרין. יענער קומט צוגיין און מעלדעט, אַז דער קרעמער וויל אָן געלט נישט געבן. דאָ איז שוין אַריבער די מאָס און מיין „באַרעמהאַרציקע שוועסטער" שיקט רופן דעם „נאַטשאַלניק". זי פאַלט אויף אים אָן מיט אַ שטאַרקן ירגזון. יענער שטייט פאַרלאָרן, בעט זי ניט שרייען און לויפט גלייך אַוועק אין געוועלב און ברענגט מיר אַ ציטרין...

בכלל איז זיין גאַנצע פאַמיליע געווען אַ קראַנקהאַפּטע, באַשטאַנען פון דעגענעראַטן. ער פלעגט שפּילן מיט אַזאַרט אין קאָרטן, די פרוי זיינע פלעגט באַקומען אַטאַקן פון שכרות און פלעגט טרינקען עטלעכע טעג אָן אויפהער און אַ זון, אַ יונג גימנאַזיסטל, פלעגט זיך אַריינגנבה׳נען אין טורמע פאַרטאָג און פאַרקויפן די אַרעסטאַנטן געשפּילטע טאַליעס קאָרטן און שנאַפּס.

אויב אויף אונדז האָט דער „נאַטשאַלניק" אַ מאָך געטאָן מיט דער האַנט און לחלוטין געלאָזט אונדז צורו, פלעגט ער דעספּאָטיש־אכזריותדיק באַגיין זיך מיט די קרימינעלע אַרעס־טירטע. מיט קיין אַנדער נאָמען ווי „חיה" פלעגט ער זיי נישט רופן און פלעגט אַליין זיי קאָפּן מיט די פיס. דאָס רוב פלעגן דאָרטן זיצן קליינע, שוואַכע מענטשלעך, פויערן פון דאָרף, פערד־גנבים און צופעליקע פאַרברעכער. זיי פלעגן נישט האָבן דעם מוט קעגנשטעלן זיך דעם שווערן רעזשים פון דעם קרענקלעכן דעספּאָט. פלעגט מען אַמאָל אַראָפּברענגען פון אַנדערע שטעט אַ פּאָר „קאַטאָרזשאַנעס", פלעגט ער זיי פון קאָרצער נישט אַרויסלאָזן און זיי דאָרט אַזוי פייניקן, דאָס זיי פלעגן שוין פאַרליר׳ן יעדע מעגלעכקייט צו פּראָטעסטירן. גוט האָט זיך דאָרט געלעבט נאָר אייניקע רייכערע גנבים און באַאַמטע, וועלכע האָבן פאַרשוועגדעט מלוכה־געלט און האָבן פאַרמאָגט גרעסערע געלט־סומען אין קאַנצעלאַריע.

אַ קורצע צייט נאָך אונדזער אָנקומען אין סלוצק. איז פאָרגעקומען אין פּאָליטישן לעבן פון לאַנד אַ גרויסע, זייער וויכטיקע געשעעניש — די יאַפּאַניש־רוסישע מלחמה. מיר האָבן באַלד נאָך איר אויסברוך וועגן דעם זיך דערוווּסט פון די קרימינעלע, פאַר וועלכע מען האָט זונטיק נאָך דער תפילה איבערגעלייענט דעם מאַניפעסט וועגן דעם חוצפה׳דיקן שונא. אינטואיטיוו האָבן מיר דערשפּירט, אַז דאָס האָט אַ גוואַלדיקע באַדייטונג פאַר דער רעוואָלוציאָנערער אַנטוויקלונג פון רוס־לאַנד און מיר האָבן אָנגעהויבן פיבערהאַפט זיך אינטערעסירן מיט אַלע אירע פּרטים. מיר האָבן שוין ניט געקאָנט לעבן אָן אַ צייטונג. מיר האָבן דאַרום אַרויסגערופן צו זיך דעם דאָרטיקן פּראָקוראָר און געפאָדערט פון אים, ער זאָל אונדז

דערלויבן, צוליב די אויסערגעוויינלעכע געשעענישן אין לאַנד, צו באַקומען אַ צייטונג. דער פּראָקוראָר האָט אין דעם איינ־געזען אַ בולטן באַווייז פון אונדזערער פּאַטריאָטישער שטימונג און האָט אונדז פאַרשפּראָכן צו שיקן אַלע טאָג די „פּעטער־בורגסקאַיאַ וועדאָמאָסטי" פון פירשט אוכטאָמסקי. קיין מער „לינקערע" צייטונג האָט ער נישט געוואָלט דערלויבן.

אָבער קוים האָבן מיר לעגאַליזירט דאָס לייענען אַ צייטונג אין טורמע האָבן שוין די וועכטער פּאַר אַ קליינעם לוין נישט מורא געהאַט צו ברענגען אויך אַנדערע צייטונגען. מיט גרויס אינטערעס פלעג איך, נאָך אַ יאָר צייטונג־הונגער, ממש שלינגען אַ צוויי דריי צייטונגען אַ טאָג. יעדע נייע ידיעה וועגן גאַנג פון מלחמה פלעגט אונדז שטאַרק אויפרודערן און אַרויס־רופן ביי אונדז אַ לעבהאַפטע דיסקוסיע. הינטער די גראָבע ווענט פון סלוצקער שלאָס האָבן מיר בפועל ממש געהערט די שטאַרקע קלעפּ, וואָס דער צאַריזם באַקומט צוליב זיינע מפּלות אויף די פעלדער פון מאַנדזשוריען און אין די ים טיפענישן ביי צוסימאַ. מיט גרויס אומגעדולד האָבן מיר מיט יעדן זונען־אויפגאַנג געוואַרט אויף עפּעס נייעס, איבערקערעניש.

אין אַ טריבן ווינטער־טאָג האָט זיך צו אונדז באַוויזן דער סלוצקער פּראָקוראָר מיט אַ עלטערן יוסטיץ־באַאַמטן פון מינסק און האָבן אונדז אַלע איינגעלאַדן אין איין גרויסן צימער אויף אַ געשפּרעך. זיי האָבן אָנגעהויבן פון די פאַלשע יאַפּאַנער, גערעדט וועגן דעם גרויסן קאַמף, וואָס שטייט פאַר דעם לאַנד, און צום סוף אונדז פּשוט פאָרגעשלאָגן צו פאַרשרייבן זיך אַלס פרייוויליקע אין דער אַרמיי, דערביי האָבן זיי אונדז געגעבן אָן אָנצוהערעניש, אַז מען וועט אונדז ניט שיקן אויפן פראָנט, אַז דאָס וועט זיין מער נישט ווי אַן אַקט פון שלום־שליסן צווישן דער רעגירונג און די יעניקע גרופּן, וואָס ווילן אויף זייער שטייגער דאָס גליק פון רוסלאַנד. מיר האָבן אַלע איינ־שטימיק דעם דאָזיקן פאָרשלאָג קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפן.

ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט, האָט דאָס דער דאַמאָלסדיקער דיקטאַטאָר פלעווע געמאַכט דעם פּרווו אַריינציען אַלע „פּאָליטישע" אין פּאַטריאָטישן שטראָם און דעם זעלביקן פאָרשלאָג, וואָס מיר האָבן באַקומען, איז געמאַכט געוואָרן אַלע אַרעסטירטע און פאַרשיקטע אין גאַנץ רוסלאַנד. אָבער כאַראַקטעריסטיש איז, אַז פון טויזנטער „פּאָליטישע" האָט זיך געפונען נאָר איין פאַרשיקטער, וועלכער האָט מסכים געווען אַריינטרעטן פרייוויליק אין דער אַרמיי. אַלע איבעריקע אָבער האָבן מיט פאַראַכטונג זיך אָפּגעקערט פון דער בלוטיקער האַנט, וואָס דער אַלרוסישער דעספּאָט האָט זיי אויסגעשטרעקט.

# אברהם עפשטיין / היימישע בילדלעך

ענדלעך, ליבע פריינד און ברידער,
נעם איך זיך צום פעדער ווידער
נאָך אַ לאַנגן, לאַנגן שטומען,
ווען עס האָט מיר לשון אָפּגענומען.
נאָר איר ווייסט דאָך שוין פון לאַנג
מיינע פעלערן, מיין גאַנג:
פאַלט אויף מיר די פוילקייט אָן — —
ווערט איר גאַרנישט מיט מיר טאָן,
ווערט איר לאַנג פון מיר ניט זען
כאָטש אַן איינגעטונקענע פען.
ביז עס קומט די גוטע צייט
ווער איך דאַמאָלסט ווי באַגייט,
פטור ווער איך פון מיין קרענק
און איך שרייב — אויף טיש און בענק!
איצט בין איך אינגאַנצן גרייט
פלאַפּלען, רעדן לאַנג און ברייט,
וועגן זיך און וועגן לייטן,
דעם עולם אָנזייפן די זייטן,
דעם אַ שטאָך און דעם אַ קניפּ
דעם אַ שמיר טאָן איבערן ליפּ.
דעם אַ קוש, אַ גלעט דאָס קעפּל,
ביי דעם אַ מיש טאָן אינעם טעפּל,
אַלץ וואָס ליגט נאָר אויף דער לונג —
אָבי נאָר אויסשלייפן די צונג.
ניט אומזיסט איז סלוצק אַ שטעטל,
ווו אַלע זענען אויפן צעטל,
ווו קיין סודות איז ניט מעגלעך,
אַלע אויערן באַוועגלעך,
ווו עס הערן ווענט און שטיינער,
ווו מען ציילט דיר אַלע ביינער:
וואָס דו טוסט און וואָס דו מאַכסט,
וואָס דו רעדסט און וואָס דו טראַכסט...
אַלזאָ, ליבע פריינד און געסט,
בין איך ווידער אין מיין נעסט,
צווישן גוט־באַקאַנטע לייט —
און איר זעט דאָך — גאָר „אַללרייט"!
כ'האָב די גרויסע שטאָט פאַרלאָזן
מיט די פוסטע זייפן־בלאָזן,
מיט איר רוישן, מיט איר טומל,
מיט איר גראָ־פאַררויכערטן הימל;
הויפן — שטייגלעך, הייזער — קעלער,
אָן אַ זון, אַ שטראַל אַ העלער,
היץ און שטויב און טאַראַראַם,
ניט קיין לעבן — הוילע סם.
ס'איז געוואָרן ענג אין ברוסט —
האָט זיך מיר אַ היים פאַרגלוסט.
צוריק אַ היים, צוריק אַ היים,
ווו באַקאַנט איז יעדעס בוים,
ווו באַליבט איז יעדעס בלעטל —
צוריק אין הייס־געליבטן שטעטל!

———

בין איך מיר אַ היים געקומען,
גלייך אַ חשובן אָרט פאַרנומען:
„ס'טייטש, אין גרויסע שטעט געווען,
אַלץ געהערט און אַלץ געזען"!
כ'האָב מיר צוויי—דריי מיידלעך קליינע,
שטאַרק באַחנטע, איינע אין איינע,
און איך דריי זיך אום מיט זיי
אויפן לינקן זייט שאָסיי.
כ'בין ביי זיי אַ גאַנצער חכם:
קריכן מיר אין הויכע דרכים,
רעדן וועגן קונסט און לעבן,
וועגן ליבע, וועגן שטרעבן...
און די זון דערוויל פאַרגייט
אין אַ ים פון גאָלדן־רויט,
און די לעצטע גאָלדענע שטראַלן
אויף די מיידלעכס אויגן פאַלן.
אַך, ווי ליב איך זיי די מיידלעך,
מיט די פוסטע זיסע רעדלעך!
לייכט און שטיפעריש, ווי קינדער,
רייצן זיי די אלטע זינדער,
און ווי בלומען אונטער טוי
קוקט פון זיי אַרויס די פרוי...

———

אויסגעמאָסטן אַלע גאַסן,
גייען מיר אַריין געלאַסן
צום באַרימטן ס—מיאַקן
מיט די בלייכע פּוכקע באַקן,
מיטן ברייטן — ברייטן שמייכל —
ענדלעך צו דעם אונטער אייכל.
דאָרטן עסט מען אַ מיקאַדאָ
און מאַראָזשענע אודאי,
ס'ווערט דאָרט ימען ביר געגאָסן,
ס'ווערט באַקאַנטשאַפט דאָרט געשלאָסן,
ס'ווערט געשאָפּן וויצלעך, ווערטלעך,
און אַ מאָל געשפּילט אין קאָרטלעך.
און אַז ס—מיאַק דערעסט
און עס בלייבט נאָך עפּעס רעשט,
נעמט מען אַ רעזינקע גלייך
און עס בלייבט נאָך עפּעס רעשט,
נעמט מען אַ רעזינקע גלייך
און מען פאָרט אַוועק צום טייך.
הינטער שטאָט איז דאָ אַ געסל,
קאָכט עס שטענדיק ווי אַ קעסל:
יינגלעך, מיידלעך, מענער, פרויען,
אין אַ וואָלקן שטויב אַ גרויען,

מיט די לאָקענס אָנגעלאָדן,
גיין שורותווייז זיך באָדן.
אין די באַדע־הייזלעך קלינגט,
ווער עס לאַכט און ווער עס זינגט;
און אַ יונגן דיכטערס הענט
שמירן גראַמען אויף די ווענט,
— — — — — — — — — — —
און צום שלאָפן איז מען גרייט,
און מען שלאָפט... געזונטערהייט!
נאָר דאָס יונגע, הייסע בלוט
ניט עס שלאָפט און ניט עס רוט.

און מען גייט, מען זיצט אין צווייען
צווישן טונקעלע אַלייען...
אַך, די צויבער־זיסע שטונדן! —
ס'ווערט די ווירקלעכקייט פאַרשוווּנדן,
אַלץ פאַרהילט זיך אין אַ טרוים.
אונטער יעדן קוסט און בוים
זיצן פאָרלעך פעסט געאַרעמט;
אוי, אַ קוש, שאַ, ניט געליאַרעמט,
איצט איז ניט קיין צייט זיך דינגען —
זאָל די נאַכט דעם סוד פאַרשלינגען...
— — — — — — — — — — —

(פון „סלוצקער שייגעץ", 1911)

# סלוצק מיין שטעטעלע

(אַ פאָלקס־ליד)

Moderato
CHORUS
Slutzk oi slutzk mein shte-te-le vie ich benk noch-dir
tief in har-tsin heim du mein lig-tu do bei mir a
Vi-gel oif a shtri ke le un a tzub-ro-chen be-te-le
un doch tai-er bis-tu mir Slutzk oi slutzk mein shte-te-le slutzk oi slutzk mein shte-te-le
Slutzk-9

.1
איך דערמאָן זיך אין מיין שטעטל דעם קליינעם,
וווּ איך האָב די שיין צוערשט דערזען,
ווי איך פלעג אַלס קינד אין חדר גיין.
וווּ איך בין געבוירן, ווי איך בין דערצויגן
ביס

רעפריין:
סלוצק, אוי סלוצק מיין שטעטעלע, ווי איך בענק נאָך דיר,
טיף אין האַרצן, היים דו מיין, ליגסטו דאָ ביי מיר.
אַ וויגל אויף אַ שטריקעלע, און אַ צובראָכן בעטעלע;
און דאָך טייער ביסטו מיר, סלוצק, אוי סלוצק מיין שטעטעלע.

.2
יעדן טאָג, מיט בייגל, איז די מאַמע אין מאַרק געגאַנגען —
פאַר די קינדערלעך אויף ברויט זאָל זיין;
און דער טאַטע מיטן קאַנטשיק פלעגט דערלאַנגען,
אַז מיר קינדער זאָלן לערנען פיין.
ביס
סלוצק, אוי סלוצק...

.3
פרייטיק ביי נאַכט די מאַמע פלעגט די ליכט בענטשן,
דער טאַטע אין בית המדרש פלעגט זיך גיין.
פון שול אויף שבת פלעגט ער ברענגען פרעמדע מענטשן
און זמירות פלעגט מען זינגען זייער שיין.
ביס
סלוצק, אוי סלוצק...

# י. ד. בערקאָוויטש / אוגערקעס

(פראַגמענטן פון אַ דערציילונג מיט דעם נאָמען)

עס איז געקומען די רעכטע צייט פון אוגערקעס קלויבן. דאָס זענען געווען טעג, וואָס פון סאַמע פרימאָרגן ביז שפּעט אין דער נאַכט פלעגט אין שטוב שטיין אַ מאָדנער אומרוהיקער טומל, אַ מאָדנע קאָכעניש, אַ לויפעניש, אַ יאָגעניש פון אויסגעהונגערטע פאַרצווייפלטע מענטשן, וואָס זיי האָט עפּעס אַ שיין געטאָן. מער פון אַלע איז געווען פאַרקאָכט די מאַמע. אין די טעג האָט זי געזאָטן און געבראָטן. זי האָט ניט געגעסן און ניט געטרונקען, ניט גערוהט און ניט געשלאָפן, און ניט געקוקט אויף דער שטוב. זי האָט געוווסט נאָר איין זאַך: אוגערקעס.

אַז רבקה כאַפּט זיך אויף פון שלאָף גאַנץ באַגינען, מיט די ערשטע שטראַלן פון דער זון, טרעפט זי שוין די מאַמע אויף די פיס. אַ באָרוועסע, מיט צעשויבערטע האָר און מיט אַ נאַקעטן בוזעם, וואַקסט אַרויס די מאַמע פונעם פינסטערן אַלקירל שטיל, אומבאַמערקט ווי אַ שאָטן, שטעלט זיך אַוועק אין דער האַלב־פינסטערניש און טראַכט עפּעס איינע אַליין, און לאָזט אַריין ביידע הענט אין די צעשויבערטע האָר און נעמט זיך קראַצן דעם קאָפּ געשמאַק, מיט די נעגל. דערנאָך גייט זי שטיל אַריין אין קיך, שטעלט זיך ביים קליינעם פענסטערל און טראַכט ווייטער און זיפצט עפּעס, און עס דאַכט זיך דעמאָלט רבקהן אַלץ אויס, אַז די מאַמע האָט גאָר ניט געשלאָפן. אַ גאַנצע נאַכט איז זי געשטאַנען ערגעץ אין אַ פינסטערן ווינקל אַן אָנגעלאָדענע מיט זאָרג און שעה'ן־לאַנג געטראַכט דאָרטן אירע מחשבות, און געוואַרט און געוואָרט אויף דעם טאָג, ווען עס וועט זיך פאַרנעמען דער מאָרגנשיין.

לאַנג שטייט די מאַמע נישט ביים פענסטערל. עס הערט זיך באַלד אַ פּליוך פון וואַסער אין פּאָמוניצע. די מאַמע גיסט־אָפּ גיך נעגלוואַסער, גייט ווידער אַריין אין דאָס פינסטערע אַלקירל און נעמט זיך וועקן דעם טאַטן, פריער שטיל און וואָס ווייטער אַלץ העכער און העכער.

— אֶליה, שטיי אויף! אליה, גענוג דיר שוין צו שלאָפן. אליה, דו הערסט? ס'איז שוין צייט אויפשטיין. אליה, דו וועסט צייט האָבן זיך אויסשלאָפן שבת. אליה, וואָס מאַכסט דו זיך עפּעס ניט־הערענדיק? אליה, וואָס איז דאָס אויף אים אָנגעפאַלן אַ פאַפעריי מיט אַ מאָל, גלייך ווי ער וואָלט פינף נעכט ניט געשלאָפן?... ריבונו של עולם! אין גאָרטן וואַלגערט זיך פון נעכטן אָן אַ פאָר וועגן אוגערקעס, און זאָל דאָס אים גאָר אַרן אַ האָר... אֶ־ל־יה!...

— האַ? וואָס? — כאַפּט זיך אויף דער טאַטע ווי אַ נעכטיקער מיט אַ פאַרשלאָפן הייזעריק קול.

— „האַ, וואָס!" — קרימט אים נאָך די מאַמע שוין אַ צערייצטע. — ער קומט אָן פון ניט הי... דו האָסט, אַפּנים, פאַרגעסן די נעכטיקע דריי וועגן אוגערקעס?..

— אוגערקעס — שמוגערקעס!.. אין דרויסן איז נאָך האַלבע נאַכט!



— פון אוגערקעס ווערט שוין ביי אים גאָר שמוגערקעס!.. נאַ דיר! דו האָסט, אַפּנים, עפּעס בעסערס, שיינער ברויט־געבער מיינער? איר האָט געזען אַ תאוה פון אַ מענטשן: רק פאָפן?.. ער האָט, דאַכט זיך, אָפּגעשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט. גענוג! וויפיל איז דער שיעור אַ מענטש זאָל שלאָפן? מע מוז דאָס טאַקע זיך באָדן אין שלאָפן?..

די מאַמע ווערט אויף אַ ווײַלע אַנשוויגן. דערנאָך הערט זיך איר קול עפּעס מיט אַ מאָל ווי איבערגעאַנדערשט, ווייכער, ווי זי וואָלט רעדן אין דער פינסטער צו זיך אַליין שטיל, באַהאַרצט, פאַרטראַכט:

— מיר, ברוך השם, שלאָפט זיך ניט אַ גאַנצע נאַכט. ווייס איך, מע איז דאָך, דאַכט זיך, כלומרשט פאַרהאַוועט, און נאָך אַלעמען נעמט עפּעס קיין שלאָף ניט. אין קאָפּ קריכן עפּעס אַזעלכע מאָדנע געדאַנקען, עס חלומט זיך אַלץ עפּעס... אַ חלום איז דאָך, עס פּאַסט צו זאָגן, מער נישט ווי אַן אויסגע־קלערטע זאַך, נאָר פונדעסטוועגן... אָט ליג איך מיר מיט אַ שעה צוריק, דאַכט זיך, איך שלאָף גאָר ניט, ערשט עס עפנט זיך מיט אַ מאָל די טיר און עס קומט אַריין דער טאַטע עליו השלום, אין יאַרמעלקע, מיט ווייסע זאָקן, ווי זיין שטייגער איז געווען... אֶליה! דו שלאָפסט שוין ווייטער? וואָס טוט מען מיט אים?.. ניין! וואָס עס וועט זיין, וועט זיין! איך גיי מער ניט אין גאָרטן!.. זאָל מען דאָרט צעשלעפּן אַלץ וואָס איז פאַראַן, זאָלן אָנגיין חזירים, זאָל ווערן אַ תל פון דער גאַנצער האָרעוואַניע, זאָלן דריי וועגן אוגערקעס פאַרפוילט ווערן...

דריי וועגן אוגערקעס!.. איך גיי אַוועק, ס'איז נישט מיין זאַך, זאָל ער זיך דאָ שלאָגן מיט זיינע קינדערלעך קאָפּ אָן דער וואַנט!.. אַליה!..

צום סוף באַוויזט זיך דער טאַטע פונעם אַלקירל אינגאַנצן אין ווייסן, אַ באָרוועסער, אַ הויכער, אַ בייזער. ער קומט אַריין אין דעם חדר וואו רבקה שלאָפט, וואו די לאָדן זענען צוגעמאַכט, הוסט און קרעכצט און בורטשעט עפּעס, פּאַרעט זיך אין דער פינסטער, ביז וואַנען ער דערטאַפּט דעם טאַבאַק און נעמט דרייען אַ ציגאַר. ער שפּאַרט זיך אָן אָן דעם קאָמאָד, שטייט אויסגעצויגן, נישט גערירט, און שווייגט, טראַכט עפּעס, רויכערט דעם ציגאַר, און יעדעס מאָל גיט אַ שיין אַ פייערל אין דער פינסטער, און עס באַלייכטן זיך זיין פאַרשלאָפן אָנגעברוגזט פּנים מיט דער לאַנגער צעשויבערטער באָרד.

די מאַמע עוסקט זיך דערווייל אין פאַרהויז, עפנט־פאַנאַנדער ברייט די טירן, שלעפּט עפּעס אַרום פולע אָנגעפּאַקטע זעק און רוהט נישט. דורך די אָפענע טירן רייסט זיך אַריין פון גאַס אַ קיל פריש ווינטל און בלאָזט אונטער דער קאָלדרע, אַ פּאַס ליכט בלאָנקעט און ציטערט אויף אַ וואַנט אינעם פינסטערן חדר — און רבקה קערט זיך אויפן געלעגער פון איין זייט אויף דער אַנדערער, נורעט דאָס פּנים אין קישן, וויל אַוועקטרייבן בייזע געדאַנקען און קאָן נישט.

פון פאַרהויז הערט זיך דער מאַמעס שטים:

— אַליה, דו הערסט? דו האָסט זיך שוין צוגעכאַפּט צו דער פיפקע? אַי־אַי, די פיפקע!.. איך גיי אַוועק אין גאָרטן. פיפקע דאַרטן אָפּ און קום באַלד צו גיין. פאַרגעס ניט, אַז עס וואַלגערן זיך דריי וועגן אוגערקעס!..

— נו, און טיי? ווער וועט מיר מאַכן טיי? — פרעגט דער טאַטע מיט אַ הייזעריקן קול און גיט אַ צי דעם ציגאַר און עס באַלייכטן זיך זיין הויכע ווייסע פיגור מיט זיין אָנגעשטויסן פאַרפינסטערט פּנים.

— נאָ דיר גאָר אַ נייס: טיי... מער פעלט אים ניט אַז טיי! איך זאָג אים „אוגערקעס" — ענטפערט ער מיר „טיי"... איך האָב אים, הייסט עס, אַפּנים אויפגעוועקט, דעם פריץ מיינעם, ער זאָל זיך ביי מיר אַוועקזעצן טרינקען טיי! דאָס שעמט זיך גאָר ניט אין טיפן האַלז אַריין: אין אַזאַ צייט טיי... עפּעס אַ קלייניקייט — טיי? דער אַנדערער וואָלט מיינען, ער איז געבוירן געוואָרן אין טיי... טו זיך שוין דאַרטן אָן אַמאָל און קום צו גיין. די קינדער וועלן אויפשטיין, וועלן זיי דיר מאַכן אי טיי, אי ווי מיינע שונאים... אוי, גוואַלד, וואָס וועט דאָס זיין פון אים?

— — — — — — — — — — — —

— — — און אַז רבקה קומט צו גיין אין גאָרטן מיטן זאַנטיקל, טרעפט זי דעם טאַטן מיט דער מאַמען שטייען נעבן אַן אָפן טויערל, ביי אַ גרויסער קופּע אוגערקעס, אַברמצי־שטייט אינמיטן אַ גרויסן וואָגן אַ רויטער, אַ פאַרברענטער, און אַ פויער מיט אַ ציגיש בערדל, אין אַ לייוונטן העמד איבער די הויזן, טראָגט אים אונטער שווערע זעק מיט אוגערקעס און שיט זיי אויס מיט רעש אין וואָגן אַריין. — — —

רבקה פאַלט ביי זיך אַראָפּ און שטייט, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן. זי קוקט זיך אַרום אויף דעם גרויסן ברייטן גאָרטן, אויף די לאַנגע בייטן, באַדעקטע מיט גרינס, וועלכעס טריקענט און באַקט זיך אונטער דער זון, אויף די גויעס, וואָס זעען זיך פון ווייטן קופּקעסוויז מיט די יעטאַייזענס, און אירע פריהערדיקע ליכטיקע געדאַנקען צעשווימען זיך, ווי אַ רויך אונטערן הימל. עס איז הייס און שטיל אַרום און אַרום, ווי ווייט דאָס אויג קאָן נאָר גרייכן. צייטנווייז לאָזט זיך הערן פון אַ קופּקע גויעס אַ געזאַנג, וועלכן עס כאַפּן־אונטער באַלד אַלע איבעריקע קופּקעס. די פויערטעס הערן אויף אַ רגע צו אַרבעטן, שפּאַרן זיך אָן מיט די יעטאַייזנס אָן די בייטן און פאַרוואַרפן די קעפּ אַהינטער. געזונטע דאָרפישע קולות צעגיסן זיך מיט אַ יאָמער אויף די שטעטישע פעלדער, איבער די לאַנגע גרינע בייטן, אונטער דעם העל־בלויען הימל. באַלד ווערט דאָס לידל אָפּגעהאַקט אינמיטן, איינע אַ יונגע פויערטע לאָזט אויס מיט אַ מאָדנעם קוויטש, עס הערט זיך אַ הילכיק געלעכטער, אַ ווידערקלאַנג הילכט אָפּ אין די ווייטע פעלדער, און עס ווערט מיט אַ מאָל שטיל אַרום און אַרום, און די ברענענדיקע זון הערשט איבער דער שטילקייט... דער טאַטע שטייט מיטן שטעקעלע נעבן דער קופּע אוגערקעס עפּעס פאַרטראַכט. פון זיין שטערן קייקלען זיך שווערע טראָפּנס שוויס. ער קוקט מיט זיין באַוואַקסן פאַרביטערט פּנים ערגעץ אין דער וועלט אַריין, גלייך ווי ער הערט זיך צו עפּעס צו.

די מאַמע אָבער לאָזט אים ניט שטיין.

— אַליה, דו האָסט זיך שוין פאַרטראַכט?.. און ווער וועט גיין אין מאַרק?

רבקה גייט אונטער צו דער מאַמע.

— מאַמע, איך בין געקומען עפּעס טאָן.

די מאַמע שטייט אַ פאַרזאָרגטע און הערט זי ניט.

— פינף וועגן אוגערקעס האָט מען שוין אַוועקגעפירט. דאָס וועט זיין דער זעקסטער.

— — — — — — — — — — — —

— — — עס איז אַוועקגעגאַנגען די צייט פון אוגערקעס און עס איז אָנגעשטאַנען אַ קאַלטער, אַ נאַסער אָסיען מיט קאַלטע ווינטן און מיט דריבנע קאַלטע רעגנס, אינעם געסל, אונטערן נידעריקן פאַרכמאַרעטן הימל, איז געשטאַנען אַ שיטערע בלאָטע, און אַרום די פּרוכט־גערטנער, אין קליינע בלישטשענדיקע טייכלעך, האָבן זיך געוואַלגערט פאַרוועלקטע, פאַר׳יתום׳טע, אַראָפּגעפאַלענע בלעטער. עס האָבן זיך באַוויזן אין דרויסן יידן אין וואַרעמע בורקעס מיט גרויסע מורא׳דיקע פאַרעסאָלן, און יידענעס, איינגעהויקערטע, אין פאַרשליומפּערטע פאַטשיילעס, זענען נאַכגעלאָפן נאָך כאַליאַסטרעס נאַסע שרייענדיקע גענז, געטריבענע, געיאָגטע פון ווינט און פון רעגן. בעלי־בתים אין געקעסטלטע וואַטאָווע קאַפּטאָנעס זענען אַרויסגעגאַנגען מיט די כלי־זין אַרומקוקן זייערע הייזער, אָנשיטן די פריזבעס, אַרומשמירן מיט ליים די פענסטער, און נעבן זיי, אין די הויפן, שטייען די בהמות, פאַרוואָגלטע, פאַראומערטע, ווי די ליידיקגייערינס, ציען אויס

די העלזער, פאַררייסן די בהמישע קעפּ זייערע צום אָנגע־
כמאַרעטן הימל און לאָזן אַרויס אַ פאַרצווייפלטן לאַנגן
„מעעע", באַקלאָגן דעם שיינעם וואַרימען זומער מיט דער
ליכטיקער זון, מיט די גרינע פעלדער, וואָס זענען אַוועקגע־
גאַנגען ווי אַ רויך...

און פון די גערטנער האָט מען נאָך ניט אַראָפּגענומען.

די ערד האָט זיך אָנגעזויגט מיטן קאַלטן אָסיענדיקן רעגן,
און עס האָבן געפוילט אין איר די מערן מיט די בורעקעס
און אויף די צעשמיסענע קעפּלעך קרויט האָבן אין די פרי־
מאָרגנס געפלאַטערט פון ווינט גרויסע, קאַלטע טראָפּנס
וואַסער.

— — — — — — — —

# י. ד. בערקאָוויטש / דער לעצטער

(אַ קאַפּיטל פון אַ דערציילונג מיט דעם נאָמען)

**אַריינפיר**

די דערציילונג „דער לעצטער" האָב איך אָנגעשריבן אין 1908, בעת איך בין געווען צוגאַסט ביי מיינע עלטערן אין בראָנזוויל, ניו יאָרק. מיין פאָטער, עליו השלום, האָט מיר דערציילט אַ מעשה פון פאַרצייטן וועגן סלוצקער רבנים, וואָס ער האָט געהערט אינגלוויז, לערנענדיק אין אַ סלוצקער, צי אין אַ סטאַראָבינער ישיבה. ער האָט דערביי געהאַט אַ שטאַרקע כוונה, איך זאָל דערפון מאַכן אַ „באַשרייבונג". איך האָב געטאָן זיין רצון און אידער איך בין צוריקגעפאָרן קיין אייראָפּע האָב איך עס אָנגעשריבן אויף מיין שטייגער, באַצייכנט עס אַלץ „אַן אַלטע מעשה פון אַן אַלטן פּנקס". די שטאָט האָב איך אָנגערופן ניט מיטן אמתן נאָמען „סלוצק", נאָר „מוראַוואַנקע" (אויפן נאָמען „די מוראַוואַנקעס", די קליינע שולעכלעך, וואָס האָבן זיך געטוליעט צו דער גרויסער סלוצקער קאַלטער שול). די דערציילונג איז דעמאָלט געווען געדרוקט אינעם ניו יאָרקער „אַמעריקאַנער" און אינעם פּעטערבורגער „פריינד", ווי אויך אין אַ באַנד פון מיינע „געזאַמלטע שריפטן". שפּעטער, אַז איך האָב עס באַאַרבעט אויף העברעאיש אונטערן נאָמען „האחרון", האָב איך דעם ערשטן קאַפּיטל אויסגעלאָזט — אַזוי, אַז דאָ ווערט עס געגעבן ווי אַן אומבאַקאַנטער פראַגמענט, ווייל מיינע אידישע „געזאַמלטע שריפטן" זענען איצט פאַרגעסן, גילטן ווי אַ יקר־המציאות.

י. ד. ב.

דורות לאַנג זענען זיי געווען רבנים אין דער אַלטער, אַרעמער, מיט גראָען כבוד באַדעקטער, אין געדיכטע פּינצטערע וועלדער פאַרבאַרגענער ייִדישער קהילה מוראַוואַנקע. דורות לאַנג האָבן זיי געשמט אַרום און אַרום, אין נאָענט און אין ווייט, ווו אַ ייִדיש וואָרט דערגרייכט נאָר, ווו נאָר עס קלינגט הילכיק דאָס קול פון דער תורה אין די אַלטע וואַרעמע בתי־מדרשים.

גערעדט האָט מען פון זיי אומעטום, ווי מע רעדט פון אַ וווּנדער אין אַ צייט, בשעת קיין וווּנדער געשעען שוין נישט, ווי מע רעדט פון אַ טרייסט אין אַ צייט, בשעת די האָפענונגען זענען שוין לאַנג־לאַנג פאַרלאָרן געגאַנגען. אויך האָט מען פון זיי גערעדט, ווי עס רעדן אור־אייניקלעך פון דעם עלטער־זיידענס עשירות, וואָס איז שוין איצט אויף דער וועלט נישטאָ, און פון דער גרויסער זיבן־רעריקער אַלטמאָדישער זילבערנער מנורה, וואָס ער האָט זיי געלאָזט בירושה פון אַמאָליקע גוטע צייטן.

ווייל פונקט ווי אַ זיבן־רעריקע אַלטמאָדישע מנורה, וואָס ברענט אין דער פינצטער, האָבן זיי געלויכטן אַרום און אַרום — אָט די אַלטע משפחה פון די באַרימטע מוראַוואַנקער רבנים.

דאָס איז געווען פאַרצייטנס, גאָר פאַרצייטנס. דענסטמאָל איז מוראַוואַנקע נאָך געלעגן פאַרזונקען אין מיטן די גרויסע פינצטערע ליטווישע וועלדער. די אַלטע, נידעריקע, מיט מאָך פאַרוואַקסענע הייזער זענען נאָך געשטאַנען אין ברייטע גרינע גערטנער; אין די גערטנער האָבן נאָך געוואַקסן באָטווינע מיט ציבעלעס, אויף די פאַרקאַנעס האָט זיך נאָך געדרייט און געגרייזלט דער געדיכטער האָפּן. דענסטמאָל זענען שיינע ייִדישע בעלי־בתים נאָך אַרומגעגאַנגען אין ליינוואַנטענע קאַפּאָטעס און געגרויכערט אַ ליולקע פון געטריקנטע קרויט־בלעטער. געלעבט האָט מען פון דעם וואַלד, ווו מע האָט אַ גאַנצע וואָך געטריבן סמאָלע, און געגעסן האָט מען אין ייִדישע הייזער קאַרן־ברויט מיט קרופּניק. איז אין אַ משפחה צוגעקומען אַ נייע נפש'ל — האָט מען ניט געזאָרגט. מע האָט נאָר גאָט געלויבט און גענומען דעם עמער אין האַנט, געגאַנגען צום ברונעם און אָנגעשעפּט וואַסער, צוגעגאָסן נאָך אַ קוואָרט צום טעפּל קרופּניק — און דאָס נייע־געבוירענע גאָטס באַשעפעניש האָט שוין געהאַט זיין באַשטעטנדיקע חיונה.

און אַז ביי אַ ייִדן איז אונטערגעוואַקסן אַ טאָכטער אַ בוגרת, און מיט וואָס אויסצובריינגען זי איז ניט געווען — האָט מען גענומען אַ שטעקן אין האַנט, אָנגעטאָן אַ ווייס העמד מיט אַ ברייטן אויסגעוועלגערטן קאָלנער, אָפּגעזאָגט „תפילת הדרך" און זיך געלאָזט גיין צופוס קיין וואָלין, אין יענס געבענטשט וווּנדער־לאַנד, ווו רעדן רעדט מען אויפן „חיריק" און עסן עסט מען אַפילו אין אַ מיטן מיטוואָך חלה מיט זאַפּראַן, אויב נישט מיט האָניק.

דאָרטן, אין וואָלין, אַ פרייטאָג־צו־נאַכט, פלעגט אומשפּרייזן ביי זיך אין ליכטיקן זאַל דער רייכער וואָלינער בעל־הבית, אַ געזעצטער פליישיקער ייִד, אַ האַריקער, מיט אַ ברייטער געלער באָרד, מיט אַ געקנייטשטן זיידענעם גאַרטל אויף די ברייטע פעסטע לענדן — אומשפּרייזן בהרחבת הדעת און זאָגן דעם „שלום־עליכם" אויף זיין געכאַפּטן געחיריקטן לשון, פריילעך, לעבעדיק, מיט אַ ניגון און מיט

אַ קנאַק פונעם גראָבן פינגער. דער ליטווישער אורח — אַ מלמד צי אַ מגיד, — דער אויסגעדאַרטער טרוקענער פרעמדער ייד מיט די שוואַרצע שטעכעדיקע פרעמדע אויגן, פלעגט זיצן ערגעץ אָן אַ זייט אין אַ ווינקל און נאָר שאָקלען פּאַמעליך מיט די ליפּן, און נאָר קוקן אַראָפּ צו דער ערד. אפשר איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל ער איז ביי זיך שטאַרק אַראָפּ־געפאַלן אין דעם ליכטיקן אויסגעפּוצטן זאַל, און אפשר ד׳ערפאַר, ווייל ער האָט זיך דערמאָנט אָן דער וויטער היים און אָן דעם ווייב און קינדער און אָן דער טאָכטער דער בוגרת, און ווייל מאָדנע טייער איז אים איצט געוואָרן די דאָזיקע פאַרוואָרפענע אָרעמע היים, מיט די שוואַרצע האַרעפּאַשנע יידן, וואָס טרייבן אַ גאַנצע וואָך סמאָלע אין וואַלד, מיט די אַלטע וואַרעם־אָנגעהייצטע בתי־מדרשים, מיט די באַרימטע ריזן פון דער תורה, וואָס בויגן זיך מיט ליכט אין די הענט איבער די גרויסע שווערע גמרות.

און דאָ ביים טיש, צווישן די שמעקעדיקע געפילטע פיש און צווישן דער יויך מיט די פעטע „אויגן", פלעגט דער ברוגזער שווייגנדיקער אורח זיך ניט איינהאַלטן און צערעדן זיך מיט אַ מאָל וועגן זיין אייגענעם ליטווישן ווינקל.

— אָבער האָבן מיר אונזער אייגנס רבנים ביי אונז! נבו !...

מיט אַ ברען פלעגט ער רעדן און מיט אַ גדלות, שאַרף און דייטליך, מיט ליבע און טיפער בענקשאַפט. די שטעכע־דיקע שוואַרצע אויגן זיינע פלעגן זיך בעת־מעשה אָנצינדן און גליען און שפּריצן מיט פונקען. דערציילן פלעגט דער אורח וועגן יענע אַלטע גדולים, מיט פייערדיקע מוחות, מיט אייזערנער געדולד, וועלכע רירן זיך ניט פונעם לערנען נישט ביי־טאָג און נישט ביי־נאַכט, וועלכע כאַפּן אַ דרעמל בלויז אָנדערהאַלבן שעה אין מעת־לעת, פאַלן ווי מידע לייבן אויף זייערע פויסטן, מיט די כוואַליעדיקע בערד אויף די אָפענע גמרות, בשעת דאָס גרויסע ליכט ברענט שטיל אַלס שומר איבער זייער קאָפּ און וועקט זיי צוריק צו דער תורה. באַגינען, אַז דער עולם קומט אין שול, גייט מען אום אין זייערע ד׳ אמות אויף די שפּיץ־פינגער, מע האָט מורא כאַפּן אַ קוק אין זייער ווינקל, ווייל שאַרף און ברענענד איז זייער בליק דענסטמאָל.

— אָט אַזוי לערנט מען ביי אונז אין דער ליטע!...

דער דיקער האַריקער וואָלינער בעל־הבית, אַ דערשוויצטער אַ גוטמוטיקער, אַ גלויביקער, פלעגט מיט קאָפּ אויסהערן די וווּנדערליכע געשיכטעס, און דערביי פּאַוואָלי צעבינדן דעם גאַרטל אויף דער שבתדיקער קאַפּאָטע, ברייט צעשפּיליען דעם זשילעט אויף דעם רייכן בויך און בלאָזן פון זיך מיט די באַקן, און שאָקלען מיטן קאָפּ אַהין און אַהער, וואָרים אויף ליטוואַקעס איז אַלץ צו גלויבן.

דערנאָך, אַז דער רייכער וואָלינער ייד איז איינמאָל אין אַ יובל דורך אַ נס אַריינגעפאַלן אין דער ליטע, האָט ער שוין געמוזט אויף טשיקאַוועס גיין אָנקוקן דעם ליטווישן גדול. געשטאַנען איז ער אָבער פאַר אים מיט שרעק און מיט וווּנדער אין האַרצן, ווי מע שטייט אַמאָל פאַר אַ הויכער האַרטער פעלזן־וואַנט, פון וועלכער מע זעט קוים־קוים דעם שפּיץ. עפּעס האָבן אים געשראָקן די געדיכטע פינצטערע ברעמען, די שאַרפע דורכ־דרינגנדיקע בליקן, די שטרענגע טיפע, ווי אין שטיין אויסגע־האַקטע שטייפע קנייטשן אין שטערן. עפּעס האָט אים צעטומלט די האַרטע קאַלטע עקשנות פון זייערע ווערטער, וואָס לעכערט און בויערט אין עגבערט און ווייסט פון קיין רחמנות ניט.

ווייל אין די דאָזיקע טיפע קנייטשן און פון אונטער די דאָזיקע פינצטערע געדיכטע ברעמען האָט אַרויסגעלויכטן די אייביק־ברענענדיקע שכינה.

אָט אַזעלכע זענען געווען די באַרימטע מוראַוואַנקער רבנים.

*

אָן אַלטע משפחה פון רבנים זענען געווען די מוראַ־וואַנקער, אַ לאַנגע קייט פון גדולים, וואָס האָט זיך געצויגן פון דור צו דור. געווען זענען זיי אַלע הויכע, פעסטע, ברייט־ביינינקע יידן, אַלע אין טיפן עלטער, מיט געדיכטע, געקרויזטע בערד. זעלטן האָט זיך ביי די דאָזיקע זקנים דורכגעזילבערט אַ האָר אין באָרד. געווען זענען זיי אַלע שטרענגע און שוויי־גנדיקע, וואָס געהערט האָבן זיי אַלץ און געזען האָבן זיי אַלץ, אָבער גערעדט האָבן זיי מער מיט די געדיכטע ברעמען און מיט די טיף־געשניטענע קנייטשן פון שטערן, איידער מיטן מויל. אַז אַ מוראַוואַנקער רב האָט אַרויסגעלאָזט פון מויל דאָס וואָרט „נו" — איז שוין געווען גענוג.

דאָס רבנות איז זיי איבערגעגאַנגען בירושה, פון טאַטע צו קינד, און צוזאַמען מיט דער רבנות־שטול און די אַכצן גילדן אַ וואָך שכירות האָט אַ זון געירשנט פון פאָטער אויף אַ הויכן אַלטן, פון ליכט צעבערענטן שטענדער אינעם אַלטן בית־המדרש, אין ווינקל פון ארון־קודש, אַ גראָבן שווערן געשטופּלטן „טשעטשאָטקענעם" שטעקן און אַן אַלטע שבת־דיקע קאַפּאָטע, אַ ליוסטרינענע, וואָס בשעת מע גייט אין איר אין אַ ליכטיקן זומערדיקן שבת, גלאַנצט זי קעגן דער זון און „שרייט" אויף אַ קול.

אָנגעקומען אין מוראַוואַנקע זענען זיי מיט דורות לאַנג צוריק, בשעת אין שטאָט האָבן נאָך געוועלטיקט אַלטע ווילדע היידאַמאַקן מיט מוראַדיקע גראָע וואָנסעס און מיט גרויסע בייזע הינט.

— — — — — — — — — —

# נחום כיניטש / י. ל. פרץ אין סלוצק

סוף זומער 1913 איז אין סלוצק פאַרשפּרייט געוואָרן אַ קלאַנג, אַז י. ל. פּרץ און יעקב דינעזאָן וועלן קומען. אומגעדולדיק האָט מען דערוואַרט זייער אָנקומען פון „סטאַרעווע", אַ דערבייאיקער דאָרף (35 וויאָרסט פון שטאָט), ווו זיי האָבן פאַרבראַכט אין דער זומער־וווינונג פון ב. א. קלעצקין, אַ אייגנטימער פון דער גרויסער דאָרטיקער גלאָז־פאַבריק. קלעצקין, דער באַוווּסטער פאַרלעגער, איז ביי די אַרומיקע דאָרפישע יידן געווען באַקאַנט אַלס אַפּיקורס.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן זענען אַראָפּגעקומען י. ל. פּרץ און יעקב דינעזאָן. זייערע נעמען זענען געווען באַליבט ביי יעדן.

די פרווון איינצוואָרדענען פּרצ׳ס אַן עפנטלעכע לעקציע, האָבן זיך ניט איינגעגעבן. די פּאָליציי האָט באַקומען אַ ידיעה, אַז דער לעקטאָר איז ניט כשר, — אַ סאָציאַליסט. דערפאַר אָבער איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ באַנקעט לכבוד די געהויבענע געסט, אין הויז פון רייכסטן ייד אין שטאָט, לייבוש גוטצייט. אַרום 50 געסט פון די „פּני" זענען געווען. לייבוש גוטצייט, אַ ציוניסט און אַ ליבהאָבער פון העברעאיש, האָט מיך פּערזענלעך איינגעלאַדן צום אָוונט.

דער זאַל איז געווען איבערגעפּולט, ס׳איז ניט געווען ווו זיך אַוועקצוזעצן. רוסיש האָט איבעראַל געקלונגען, און עס האָט געוויט מיט פרעמדקייט, אָפּגעזונדערקייט. מ׳האָט באַגריסט די געסט אין רוסיש, יידיש. ביסלעכווייז איז געשאַפן געוואָרן אַ יום־טוב׳דיקע שטימונג. יעדנס אויגן זענען געווען געווענדעט צום מונטערן, באַוועגלעכן פּרצן און צום גוטמוטיקן, שטילשווייגנדיקן דינעזאָן. די לעצטע באַגריסונג אין העברעאיש פון אָרטיקן לערער ראובֿ׳קע אַלטמאַן האָט אַביסל צעטומלט די מוחות און אויפגעברויזט די געמיטער. ער האָט קורץ און זאַכלעך באַטאָנט און אָנגעצייגט אויף דער תלמודישער לעגענדע, אַז „לעתיד לבוא" וועלן די שולן אויסגעריסן ווערן פון זייערע ערטער און מגולגל ווערן קיין ארץ־ישראל. די תלמודישע לעגענדע האָט ניט געקאָנט דערלאָזן, אַז טויטע זאָלן דורך קייקלענישן דורך היילן (גלגול מחילות) יאָ דערגרייכן ארץ־ישראל, און די שולן, די גייסטיקע צענטערן, זאָלן אין גלות פאַרבלייבן. ער, דער רעדנער, גלויבט, אַז פּרצס ווערק מוזן געפינען זייער תיקון אין אַ העברעאישער איבערזעצונג אין לאַנד פון יידישע האָפענונגען — ארץ־ישראל.

דעם עולם איז געוואָרן לאַנגווייליק, ניט פאַרשטייענדיק קיין וואָרט. נאָר פּרצס אויגן האָבן געפינטלט. ער האָט זיך געפילט שטאַרק אָנגעגריפן.

אַ בלאַסער, מיט אַ ציטערנדיקער שטימע, האָט ער אָנגעפאַנגען (זיינע רייד האָב איך דאַן פאַרצייכנט): „איך דאַנק אייך אַלעמען פאַרן געהעריקן כבוד און אויפמערקזאַמקייט, וואָס איר האָט מיר דאָ געשאָנקען. דעם לעצטן באַגריסער מוז איך אָבער אָנמערקן, אַז איך בין ניט פון די, וועלכע מאַכן דעם גלות־לעבן צו קליינגעלט. אויסער דעם זע איך ניט איין, אַז מיינע שאַפונגען מוזן אויסגעריסן ווערן פון יידיש און דווקא איבערגעזעצט ווערן אין העברעאיש, אַלס אומשטערבלעכע זאַכן, וועלכע וועלן געפינען זייער ריכטיקן תיקון אין ארץ־ישראל. איך וואָלט וועלן, אַז איר זאָלט מיך ניט מיספאַרשטיין: איך בין ניט קיין קעגנער פון העברעאיש, וואָס איז מיר טייער אויך איצט. והא ראיה, איך האָב געשריבן העברעאיש און שרייב אויך איצט פון צייט צו צייט עפּעס. וואָס זשע דען? איך בין ניט קיין שאָוויניסט, צו זאָגן, אַז אייביקייט און דער ריכטיקער תיקון איז נאָר אין העברעאיש און אין ארץ־ישראל... דערלויבט מיר זאָגן, אַז דער קאַמף און די שטענדיקע רייבונגען צווישן די „איסטן" איז מיר דערווידער געוואָרן, און עס פאַרשאַפט מיר גרויס עגמת נפש. איז דען יידיש אַ שפחה חרופה? קעגן אַזאַ שענדלעכער באַציאונג פּראָטעסטיר איך אַמשטאַרקסטן. עס איז שוין געקומען די צייט, אַז מיר זאָלן עפנטלעך אויסרופן: גענוג צו שפּילן זיך אין קליינלעכקייטן און פּוסטע פראַזן. זאָל יעדערער גיין אין זיין וועג, און זוכן זיין אמת! זאָלן זיך מערן די כוחות, ברויזן די גייסטער, וועלכע שאַפן און פּראָדוצירן. איך מוז ווידער באַטאָנען, אַז די יידישע ליטעראַטור איז אין דער פאָלקס־שפּראַך. איך האָב גאָרניט דאַקעגן, אַז מיינע ווערק זאָלן איבערגעזעצט ווערן אין העברעאיש. אָבער אָן כוונות, צירופים, רמזים, וועלכע שאַפן בייז בלוט וועגן עיקר און טפל...

חשובע געסט! איר וועט מיר אַנטשולדיקן פאַר די רייד, וועלכע איך געפין פאַר נויטיק אָפן און דייטלעך אַרויסצוזאָגן. לעזט יידיש, העברעאיש, אָבער לעזט נאָר, באַקאַנט זיך מיט אונדזערע רייכטימער און ווערטן פון גרויסן פאַרנעם, וועט איר דערזען, ווי רייך מיר זענען, נאָר מיר ווייסן ניט, ווי צו באַנוצן זיך מיטן רייכטום און פאָלקס־פאַרמעגן. פירן מיר דורך שלמה המלכ׳ס פּסק דין: „גזורו!" — שניידט! און מיר שניידן, דריטלען, און פערטלען אונדזער לעבעדיקן קערפּער".

אַ בלאַסער און אַ מידער, האָט ער זיך אַוועקגעזעצט נעבן זיין פריינד דינעזאָן. ווען מ׳האָט געפּרוּווט אַרויסרופן דינעזאָנען צום רעדן, האָט ער מיט אַ שמייכל אָנגעמערקט: „איך האָב גאָרניט וואָס צו מוסיף זיין און ניט מחדש צו זיין עפּעס נייעס. איך בין אין אַלץ פאָלקאָם איינשטימיק מיט מיין פריינד פּרץ".

(געדרוקט אין „אונזער פאָלק", נומער 5, 14 אָקטאָבער 1931, ניו־יאָרק, „העולם", נומער 13, מערץ 1933, לאָנדאָן).

# סלוצקער אין אמעריקע

דער שרייבער פון דער רשימה איז אַ געבוירענער אין הראזוווע אין 1889, געלערנט אין סלוצק אין 1901 און געקומען אין ניו־יאָרק אין 1904. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן אין די סלוצקער לאַנדסמאַנשאַפטן אין 1907 און געווײלט געוואָרן אַלס פּראָטאָקאָל־סעקרעטאַר אין 1909. זינט דאַן שטענדיק אַקטיוו אין אַלע אונטערנעמונגען אין אַמטן ביז היינטיקן טאָג. ער איז אויך געווען איינער פון די הויפּט איניציאַטאָרן און אָנפירער פון אַלע הילפס־אונטערנעמונגען צווישן די סלוצקער אין אַמעריקע.

מיט זיין הילף איז אויסגעבויט געוואָרן אין ישראל דער „בית סלוצק" נעבן דער קאָלאָניע מגדיאל.

די רעדאַקציע

**ישראל שוויידעלסאָן** ניו־יאָרק

## פאַראייניקטער סלוצקער הילפס־קאָמיטעט

### דער אָנפאַנג פון הילפס־אַקציע

געמיינשאַפטלעכע הילפס־טעטיקייט פון סלוצקער אין אַמעריקע פאַר די יידן פון דער היים־שטאָט סלוצק, האָט זיך אָנגעהויבן אין יאָר 1905, נאָך דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה מיטן אָנפאַנג פון די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד. די שרעק, אַז אין סלוצק וועלן אויך פּאַרקומען כוליגאַנישע אויסברוכן ווי אין אַנדערע שטעט, האָט אויפגערודערט די סלוצקער אין ניו־יאָרק, ווו די לאַנדסלייט זענען געווען קאָנצענטרירט. אַ פאַרזוך איז געמאַכט געוואָרן צו שאַפן מיטלען פאַר געווער אויף זעלבסט־פאַרטיידיקונג. קיין גרויסער דערפאָלג איז דעמאָלסט ניט דערגרייכט געוואָרן, ווייל דער מצב פון די סלוצקער אין אַמעריקע איז ניט געווען קיין געהויבענער. דאָס רוב פון זיי זענען געווען ניי־אָנגעקומענע און יעדערער האָט געמוזט זיך ראַנגלען פאַר זיין עקזיסטענץ און שיקן געלט אַהיים פאַר דער פאַמיליע. קיין איינגעפונדעוועטע תושבים איז נאָך דאַמאָלסט ניט געווען, מיט דעם אויסנאַם פון יחידים.

די סלוצקער אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן דאַן שוין עקזיסטירט זענען געווען נאָך גאָר יונג: די סלוצקער שול — אַרום פינף יאָר, „אינדעפּענדעט סלוצקער" — דריי יאָר און די „פּראָגרעסיווע סלוצקער" אינגאַנצן איין יאָר אַלט.

ס'איז דאַמאָלסט געשאַפן געוואָרן אַ פאָר הונדערט דאָלער און ס'איז ניט באַוווּסט אויב ס'איז אַפילו געשיקט געוואָרן. צום גליק איז שוין דאַן אין סלוצק געווען טעטיק אַ יוגנט און פּאַרטייען, ווי: ציוניסטן, בונד, פּועלי ציון, טעריטאָריאַליסטן און נאָך אייניקע. הגם אַלס פּאַרטיי־מענטשן האָט מען זיך אַרומגעריסן, באַקעמפט איינע די אַנדערע און גאַנץ אָפט איז עס דערגאַנגען צו בלוטיקע צוזאַמענשטויסן, אָבער אייניק איז מען געווען אויף צו באַגעגענען דעם אַלגעמיינעם שונא. ס'איז אַ באַוווּסטער פאַקט, אַז אַ דאַנק די בחורים און מיידלעך פון זעלבסט־שוץ איז טאַקע סלוצק אויסגעהיט געוואָרן. די פּאָליציי האָט שוער אונטערגעדריקט די רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט פון די פּראָלעטאַרישע פּאַרטייען. זי האָט אַראָפּגעבראַכט אַלס מיטהעלפער דעם אוראַדניק קולאַק פון הראזוווע, וואָס איז געווען באַוווּסט אַלס בלוטיקער מערדער און פאַרביסענער אַנטיסעמיט. די חברה האָט אים „לאַנג ניט געלאָזט וואַרטן" און אויפן צווייטן טאָג האָבן זיי אים „פאַרטיק געמאַכט".

עפּעס מער האָט מען אויפגעטאָן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ס'זענען שוין געווען מער סלוצקער אין אַמעריקע, ווייל נאָך דער אונטערדריקטער רוסישער רעוואָלוציע און די פּאָגראָמען איז אָנגעקומען אַ גרויסער שטראָם יידישע אימיגראַנטן פון דער בעסערער יוגנט. די פריערדיקע האָבן אַראָפּגעבראַכט זייערע פאַמיליעס און זענען געוואָרן תושבים. דער מצב האָט זיך פאַרבעסערט נאָכן יאָר 1910, ווען עס זענען געגרינדעט געוואָרן די יידישע אַרבעטער פאַראייניגן און אַריינגעבראַכט אַ גייסטיקע און מאָראַלישע אויפלעבונג צווישן די יידישע מאַסן.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן שוין עקזיסטירט אין ניו־יאָרק דריי סלוצקער אָרגאַניזאַציעס און האָבן פיל געהאָלפן זייערע מיטגלידער, און גלייכצייטיק געשטיצט אַלגעמיינע וווילטעטיקע יידישע אינסטיטוציעס. די סלוצקער שול האָט שוין געהאַט איר אייגענעם בנין צום דאַוונען ווו עלטערע לאַנדסלייט האָבן געפונען אַ היימישע סביבה.

די „פּראָגרעסיווע סלוצקער יאַנגמען", אַרום וועלכער עס האָבן זיך קאָנצענטרירט די יינגערע און מער פרייע עלעמענטן




דער רעליף קאָמיטעט שיקט געזאַמלטע קליידער קיין סלוצק (זומער 1946). ישראל שווייִדעלסאָן גיט איבער אַ זאַק קליידער צו מרת שרה לעפּראַק. איר מאַן הערי שטייט נעבן איר.

פון סלוצק און אומגעגנט, איז אין משך פון צען יאָר שטאַרק אויסגעוואַקסן. זייערע קלוב־צימערן זינט יאָר 1906, זענען געוואָרן אַ פאַרזאַמלונגס־צענטער פאַר יעדן איינעם וואָס האָט געוואָלט פאַרברענגען זיין פרייע צייט אין אַ פריינדלעכע אַטמאָספערע.

„די אינדעפּענדענט סלוצקער״ וואָס איז באַשטאַנען פון מיטל־יאַריקע לאַנדסלייט, איז אויך אויסגעוואַקסן און זיי האָבן זיך מערסטנס אָפּגעגעבן מיט העלפן זייערע מיטגלידער און פאַמיליעס פון פריש־אַריבערגעקומענע לאַנדסלייט.

דורך דער צייט איז צוגעקומען נאָך אַ סלוצקער אָרגאַניזאַציע. אין יאָר 1913 האָט זיך פאָרמירט אַ צווייג פון דעם גרויסן פאַרבאַנד „דער אַרבעטער רינג״, וואָס איז באַקאַנט אונטערן נאָמען — „סלוצקער ברענטש 500 א. ר.״, אַרום וועלכן עס האָבן זיך גרופּירט מערסטנס די יונגע לייט, געוועזענע מיטגלידער פון בונד אין דער היים.

ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן אין זומער 1914, האָט עס געטראָפן ווי אַ דונער די יידישע מאַסן אין אַמעריקע. אַ סך סלוצקער האָבן געהאַט זייערע פרויען און קינדער, עלטערן און קרובים אין דער אַלטער היים, וועמען זיי פלעגן רעגעלמעסיק שיקן געלט. מיט אַמאָל איז אַלעס איבערגעריסן געוואָרן. מער ווי אַנדערע נאָך האָט עס געטראָפן די סלוצקער לאַנדסלייט, ווייל די באַקאַנטע „מאַקס קאַברע באַנק״, מיט וועלכער זיי זענען געווען פינאַנציעל פאַרבונדן, האָט באַנקראָטירט.

די דאָזיקע באַנק איז געווען פאַר די לאַנדסלייט ניט בלויז אַ פינאַנץ־אינסטיטוציע אויף צו שפּאָרן און שיקן געלט, קויפן שיפס־קאַרטן פאַר קרובים, עס איז פאַר די מערסטע געווען דער אַדרעס אויף וועלכן זיי האָבן דערהאַלטן זייערע בריוו פון דער היים. עס איז אויך געווען דאָס אָרט ווו זיי פלעגן קומען זיך באַראַטן ווי אַזוי אַריבערצוברענגען זייערע פאַמיליעס און קרובים, און פאַרשידענע אַנדערע אָנגעלעגנהייטן.

אונזערע סלוצקער לאַנדסלייט האָבן זיך דאָרט געפילט זייער היימיש, דערפאַר וואָס זיי האָבן געהאַט אַ גרויסן צד.

דער באַוווּסטער סלוצקער לאַנדסמאַן אייזיק נייבורג ע״ה, איז יאָרן לאַנג, געווען איינער פון די הויפּט אַנגעשטעלטע, צו וועמען די לאַנדסלייט האָבן געהאַט דעם גרעסטן צוטרוי און רעספּעקט. די באַנק איז אויך געווען דער פאַרזאַמלונגס־אָרט ווו יעדן שבת פאַרנאַכט פלעגן לאַנדסלייט זיך צוזאַמענטרעפן און זיך טיילן מיט נייעס פון דער היים, זיך זען מיט ניי־אַריבערגעקומענע, אָפּנעמען גרוסן פון קרובים.

מיט דער צומאַכונג פון דער „מאַקס קאָברע באַנק" און נאָך עטלעכע בענק, זענען אַ סך לאַנדסלייט פּשוט פאַראָרעמט געוואָרן. זיי האָבן פאַרלאָרן זייער פאַרהאָרעוועט אָפּגעשפּאָרט געלט, אויך באַצאָלטע שיפסקאַרטן און געשיקטע געלט. פיל האָבן פאַרלאָרן קרובים. עס איז געווען אַ חורבן, אָבער די געוואוינהייט קומען צו דער באַנק איז געבליבן. מ׳פלעגט קומען און קוקן אויף די געשלאָסענע טירן, ווי קינדער וואָס קומען אויף קברי־אבות.

ביים סוף פון דער מלחמה איז פון די פיר אָרגאַניזאַציעס געשאַפן געוואָרן אַ הילפס־קאָמיטעט צו העלפן די מלחמה־געליטענע אין סלוצק. דער פאָרזיצער איז געווען מאָריס אָסאָפּסקי, דער טרעזשורער: משה קולאַק ע״ה, סעקרעטאַר: הערי מאַרקוס.

עטלעכע פאַרזאַמלונגען זענען געהאַלטן געוואָרן אין דער סלוצקער שול אין וועלכער עס האָבן אָנטייל גענומען דער דאַמאָלסדיקער רב פון שול, הרב ר׳ יעקב איסקאָלסקי און דער באַרימטער סלוצקער לאַנדסמאַן, דער מטיף לאומי ר׳ צבי הירש מאַסליאַנסקי ז״ל. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ באַדייטנדע סומע געלט. ווען עס איז געקומען צו שיקן די הילף האָט מען זיך אַרומגעזען אַז עס איז פּאַקטיש אוממעגלעך, ווייל מיט דער איבערקערעניש אין רוסלאַנד, פריער מיטן צוזאַמענברוך פון דער צאַרישער רעגירונג און שפּעטער מיט דער אָנטשטייונג פון דער באָלשעוויסטישער מאַכט, איז די שטיצע פון אַמעריקע פאַרלאָרן געגאַנגען.

אַזוי האָט זיך עס געצויגן אַ פּאָר יאָר. שליחים וועלכע זענען געשיקט געוואָרן אין די שטעט און שטעטלעך מיט געלט האָבן ניט געקענט עפּעס אויפטאָן, ווייל די וואַליוטע האָט זיך אַלע מאָל געביטן, איז פון די אַמעריקאַנער דאָלאַרן כמעט גאָרניט געוואָרן.

אַרום 1918 האָבן די באַקאַנטע סלוצקער לאַנדסלייט מאַקס זורקאָף, און אייזיק נייבורג, באַשלאָסן צו פאָרן אין סלוצק זען זיך מיט זייערע משפחות. אַ סך לאַנדסלייט האָבן געשיקט מיט זיי געלט פאַר זייערע פאַמיליעס. דער הילפס־קאָמיטעט האָט זיי מיטגעגעבן די געזאַמלטע געלט און זיי באַשטימט אַלס פאָרטרעטער. זיי זענען באַאויפטראַגט געוואָרן צו שאַפן אין סלוצק אַ קאָמיטעט צו פאַרטיילן די געלטער אויף אַ אָנשטענדיקן אופן.

קומענדיק אין סלוצק האָבן זיי שוין געטראָפן אַ קאָמיטעט פון וועלכן דאָקטאָר שילדקרויט איז געווען דער פאָרזיצער, אָבער אָפּזייענדיק בלויז צוויי טעג אין שטאָט איז ווידער געוואָרן אַ איבערקערעניש פון דער מאַכט און זיי האָבן געמוזט אַנטלויפן פון דאָרט אין איילעניש, איבערלאָזנדיק דאָס געלט מיט די נעמען צו וועמען עס איז געשיקט געוואָרן אין די הענט פון דאָקטאָר שילדקרויט, און זיך פאַרלאָזט אויף דעם יושר פון קאָמיטעט צו האַנדלען ווי זיי וועלן פאַרשטיין.

נאָך דעם ווי די באָלשעוויקעס האָבן פאַרנומען סלוצק און פאַרבליבן ביי דער מאַכט, איז שוין איבערהויפּט ניט געווען מעגלעך צו האָבן וועלכע עס איז פאַרבינדונגען מיט דעם קאָמיטעט אין סלוצק, צוליב די פאַרפאָלגונגען אויף די מיטגלידער, סיי פון דער רעגירונגס־מאַכט און סיי פון די אייגענע „יעווסעקעס". אין אַ קורצע צייט שפּעטער איז דער קאָמיטעט אין אַמעריקע פאַנאַנדערגעפאַלן.

## די באַנייטע הילפס־אַקציע

דער איצטיקער קאָמיטעט וואָס איז באַוווּסט מיט דעם נאָמען „פאַראייניקטער סלוצקער רעליף" איז פאָרמירט געוואָרן אין נאָוועמבער 1944, איידער די נאַצישע אַרמייען האָבן צוריקגעטראָטן. דער פאָרזיצער פון „די פּראָגרעסיווע סלוצקער" האָט זיך צוזאַמענגערעדט מיט די פירער פון די אַנדערע סלוצקער פאַראייניגונגען וועגן שאַפן אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר די איבערגעבליבענע אין סלוצק און אומגעגנט נאָכן חורבן.

דאָנערשטיק דעם 20טן נאָוועמבער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן די ערשטע זיצונג אונטער דעם פאָרזיץ פון ישראל שווײדעלסאָן, פאָרזיצער פון די פּראָגרעסיווע סלוצקער. עס האָבן זיך באַטייליקט פאָלגנדע אָרגאַניזאַציעס: סלוצקער שול, „אינדעפּענדעט סלוצקער", „פּראָגרעסיווע סלוצקער", סלוצקער ברענטש — אַרבעטער רינג" און „פּראָגרעסיווער סלוצקער פּרויען קלוב" (געגרינדעט אין 1930). אַלע זענען גרייט געווען טאָן, וואָס עס וועט זיין נויטיק, העלפן די לעבן געבליבענע. מען האָט נאָך דאַמאָלסט ניט געוווּסט ווי גרויס דער חורבן איז.

די צווייטע זיצונג איז געהאַלטן געוואָרן דעם 16טן דעצעמבער 1944 צו באַשטימען באַאַמטע.

אָבער די זיצונג איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ תשעה־באב־שטימונג. דעם זעלבן טאָג איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין ניו־יאָרקער העראַלד טריביון אַ קאָרעספּאָנדענץ פון באַרימטן סלוצקער לאַנדסמאַן מאָריס הינדוס נאָך זיין באַזוך אין סלוצק. עס איז געוואָרן קלאָר אַז דער חורבן איז שרעקלעכער ווי מ׳האָט זיך פאָרגעשטעלט, סלוצק איז פּשוט אָפּגעווישט געוואָרן. פון די טויזנטער יידן האָט ער געטראָפן בלויז 29.

עס זענען דאַן אויסגעוויילט געוואָרן באַאַמטע: אַלס פאָרזיצער דער חשובער לאַנדסמאַן הרב ד״ר צדוק קאַפּנער ז״ל, טרעזשורער — דער באַקאַנטער געשעפטסמאַן הערי לעפּראַק, פינאַנץ סעקרעטאַר — לואי טעמטשין, פּראָטאָקאָל סעקרעטאַרין — סילוויא בערג, וויצע פאָרזיצער — מאָריס אָסאָפּסקי פון סלוצקער שול, לואי באַסין פון אינדעפּענדענט, סעם קאהן פון סלוצקער ברענטש א. ר., שרה לעפּראַק פון פרויען־קלוב. און ישראל שווײדעלסאָן פון די פּראָגרעסיווע סלוצקער, אַלס עקזעקוטיווער וויצע פאָרזיצער.

דערוויילע איז מאָריס הינדוס צוריקגעקומען קיין ניו־יאָרק. וואָס ער האָט איבערגעגעבן מינדלעך איז געווען נאָך שרעקלעכער. ער האָט צוגעזאָגט באַריכטן עס אויף אַ פאַרזאַמלונג.



ביים אונטערשרייבן דעם קאָנטראַקט צווישן דעם רעליף קאָמיטעט מיט דער הסתדרות צו בויען אַ „בית־סלוצק" אין מגדיאל, ישראל. פון רעכטס צו לינקס זיצן: מאריס אסאפסקי, ישראל שווײדעלסאָן, אייזיק העמלין, הערי לעפראק, ד"ר אברהם, ל. בונין און גרשון לעווינסאָן פון ישראל.
שטייען: — קאהן, סילוויא בערג, סעם טראווין, שרה לעפראק, סעם טשעסנין — און מרדכי טשאָינא.

זונטיק, דעם 11טן פעברואַר 1945. דער פּאָרזיצער איז דאַן געווען מאריס אסאפסקי, די הויפּט רעדנער — הרב ד"ר צדוק קאפּנער און פּראָפעסאָר נתן קלאַץ. דער אַפּיל האָט אַרײַנגע־בראַכט אַרום פינף טויזנט דאָלער. לײדער האָט מאריס הינדוס ניט געקענט קומען, אָבער אויך זיין טעלעגראַפישער באַריכט האָט אַלעמען דערשיטערט.

אין פּערזענלעכע געשפּרעכן האָט מאריס הינדוס איבערגע־געבן, אַז זייענדיק אין סלוצק האָט ער גערעדט מיט דעם הויפּט־קאָמיסאַר פון שטאָט, וועלכער האָט אים דערקלערט, אַז מער פון אַלעס נויטיקט זיך די שטאָט אין מעדיקאַמענטן און כירורגישע אינסטרומענטן, ווייל די נאַציס האָבן צערויבט אַלע שפּיטאָלן. פּיל קערן זיך אום פון באַהעלטענישן קראַנקע, צובראָכענע, פאַרוווּנדעטע, און עס פעלן מעדיצינישע מיטלען. מאָריס הינדוסעס מיינונג איז געווען אַז דאָס דאַרף זיין די ערשטע הילף, און אויך אַז מ׳דאַרף העלפן אַלעמען, אָן אויס־נאם, יידן און ניט־יידן.

אויף דער צווייטער גרויסער פּאַרזאַמלונג, דעם 2טן אפּ־ריל 1945, זענען אַרויסגעטראָטן אַלס רעדנער פּראָפעסאָר נתן קלאַץ, הרב צדוק קאפּנער, מאָריס אסאפסקי, ישראל שוויי־דעלסאָן און מאָריס הינדוס. דער אַפּיל האָט אַרײַנגעבראַכט איבער אַכט טויזנט דאָלער.

דער קאָמיטעט אונטערן פּאָרזיץ פון דעם באַוווּסטן לאַנדסמאַן ד"ר אברהם בונין איז צוגעטראָטן אײַנקויפן די נויטיקע מעדיקאַמענטן. עס איז אויסגעגעבן געוואָרן איבער צוויי טויזנט דאָלער. אין מיטן זומער איז עס אַרויס־געשיקט געוואָרן קיין סלוצק אויפן אַדרעס פון „רוסישן מלחמה רעליף".

אָנהויב 1946 האָט מען זיך דערוווּסט דורך אַ בריוו פון סלוצק, אַז די לעצטע שחיטה פון די יידן אין סלוצק און אומ־געגנט איז פאָרגעקומען דעם 8טן פעברואַר 1943, ג׳ אדר תש"ג. אין דעם טאָג האָבן די דייטשישע רוצחים צונױפגע־טריבן אויפן שולהויף די לעצטע יידן, אַכט טויזנט אין צאָל, מענער, פרויען און קינדער און פאַרברענט זיי לעבעדיקערהייט.

דער קאָמיטעט האָט באַלד צונױפגערופן אַ יאָרצייט־פאַרזאַמלונג. מ׳האָט באַוויינט און באַקלאָגט דעם חורבן און אויסגעשריען דעם ווייטיק. אַזוי איז פאַרבליבן דער טאָג אַלס יאָרצייט, אין וועלכן סקומט פאָר אויך אַ יזכור־פאַרזאַמ־לונג.

ווען הרב ד"ר צדוק קאפּנער ז"ל האָט זיך צוריקגעצויגן אַלס פאָרזיצער, האָט ישראל שווײדעלסאָן פאַרנומען זיין פּלאַץ, ווייל פאַקטיש האָט ער אויך פריער אָנגעפירט מיט אַלע טעטיקייטן, און איבערגענומען די פירערשאַפט און ד"ר אברהם בונין — אַלס וויצע־פאָרזיצער.

עס איז אָנגעקומען אַ בקשה פון דער רוסישער הילפס־אַגענטור וועגן גענוצטע קליידער און שיך פאַר דער סלוצקער באַפעלקערונג. דער קאָמיטעט האָט באַלד אָנגעהויבן אַ „קאמ־

פיין" און במשך עטלעכע חדשים איז צונויפגעזאַמלט געוואָרן אין ווערט פון אַ פינף טויזנט פונט קליידער און שיך פון אַלע מינים, און איבערגעגעבן עס דעם רוסישן הילפס־קאָמיטעט אויף אַוועקשיקן קיין סלוצק.

אַ יאָר איז פאָריבער און קיין קבלה אויף די געשיקטע מעדיקאַמענטן האָבן מיר ניט דערהאַלטן.

דורך דער צייט זענען אָנגעקומען בריוו פון סלוצק צו קרובים אין אַמעריקע פון יידן וועלכע האָבן זיך צוריקגעקערט פון די ווייטע געגנטן. זיי האָבן אַפילו קיין אַנונג ניט געהאַט וועגן דעם וואָס עס איז געשיקט געוואָרן.

דער פאָרזיצער פון קאָמיטעט האָט זיך דורכגעשריבן מיט אַ קרוב פון סלוצק און פאָרגעשלאָגן, עס זאָל געשאַפן ווערן אין סלוצק אַ קאָמיטעט וואָס זאָל שטיין אין פאַרבינדונג מיטן אַמעריקאַנער קאָמיטעט. און יענער האָט געענטפערט, אַז דאָס איז אוממעגלעך בשום אופן און אויך ניט דערמאָנט אַפילו מיט איין וואָרט וועגן די געשיקטע זאַכן. אויף די שפּעטער־דיקע בריוו איז בכלל ניט געווען קיין ענטפער.

לויטן ראַט פון מאָריס הינדוס איז טעלעגראַפיש אָנגע־פרעגט געוואָרן דער סלוצקער קאָמיסאַר מיט וועמען ער האָט געהאַט געשפּראָכן, וועגן די געשיקטע זאַכן און ער זאָל לאָזן וויסן אין וואָס ער נויטיקט זיך נאָך. קיין ענטפער איז קיינ־מאָל ניט געקומען, דער קאָמיטעט האָט אָנגענומען אַ באַשלוס אַז אָן אַ ענטפער זאָל מען מען קיין זאַך ניט שיקן.

דאַקעגן זענען אָנגעקומען בריוו פון לאַנדסלייט אין פליכט־לינגס־לאַגערן. זיי האָבן געבעטן הילף און אויפזוכן קרובים אין אַמעריקע. דער קאָמיטעט האָט גלייך געשיקט געלט און שפּייז־פּעקלעך און אויפגעזוכט קרובים.

עס זענען דאַן אָנגעקומען איבער 100 בריוו פון פאַרשיי־דענע לענדער: דענעמאַרק, שוועדן, איטאַליע, עסטרייך, פראַנק־רייך, דייטשלאַנד. אַלעמען האָבן מיר געענטפערט מיט בריוו, שפּייז־פּעקלעך, קליידער און געלט.

אייניקע לאַנדסלייט האָבן מיר געהאָלפן קומען קיין אַמע־ריקע, אַ געוויסע צאָל איז געהאָלפן געוואָרן עולה זיין קיין ארץ־ישראל. צווישן די בריוו האָט דער פאָרזיצער דערהאַלטן אויך אַ בריוו פון זיין לאַנדסמאַן, געבוירן אין הראזאווע, שמשון נחמני, וועגן אָפּזוכן זיינעם אַ קרוב.

דער סלוצקער רעליעף האָט אַסיגנירט פינף טויזנט דאָ־לער דער אַגענטור פון „פּאַראייניקטן אַפּיל", „האיאס", הס־תדרות קאַמפּיין. אין דעם ווינטער ווען „אונא" האָט באַשלאָסן וועגן דער גרינדונג פון מדינת־ישראל, איז אַ ספּעציעלע פאָר־זאַמלונג גערופן געוואָרן פון די פּראָגרעסיווע סלוצקער. פאַר־שידענע מיינונגען זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן: אייניקע האָבן זיך אויסגעדריקט אַז מען זאָל די געזאַמלטע געלטער אין דער קאַסע צוטיילן פאַר אַלגעמיינע רעליף־צוועקן און אויפלייזן דעם קאָמיטעט. אָבער, די מערהייט אין קאָמיטעט איז געווען דערפאַר, אַז מען זאָל די טעטיקייט אָנפירן און העלפן די יידן איז ישראל אין זייער קאַמף מיט די אַראַבער. ווען אין סוף 1948 איז ד"ר אברהם בונין געפאָרן קיין ארץ ישראל, איז ער באַפולמעכטיקט געוואָרן צו זען זיך מיטן אויבנדערמאָנטן ש. נחמני און נאָך סלוצקער לאַנדסלייט אין ישראל און אויסגע־



מיסטער און מרס. לעפּראַק גיבן איבער דעם ערשטן טשעק צום פאָרזיצער פון סלוצקער רעליף מר. ישראל שוויידעלסאָן (פעב. 1945)

פינען, ווי אַזוי צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די קדושים אין דער סלוצקער קהלה און אומגעגנט.

אויף איין אספה אין תל־אביב פון סלוצקער לאַנדסלייט צוזאַמען מיטן גאַסט ד"ר אברהם בונין איז באַטראַכט געוואָרן די פראַגע וועגן אויפבויען אין ארץ ישראל אַ קינדער־היים, אָדער אַ פליגל אין אַ שפּיטאָל אַלס מאָנומענט פאַר סלוצק.

אַ קאָמיטעט איז אויסגעוויילט געוואָרן צו שטיין אין פאַרבינדונג מיט דעם סלוצקער רעליף אין ניו־יאָרק.

מיט ד"ר בונינס צוריקקומען איז באַשטימט געוואָרן צו באַשטעטיקן דעם פּלאַן וואָס דער קאָמיטעט אין ישראל האָט אויסגעאַרבעט.

אין מאָנאַט מאַי 1949 האָט דער רעליף־קאָמיטעט גע־פייערט דעם 60־יאָריקן געבורטס־טאָג פון דעם שרייבער פון די שורות. אַלס אָנערקענונג פאַר זיינע טעטיקייטן, איז אויך פּראָקלאַמירט געוואָרן דער „קאַמפּיין"־פּראָיעקט.

מיט צוויי חדשים שפּעטער, זענען געפאָרן קיין ישראל דער טרעזשורער הערי לעפּראַק און זיין פרוי שרה, די גרעס־טע בייסטייערער פון דעם רעליף. צוזאַמען מיטן אָרטיקן קאָמיטעט האָבן זיי זיך גרינטלעך באַקאַנט מיט פאַרשיידענע פּראָיעקטן און זיך אָפּגעשטעלט אויפן פאָרשלאָג פון קופּת־חולים אויפבויען אַ הויז, וואָס זאָל הייסן בית־סלוצק ביים בית לעווינשטיין שפּיטאָל פאַר טובערקלאָזע. קומענדיק צו־ריק קיין ניו־יאָרק איז דער פּלאַן אָנגענומען געוואָרן. אַ קאָנט־




**ביים לייגן דעם ווינקלשטיין פון בית סלוצק אין ישראל**

זיצן פון רעכטס צו לינקס: בן אליהו — פסיה שפירא, בוכבינדער (בוני), הרב צבי יהודה מעלצער, ט. נחמני, ד"ר י. קאַט, שלום שפילקין, אליהו דגני.
שטייען פון רעכטס צו לינקס: סאָניע נחמני, נחמה בילער, מרת עבשטיין און לייבל עפשטיין, יהודה מייזל, שמואל טאָקער, מוטיע מלמד, אברהם טשערניכאוו, י. ל. גראָזאווסקי, נחום כיניטש, א. שפירא

ראַקט איז אונטערגעשריבן געוואָרן מיט פאַרטרעטער פון קופת־חולים און איינגעצאָלט די ערשטע צען טויזנט דאָלער. דעם 21טן מאַרס 1950 איז געלייגט געוואָרן דער ווינקלשטיין פאַר דער געביידע בית־סלוצק. עס זענען אָנוועזנד געווען פיל סלוצקער לאַנדסלייט און אייניקע לאַנדסלייט פון אַמעריקע, וואָס זענען צופעליק געווען אין ישראל.

דער פּראָיעקט אין ישראל האָט אַרויסגערופן אַ געהויבענע שטימונג צווישן די לאַנדסלייט אין אַמעריקע. דער סלוצקער רעליף איז געווען די ערשטע לאַנדסמאַנשאַפט וואָס האָט זיך אונטערגענומען צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון זייערע קדושים.

מר הערי און זיין פרוי שרה לעפּראק האָבן דעם פּראָיעקט געשטיצט ברייטהאַרציק, ד"ר בונין און זיין פרוי מארושא זענען געווען זייער טעטיק פאַר דער אונטערנעמונג. אין משך פון 18 חדשים איז געשאַפן געוואָרן די נויטיקע סומע געלט.

דער קאָמיטעט אין ישראל האָט פאָרגעשלאָגן, אַז דער פאָרזיצער פון רעליף־קאָמיטעט, אונטער וועמענס אויפזיכט די אונטערנעמונג איז מיט דערפאָלג דורכגעפירט געוואָרן, זאָל קומען אין ארץ ישראל און אָנטייל נעמען אין חנוכת הבית. נאָך פיל פאַרהאַנדלונגען איז ישראל שווידעלסאָן איינגעלאַדן געוואָרן צו קומען קיין ארץ ישראל צום חנוכת הבית.

הערי און שרה לעפּראק האָבן געמאַכט אַ צווייטע רייזע קיין ישראל, גלייכצייטיק אָנטייל צו נעמען אין חנוכת הבית פון בית־סלוצק און אין דער זעלבער צייט צו פאַרהאַנדלען וועגן אַן אייגענעם פּראָיעקט פון אויפשטעלן אַ בנין צום אָנדענק פון זייער טראַגיש אומגעקומענעם איידעם.

אין 1954 האָט זיך אין קאָמיטעט אָנגעהויבן אַ באַוועגונג פאַר אַ צווייטן פּראָיעקט אין ישראל. דוד לעווין, אַ פּערזענלעכער פריינד און לאַנגיאָריקער חבר פון פאָרזיצער און אַ טעטיקער אין רעליף־קאָמיטעט, איז מיט זיין פרוי, אַרום פּסח צייט 1955, געפאָרן פאַר אַ באַזוך קיין ישראל. ער איז פולמעכטיקט געוואָרן צו באַטראַכטן די פאָרגעשלאָגענע פּראָיעקטן, זיך באַראַטן מיט דעם קאָמיטעט אין ישראל און איבערגעבן זיין מיינונג ביי זיין צוריקקומען.

אין אַפּריל 1956 האָט דער קאָמיטעט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער הסתדרות פאַר אַ פּראָיעקט פון בויען אַ קינדער־היים אין גבעת־חיים. דאָס איז געווען דער געדאַנק פון דוד לעווין ע"ה וואָס ער האָט אויסגעדריקט אין זיינע בריוו פון ישראל צום פאָרזיצער. ווידער אַ דאַנק די צוויי טעטיקסטע פאַראיינען




אַ קליניק אויפֿן נאָמען פֿון וו. ב. לעמפּערט אין ישראל.

שטייען פֿון רעכטס צו לינקס: נחום כיניטש, אסתר כיניטש, מרת טאָקער און שמואל טאָקער, סאָניע נחמני, ש. נחמני, אריה שפּירא, פּסיה שפּירא.
צווייטע שורה אינמיטן: הערי און שרה לעפּראַק.

און רעליף־קאָמיטעט, די „פּראָגרעסיווע סלוצקער", און איבער־הויפּט דער „פּראָגרעסיווער סלוצקער פּרויען־קלוב", וואָס האָבן ממש אַוועקגעגעבן זייער גאַנצע ענערגיע און טעטיקייטן צו שאַפֿן די נויטיקע געלט־מיטלען, איז דער ציל דערגרייכט גע־וואָרן.

### „פּראָגרעסיוו סלוצקער יאנגמענס, בענעוואָלענט אַסאָסיאיישאַן"

די „פּראָגרעסיוו־סלוצקער י.מ.ב.א" איז פֿאָרמירט געוואָרן אין יאַנואַר 1904, פֿון אַרום אַ צענדליק יונגע סלוצקער בחו־רים, וואָס האָבן זיך ניט געפֿילט היימיש אין דער סלוצקער שול און צווישן די „אינדיפּענדעט סלוצקער", זייער לעבנס־אַנשויאונג איז געווען באַווירקט פֿון דער סאָציאַליסטישער אויפֿקלערונג.

אין ערשטן יאָר האָבן זיי שוין געציילט איבער הונדערט חברים, און צום סוף 1905 האָבן זיי געעפֿנט די קלוב־צימערן וואָס זיי האַלטן נאָך אָן ביז היינטיקן טאָג.

די מיטגלידער האָבן געוואָלט אָנהאַלטן דעם יוגנט־כאַ־ראַקטער פֿון דער אָרגאַניזאַציע, דערום איז באַשטימט גע־וואָרן אַז נייע מיטגלידער דאַרפֿן ניט זיין עלטער פֿון דרייסיק יאָר און בלויז אומפֿאַרהייראַטע. מיט דער צייט איז „די פּראָגרעסיוו סלוצקער" געוואָרן אַזוי פּאָפּולער, אַז עס האָבן זיך אָנגעשלאָסן פֿיל פֿון אַנדערע געגנטן און לענדער ווי גאַליציע, רומעניע און ז.וו.

מיט דער אָרגאַניזירונג פֿון די יידישע אַרבעטער פֿאַר־

איינען, זענען די סלוצקער געווען אין די ערשטע רייען.

אין די קלוב־צימערן האָט אַלע מאָל געברויזט מיט טע־טיקייט; פאַרשיידענע פאַרווײַלונגען, לעקציעס, קאָנצערטן. אין לעזע־צימער זענען געווען קלאַסן צום לערנען ענגליש.

די סלוצקער בעלער, וועלכע זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן פיר מאָל יעדן יאָר האָבן געהאַט אַ שם דבר.

ווי די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, און אַמע־ריקע איז אַריין אין קריג, זענען איבער הונדערט מיטגלידער מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי. אָבער זייער טעטיקייט איז ניט אָפּגעשטעלט געוואָרן. נאָך דער מלחמה זענען זיי געווען פון די ערשטע צו העלפן שאַפן דעם „סלוצקער רעליף".

די באָלשעוויסטישע איבערקערעניש אין רוסלאַנד, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַ שפּאַלטונג אין די יידישע אַרבעטער און אין אַלגעמיינע פּראָגרעסיווע אָרגאַניזאַציעס, האָט אָבער די „פּראָגרעסיוו סלוצקער" ניט אָנגערירט. עס זענען טאָקע גע־ווען אַ צאָל קאָמוניסטן אין די רייען, אָבער צו ווייט איז עס ניט דערגאַנגען, די גאַנצקייט פון דער אָרגאַניזאַציע איז אָפּ־געהיט געוואָרן.

מיט דער צייט האָט די „פּראָגרעסיוו סלוצקער" דער־גרייכט ביז פינף הונדערט חברים און פינאַנציעל שטאַרק גע־וואָרן. טאָקע מיט אַ סאָציאַליסטישער טראַדיציע, מער יידיש־לעך ווי פריער.

מיט דעם אַריינטריט פון אַמעריקע אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען די „פ.ס." געוואָרן זייער טעטיק אין פאַרקויף פון „מלחמה באָנדס" צווישן מיטגלידער; איבער אַ מיליאָן דאָלער באָנדס זענען דורך זיי פאַרקויפט געוואָרן. די רעגירונג האָט זיי באַערט מיט פאַרשיידענע כיבודים און אַעראָפּלאַן איז געגעבן געוואָרן דער נאָמען — „ספּיריט אָף סלוצק" — דער גייסט פון סלוצק. אין דעם „פּאַראייניקטן סלוצקער רעליף", זענען די „פ.ס." געווען דער „רוח החיים". די הויפּט קוואַרטיר פון רעליף איז געווען אין זייערע קלוב־צימערן. זייערע הויפּט באַאַמטע האָבן פאַרנומען דעם זעלבן פּאָסטן אין רעליף. מיט דעם אויפקום פון מדינת ישראל האָבן די פ.ס. אָנגעפירט די אַקציע אין רעליף צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די סלוצקער קדושים מיט אַ מאָנומענט אין יש־ראל. און אויך ניט אָפּגעשטעלט זייער טעטיקייט פאַר אַלגע־מיינער הילף אַגענטורן און יידישע וווילטעטיקע אַנשטאַלטן אין יידיש אַמעריקאַנעם לעבן.

איצט, ווען די „פּראָגרעסיוו סלוצקער" איז שוין איבער פינף און פופציק יאָר אַלט, ציילן זיי נאָך אַלץ אַרום פיר הונדערט מיטגלידער, אָבער שוין אָן דעם אַמאָליקן גלאַנץ, אין דאָך איז זי די גרעסטע און טעטיקסטע אָרגאַניזאַציע פון די סלוצקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע.

### „פּראָגרעסיוו סלוצקער פרויען קלוב"

דער „פּראָגרעסיוו פרויען קלוב" איז געשאַפן געוואָרן אין יאַנואַר 1930 מיטן צוועק צו אַנטוויקלען אַ נאָענטע חברשאַפט צווישן די פרויען.

עס האָט ניט גענומען לאַנג, און זיי זענען געוואָרן אַקטיוו אין אַלגעמיינעם געזעלשאַפטלעכן אַמעריקאַנעם יידישן לעבן.

אין אָנפאַנג זענען די פרויען געווען באַהילפיק אין אַלע פ. ס. אונטערנעמונגען און אויך אין אַנדערע כלל־טעטיקייטן. איבערהויפּט אין קריזיס פון די דרייסיקער יאָרן, ווען עס האָט זיך געפאָדערט אויסערגעוויינלעכע הילף פאַר מיטגלידער און וווילטעטיקע אינסטיטוציעס.

אין פאַראייניקטן סלוצקער רעליף זענען די פרויען געווען זייער אַקטיוו אין שאַפן הילף פאַר די סלוצקער שארית הפּ־ליטה. מיטן אויפקום פון מדינת ישראל האָט די קליינע סלוצ־קער פרויען אָרגאַניזאַציע פיל אויפגעטאָן צו פאַראייביקן דאָרטן דעם אָנדענק פון סלוצק.

דורך די יאָרן פון זייער עקזיסטענץ האָבן זיי באַוויזן אַז זיי זענען אַ לעבעדיקע קערפּערשאַפט, פאַרמאָגן אַ אינטע־ליגענטע מיטגלידערשאַפט. דער „פּראָגרעסיוו סלוצקער פרויען קלוב", איז דער שטאָלץ פון די סלוצקער לאַנדסמאַנשאַפטן אין אַמעריקע.



**סלוצקער באַזוכן בית־סלוצק אין ישראל**

פון רעכטס צו לינקס: מוטיע מלמד, ראובן גראָס, אליהו דגני פון קופּת־חולים, אריה שפּירא, ישראל שווײַדעלסאָן, שרה לעפּראַק, הערי לעפּראַק, ש. נחמני, נ. כיניטש, ש. טאָקער

# סלוצקער אין אמעריקע מיט 54 יאר צוריק

## די משפחה פון י. ד. בערקאוויטש בראנזוויל, נ. י., 1908

דער פאָטער עזריאל זעליג (תר"ד—תרצ"ד). געווען באַקאַנט אין סלוצק, דערהויפּט אויף וויגאָדע, ווי „זעליג טשיפּעלייער", ווייל געשטאַמט פונעם דאָרף טשיפּעליי, ביי סטאַראָבין, פון וואַנען זיין זיידע, אליעזר ליפּע, וואָס האָט געהאַלטן דעם מילך־פּאַכט ביים טשיפּעלייער פּריץ, איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אין די טעג פון ניקאָלאַי דעם ערשטנס גזירות אויף דאָרפישע יידן. מע האָט אים אויך גערופן „זעליג דער הויכער", ווייל געווען אַ הויכער. אויך — „זעליג די יתומים" (ניט „דער יתום", נאָר דווקא „די יתומים"), ווייל בחורוויז געבליבן נאָך זיין יונג־פאַרשטאָרבענעם פאָטער, בערל טשיפּעלייער, דער איינציקער מפרנס פון די יונגע יתו־מים (זיין עלצטער ברודער אברהם־איצי, אַ מלמד אינעם דערבייאיקן שטעטל ליובאַן, האָט זיך דערצו ניט געטויגט). — אַלץ יונגערמאַן אַוועק קיין אַמעריקע, זיך אויסגעלערנט אַ פאַך, געקומען צוריק, און שפּעטער ווידער עמיגרירט קיין אַמעריקע שוין מיטן גאַנצן הויזגעזינד (אַחוץ דעם עלטערן זון י. ד. ב., וואָס איז פאַרבליבן אין אייראָפּע). זיך באַזעצט אין בראָנזוויל, ווו געעפנט אַ קליינעם שאָפּ פאַר וואשן, פאַרבן און פּרעסן קליידער. אויף די עלטערע יאָרן זיך געקויפט אַ הויז אין בענסאָנהוירסט, ברוקלין, ווו אָנגעהאַלטן אַ חדר, געלערנט מיט אַמעריקאַנער יידישע קינדער חומש מיט רש"י און צוגעגרייט זיי צו בר־מצוה. — געווען אַ האַר־ציגער בעל־תפילה, געדאַוונט אין וויגאָדער שול ביים עמוד שבת און יום־טוב מוספים, יום־כיפור שחריתים. אין בראָנז־



זיצן פון רעכטס צו לינקס: איסר, דער פאָטער עזריאל זעליג, ברוך, די מוטער דוואָסי, אלחנן.
שטייען פון רעכטס צו לינקס: בתיה, יצחק זאב, ראובן לייב, פייגל.

וויל געגרינדעט מיט סלוצקער און פּאַהאָסטער לאַנדסלייט אַ חברה „עדת ישראל”, וואָס האָט אויסגעבויט אַ שול, געשאַפן אַ חברה ש״ס, ווו סלוצקער רב טאָמאַשאָוו האָט געזאָגט אַ שיעור.

די מוטער דוואָסי (תרי״ט—תרצ״ח). געווען באַקאַנט אויף וויגאָדע ווי אַ זעלטענע „באַלעבאָסטע”, אַ צוכט, אַ קלוגע, אַן ערלעכע נאַטור, געהאָלפן דעם מאַן דורך אַלערליי פּרנסות צו געבן די קינדער אַ גוטע דערציאונג, געזעיט גערטנער אויף וויגאָדע, ווי אויך אין איר שטאָם־דאָרף ביקאָ׳.

בתיה (תרמ״ג—תרצ״ח). געשריבן דערציילונגען און לידער, צווישן זיי אויך בילדער פון סלוצק. געדרוקט (אונטערן נאָמען „בתיה לוואָוויטש”) אינעם ניו יאָרקער וואָכנבלאַט „די פרייע אַרבייטער שטימע” און אין דער טעגלעכער „די צייט”, רעדאַקטירט פון דויד פּינסקי.

יצחק דוב (י. ד. בערקאָוויטש). אין יענע טעג געקומען פון דער שווייץ צוגאַסט צו די עלטערן קיין אַמעריקע.

פייגל (וווינט איצט מיטן מאַן און פאַמיליע דאָרינסאָן אין שיקאַגאָ). מיידלווייז געווען טעטיק אין סלוצק מיט דער ציוניסטישער יוגנט.

ראובן לייב. געקומען מיט די עלטערן קיין אַמעריקע נאָכדעם ווי ער האָט דורכגעמאַכט אין סלוצק, אַחוץ יידישע לימודים אין די חדרים, אויך די רוסישע רעגירונג־שול. אין אַמעריקע באַקומען שלימות אין העברעאיש און ענגליש. כל ימיו אַ העברעישער לערער. איצט אין פילאַדעלפיע.

אלחנן (תרנ״ד—תש״ה). אין סלוצק געלערנט, ביז צו 14 יאָר, אין חדרים און ישיבות, זיך אויפגעצויגן אויף דער העברעאישער ליטעראַטור. אין אַמעריקע זיך דערהויבן, אַלץ מתמיד און חריף, צו העכער בילדונג. גראַדואירט אין קאָרנעל־אוניווערסיטעט, ווו געוואָרן געהילף־פּראָפעסאָר. אין 1924 איינגעלאַדן געוואָרן אַלץ פּראָפעסאָר פון שפּאַנישער ליטעראַטור אין וויסקאַנסין אוניווערסיטעט, אין מעדיסאָן, ווו געגאָלטן העכער 20 יאָר ווי איינער פון די בעסטע און באַליבסטע לערער. באַקומען די פּוליצער און גוגענהיים פּרייזן פאַר ליטעראַרישע אַרבעטן. באַזוכט צוויי מאָל שפּאַניע (אינעם פּעריאָד פון דער רעפּובליק), ווו געווען איינגעלאַדן צו לייענען לעקציעס אין מאַדרידער אוניווערסיטעט. צווישן אַנדערע זאַכן פאַרעפנטלעכט אַן אָפּהאַנדלונג וועגן ח. נ. ביאַליק׳ס העברעאישער איבערזעצונג פון „דון קישוט”, פאַרגלייכנדיק ביאַליק׳ס העברעאישן טעקסט מיטן שפּאַנישן אָריגינאַל. (זע ביאַליק׳ס בריוו צו אים. „אגרות ח. נ. ביאַליק”, כרך שלישי, עמוד ר״ד). נאָך זיין טויט האָט די וויסקאַנסין אוניווערסיטעט אַרויסגעגעבן (אין 1948) זיין היבש בוך וועגן דעם קלאַסיקער פון דער שפּאַנישער ליטעראַטור פּערעץ גאַלדאָס.

ישראל איסר. דורכגעמאַכט ניו־יאָרקער סיטי קאָלעדזש. געווען אַ קורצע צייט אַ לערער אין אַ פּאָבליק סקול. איבערגעגאַנגען צו ביזנעס. וואוינט אין ניו־יאָרק.

ברוך. געבראַכט געוואָרן אין אַמעריקע אַלץ קינד. געלערנט אין ניו־יאָרקער אוניווערסיטעט. אַרבעט אין ביזנעס. וווינט אין ניו־יאָרק.

# חיים זיידעס / סלוצקער אין ניו־יארק

סלוצקער יידן האָבן אָנגעהויבן צו עמיגרירן קיין אַמעריקע מיט אַן ערך 75 יאָר צוריק. אין יענע צייטן זענען געפאָרן די אָרעמסטע מענטשן. אין יענע יאָרן זענען נאָך נישט געווען קיין יידישע אָרגאַניזאַציעס אָדער יוניאָנס. דער, וואָס האָט געהאַט אַ פאַך האָט וויפל־עס־איז פאַרדינט אין די סוועט־שעפּער, ווו מען האָט דעמאָלסט געאַרבעט 14־15 שטונדן אין מעת לעת און די, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין פאַך האָבן זיך שרעקלעך געפּלאָגט אַ לאַנגע צייט, ביז מען האָט דערלעבט מען זאָל זיי אַריינגעמען אין אַ שאַפּ. כאָטש יעדער האָט זיך שרעקלעך געפּלאָגט, האָט ער געמוזט וויפל־עס־איז שיקן צו זיין פרוי און קינדער געלט, און געמוזט אויסצאָלן די מענטשן, וועלכע האָבן אים געהאָלפן מיט אַ שיפס־קאַרטע צו קענען קומען אין דער גאָלדענער מדינה.

אָבער יעדער ייד איז געבענטשט מיט דער מידה פון עקשנות, — ווי שלעכט און ביטער עס איז יעדן געווען אויפן האַרצן, — האָבן זיך אַ הייפעלע סלוצקער יידן צוזאַמענגענומען און געגרינדעט אַ שול מיטן נאָמען „אנשי סלוצק”. יעדער אימיגראַנט פון סלוצק און אומגעגנט איז געקומען צו די לאַנדסלייט, כאָטש יעדער איז געווען אויף צרות. יעדער האָט זיך באַקלאָגט, אַז זיין פּרנסה איז אומזיכער. דאָך, נישט קוקנדיק וואָס ער אַליין האָט נישט געהאַט צו צאָלן קיין רענטע האָט יעדער לאַנדסמאַן דערמוטיקט די „גרינע” און זיך באַמיט פאַר יעדן צו קריגן אַ „דזשאַב” אין שאַפּ, אָדער געגעבן אים אַן עצה צו ווענדן זיך צו ווענדן נאָך הילף. אינגיכן האָט זיך געגרינדעט אַ צווייטע סלוצקער שול מיט אַ גרויסער צאָל מתפללים. אַ פּאָר יאָר פאַר דער יאַפּאַניש־רוסישער מלחמה האָט דער סלוצקער דיין, הרב ניימאַרק, באַזוכט זיינע קינדער אין ניו יאָרק. די סלוצקער האָבן אים געגעבן אַ שיינעם קבלת פּנים.

ר׳ לייבע ניימאַרק איז געווען אַ גדול בתורה און אַ חכם מחוכם און אַ שיינער רעדנער. מיט זיין רעדע האָט ער פאַראייניקט די ביידע סלוצקער חברות אין איין גרויסער שול, וואָס האָט עקזיסטירט בערך אַ האַלבן יאָרהונדערט, אויף פּייק סטריט, ניו־יאָרק. ווער עס האָט געוואָלט וויסן, ווו עס געפינט זיך אַ סלוצקער לאַנדסמאַן, האָט ער געקראָגן די ריכטיקע אינפאָרמאַציע אין שול.

די שול האָט מיט דער צייט געקויפט קרקע פאַר אַ בית עלמין. פיל גוטע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן דורך מאָריס אָסאָפּסקי, און זיינע עלטערן. דער געוועזענער סלוצקער רב (רידב״ז), ר׳ יעקב דוד, וואָס איז געווען זעער באַוווסט, איז נפטר געוואָרן אין ארץ ישראל. אַ הספד איז דעמאָלט געמאַכט געוואָרן פון פּראָמינענטע רבנים אין פּייק סטריט שול.

אויף דער עצה פון הרב ר׳ יהודא ליב לאַזעראָוו, איז פאָר־געשלאָגן געוואָרן עס זאָל געגרינדעט ווערן אַ תלמוד תורה אין ניו־יאָרק אויף דעם רידב״ז׳ס נאָמען. דער פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרן, און עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ תלמוד תורה־רידב״ז, לזכרון נאָך זייער באַליבטן סלוצקער רב.

די רידב״ז תלמוד־תורה איז אַ קינד פון דער סלוצקער שול, און אין די לעצטע יאָרן האָבן די סלוצקער דערלעבט צו האָבן צן אייניקל, עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ ישיבה אויפן נאָמען פון הרב ר׳ יוסף קאָנאָוויץ. ער איז געווען דער איידעם פון הגאון ר׳ יעקב דוד, סלוצקער רב.



הרב מרדכי דיינא

דער יונגער רב דיינא איז נאָכן באַקומען סמיכה אויף רבנות געווען רב אין סיראַקאוז, שפּעטער אין ברוקלין ביז ער איז געוואָרן אַ טשאַפּלעין אין 1944.



הרב ר׳ לייב ניימאַרק
(סלוצקער דיין און באַוווּסטער דרשן)

## הרב דוב יהודה דיינא

הרב דיינא, איז געבוירן געוואָרן אין סלוצק, ווו זיין זיידע ר׳ זונדל סאַלאַנט איז געווען דיין און מורה הוראה. ר׳ זונדל סאַלאַנט איז געווען אַ קוזין פון ירושלים׳ער ר׳ יוסף זונדל סאַלאַנט, וועלכער איז געווען דער רבי פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער. ווען דער זיידע איז נפטר געוואָרן, איז ר׳ דוב יהודה דיינא, געוואָרן דיין און מורה הוראה אויף זיין אָרט. די ערשטע עלף יאָר פון זיין לעבן האָט ער זיך געהאָדעוועט אין סלוצק און האָט שוין זאָגאָר אנגע־פאַנגען לערנען אין דער סלוצקער ישיבה.

אין 1917 איז דער דיין און מורה הוראה פון סלוצק אַוועק קיין כאַרבין און מאַנדזשוריע, ווו ער איז געווען ביז 1923, קומענדיק קיין אַמעריקע האָט ער געוווינט אין קאַנאַרסי ביז זיין פּטירה אין 1945. זיין יונגן זון מרדכי האָט הרב דיינא אויך געבראַכט פריער קיין כאַרבין, ווו ער האָט זיך גוט אויסגעלערנט רוסיש אין אַ גימנאַזיע. אין 1925 איז ער מיטן פאָטער געקומען קיין אַמעריקע און איז אַריין לערנען אין ישיבת רבנו יצחק אלחנן,



הרב דוב יהודה, סלוצקער דיין
(באַוווּסט מיטן נאָמען דער סאַלאַנטער)

צוליב זיינע ידיעות אין רוסיש איז ער געשיקט געוואָרן קיין שאַנכאַי. ער איז געווען פון די ערשטע אַמעריקאַנער יידן צו באַגעגנען זיך מיט דער שארית הפליטה פון די אייראָפּעאישע ישיבות.

(די בילדער פון הרב מרדכי דיינא אין זיין פאָטער זענען אָפּ־ציעלע און דער קרעדיט פאַר זיי קומט דער אַמעריקאַנער אַרמיי געזעצליך).

# שטעטלעך

## אורעטשע

### נחמן / אורעטשע

פון סלוצק קיין אורעטשע איז געווען אַ מרחק פון 25 ווי־אָרסט. דאָס שטעטל האָט זיך אויסגעשפרייט אויף ביידע זייטן פון אַלטן טראַקט — אַ זאַמד־וועג וועלכער האָט געפירט פון סלוצק קיין באָברויסק דורך אורעטשע און הלוסק. די הייזער אַממערסטן הילצערנע און אַ סך פון זיי אויך באַדעקט מיט שטרויענע דעכער. אַרום 200 פאַמיליעס און די מערסטע איינוווינער — קרעמער, אַרבעטער און יידן קאַראַבעלניקעס, וועלכע פלעגן זיך אַרויסלאָזן איבער די אַרומיקע דערפער און געהאַנדלט מיט וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזן: מעל, פעל, פלאַקס, קעראָסין, הערינג און אַ.ז.וו. דעם פאַרקער צווישן סלוצק און באָברויסק האָבן אָנגעהאַלטן אָרטיקע און סלוצקער בעלי־עגלות, וועלכע פלעגן צושטעלן אַלץ וואָס ס׳האָט זיך נאָר געפאָדערט פאַר דעם שטעטל און דער סביבה; אַפילו בריוו, צייטונגען און כלי קודש באַדערפענישן.

אין אורעטשע איז געווען אַן אַלטער באַשיידענער רב, אַ גרויסער למדן מיטן נאָמען ר׳ אברהם אהרון פעשין. אַ גרויסער בית־מדרש, דערצו עטלעכע „מנינים״ פאַר שבת און ימים טובים, „חדרים״ ווו מלמדים פון אלטן שניט האָבן געקנעלט און געלערנט תורה מיט יידישע קינדער. ס׳זענען געווען יידן אינטעליגענטן, ציוניסטן ווי אברהם ברוך עפשטיין, עפשטיין דער מעל־קרעמער, דער באָברויסקער לערער לוואַוויטש און פון צייט צו צייט פלעגט ער זיך אַריבערכאַפּן אין זיין געבורטס־שטעטל אויף דאַטשע אָדער סתם אַ באַזוך.

מיטן צוציען די אייזנבאַן־ליניע פון ווערכוטין קיין אורעטשע אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — האָט אורעטשע אויפגעבליט. ס׳האָט זיך אויפגעעפנט אַ פאָסט־אָפּטיילונג; אויף דעם אָרט פון אָפּגעברענטן בית־מדרש, האָט זיך אויפגעבויט אַ נייער גרויסער און ברייטער בית־מדרש. פון וואָקזאַל, אין שאָטן פון בליענדע אַלייען, זענען אויפגעבויט געוואָרן צוויי שורות פון פראַכטפולע הייזער, אַ נייע גאַס איבער אַ קילאָמעטער לאַנג. אַן אָפּטיילונג פון אַ באַקוער קעראָסין פירמע איז אויפגעשטעלט געוואָרן מיט אַ גרויסן רעזערוואַר און די קעראָסין טאַנקן האָבן זיך בולט אַרויסגעוויזן פון דער ווייטנס. פול איז געווען דער גרויסער הויף מיט קונים און וועגענער פון דער גאַנצער סביבה. אָנגעפירט מיט דער אָפּטיילונג האָט שמואל רעזניק, אַ ייד, אַ הייסער ציוניסט.

מיטן רוישן און פייפן פון לאָקאָמאָטיוו איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ ניי אינטענסיוו לעבן אין שטעטל. נייע פנימער האָבן זיך באַוויזן פון צייט צו צייט, דער מסחר האָט געבליט און פאַרשטאַרקט זיך פון טאָג צו טאָג. יידישע, העברעאישע, רוסישע צייטונגען האָט יעדערער געקענט באַקומען אין דער נייער בוכהאַנדלונג.

נאָכן טויט פון אַלטן רב האָט אויסגעבראָכן אַ גרויסע מחלוקת אין שטעטל. דאָס שטעטל האָט זיך צעטיילט אויף צוויי צדדים: „עמך״ און די אַרבעטער האָבן אויסגעקליבן דעם יונגן רב אַפּעלמאַן, וועלכער האָט זיי באַצויבערט מיט זיינע פאָלקס־דרשות און די אינטעליגענציע מיט די בעלי־בתים האָבן אויסגעקליבן דעם הרעסקער רב ר׳ בן־ציון צוויק — אַ בחנטער ייד, מיט אַ הדרת־פנים. די מחלוקת האָט אָנגעהאַלטן אַ צייט און די בעלי־עגלות מיט זייערע נאָכפאָלגער האָבן געגאָסן קעראָסין אין די זעק מעל פון עפשטיין דעם מעל־קרעמער (פון הרב צוויקס פאַרערער).

סוף כל סוף האָט זיך די מחלוקת ווי ס׳איז איינגעשטילט און דאָס שטעטל האָט זוכה געווען האָבן צוויי רבנים, און ביידע האָבן געמאַכט אַ געדריקטן לעבן.

אַ נייעם גייסט האָט אַריינגעבראַכט אין שטעטל דער מאָדערנער „חדר״, וועלכער האָט זיך געעפנט אין יאָר 1915. דעם חדר האָט געגרינדעט דער באַגאַבטער לערער גליניק וועלכער איז געקומען פון ארץ־ישראל. ער האָט דערוואָרבן די סימפּאַטיע פון אורעטשער בעלי־בתים און דער צוויי־קלאַסיקער חדר, לויט דער מעטאָדע פון עברית בעברית, איז אָנגעפילט געוואָרן מיט תלמידים. אַלס העברעאישע לערערין איז געווען אין אורעטשע פאַר אַ קורצער צייט אויך אלתה אסף, די שוועסטער פון הרב פּראָפעסאָר אסף ז״ל.

דער גביר פון שטעטל דאָבראָבאַרסקי האָט געעפנט אַ פּריוואַטן העברעאישן חדר פאַר זיינע קינדער און מיוחסים. ער האָט אַראָפּגעבראַכט אַ יונגן לערער גורעוויץ. מיט זיין הילף און אונטער דער אָנפירונג פון מיכל רעזניק, אַ הייסער ציוניסט, אַ באַגאַבטער העברייער, איז געגרינדעט געוואָרן אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. פון צייט צו צייט זענען דורכגעפירט געוואָרן פאַרשיידענע רעפעראַטן און אויך ציוניסטישע דרשות פון דער בית־מדרש בימה. די פּראָפּאַגאַנדע פון בונדיסטן און סתם קעגנערס האָט ניט געהאַט קיין שום ווירקונג. אין שול און אין די „מנינים״ פלעגן צעשטעלט ווערן ערב יום־כפור קערות אויף געלט־זאַמלונגען פאַר ישוב ארץ־ישראל. שקלים און ציוניסטישע מאַרקעס זענען פאַרקויפט געוואָרן און עפנטלעכע ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען זענען פאָרגעקומען גאַנץ אָפט און איבערהויפּט כ׳ תמוז און אין דעם טאָג פון דער באַלפור־דעקלעראַציע. אויך האָט עקזיסטירט אַ ליטעראַרישער קרייז מיט פאָרטראָגן אויף פאַרשיידענע טעמעס.

מיטן אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע און אין דער צייט ווען ס'האָבן זיך געביטן רעגירונגען: אָקופּאַציע פון דייטשן, פּאָליאַקן, באָלשעוויקעס, איז דער ציוניזם פאַרבאָטן געוואָרן און יעדע קולטורעלע טעטיקייט איז אָפּגעשטעלט געוואָרן.

אורעטשע האָבן אונטערגעצונדן די פּוילישע סאָלדאַטן איידער זיי זענען אָפּגעטראָטן און כמעט דאָס גאַנצע שטעטל איז געוואָרן אָפּגעברענט.

די נאַצישע האַנט האָט אויך אָפּגעווישט דעם יידישן ישוב און נאָר איינצלנע האָט זיך איינגעגעבן זיך רעטן פון די מערדערישע הענט.

## הרב ר' אברהם אהרון פעשין

דער אורעטשער רב, ר' אברהם אהרון פעשין, געבוירן אין זעלבן שטעטל ביי אָרעמע עלטערן איז געשטאָרבן אין 1912 אין עלטער פון 75 יאָר.

אויסער דעם וואָס ער איז געווען אַ גרויסער למדן, איז ער אויך געווען אַ גרויסער מאַטעמאַטיקער. זייענדיק אַ יונגערמאַן איז ער איינמאָל פאַרפאָרן אין אַ מינסקער אכסניא און באַמערקט אַז אַלע דאָרטן זענען צעטראָגן און עס האַנדלט זיך וועגן אַ קוואַרטיראַנט אַן עקסטערניק. די בעל־הבית'טע פון אכסניא זאָגט צום מאַן, אַז זי האָט מורא דאָס דער עקסטערניק זאָל זיך ניט נעמען דעם לעבן. דער רב האָט אויסגעפונען וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך. צוויי יידישע יונגעלייט האָבן געדאַרפט האַלטן עקזאַמען אין מינסקער גימנאַזיע און ענטפערן אויף זייער אַ שווערער מאַטעמאַטישער אויפגאַבע. אויב זיי וועלן ניט לעזן די אויפגאַבע וועלן זיי ניט קריגן זייערע אַטעסטאַטן און זייער מי פאַר יאָרן לאַנג וועט גיין פאַרלאָרן. דער רב האָט געבעטן ווייזן אים די אויפגאַבע און אין אַ האַלבער שעה צייט האָט ער עס געלעזט. אין עטלעכע מאָנאַטן שפּעטער האָט ער באַקומען 10 רובל מיט אַ קאָפּיע פון אַ בריף וואָס יענער מינסקער עקסטערניק האָט דערהאַלטן 50 רובל אַ נאַגראַדע פון פעטערבורגער בילדונגס־מיניסטעריום. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער לערער וואָס האָט זיי געגעבן די אויפגאַבע איז געווען אַ אַנטיסעמיט און האָט געוואָלט אַז די צוויי יידישע עקסטערניקעס זאָלן דורכפאַלן ביים לעצטן עקזאַמען, ווייל ער זעלבסט האָט עס אויך ניט געקענט לעזן און ער האָט עס געהאַלטן פאַר אוממעגלעך.

אָרום אורעטשע זענען געווען געדיכטע וועלדער. צוויי זוחרים, אַ ייד און אַ קריסט, האָבן געקויפט בשותפות אַ וואַלד. ניט קענענדיק דורכקומען צווישן זיך האָבן זיי אַנגעגעבן אין געריכט. עס איז געווען זייער אַ קאָמפּליצירטער ענין. דער ריכטער האָט ניט געקענט אויסגלייכן, זאָגט ער צו זיי, אַז ער קען דעם סטאַראָסטע פון שטעטל, ער איז אַ קלוגער מענטש, און זיין פאָטער איז דער רב פון שטעטל. רבנים קענען אויך משפטן, זאָלן זיי פּרובירן גיין צו אים. ער האָט זיי געגעבן אַ געשריבענע דערלויבעניש צום רב. דעם רב האָט געגאָלטן מאַכן אַ פשרה, פון וועלכער ביידע שותפים זענען אַוועק צופרידן. שפּעטער האָט ער באַקומען אַ דאַנק בריוו פון אַ העכערן געריכט. אין אַן אַנדער פאַל האָט דער רב לכתחילה ניט געטראָפן: ער האָט אַמאָל זיך אָפּגערופן צו צוויי ציוניסטן, ווען זיי האָבן אים געוואָלט מאַכן פאַר אַ ציוניסט: „גוט איז אייך אַז איר קענט ניט רעכענען; וואָלט איר געקענט רעכענען וואָלט איר געזען אַז עס איז גאָר אַ פשוטער חשבון. דער גאַנצער יידישער פאַרמעגן אויף דער וועלט וועט ניט סטייען אויף אָפּקויפן ארץ ישראל, לאָמיר זאָגן, אַז דער טערק וועט אָפּגעבן דאָס לאַנד אומזיסט וועט עס אויך ניט קלעקן אויף איבערפירן אַהין אַלע יידן. שוין ניט רעדנדיק וועגן דעם, וואָס דאָס לאַנד איז קליין און וויסט, דערפאַר דאַרף מען וואַרטן ביז דער אייבערשטער וועט שיקן אַ גואל צדק און דאַן וועלן פאַרקומען נסים ונפלאות. די וויסטעניש וועט בליען און עס וועט זיין אַ גאולה שלמה". די צוויי ציוניסטן זענען געווען דער שוחט ר' אלטער מאַרשאַק און דער צווייטער זיין שוואָגער ר' מרדכי פינקעלשטיין.

זיין איינציקע טאָכטער האָט ער אַליין געלערנט תנ"ך און האָט איר געזאָגט: „דו דאַרפסט לערנען תורה צוליב צוויי צוועקן, ערשטנס דאַרף אַ יידישע טאָכטער וויסן מצוות און יידישע געשיכטע; צווייטנס, האָף איך אַז דו וועסט אַמאָל דאַרפן אָנקומען צו לשון קודש. ווען איך האָב געלערנט אין דער ישיבה האָט מיר אַ גרויסער למדן געזאָגט, אַז איך וועל דערלעבן „משיח'ס צייטן". אויב ער האָט געטראָפן וועל איך דערלעבן חבלי משיח און דו וועסט דערלעבן די גאולה, וועסטו זיכער זיך באַנוצן מיט לשון קודש". יענע טאָכטער געפינט זיך יעצט אין מדינת ישראל. זיין נבואה איז מקויים געוואָרן. עטלעכע אייניקלעך פון זיינע אַנדערע קינדער זענען אויך דאָ. אַנדערע זענען אין אַמעריקע און אין רוסלאַנד, אַפילו אין אורעטשע.

אורעטשער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק האָבן געגרינדעט אַ שול אויף זיין נאָמען „בית הכנסת אנשי בני אברהם".

# האָרקי

## יוסף נאַזיק / האָרקי און איר סביבה

אייגנטלעך זענען געווען צוויי האָרקיס: דאָס שטעטעלע און דער דאָרף האָרקי. דאָס שטעטעלע איז געלעגן ביים שאָסיי. צוויי מאָל אַ טאָג פלעגט דורכפאָרן דער דעליזשאַנס, (פון סלוצק קיין סטאַריע־דאָראָגי, באַברויסק און צוריק) געשפּאַנט צו 4 פערד און געפירט פּאַסאַזשירן און אַ ביסל סחורה. איך געדענק, ווען דער אויטאָבוס איז צום ערשטן מאָל אין 1910 פאַרבייגעפאָרן אונדזער שטעטעלע, זענען אַלע איינוואוינער פון קליין ביז גרויס, אַלט און יונג, אַרויס פון די הייזער באַטראַכטן דעם ווונדער. אין דעם שטעטעלע האָרקי זענען געווען אַרום 30 יידישע פאַמיליעס, שניידערס, שוסטערס, שמידן, סטאָליאַרעס און עטלעכע בעלי־עגלות און אויך אַ פּאָר קרעמער.



ר׳ מרדכי יוסף
פאָטער פון סענדכר טאָמאַשאָוו

דער דאָרף האָרקי איז באַשטאַנען פון אַ פּאָר הונדערט קריסטלעכע פאַמיליעס און 15 יידישע פאַמיליעס. אין הערבסט אין די רעגנס, אין פרילינג, פלעגט דאָרטן זיין בלאָטע ביז די קני.

אין דער צייט פון מלחמה האָט דער וואָלאָסט מיטן סטאַרשינאַ זיך אַריבערגעצויגן אין שטעטעלע האָרקי, ווו שטענדיק האָבן זיך געפונען דער אוראַדניק און אַ פּאָר סטראַזשניקעס.

עטלעכע אינטעליגענטע און רייכע יידן און אַ פּאָר למדנים האָבן געוווינט אין שטעטל. קיין רב איז ביי אונדז ניט געווען. ר׳ לייבע פריינקמאַן, (נאָוואָשאלקער) אַ ייד אַ למדן, אַ מוסמך, איז געווען דער אייגנטימער פון אַ פּאַראָווע מיל אין אַ זעגמיל, ווו מ׳האָט געזעגט קלעצער אויף ברעטער און ברעטלעך און אָפּגעפירט עס צו דער אייזנבאַן־סטאַנציע „סטאַריע־דאָראָגי״, אָט דער רב לייב האָט געהאַט 5 זין, ישיבה בחורים. פון נאָוואָשאלאַק קיין האָרקי איז געווען אַ „תחום שבת״, פלעגט ר׳ לייב מיט זיינע זין קומען שבת אין שול. מ׳האָט אים אָפּגעגעבן גרויס כבוד.

איך געדענק אַ צופאַל, אַלס קינד, ערב יום טוב צייט: איטשע דער קצב האָט געשאָכטן אַ בהמה, און ר׳ נתן אליהו דער שוחט האָט געפונען אַ סרכה און האָט טריף געמאַכט דאָס פלייש. איטשע דער קצב (אַ ייד אַ אָרעמאַן) איז צעמישט געוואָרן, ער ווערט בדלות, און די יידן בלייבן אָן פלייש אויף יום טוב. ער איז אַוועק צו ר׳ לייב נאָוואָשאלקער און מיט טרערן אין די אויגן דערציילט אים די מעשה. ר׳ לייב האָט זיך געגריבלט אין ספרים און געהייסן דעם קצב גיין אַהיים און פאַרקויפן דאָס פלייש. ער שטעלט עס אויף זיך צוליב 2 טעמים: ערשטנס, איז דער קצב אַ ייד אַ אָרעמאַן, צווייטנס איז עס אַ טאָג פאַר יום טוב און יידן טאָרן ניט בלייבן אָן פלייש אויף יום טוב.



ר׳ הערצל רעזניק

נאָך אַ חשובער ייד אין האַרקי איז געווען ר׳ שמואל שואל רעזניק און זיין פרוי רחל, אַ אנגעשטעלטער ביי דער דעלי־זשאַנס און אויטאָמאָביל קאָמפּאַניע. ער פלעגט צושטעלן פערד און וואָגן פירן די פּאָסט פון סלוצק, סטאַריע־דאָראָגי און האַרקי. וועלוול טאָמאַשאָוו איז געווען דער קרעמער פון שטעטל, אַ ייד אַ למדן, גבאי און בעל־קריאה אין שול. ער האָט געפירט די ביכער פון שול. ערב יום כיפור פלעגט יעדער איינער באַצאָלן פאַר די עליות און נדרים. ער און זיין פרוי חאשע פלעגן געבן „צדקה בסתר". דער צווייטער קרעמער איז געווען ישראל און זיין פרוי חיה דבורה. ר׳ הרצל רעזניק פון דאָרף האַרקי, אַ ערלעכער אינטעליגענטער ייד, אַ למדן, דער מוהל פון דער גאַנצער אַרומיקער סביבה, איז געווען אויך אַ גוטער בעל־תפילה. אַ גאַנץ יאָר איז געווען אַ מנין ביי הרצל׳ן אין הויז, אָבער פאַר ראש השנה און יום־כיפור פלעגן אַלע דאָרפס יידן קומען אין שטעטל. ר׳ הרצל פלעגט ראש השנה דאַוונען מוסף און יום־כיפור זאָגן „כל־נדרי", געדאַוונט מעריב און צו מאָרגנס מוסף און נעילה. שמעון דער בעל־עגלה האָט געהאַט אַ חזקה אויף פתיחת ארון הקודש צו נעילה. וויפל מ׳האָט אָנגעבאָטן האָט ער איבערגעשטיגן און באַצאָלט דאָס העכסטע פאַר דער מצוה פון פתיחה.

עס זענען געווען נאָך געציילטע חשובע יידן, ווי למשל: ר׳ שלמה דער כוהן, אַ ייד אַ ירא שמים, אַ מענטשן־ליבהאָבער, אַ קבצן, — זיך ערנערט פון ערד־אַרבעט. זיין פרוי עטיע האָט געשמט אַלס די באָבע פון דער געגנט. ר׳ דוד לייב אסטראָוער, און זיין זון נחום אידל סעגאַלאָוויטש, בערל דער מילנער, ר׳ מיכל. ר׳ פייוול דער בעל־עגלה איז אַמאָל געווען אין אַמעריקע און געקומען צוריק. קיין גרויסער למדן איז ער



ר׳ זאב און גיטל נאַזיק
(יוסף נאַזיקס עלטערן)

ניט געווען, אָבער אַ גוטער בעל תפילה און נאָך אַ בעסערער בעל קריאה. זיין חזקה איז געווען אויף שחרית ראש השנה און יום כיפור פון „המלך". תשעה באב ביים זאָגן קינות, האָבן טרערן זיך געגאָסן פון זיינע אויגן, ס׳האָט זיך געדוכט, אַז די ווענט פון שול וויינען מיט אים. יינגלעך פלעגן צילע־ווען פון אַלע זייטן די שטעכיקע בערעלעך, זיי זאָלן טרעפן גלייך אין זיין באָרד אַריין. איטשע דער בעל־עגלה, האָבנדיק אַ גוטע שטימע, פלעגט ער דאַוונען מוסף אַממערסטן שבת מברכים. ביים זאָגן „יהי רצון שתחדש עלינו את החודש הזה" און ביי „יחדשהו", פלעגט מען באַשיינפערלעך פילן, אַז ער לייגט אין דעם אַריין האַרץ און חיות.

אַרום האַרקי האָט געוווינט ר׳ משה געצל ריזשיצער, אַ אינטעליגענטער ערלעכער מענטש מיט אַ פּאַרנעם, ער האָט געפירט גרויסע געשעפטן און געווען אַ אָנגעזעענער ייד. ריזשיצע איז געווען אַ 7—6 ווייאָרסט פון האַרקי. ר׳ משה געצל פלעגט ניט זייער אָפט קומען אין האַרקי. שבת און יום־טוב איז ביי זיי אין הויז געווען אַ מנין פון די אַרומיקע ישובניקעס ווי למשל: מאטע לייזער און זיין זון בערל פון קוטשין, איטשע־לייב פון קאַשאַרקע מיט זיינע זין. אויך פון דערבייאיקן דאָרף סאָרעווע פלעגן יידן קומען שבת און יום־טוב צום מנין.



גיטל קאַפּלאַן (ר׳ דוד ריזשיצערס טאָכטער)

ר׳ דוד מאַרגאַלין פון ריזשיצע האָט געשמט איבער דער גאַנצער סביבה אַלס רייכער ישובניק און מכניס אורח — דעם טישטעך ניט אַראָפּגענומען פון טיש, יעדער האָט זיך געקענט זעצן און עסן וויפל דאָס האַרץ האָט געגלוסט. ער איז געווען אַ גרויסער בעל צדקה און באַליבט אַפילו ביי די קריסטן אין די דערפער. איידעמס אַראָפּגענומען לערנער מיט וועלכע ער האָט זייער שטאָלצירט, ווי ר׳ זעליג כיניטש און ר׳ מענדל קאַפּלאַן פון באַברויסק. שבת צו מנין פלעגן זיך צונויפקומען אין ר׳ דויד ריזשיצערס קרעטשמע אויסער זיינע זין ר׳ משה געצל און ר׳ שמערל מיט די אייניקלעך, אויך די אַרומיקע ישובניקעס און פיל אורחים דורכפאָרערס. אויפן „כיבוד" פלעגט מען זיך וויצלען, אַז ס׳איז טאַקע „כיד דוד המלך".

ר׳ נוח עליע דער האַרקער שוחט, מיט אַ שיינער באָרד און דערצו פאַנאַטיש פרום. ביים אָנשטעלן דעם חלף האָט קיינער ניט געטאָרט זיין אין יענעם צימער מ׳זאָל אים ניט שטערן.

די יידן פוןביידע האַרקי׳ס זענען געווען אָרעם, יעדער איינער האָט מיט גרויס שוועריקייט פאַרדינט דעם ביסן ברויט, אָבער ווען ס׳איז געקומען אַ אָרעמאַן, אָדער אַ אורח אין שטעטל, און ספּעציעל שבת, האָט מען אים אויפגענומען בכבוד.

אויף פּסח פלעגט מען אָנהייבן גרייטן זיך גלייך נאָך פּורים. ביי מיינע עלטערן אין הויז פלעגט כמעט יעדן יאָר זיין דער פּאַדראַד, ווו מ׳פלעגט באַקן מצה, יעדער איינער פלעגט ברענגען זיינע אייגענע מעל צו באַקן מצה. מיין פּאָטער און מוטער פלעגן די 2 אָדער 3 וואָכן פון פּאַדראַד האָרעווען זייער שווער, כמעט טאָג און נאַכט, אָבי צו פאַרדינען עטלעכע רובל צו מאַכן אַ שיינעם יום־טוב. ערב פּסח בייטאָג פלעגט מען ביי אונדז אין הויז באַקן שמורה. אַלע יידן פון שטעטל און פון דאָרף פלעגן קומען מקיים זיין די מצוה. איינער פלעגט קנעטן די מירע; אַ צווייטער פלעגט ברענגען און גיסן וואַסער, נאָך איינער פלעגט רעדלען, אַ פערטער פלעגט זעצן די שמורה אין אויון. אין אַלגעמיין, האָט יעדער איינער זיך מתעסק געווען מיט דער מצוה און אין דער זעלבער צייט האָט מען געזאָגט און געזונגען הלל.

פּסח צום סדר ביי מיינע עלטערן אין הויז איז די שטימונג געווען זייער אַ געהויבענע, אַ הייליקייט האָט געשוועבט.

אין איין עק פון טיש, געדענק איך, זענען געשטאַנען 6 לייכטער, ס׳האָבן געפינקלט די אָנגעצונדענע ליכט, אַ 14־נער לאָמפּ האָט באַלויכטן די הויז. מיין טאַטע, עליו השלום, איז ניט געווען קיין למדן נאָר זייער אַ ערלעכער, פרומער ייד. געזעסן איז ער אויבן אָן אָנגעלענט אויף 2 קישנס ביי אַ געגרייטן טיש, פון מצה, און חרוסת, כריין, א. א. וו. און מיט אַ זינגענדיקן פריילעכן קול פלעגט ער אָפּריכטן דעם סדר. מיין מאַמע איז ניט געווען אַזוי פרום ווי דער טאַטע, אָבער הנאה האָט זי געהאַט ווען מיר אַלע זענען געווען אַרום איר. ס׳זענען אָבער געווען צייטן, ווען אויף איר פּנים האָט זיך פאַרצויגן אַ מרה שחורה׳דיקייט, פון דחקות און גרויס נויט, זאָרגענדיק פאַר אונדז אַלעמען. דער טאַטע, אַלס גרויסער מאמין, פלעגט אַלע מאָל זאָגן, „גאָט וועט העלפן״.

מאַנעס דער בעל־עגלה איז געווען פאַררעכנט אַלס גביר אין שטעטל, ער האָט פאַרמאָגט 4 פערד מיט שפּאַנען, ער און זיין פרוי ריווע־לאה, האָבן געהאַט 3 זין און אַ טאָכטער. זייערע 2 עלטערע זין נחום בערל און מלכיאל ווען זיי זענען אונטערגעוואַקסן, האָבן זיי געאַרבעט מיט אים צוזאַמען און אויך געדונגען אַ קריסט. מ׳האָט געזאָגט, אַז זיי האָבן אָפּ־געשפּאָרט אַ שיינע פאַר הונדערט רובל, און דאָס האָט מען טאַקע געקענט באַמערקן, ווייל זיי האָבן געלעבט בעסער און זיך געקליידעט שענער. ווען שמואל שואל רעזניק האָט זיך אַריבערגעצויגן קיין סטאַריע־דאַראָגי האָט מאַנעס אָפּגע־קויפט זיין שיין הויז. זיין חזקה איז געווען ראש השנה און יום כיפור ביים עמוד אָנהייבן שחרית ביז „המלך״. זייער זון מלכיאל געפינט זיך אין אַמעריקע, אין קליוולאַנד אהייא.

ראובן שלמה׳ס, אַ בעל־עגלה, איז געווען אַ ייד אַ גיבור, זיין דאַוונען האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ סך גרייזן. איך



מאַנעס געלפאַנט און זיין פרוי ריווע־לאה

געדענק פאַר פּסח פלעג איך מיט ראובנען גיין קלייבן מעות חטים.

עס זענען געווען נאָך בעלי־עגלות, למשל מעסל, זיין זון מיילאָך, ירוחם, זיי האָבן געלעבט אָן ערלעך געמאַטערטן לעבן.

אין שטעטל זענען געווען 3 שמידן: בענטשע, מענדל און שואל דער שטומער. זיין פרוי מלכה איז שוין דווקא ניט געווען קיין שטומע, זי האָט פאַרמאָגט אַ מענה־לשון, פאַר איר מויל האָט מען געציטערט. אין 1923 האָט זייער זון אייזיק געהייראַט מיט מיינער אַ שוועסטער, לויט די לעצטע ידיעות געפינען זיי זיך יעצט אין סלוצק. איך געדענק, איטשע דעם שניידער, אלקנה דער שוסטער, און זיין ברודער שלום, אויך חאטשע דער שניידער פון דאָרף.

אין יאָר 1920, ווען עס איז ניט געווען קיין ווייצענע מעל, פלעגט מיין טאַטע פרייטאָג צו נאַכט קידוש מאַכן איבער אַ לעבל שוואַרצן ברויט, אָדער אויף אַ גלאָז קאַלטע טיי און מאַכן די ברכה „שהכל״. אין יענער צייט איז אַ ביסל זאַלץ, צוקער און ווייצענע מעל געווען איינע פון די טייערסטע און שווערסטע זאַכן צו באַקומען.

די אַלע בעלי־עגלות, וועלכע איך האָב פריער דערמאָנט פלעגן ציען זייער הויפּט חיונה פון באַריס קלעצקין, אַ וויל־נער, דער אייגענטימער פון פערלאַג „קלעצקין״. ער האָט געהאַט אַ הוטע, אַ גלאָז־פאַבריק, אין סטאַרעווע, 10 וויאָרסט פון האַרקי, די בעלי־עגלות פלעגן פאָרן קיין סטאַרעווע אָנלאָדן די וועגענער „לאַנגע דראַגעס״ מיט קאַסטנס גלאָז און פירן קיין סטאַרי־דאָראַ צום באַן, אַמאָל פלעגן זיי אויך פירן משא פון סטאַרי־דאָראַ קיין סלוצק.

די מערסטע אַרבעטער אין הוטע זענען געווען פּאָליאַקן און אַ ביסל דייטשן, אָבער די אָנגעשטעלטע, מעכאַניקער, בוכהאַלטערס, אויפזעערס, פעלדשערס, קרעמער זענען געווען יידן, אַממערסטן ניט קיין אָרטאָדאָקסן.

נאָך היטלערס אַריינדרינגען אין יענעם געגנט איז אַלעס אָפּגעווישט געוואָרן.

אויס שטעטל!

אויס ליכטיקע געשטאַלטן!

ערע זייער אָנדענק!


ר׳ יצחק טאמאשאוו מיט זיין פרוי (האַרקער תושבים)

## הארקי לויט חיים זיידעס

ר׳ שמואל שואל רעזניק מיט זיין עקרת־הבית, רחל, זענען געוועזן באַוווּסט נישט בלויז אין הארקע, נאָר אויך איבער גאַנץ סלוצקער אויעזד. אַחוץ זיינע גוטע מידות אין צדקה, אין גמילות־חסדים און אין הכנסת אורחים, איז ער געווען אַ מושלם אין פאַרשיידענע שפּראַכן.

אַלע מעקלערס פון סלוצק־באָברויסק האָבן געוווּסט, אַז שמואל שואל זוכט דעם בעסטן מלמד פאַר זיינע פיר זין, און אַז וועגן פּרייז איז נישטאָ קיין אָפּהאַלט.

ווען אַ הארקער ייד איז געווען אין אַ צרה, איז שמואל שואל געווען דער מענטש, וואָס האָט אים אַרויסגענומען פון אַלע צרות. ווען אַ ייד האָט געדאַרפט אַוועקשיקן זיין זון אָדער איידעם קיין אַמעריקע און מען האָט געדאַרפט האָבן שיינע עטלעכע צענדליק רובל, איז שמואל שואל׳ס קאַסע געווען אָפן פאַר די נויט־באַדערפטיקע. ווען די הארקער באָד איז אָפּגעברענט געוואָרן, איז שמואל שואל געווען פון די ערשטע מיט אַ גרויסער סומע געלט. פיל מלמדים האָבן שטאָלצירט, וואָס זיי האָבן זוכה געווען צו זיין לערערס ביי ר׳ שמואל שואל׳ן.

ר׳ שמואל שואל האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָל אומעטום, געהאַט אַ ברייטע דעה ביי אַלעמען, ווייל ער איז געווען אַ גביר מיט אַ אָפענע האַנט פאַר יעדן. אויף יעדן יום־טוב האָט ער געלאָזט שעכטן ביי נח אליה׳ן, דעם שוחט, עטלעכע קעלבער, און אַמאָל אַ בהמה, און צעטיילן דאָס פליייש פאַר אָרעמע פאַמיליעס. זיין פרוי, רחל, האָט מיטגעהאָלפן צו געבן צדקה יעדן. ער האָט געהאַט גרויס חן אין די אויגן פון הארקער פּריץ און ביי די רעגירונגס באַאַמ־טע. יעדערער האָט אים רעספּעקטירט. אין יענע צייטן, ווען ניקאָלאַי האָט געקעניגט, איז ניט געווען דערלויבט, אַז יידן זאָלן האָבן אייגענע פעלדער. נאָר אַזוי ווי שמואל שואל האָט געהאַלטן די רעגירונגס־קאָנטראַקטן, האָט ער באַזעסן פיל פעלדער. ער האָט פּראָדוצירט האָבער פאַר די פּאָטשטאָווע פערד, און אין יענער צייט האָט שוין שמואל־שואל געהאַט אַ „מאַלאָטאַרניע” צו דרעשן האָבער.

שמואל שואל האָט זייער גוט באַהאַנדלט אַלע זיינע פּאַראַבקעס און דינסטן. אַלע זענען געווען צו אים צוגעבונדן בלב־ונפש. אים גערופן כאָזיאַאין (באַלעבאָס) און זיין ווייב — כאָזיאַיקאַ (באַלעבאָסטע). קיין פויער האָט ניט געוואָלט אַוועקגיין פון זיי.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אַלץ אַוועק צו די באָלשעוויקעס. דעם רייכן שמואל שואל מיט זיין פרוי רחל האָט מען אַרויסגעטריבן פון דער שיינער וווינונג. אַלץ צוגענומען פון זיי.


ר׳ שמואל טאמאשאוו מיט זיין פרוי ליבע און זייער זון

דער שטאָלצער, רייכער שמואל שואל רעזניק איז פון עגמת־נפש געשטאָרבן. אַלע קינדער זענען זיך צעלאָפן. די געוועזענע רייכע פרוי, רחל רעזניק, איז געבליבן וווינען אין סטאַריע־דאַראָגי עלנט און אָרעם.

אַזוי שנעל ווי לאַנדסלייט האָבן זיך דערוווּסט אין אַמע־ריקע וועגן איר שווערער לאַגע, האָבן זיך פיל אָפּגערופן און איר אַנגעבאָטן זייער הילף.

# ה ל ו ס ק

לויטן צענזוס פון 1847 האָט די הלוסקער יידישע קהילה פאַרמאָגט 3.148 נפשות. אַמאָל איז דער שטעטלס נאָמען געווען הלוסק־דאָמבראָוויצקי, נעבן דעם טייך פטיץ'. לויט אַן אַלגעמיינעם צענזוס פון 1897 האָבן געלעבט אין שטעטל 5.328 נפשות, אין דעם 3.801 יידן.

אין שטעטל זענען געווען 2 פּראַוואָסלאַווישע קלויסטערס, אַ קאַטוילישע קירכע, אַ גרויסע שול און 5 תפילה פלעצער, אַ פאָלקס־שולע, אַ יידישע שולע, אַ סמענע פאַר מיידלעך.

אין שטעטל האָבן עקזיסטירט 2 פאַבריקן, ווו מ'האָט אויסגעאַרבעט פעל, 22 קראָמען. הלוסק ווערט דערמאַנט אין דאָקימענטן פון XV יאָרהונדערט. עס ווערט דערציילט, אַז אין יאָר 1508 האָט דאָרטן געפירט אונטערהאַנדלונגען דער פירשט מיכאל גלינסקי מיט פאַרשיידענע דעלעגאַטן.

(לויט דער ענציקלאָפּעדיע פון ברוקהאוז־עפראָן)

## שמואל ליף מיאמי־ביטש, פלארידא / זעלבסטשוץ אין הלוסק

הלוסק איז אַ קליין שטעטל אין מינסקער גובערניע. יידן זענען דאָרט געווען אַן ערך דריי־פערטל פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. די 25 פּראָצענט קריסטן (מעסטשאַנעס) האָבן גערעדט יידיש געמישט מיט לשון־קודש'דיקע ווערטער אין האָבן געלעבט אין גוטע שכנותדיקע באַציונגען מיט די יידן, אַחוץ זונטיק אָדער אַ חגא, ווען מ'האָט זיך אָנגעשיכורט און געבראָכן שויבן ביי יידישע שכנים, און ניט זעלטן אויך געשלאָגן, אָבער ניט חלילה צוליב אַנטיסעמיטיזם נאָר גלאַט אַזוי צוליב פאַרוויילונג.

הלוסק האָט זיך ניט אויסגעטיילט פון די אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך.

דאָס רוב קבצנים, (אַחוץ אַ פאָר שטעטלדיקע נגידים). איינגעהויקערטע הייזקעס, קויטיקע ניט קיין ברוקירטע גאַסן. די הויפּט היונה האָט מען געצויגן פון די מערק, צו וועלכע די אָרעמע פויערים — מושיקעס פלעגן קומען אין שטעטל 2—3 מאָל אין וואָך. אויפן מאַרק זענען געווען אויסגעשטעלט 120 קראָמען אין 4 רייען איינע קעגן די אַנדערע, אַחוץ צענדליקער קראָמען אין די זייטיקע גאַסן נעבן מאַרק. די איבעריקע יידן האָבן זיך פאַרנומען מיט שוסטעריי, שניידעריי און אַנדערע קליינע מלאכות. עס זענען אויך געווען אַסך בעל־עגלה'עס וואָס פלעגן פירן „פאַרשוינען" (אַזוי האָבן זיי גערופן די פּאַסאַזשירן), צו און פון דער באַן. די נאָענסטע באַן איז געווען אין באָברויסק, 50 וויאָרסט ווייט.

אין אַלע היונה־צווייגן איז געווען אַ גרויסע קאָנקורענץ. די קרעמער פלעגן שלעפּן די פויערים ביי די פּאָלעס צו זיך אין קרעמל אַריין. אַפילו די חדר־מלמדים האָבן אויך קאָנקורירט אין פּרייז פון שכר־לימוד און מיט חניפה צו די בעלי־בתים. נאָר איינער אין שטעטל איז געווען אויסער קאָנקורענץ — ר' נח איטשע כלונעס. ער איז געווען דער איינציקער ליכטמאַכער אין שטעטל און אומגעגנט. און דערפאַר האָט מען אים אויך גערופן ר' נח ליכטמאַכער.

ר' נח איז געווען איינער פון די פרומסטע און בכבוד'דיקע בעלי־בתים פון הלוסק. אמת, קיין גביר איז ער ניט געווען. ווינטער, אַז די שחיטה איז געווען אַ גרויסע און עס איז געווען גענוג חלב צו מאַכן ליכט און די איבעריקע צו שיקן קיין באברויסק אין די זייף פאַבריקן, איז אויך געווען היונה. נאָר ווען דער זומער איז אָנגעקומען, איז געווען ניט פייגלדיק. ווייל קיין שחיטה איז כמעט ניט געווען און ר' נח, צוזאַמען מיט די שוחטים און קצבים האָבן קיין פרנסה ניט געהאַט, פלעגט טאַקע ר' נח זומערצייט ווערן אַ „סאַדאָווניק", דאָס הייסט, ער האָט געדונגען ביי אַ פּריץ אַ פּרוכט־סאָד און אַ גאָט האָט געהאָלפן און דיביימער זענען ניט באַפאַלן געוואָרן מיט ווערים און עס איז ניט געפאַלן צופיל רעגן און האָגל, האָט מען זיך דורכגעשלאָגן מיט דער הוצאה ביז ווינטער.

הלוסק האָט געהאַט אַ ישיבה, ווו צענדליקער בחורים האָבן געלערנט. דער ראש הישיבה איז געווען דער באַוווסטער גאון און צדיק ר' ברוך־בער לייבאָוויץ ז"ל.

צוליב דער ישיבה איז אין הלוסק געווען אַ סך „איידעמס אויף קעסט", וואָס די רייכערע בעלי־בתים פלעגן נעמען פאַר זייערע טעכטער. אַ סך פון די הלוסקער ישיבה־בחורים זענען איצט אין אַמעריקע פּראָמינענטע רבנים.

אין 1905—1906 נאָך דער רעוואָלוציע, האָבן זיך אין הלוסק ווי אין אַ סך אַנדערע שטעט, באַוויזן פאַרדעכטיקע פאַרשוינען, שוואַרצע מאה'ניקעס וועלכע האָבן געהעצט די „מעסטשאַניעס" און די אַרומיקע דאָרפישע פויערים קעגן די יידן. די הלוסקער פועלי ציון האָבן געשאַפן אַ זעלבסט־שוץ קעגן פּאָגראָמען.

איינער פון די הויפּט־אָנפירער פון דעם זעלבסטשוץ איז געווען נתן, ר' נח ליכטמאַכערס זון. נתן איז געווען אַן אמת'ער „בן נח", אַ יונגער בחור, 17 יאָר אַלט, הויך, שטאַרק, מוטיק און ענערגיש. אים האָט מען דאָס איבערגעגעבן צו פאַר־

וואָלטן מיטן גאַנצן זעלבסטשוץ ארסענאל. דאָס גאַנצע געווער האָט נתן באַהאַלטן ערגעץ ביי זיין פאָטער אין הויז. נאָר ווען די פּאָליציי האָט אָנגעהויבן מאַכן „אָביסקן" אין יידישע הייזער, האָט ער איבערגעטראָגן דאָס געווער קעגנאיבער אין דעם רב׳ס שול און האָט דאָס פאַרשטעקט אויפן שול־בוידעם אונטער אַלטע צעריסענע ספרים. ויהי היום ווען דער קוימענ־קערער איז געווען אויפן שול־בוידעם אייסקערן דעם קוימען, האָט ער געפונען דאָס גאַנצע געווער, וואָס דאָרט איז געווען. דאָס איז געווען זומער בין מנחה למעריב.

ר׳ נח האָט געלערנט אַ בלאַט גמרא מיט נאָך יידן. דער קוימענקערער האָט דערציילט פון דעם אוצר וואָס ער האָט געפונען. נאָך אַ קליינעם ישוב הדעת וואָס די שול־יידן האָבן געהאַט בראש מיט ר׳ נח׳ן האָט מען באַשלאָסן, אַז מען זאָל דאָס געפונענע געווער אַריינוואַרפן אין דעם ברונעם פון דער „באָבע" פאַניע ליבעס. (זי איז געווען פאַר צענדליקער יאָרן די איינציקע יידישע אקושאָרקע און אַלע האָבן איר גערופן באָבע). געזאָגט און געטאָן. נאָך מעריב האָט מען דעם גאַנצן ארסענאל דערטרונקען אין ברונעם.

אַרויסברענגען צוריק דאָס געווער פון ברונעם האָט מען ניט געקענט סיידן מען זאָל אויסשעפן דאָס גאַנצע וואַסער, איז חברה געפאַלן אויף אַ המצאה. מען האָט אַרויסגעלאָזן אַ קלאַנג, אַז מען האָט געפונען אין ברונעם אַ געפּגרטע קאַץ און מען מוז דעם ברונעם אויסרייניקן.

מען האָט אָפּגעהיט ווען ר׳ נח איז ניט געווען אין דער היים און מען האָט דורכגעפירט די „רייניקונג" פון ברונעם און געראַטעוועט דעם אַרסענאל פון הלוסקער זעלבסטשוץ.

## חן / דער גאון ר׳ ברוך־בער לייבאוויטש

„ר׳ ברוך־בער" — ווערטער וועלכע זענען דערמאָנט געוואָרן מיט אַ ציטער.

אַ נאָמען וואָס האָט געזאָגט זייער פיל אין דער רבנישער וועלט — אַ גאון, אַ גדול, אַ בעל־מידות. ביי זיינע תלמידים האָט ער געהייסן דער רבי „ר׳ ברוך־בערל" — נישט קיין „בער" — וואָס שרעקט, שטויסט אָפּ פון זיך. זיין ליבלעכער קוק האָט געוואַרעמט, מקרב געווען הונדערטער תלמידים. זיי האָבן געפונען אין אים דערמוטיקונג, הילף, האָפענונג. אין זיינע תמימותדיקע בליקן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער צער און טרויער פון תלמידי־חכמים.

זאָגט ער אַמאָל אַ „שעור" לויט זיין שטייגער. פרעגט אים אַ תלמיד אַ קשיא. שטעלט ער זיך אָפּ און מאַטערט זיך אויפווייזן, אַז ס׳איז טאַקע אַ האַרבער ענין. פאַרטיפט זיך אַ פּאָר מינוט און ענטפערט ערנסט אַ צופרידענער: „זון מיינער! גוט געפרעגט, ס׳קומט דיר אַ אמתער „יישר־כח"! קוקן זיך איבער די תלמידים און וווּנדערן זיך. נאָכן שעור פרעגן זיי: „רבי! איר ווייסט דאָך אַז די קשיא איז קיין קשיא ניט. צו וואָס זשע זיך מאַטערן אומזיסט?" האָט ער געזאָגט: מ׳דאַרף אַרויסצייגן דעם לערנער, אַז מ׳אינטערע־סירט זיך מיט אים. מ׳מוז אים דערמוטיקן, שטאַרקן. מאַכט מען אַוועק מיט ביטול אַ שאלה פון אַ תלמיד, פאַלט ער ביי זיך אַראָפּ און ער וועט שוין מער ניט פרעגן.

קומט אַמאָל אַ רב און זאָגט פאַר אים איבער אַ שטיקל תורה, וואָס ער האָט מחדש געווען. הערט ר׳ ברוך־בער אויס, שאָקלט צו מיטן קאָפּ און זאָגט: איר האָט עס טאַקע מחדש גע־ווען, און ס׳איז גאַנץ גוט.

ווען דער רב איז אַוועק — זאָגן די תלמידים: רבי! ווער נאָך ווי איר ווייסט, אַז די חידושי תורה זענען ניט זיינע און ער האָט עס אַרויסגענומען פון ר׳ עקיבא אייגער.

זאָגט ר׳ ברוך־בער בתמימות: ווען דער רב ווייסט, אַז ר׳ עקיבא אייגער זאָגט עס, וואָלט ער דאָס געזאָגט אין זיין נאָמען. „כל האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם". — ווי עס ווייזט אויס אָבער האָט ער ר׳ עקיבא אייגערס חידושי תורה ניט געזען און גראָדע האָט ער צוגעטראָפן ר׳ עקיבא אייגערן, אם כן תבוא עליו ברכה.



הרב ר׳ שלמה פּאָליאַטשעק ז״ל (דער מייטשעטער עילוי)

דער מייטשעטער עילוי הגאון ר׳ שלמה פּאָליאַטשעק* (ראש ישיבה אין לידע און אין ניו־יאָרק) אין זיינע לעצטע יאָרן אין ישיבת ר׳ יצחק אלחנן, זייענדיק אין ווילנע האָט ער באַזוכט די ישיבה „כנסת־בית־יצחק".

ר׳ ברוך־בער האָט ניט געוואָלט זאָגן אַ שעור, דערקלערנ־

* אָפּהאַנדלונגען וועגן אים האָבן געשריבן זיינע תלמידים נ. כי־ניטש אין „הצפירה" 6 יאנואר, 1928, וואַרשע, און הרב ניסן וואקסמאַן אין „תלפיות" שנה ו׳ חוברת א־ב, ניו־יאָרק.



הרב ר׳ ברוך־בער לייבאָוויטש

דיק, אַז ער און דער מייטשיטער עילוי זענען ביידע ר׳ חיים בריסקערס תלמידים, און דער מייטשיטער האָט געלערנט ביי ר׳-חיימען שפּעטער. ווי קען ער ר׳ ברוך־בער זיך דערלויבן זאָגן אַ שעור, ווען ס׳איז דאָ שפּעטערע דברי־תורה פון דעם רבין וועלכע זענען זיכער בעסער.

אין יענעם טאָג האָט ער קיין שעור ניט געזאָגט און פאַרבראַכט מיטן מייטשיטן עילוי קוויקענדיק זיך מיט ר׳ היימ׳ס לעצטע חידושי תורה און מיט די זכרונות פון גרויסן גאון ר׳ חיים בריסקער.

ביי ביידע גדולים — ר׳ ברוך־בער און דער מייטשיטער עילוי זענען געוועזן פיל געשריבענע מאַנוסקריפּטן. האָט מען זיי געפרעגט פאַר וואָס האַלטן זיי זיך אָפּ פון דרוקן זייערע חידושים, וואָס וואָלטן זיכער פאַראינטערעסירט דער רבניש־לומדישער וועלט.

האָבן זיי געענטפערט: „וווּנדערבאַרע מאַנוסקריפּטן זענען פערבליבן פון רבין — דעם גרויסן ר׳ חיים בריסקער — זיי לעכצן און וואַרטן פאַר אַ גואל, ווי קענען מיר טראַכטן וועגן פאַרעפנטלעכן אונדזערע כתבים כל זמן דעם רבינס הייליקע רייד זענען ניט געדרוקט״.

זיי ביידע זענען געווען באַוווּסט אַלס גוואַלדיקע פאַרערער פון זייער רבינס תורה. דער מייטשיטער עילוי צוזאַמען מיט זיין חבר, דער מירער ראש־ישיבה, הרב ר׳ אליעזר פינקל, האָבן זיך שטאַרק באַטייליקט אין העלפן אַרויסצוגעבן זיינע כתבים.

אין משך פון יאָרן זענען געדרוקט געוואָרן זייערע ספרים: „חידושי ר׳ חיים הלוי״, אין בריסק, תרצ״ו. חידושי ר׳ שלמה פּאָליאַטשעק״, ניו־יאָרק, תש״י. ר׳ ברוך בערס כתבים זענען אַרויס אין אייניקע חלקים אויף ש״ס אונטערן נאָמען „ברכת שמואל״, זיי זענען זייער פּאָפּולער צווישן אַלע בני תורה אין די ישיבות. ר׳ ברוך־בער ז״ל ווערט באַטראַכט אַלס דער גרעס־טער ראש־ישיבה פון לעצטן דור און כמעט אַלע גרויסע ראשי־ישיבות פון דער וועלט זענען זיינע תלמידים.

# הראַזאָווע

גראָזאָוו (הראָזאָווע) — אַ שטעטל; איינוואוינער 211. די שטעטל האָט באַקומען פּריוויליעגעס אין 1693, 2 מאָנאַסטירן, ניקאָלכקי און יאַן באָגאָסלאַווסקי, 2 פּראַוואָסלאַווישע קלויסטערס, אַ קאַטוילישע קירכע, 2 יידישע בתי תפילה, 1 שול, 11 קראָמען און אַ פאַבריק פון ביר.

(לויט דער ענציקלאָפּעדיע פון ברוקהאוז־עפראָן)

## ש. פרומקין / הראַזאָווע

מ׳האָט דערציילט, אַז אַ פּוילישער מאַגנאַט פון דער אימעניע גראַזאַוואַק, האָט אויסגעטיילט אַ היפּשן שטח פון זיין גוט און געגרינדעט אַ שטעטל מיטן נאָמען גראַזאָוו.

דאָס דאָזיקע שטעטל האָט געזאָלט דינען אַ צענטער פאַר די אַרומיקע אימעניעס און פאַר די פּויערים פון די גרויסע באַפעלקערטע דערפער.

דאָס שטעטל האָט זיך צעשפּרייט מיט אירע 4 געסלעך צווישן הויכע באַוועלדערטע בערג פון איין זייט און אַ טיפן זומפּ פון דער אַנדער זייט. אַ שמאָלע טייכל האָט געפליסט דערנעבן און זיך צונויפגעגאָסן מיטן אויבערשטן שטראָם פון ניעמאַן.

די באַפעלקערונג איז באַשטאַנען אַממערסטן פון יידן, וועלכע האָבן זיך אַריבערגעצויגן אַהין פון די אַרומיקע דערפער. און אַזוי טאַקע פלעגט מען זיי רופן: באלעוויטשער, באסלעוויטשער, כרינאווער און אַז.וו. דאָס רוב משפחות האָבן געצויגן זייער יחוס פון זייערע באָבעס, אַזוי ווי „ריוועס״, „חיות׳עס״, „ראַשעס״. געווען זענען אויך משפחות וואָס האָבן זיך געיחוסט מיט זייערע זיידעס: די אַריה׳ס, די חנא׳ס און די ברוכ׳ס.

פון די געהויבענע משפחות איז כדאי צו דערמאָנען די „ריוועס״, פון וועלכע ס׳זענען אַרויסגעקומען אברהמ׳ל ריוועס וויגאדסקי, דער גרויסער בעל אכסניא, זיינע ברידער שמעון ריוועס (סעגאלאוויטש), דוד ריוועס סעגאלאוויטש, זייערע שוועסטער, זין און טעכטער. געווען זענען זיי אַנגראָ־סוחרים און געהאַנדלט מיט די אַרומיקע פּריצים און מיט די קליינע יידישע סוחרים.

פון די חיות׳עס איז אַרויסגעקומען איר איידעם, דער גרויסער סוחר ר׳ מיכאל עפּשטיין און איר טאָכטער גאָלדע, די באַזיצערין פון אַ גרויסן מאַנופאַקטור געשעפט, איר מאַן איז געווען ר׳ פסח גרינוואַלד וועלכער איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אַזש פון ליטע, אַ גרויסער למדן און אַ יפה־תואר. געשטאָרבן איז ער גאַנץ יונג פון שווינדזוכט, ניט איבערלאָזנדיק קיין קינדער.

אויך לייבע שוואַרצבאַרד, דער סטאַראָסטע איז געווען פון די חיות׳עס; ער האָט באַהערשט די רוסישע שפּראַך אין אַ געווויסער מאָס און דערפאַר פלעגט מען אים אויסקלייבן אַלס סטאַראָסטע. לאַנג האָט ער זיך ניט געהאַלטן אויף זיין פּאָסטן, צוליב געוויסע סיבות, און אויף זיין פּלאַץ איז אויסגעקליבן געוואָרן דער אַלטיטשקער, אָרעמער חיים זוסל קריגשטיין. (דעם באַוווּסטן דוד אוזדאנס זיידע).

לייבע שוואַרצבאַרדס יונגער יינגל חייקל, האָט זיך אויסגעצייכנט פון קינדוויז אָן מיט אַ גרויסן טאַלאַנט פון מאלעריי און סקולפּטור. אַלס יינגל פון 10 יאָר, האָט ער געמאָלן גרויסע לאַנדשאַפטס־בילדער און פּאָרטרעטן, פון וועלכע איך געדענק דאָס בילד פון זיין פעטער ר׳ פסח גרינוואַלד, וועמענס פּאָרטרעט איז געהאַנגען לאַנגע יאָרן ביי ר׳ מיכל עפּשטיינען אין זאַל. אויך האָט ער אויסגעקריצט און געהאַקט פון ווייכע שטיינער פאַרשיידענע פיגורן. אין שטעטל פלעגט מען זאָגן, אַז זיין מוטער האָט געשטאַמט פון ווילנע, דעם באַרימטן אַנטאקאלסקיס אַ שוועסטער. די משפחה, וועלכע האָט זיך געיחוסט נאָך דער באָבע כאַשע, איז געווען ניט קיין פאַרמעגלעכע און פון איר זענען אַרויסגעקומען שמשים, מלמדים און קליינע דאָרפס־הענדלער. די באבע ראַשע, ווי ס׳ווייזט אויס, איז געווען אַ מוטיקע פרוי מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער. אירע זין, איטשע ראַשעס און זיינע ברידער דוד און שואל זענען אייניקע פינגער פון זייער רעכטער האַנט געווען אָפּגעהאַקטע. דאָס האָט געטאָן די באבע ראַשע מיט אירע אייגענע הענט, ווען די קינדער זענען נאָך געווען פּיצלעך, כדי מ׳זאָל זיי ניט כאַפּן אַלס רעקרוטן. די רייכע פלעגן באַפרייט ווערן דורך אַנדערע מיטלען.

די באַוווּסטע משפחה גראַזאָווסקי אָדער ראַזאָווסקי (לויט מענדעלע מו״ס) שטאַמט פון איינעם אַ געוויסן ר׳ פייוול הראַזאָווער, אַ ייד, אַ גרויסער למדן, אַ ראש ישיבה. פון דער משפחה שטאַמען אָפּ אַלע גראַזאָווסקיס און ראַזאָווסקיס איבער דער ברייטער וועלט. פון זיי איז באַוווּסט דער באַרימטער מחבר, לינגוויסט יהודה לייב גראַזאָווסקי, דער פערפאַסער פון דעם העברעאישן ווערטער־בוך.

פון דער פאַמיליע שולמאַן, די ערשטע איינוווינער אין שטעטל איז געווונטשן צו דערמאָנען דעם הראַזאַווער דיין און גבאי פון בית מדרש ר׳ שמערל שולמאַן, — אַ ייד אַ צדיק, אַ מוסמך פון דעם סלוצקער רב ר׳ יאשע־בער סאָלאָ־ווייציק, געלעבט האָט ער און זיך דערנערט פון זיין פּראַצע, און קיינמאָל ניט מסכים געווען אָנצונעמען רבנות. די משפחה שולמאַן איז געווען אַ גאַנץ פאַרצווייגטע און אירע מיטגלידער זענען צעשפּרייט איבערהויפּט אין אַמעריקע אַלס שוחטים און רבנים. דער באַוווּסטער הראַזאַווער רב ר׳ שמואלקע איז געווען אַן איידעם פון די אַרקאַוויטשעס. דער פאַמיליע־נאָמען פון די אריה׳ס איז געווען שקליאַר, זיי זענען געווען בויערס, קצבים, שמידן, פיזיש־שטאַרקע, קרעפטיקע, מענטשן מיט געזונטע מוסקולן און טאָמער האָט אויף אַ יריד אויסגעבראָכן אַ סקאַנדאַל, אַ געשלעג צווישן יידן און שכורע פּויערים, איז גענוג געווען ס׳זאָלן זיך באַווייזן אין מאַרק די אריה׳ס און צעלאָפן האָבן זיך די שכורע פּויערים מיט די פערד־הענדלער־ציגיינער ווי מייז אין זייערע לעכער. ס׳איז כדאי צו פאַרצייכענען דעם נאָמען אָרע דער שענקער, אָדער אָרע כרינאַווער, אויך אַ בעל־אכסניא פון צווייטן ראַנג, אַנטקעגן ר׳ אברהם וויגאַדסקיס געהויבענע אכסניא. דאָרטן ביי אָרען אין קעלער האָבן חברה לייט געקענט מאַכן אַ גוטן שנאַפּס מיט צובייסן.

דער קעלער איז געווען אָנגעפילט מיט פעסער ווייין און אָרע אַליין איז געווען אַ ספּעציאַליסט אויף מאַכן ראָזשינקעס־ווייין פאַר שטעטלדיקע בעלי־בתים. זיין זון מאיר אָרעס איז געווען באַוווּסט אַלס גיבור, וועלכער האָט אָנגעוואָרפן זיין מורא אויפן גאַנצן יריד. שפּעטער אַלס סאָלדאַט אין דער רוסישער אַרמיי, פאַר שטאַרק צעשלאָגן אַ אָפיצער איז ער פאַרשיקט געוואָרן אַלס אַרעסטאַנט אין אַ דיסציפּלינאַר־באַטאַליאָן. פון דאָרטן איז ער אַנטלאָפן קיין אַמעריקע.

אין שכנות מיט אָרע דעם שענקערס אכסניא איז געשטאַנען דער בית־מדרש. אַמאָל איז געווען דערביי אויך אַ קאַלטע שול, נאָר אין איינער פון די אָפטע שריפות איז די קאַלטע שול אָפּגעברענט געוואָרן און מער ניט אויפגעבויט. געווינטלעך איז אין בית מדרש ניט געווען ענג, ערשטנס ווייל „עמך״ האָט געדאַוונט אין שטיבל פון פאַליש און צווייטנס ווייל צו יענער צייט האָבן פיל שטעטלדיקע עמיגרירט קיין אַמעריקע, אָבער אין ימים נוראים טעג איז דער בית מדרש געווען איבערפולט, ווייל אַלע אַרומיקע ישובניקעס מיט זייערע גרויסע פאַמיליעס האָבן אָנגעפילט דאָס שטעטל און אויך די שול. אין מזרח־וואַנט פון בית־מדרש, חוץ דעם רב און דער אַראַנדאַטאַר פון הראַזאַווער הויף ר׳ שלמה נייקרוג, אַ ייד אַ למדן, זענען געשטאַנען די פני פון שטעטל, מיוחסים נגידים ווי די אַרקאַוויטשעס, מיכל חיות׳עס מיט זיינע זין, די ריוועס — ר׳ אברהם וויגאַדסקי, זיין ברודער שמעון סעגאַלאָוויטש (דער שינוי השם — וויגאַדסקי — איז געווען אַ סגולה צו באַפרייען זיך פון מיליטער־דינסט), און זיין זון דער רייכער סוחר לייבל שמעונ׳ס — דאָך איז די מזרח־וואַנט געווען אויך דעמאָקראַטיש. צווישן די נגידים זענען געזעסן נחום דער שוסטער און משקה דער שמיד.

דער ערשטער האָט געהאַט אַ חזקה אויף קריאת התורה שבת צו מנחה, און מאָנטיק און דאָנערשטיק. דער צווייטער אַ האַראַפּאַשנער ייד, געאַרבעט אין קוזניע מיט זיינע זין, אָבער געווען איז ער אַן איידעלער און פיינער בעל־הבית אין שטעטל און גענומען אַ למדן אַלס איידעם פאַר זיין טאָכטער. דאָרטן איז געשטאַנען אויך שאַיע חנה׳ס גרייסוף און מיט אַ צייט צוריק איז ער געווען אַ סטאַראַסטע און צוליב פאַרשיידענע סיבות אַנטלאָפן קיין אַמעריקע. ק׳מענדיק צוריק איז ער געווען אַ באַשיידענער קצב אין שטעטל אין זיין חזקה איז געווען שבת בין השמשות פאַרזאָגן די פסוקים פון „אשרי תמימי דרך״ און שיר המעלות מיט אַ שטאַרקן, געשמאַקן און זיסן קול. זיין זון חאָנע, אַ פעל הענדלער, איז געווען אַ משכיל, געשריבן מליצהדיקע קאָרעספּאָנדענציעס אין די העברעאישע צייטונגען. נאָך אַ משכיל איז געווען אין שטעטל, אַ נסתר חצקאל הורוויץ, אויך אַ פעל הענדלער דעם באַוווּסטן י. ל. גראַזאַווסקיס אַ שוואָגער. אין מיינע קינדהייט יאָרן האָב איך ביי אים אין שטוב אַנטדעקט אַן אוצר פון העברעאישע ליטעראַטור פון „כור־עוני״ (ראַבינזאָן קרוזא), „אהבת־



ר׳ חיים זוסל קריגשטיין (ר׳ דוד יוזדאנס זיידע)

ציון״ ביז אַ פאַלקאָמען קאָמפּלעט פון „השחר״ (סמאָלענסקינס). פון דאָרטן האָט זיך פאַרשפּרייט די השכלה אין שטעטל. אין אַ ווינקעלע ביי דער בימה איז געזעסן דער אַלטיטשקער ר׳ חיים זוסל קריגשטיין, אַ זעלטענער טיפּ. אַמאָל איז ער געווען אַ ישובניק, נאָר שפּעטער איז ער אַריבער אין הראַזאַווע מיט זיינע טעכטער. די זין זענען פאַרבליבן ישובניקעס אין דאָרף. ר׳ חיים זוסל האָט באַהערשט די רוסישע שפּראַך, יינגלעך און מיידלעך פלעגן קומען אין זיין אָרעם נידעריק שטיבעלע לערנען ביי אים, לעזן און שרייבן רוסיש. אַן אָרעמאַן איז ער פאַרבליבן כל ימיו, אַפילו נאָכדעם ווי ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס סטאַראַסטע.

דער גרעסטער למדן אין שטעטל ר׳ שמערל שולמאַן, האָט ניט מסכים געווען זיצן אין מזרח־וואַנט און איז געזעסן תמיד אויף אַ זייטיקער באַנק אין בית־מדרש.

ביים גרויסן וואַנט־זייגער אין שול איז געזעסן ר׳ אברהם שאַיע, אַן אַלטער ייד איבער 100 יאָר, ר׳ אברהם וויגאָדסקיס ערשטער שווער. הגם ער איז געווען פאַלקאָם בלינד, דאָך איז ער געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין בית־מדרש און געלערנט אויסנווייניק. די ישיבה בחורים, קומענדיק בין הזמנים אַהיים, פלעגן זיך אַריינכאַפּן אין בית מדרש לערנען אַ בלאַט גמרא. אין שווערע ענינים האָבן זיי זיך געווענדעט צו ר׳ אברהם שאַיען און ער דער סגי־נהור האָט געלייזט אַלע זייערע ספיקות. שמואל דער שניידער, הגם איך געדענק אים ניט אַלס שניידער, אָבער אַזוי האָט מען אים גערופן, איז געווען אַ גוטער בעל־תפילה שבת און יום טוב און געהאַט חזקה אויף תפילות שחרית אין ימים נוראים.

דער ערשטער רב, וועלכן איך געדענק, איז געווען ר׳ שמואלקע עפשטיין. מ׳זאָגט אויף אים, אַז אין די יונגע יאָרן איז ער געווען אַ סוחר. פיל ווערט דערציילט פון זיין חכמה, לומדות, און שאַרפזיניקייט. יאָרן לאַנג איז ער געזעסן אויפן כסא־הרבנות אין שטעטל. אויף דער עלטער האָט ער זיך געקליבן פאָרן קיין ארץ־ישראל און איבערגעגעבן די רבנות זיין איידעם — ר׳ שמעון צבי סקאָקאַלסקי (אויך אַ געוועזע־נער סוחר), אַ קלוגער, אַ וועלטלעכער מענטש. צוליב געוויסע סיבות האָט ער אויפגעגעבן די רבנות און אויף זיין אָרט איז אָנגעקומען הרב ר׳ חיים פישל עפשטיין, אַ משכיל, אַ ציוניסט, וועלכער האָט פאַרעפנטלעכט העברעאישע ציוניסטישע לי־דער אין זשורנאַל „הפסגה״. די שטעטלדיקע לומדים, זענען געווען זיינע קעגנער (צוליב זיין ציוניזם, אָבער באַליבט איז ער געווען ביים המון ביז עס האָט אויסגעבראָכן אַ מח־לוקת, און זיין הכנסה, וועלכע איז ביז אַהער אויך געווען בצמצום איז נאָך קלענער געוואָרן. צוליב דעם איז ער געווען געצוווּנגען זוכן אַ רבנות ערגעץ אַנדערש, און ער איז געוויילט געוואָרן אַלס רב אין דער ליטווישער שטאָט סייני.

מ׳דערציילט, אַז ווען ר׳ חיים פישל מיט זיין פאַמיליע האָבן פאַרלאָזן הראזאָווע זענען געגאַנגען אים באַגלייטן פיל חשובע בעלי־בתים ביז העק ווייט הינטערן שטעטל.

רופט זיך אָפּ איינער פון די באַגלייטער: „רבי, אָבער הראזאָווע איז דאָך פאָרט אַ פיין שטעטל!״

דערויף האָט באַמערקט שאַרפזיניק ר׳ חיים פישל: יע, איצט ווען די בעלי־בתים זענען דאָ און ניט דאָרטן, איז הראזאָווע טאַקע זייער אַ פיין שטעטל.

נאָך אים איז געווען רב אין הראזאָווע ר׳ נחמן יוסף. ער האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער עקאָנאָמישער לאַגע פון שטעטל. דורך זיין השתדלות איז געגרינדעט גע־וואָרן אין שטעטל אַ ליי־און שפּאָר־קאַסע.

איינע פון די הראזאָוועער משפחות האָט זיך געיחוסט נאָך זייער זיידן ברוך: מיכל ברוכ׳ס, מאיר ברוכ׳ס, משה אהרון ברוכ׳ס און זייערע שוועסטער.

אין הראזאָווע פלעגט מען זאָגן, אַז דער זיידע ברוך פלעגט פאָרן האַנדלען אויף ירידן און פלעגט פאַרשפּעטיקן.

דערפון נעמט זיך דאָס שפּריכוואָרט: ער קלייבט זיך ווי ברוך אויפן יריד.

אין שטעטל זענען געווען פיל חדרים, אברהמ׳ל דער חסיד איז געווען אַ מלמד דרדקי און בערל חיים גראזאָווסקי איז געווען אַ גמרא־מלמד. ביז בר־מצוה פלעגן יינגלעך לערנען אין חדר און נאָכדעם אַ טייל איז אַוועק לערנען אין סלוצקער ישיבות און די איבעריקע זענען צוגעשטאַנען צום פאַך פון זייערע עלטערן און געבליבן אין שטעטל ביזן פריזיוו און דערנאָך אַוועק קיין אַמעריקע. מיידלעך בעלי־בתישע פלעגן זיצן ביי די עלטערן און וואַרטן אויף זייערע באַשערטע. טעכ־טער פון אָרעמען קלאַס זענען געווען נייטאָרינס, אָדער גע־האָלפן זייערע עלטערן אין בעקעריי און דאָס גלייכן. אַ טייל פון זיי איז אַוועק אין די נאָענטע און אַפילו ווייטע שטעט, געדינט אַלס דינסטן אין רייכע הייזער, רעסטאָראַנען. ביים צוריקקומען אין שטעטל אַ ביסל אויסגעפּוצטע, פאַרפאַרבטע, געפּריזירטע, האָבן די שטעטלדיקע פרומע ווייבער אויף זיי קרום געקוקט.

אין יאָר 1888 איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה אין שטעטל און ס׳האָט אָפּגעברענט דער גאַנצער מאַרק מיט אַלע קראָמען און די מינסקער גאַס. ביסלעכווייז איז דאָס שטעטל געקומען צו זיך און ס׳האָבן זיך אויסגעבויט שענערע הייזער און קראָמען, ווי מ׳זאָגט „נאָך אַ שריפה ווערט מען רייך״. קיין אַנדערע גרויסע שריפות געדענק איך ניט.

איך האָב פאַרלאָזן מיין געבורטס־שטעטל אין יאָר 1903. לויט ידיעות וועלכע האָבן מיר דערגרייכט אין מיינע וואַנ־דערונגען, האָט די שטעטל געדינט אַלס „דאַטשע״ פאַר דער סביבה. הראזאָווע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע וועלדער און זומער־צייט איז דאָס שטעטל געווען איבערפולט מיט דאַטשניקעס. פון הראזאָווע זענען אַרויסגעקומען כלל־טוער און עסקנים אין אַמעריקע ווי: ישראל שווידעלסאָן, דער פאָרזיצער פון סלוצקער רעליעף אין ניו־יאָרק, שמואל באַראָווסקי, איינער פון די גרינדער פון דער „הסתדרות עברית״ אין ניו־יאָרק און געוועזענער מנהל פון דער באָוווס־טער „מחזיקי תלמוד־תורה״ אין באָרא־פּאַרק, דוד אוזדאַן אַ גרויסער ביזנעס־מאַן אין ניו־יאָרק, וועלכער האָט פיל מיט־געהאָלפן אַרויסגעבן דעם בוך „סלוצק און איר סביבה״.

אויך ש. נחמני (נאַחמאַנאָוויטש), איינער פון די גרינדער פון „חדר מתוקן״ אין סלוצק, לערער אין פיל אַנדערע שולן ווי אין קיעוו און אין ארץ ישראל, רעדאַקציע מיטגליד פון דאָזיקן בוך און איבערזעצער פון דער נייער רוסישער ליטע־ראַטור אין הברעאיש, שטאַמט פון הראזאָווע.

דער ביטערער גורל פון אומקום האָט אויך דערגרייכט הראזאָוועער יידישער באַפעלקערונג. ווי ס׳גיט איבער איינער פון די עולים קיין מדינת ישראל איז ער דורכגעפאָרן הראזאָווע אין יאָר 1946, געזוכט יידן און געפונען נאָר איין פרוי מיטן פאַמיליע נאָמען וועגדראַף. איך דענק, אַז זי שטאַמט פון דעם אויבנדערמאָנטן שמואל שניידערס משפחה. שפּעטער איז די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אומגעקומען דורך די נאַצישע רוצחים.

זאָלן מיינע שורות דינען אַלס אָנדענק און מצבה מיין באַליבטער געבורטס־שטעטל.

# ב. עפשטיין (באשע גרייסוד) / מיט 60 יאר צוריק

(לויט אַ בריוו פון ניו־יאָרק צו ש. נחמני)

איר פערלאַנגט פון מיר אין אייער בריוו, איך זאָל אָנ־שרייבן מיינע זכרונות וועגן אונזער שטעטל. איך דאַנק אייך זייער, אָבער לײדער בין איך אַ קליינע שרייבערין און צווייטנס איך האָב פאַרלאָזן הראזאווע מיט 55 יאָר צוריק און כמעט אַלעס פאַרגעסן. דאָך וועל איך פּרווון אָנשטרענגען מיין זכרון און אָנשרייבן עפּעס, אפשר וועט עס טויגן פאַרן „יזכור־בוך".

## וועגן ציוניזם

איך געדענק ווי אייינמאָל, אַ שבת, אָדער אַ יום־טוב, זענען געקומען מיינע עלטערן פון שול און גערעדט וועגן אַ טשיקאַווע זאַך: נאָך קריאת־התורה איז אַרויף אויף דער בימה פרומע לאה'ס בחור'ל און געהאַלטן אַ רעדע וועגן ארץ־ישראל. ער האָט אַגיטירט, אַז יידן זאָלן געבן געלט פאַר ישוב ארץ־ישראל, און זיי זאָלן טאַקע פאַרלאָזן דעם גלות.

אויף זייערע רייד איז אָנגעקומען מיין פעטער ר' שאַיע חנה'ס און זיי האָבן אים געפרעגט זיין מיינונג וועגן דער ציוניסטישער רעדע אין שול. דערויף האָט ער געענטפערט: „וואָס רעדסטו? וואָס היינטיקע קינדער קענען אויסטראַכטן און אויפטאָן"! האָט זיך מיין מוטער אַריינגעמישט און גע־זאָגט: „וואָס איז פאַראַן וואָס צו ריידן, אַז מיר וועלן זוכה זיין און תשובה טאָן, וועט משיח קומען און ער וועט אונז פירן אין הייליקן לאַנד".

## וועגן אייער מוטער

איך געדענק אייער מוטער פרומע לאה. זי איז געווען די אקושערקע פון שטעטל, ניט קיין שטודירטע. אין אַלגעמיין זענען נאָך דאַן ניט געווען אין די קליינע שטעטלעך אויס־געשטודירטע אַקושערקעס.

מען פלעגט איר אַרויסרופן צו רייכע און צו אָרעמע. פלעגט טרעפן גאַנץ אָפט, אַז אויסער דער קינפעטאָרין איז די הויז געווען פול מיט קליינע קינדער און אייך אַלעמען האָט זי געדאַרפט אַכטונג געבן און באַזאָרגן זיי. זי האָט שווער און ביטער געהאָרעוועט און ניט אַלע האָבן געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן, נאָר דערפון האָט זי זיך ניט געערגערט. „אַ מצוה איז טייערער פון געלט", פלעגט זי זאָגן.

### ר' יעקב גרייסוד און זיין ברודער שאַיע האַנעס (ר' שאַיע גרייסוד)

מיין פאָטער איז געווען אַ דעפוטאַט אין דער אופראַווע. דער סטאַראָסטע איז דאַן געווען לייבע חיוטעס (לייב שווארצבארד). די 12 דעפוטאַטן פלעגן זיך צוזאַמענטרעפן אין דער אופראַווע, אַז מ'פלעגט ברענגען מיטן עטאַפּ אַן אַרעסטירטן יידן — אָן אַ פּאַספּאָרט און ער האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ הראזאווער, פלעגט מיין פאָטער זיך אונטערשרייבן און באַשטעטיקן, אַז ער האָט געקענט זיין זיידן און זיין טאַטן, אַבי אַרויסצונעמען אַ יידן פון גוישע הענט.

מיין פעטער שאַיע חנעס, זייענדיק דער סטאַראָסטע, איז אַמאָל דורכגעפאַלן מיט אַזאַ פאַלשע חתימה, און עס האָט געשמעקט מיט אַ שווערער שטראָף, איז ער דאַן אַנטלאָפן פון רוסלאַנד. אָבער אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער אַמנעסטירט געוואָרן און זיך צוריקגעקערט קיין הראזאווע און געפירט אַ באַשיידענעם לעבן.

*

די אַלטע באָבע שרה איז געווען אַ צדיקת. זי פלעגט באַדינען אָרעמע קראַנקע. אויך האָט זי זיך אָפּגעגעבן מיט די אָרעמע קינדער און מיט די יתומים, וועלכע האָבן געלערנט אין תלמוד תורה.

זי פלעגט וואַשן אומזיסט זייערע וועש און אַכטונג געבן, זיי זאָלן זיין זאַט און ריין.

# ביינוש עפשטיין ניו־יאָרק / מיין פאָטער

הראזאָווע איז געווען מיין פאָטערס ערשטע רבנות. מיין פאָטער, הרב ר' חיים פישל עפשטיין ז"ל, אַ געבאָרענער אין טאַווריג, איז געווען איינער פון די יינגסטע תלמידים אין וואָלאָזשין, ווען די ישיבה איז פאַרמאַכט געוואָרן אין תרנ"ב דורך דער צאַרישער רעגירונג. צו 22 יאָר איז ער שוין געווען רב אין הראזאָווע בערך אין 1897.

די שטעטל איז געווען ווייט פון טאַווריג ניט בלויז אין שטח נאָר עס איז געווען אויך אַ מרחק רב אין ציוויליזאַ־ציע, לעבנסשטייגער.

איך בין געווען אַ קליין קינד, ווען מיינע עלטערן זענען אָנגעקומען אין הראזאָווע. דעריבער זענען מיינע זכרונות לויט ווי איך געדענק זיי — טיילווייזע.

אַלס יונגער רב, פול מיט אידעאַלן, האָט מיין פאָטער זיך שנעל אָנגעשטויסן אויף אַ ווידערשטאַנד פון אַלטע תקיפים אין שטעטל, וועלכע האָבן ניט משיג געווען דעם רב'ס דראַנג אויפצוטאָן זאַכן לטובת הכלל. מיין פאָטערס ערשטער פּאַרמעסט איז געווען איבערבויען די באָד און די מקווה. ער האָט געפונען אַ חורבה, וואָס האָט געשטעלט אין סכנה דעם עולם, ווינטער אין אַ שלעכט געהייצטער באָד און אין אַ קאַלטער מקווה, האָט ער זיך גענומען איבערבויען דעם בנין,



הרב ר' חיים פישל עפשטיין

געבראַכט אַ „פּאַראָוויק", וועלכער האָט געוואַרימט די וואַסער מיט דאַמף און געהאַט דערצו נאָך אַ פייפל, וואָס האָט אויסגעפייפט און אָנגעזאָגט די צייט פון ליכט־בענטשן. דאָס האָט געפאָדערט געלט, האָט דער פאָטער גענומען אויף זיך אַ חוב פון הונדערטער רובלס. סוף כל סוף, האָט ער יאָרן לאַנג געמוזט צאָלן דעם חוב פון זיינע שכירות. שפּעטער אין יאָרן אַרום האָט אים קהל אָפּגעצאָלט דעם חוב.

אַ צווייטער ענין איז געווען פּאַשע פאַר בהמות. כמעט יעדער ייד אין שטעטל, האָט געהאַט אַ בהמה פאַר מילכיקס, איז געווען אַ אָפּמאַך צווישן קהל מיטן פּריץ פון הויף, אַז אַ געוויסער שטח פון באָדן געהערט דער שטעטל צו פּאַשען דאָרטן די בהמות. מיטן טויט פון אַלטן פּריץ, האָט זיין טאָכ־טער, די פּריצטע, געוואָלט מבטל זיין דעם אָפּמאַך.

אַזוי ווי מיט דער צייט, האָבן די שטעטלדיקע תקיפים איינגעזען, אַז דער רב איז טאַקע אַן אמתער מנהיג, זענען זיי געקומען צום רב, ער זאָל זיך נעמען אויף צום ענין פון „פּאַשע".

איז דער פאָטער אַוועקגעפאָרן קיין מינסק און איבערגעגעבן דעם ענין דעם באַקאַנטן אַדוואָקאַט שמשון ראָזענבוים, (דער שפּעטערדיקער מיניסטער אין ליטע), וועמען דער פאָטער האָט געקענט פון ציוניסטישן צוזאַמענפאָר אין מינסק.

די פאַרהאַנדלונגען מיטן „הויף" זענען געפירט געוואָרן דורכן פאָטער אין הראָזאָווע און מען איז געקומען צו אַ צופרידנשטעלנדער פּשרה פאַר ביידע צדדים. אין שטעטל איז געווען אַ אוראַדניק אַ „כאַבאַרניק", וועלכער האָט זיך אָנגעזעצט אויף די יידישע קרעמער און אין די צוויי מערק־טעג זונטיק און דאָנערשטיק, האָט ער געהייסן די יידן האַלטן פאַרמאַכט זייערע קראָמען.

דער פאָטער האָט זיך געזעען מיטן סלוצקער „איס־פּראַווניק" און דער אוראַדניק האָט פאַרלאָרן זיין פּאָסטן.

איך געדענק אויך אַלס קליינער יינגל, ווי אין שטוב איז געזעסן אַ זשאַנדאַרמסקער אָפיצער און גענישטערט צווישן דעם פאָטערס ספרים און כתבים. עמיצער האָט געמסרט אין דער מינסקער „אָכראַנע", אַז דער הראָזאָווער רב „פּרעדיקט רעוואָלוציע" און ער פירט אָן מיט פאַרבאָטענע ציוניסטישע טעטיקייטן. מע האָט גענומען דעם פאָטער אויף אַ פאַרהער און גענישטערט אין זיינע פּאַפּירן און ספרים. זיין גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ איז איבערגעגעבן געוואָרן אַ צענזאָר. אין חדשים אַרום איז אַלעס צוריקגעקערט געוואָרן מיט אַ ענט־שולדיקונג.

די יוגנט אין שטעטל, האָט געקוקט אויפן רב מיט גרויס דרך־ארץ און פלעגט אַפילו לייכט אַראָפּשלינגען דעם רב'ס מוסר דרשות, דאָס זיי בלאָנדזשען אין פרעמדע פעלדער.

הראָזאָווע איז אויך געווען די איינציקע שטעטל, ווו „ציצעליסטן" האָבן ניט געוואַגט קומען אין בית־מדרש האַלטן זייערע דרשות, ווי זיי פלעגן עס טאָן אין אַנדערע שטעטלעך אונטערן דרוק פון „פּיסטאָלעטן". איך געדענק, ווי דער פאָטער, האָט מספּיד געווען דעם לעבעדאָווער רב, וועמען רעוואָלוציאָנערן האָבן דערשאָסן ביי אַן איבערפאַל.

דעם פאָטערס השפּעה אין שטעטל איז געוואַקסן מיט יעדן יאָר, אַדאַנק אים איז אַ היפּשע צאָל הראָזאָווער יינגלעך אַוועק לערנען אין ישיבות. מיט די יונגע לומדים פון שטעטל, פלעגט דער פאָטער „ריידן אין לערנען". אַ געוויסער טייל תשובות פון זיין ספר „תשובה שלימה", שטאַמט פון יענער צייט, מען פלעגט קומען צו אים אויף „דין־תורות" פון אַרומיקע שטעטלעך.

דעם רב'ס הויז איז געווען פאַר די שטעטלדיקע אַ פאַר־בינדונגס צענטער מיט דער אויסערער וועלט. דער פאָטער האָט אַבאָנירט מיטן נאָך 2 שותפים, אויף דער פּעטערבורגער רוסישער צייטונג „בירזשעוויע וועדאָמאָסטי" און אויפן „הצפירה".

ווען עס זענען אָנגעקומען די ידיעות אין 1905 וועגן די פּאָגראָמען אויף יידן אין ביאַליסטאָק, שעדלעץ, איז דער פאָטער אַרומגעגאַנגען אַ צעטראָגענער און אַ צעבראָכענער. אין שטעטל האָט מען זיך געשראָקן פאַרן יריד, די פּויערים זאָלן ניט מאַכן קיין פּאָגראָם. פון סלוצק זענען אַראָפּגעקומען עטלעכע בחורים מיט באַשליקעס אויף זייערע פּלייצעס און

געשפּאַצירט צווישן די פויערים. ס'האָט זיך פאַרפּרייט אַ קלאַנג, אַז די יידישע „סאַמאָאַבאָראָנאַ" (זעלבסטשוץ), האָט ביי זיך עלעקטרישע שטראַלן צו פאַרברענען דערפער. די פויערים זענען געשווינד נעלם געוואָרן און זיך געלאָזן וואָס שנעלער אַ היים.

פויערים פלעגן קומען צום רב משפּט'ן זיך מיט יידן.

אין שטעטל האָט מען גערעדט: „לאַנג וועט דער רב ביי אונדז זיך ניט האַלטן, מען וועט אים אַרויסכאַפּן ביי אונדז". דעם פּאָטער אָבער איז באַשערט געווען זיצן צען יאָר אויפן הראָזאָווער כסא הרבנות. ער איז פיל מאָל געווען אַ קאַנדידאַט אין אַ צאָל גרויסע קהילות, אָבער זיין חיבת־ציון ראָליע איז אים געשטאַנען אין וועג: אַלטע רבנים, האָבן געקוקט קרום אויף אים צוליב זיין „ציוניזם". ערשט ווען ער איז געוואָרן רב אין סייני און אַרויסגעגעבן זיין ספר „תשובה שלימה", האָט מען אים מוחל געווען.

זיין אָננעמען דעם סייניער כתב רבנות איז אין הראָזאָווע אויפגענומען געוואָרן אויף אַ דראַמאַטישן אופן. אין אַ הערבסטיקן אָוונט, זענען אָראָפּגעקומען צוויי יידן און זיך נאָכגעפרעגט אויפן רב. מען איז צוגעשטאַנען צו די יידן און זיי האָבן מודה געווען, אַז זיי קומען פון סייני, סובאַלקער גובערניע, אַן אַלטע אָנגעזעענע קהילה און זיי ווילן אויפ־נעמען אַלס זייער מרא דאתרא, דעם הראָזאָווער רב. מ'האָט געפּרוווט זיי אָפּריידן מיט גוטן און אַפילו אויך אָנגעבאָטן קלעפּ די סייניער שליחים, זיי זאָלן זיך וואָס שנעלער אָפּ־טראָגן פון שטעטל. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, האָט דער פּאָטער אָנגענומען דעם כתב רבנות פון סייני.

אין אַ קאַלטן ווינטערדיקן טאָג, האָט די גאַנצע שטעטל באַגלייט דעם רב און זיין פאַמיליע אויפן קאַפּוליער וועג זיך צוגעזעגענען. מיר, די קינדער, זענען געזעסן איינגעטוליעטע אין די פּאָטשטאָווע שליטנס פון ראובקע פולמאַן, וועלכע האָבן אונדז געפירט קיין האָראָדיי צום באַן. אויפן פרייען פעלד, האָט דער פּאָטער געהאַלטן זיין געזעגנונגס־דרשה. דער עולם, האָט אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. דער פּאָטער האָט געווישט די אויגן און מיר קינדער צושראָקענע האָבן מיט געוויינט.

אין סייני איז דער פּאָטער געווען רב ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה. דאַן דורכגעמאַכט דייטשישע געפאַנגענשאַפט אַלס אַן ערב. געווען אַ פּליכטלינג אין סלוצק און נאָכהער אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין ליבוי (ליבאַווע).

אין 1923 איז ער געקומען קיין אַמעריקע און איז געוואָרן רב הכולל פון סט. לואיס, ווו ער איז נפטר געוואָרן תש"ב, אין עלטער פון 68 יאָר.

אויסער „שאלות ותשובות" אויף ארבעה חלקי שולחן־ערוך, האָט ער אויך פאַרעפנטלעכט אַ ספר „מדרש החיים" אויף דרוש.

# מענדעלע מוכר־ספרים / ר' נחום הראזאווער

(פראַגמענט פון „שלמה ר' חיימ'ס")

אַז ר' נחום פון'ם שטעטל רויזעוו האָט אויסגעגעבן די יונגסטע טאָכטער זיינע און איז געבליבן אויף דער עלטער אַן אַלמן, האָט ער זיך פאַרנומען פאָרן בלי נדר שטאַרבן אין ארץ־ישראל. נאָר אַזוי ווי ביז דעם שטאַרבן באַדאַרף דאָך אַ מענטש האָבן צום לעבן און אַ ייד — דערצו נאָך חתונה האָבן אויך, הייסט דאָך עס, מען באַדאַרף האָבן געלט, וואָס זשע טוט מען? בכן האָט ר' נחום געטאָן דאָס וואָס אַנדערע יידן אין אַזאַ פאַל טוען — ער איז עטלעכע יאָר אַרומגעפאָרן צווישן יידישע קינדער, פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, זיך צו געזעגענען, דאָס הייסט נעמען שיינע נדבות, און מאַכן באַשטעלונגען, אויב עס לאָזט זיך נאָר, אויף ווייטער אויך, אם ירצה השם. אַזאַ פּרנסה, ווי „געזעגענען זיך" רעכנט זיך ביי יידן שוין גאָר נישקשה'דיק, אַ זעלכער, וואָס פאָרט אַהין שטאַרבן, איז אַ בכבודיקער פון אַלע אַנדערע מיני מקבלים, בטלנים און אויך פון נשרפים אַ שטייגער, ער שמעקט שוין מיט קברות־בלעטלעך — מיט ארץ־ישראל, ער איז שוין אַ קאַנדידאַט אויף אַ ירושלמי... ר' נחום איז אַרומגעפאָרן אַזוי עטלעכע יאָר און האָט צו יידן חלילה ניט דערלייגט. מען האָט אים פאַרבעטן, דער אויף אַ וועטשערע, יענער אויף וואַרמעס און ביים געזעגענען זיך, אים געגעבן אין האַנט אַריין אויך. ר' נחום פון זיין זייט האָט זיי צוגעזאָגט דערפאַר זייער פיל הבטחות. — דעם אַזוי, יענעם אַזוי, איינעם — בעטן פאַר אים אויפן קבר פון מאיר בעל הנס, און דעם אַנ־דערן — ארץ־ישראל ערד... רבי נחום האָט ניט פאַרשעמט דאָס שטעטל קאַפּוליע ווו ער האָט געהאַט באַקאַנטע און עטלעכע ווייטע קרובים, און אין אַ שיינעם זומער־טאָג איז ער געקומען זיך געזעגענען אַהין.

געוויינטלעך עסט מען זומער אין שטעטל וועטשערע ביי דער שיין פון דער לבנה, אויב זי איז דאָ, און אויב ניט — ביי אַ חלבדיק גראָשן ליכטל, מען מאַכט עס בקיצור, און אַ גוטע נאַכט — שלאָפן! באַלד טאַקע, אָדער נאָכדעם ווי מען לופטערט זיך אין דרויסן אַביסל אויס. אין איין זומער נאַכט אָבער, זייער אַ ליכטיקע, כאָטש פערל צו קלייבן, איז ביי ר' חיימ'ן אין הויז געווען אַ פאַרענדערונג: דער טיש איז געגרייט גאַנץ פיין, ליכט ברענען אין מעשענע לייכטער, עפּעס יום־טוב'דיק. — דאָס האָט ר' חיים פאַרבעטן צו זיך רבי נחום רויזעווער אויף וועטשערע. עס האָט זיך געצויגן ביים טיש אַ לאַנגער, אַ ברייטער שמועס איבער דעם כותל מערבי און דער מערת המכפלה, איבער דעם הר הזיתים און דער מוטער רחל'ס קבר, איבער חורבות און קברים, און מען האָט פאַרביסן מיט אַ שמועס איבער פייגן, טייטלען, מילגרוי־מען און באָקסערן. אַלע האָבן זיך באַלעקט, די אויגן האָבן

געפּלאַמט, געפֿינקלט פֿאַר גרויס הנאה. ר׳ נחום איז זייער באַריידעוודיק, רעדט און רעדט, גלייך ווי ער איז שוין דאָרט געווען, אַלצדינג געזען מיט זיינע אויגן, און אַלע קוקן אים אין מויל אַריין, קוקן מיט ליבשאַפֿט, מיט גרויס דרך־ארץ און זענען אים אין האַרץ שטאַרק מקנא, וואָס אים איז באַשערט דאָרט צו זיין. עפּעס אַזוי גרינג זאָגט זיך עס: ארץ־ישראל, ירושלים! דאַכט זיך אין פֿלוג, אַ לאַנד — אַ לאַנד, אַ שטאָט — אַ שטאָט: הייזער, ערד, שטויב, מיסט, בלאָטע, נאָר ניין! עפּעס איז אַנדערש. וואָס אַנדערש, ווי אַנדערש? דאָס לאָזט זיך גאָר ניט זאָגן. עפּעס איז עס נישט מגושם גראָב, נאָר אַ רוחניות. מען בעדאַרף עס פֿילן. היינט נעמען — אויף לשון קודש, שטעט, ערטער, וואָס שטייען אין דער תורה!

דער שמועס איז דערנאָך איבערגעגאַנגען אויף אַנדערע, פּראָסטע זאַכן. ר׳ נחום איז דאָך אויסגעוועזן עפּעס אַ וועלט, זיך געזעגנט מיט אַזוי פֿיל יידן, אָן עין הרע, און אָנגעזען, אָנגעהערט זיך זאַכן גאָר אַ ים! ווילנע האָט אין דעם שמועס געשפּילט די הויפּט ראָליע; מער פֿון אַנדערע שטעט האָט מען זיך אינטערעסירט מיט איר. ר׳ נחום האָט דערציילט חידושים פֿון אירע משונה־באַרימטע רבנים, פֿון אירע ווילדע קצינים און שרעקלעך גרויסע גבירים, פֿון קלויזן, ישיבות און אָרעמע בחורים — אַי־אַי! אויסלאָזנדיק מיט האַלבע מלכות עפּעס, אין אַ געסל ערגעץ דאָרט, ווו ס׳איז סכנות, און מען שייעט זיך גיין דאָרט ביי נאַכט — שוין אויף אַ נידעריק אימעטיק קול! אַי־אַי! און גאָר צום סוף איז ער אַרויס שטאַרק אָנגעלאָדן אויף בערלינער עפּעס. — אָט די יידן פֿון די שקאָלעס דאָרט פֿון לילענטאלס כנופיא, האָט ער געזאָגט, פֿאַרדרייענדיק מיט דער נאָז, גענומען דערציילן מעשיות, חוזק מאַכן פֿון זיי, אַז דאָס זענען עפּעס ווילדע ברואים, זיצן ביי זיך, ווען קיינער זעט ניט, אָן היטלען און עסן אָן געוואַשן! די תורה זייערע באַשטייט אין לשון, און קורצע שורה׳לעך מיט מליצה, אַלץ: אַה, אַה, ווייגעשרייען!.. איינער, דער עלטסטער זייערער, עסט, זאָגט מען, שנויצן מיט ברויט. מען זאָגט, ער שטעקט אַריין אַ חלבדיק ליכטל אין דער קאַשע און עסט... שיינע ברואים, מ׳שטיינס געזאָגט — לאָזט אויס ר׳ נחום מיט אַ קרעכץ — אָ־האָ־האָ!

מילא האַלבע מלכות יאָ! דאָס האָט זיך נאָך געלייגט שלמהלען אין מוח, האַלבע מלכות זענען מסתמא קליפּות, די גוטע נקבות, ווי לילית און רוסאַלקעס, אַ שטייגער, איבער וועלכע ער האָט זיך גענוג שרעקלעכע מעשיות אָנגעהערט, ווי אַזוי זיי פֿאַרפֿירן מענטשן מיט זייערע תנועות און זענען הונדערט מאָל ערגער פֿון דעם טייוול, פֿונ׳ם אשמדאי אַליין. דעריבער איז רעכט, וואָס די ווילנער שייען זיך גיין ביינאַכט אין יענע וויסטע געסלעך. אָבער בערלינער, נישט קיין לצים, נאָר יידן מיט אַ קאָפּ, מיט הענט און פֿיס. יידן, וואָס אָן היטלען און וואָס עסן אָן געוואַשן — אַזעלכעס איז גאָר נישט צום פֿאַרשטיין!.. ס׳טייטש, ווי געשיקט זיך עס, אַ ייד — און אָן אַ היטל! ס׳טייטש, ס׳טייטש, אַ ייד — און נישט וואַשן זיך צום עסן! משוגע זענען זיי, צי חסר דעה? ווייסן זיי דען ניט, וואָס פֿאַר אַ פּסק עס קומט דערפֿאַר דאָרט — פֿעך, שוועבל און אייזערנע ריטער!.. און גאָר אָן די אַלע זאַכן, וואָס פֿאַר אַ פּנים האָט עס גלאַט אַ ייד אָן אַ היטל? — נאָר אַזעלכעס אָבער האָט דאָך געזאָגט ר׳ נחום, אַ ייד, וואָס געזעגנט זיך, וואָס פֿאָרט קיין ארץ־ישראל. אַזאַ יידן מוז מען גלויבן. אין ברירה, ביי שלמה׳לען האָט שוין געמוזט זיך לייגן אין מוח אי אַזעלכעס אויך, און דער נאָמען בערלינער האָט זינט דענסטמאָל געהאַט ביי אים דעם טייטש: אַ ייד אָן אַ היטל, וואָס וואַשט זיך ניט און עסט ברויט מיט שנויצן.

# הרעסק

## מ. ל. ג. / הרעסק

הרעסק האָט זיך געפונען אַרום 20 וויאָרסט פון סלוצק. די יידישע באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון 60 פאַמיליעס צווישן אַ קריסטלעכער מערהייט. אַרום שטעטל זענען געווען יידישע ישובניקעס, וועלכע האָבן געהאַלטן אין אַרענדע מילך־פאַקטן און אימעניעס ביי די פּריצים. צום ביישפּיל אין דאָרף האָלציץ האָט דער באַוווּסטער משכיל און גרויסער למדן ר' אלעזר זעלדאָוויטש אַרענדירט די אימעניע און דעם ברויז. דעם מילך־פאַקט האָט געהאַלטן ברוך לעווין מיט זיינע קינדער. דער שענק און די קרעטשמע איז אויך געווען אין יידישע הענט. אין האָלציץ איז געווען אַ היפּשע יידישע באַפעלקערונג, מיט אַ אייגענעם מנין אַלע שבת און יום טוב.

צוזאַמען מיט די יידישע אַרומיקע ישובניקעס האָט הרעסק פאַרמאָגט 120 יידישע פאַמיליעס. די „אימעניע" אין הרעסק גופא האָט געהאַלטן ביי די ראַדזיווילס די באַוווּסטע משפּחה פולמאַן, וועלכע איז רואינירט געוואָרן.

דרך אגב איז כדאי צו באַמערקן, אַז דעם סלוצקער רבס ר' מאירקע פּיימערס אַ טאָכטער, איז אַנטלאָפן פון דער היים און געהייראַט מיט איינעם פון די פולמאַנס, קעגן דעם ווילן פון איר פאָטער.

אין שטעטל איז געווען אַ בית־מדרש, צוויי שוחטים. רבנים האָבן זיך דאָרטן אָפּט געביטן. גאָר אַמאָל איז געזעסן אויפן כסא הרבנות אין הרעסק ר' מרדכי מאיר זילבערמאַן, נאָר ניט שטענדיק איז ער געזעסן אין שטעטל, ווייל מערער איז ער אַרומגעפאָרן אַלס בעל דרשן אין די נאָענטע און אויך אין ווייטע שטעט. נאָך אים זענען געווען די רבנים ר' יאשיה און ר' חיים. נאָך שפּעטער אין די יאָרן תר"ע—ע"ג (1913—1910) איז אַהין אַריינגעשיקט געוואָרן דורך דעם וואָלאָזשינער ראש ישיבה ר' רפאל שאַפּירא, אַלס רב אַ יונגער תלמיד־חכם ר' בן־ציון צוויק, וועלכער איז באַליבט געוואָרן ביי דער הרעסקער יידישער באַפעלקערונג און האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דער געדריקטער עקאָנאָמישער לאַגע אין שטעטל. אַממערסטן זענען די יידן געווען בעלי־מלאכות, קליין־הענדלער וועלכע פלעגן באַזוכן די אַרומיקע דערפער און פּריצישע הויפן. געציילטע קרעמער, ווי מיכאל דער געלער און מיכאל דער שוואַרצער.

יצחק בערקאָוויטש האָט פריער געקנעלט ביי די פול־מאַנס אין הויף; ווען די פולמאַנס זענען פאַראָרעמט געוואָרן איז יצחק בערקאָוויטש געוואָרן אַ קצב אין שטעטל.

די רבנישע שכירות אין הרעסק איז באַשטאַנען לויט דעם פאָלקס־וויץ פון „גזלה" — גאַזע, זאַלץ, ליכט, הייוון. ר' יוסף שולמאַן, איינער פון די הרעסקער סוחרים, האָט געהאַט רעכט צו פאַרקויפן הייוון און אָפּגעבן אַ געוויסן פּראָצענט פון פדיון דעם רב. ער האָט זיך נוהג געווען, ווען מ'פלעגט קו־מען אָפּנעמען ביי אים דעם רב'ס חלק, פלעגט ער אַריינטאָן די רעכטע האַנט אין טיש־קעסטל, אָננעמען אַ פולן הויפן מיט זילבערנע מטבעות, ניט געציילט און דערלאַנגט מיט אַ גוטן ווילן. די אורזאַך פון הרעסקער אָרעמקייט איז געווען, וואָס אין שטעטל זענען ניט געווען קיין ירידים און ניט קיין מערק. די פויערים פון הרעסק און פון די אַרומיקע דערפער פלעגן דורכפאָרן הרעסק קיין הראַזאָווע און קאָפּוליע אין די מערק־טעג און זיך ניט אָפּגעשטעלט. האָט זיך מיישב געווען דער רב, ר' בן־ציון צוויק, און איז אַוועק קיין מינסק צום גובערנאַטאָר גירס און זיך משתדל געווען, עס זאָלן איינגע־פירט ווערן מערק און ירידים אין שטעטל ביים קלויסטער אין די קריסטלעכע חגאות. אַזוי ווי ער האָט געקענט גוט רעדן רוסיש, האָט ער אויסגענומען ביים גובערנאַטאָר, וועלכער האָט אים צוגעזאָגט דערפילן זיין בקשה און טאַקע מקיים געווען, די עקאָנאָמישע לאַגע האָט זיך נאָכדעם פאַרבעסערט.

בערך 8 וויאָרסט פון הרעסק, צווישן די געדיכטע וועלדער איז געווען אַ גרויסער דאָרף ווערעביאָווע, ווייט פון אַ שאָסיי און אייזנבאַן, אין וועלכן ס'האָט געוווינט אַ סמאַליאַרניק, דער באַרימטער הירשל ווערעביאָווער (צבי ווינער), אַ מוהל לשם מצוה, וועלכער איז געווען גרייט קומען פרייוויליק צו יעדער איינלאַדונג אין דער גאַנצער סביבה.

ער איז ניט געווען קיין חסידישער רבי מיט שמשים און גבאים. מיט זיין פּשוטקייט, שכל הישר און זיין פרומער אויפפירונג, האָט ער געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף יעדן.

קראַנקע, צובראָכענע מענטשן קערפערלעך און גייסטיק, פרויען עגונות פלעגן קומען צו אים בעטן אַן עצה און אַ רפואה צו זייערע צרות. ער פלעגט אַלעמען פריינדלעך אויס־הערן. פיל האָבן באַהויפּטעט, אַז זיי זענען דורך אים געהאָלפן און גענעזן געוואָרן. דעם פאָלקס־איינגלויבן זיך אין אים איז געווען אַזוי גרויס, דאָס אַפילו פויערים פון ווייטע דערפער פלעגן קומען צו אים אין ווערעביאָווע.

אָט אַזוי איז הירשל ווערעביאָווער, דער תמימותדיקער דאָרפס־ייִד, דער זנאָכער, דער היילער פון מענטשן צעוויי־טיקטע, געוואָרן אַ לעגענדאַרע פּערזאָן. זיין הויכער וווקס, זיין דעמבענע פיגור, זיין הדרת פּנים און שניי־ווייסע באָרד, האָט געהאַט אַ היפּנאָטיזירנדע ווירקונג אויף אַלע, וואָס זענען געקומען צו אים. זיין האַרציקייט האָט אָנגעשטעקט יעדן ווער ס'איז צו אים געקומען. ער פלעגט ווירקן אויף זיינע באַזוכער מיט רפואות, פאַרשיידענע גראָזן און אַמאָל אויך מיט שפּרעכעריי און קמיעות.

זיין נאָמען איז געווען באַוווּסט ווייט אַרום, ער האָט מאריך ימים געווען איבער הונדערט יאָר. אין דער עפּאָכע פון דער ראַטן־מאַכט, ווען ווערעביאָווע איז שוין געווען פאַרבונדן מיט אַן אייזנבאַן־ליניע האָט מען אים פאַרמסרט, אַז ער פירט זיך מעשה דאָקטער, און דאָך פלעגט מען קומען באַהאַלטנערהייט זיך היילן ביי אים און אַפילו רעגירונגס־אָנגעשטעלטע.

# וויזנע

**דער באָדן פון וויזנע האָט באַלאַנגט צו דער פירשטין פּאָפּענלאַלע. אַרום 5 טויזנט דעסאַטין, 958 איינוווינער, 2 שולן, אַ שפּיטאָל, 5 קראָמען.**

(לויט ברוקהאוז־עפראָנס ענציקלאָפּעדיע).

ווירזנע, אַ קליין שטעטל פון 150 יידישע פאַמיליעס. 2 שולן, 1 רב און 1 שוחט. פרומע יידן, תלמידי־חכמים און אַפילו די „פרייע" האָבן אָפּגעהיט מצוות און יידישע טראַדיציע.

ביי דער שול האָט עקזיסטירט אַ חברה ש"ס און אַ חברה משניות, און אויך אַ גמילות־חסד קאַסע צו געבן הלוואות נויטבאַדערפטיקע.

די שטעטלדיקע האָבן זיך דערנערט פון קרעמעריי, פּעדלעריי, אַלס אָנגעשטעלטע ביי וואַלד סוחרים און אַז.וו. די קינדער האָט מען געשיקט אין די ישיבות פון סלוצק, מיר, וואָלאָזשין און איינציקע אויך אין גימנאַזיעס. וויזנער געבוי־רענע זענען געוועזן רבנים אין אַנדערע שטעט ווי: ר' מנחם מענדל און ר' משה יעקב מענדעלעוויטש.

דער ערשטער וויזנער רב איז געווען ר' שבתי עוזר פון ווילנע. דער צווייטער רב ר' יחיאל מיכל יאַזגור, איז געווען באַרימט און פּאָפּולער אין דער גאַנצער סביבה.

דער לעצטער רב איז געווען ר' משה־מיישל וויינער.

וויזנער יידן געפינען זיך אין ישראל, אין אַמעריקע, צווישן זיי דער שרייבער ד"ר ראובן וואַלענראָד. פיל האָבן געהאַט וויזנער יידן אויסצושטיין פון דעם גענעראַל בולאַק — באַלאַכאָוויטשעס באַנדעס אין 1921.

אין 1940 איז כמעט אינגאַנצן חרוב געוואָרן דאָס שטעטל און די יידן זענען אומגעקומען דורך די נאַצישע חיות.

(ד. מ.)

## ישראל קאנטאר ניו־יאָרק / מיין שטעטעלע וויזנע

די זון איז נאָך ווייט אין הימל, אָבער עס פילט זיך שוין אַ לינדע וואַרעמקייט. די יידישע בהמות קריכן אַרויס פון די שטאַלן און שטעלן זיך אויפן מאַרק אין אַ טשערעדע. זייער מוקען ווערט אויסגעמישט, מיט דעם קנאַקן פון פאַס־טעכס בייטש, אַ יונגער שייגעץ מיט אַ ווייסע טשופּרינע, צעבלאָזן פון ווינט און זיינע קליינע שאַרע אייגעלעך קוקן ווייט אין דער וועלט אַריין. מיין מאַמע טרייבט אונטער אונדזער בהמה מיט אַ שטעקן. זי מישט זיך אויס מיט אַנדערע בהמות, וועלכע לאָזן זיך אַוועק אין פעלד אַריין.

איך קוק אַרויס דורכן פענצטער, אויף די קראָמען פון מאַרק. עס הערט זיך אַ אייזן־קלאַפּעריי פון אַ האַמער, מיין שכן קאפל, האַקט אָפּ אַ טייל פון אַ גרויסן שטיק אייזן. אַ גוי מיט צעלאָזענע האָר אין לאַפּטשעס, אין ווייסע לייוונטענע הויזן און אַ ווייסע פונאַנדערגעשפּיליעטע העמד באַטראַכט דאָס שטיקל אייזן, באַצאָלט, דרייט מיטן קאָפּ אַז עס איז צו טייער און פאַרשווינדט.

יידן לויפן אין שול אַריין, מיט לאַנגע קאַפּאָטעס אויס־געשמירט אין בלאָטע.

משקה דער שוחט, אַ ייד מיט אַ פריילעכן פנים, אַ לאַנגע באָרד און שוואַרצע לעבעדיקע אויגן, גייענדיק פון שול האַלט דעם טלית און תפילין אונטערן אָרעם, אין דער אַנדער האַנט טראָגט ער אַ לונג און לעבער פון אַ קאַלב, וואָס ער האָט איצט געקוילעט. אַ הונט לויפט אים נאָך און ער שפּרייזט מיט גיכע טריט אַהיים.

מינע כתריאל'ס שטייט פון פרי ביז פאַרנאַכט מיט אַ מולטער ווייסע בולקעס, זי רופט עס „פּיראָגעס". עס קומען צו גויים פון די אַרומיקע דערפער קויפן ווייס ברויט, זיי ברעכן מיט שמוציקע הענט די „פּיראָגעס", שטופּן עס אין מויל און קייען מיט גרויס הנאה, און מינע שרייט ווידער „פּיראַגי!" מיט אַזאַ טעמפּן קול אַז עס גרילט אין די אויערן. עס ווייזן זיך אין מאַרק עטלעכע פורן, זיי זענען געקומען און געבראַכט עפּעס צו פאַרקויפן: אַ פּאָר עופות, אַ שאָק אייער, אַ לעבעדיקע קאַלב, וואָס ליגט מיט געבונדענע פיסלעך אין וואָגן און מוקעט אַזוי טרויעריק ווי זי וואָלט אויסגע־וויינט איר ביטערן סוף. באַלד קומען צו נאָך פורן. מען שפּאַנט אויס די פערד, מ'טוט זיי אָן אויף די קעפּ קייסטרעס מיט האָבער. די קעפּ אין די זעקלעך, און די ציינער רייבן געשמאַק. עס קומען אַרויס סוחרים, קאָניוכעס, קצבים מיט רויטע פּנימער אין הויכע שטיוול מיט לאַנגזאַמע טריט. זיי שטעלן זיך אָפּ נעבן אַ וואָגן, אַ טאַפּ אַ קאַלב און פרעגן דעם גוי „סקאָלקאָ"? דער גוי גיט זיך אַ קראַץ אין פּאָטילניצע און שטאַמלט אַרויס אַ פּאָר ווערטער, ווייל ער איז זיכער, אַז מען וויל אים אָפּנאַרן. אָט קומען די קאָניוכעס, די „לייזערקעס מיט די יאַשינקעס" פרוּוון אויס אַ פערד. דער פערד ווערט גע־

האַלטן אויף אַ שטריקל, דער קאַניוך לויפט פאַרויס און דער פערד לויפט אים נאָך מיט אַזאַ מהירות, אַז גאָט זאָל אייך אויסהיטן, אויב איר קומט זיי אָן אַנטקעגן. ביסלעכווייז ווערט דער מאַרק פאַרפילט. עס ווערט איין אויסמיש פון פערד, מענטשן, וועגן מיט האַלאַבליעס אין דער הויך. די זון הויבט זיך העכער אין הימל. עס איז הייס אָבער די סוחרים זענען פאַרנומען. פענצטער זענען אָפן, עס קוקן אַרויס קעפ פון יונגע מיידלעך מיט שוואַרצע האָר און זיי שמועסן זיך דורך.

עס גייט מיר אויף אויפן זינען אַ שריפה אין שטעטל. אויפן שפּיץ קרומען קאָפּ פון קלויסטער צעקלינגט זיך שרעקלעך דער גלאָק. איך דערמאָן זיך מיין מאַמעס צעשראָ־קענע אויגן, איר ברעכן מיט די הענט, איר ציטעריקער, אויסגעשריי: ווו ברענט? אַ מאַסיקער זייל פייער אויסגעמישט מיט רויך, האָט געהויערט אַריבער די דעכער פון שטעטל און געוואָרפן אַ מורא אויף אַלעמען. די פּאָזשאַרנע קאָמאַנדע איז געלאָפן, פערד האָבן הירזשנדיק געשלעפּט פעסלעך וואַסער, און די שפּריץ־קישקע האָט געאַרבעט אויף אַלע כלים. ווען עס איז איינגעשטילט געוואָרן דער פייער, און די נאַכט איז צוגעפאַלן, האָבן זיך געטראָגן געוויינען פון די נשרפים, ווייבער און קינדער און זיך אויסגעמישט מיט שטילע ווינטלעך און נאַכטיקע טרוימען. אַזוי פאַרגייען די וואָכנדיקע טעג פון מיין שטעטעלע וויזנע, ביז עס קומט ערב שבת.



ר׳ שמואל מענדעלעוויטש (דער שאַפער) און זיין פרוי דינה

מיין מוטער האָט זיך צוגעאיילט, איינגעהייצט דעם אויוון און אָנשטאָט שוואַרצע ברויט, האָבן מיר געגעסן „טרייטשע בולקע" ווייסלעך אויפן אויסקוק, און מיט פיש־קאַרטאָפל אָן פיש. נאָך אַ שמחה איז פאַרביי, מיר גייען אין חדר נאָר אַ האַלבן טאָג. אהרן דער מלמד מיט אַ צעפליקט בערדל און טיפע שוואַרצע אויגן זינגט מיט אונדז די סדרה פון דער וואָך, און די הפטרה זינגט ער מיט אַ ספּעציעלן לוסטיקן ניגון, וואָס צעטראָגט זיך דורכן פענצטער אין דער ווייט.

דער חדר באַשטייט פון אַ ברייטן צימער, צוויי לאַנגע טישן, אַריינגערוקט איינער אין דעם אַנדערן. מיר זיצן אויף בענק ביי אָפענע חומשים און זינגען נאָך דעם רבין. אין אַ ווינקל ביים אויוון זיצט די בעל־הבית׳טע רייזעלע זאוולס, קוקט אַריין אין אַ טאָפּ קאַרטאָפל, וואָס זי האַלט אויפן שויס. זי עסט און וואַרפט אַ צופרידענעם בליק פון אירע בלויע אויגן אויפן רבין און אויף אונדז. פון די ווענט קוקן אַראָפּ אויף איר קאַרטעס פון זין, טעכטער, איינִיקלעך אין אַמעריקע אַלע ענלעך צו איר.



וויזנער שוחט ר׳ משה קאַנטאָר

צוועלף אַזייגער גייען מיר אַהיים. עס איז אַ געאייל אין הויז. מיין מאַמע און די שכנה פאָרען זיך ביים אויוון. איך לויף אַוועק צום טייך. ביים ברעג פון טייך טו איך זיך אויס. די ערד איז פייכט. די זאַכן ווערן נאַס. איך שפּרינג אַריין אין טייך. די וואַסער איז שמוציק. שווימען קען איך ניט, מוז איך זיך באָדן צוזאַמען מיטן פערד וואָס ארטשיק דער בעל־עגלה האָט אים געוואָלט מהנה זיין. דער פערד גיט אַ בויטש מיט די קאָפּעטעס, פאַרשפּריצט מיר און גיט אַ הירזשע, אַ חברה יינגלעך לאָזן זיך שווימען אין „סאביצעווע", דאָרטן לייגן זיי זיך אויפן גראָז און קוקן אויף די מיידלעך וועלכע באָדן זיך.

איך קום אַהיים פאַר ליכט־בענטשן. מיין מאַמע איז פאַר־נומען מיט אויפרוימען די שטוב און האַלט אין איין מורא האָבן טאָמער פאַרשפּעטיקט זי ליכט־בענטשן. די זון זעצט זיך אין מערב און פאַרגייט אין רויטע בלוטיקע פלאַמען. טונקעלע שאָטנס רייסן זיך אַריין אין הויז און עס פילט זיך אַז עס קומט אָן דער הייליקער שבת מיט זיין מנוחה.

די מאַמע בייזערט זיך אויף מיר, „טו עפּעס און דריי זיך ניט אַרום אונטער די פיס". איך וואַש די גלאָז פון לאָמפּ מיט פּאָפּל און שמיר זיך אויס ווי אַ טייוול. איך וואַש זיך איין מיט קאַלטע וואַסער און גיי מיט מיינע ברידער אין שול. די אַלטע שול־געביידע איז אָנגעפּאַקט מיט יידן אויסגעפּוצטע אין שבת׳דיקע קאַפּאָטעס און וויגן זיך ביי די שטענדערס מיט

מתיקות. די בליץ־לאַמפּן ברענען, עס איז ליכטיק אין שול. זיצנדיק, באַטראַכט איך די מענטשן. תחילה וואַרפט זיך מיר אין די אויגן דער רבי. אַ לאַנגע שוואַרצע באָרד, תמימותדיקע אויגן, אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער אַטלעסענער קאַפּאָטע מיט אַ שיינעם גאַרטל.

עס גיסן זיך פּערלדיקע ווערטער פון זיין מויל. וועלוול דער שמש, אַ אַלטער ייד מיט אַ קרומן רוקן, און קליינע אויגעלעך אונטערן פוקאוואַטן שטערן, איינגעוויקלט אין אַ טלית, זינגט אויס אויפן בימה, „לכו נרננה". דער גאַנצער


משה ניימאַרק

עולם, זינגט נאָך יעדן קאַפּיטל מיט כוונה. מיר דאַכט זיך אַז די ווענט, די פענצטער, דער סופיט, דער דאַך — אַלץ גיסט זיך צונויף אין איין געבעט.

מיר קומען פון שול אַהיים און געפינען גאָר אַן אַנדער הויז, אויפגערוימט און ליכטיק. די ליכט ברענען און די לייכטער גיסן זיך צונויף מיטן שיין פון לאָמפּ און מיט דער מאַמעס ליכטיקע און כשרע אויגן. מיין מאַמע זיצט איבער אַ תחינה; אויף איר פּנים איז אויסגעגאָסן די מנוחה פון שבת. זי ענטפערט „גוט יאָר" אויף אונדזער „גוט שבת" און זאָגט אַרויס דייטלעך מיט פרומקייט „אַ דאַנק דיר גאָט פאַרן שבת". שפּעט אין אָוונט, נאָך דער פעטער וועטשערע מיט יויך און קאָמפּאָט לייג איך זיך אַריין אין בעט. מיין קלענערער ברודער שלאָפט מיט מיר אינאיינעם. ער ליגט שוין פאַרחלומט. אַרעמער ברודער מיינער, זאָל ער כאָטש האָבן אַ גוטן חלום. דורכן פענצטער קוקט אַריין די לבנה מיט די פינקלדיקע שטערן. פון מיין מאַמעס קאַמער טראָגן זיך די ווערטער פון קריאת שמע. מיר דוכט זיך, אַז דער הימל פאַרנעמט זיי אין זיין הויך.

שבת פרי ווען איך קום אין שול גיט מיר אַ זעץ אין פּנים אַריין די וואַרעמע לופט. יידן מיט בערד באַטראַכטן מיך ברוגזדיק וואָס איך קום אַזוי שפּעט. איך זעץ זיך אַוועק אויף אונדזער „שטאָט" און מיש אויס מיין שטימע מיט דעם עולמס תפילות. נאָך וואַרמעס גייען מיר שפּאַצירן אין באָר, אין וואַלד, מיר שמועסן, וויגן זיך אויף בוימער און איך הער רייד אין זייער באַוועגן זיך. איך באַריר אַ בלעטל און איך פיל אַ שטראָם אין מיין קערפּער. איך לייג זיך אויפן גראָז. מיין בליק וואַנדערט צו די הויכע שפּיצן בוימער. אויפן וועג אַהיים שפּרייטן זיך אויס אַרום אונדז פעלדער און זאַנגען קאָרן, וויגן זיך, בוקן זיך, פאַלן כורעים און זיי ריידן צו אונדז.

מנחה דאַוונען קום איך אין שול צו „אתה אחד ושמך אחד". איך גיי מער ניט אַהיים, נאָר איך זעץ זיך אויף אונדזער „שטאָט" און באַגעגן דעם בין השמשות. אַ האַלבע שעה שפּעטער קומען יידן צוריק אין שול. ביים עמוד שטעלט זיך אַוועק אליהו לייב דער קצב און פון זיין מויל פליסן אויף אויסנווייניק די פּסוקים פון „אשרי תמימי דרך". עס פאַלט צו אַ טונקלקייט אין שול. יידן שפּאַצירן איבערן שול הין און צוריק און זינגען אויס מיט אַ זיסקייט. עס איז אַ הייליקע אַטמאָספערע. די מענטשן ווערן פאַרוואַנדלט אין שאָטנס. דער בעל תפילה אויך אַ שאָטן, און אַלע צוזאַמען זענען זיי פאַרבונדן אין איין תפילהדיקן כאָר. מיר דאַכט זיך אַז דער דאַך עפנט זיך. די ווערטער שוועבן אין דער הויך, קלאָרן זיך אויס און ווערן זיילן פייער, שעמערירן און בליצן. דער הימל שפּאַלט זיך, מלאכים מיט פייערדיקע פליגלען דערלאַנגען „תפילות צום כסא הכבוד".

אליהו־לייב שטייט נעבן אים מיט הכנעה.

## חנן / ווערכוטין

צווישן געדיכטע וועלדער, דיקע פאַרפלאָנטערטע בוימער, אין אַ קלאָר ריינער דערוויקנדער לופט איז אויסגעוואָקסן אַ יידישער ישוב אין 1905. אין אַ פאַרשטעקטן ווינקל, איינגעהילט אין גרינעם גראָז און פראַכטפולע בוימער איז געווען דער אָפרו־פלאַץ פון דער פירשטין גאַגין־לאָגי. אַ גרויסאַרטיק הויז, געבויט אויף אַ ברייטן בערגל. צייטנווייז איבערהויפט זומער פלעגט זי קומען באַזוכן דעם פלאַץ און אָפרוען זיך אין שויס פון דער נאַטור. איר ווירטשאַפט איז אָנגעפירט געוואָרן דורך איר שטענדיקן פאַרוואַלטער און אַ צאָל אַרבעטער, וועלכע האָבן געוווינט אַרום הויז.

די אומשטענדן האָבן זיך פלוצלינג געביטן און געענדערט. אַ דייטשישע געזעלשאַפט מיטן נאָמען פריץ שולץ פון לייפציג האָט אָפגעקויפט דעם וואַלד. אויפגעשטעלט אַ פאַבריק פון זעג־מאַשינען און פאַר פאָניר־אויסאַרבעטונגען. די אייזנבאַן ליניע איז פאַרלענגערט געוואָרן פון סטאַריע־דאָראָגי קיין ווערכוטין. מיטן פייף פון ערשטן לאָקאָמאָטיוו, מיטן רוישן און פייפן פון די פאַבריקן איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אַ נייער לעבן אויף דעם פלאַץ. עס זענען אויפגעבויט געוואָרן קוואַרטאַלן און וווינונגען פאַר אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט טאָג און נאַכט שיכטן. עס האָט ממש וויי־געטאָן, זעענדיק ווי גרויסע ריזן בוימער ווערן אונטערגעזעגט — אונטערגעהאַקט און פאַלן מיט אַ מוראדיקן קראַך. עס האָט געטומלט און גערוישט אין די וועלדער און די גראָבע קלעצער פלעגן אָפגעפירט ווערן צום זעגן אויף ברעטער. דער קליינער ישוב האָט אויפגעלעבט און נייע פנימער האָבן זיך מיט אַמאָל באַוויזן. סוחרים, וואָיאַזשאָרן און האַנדלס־אַגענטן זענען געקומען קויפן ברעטער, האָלץ־מאַטעריאַלן און פאַניר־געברויך. אַ גרויסער שטח באָדן איז אַרומגעצוימט געוואָרן מיט אַ הויכן צוים און דאָס אָרט האָט געדינט אַלס זאַמל־פלאַץ פאַר אַלערליי האָלץ־מאַטעריאַלן. יידן פון מינסק, ווילנע, וואַרשע, קעניגסבערג, בערלין פלעגן זיך לאָזן הערן מיט זייער אופן ריידן און געשפרעכן. אויך האָט עקזיסטירט אין ווערכוטין אַ קליין פאַבריקל, וועלכע האָט געהערט צו ר' זעליג כיניטש און דוד דאָבראָבאָרסקי, ווו מ'האָט אויסגעאַרבעט פון די אויסגעגראָבענע טרוקענע ביימער וואָרצלען: טערפענטין (סקיפידאַר), סמאָלע און קוילן.

גלייכצייטיק מיט די פאַרפאַלקאמטע שיינע הייזער זענען אויפגעבויט געוואָרן אויך פריוואַטע הייזער דורך צענדליקער יידישע פאַמיליעס, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין ווערכוטין און געצויגן זייער חיונה פון די 800 אַרבעטער און פון די אָנגעפאָרענע סוחרים. דער קליינער ישוב האָט אויך פאַרמאָגט קרעמער, אָנגעשטעלטע, קאָמיסיאָנערן, האָטעלן, בעלי־מלאכות. האָט זיך איינגעשטעלט אַ קליינע קהילה, אַפילו מיט צוויי באַזונדערע מנינים, אַ חסידישער און אַ מתנגדישער.

אויך אַ מאָדערנער העברעאישער „חדר" פאַר קליינוואַרג. ס'האָט אויסגעוואָקסן אויף דעם פלאַץ אַ אינטעליגענץ אין אַ קליינעם מאַסשטאַב. זומער צייט פלעגן זיך ציען אַהער דאַטשניקעס פון אַלערליי מינים צו געניסן פון די שאָטנדיקע בוימער און פון דער וווּנדערבאַרער טרוקענער לופט. די טעג זענען געווען זוניקע און די נעכט פאַרפלייצט מיט עלעקטרישע באַלייכטונג סיי אין די הייזער און די גאַסן, אַדאַנק דער פאַניר־פאַבריק און די זעג־מאַשינען וועלכע האָבן געאַרבעט טאָג און נאַכט און צוגעשטעלט עלעקטריע בזיל הזול. עלטערן האָבן געשיקט זייערע מער דערוואָקסענע קינדער לערנען אין לידער ישיבה, אין סלוצקער ישיבה „עץ־חיים" און אַנדערע אין גימנאַזיעס און האַנדלס־שולן.

ווו זייט איר טייערע יידן, וועלכע האָבן געדינט אַלס ביישפיל מיט אייער בילדונג, אינטעליגענץ און פריינדלעכקייט: ר' עזיראל זעליג כיניטש, מיט אַ קורצער צייט צוריק אַ שוחט און דערנערט זיך דערנאָך אַלס קאָמיסיאָנער, אַ ייד אַ למדן, אַ אינטעליגענט, אַ הייסער ציוניסט און אַ העברייער. זיין הויז איז געווען אַ פלאַץ פון תורה און השכלה צוזאַמען. ר' לוי־יצחק האַלפערין אַ בעל תפילה, אַ האַרציקער ייד, פלעגט האַלטן אין איין לערנען טאָג און נאַכט. ר' דוד קאַצענעלסאָן אַ העברייער, אַ ציוניסט בלב ונפש, אַ קולטורעלער מענטש. די ברידער פיש אינטעליגענטן, הייזער אָנגעזאַפט מיט קולטור. גאָלדמאַן — אַ פעט לייביקער ייד, ממש אַ גיבור — אַ וואַלד מענטש, אָנגעשטעלט אין אַ האָלץ־געשעפט און זיינע טעכטער האָבן אַ שם דבר געהאַט מיט זייער אַלגעמיינער און העברעאישער בילדונג. ר' נח וויינשטיין אַ בן־תורה, אַ בוכהאַלטער. די דאָבראָבאָרסקי ברידער. דער עלטערער איז רייך געוואָרן און דער צווייטער איז געווען אַ פשוטער ייד.

לייבע דער שניידער, ווער האָט אים ניט געקענט? מיט אַ לאַנגער באָרד און אַ מטופל מיט קינדער. „ברוך ד' יום יום יעמס לנו" — פלעגט ער זאָגן און אָנגעלאָדן איז ער באמת געווען מיט קליינוואַרג, גלייכווערטלעך, מיט בטחון און אמונה.

אליהו באָדניטש, אַ געוועזענער בעקער און אַ האָטעל־אינהאַבער. שיינע טעכטער ניט אויף געלעכטער און די הויז איז פול מיט לעבן און געזאַנג, פונקט אַנטקעגן וואָקזאַל און פאָטשט. די ברידער בנימין און אפרים וויניק ר' פיניע ראַסאַיערס קינדער, איינער אַ קרעמער און דער צווייטער אַ קאָמיסיאָנער — פשוטע ערלעכע יידן.

ר' בנימין שינדערמאַן — אַזש פון וואָלין געקומען. אַ היימישער, ערלעכער ייד, אַ קרעמער און זיין גוטע נאַאיווע פאַמיליע האָט געצויגן יעדנס אויפמערקזאַמקייט. די פאַמיליע גליניק, דער פאָטער אַ העברעאישער לערער, אַממערסטן אין אַמעריקע און די הויז אַ מקום תורה והשכלה. די פאַמיליע האָט געצויגן חיונה פון אַ באַקאַליינע קראָם.

# טימקאָוויטש

דער גובערנאַטאָר האָט באַזוכט אונדזער שטעטל טימ־קאָוויטש.

ער איז אויפגענומען געוואָרן מיט ברויט און זאַלץ. אין קלויסטער האָט ער זיך געווענדעט צום המון, מ'זאָל זיך ניט דערוועגן טאָן קיין שלעכטס יידן, ווייל דאָס איז קעגן דער רעגירונג.

שמואל גרונם ראַבינאָוויטש

(„המליץ" 31, 1882)

✶

דער פּריסטאַוו האָט צונויפגערופן אַלע עלטסטע פון די נאָענטע דערפער און זיי אָנגעזאָגט אויסמיידן אומרוען. אויפן „יריד" זענען אָנגענומען געוואָרן אַלע מיטלען און אַלץ איז אַריבער בשלום.

(„וואָסחאָד", נומער 23, 1882)

✶

**שריפות**

פון טימקאָוויטש לאָזט מען וויסן דער צייטונג „באָוואָס־טי": דעם 23־טן אַפּריל מיטאָג־צייט, איז אויסגעבראָכן אין שטעטל אַ פייער (די סיבה איז אומבאַוווּסט) און האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין אַ הילצערנעם שטעלכל, וועמענס דאַך איז דערצו נאָך געווען אַ שטרויענער. צו אונדזער אומגליק, האָט אַ שטאַרקער ווינט צוטראָגן די ברענענדע שטרוי אויף די דערבייאיקע הייזער. אין פאַרלויף פון אַ קורצער צייט האָט דער פייער זיך פאַרשפּרייט אויך אין דריטן טייל פון שטעטל.

די קליינע הייזלעך האָבן געברענט ווי אַ ליכט און זענען שנעל פאַרברענט געוואָרן. מערסטנס זענען אין די הייזער געזעסן צו 3—2 משפחות, וועלכע זענען איצט געבליבן נאַקעט און הונגעריק.

קיין פייער־לעשער זענען ניטאָ אין שטעטל, דעריבער ווען עס האָט אויסגעבראָכן דער פייער, האָבן זיך געאיילט די איבעריקע איינוווינער אַריבערטראָגן זייערע בעבעכעס אין פעלד אַריין ווייט פון שטעטל.

צום גליק פון די אומגליקלעכע האָט געגאָסן אַ פּלייץ רעגן, און פאַרלאָשן דעם פייער.

עס זענען פאַרברענט געוואָרן 52 הייזער. פערציק יידישע אָרעמע משפחות און 24 קריסטלעכע פאַמיליעס זענען געבליבן ווי זיי שטייען און גייען.

עס זענען פאַרברענט געוואָרן בהמות און פיל פערד.

אויך האָט אָפּגעברענט די אַפּטייק, וועלכע איז ניט געווען פאַרסטראַכירט.

די אומגליקלעכע נויטיקן זיך אין הילף.

נדבות קענען געשיקט ווערן אויפן נאָמען פון דער שטעטלדיקער רעגירונגס פאַרוואַלטונג.

(„המליץ" נומער 97, י' אייר תרנ"ז, 1897)

✶

כ' תמוז תרס"ד (1904), צו ד"ר הערצל'ס יאָרצייט, איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה אין שטעטל.

ס'האָט אָפּגעברענט כמעט דאָס גאַנצע שטעטל און ס'זענען פאַרבליבן איינצלנע הייזער אין עק שטעטל.

# סאָניע קאַזשדאַן־נחמני / טימקאָוויטש

טימקאָוויטש מיין געבורטס־שטעטל, 10 וויאָרסט פון קאָפּוליע. די מערהייט פון דער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון קריסטן. יידן זענען געווען בערך 400 פאַמיליעס. צווישן זיי גרויסע סוחרים ווי למשל, די ברידער דוואָרעצקי, וועלכע האָבן געפירט גרויס מסחר: — עקספּאָרטירט אייער אין גאַנץ רוסלאַנד און קיין אויסלאַנד. די ברידער פּיאַלקע, גרויסע וואַלד־הענדלער, דער דיין ר' אברהם משה פּערלין אַ למדן אַ מוסמך, דערצו אַ גרויסער הורטאָוונער סוחר פון באַקאַליי, דאָס זעלבע אויך אַרע גרשון מאירס ראַצקעוויטש, אַ ייד אַ למדן. די צוויי זענען געזעסן יומם ולילה געלערנט תורה און זייערע געשעפטן זענען אָנגעפירט געוואָרן דורך זייערע פרויען ווי יודית פּערלין און שרה רחל. מרדכי מאַצקעוויטש האָט פאַרוואַלטעט מיט דער טימקאָוויטשער אימעניע. גרויסע מאַנופאַקטור סוחרים — גרונם און זיין פרוי אסתר ראַבי־נאָוויטש, פּאַליע סאַדאָווסקי, מאיר גאָלדבערג און אַנדערע. תבואה הענדלער — וועלוול און נחמן קיעוויצקי, לייבל מיכאַלס און פון די סאַדאָווסקיס.

טימקאָוויטשער יידן האָבן זיך באַשעפטיקט מיט אָקסן־הענדלעריי, געטריבן זיי צום באַן אין גאָראָדיי (זאַמיריע) און פון דאָרטן עקספּאָרטירט זיי קיין אויסלאַנד. אויפן מאַרק זענען געווען פיל קראָמען אָנגעפּאַקט מיט פאַרשיידענע סחורות און איבערהויפּט פאַר דער דאָרפישער באַפעלקערונג, וועלכע פלעגט 2 מאָל זונטיק און דינסטיק ברענגען זייערע פּראָדוקטן פאַר די שטעטלדיקע קליינע הענדלער און דערביי איינגעקויפט זייערע נויטווענדיקע באַדערפענישן: לאַנד־ווירטשאַפטלעכע געצייג, קעראָסין, דזשעגאַכץ, הערינג, טאַ־ראַנעס, צוקער, מאַנופאַקטור. צוויי מאָל אין יאָר פלעגן פאָר־קומען גרויסע ירידן, עס האָט געוויבלט און געררוישט אַ

גרויסער מסחר מיט בהמות, פערד, פלאַקס, זוימען, חזיר־האָר. אויף די ירידן פלעגן אָנפאָרן פיל סוחרים פון ווייטע געגנטן, ציגיינער מיט זייערע פלינקע געשולטע פערד (אַפילו געגנבעטע). דורך טימקאָוויטש פלעגן 4 מאָל אַ וואָך דורכפאָרן הין־און־צוריק דער סלוצקער באַוווסטער „אָריאָל" קיין זאַמיריע צום באַן און פון דאָרטן. דאָס זענען געווען גרויסע וועגענער געדעקט מיט פּאַרוסינע פול געפּאַקטע מיט סחורות פון דער געבענטשטער סלוציזנע און געפירט צוריק פּראָדוקטן פון ווייטע געגנטן. די פורמאַנעס פון „אריאל" זענען געווען איבערהויפּט סלוצקער יידן, אויסער דעם זענען טימקאָוויטשער בעלי־עגלות ווי דער באַוווסטער פאָלקע געפאָרן טאָג־טעגלעך אין סלוצק מיט פּאַסאַזשירן און סחורות.


יצחק און טייבל קאזשדאן (נאָך זייער חתונה) מיט 71 יאָר צוריק

אין טימקאָוויטש זענען געווען יידישע ערד־אַרבעטער, געאַקערט, געזייט, געשניטן, געדראָשן. געלעבט פון פעלד־אַרבעט. דער באַוווסטער פון זיי איז געווען וואָלף יעלין, וועלכער האָט געהאַלטן אין ארענדע די פערד פּאָסט. אין שטעטל זענען געווען אכסניות פאַר דורכפאָרער און „כאַרצעווניעס" פאַר די דאָרפישע פויערים, קומענדיק אין שטעטל האַנדלען, קורירן זיך ביי די פעלדשערס און ביים דאָקטאָר פון שטעטל. צווישן די בעלי־אכסניות זענען געווען אַרע צערנאָגובאָווסקי, שיפרין, פריידע חיה ליבעס, פרומע טאַליעס־קולאַקאָווסקי, סאַדאָווסקי.

אין טימקאָוויטש האָט עקזיסטירט אַ זעמסקער שפּיטאָל מיט אַ קריסטלעכן דאָקטאָר, און לויט ווי איך געדענק איז שטענדיק געווען אַ פּריוואַטער דאָקטאָר אין שטעטל, וועלכער האָט זיך געביטן פון צייט צו צייט. די נעמען פון אייניקע: גערשאַנאָוויטש, לעווינסאָן, ראַגינסקי, אויף קאָנסוליום פלעגט מען אַראָפּברענגען פון נעסוויזש די דאָקטוירים סלעפּיאַן אָדער קאַצענעלבויגן.

אין דער זעמסקער באָלניצע איז געווען אַ קריסטלעכער פעלדשער מיטן נאָמען גרינויק, אָבער די גרעסטע פּראַקטיק ביי די אַרומיקע פויערים און פריצים איז געווען ביי מיין פאָטער איטשע קאזשדאן ז"ל (זיין פאָטער לייזער קאזשדאן איז געווען פעלדשער אין טימקאָוויטש). ער איז געווען אַ אָנגעלייגטער גאַסט ביי דעם צעכויקער פריץ דאָמאַנסקי און אין הויף פון דעם טימקאָוויטשער פריץ (ער האָט געשטאַמט פון די ראַדזיווילס).

אין די גרויסע מאַרק־טעג און ירידים איז אונדזער הויף און וווינונג געווען אָנגעפילט מיט וועגענער פון פויערים. מיין פאָטער ע"ה האָט ניט גערוט, אַרומגעפאָרן טאָג און נאַכט און אַפילו שבת און יום־טוב. נויטבאַדערפטיקע געטיילט רפואות אומזיסט, אַפילו איבערגעלאָזט אַ פלעשל וויין צום שטאַרקן אַ אָרעמען קראַנקן פויער. אין דער צייט פון דער סאָוויעטן־מאַכט האָט ער געאַרבעט אין זעמסקן שפּיטאָל. (נפטר געוואָרן ב' שבט תרצ"ה אין עלטער פון 70 יאָר). דעם זעלבן יאָר ל"ג בעומר איז נפטר געוואָרן אויך מיין מוטער טייבע.

אַמערקווירדיקע געשיכטע מיט דער טימקאָוויטשער אַפּטייק. דעם אַפּטייקערס פאַמיליע נאָמען איז געווען צערנאָמאַרדיק. אין ציעכאָווס באַוווסטע דערציילונג „אַפּטעקאַרשאַ" איז דער נאָמען פון דער הויפּט־פיגור צערנאמארדיק. האָט זיך אַרומגעטראָגן אַ קלאַנג אין שטעטל, אַז זייענדיק אַ מיליטער דאָקטער איז ציעכאָוו דורכגעפאָרן אין טימקאָוויטש און זיך אָפּגעשטעלט אין אַפּטייק און דאָס האָט אים געדינט אַלס הויפּט־טעמע פאַר זיין דערציילונג.

אין טימקאָוויטשער אימעניע איז געווען אַ ברויז פאַר אַלקאָהאָל, אַ וואַסער־מיל, ווינט־מילן.

אין יעדער אימעניע איז געווען אַ יידישער פאַקטער, וועלכער פלעגט פּראָדוצירן האָלענדער קעז: אין סאָוויטש, טימקאָוויטש, צעכויקע און אַנדערע. אין שטעטל זענען געווען פאַרשיידענע יידישע בעלי־מלאכות: באַרימטע קעסלערס, שמידן, טישלערס, שניידערס, שוסטערס, קירזשנערס. די אַלע האָבן געאַרבעט פאַר די אַרומיקע פריצים, פאַר די פויערים און פאַר די אָרטיקע יידן.

אַ ספּעציעלער אינטערעסאַנטער טיפּ איז געווען ר' עליע יעסילס גאָוויזניאַנסקי, אַ עסקן, אַ כלל־טוער. שטענדיק געזאָרגט, ס'זאָל זיין גענוג האָלץ אויף הייצן און וואַרעמען דעם בית־מדרש אין ווינטער. אויך האָט ער אַכטונג געגעבן אַז דער מרחץ זאָל זיין אין אָרדענונג. מיט לייב און לעבן זיך אָפּגעגעבן העלפן יתומים, אָרעמע לייט, נויט־באַדערפטיקע יולדות. ער האָט געקליבן געלט פאַר הכנסת־כלה, און ווער איז געווען צו אים גלייך, ווען ער האָט אויסגעפונען אַ כלה, וועמען ער האָט געקענט אויסהעלפן, זיין פּנים האָט געשיינט און די אויגן האָבן געלויכטן. ווען ר' עליע יעסילס איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע אויף אַ יאָר צייט, האָט מען געזאָגט אין שטעטל, אַז אין דעם יאָר זענען ניט געווען קיין

לוויות און חתונות. גאַנץ פּשוט, ס׳איז ניט געווען ווער זאָל באַגלייטן די טויטע און ווער ס׳זאָל משמח זיין חתן כלה.



ר׳ עליע יעסילס גאָוויזניאַנסקי

פון די מלמדים אין שטעטל געדענק איך ר׳ יוסף יודל, ר׳ לייזער, ר׳ נחום ברוקס און ר׳ שלמה פּערלעס. ר׳ שלמה איז געווען אַן אויסגעצייכנטער דרשן און ווען ער האָט מספּיד געווען אַ נפטר, פלעגט די גאַנצע שטעטל צעגיין פון געוויין.

אין אָנפאַנג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג זענען געווען באַוווסט זעליק זעליקאָווסקי, אַ משכיל און אַ תלמודיסט, יעקב משה קאַזאַק, וועלוול סאַדאָווסקי (ביי אים אין הויז איז געהאַנגען אויפן וואַנט ד״ר הערצל׳ס בילד), אין דער שפּעטערדיקער צייט האָבן זיך אויסגעצייכנט אין ציוניסטישער טעטיקייט סאָניע קאַגאַן און צמח, דער געהילפס־אַפּטייקער. אין שטעטל האָט ניסל קאַנטאָר געגרינדעט אַ ביבליאָטעק פון העברעאישע, יידישע און רוסישע ביכער.

דער לערער מאַנדעל האָט געעפנט אַ מאָדערנעם חדר, וווּ מ׳האָט געלערנט העברעאיש (ניט עברית בעברית). נאָכהער האָט אַ געוויסער גרינבערג פון קאַפּוליע און זיין פרוי (דעם נעסוויזשער רבס שערשעווסקיס טאָכטער) געעפנט אַ שולע פאַר רוסיש און אַנדערע קענטשאַפטן און אויך פאַר העברעאיש — עברית בעברית.

אין שטעטל האָבן זיך געפונען פיל בונדיסטן, סאָציאַל־דעמאָקראַטן ווי דער בונדיסט יהושע, יעלענאַ ראַבינאָוויטש, משה ראַבינאָוויטש, זיין ברודער שמעון איז געזעסן פאַרשפּאַרט אין סלוצקער טורמע. טימקאָוויטשער מיידלעך האָבן געלערנט אין סלוצקער גימנאַזיע, אויף פעלדשער־קורסן אין וויטעבסק, אין שולעס פאַר ציין דאָקטוירים און אַז.וו.

אַ באַוווסטע פּערזאָן אין טימקאָוויטש איז געווען דער יידישער סטאַראָסטע פייטל קאַזאַק און פאַר אים זיין פאָטער חיים לייב. איינער פון סאָניע קאַגאַנס ברידער, משקה קאַגאַן איז באַוווסט אַלס אַנטיילנעמער פון קאַפּיטאַן סמיטס עקספּעדיציע צום נאָרד־פּאָל.

*

אין טימקאָוויטש איז געווען אַ מתנגדישע שול, אַ חסידיש שטיבל און אַ קאַלטע שול און להבדיל אַ פּראַוואָסלאַווער קלויסטער און אַ קאַטוילישע קירכע.

דאָס חסידישע שטיבל אין שטעטל איז געווען אַ זעלטנהייט, ווייל אין גאַנצן געגנט איז ניט געווען אַפילו קיין חסידישער מנין. בראש פון דעם הייפל חסידים אין טימקאָוויטש זענען געשטאַנען דער סוחר פאַלע סאַדאָווסקי און מיין פאָטער.

זומער 1914 פאַר דער ערשטער וועלט מלחמה האָבן מיר, איך מיט מיין מאַן שמשון נחמני פאַרלאָזן טימקאָוויטש און אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל.



אַ יוגנט גרופּע אין טימקאָוויטש
זיצן פון רעכטס צו לינקס: דאַלגין, ראָזע קאַזשדאַן (געשטאָרבן אין צפת), שרה יעלין, משה יעלין.
שטייען: מאיר קאַזשדאַן, אידא יעלין, ד״ר לאַזאַר קאַזשדאַן (אומגעקומען אין שקלאָוו), משה יעלינס פרוי...

זאָלן מיינע זכרונות דינען אַלס דענקמאָל פאַר מיין אומגעקומענער משפּחה, חברים, פריינד און פאַר דער יידישער באַפעלקערונג אין דער אַלטער היים, וועלכע איז אָפּגעמעקט געוואָרן דורך מערדערישע נאַצישע הענט.

# מענדעלע מו"ס / טימקאָוויטש

(פראַגמענט פון שלמה ר' חיים'ס)

אויף אַ גלייך פריי פעלד, אַ ניין, צען וויאָרסטלעך פון קאַפוליע, וואַרפט זיך אין די אויגן נאָך פון דערווייטנס עפּעס אַ שטיקל ישוב. אַריינקומענדיק אַהין דערקענט מען באַלד, אַז דאָ איז אַ יידיש שטעטל. אַ סימן דערויף האָט מען אין דעם מאַרק מיט קלייטן, אין דעם שולהויף, ווו עס געפינט זיך אַ שולכל מיט אַ בית־מדרשל און אין דער באָד להבדיל מיט אַ מקוה — דריי זאַכן אַזוינע, וואָס ווי באַלד אַ מנין יידן קלויבט זיך צונויף, ווּינען צוזאַמען, איז אוממעגלעך צו לעבן אָן זיי ווי אַ פיש אָן וואַסער.

טימקאָוויטש הייסט דאָס שטעטל! עס זענען אין דעם דאָ עטלעכע מנינים איז אין־אָנהויב זומער נאָך צוגעקומען נאָך אַ נפש — אַ בחורל, אַ פרעמדער, וואָס זיצט דעם גאַנצן טאָג אין בית המדרש און לערנט.

איז דען טימקאָוויטש אַ מקום תורה? געפינט זיך דען דאָרט אַ ישיבה? — ניין, און נאָך אַמאָל, ניין! די יידן, וואָס געפינען זיך דאָרט בעדאַרפן פרנסה. קוים אָפּגעדאַוונט בלייבט דאָס בית מדרש ליידיק. דער שולהויף אָפּגערוימט, ניטאָ קיין פוס, אַ מענטשן, גלייך ווי אויסגעשטאָרבן, דער עולם איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען, דער — אַהיים, יענער — אין מאַרק. איטלעכער צו זיינע געשעפטן. נישט דער תורה צוליב איז דאָס בחורל פון דער פרעמד אַהער געקומען — ער איז געקומען, גאַנץ פשוט, צוליב דעם עסן, דאָס הייסט, ביי יעדן פון די שטאָט בעלי־בתים צו עסן אַ באַשטימטן טאָג אין דער וואָך. געקומען איז ער אַהער ניט מיט זיין אייגענעם ווילן, עס האָט אים געטריבן די נויט. די מוטער זיינע, שרה, אַ אַלמנה מיט קליינע קינדער, אָן שום מיטל צום לעבן, זי נעבעך האָט זיך געמאַטערט אַ האַרץ און געשיקט דאָס ליבסטע קינד אירס, דאָס עלטסטע צווישן די קליינע קינדער, אַהער אין שטעטל, רעכענענדיק אויף דער התקרבות פון אַ פאָר באַקאַנטע דאָרט. — — —

שאָקלענדיק זיך איבער דער גמרא מיט אַ שטיקל אומעטיקן ניגונ'דל, פאַרברענגט שלמה'לע אַליין די צייט אין דעם ליידיקן בית־מדרש. אַז עס ווערט אים נמאס צו שאָקלען זיך, זיצט ער דאָרט אויף דער באַנק פאַרגליווערט, אויסשטעלנדיק אַ פאָר אויגן, קיין ריר זיך ניט צוטאָן. אָדער ער גייט אַרויס אויפן שולהויף, ווו חוץ אים איז ניטאָ קיינער, שטייט, גענעצט, קוקט פאַרגליווערט אין איין זייט, נישט צו וויסן וואָס און ווו ער איז.

— דאַוונען — דאָס איז געווען אַ ליכטיקער שטראַל, וואָס האָט דורכשלאָגנדיק זיך דורך די וואָלקנס מרה־שחורה, אַ שיין געטאָן אין זיין פאַרפינצטערטער, פאַריתומ'טער נשמה. פון טימקאָוויטש האָט ער ניט געשעפּט קיין תורה, דערפאַר אָבער איז אים דאָרט אַריין אין טעם דאָס דאַוונען... דאָס איז געווען אַ חסידיש דאַוונען, מיט אַ ברען; דאָ אין טימקאָוויטש, האָט ער דאָס ערשטע מאָל געזען חסידים, פון וועלכע אין קאַפוליע, איז קיין זכר ניטאָ, און איבער וועלכע עס גייען דאָרט אַרום מימרות, מיאוסע מעשיות פון פאַרביסענע מתנגדים ווי איבער פושעי ישראל, ווילדע ברואים, מיני בהמות. דער בעל־הבית, ביי וועלכן ער האָט געגעסן שבת, דעם טאַטנס, עליו השלום, אַ גוטער פריינט, איז אַ חסיד און דאָך אַ ייד, און נאָך אַ הייסער ייד, אַ פיינער מענטש — אַ ייד! שלמה'לע האָט געדאַוונט ווו דער בעל־הבית, אין אַ חסידיש שטיבל, און די גאַנצע הנהגה דאָרט אי דאָס דאַוונען איז אים געווען צום האַרצן. דאָס שטעטל טימקאָוויטש האָט זיך פאַרדינט ביי שלמה'לען דערמיט, וואָס ס'האָט דעם ערשטן שטויס געגעבן דעם שכל זיינעם אין דעם ענין פונ'ם באַטראַכטן דאָס יידישקייט, וואָס איז שפּעטער מיט דער צייט זיך געגאַנגען ביי אים אַלץ ווייטער, ווייטער, טימקאָוויטש איז פאַר שלמה'לען אַ נייע אַנטדעקונג, ווי אַ אַנדעקטער אינזל, אַ שטייגער, אין ים אוקינוס. חסידים זענען טאַקע אויך יידן! אָבער דאָך איז דאָ אַ חילוק צווישן זיי און מתנגדים, צווישן וועלכע ער איז אויפגעוואָקסן ביז אַהער אין זיין שטעטל, אין אַ מתנגד שטעקט אַ פאַרפרוירענע נשמה, ביי אים איז נאָר קאָפּ, האַרץ — אייז־קאַלט. זיין לערנען, זיין דאַוונען איז נאָר ככתוב, ווייל אַזוי שטייט געשריבן. ער איז ווי אַ ערלעכער בעל־חוב, וואָס צאָלט פּינקטלעך אויף אַ וועקסל. על פי דין באַדאַרף מען דאָס, נו, טו איך מיין שולדיקייט און פטור. זיין גאָט איז אַ בייזער, ווי באַלד עפּעס ניט אַזוי, געפינט ער זיך באַליידיקט, ווערט ברוגז, שטאַרק אָנגעצונדן און באַשטראָפט. — — — אַקעגן זשע דער חסיד, ווי שלמה'לע האָט עס געזען אַצינד דאָ, איז הייס. דער עיקר איז ביי אים אין עבודת הבורא — שמחה: ישמח ישראל בעושיו — אַ ייד באַדאַרף זיך פרייען מיט זיין באַשעפער, מיט אַזאַ גאָט, מיט אַזאַ גוטן, דערבאַרעמדיקן פאָטער ווי ער איז.

„בשעת דאַוונען טאָר מען קיין שום דאגה ניט האָבן, אַפילו די דאגה פאַר די עבירות, וואָס מען איז באַגאַנגען, אויך נישט". אָט אַזוי זאָגט דער אר"י הקדוש. דאָ אין שטיבל, דאַוונט זיך מיט חשק.

— — — דאָס דאַוונען אָבער — אָט דער ליכטיקער שטראַל, האָט אַ שיין געטאָן אין שלמה'ס נשמה נאָר אויף אַ ווײַלע, אַזוי שטאַרק באַטריבט איז זי געווען. די איבעריקע צייט איז שלמה'לע געווען דערשלאָגן, תמ'עוואַט, פאַרשלאָפן, עפּעס נאָר טאַקע אַ גולם. — — —

אַ פעטע רויטע באַק מיט אַ פאַרמאַכט בלינד אויג האָט זיך אים געדאַכט טראָגט זיך, שוועבנדיק אין דער לופט צו אים אַקעגן. די דאָזיקע מיטן אויג האָבן געקערט דער טאָכטער פונ'ם בעל־הבית, ווו ער פלעגט נעכטיקן — אַ געזונטע, אַ דיקע אַ באַלייבטע, ברייטביינערדיקע בתולה. שלמה'לען וואָלט די בתולה ווי זי איז אינגאַנצן, לחלוטין נישט אָנגעגאַנגען. מילא איז זי אויף איין אויג אַ בלינדע, וואָס מאַכט עס אויס? די צרה איז אָבער אָט וואָס — מען וויל, ווי ער האָט זיך דערוווסט, זי זאָל זיין פאַר אים אַ כלה, און דאָס האָט

אים שוין טאַקע גוט געאַרט. עס פלעגט זיך אים פאַרשטעלן איר געשטאַלט, און פאַר גרויס פאַרדראָס אים צוקאָכן — גיי, האָב נאָך אַלע זאַכן גאָר חתונה פאַר צרות! און נאָך מיט וועמען? מיט אַ בלינדער מויד? — — —

ס׳איז אויך צייטנווייז אָנגעפאַלן אויף שלמה׳ן אַ בענקעניש נאָך דער היים, נאָך דעם שטעטל, נאָך אַלצדינג, וואָס אַמאָל דאָרט אין די גוטע יאָרן.

— — — נאָר איינמאָל, סליחות־צייט, איז דאָס בענקעניש זיינס געווען גרויס אַ שרעק, און די פאַנטאַזיע האָט זיך אים צושפּילט. — — — די פאַנטאַזיע האָט גובר געווען די ווירקלעכקייט, זי האָט אים אויף אירע אָדלער־פליגלען געטראָגן און געבראַכט אין הויז אַהין, צו דער מאַמען פאַרשוויצט, פערסאָפּעט, אין איין אָטעם. די מאַמע מיטן קינד האָבן ביים באַגעגעניש זיך אָנגעקוקט און באַוואָשן זיך מיט טרערן.

# אונטער דער סאוועטן מאכט

ליפּע גאָרין דערציילט: אין יאָר 1928 באַזוכנדיק סלוצק אַלס אַמעריקאַנער טוריסט, בין איך צוגעפאָרן קיין טימקאָוויטש און איינגעשטאַנען ביי מיין זעליקע שוועסטער מלכה



באַשקע קאַזשדאַן אומגעקומען אין מינסקער געטאָ מיטן מאַן דוד ליפּיץ און מיט די קינדער

מיט איר פאַמיליע. געזען איר טאָכטער און איידעם. איר מאַן ר׳ חיים הערש פּיאַלקאַ, איז געווען אַ שיינער ייד, פון פאַך אַ חזן, שוחט, סנדיק און מוהל. אויך אַ בעל־קריאה פון דער ליבלעכער שטעטל טימקאָוויטש אַ 40 וויאָרסט פון סלוצק. זייענדיק אין הויז האָב איך געפילט די וואַקסנדע נויט און דחקות אין זייער לעבן. שחיטה און כשרות איז ניט געווען פאַרבאָטן אין גאַנצן. די רעגירונג וועלכע האָט קאָלעקטיווירט דעם פליייש־האַנדל האָט געשאָכטן אויף טריף. און אַזוי זענען געוואָרן באַדנלאָז די „דעקלאַסירטע״ יידישע עלעמענטן.

„געוואַלד״! — האָט זיך מיין שוואָגער פאַר מיר געקלאָגט. מיר גייען אונטער. די מאַכט האָט זיך אויף אונדזערע מענטשן פאַרלייגט, מיט איר גאַנצער אכזריות. מען דאַרף אונדז ניט האָבן מער. געדענקסטו דאָך, ליפּע טייערער, די גוטע צייטן פון אַמאָל. מ׳האָט רואיק געלעבט בעל־הבתיש מיט אַ הויז, אַ גאָרטן, אַן אייגענע בהמה. איצט האָט ער געזיפצט, הענגט אונדזער לעבן אויף אַ האָר.

### פּאַרטיזאַנער

ציגאַנאָווס גרופּע האָט אויסגעפילט דאָס מאָל איר אויפגאַבע ערפאָלגרייך. צווישן באַראַנאָוויטש און מינסק האָבן זיי אויפגעריסן זעקס נאַציש עשאַלאָנען, און אויפן וועג צוריק צו זייער באַזע האָבן זיי פאַרברענט 200 טאָן תבואה און אויך דעם גרויסן ברויז פאַר אַלקאָהאָל ביי טימקאָוויטש.

(לויט משה קאהאנאוויטש)

# ליובאַן

דער באָדן פון אונדזער קליין שטעטל איז דאָס אייגנטום פון פּירעט וויטגענשטיין, און פון גאָר אַמאָל אָן האָט יעדער געצאָלט אַ געוויסן יערליכן אָפּצאָל פאַרן באַנוצן זיך מיטן באָדן. מיט 20 יאָר צוריק איז געקומען דעם פירשטס אַ אָנגעשטעלטער און געמאָלדן אַז פון היינט אָן און ווייטער וועלן מיר צאָלן 2 מאָל אַזוי פיל ווי פריער.

אייניקע האָבן אַפילו ניט געוואָלט הערן וואָס ער רעדט, אָבער מערסטנטייל פון די איינוווינער האָבן זיך אינטערגעשריבן, אַז זיי זענען איינשטימיק. דערנאָך האָבן זיי חרטה געהאַט. — — — זענען געשריבן געוואָרן ביטעס אַהער און אַהין, מ׳איז געפאָרן קיין מינסק און זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אַדוואָקאַטן, אָבער עס האָט ניט געהאָלפן. דער רעגירונגס אָנגעשטעלטער, האָט זיך געהאַלטן ביי זיינס, מ׳מוז באַצאָלן.

דערווייל זענען דורכגעלאָפן צוואַנציק יאָר.

מיט א פאָר טעג צוריק איז געקומען דער פּריסטאַוו פון הלוסק און געמאָלדן, אַז לויטן פּסק־דין באַטרעפט דער חוב איבער צוויי טויזנט רובל. אין פאַל דאָס געלט וועט ניט באַצאָלט ווערן אין צייט — וועלן אונדזערע הייזער פאַרקויפט ווערן. יעדער וועט מוזן באַצאָלן פון 40 ביז 50 רובל אויב ניט מער.

ווו זשע זאָל מען נעמען דאָס געלט?

דער חוב מוז באַצאָלט ווערן אין פאַרלויף פון 30 טעג. די לאַגע איז אַ שווערע און אַ ביטערע. („המליץ״, נומער 54, 1884)

## חנה אסף / הרב ר׳ נחמיה יערוזאלימסקי

מיין פאָטער ז״ל איז געווען אַ רב אין ליובאַן. אנשי ליובאַן האָבן אים זייער געליבט און געאַכטעט. איבערהויפּט איז ער געווען טייער און פּאָפּולער ביי דער יוגנט. ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אויף דין־תורות. צו אים פלעגט מען זיך ווענדן אַפילו פון סלוצק, באָברויסק, הלוסק א״אַ. אויך קריסטן, דער גלח, דער דאָקטאָר, דער פּאָסט־באַאַמטער האָבן געלעבט מיט אים בידידות און גערעכנט זיך מיט זיין מיינונג.

מיין פאָטער איז געווען זייער קלוג, אַ בעל־מידות מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער. איך געדענק, ווי איין מאָל, שבת, קומענדיק פון שול, האָט ער געטראָפן זיין מוטער טויט. גע־מאַכט קידוש, געזונגען זמירות און נאָכן עסן געלערנט ווי זיין שטייגער. מוצאי־שבת זיך געזעצט שבעה, ביטער געוויינט און באַקלאָגט זיין מוטער.

יעדן טאָג פלעגט ער אויפשטיין 3 אַזייגער פאַרטאָג און געזעצט זיך לערנען. אָנגעשטעלט דעם סאַמאָוואַר און ביי אַ קאָכיקער גלאָז טיי זיך געוואַרעמט און געהיצט ביים לערנען אַ בלאַט גמרא.

פריער איז ער געווען רב אין שעמעזעווע.

פון זיין נאַטור איז ער געווען דעמאָקראַטיש געשטימט, באַשיידן, אָבער אַ לוסטיקער און אַ פריילעכער. פּורים איז ביי אונדז געווען ששון ושמחה. דאָס שטעטל האָט געשיקט דעם רב משלוח־מנות ביד רחבה. מ׳האָט געטאַנצט און געזונגען,



הרב ר׳ נחמיה ירושלמי (יערוזאלימסקי)

געטרונקען וויין און זיך משמח געווען. פאַרזוכט עפּעס און דער טאַטע פלעגט ווערן בגילופין און שפּאַסנדיקערהייט זיך געוויצלט אָן אויפהער.

שפּעטער איז געקומען קיין ליובאַן נאָך אַ רב, האָט זיך

אָנגעפאַנגען אַ מחלוקת. אין די עקן און ווינקלעך פון דער באַנק אין מיזרח פון שול, זענען געזעסן ביידע רבנים. מיין פאָטערס אָנהענגער האָבן אָפּגעזעגט דעם עק פון באַנק, וווּ ס׳איז געזעסן דער צווייטער רב. האָט מיין פאָטער זיי אויסגעמוסרט. אַם ענדע איז מיין פאָטער געבליבן דער איינציקער רב פון שטעטל. קהל האָט אויסגעבויט פאַר אים אַ שטוב פון 7 צימערן — אַ רחבותדיקע דירה, אַ בית־דין־חדר און אַ התבודדות־צימער.

3 שולן זענען געווען אין שטעטל: די קאַלטע־שול, שניי־דער־שול און בעלעבאַטישע שול.

ליובאַנער גאַסן: די ברייטע גאַס, די שמאָלע גאַס, די ציגיינערשע גאַס, שול גאַס, דעם רבס געסלע.

דער מאַרק איז באַשטאַנען פון פאַרשיידענע קראָמען, ר׳ זלמן ברוכס שניט־קראָם, באַשע מלכהס באַקאַליינע־קראָם און נאָך אַנדערע.

די אורעטשער און טאַליער גאַסן זענען געווען פאַרפלאַנצט מיט ביימער.

אויפן מאַרק האָבן געוווינט די חשובע בעלי־בתים, ווי זלמן ברוך דעם רבס. יאשיה דעם רבס, משה וועלוול, לייב־וואָלף, מיין מאַנס פאָטער ז״ל, שיינע לאה די בעלהביתטע פון מיל, יעקב קאַצענעלסאָן, סטרעלעץ, איטשע דער רופא, חיים בערל, פייטל דער אַפּטייקער, מרדכי אהרון דער שניט־קרעמער, אהרון דער שרייבער און די פּאָסט־קאַנטאָר.

אונדזער מוטער איז געווען אַ אשת חיל, געשפּונען פּאָדעם, געבאַקט ברויט און פאַרשיידענע געבעקס, געקאָכט אַלערליי געקעכצן, געמאָלקן די בהמה, געמאַכט קעז און פּוטער.

איך געדענק די גרויסע שריפה. מ׳זאָגט, אַז גויים האָבן אונטערגעצונדן. דאָס שטעטל איז אינגאַנצן אָפּגעברענט געוואָרן. פון אונדזער שטוב זענען נאָר פאַרבליבן די קופּערנע פענדלעך, סאַמאָוואַרן און מעטאַלענע טעפּ. אונדזער פאָטער האָט זיך אַריינגעזעצט אין אַ וואָגן, געפאָרן קיין אורעטשע און טאַל, געקליבן ברויט און זאַכן פאַר אנשי ליובאַן.

מיין קלוגער פאָטער האָט געוואָרפן אַן אויג אויף מיין צוקונפטיקן מאַן הרב פּראָפעסאָר שמחה אסף ז״ל. ער האָט אים מקרב געווען, ווען ער איז געקומען פון טעלזער ישיבה



די לוויה פון הרב שמחה אסף אין ירושלים י׳ חשון תשי״ד (1953)



חנה אסף

צו זיינע עלטערן אין ליובאַן. שמחה אסף פלעגט קומען יעדן טאָג צו אונדז לערנען צוזאַמען מיטן טאַטן. דער טאַטע האָט געזען אַז פון דעם יונגנמאַן וועט אַרויסקומען אַ גדול בישראל, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט. ער האָט אַמאָל אין אונדזער אָנוועזנהייט אַ זאָג געטאָן: „שמחה, ביסטו איינשטימיק הייראַטן מיין טאָכטער חנה?" אַזוי איז דער שידוך געשלאָסן געוואָרן, געגלויבט אויפן וואָרט, אַפילו ניט געשריבן קיין תנאים.

לאַנג איז געווען אונדזער וועג ביז מיר זענען געקומען קיין ארץ־ישראל. געוווינט אין אָדעס אין שכנות מיטן גרויסן דיכטער ביאַליק ז"ל. מיינע ברידער האָבן עמיגרירט קיין אַמעריקע. ווען מיין פאָטער איז געפאָרן אין אָמאַהאַ נעבראַסקא זען זיך מיט זיינע קינדער, האָט מען אים פאָרגעלייגט פאַרבלייבן דאָרטן אַלס רב און טאַקע באַקומען אַ כתב־רבנות. ער האָט געשריבן אונדזער מוטער זי זאָל קומען אַהין און פאָרגעלייגט שמחהן, מיין מאַן, ער זאָל איבערנעמען די רבנות אין ליובאַן. אָבער פון דעם אַלעמען איז גאָרנישט געוואָרן, און סוף כל סוף, נאָך פאַרשיידענע גלגולים, איז ער אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל. די קינדער פון אַמעריקע האָבן געקויפט פאַר אים אַ הויז אין ירושלים.

ער איז נפטר געוואָרן אין אַ גוטער עלטער (76 יאָר) מיט אַ שיינעם נאָמען אין ירושלים עיר הקודש.

# בנימין וואלפסאן / שחיטות און הריגות

אין אָנפאַנג פונ'ם יאָר תרפ"א (1921), ווען פוילן און רוסלאַנד האָבן אַוועקגעלייגט דאָס געווער און דעלעגאַטן זענען זיך צונויפגעקומען אויסצוגלייכן זייערע סכסוכים און באַשטימען גרענעצן, איז צווישן זיי געבליבן אַ נייטראַלער פאַס אָן אַ צענטראַלער מאַכט פאַר אָרדנונג און שוץ. די פּאָליאַקן האָבן זיך פאַרמאַכט אין זייער אייגענעם תחום און די סאָוויעטן־מאַכט איז נאָך ניט געווען אָרגאַניזירט, אַזוי אַרום האָבן דאָרטן געהערשט באלאחאוויטשעס באַנדעס, גערויבט און געמאָרדעט יידן אין דערפער און שטעטלעך. דעם 17־טן כסלו תרפ"א, האָבן מיר זיך דערוווּסט, וועגן הריגות אין די אַרומיקע דערפער, מיר האָבן גוזר תענית געווען. פאַרן לייענען איז אַרויף אונדזער רב אויפן בימה און האָט אויסגעשריען מיט אַ ביטערן געוויין: ברידער! אַ שלעכטע בשורה! אין קוזמיץ האָט מען דערהרגעט דעם שוחט און עטלעכע יידן אין אַנדערע דערפער. נאָכן דאַווענען איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ קאָמיסיע באַטראַכטן די לאַגע. פאַר מורא צו פאָרן האָט מען די הרוגים ניט געקענט ברענגען. ערשט חנוכה האָט מען געפועלט ביים רעווקאם, ער זאָל שיקן אַ באַפעל צו די קריסטן, זיי זאָלן ברענגען די הרוגים. אַזוי איז געווען, מ'האָט זיי געבראַכט און מיר האָבן זיי מקבר געווען שטילערהייט. נאָך חנוכה האָט מען געבראַכט נאָך הרוגים פון דער געגנט. אַזוי האָט פאַסירט אויך אין אַנדערע שטעטלעך. אויף יעדן בית־עולם זענען צוגעקומען פרישע קברים פון קדושים. אונדזער אויבנדערמאָנטע קאָמיסיע, האָט אויסגעפונען נאָר איין מיטל: בעטן ביי דער מאַכט אַריינשיקן סאָלדאַטן אין שטעטל, מ'האָט טאַקע אַריינגעשיקט 2 שטראָף־אָפּטיילונגען צו כאַפּן באַנדיטן און דעזערטירן. די סאָלדאַטן האָבן פאַרנומען דעם בית־מדרש אַלס אַרעסט־הויז. דאָס האָט נאָך מער אויפגערייצט די קריסטלעכע באַפעלקערונג און פאַרגרעסערט זייער האַס קעגן יידן. די יידישע באַפעלקערונג האָט צו דעם נאָך געמוזט אויסהאַלטן די סאָלדאַטן. אַ סלעדאָוואַטעל איז אָנגעקומען, ער האָט געזויגן יידיש בלוט, אַרויפגעלייגט גרויסע אָפּצאָלונגען אויף יידן, און די באַנדיטן פלעגט ער באַפרייען פאַר געלט. ער פלעגט אַרעסטירן אומשולדיקע, דורך דעם איז נאָך מער פאַרגרעסערט געוואָרן דער צאָרן פון די קריסטן. פאַר פורים זענען די סאָלדאַטן אַוועק, פלעגט אַ ייד ניט קענען אַרויספאָרן פון שטעטל. די גרויסע נויט פלעגט אַמאָל צווינגען אַ יידן אַריינצופאָרן אין אַ דאָרף, האָט מען אים צעראַבירט אָדער געהרגעט. די געציילטע יידן, וועלכע האָבן געוווינט אין דערפער פלעגט מען באַפאַלן און אומברענגען זיי. נאָכדעם אַז ס'זענען דערמאָרדעט געוואָרן פאַר פסח עטלעכע יידן אין די נאָענטע דערפער, זענען די איבעריקע געקומען אין ליובאַן, כאָטש אין שטעטל איז מען אויך ניט געווען זיכער. פסח צום סדר זענען שומרים אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן, מ'האָט אָרגאַניזירט אַ שטיקל שמירה אין יעדער גאַס. די יוגנט האָט זיך אָרגאַניזירט מיט אַביסל געווער שטילערהייט. דער לעבן האָט זיך אָפּגעשטעלט. נאָך פסח זענען די רייכערע יידן אַרויסגעפאָרן פון שטעטל און די אָרעמע האָבן אַפילו אויף אַ פור ניט געהאַט.

פאַר ל"ג בעומר האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן אַ



ר׳ בנימין וואָלפסאָן

אָנפאַל אויפן שטעטל. איך האָב שוין געדונגען אַ פור אָפּפירן ערגעץ די קינדער, נאָר די זעלבסט־שוץ האָט ניט דערלויבט אַרויספאָרן. זיי האָבן באַרואיקט אַז פון מינסק און באָברויסק, האָט מען צוגעזאָגט שיקן סאָלדאַטן און געווער פאַר דער זעלבסט־שוץ. די שטימונג איז געווען אַ געדריקטע. דער רעוו־קאָם האָט פאַרלאָזט דאָס שטעטל. פון פּאָהאָסט זענען אָנגע־קומען 7 רייטער־סאָלדאַטן. די אָפיציעלע ידיעה, דאָס 40 באַ־וואָפנטע סאָלדאַטן קומען אָן, האָט אונדז באַרואיקט. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי פון יענעם זייט טײַך און די 7 סאָלדאַטן האָבן געענטפערט, איז געוואָרן אַ פּאַניק און מ׳האָט אָנגעהויבן לויפן, ניט וויסנדיק וווהין, איבערלאָזנדיק די הייזער אָפן. מ׳איז געלאָפן אין דער ריכטונג פון אורעטשע, 20 וויאָרסט פון ליובאַן. די זעלבסט־שוץ האָט אַרויסגעשיקט רייטער מ׳זאָל זיך אומקערן. זיי האָבן דערקלערט דאָס די שיסעריי פון די 7 סאָלדאַטן איז געווען, כדי מ׳זאָל מיינען אַז אין שטעטל געפינט זיך אַ סך מיליטער. ביי אַלעמען איז באַשטימט גע־וואָרן אומצוקערן זיך און איבערנעכטיקן. פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ פּולעמיאָטן־שיסעריי. אין שטוב זענען מיר געווען איך און מיין פרוי ע״ה און 3 קליינע קינדער, אַ טאָכטער מיט אַ קינד פון 10 מאָנאַטן, אַ שוואָגער מיט אַ שוועגערין וועלכע האָבן פאַרלאָזט דעם דאָרף און געקומען צו אונדז. זייערע קינדער זענען געווען אין סלוצק. אויפן גאַס איז געווען אַ געפּילדער און אַ לויפעריי. מ׳איז געלאָפן און פון צייט צו צייט זיך באַהאַלטן ווו עס איז. מיט אַמאָל אַ אויסגעשריי: סטאָי״! און באַלד זענען מיר אַרומגערינגלט געוואָרן דורך באַנדיטן. זיי האָבן ביי אונדז אַלעס צוגענומען און פאַרשפּאַרט אַלעמען אין אַ שטוב. מיט פאַרקלעמטע הערצער זענען מיר געזעסן וואַרטנדיק אויפן טויט. קולות, ביטערע געשרייען און גע־וויינען האָבן זיך אויסגעמישט מיט אַ שטאַרקער שיסעריי. שטילנקערהייט האָבן מיר געזאָגט וידוי און געזעגנט זיך איינער מיטן צווייטן. פּלוצלינג זענען אַריין 2 באַנדיטן, ווי וווילדע חיות האָבן זיי געבראָכן געשיר, דעם שפּיגל, דעם וואַנט־זייגער, דאָס וואָס ס׳איז זיי געפעלן געוואָרן, האָבן זיי צוגענומען און די איבעריקע זאַכן צעריסן. אונדז האָבן זיי אַוועקגעשטעלט איינער נעבן אַנדערן צוגעלייגט די שפּיזן צום האַרצן, און אויסגעשריען: אַהער דאָס גאָלד, וואָס איר האָט באַהאַלטן! מיר האָבן זיך געבעטן און געפּרוווט אויפ־ווייזן, אַז מיר האָבן ניט קיין גאָלד.

## באַנדיטן רויבן און מאָרדן

זיי האָבן ניט געוואָלט הערן, געשלאָגן אונדז מיט די ביקסן. איינער פון זיי האָט אַרויסגענומען אַ שטריק, דער־לאַנגט דעם צווייטן, ער זאָל עס פאַרציען ערגעץ ווו און מען וועט אונדז אויפהענגען אויב מיר גיבן זיי ניט קיין גאָלד. דער צווייטער באַנדיט האָט אַ זאָג געטאָן: וואָס האָבן מיר זיך דאָ פאַרנומען מיט גאָרנישט? לאָמיר גיין זוכן אַ רייכערן פּלאַץ. זיי זענען אַרויס סטראַשענדיק, אַז באַלד וועלן זיי זיך אומקערן. אָפּגעוואַרט אַביסל זענען מיר אַרויפגעקראָכן אויפן בוידעם. די קינדער נעבעך האָבן זיך געטרייסלט פון שרעק און פון קעלט, מיר האָבן זיי איינגעוויקלט אין ווינטערדיקע אַלטע זאַכן, ביז זיי האָבן זיך אַביסל דערוואַרעמט און איינ־געשלאָפן. מיר האָבן געהערט ווי מ׳ברעכט פענצטער, טירן, ביטערע געשרייען פון אומגליקלעכע און ווילדע קולות פון באַנדיטן מענטשן־חיות. אַזוי זענען מיר געזעסן אויפן בוידעם ביז לערך 10 אַזייגער. דערהערנדיק אַ שטילן געוויין בין איך אַראָפּ פון בוידעם און דערזען מיין שוועגערין, מיין פרויס אַ עלטערע שוועסטער. זי האָט דערציילט: אין שול האָט מען געשלאָגן, געטויט און אָפּגעטאָן דאָרטן שענדלעכע זאַכן. די באַנדיטן האָבן געוואָלט אויפרייסן די שול, נאָר דער גלח און די קריסטן האָבן זיך אָפּגעבעטן ביי זיי. באַלד זענען געקומען נאָך אומגליקלעכע צו אונדז. יעדערער האָט דערציילט וואָס מיט אים האָט פּאַסירט. אַ פרוי האָט באַקלאָגט איר יונגן זון, אַ קראַנקן האָבן זיי אים פון בעט אַראָפּגעשלעפּט געבראַכט אין שול און דערמאָרדעט. ווען מיר האָבן זיך דערוווסט, אַז די באַנדיטן זענען אַוועק, בין איך אַרויס פון הויז און אַוועק זוכן אונדזער טאָכטער מיטן קינד. פאַרבייגייענדיק אַ הויף האָב איך דערזען געהרגעטע יידן, אין איינעם פון זיי האָב איך דערקענט, מיין שוואָגער, אין אַ גאָרטן דערזע איך ליגט אַ מיידל מיט אַ צושאָסענער פּוס. פון די שייערן און וועלדלעך זענען אַרויסגעקראָכן דערשראָקענע מענטשן. אַזוי בין איך אַרומגעלאָפן עטלעכע שעה, אַ פאַרמאַטערטער בין איך געקו־מען צוריק אַהיים. כ׳האָב געפונען מיין פרוי,ביידע זענען מיר אַרומגעגאַנגען ביז 5 אַזייגער פאַרנאַכט און געזוכט אונדזער טאָכטער. אין שטוב פאַרבלייבן האָבן מיר מורא געהאַט, זענען מיר אַוועק נעכטיקן אין אַ שייער ביי אַ ערלעכן קריסט. אונדזערע קינדער זענען שוין דאָרטן אויך געווען. פּלוצלינג האָבן מיר דערזען מ׳לויפט ווידער פון שטעטל, ווייל אויך די 7 סאָלדאַטן — שומרים האָבן געהאַט פאַרבינ־דונגען מיט די באַנדיטן.

דערווייל האָבן מיר אַריינגענומען איייניקע הרוגים אין זייערע הייזער און אַנדערע אין שול. די פאַרוווּנדעטע גע־




ראַכט אין פאַרשיידענע הייזער. הינטערן שטעטל זענען זיך צונויפגעקומען נאָך פאַמיליעס מיט קליינע קינדער, און אַלטע־שוואַכע לייט. יעדער קוסט, יעדער שאָרך אין וואַלד האָט אַנגעוואָרפן אַ אימה. אַז די הונגעריקע קינדער האָבן זיך צעוויינט, איז געבליבן — נעכטיקן אין וואַלד. צופעליק האָבן מיר געפונען אין וואַלד אַ ליידיקע שטוב (אַזרוב), זענען אַלע אַריין אַהין און זיך צעלייגט אין צרות אויף די גראָז. איך בין געווען פאַרזאָרגט ווי קען מען קריגן אַביסל וואַסער אין אַ נויט. האָב איך באַשלאָסן גיין אין שטעטל אַ מהלך פון 2 וויאָרסט דורך וואַלד און פעלד, אפשר וועט מיר געלונגען ברענגען וואַסער. אַ מיידל וועמענס באָבע איז פאַרבליבן אין שטעטל איז מיטגעגאַנגען מיט מיר. אַרויס־גייענדיק פון וואַלד האָבן מיר געזען מענטשן גייען צופוס, און אַנדערע לויפן. ווער עס האָט געהאַט אייגענע פערד איז געפאָרן. די קריסטן, מורא האָבנדיק פאַר די באַנדיטן האָבן ניט פאַרדונגען קיין פורלעך די יידן.

מיר האָבן דערהערט, אַז די באַנדיטן קומען אָן, האָבן מיר זיך אומגעקערט אין וואַלד און דערציילט עס. אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן און געלאָזן זיך לויפן, אַ מחנה אומגליקלעכע מענטשן מיט קליינע קינדער. אויפן וועג האָבן זיך געוואָלגערט הרוגים, גייענדיק איז פון אַ כוטאָר אַרויס אַ קריסטין און האָט אונדז איבערגעגעבן אַז אין דער פרי איז דאָ געווען אונדזער טאָכטער מיטן קינד. מ'איז געגאַנגען אין דער ריכטונג פון אורעטשע. אין מיטן וועג נעבן דאָרף טאַל, איז געבליבן ביי אונדז איבערנעכטיקן דאָרטן.

### צו ״קבר־ישראל״

פון דער ווייטן האָבן מיר דערזען אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס. איינער פון אונדזער מחנה האָט אין אים דערקענט אַ יידישן סאָלדאַט וועלכער איז איינגעשטאַנען ביי אים אין שטוב. אַלע האָבן גענומען לויפן אַנטקעגן אים. ער האָט זיך צעוויינט און געטרייסט אונדז, אַז עס גייען אַהער סאָוועטישע סאָלדאַטן. אָבער ער האָט אונדז ניט געראַטן אומקערן זיך אין שטעטל. גלייכצייטיק האָט זיך טאַקע באַוויזן אַ פאָלק סאָלדאַטן מאַר־שירנדיק אויפן וועג קיין ליובאַן. דאָרטן האָבן מיר באַגעגנט פיל צעלאָפענע. זיי האָבן זיך נאָכגעפרעגט אויף זייערע באַקאַנטע און קרובים. אייניקע זענען פאַרבליבן נעכטיקן אין דאָרף און אַנדערע זענען אַוועק מיט די סאָלדאַטן קיין ליובאַן. קיין קריסט האָט אַ יידן אין שטוב ניט אַריינגעלאָזן. אין עק דאָרף זענען געווען יידישע מילנערס וועלכע האָבן געגרן אַריינגענומען אַלעמען. נאָר ווי עס איז טאָג געוואָרן האָבן מיר איבערגעלאָזן די קינדער און אַוועק צוריק אין שטעטל זען וואָס הערט זיך. אין בית־המדרש זענען געלעגן הרוגים. ניט אַלעמען איז געווען צו דערקענען. דאָרטן האָב איך

געטראָפן עטלעכע מענטשן. עס האָט אונדז פּאַרקלעמט די הערצער, נאָר מען מוז דאָך מקבר זיין די הרוגים, האָט מען דאָס מיר איבערגעגעבן ווייל איך בין געווען אַ גבאי פון חברה קדישא. די צאָל פון די הרוגים אין בית־המדרש איז געווען 15 מענער און 8 פרויען. מיר האָבן אויפגעקליבן אויך די הרוגים פון הייזער. טרויערדיקע סצענעס זענען פּאָרגעקומען אין יעדער שטוב ווו מ׳האָט צוגענומען אַ הרוג. פּלוצלינג איז געוואָרן אַ טומל, אַז די באַנדיטן קומען צוריק. עטלעכע סאָלדאַטן האָט מען צושטעלט היטן, אָבער די גאַנצע אָפּטיילונג איז אַוועק אויפן פראָנט. פיל שטעטלדיקע זענען זיך צעלאָפן, נאָר געציילטע זענען געבליבן. דערווייל האָבן מיר די 8 פרויען אָפּגעפירט אויפן בית־עולם און זיי מקבר געווען. נאָכער איז מען געפאָרן ברענגען די מענער הרוגים. אייניקע האָבן געפירט און מיר האָבן מקבר געווען. ס׳האָט געדויערט ביז 6 אזייגער פּאַרנאַכט. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט די הייליקע קברים און מיט אַ פאַרביטערט האַרץ אַוועק אַהיים. דאָרטן האָב איך געטראָפן מיין שוועגערין די אלמנה מיט די יתומים ווי זיי זיצן צובראָכענע און וויינען. מיינע הענט זענען געווען אויסגעשמירט מיטן בלוט פון די הרוגים, אַ דערשלאָגענער בין איך אַוועק אין שטעטל זען זיך מיט נאָך אומגליקלעכע, אַלעס איז פאָרגעקומען ערב שבת. מ׳האָט געדאַוונט אין דער פינצטער. די פרישע אבלים האָבן געזאָגט קדיש. פון אַלע זייטן פרישע קרעכצן, און מ׳האָט געהאַלטן אין איין פרעגן צי די סאָלדאַטן זענען נאָך דאָ. שבת אין דער פרי האָט זיך געפילט אין שול ווי תשעה־באב, זונטיק פרי זענען מיר אויפגעשטאַנען, געמאַכט אַ מנין מיט די אבלים און איך האָב געוואָלט אַריינשרייבן אין פנקס פון חברה־קדישא, דעם סדר פון די קברים. דעם פנקס האָב איך באַגאָסן מיט טרערן אַזוי ווי די קברים. איך בין אַרויס אין גאַס, דער חורבן איז גרויס, די פענצטער צעבראָכן, פון יעדער פאַמיליע איז פאַרבליבן נאָר איינער אָדער צוויי, די איבעריקע זענען זיך צעלאָפן. בין איך אַוועק אַהיים, מיר האָבן אָנגעהויבן קלערן וואָס צו טאָן, ווייל די קינדער, וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזן אין דאָרף, האָבן מורא געהאַט קומען אַהיים, זענען זיי אַוועקגעפאָרן קיין אורעטשע. ביי אונדז איז געבליבן, אַז ברענגען זיי אַהיים דאַרף מען ניט, איך האָב זיך געגרייט צום וועג: גענומען וועש, מילך און נאָך אייניקע זאַכן פאַר זיי. מיט אַמאָל ווידער אַ צרה. אַזוי ווי די סאָלדאַטן גייען אַוועק, האָט מען מורא פאַרבלייבן אָן סאָלדאַטן. האָבן מיר באַשלאָסן גיין וווהין אַלע גייען. די קינדער זענען געקומען פון אורעטשע אַהיים, ווייל אויך דאָרטן איז געווען אַן אָנפאַל אויף אַ פאַמיליע, צעלויפט מען זיך פון דאָרטן. די קינדער זענען געווען פאַרשמאַכטע, פאַרחלשטע און איצט דאַרף מען לויפן צוריק. מיט גרויסע שוועריקייטן האָב איך געקראָגן אַ פורל ביי מיינעם אַ באַקאַנטן; אַרויפגעזעצט אונדזערע קינדער אויך נאָך אייניקע האָבן אַרויפגעזעצט זייערע קינדער. אַלטע קראַנקע און בלינדע שלעפּן זיך נעבעך צופוס. קלייניקע קינדערלעך טראָגט מען אויף די הענט, פלעג איך מיט אַ ביסל מילך אָפּנעצן זייערע פאַרטריקנטע ליפּעלעך.

פאַרנאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין אורעטשע, דער־ שראָקענע יידן פון ליובאַן און פון אַנדערע שטעטלעך האָבן געפרעגט וואָס הערט זיך? וואָס טוט מען? ביי מיינעם אַ פריינט האָב איך געטראָפן מיינע קינדער און נאָך אומגליקלעכע. פון סלוצקער „בעזשענסקן קאָמיטעט” האָט מען געבראַכט ברויט און פאַרשיידענע זאַכן. די הענט האָבן זיך געטרייסלט האַלטנדיק דעם געשענקטן ברויט. די קינדער האָט מען צעלייגט אויף דער האַרטער פּאָדלאָגע און די עלטערע זענען געזעסן איינדרויסן ביז טאָג, ווו צו זיצן איז ניט געווען, ווייל אורעטשע איז נאָך אַ שריפה. די פּאָליאַקן האָבן זי פאַרברענט פאַר זייער אָפּטרעטן, איז באַשטימט געוואָרן מ׳זאָל פאָרן קיין סלוצק.

## קיין סלוצק

איך מיט די קינדער זענען געפאָרן קיין סלוצק, נאָר מיין פרוי מיט דער עלטערער טאָכטער זענען פאַרבליבן דערווייל אין אורעטשע טאָמער וועט מען נאָך קענען עפּעס אַרויסבאַקומען פון ליובאַן. ביים אָנקומען אין סלוצק האָט מען זיך געלאָזן גיין אין שטאָט. די קליינע קינדער האָט מען געטראָגן אויף די הענט. פון קאָמיטעט איז מען ניט אַרויס אַנטקעגן (צי זיי האָבן ניט געוווסט אָדער ניט געוואָלט). מיר האָבן זיך דערפרעגט אויף אַ פריינד וואָס איז אַנטלאָפן פון ליובאַן אייניקע טעג פאַרן פּאָגראָם. זיי האָבן אונדז פריינדלעך אויפגענומען. אין גאַס האָב איך געטראָפן נאָך אומגליקלעכע פון אונדזער שטעטל. אייניקע האָבן געפונען פריינד אָדער באַקאַנטע, אַנדערע זענען אַוועק אין די שולן, איך האָב גע־ זוכט אַ דירה, האָט מען געבעטן פריער געלט און איך האָב ניט געהאַט. נאָכהער בין איך אַוועק אין עק שטאָט. פיל פורן זענען אָנגעקומען פון ליובאַן. קריסטן פון דערפער זענען געקומען אַהין מיט זייערע פורן. אומגליקלעכע האָבן אָפּגעגעבן דאָס לעצטע און געדונגען אַ פור און געקומען אין סלוצק. פון די אָנגעקומענע האָב איך זיך דערוווּסט אַז מיין טאָכטער האָט אויך געדונגען אַ פור און זי ברענגט זאַכן. קומענדיק האָט זי דערציילט, אַז אין שטעטל זעט מען ניט קיין יידן. זי האָט געכאַפּט די ביסל בעטגעוואַנט און וועש, האָט פאַרשלאָסן די שטוב און דעם שליסל אָפּגעגעבן אַ שכנה אַ קריסטין, זי זאָל אַכטונג געבן אויף דער שטוב, אויף דער בהמה און אויף די הינער. מיר האָבן פאַרפירט די ביסל זאַכן צו עטלעכע באַקאַנטע, ווייל ביי אַלעמען איז געווען ענג. ענדלעך האָבן מיר געפונען אַ דירה אין עק שטאָט. קיין געלט פריער האָט מען ניט געפאָדערט, מ׳האָט אונדז אויפגענומען פריינדלעך, אָפּגעגעבן אַ באַזונדער צימער. אָבער עס איז ניט געווען וואָס צו עסן. אונדזער בע״ב איז אויך געווען פון די יורדים, האָט מען צוזאַמען געליטן און געשוויגן. דערווייל זענען אָנגעלאָפן קיין סלוצק פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך און דערפער, מ׳האָט אונדז געראַטן מיר זאָלן אויסקלייבן אַ בעזשענסקן קאָמיטעט וועט די רעגירונג געבן שטיצע. ביים רב איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַן אסיפה פון שטאָטישע בע״ב און מ׳האָט געזאַמלט געלט, ברויט, זאַכן און וועש. די פליכטלינגע האָבן אויסגעקליבן אַ קאָמיטעט אין וועלכן איך בין אויך אַריין. פון מינסק איז געקומען איינער און האָט

רעגעסטרירט די היימלאָזע. די פּראָצעדורע האָט געדויערט פיל טעג און דערוויילע האָט מען גאָרנישט געגעבן. מ׳האָט צוגעזאָגט געבן צו 5 פונט מעל קאָרענע; און פּאָר קליינע קינדער האָט מען שוין געגעבן ווייצענע מעל, צוקער, קאַר־טאָפל, זאַלץ וואָס איז דעמאָלט געווען פון די זעלטענע פּראָדוקטן. נאָך 2 אָדער 3 מאָל האָט מען געטיילט און נאָכדעם פלעגט אָנקומען מיט גרויס מי און לויפעניש ביז מ׳פלעגט עפּעס קריגן. ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אַ פּריוואַט פּאָר יתומים, מיט אַ באַגרענעצטער צאָל, האָט מען געמוזט אַרומלויפן און זיך משתדל זיין, מ׳זאָל אַריינעמען די בילכערע. אַזוי ווי ס׳איז ניט געווען קיין פּלאַץ פאַר אַלע יתומים, האָט מען געדאַרפט פועלן מ׳זאָל אַרויסגעבן פּאָרציעס אַהיים. איך פלעג באַזוכן דעם האָספּיטאַל, ווו ס׳זענען געלעגן די פּאָגראָם־פּאַרוווּנדעטע.

גייענדיק אַהיים פלעגט מאַטערן דער געדאַנק ווו קריגט מען עפּעס צום עסן. אַזוי האָט מען דורכגעלעבט כמעט אַ מאָנאַט, אַביסל געהונגערט אַביסל געליען און אָנגענומען זיך מיט עגמת נפש.

## די שחיטה אין סטאָרעווע

מאַכט זיך אָבער נאָך אַ גרעסערע צרה: מיינע אַ שוועס־טער האָט געוווינט פיל יאָרן אין סטאָרעווע (אַ גלאָז־הוטע איז דאָרטן געווען). זייער פאַמיליע איז באַשטאַנען פון 5 נפשות, 3 קינדער און זיי ביידע. זייערע אַ טאָכטער האָט זיך דורכגעריסן קיין פּוילן און געגרייט זיך פאָרן קיין אַמעריקע. זיי האָבן געטראַכט אַז מיט דער צייט וועלן זיי אויך עמיג־רירן. ביים אָנפאַנג פון דעם באַנדיטיזם האָבן זיי באַשלאָסן איבערקלייבן זיך אין סלוצק. אַ ביסל זאַכן האָבן זיי אַריבער־גענומען (מיטוואָך איז עס געווען), אויף שבת האָבן זיי געפּלאַנעוועט זיין צוריק. עס איז שוין אַוועק פרייטיק, שבת, זונטיק און זיי זענען נאָך אַלץ ניטאָ. בין איך אַוועק אָנזאָגן זיי זאָלן וואָס גיכער קומען. פּלוצלינג האָב איך דערפילט עמעצנס האַנט אויף מיין אַקסל. ס׳איז געווען אַ באַקאַנטע פרוי וואָס האָט געהאַט אירע קרובים אין סטאָרעווע. זי האָט אויס־געבראָכן אין אַ געוויין: „איר האָט געהערט וואָס האָט געטראָפן אין סטאָרעווע? די באַנדיטן זענען דאָרט געווען היינטיקע נאַכט". אויף מיין פראַגע וואָס הערט זיך דאָרטן? האָט זי געענטפערט, אַז אויף ריכטיק ווייס זי ניט, איך בין געבליבן שטיין ווי אַ צעמישטער. נאָכהער האָט זי דערציילט, אַז מיינעם אַ פלימעניק האָט מען געבראַכט אַ פאַרוווּנדעטן. איך האָב אים אויפגעזוכט און אָפּגעפירט אין האָספּיטאַל. ער איז געווען אינגאַנצן 17 יאָר אַלט, שרעקלעך צעקלאַפּט, די ציינער אויסגעזעצט. מיט מאַטערניש האָט ער דערציילט אַז גענעכטיקט האָט ער ביי אַ שכן. ביינאַכט זענען באַפאַלן באַנדיטן, אַלעמען האָבן זיי געשלאָגן, אין שטוב אַלץ צורויבט. ווען ער איז צו זיך געקומען איז ער געלאָפן אַהיים און דערזען דעם פאָטער זיצנדיק אַ צעקלאַפּטן, די פענצטער צע־בראָכענע. די מוטער און די שוועסטער טויטע. אין מיטן דריי־נען זענען אָנגעקומען קריסטן פון סטאָרעווע און האָבן דער־ציילט וועגן 14 הרוגים, צווישן זיי מיין שוועסטער מיט איר טאָכטער, פיל פאַרוווּנדעטע און צווישן זיי מיין שוואָגער.



פיל פון אונדז האָבן געוואָלט פאָרן אַהין, אָבער מיר האָבן מורא געהאַט. מ׳איז אַוועק בעטן מ׳זאָל שיקן מיט אונדז אַהין סאָלדאַטן ברענגען די הרוגים און די פאַרווונדעטע.

דאָס איז געווען כ׳ סיון, דער טאָג וועלכער איז גוט באַוווּסט אין אונדזער בלוטיקער היסטאָריע. אין דער באַגלייטונג פון 10 סאָלדאַטן זענען מיר אָנגעקומען אין סטאַרעווע. די זון האָט געהאַלטן ביים פאַרגיין און די סאָלדאַטן האָבן געאײַלט מ׳זאָל וואָס שנעלער צוזאַמענעמען די הרוגים. די פענצטער זענען געווען פאַרשלאָגן מיט ברעטער. מיין שוועסטערס הויז איז געווען פאַרשלאָסן. האָב איך אויפגעזוכט דעם שליסל און געטראָפן אַ ייד וואָס האָט זיך אויסגעבאַהאַלטן, בין איך מיט אים אַריין אין שטוב. עס איז מיר פינצטער געוואָרן אין מיינע אויגן דערזעענדיק מיין שוועסטער ליגט אין אַ קאַלוזשע בלוט, די 2 יעריקע פלימעניצע, אַ טויטע אין אַ צווייטן צימער. איך בין געשטאַנען ווי אַ צעדולטער, אַפילו קיין טרערן האָבן זיך ניט באַוויזן. מ׳האָט מיך אַרויסגעפירט פון שטוב און געהייסן זיך זעצן אויף אַ וואָגן מיט אַ הרוג. פאָרנדיק האָב איך זיך דערוווּסט, אַז איך פאָר צוזאַמען מיט מיין הייליקער שוועסטער. די פורמאַנעס האָבן געבראַכט די הרוגים אויפן הויף פון סלוצקער מושב זקנים, אויסגעשפאַנט די פערד און אַוועקגעפאָרן אַהיים, נאָר איך בין געבליבן שטיין נעבן די וועגנער.

עס איז געווען פאַרטאָג. דער שומר האָט מיר געהייסן אַריין אין שטוב און לייגן זיך אָפּרוען. איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון די געשרייען, געוויינען פון די הרוגים׳ס קרובים. די פאַרווונדעטע האָט מען אָפּגעפירט נאָך פריער מיט אַן אַנדער וועג. עטלעכע שעה שפּעטער איז דער הויף פון מושב־זקנים געווען איבערפולט. די געשרייען און די געוויינען זענען געווען מוראדיק. דעם סדר פון די לוויות האָבן באַשטימט הרב מעלצער און בע״ב: מ׳זאָל זיך פאַרזאַמלען אויפן שול הויף און פון דאָרטן גיין צו אַלע הויפּט רעגירונגס אָפּטיילונגען פּראָטעסטירן קעגן דעם וואָס מ׳דערלאָזט, יידישע בלוט זאָל זיך גיסן. קיין געווער אויף פאַרטיידיקן זיך גיט מען ניט און קיין אייגענע געווער איז ניטאָ. די הרוגים האָט מען געפירט אויף די זעלבע וועגנער אויף וועלכע מ׳האָט זיי געבראַכט. די געשעפטן זענען געווען געשלאָסן. מ׳האָט דעמאָנסטרירט ביי אַלע רעגירונגס אַנשטאַלטן. אויפן בית עולם זענען געווען הספדים, געשרייען און געוואַלדן. מ׳האָט מקבר געווען משפּחותווייז. אין איין הויז זענען אין סטאַרעווע דערמאָרדעט געוואָרן 8 נפשות: אַ פאָטער, אַ מוטער, אַ טאָכטער, אַן איידעם, 3 אייניקלעך און אַ לערער. עס האָט געדויערט ביז פאַרנאַכט, גייענדיק פון בית־עולם בין איך אַריין אין האָספּיטאָל. מיין פלימעניק האָט זיך נאָך געפרעגט אויף דער מוטער און דער שוועסטער. איך האָב אים געזאָגט אַז זיי זענען אויך פאַרווונדעט און זיי זענען אין אַ צווייטן האָספּיטאָל. מיין שוואָגער איז געלעגן באַוווּסטלאָז, 5 טעג האָט מען ניט דערלאָזט דערלאַנגען אים אַ ביסל וואַסער. 2 וואָכן האָט ער ניט גערעדט און אַפילו דערנאָך האָט ער מיך ניט דערקענט. יעדן טאָג נאָכן קדיש זאָגן, פלעג איך גיין אין האָספּיטאַל באַזוכן די פאַרווונדעטע. לסוף איז מיין פלימעניק אויך



ר׳ מאָנעס לוואָוויטש

באַפרייט געוואָרן פון זיינע יסורים, מיר האָבן אים אַוועקגעפירט צו זיין טאַטן און מאַמען, זיידן, באָבען, שוועסטער און ברידער נאָר ניט אין איין קבר. דער הונגער ביי אונדז אין הויז האָט זיך געשטאַרקט. טרעפנדיק זיך מיט אַ באַקאַנטן געוויינטלעך מיט נאָך אַ אומגליקלעכן, פלעגן זיך אויסריידן 2 אומגליקלעכע און אין דער שטיל גוט זיך אויסוויינען.

### קיין פוילן

קיין ליובאַן איז נאָך דערווייל קיינער ניט געפאָרן צוריק. מ׳פלעגט שטילערהייט פאָרן און ברענגען עפּעס פון דאָרטן. ווייל די וואָס האָבן רעזיקירט און פאַרבליבן האָבן אַממערסטן באַצאָלט מיט זייער לעבן. עס האָט זיך אָפּגעשטעלט דער גאַנצער יידישער לעבן אין שטעטל. עס איז אַפילו קיין מנין ניט געווען. אַלע ס״ת און ספרים האָט מען געבראַכט אין סלוצק. שפּעטער אַביסל האָט מען שוין געהערט אַז שבת קומט פאָר אַ מנין אין ליובאַן. ביי מיר איז ניט געווען ווער עס זאָל פאָרן, די קינדער — קליינע, די פרוי אַ שוואַכע. איך אַליין בין געווען שרעקלעך נערוועז. פונדעסטוועגן פלעגט מיין פרוי מיט די קינדער זיך אַריבערכאַפּן אין ליובאַן ברענגען אַביסל מילך, גרינס פון אייגענעם גאָרטן. נאָר דאָס איז אַלעס געווען ווייניק. פלעג איך זוכן מיטלען, ווי צו פאַרבעסערן אונדזער לאַגע. די קאָמיטעטן האָבן שוין אויפגעהערט שטיצן. די וואָכערניקעס האָבן דוחה געווען לייען אויף אַ משכון מיט מאָרגן, שפּעטער, ביז עס פלעגט מיאוס ווערן גיין צו זיי. האָב איך באַשלאָסן אַריבערגיין דעם גרענעץ קיין פוילן און פון דאָרטן פאָדערן הילף פון קרובים אין אַמעריקע. שווער איז מיר געווען שיידן זיך מיט מיין פאַמיליע. אָבער נויט ברעכט אייזן און וואָסער נויט איז גרעסער ווי הונגער? איך האָב קיין גראָשן ניט געהאַט אויפן וועג. אַ פריינט האָט מיר געליען 5 פינפהונדערטער, און איך האָב זיך געגרייט צום וועג. דעם 12טן תמוז בין איך אַוועקגעפאָרן אין

אַ שטעטל נאָענט צום גרענעץ, און געזוכט אַ וועג ווי איבער־גיין דעם גרענעץ קיין פוילן. כ׳האָב זיך אָנגעשלאָסן אָן אַ קאַמפּאַניע, וועלכע פלעגט איבערפירן דעם גרענעץ. 2 טעג, זיך באַהאַלטן, נאָכהער זענען מיר געלאָפן אַ גאַנצע נאַכט איבער וועלדער, פעלדער, בלאָטעס, גריבער. קיין זאַך איז ניט שווער געווען, ביז דעם 18טן תמוז, פרייטיק פרי, זענען מיר אַריין הונגעריקע, דאָרשטיקע, צעשראָקענע אין אַ פּוילישער שטעטל און צו די אומגליקלעכע היימלאָזע זענען צוגעקומען פרישע היימלאָזע און צווישן זיי אויך בנימין וואלפסאן מליובאַן.

# ליובאַן אין איבערגאַנגס צייט

אין ליובאַן האָבן זיך געפונען אַרום 600 יידישע פאַמיליעס, וועלכע האָבן זיך באַשעפטיקט מיט ערד־אַרבעט, שוסטעריי, שניידעריי, שמידעריי אין אַ גרויסע צאָל זענען געווען גערטנער. דער פּאָגראָם האָט זיך אָנגעהויבן דעם 26טן מאַי, 3 אַזייגער אין דער פרי און אָנגעהאַלטן אַרום 5 שטונדן. עס זענען דער׳הרג׳עט געוואָרן 28 מענטשן און פאַרוואונדעט געוואָרן 10. דאָס יידישע האָב און גוטס איז צעראַבירט און פאַרניכטעט געוואָרן. די פאָלגנדע באַשרייבונג פון פּאָגראָם נעמען מיר פונ׳ם באַריכט פון בייוווינער, דעם לערער אליהו קאַפּעטשיק.

דעם 25טן מאַי, נאָך האַלבן טאָג, איז אין ליובאַן אַריינגעפאָרן אַ ראַזוועדקע פון 7 רייטער פון דער 21־גרענעץ־בריגאַדע. זיי זענען געפאָרן קיין פּליוסניאַ. אין ליובאַן האָבן זיי זיך געוואָלט באַגעגענען מיט אַן אָטריאַד פּעכאָטע פון 60 מאַן מיט 1 קוילן־וואַרפער. ביז נאַכט איז דער אָטריאַד ניט אָנגעקומען קיין ליובאַן און די רייטער זענען געבליבן נעכטיקן אין שטעטל. די פויערים פון אַרום האָבן שוין איבערגעגעבן בסוד זייערע באַקאַנטע יידן, אַז באַנדיטן זענען שוין אַרום ליובאַן און אַז עס וועט זיין אַן אָנפאַל. דאָך האָבן מיר געוואָלט גלויבן און האָפן, אַז די הילף וועט גיכער קומען. מיר האָבן דעליגירט מענטשן קיין פּוסטין ביי אורעטשע צום באַטאַליאָן, אויך קיין סלוצק צו דער 21טער בריגאַדע. קיין הילף איז אָבער ניט געקומען. די פּאַניקע אין שטעטל האָט זיך געשטאַרקט, די „זעלבסטשוץ" איז ניט געשלאָפן און איז אַלע נאַכט געווען אויף דער וואַך אין דער גרויסער שול. די רייטער זענען געווען דערפון צופרידן, האָבן געמאַכט מיט אונדז איין פּאַראָל און זענען אַוועק שלאָפן!

אַרויסלויפנדיק פון שול, בין איך איין אויגנבליק געשטאַנען ווי אַ צעדולטער. אַ שרעקלעכער אָנפאַל, אַ שטאַרקע באַנדע — איז דורכגעפלויגן דורך מיין מוח אַ געדאַנק. זעענדיק, אַז אַלע לויפן, האָב איך געדענקט די באַנדע עטוואָס אויפצוהאַלטן כדי אַלע זאָלן באַצייטנס אַנטלויפן. אייניקע חברים שטייען אויך מיט מיר. ביי איינעם פון זיי איז געווען אַ ביקס, ער קען אָבער ניט שיסן. דער שלאָס האָט זיך פאַרהאַקט. איך רייס אַרויס ביי אים די ביקס און איך שיס אויס פינף מאָל, מער קיין קוילן איז ביי מיר ניטאָ. אויפן מאַרק הערן זיך אויסרופן: אוראַ, אוראַ, סדאַוואַייסיאַ! איך לויף הינטער דער שניידערשער שול דורכ׳ן רב׳ס געסל. איך זע גאַנצע מאַסן מענטשן לאָזן זיך אין קאָרן לויפן. דאָ האָט מיר אַ חבר נאָך אַ זאַפּאַס קוילן געגעבן. איך לאָד די ביקס אָן, שיס ווייטער אָפּ פיר מאָל. דאָ דערהער איך ניט ווייט: סדאַוואַייסיאַ!" (גיט זיך אונטער). צוויי באַנדיטן לויפן אַריין אין געסל. זיי האָבן אָבער מורא לויפן אונדז כאַפּן און זייערע חברים רופן: „חברה, אַהער!" און עס באַווייזן זיך נאָך דריי באַנדיטן, נאָר מיר זענען שוין אין דער ציגיינערשער גאַס. דאָרט האָגלען ווידער קוילן. אַ פולע גאַס מיט באַנדיטן, דורך אַ הויף לויפן מיר אַרויס אין פעלד. אַ גאַנצע מחנה באַנדיטן יאָגן אונדז נאָך. די שטאַרקע שיסעריי האַלט אָן. פון שטעטל הערן זיך איינצלנע און שטאַרקע ווייי־געשרייען. און ביסלעכווייז, דורך קאָרן, וואַלד און בלאָטע זענען מיר אַרויס אויף אורעטשער וועג. אויך דאָ פאָלגן אונדז נאָך איינצלנע אויסשיסן. אָבער די געפאַר איז שוין ניט אַזוי שטאַרק. אָט יאָג איך איבער אַ גרויסע פּאַרטיע אַנטלאָפענע אַלטע לייט, ווייבער, מיידלעך, קליינע קינדער. מען לויפט שווייגנדיק און נאָר פון צייט צו צייט פרעגן זיך אייניקע נאָך אויף זייערע אייגענע, צי מען האָט זיי ניט געזען לויפנדיק. איין פאָטער וויל זיין קינד אין קאָרן לאָזן און אַליין ווייטער לויפן. דאָס קינד שרייט אָבער שטאַרק. דער פאָטער הייבט עס אויף און טראָגט עס ווייטער. וואַרפט עס אַוועק און האָט ווידער חרטה. אָט ליגט אויפן וועג אויסגעצויגן אַן אַלטער מאַן, קיין ווונד זעט מען ניט; ווייזט אוי׳ס לויפנדיק געשטאָרבן. אָט ציט זיך איבערן וועג אַ לאַנגע רויטע סטענגע. די זון שטייט שוין הויך אין הימל. מיר גייען מיטן דאָרף. ביי אַלע טויערן שטייען גרופּן פויערטעס, ברעכן מיט די הענט, קענטיק זיי ווייסן ניט וואָס דאָ טוט זיך. פויערים קוקן אונדז אָן נייגעריק און פרעגנדיק. אָט ליגט אויפן גאַניק פון דעם יידנ׳ס הויז אַ פאַרוואונדעטער. ער בעט העלפן אים. איינער פון אונדזערע קריסטלעכע חברים, וואָס זענען מיט אונדז געלאָפן, דער רויט־אַרמייער באַראַדייעוו, פּרובירט זיך בעטן ביים פּרעדסעדאַטעל פון דאָרף אַ פערד אַוועקצופירן דעם פאַרוואונדעטן, אָבער דער ענטפער איז געווען: „מיר אונטערוואַרפן זיך ניט צו די, וואָס פאַראויס, נאָר צו די, וואָס פון הינטן". מיר לויפן ווייטער. עס איז אָבער שווער צו לויפן אין פעלץ מיט דער ביקס אין האַנט און קוילן שאַכטל אין קעשענע. דערמאָנענדיק זיך אָן דעם גורל פון די אַלע אומגליקלעכע פון פאָרנט און פון הינטן, לויפן מיר ווייטער. האַלב נאָך 7 אין דער פרי זענען מיר שוין אין אורעטשע. איך גיב טעלעגראַפיש צו וויסן וועגן דעם אָנפאַל קיין סלוצק, באַברויסק און מינסק.

דאָ, אין אורעטשע, איז שוין האַלב ליובאַן געווען. יעדער לויפט מיר אַנטקעגן און פרעגט זיך אויף זיין פאָטער, מוטער, שוועסטער, ברידער. האַרצרייסנדע געשרייען פילן אָן די לופט. אייניקע קושן זיך, אַנדערע ברעכן אויס מיט יאָמערליכע געשרייען. אַלע גייען אַרום פאַרשמאַכטע, אויסגעמאַטערטע. אַ גרויסער טייל פון די אומגליקליכע ווייסן ניט וווּ עס זענען זייערע עלטערן, אָדער קינדער. אַ גרויסע מאַסע לאָזט זיך לויפן קיין סלוצק. איך פיל מיך נידערשלאָגן, טיף באַליידיקט. אומבעהאָלפן בין איך אין אַ הויז אַריינגעפאַלן און שטאַרק איינגעשלאָפן. פרייטיק, דעם 28טן אין דער פרי, בין איך צוריק נאָך ליובאַן געגאַנגען.

אין שטעטל זענען איבערגעבליבן זייער ווייניק מענטשן. אין שול האָבן זיי צוזאַמענגעטריבן אין גאַנצן 200 נפשות, ווייבער, קינדער און מענער. די באַנדיטן האָבן אויסגעזוכט די שענערע און יינגערע מיידלעך, פון 17—18 יאָר, זיי אין דער ווייבערשער שול אַריינגעשלעפט און דאָרט אויפן גרויזאַמסטן אופן געשענדעט. פון זייערע געשרייען האָט מען אין שול ניט געקענט איינזיצן. אַלעמען אין שול האָט מען מיט שטעקענס און מיט נאַהאיקעס געשלאָגן. ווען דער „קאַפּיטאַן" איז אין שול אַריין, איז געוואָרן עטוואָס שטילער. ער איז אַרויף אויפן בימה און געפאָדערט, אַז ביז 10 אַ זייגער אין דער פרי זאָל מען אים אַרויפטראָגן אַ מיליאָן קנאַק געלט, 20 פונט זילבער, 10 פונט גאָלד, 80 פּאָר שטיוול און 500 פּאָר וועש. דאָ האָט ער אויך אויסגעקליבן דריי עלטערע יידן, וועלכע מוזן דאָס אַלץ צונויפזאַמלען. דאָס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן פאַר אומ־מעגליך און מען האָט זיך געמוזט איינציקווייז אויסקויפן. אַנדערע האָבן געבאָרגט ביים גלח צו עטלעכע טויזנט רובל קנאַק און זיך אויסגעקויפט. איין אַלטן מאַן פון די זאַמלער האָט מען אויפן וועג דער׳הרג׳עט. אין אַ צייט אַרום איז ווידער דער „קאַפּיטאַן" געקומען אין שול און האָט געזאָגט: „דאַנקט אייער גלח און גלח׳טע! ווען ניט זיי, וואָלטן מיר דאָ אייך אַלעמען פאַרברענט מיט דער שול צוזאַמען!" נאָך איינער איז אַרויף אויפן בימה און האָט געהייסן אין אַ האַלבע שעה אַרום זיך פונאַנדערגיין. די ווילדקייט און די אכזריות פון די באַנדיטן לאָזט זיך גאָר ניט באַשרייבן. זיי זענען צוריק אַוועק צום גימנאַזיום, ווו זיי האָבן פאַרבראַכט מיט דעם דירעקטאָר, יאַסענאַוו, מיטן דאָקטאָר און מיט אַנדערע קריסטן. איבערהויפּט זענען זיי גוט געווען מיטן גלח. פאַרן אַוועקגיין האָבן זיי פאַרברענט דאָס הויז פון וואָליספּאָלקאָם. אין איילעניש האָט דער „קאַפּיטאַן" אין שול אויפן טיש פאַר־געסן זיין פאָרטפעל מיט אַלע זיינע וויכטיקע דאָקומענטן. אַ זייגער 11 אין דער פרי, זענען זיי אַוועק צוריק איבער די דערפער שיפּילאָוויטש, יורקאָוויטש, צוריק אין די וועלדער און חוטאָרעס.

„פאָרווערטס", 13טן אָקטאָבער 1921.

## א טייל נעמען פון די הרוגים

1) דוד קוסטאנאוויטש פון רעטקעוויטש.
2) יעקב עליע אייזנצאן פון אבצין.
3) שמריהו קאפלאן.
4) רפאל טירושקין פון זאקאלנאַ.
5) מתתיהו פאדליפסקי.
6) ישעיה פון קוזמיטש.
7) זיין זון
8) צבי קוסטאנאוויטש.
9) זלמן קאפלאן.
10) אברהם פון ספילאוויטש.
11) חיים עפשטיין.
12) הבחור אברהם קריק.
13) משה האפון.
14) שמואל פון טריצאן.
15) פייטל פאַקין, געשטאָרבן פון ווונדן אויפן צווייטן טאָג אין אורעטשע.

# פאַניע / א בריוו פון ליובאַן

שטעלט אייך פאָר, וואָס מיר, אומגליקלעכע יידישע קינדער, האָבן איבערגעלעבט ביי די דייטשן. בשעת די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, זענען מיר, איך און חוה געווען אין מינסק. 5 טעג נאָכאַנאַנד האָבן 80 אַעראָפּלאַנען באָמבאַרדירט די שטאָט. קיינמאָל וואָלט איך ניט גלויבן, אַז מען קען דאָס איבערלעבן. אין ליובאַן האָט מען שוין אונדז באַקלאָגט... בשעת די דייטשן האָבן פאַרנומען מינסק האָט געהערשט אַזאַ תוכחה אַז ס'איז שרעקלעך זיך דאָס פאָרשטעלן. אַ פּאָר טעג בין איך פון שטוב ניט אַרויס, אַזוי מערדעריש האָבן אויסגעזען זייערע באַנדיטישע פּנימער, אָבער דער מאָגן האָט געשטויסן גיין זוכן עסן און אַ ברירה האָב איך געהאַט? מען איז געגאַנגען... מיר זענען געקומען בשלום קיין ליובאַן און דערוויסט דאָן אַלעמען, דעם טייערן טאַטן און דער ליבער מאַמען, חיימען, צפּורהן, חוהן מיט 2 קינדער און אַלע איבעריקע אייגענע און באַקאַנטע, אויף וועלכע מ'קען זאָגן עליהם השלום. די פרייד פון אונדזערע געליבטע עלטערן איז געווען ניט איבערצוגעבן, נאָר אויף ניט לאַנג, ווייל אין ליובאַן האָט זיך באַלד אָנגעהויבן פאַרווירקלעכן דער בלוטיקער פּראָגראַם פון די דייטשע מערדער, מיט די רוסישע הינט, די פּאָליציי, וועלכע האָט געשפּילט אַ גאַנץ גרויסע ראָליע אין שיקזאַל פון ליובאַנער יידן.

אָנהויב אויגוסט 1941 האָט אַ „קאַראַטעלנער" אָטראַד דייטשן, צוזעמענגעכאַפּט איבער 200 מענער יידן און געהרגעט זיי אַרום קאַסטיוקי אין גריבער. קיינעם פון די איבערגעבליבענע האָט זיך ניט געגלויבט, אַז מען האָט זיי געהרגעט, און אַפילו, אַז מען האָט אין אַ פּאָר טעג, ריכטיקער אויף מאָרגן אויפגעגראָבן די גרוב האָט מען ניט דערקענט קיינעם, און מען האָט באַשטימט צווישן זיך זאָגן, אַז מען האָט זיי בלויז אַוועקגעפירט אויף אַרבעט. פאַרשטייט זיך, אַז אומגעקערט האָט זיך קיינער ניט. די איבערגעבליבענע אין שטעטל אין דעם אויך מיין טייערער טאַטע בערל האָבן זיך באַהאַלטן, ווייל קיין מענער האָבן זיך ניט געטאָרט ווייזן אויף זייערע באַנדיטישע אויגן. מען פלעגט טאָג טעגלעך ליגן אין די גריבער טיף אין דער ערד, פאַקטיש, איז מען לעבעדיקערהייט געווען באַגראָבן, ווייל קיין זון־שטראַל האָט ניט דורכגעדרונגען אַהין. קוים דערוואַרט זיך נאַכט צו אָפּכאַפּן דעם אָטעם אויף אַ ווייל, און ווידער פאַרקלייבן זיך אין די נאָרעס ווי קראָטן. דאָך איז די האָפענונג און דער ווילן צום לעבן געווען גרויס... דעם ערשטן מאָל, אין אויגוסט, זענען אומגעקומען יעקב דער שוחט, העשיל דער מלמד, אַ שוחט פון פוילן און פיל אַנדערע. בכלל האָט דאָס שטעטל געטרייסלט זיך שטאַרק, ווייל די דייטשן צוזאַמען מיט די רוסישע כלבים האָבן יעדער מינוט געמאַכט „אַביסקען", אָפּגענומען די לעצטע זאַכן, עסנוואַרג און געשלאָגן. מיט איין וואָרט, געמאַכט שווערער יעדן טאָג, דעם קורצן און אומגליקלעכן לעבן...

אַזוי זענען טעג פאַרגאַנגען, ביז מען האָט דערלעבט דעם העכסטן גראַד פון זייער בלוטיקער טעטיקייט. מ'האָט געצוווּנגען אַלע יידן זאָלן זיך קלייבן אין געטאָ, וועלכער איז געווען אין די שענסטע גאַסן פון שטעטל, הינטערן מאַרק. מיר מיט חיימען האָבן זיך דאָן געקליבן צו הערצל יידלס אין שטוב. (ער אַליין — איז שוין ניט געווען...) מען האָט אונדז אַרומגעצוימט מיט שטעכעדיקע דראָט און קיין ייד האָט קיין רעכט ניט געהאַט אַרויסגיין פון די טויערן... אָך סאַראַ פינצטערע וואָלקנס זענען געהאַנגען דאָן איבער אונדז. עס האָט זיך געדוכט, אַז די זון איז אויף אייביק פאַרגאַנגען... קיין גרויסן טעות האָבן מיר ניט געהאַט. פאַר אונדז אומגליקלעכע איז זי שוין מער ניט אויפגעגאַנגען. די שטרענגקייט פון דער לאַגע, איז געוואַקסן מיט יעדער מינוט, נאָר דאָך האָט מען געצווּנגען אַז יידן זאָלן גיין אויף אַרבעט און זיי האָבן געמוזט גיין, ווייל ס'איז געווען אַ יידישער עלטסטער ברוך מאַלין, אויב איר געדענקט אים און ער האָט געקענט אַלע יידן. דאָן איז שוין שווער געווען צו באַהאַלטן זיך. לאַנג האָט דאָס ניט געדויערט.

דעם 8־טן נאָוועמבער, איז אומגעקומען מיין פיל געליבטער פאָטער, דער פעטער ישראל און נאָך אַנדערע 50 יידן מיט יינגלעך. איצט זע איך פאָר מיינע אויגן דעם טאַטן, ווי ער האָט געענדיקט דאַווענען און מיט אַ ביסן ברויט אין מויל... אויף שטענדיק איז פאַרבליבן אין מיין זכרון זיין געזיכט, אַזאַ ווי איך האָב אים דעם לעצטן מאָל געזען.



בערל און אסתר רחל לוואָוויטש (פאַניעס עלטערן)

דעם 8־טן נאָוועמבער שבת... די געשרייען פון די יידן „שמע ישראל" קלינגען נאָך מיר היינט אין די אויערן. איך ווייס ניט, ווי האָט איר ניט געהערט און ווי האָט דער הימל געשוויגן און צוגעזען, אַזוינע אומברחמנותדיקע גוואַלדטאַטן... עס איז מיר שווער צו שרייבן אַזוינע זאַכן, ס'איז מעגלעך, אַז עס איז בכלל נאָך צו פרי דערציילן, ווייל איך ווייס ניט ווער וועט לייענען די דאָזיקע שרעקלעכע דערציילונג. מיר ווילט זיך גלויבן, אַז מיין טייערע באָבע, די פעטערס, יוסף און ליפע מיט די מומעס און קינדער, אויך מאָטל חיימ'ס מיט זיין פרוי און קינדער לעבן און דערוואַרטן

פון אונדז עטלעכע ווערטער... מיר ווילט זיך ניט דערלאָזן קיין שלעכטע געדאַנקען... מיר זענען שוין גענוג געשטראָפט... דעריבער דערלויבט מיר פאָרזעצן. מיינע טייערע! נאָך דער שרעקלעכער טראַגעדיע האָט זיך די שטעטל איינגעהילט אין אַ מרה־שחורה. מען האָט געוואַרט פון טאָג צו טאָג אויפן טויט, איבערטראָגן די צרות איז שוין קיין מעגלעכקייט ניט געווען, און וואַרטן אויף אַ גיכער באַפרייאונג, האָבן מיר אויך ניט געהאַט קיין רעכט. יעדער דורכגעלעבטער טאָג האָט נאָך דערנענטערט דעם דערוואַרטענעם טויט. דאָס לעבן האָט אויף אַזוי פיל דערעסן, אַז דער טויט איז געווען אַ סך ליבער און נויטווענדיקער. מיר האָבן דעם טויט באַטראַכט ווי אַ מיטל, אַ דאַנק וועלכן מ'קען דערלייזט ווערן פון די גרויסע צרות. דאָס איז געווען דער ווילן פון דער מערהייט, דעריבער האָבן די יידן יעדער שטראָף, קאָנטריבוציע און אַנדערע מערדערישע באַפעלן איבערגעטראָגן שטיל אָן קיינע פּראָטעסטן... לויפן פון שטעטל איז געווען אוממעגלעך, ערשטנס איז ניט געווען וווהין, דער ייד האָט קיין אָרט ערגעץ ניט געהאַט, און צווייטנס פאַר איין ייד וואָס גייט אַוועק פון שטעטל הרגעט מען אויס 100 אַנדערע... מיט איין וואָרט מען האָט געמוזט אָננעמען די „לוין” ווי געהעריק איז... איך מוז פאַרקירצן מיין בריוו, ס'איז נאָך פיל צו שרייבן.

מיינע טייערסטע! מיר דוכט, אַז אַלע צרות, אַז אַלע ביז אַהער זענען גאָר קיין צרות ניט געווען. אַזוי האָבן מיר, אין שרעק און הונגער, (מען האָט ניט דערלויבט האַלטן קיינע „זאַפּאַסן” עסנוואַרג מער ניט ווי אויף אַ פּאָר טעג.) איבערגעלעבט נאָכן שרעקלעכן טויט פון מיין פאָטער אַ קאַרגן חודש, חיים האָט נאָך דאַן געלעבט. דאָנערשטיק דעם 4טן דעצעמבער 11 אַזייגער אין דער פרי איז ווידער אָנגעפאָרן אַ „שטראָף אָטראַד” באַנדיטן, נאָך דעם איז קיין ייד ניט פאַרבליבן... יידן זענען אומגעקומען הונדערטערווייז דורך געפערלעכע טויטן. וועמען געשאָסן אויף דער קראַנקער בעט, וועמען באַגראָבן לעבעדיקערהייט, ווער עס האָט געלייגט זיך מיטן פּנים אַרויף אין גרוב און געקוקט מיט אַ פאַרשטיינערטער הארץ, און ווער מיט פערלאָפּענע אויגן אויף דעם מערדער וואָס וועט באַלד פאַרשפּאָרן אָטעמען די לופט וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט יידיש און ניט יידיש בלוט.

יעצט ווען איך האָב זיך ווידער אומגעקערט אין שטעטל האָט מען דערציילט נאָך גענויער, איך בין געגאַנגען אַהין ווו ס'ליגן איבער 1000 מענטשן, דאָס אָרט איז פאַרוואָקסן מיט גראָז, נאָר ווו־ניט־ווו וואַלגערט זיך נאָך אַ צעפוילטע שמאַטע. דאָס אָרט איז הינטערן שטעטל ווו מען גייט אין טאַל ביים וועג ביים גראומיקע... נאָכן פינצטערן פּאָגראָם, האָבן זיך געראַטעוועטע אַביסל יידן, אָבער זיי זענען אויך אומגעקומען אין די 2½ יאָר וואַנדער־לעבן. איך, חוה און די געליבטע מוטער האָבן פאַרקליבן זיך, אין דעם זעלבן ראַיאָן, גאָר טיף אין די זומפּן (זאַהאַליע) דאָרטן זענען דייטשן זעלטן געווען, דאָרטן האָבן פּאַרטיזאַנער געלעבט און געפירט זייער אַ געדריקטן, אַ שרעקלעכן לעבנס־אַרט. צווישן די פּאַרטיזאַנער זענען פאַרבליבן עטלעכע יידן. די שרעקלעכע צייט האָט זיך געצויגן ווי פון פעך. מען האָט שוין די לעצטע האָפנונג פאַרלאָרן, דאָך, ווען אין זומער 1943 זענען די רוסישע אַרמייען אַרויסגעטראָטן אין קאָנטער־אָנגריף, דאַן איז די האָפנונג געווען גרויס און די שטימונג איז געווען דערמונטערט, דער פראָנט אָבער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין יאַנואַר 1944 אַרום מאָזיר ד. ה. ניט ווייט פון ליובאַן און דאַן איז אונדזער לאַגע נאָך פאַרערגערט געוואָרן. דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט, דייטשן מיט פּאָליציי זענען געווען פול אין יעדן דאָרף און אין וואַלד. מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן דאָס דאָרף און לעבן אויפן בלאָטע. שטעלט אייך פאָר, אַז פון פעברואַר 1944 ביז די רויטע אַרמיי איז געקומען, ד. ה. ביזן 30טן יוני האָבן מיר קיין שטוב ניט געזען, געלעבט אונטערן הימל אין שניי און רעגן... דאָס וואָלט נאָך אַלץ געווען גאָרניט, אויב די דייטשן וואָלטן אויפן בלאָטע ניט געגאַנגען. שטעלט זיך פאָר אַז 2300 כלבים האָבן אַרומגערינגלט זאַהאַליער בלאָטע פון אַלע זייטן און מען האָט פאַרנומען יעדן דאָרף און יעדן קוסט. דאָ איז פאָרגעקומען דאָס סאַמע שרעקלעכסטע... מיר האָבן זיך אויף אייביק צעשיידט מיט דער געטרייער מוטער... אַ דייטש־פּאָסט האָט אונדז באַמערקט און געעפנט פייער. די מוטער, ווי ס'ווייזט אויס האָט ניט באַוויזן אַרויסגיין פון דער געדרייטער לאָזע... נאָך אַזוי פיל צרות האָבן מיר דער מוטער דאָך ניט אויסגעהיט און אין אַפּריל, מיטוואָך דעם 12טן, איז זי שוין ניט געווען נעבן אונדז. וויפל מיר האָבן זי געזוכט איז געווען אומזיסט. אַזוי זענען מיר געבליבן יתומים. די מאַמע האָט פון דאָרטן ד. ה. פון דאָרף געשריבן אייך אַ בריוו. עס פלעגן פליען אַעראָפּלאַנען צו אונדז נאָר קיין ענטפער האָבן זיי ניט געבראַכט. פיל מאָל פלעגט זי זאָגן אַז ווען איר וואָלט וויסן פון אונדז וואָלט איר אַ ספּעציעלן „סאַמאָליאָט” געשיקט נאָך איר... איך ווייס אַז קיין טעות האָט זי ניט געהאַט אין אייך. פון דעם פעטער חיים מיט דער משפּחה האָבן מיר ביזן קומען קיין ליובאַן קיינע ידיעות ניט געהאַט, ווייל חיים האָט דאַן גערעכנט גיין אין שיפּילאָוויטש צו אַ באַקאַנטן פויער, און פאַר אונדז גיין מיט אים איז שוין געווען צו גרויס דער פעקל. דעריבער זענען מיר ביי נאַכט שבת דעם 6טן דעצעמבער זיך פונאַנדערגעגאַנגען און אויף אייביק. לעצטנס האָב איך געהערט אַז חיים איז געשטאָרבן פון אַ טשאַד אין שיפּילאָוויטש אין אַ קעלער און צפורה מיט חוהן זענען אומגעקומען באַזונדער שפּעטער. קיין גענויע ידיעות ווי אַזוי און ווו ווייס איך ניט. די גאַנצע צייט זינט מיר האָבן געלעבט אין ליובאַן, פאַר די דייטשן, האָבן זיי געלעבט ביי אונדז אין שטוב, ווייל אַרום זייער שטוב האָט געקישעט שטענדיק מיט דייטשן. אויף היינטיקס מאָל גענוג. איך קען אייך נאָר שרייבן אַז פון אונדזער לאהן, פון חיה פייגלען און שמחהן איז געווען בריוו. פון אונדזער מאָטלען האָט לאה פון 1942 יאָר, קיינע ידיעות. פון הירשלען איז אויך דערווייל ניטאָ, פייגל מיט שמחהן דערמאָנען גאָרניט וועגן אים. פון אַלץ אינאיינעם ווייס איך ניט, ווי טראָגט מען דאָס אַריבער! ווי גייט מען פון זינען ניט אַראָפּ, ווי פּלאַצט ניט דאָס האַרץ.

איך געפין זיך אויף אַרבעט, דערווייל אַלס בוכהאַלטער אין בילדונגס אָפּטייל אין ליובאַן. די הייזער, אונדזערע און חיימס האָט מען אַראָפּגענומען. אַליין זענען מיר דערשלאָגענע,

עלנטע, קיין יידן זענען נאָך ניט צוגעקומען פון ליובאַנער, אויסער עטלעכע משפחות וואָקואירטע זענען פאַרבליבן 14 מענטשן, אויסער מיך מיט חוהן איז פאַרבליבן אַלטע יאַנקל דעם בלינדנס אַ טאָכטער, חיה דבורה, נחה מאשעגועס אַ פלימעניצע און די איבעריקע קענט איר ניט. דבורה, חיים רוחאוורס, אַלטער מאַנעס, יאַנקל בערקאָוויץ און נאָך אַ פּאָר משפחות. מיר זענען יעצט פאַרשטייט זיך, הויל־נאַקעט, באָר־וועס, קיינע האָפענונגען, אַז מען וועט זיך אַנטאָן אַמאָל. שוין 3 טעג אַז ס׳רעגנט אָן אויפהער. די פּאָסט אַרבעט נאָך ניט נאָרמאַל. איך מוז ענדיקן, אַנטשולדיקט וואָס איך האָב אַזוי פיל אָנגעשריבן, אפשר דוכט זיך אייך, אַז דאָס איז אי־בערטריבן, שווער איך אייך, אַז דער ריינער אמת איז נאָך ביטערער. איך קען זיך ניט צושיידן מיט אייך, ווייל איר זייט יעצט די איינציקע פריינט, אויף וועלכע מיר קענען האָפן, נאָר די ווייטקייט דערוויטערט. אַ הערצלעכן גרוס פון חוהן און אַלע איבערגעבליבענע יידן. איך וואַרט אויף אַ גענויעם בריוו.



ר׳ חיים (רוכאָווער) קאַצענעלסאָן מיט זיין פרוי חיה־לאה

## ר׳ חיים (רוכאווער) קאצענעלסאן

ר׳ חיים, אַ אָנגעזעענער בעל־הבית אין שטעטל. אין זיין הויז איז געווען דער ציוניסטישער מנין. זיינע קינדער האָט ער ערצויגן אין נאַציאָנאַלן גייסט. זיין עלטסטער זון עקיבא געפינט זיך אין וואַנקוווער, קאַנאַדע, ווו ער איז טעטיק אין קרן קיימת, אין ציוניסטישן קאָמיטעט און אין אַנדערע יידישע געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן. ר׳ חיים׳ס 4 טעכטער געפינען זיך אין ישׂראל.

# פ. ק. / דוד קאצענעלסאן

דוד קאַצענעלסאָן האָט פאַראייניקט אין זיך די אייגנ־שאַפטן פון אַ תלמיד־חכם, וואָס לערנט טאָג און נאַכט און פון אַ כלל־טוער. געבוירן ערב פסח תרמ״ז (1887) אין ליובאַן. זיין ערשטע ערציאונג האָט ער באַקומען אין די ליובאַנער חדרים און שפּעטער — מקיים געווען דאָס ווערטל „הווה גולה למקום תורה״ — אַוועק אין דער באַוווסטער מירער ישיבה. ווו ער איז באַוווסט געוואָרן מיט זיין חריפות און אויסער־געוויינלעכן זכרון. זיין ראש־ישיבה האָט אים פאַראויסגעזאָגט אַ גרויסע צוקונפט — אָבער אַזוי ווי עס איז געווען די צייט פון ד״ר הערצלס ערשיינען און פון די ערשטע ציוניסטישע קאָנגרעסן, וועלכע האָבן אויפגעשטראַלט ווי אַ מעטעאָר אין די יידישע שטעט און שטעטלעך, האָט דוד קאַצענעלסאָן דער־פילט, אַז מיט גמרא אַליין קען ער זיך נישט בענוגענען און ער ווערט צווישן זיינע חברים אַ ציון־אַגיטאַטאָר. צוליב זייער אַכטונג און ליבע צום בחור האָבן די משגיחים פון דער ישיבה, (שטאַרקע קעגנער פון דער נייער בעוועגונג), געמאַכט זיך ניט זעענדיק. ווען עס איז דערגאַנגען אין ישיבה די ידיעה וועגן ד״ר הערצלס טויט און דער ראש־ישיבה האָט עס אויפגענומען עפנטלעך מיטן פסוק „באבוד רשעים — רינה״, פאַרלאָזט דוד קאַצנעלסאָן די מירער ישיבה און הויבט אָן לערנען אין לידער ישיבה פון הרב ריינעס, בעקאַנטער גאון, ציוניסט און גרינדער פון „מזרחי״. אין לידע לערנט ער פליי־סיק און מיט גרויס ערפאָלג — עטלעכע יאָר. ווען עס דערגייט צו אים די ידיעה, אַז אין אָדעס גרינדעט הרב חיים טשערנאָ־וויטש (רב צעיר) אַ וועלטלעכע ישיבה און צווישן אירע



דוד קאַצענעלסאָן

לערער זענען ד״ר יוסף קלויזנער און חיים נחמן ביאַליק — פאָרט אַהין אַוועק דוד קאַצענעלסאָן און לערנט דאָרטן עטלעכע יאָר און צייכנט זיך זייער אויס.

מיטן ענדיקן „אָדעסער־ישיבה״ ענדיקן זיך די „אָפיציעלע״ לערן־יאָרן פון דוד קאַצענעלסאָן. זיינע פלענער פון ווייטערדיקן שטודיום, זענען צייטווייליק איבערגעריסן געוואָרן צוליב זיין

חתונה און זיין רייזע אויף אַ יאָר צייט קיין ארץ־ישראל (1911). מיטן אָנקומען פון דעם ערשטן וועלט־קריג זענען די שטודיום־פּלענער צעשטערט געוואָרן לעולם־ועד. אָבער זיין אויטאָדידאַקטישער „אומאָפּיציעלער" לערנען האָט זיך געצויגן אָן אויפהער. אַריינקוקן אין אַ ספר איז ביי אים געווען אַ טאָג־טעגלעכער געברויך, אויף דעם האָט ער געפונען צייט ווי פּאַרנומען ער זאָל ניט זיין. זיין פּריוואַטע ביבליאָטעק פון איבער צען טויזנט בענדער האָט באַדעקט די ווענט פון זיין דירה.

נאָכן קריג באַזעצט זיך דוד קאַצענעלסאָן אין באַראַנאָוויטש (וועלכע האָט ביזן צווייטן וועלט־קריג געהערט צו פּוילן) און דאָרטן במשך פון 20 יאָר איז ער געווען אַ גימנאַזיע־לערער פון הומאַניסטישע געגנשטאַנדן. ער האָט ערצויגן טויזנטער שילער און פיל פון זיי דערמאָנען מיט גרויס פּערערונג און דרך־ארץ דעם באַצויבערנדן און איבערגעגע־בענעם לערער. אין זיינע פּאָדערונגען אין בעצוג צו דער העברעאישער שפּראַך האָט דוד קאַצענעלסאָן נישט געוווסט קיין פּשרות. זיינע צוויי קינדער האָבן אין זייערע קינדער־יאָרן נישט געהערט אין שטוב קיין אַנדער שפּראַך אויסער העברעאיש און זענען געווען די איינציקע קינדער אין דער גאַנצער גובערניע, וואו נישט נאָך ווייטער, וועמענס מוטער־שפּראַך איז געווען בלויז העברעאיש. אַפילו די שטוביקע ווייסרוסישע דינסט האָט אין דער אָנוועזנהייט פון די קינדער געמוזט ברעכן אירע ציינער מיט אַ פּאָר צענדליק אויסגע־לערנטע העברעאישע ווערטער.

צום ציוניזם — האָט זיך דוד קאַצענעלסאָן איבערגעגעבן מיטן פולן ברען פון זיין נשמה. במשך פון פיל יאָרן איז ער געווען פאָרזיצער פון דער שטאָטישער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אויך מיטגליד פון דער אַלגעמיין־ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע („עת לבנות"); הויפּט דעליגירטער פון קרן קיימת; מיטגליד פון קהילה־ראַט, פאָרזיצער פון „עונג שבת". אין ציוניסטישן בית־מדרש פלעגן זיך יעדן שבת ווי אין מיטן וואָך צונויפקומען הונדערטער מענטשן און דוד קאַצענעלסאָן פלעגט פאַר זיי זאָגן דברי־תורה, האַלטן פאַר־טראָגן מענייני־דיומא אָדער וועגן יידישער היסטאָריע. ער איז געווען הויפּט־רעדנער אויף כמעט אַלע יידיש־שטאָטישע מאַסן־מיטינגען. אַלס רעדנער פלעגט ער שפּרודלען מיט יידי־שער פאָלקסטימליכקייט, שאַרפזיניק איינגעפלאָכטן דערביי אַ בעקאַנטן גמרא־ווערטל אָדער דרך־אגב, עפּעס פון אַלטן קוואַל וואָס האָט זיך צוגעפּאַסט צו דער טעמע און געשאַפן אַ ענגן, אינטימען קאָנטאַקט צווישן רעדנער און די צוהערער. עד היום דערציילן באַראַנאָוויטשער יידן ווי אַזוי דוד קאַצענעל־סאָן האָט זיי באַגייסטערט מיט זיינע רייד.

דער אויסברוך פון צווייטן וועלט־קריג האָט געטראָפן דוד קאַצענעלסאָן, אינגאַנצן אַ צעבראָכענעם נאָכן טראַגישן טויט פון זיין עלטערן זון, אין ארץ־ישראל. ער איז שוין דאַן געווען נישט־יונג און דאָס איינאָרדענען זיך אין ארץ־ישראל, איז אָנגעקומען גאַנץ שווער. נאָך פיל מי און האַרץ־ווייטיק האָט ער ענדליך באַקומען אַ טיילווייזע שטעלע אין אַ תל־אביבער גימנאַזיע, געלעבט בצמצום, אָבער זיך נישט באַקלאָגט אויף זיין גורל. צופעליק איז ער געווען פון די ערשטע, וועל־כער האָט באַקומען אַ בריוו פון ליובאַן נאָך פאַרן סוף פון וועלט־קריג. זיין ליובאַנער שוועסטער אַנטלויפנדיק אין אַ פּאַרטיזאַנקע, האָט אים מודיע געווען וועגן טויט פון זיין מוטער און אַ שוועסטער מיט איר פאַמיליע. לאַנג האָט ער נישט מאריך־ימים געווען און באַקומענדיק אַ האַרץ־אַטאַקע איז ער נאָך פינף טעג ראַנגלענישן זיך מיטן טויט — געשטאָרבן דעם 7.2.1948 (כ"ה בשבט תש"ח).



זיצן פון רעכטס צו לינקס: 1. — 2. ישראל לוואָוויטש (עלטסטער זון פון ר' ירוחם, משגיח אין מירער **ישיבה**). 3. ישראל האלפערן, דוד קוסטאַנאָוויץ, ליובאַן. יוסף ראַזאַווסקי אוזדא. שטייען: מאיר פינקל, ניסן וואַקסמאַן, שמעון כץ, אייזיל קאַסטיוקאָווסקי, ווילנע. אהרן ישעי' שאַפּירא, פּינסק. יצחק חיים קראַסניץ.

# סטאַראָבין

סטאַראָבין — 3213 נפשות, אַ קלויסטער אַ שולע, פּאָסט־אָפּטיילונג. גרויסע שטרעקעס פון זומפּן.

אויסער מסחר האָבן זיך די שטעטלדיקע יידן אָפּגעגעבן מיט גרינסן און קולטיווירט גרויסע שטרעקעס פון היי און גראָז.

(לויט ברוקהאוז־עפראָנ׳ס ענציקלאָפּעדיע)

## הרב ניסן וואקסמאן / מיין שטעטל סטאראבין

שוין פיל יאָרן זענען אַריבער זינט איך האָב זיך געזעגנט מיט דיר, מיין געבורטס־שטעטל. פיל האָב איך דורך דער צייט דורכגעלעבט, פיל לענדער דורכגעשפּרייזט, פיל געשעענישן דורכגעמאַכט, פיל גרעסערע און נישט דער ערך שענערע שטעט פאַר דיר, האָב איך זיך אָנגעזעען, און דאָך שטייסטו מיך פאַר די אויגן מיט אַלע דיינע חסרונות און מעלות, מיט אַלע דיינע וועלדער און פעלדער, מיט דיינע בלאָטעס און זאַמדן, מיט דיינע פּראָסטאַקעס און דיינע ליכטיקע, איידעלע טיפּן יידן וואָס וועלן אייביק נישט אָפּגעמעקט ווערן פון מיין זכרון.



הרב ניסן וואקסמאן מיט זיין מוטער שיינע לאה
(פאָטאָ יוחנין, סלוצק 1908)

סטאַראָבין איז געווען אַ שטעטל מיט אַרום דריי הונדערט יידישע פאַמיליעס און געפינט זיך אין מינסקער גובערניע, פינף און דרייסיק וויאָרסט פון דער יחסנ׳דיקער שטאָט סלוצק. אין צוגאָב צו די אַלגעמיינע יידישע פּראָפעסיעס ווי שוסטער, שניידער און קרעמער, האָט סטאַראָבין געהאַט אַן אייגנאַרטיקע „אינדוסטריי״, פון וועלכער דער גרעסטער טייל פון אירע יידן האָבן געצויגן זייער חיונה. אין סטאַראָבין פלעגן יידן האָבן גרויסע גערטנער אין וועלכע זיי האָבן געזייט אוגערקעס (קיוקאָמבערס). די אוגערקעס האָבן זיי אַ גאַנץ זומער געהיט ווי די אויג אין קאָפּ, און ענדע זומער האָט מען דאָס אַראָפּגענומען פון די גערטנער און מיט די הענט געשניטן אין דער לענג אויף העלפט, אַרויסגענומען פון זיי די קערנדלעך, געוואַשן און געטריקנט זיי אויף דער זון, דאַן פלעגן קומען סוחרים פון טיף־רוסלאַנד און קויפן די קערנדלעך אויף זריעה, אויף זייען אוגערקעס דאָרט ביי זיי, און זיי פלעגן צאָלן אַרום צוואַנציק און דרייסיק רובל אַ פּוד, אַ גאַנץ היפּשער פּרייז. מען קען זיך אָבער פאָרשטעלן וויפל אַרבעט מען האָט געדאַרפט אַריינלייגן אין דעם, ביז מען האָט אַרויסגענומען אַ פּוד (40 פונט) טרוקענע „זריעה״. מען קען זיך אויך פאָרשטעלן וואָס פאַר אַ רייכטום מ׳האָט געקאָנט פון דעם מאַכן.

דערפאַר אָבער איז סטאַראָבין געווען רייך מיט גרויסע יידישע נשמות, מיט זעלטענע יידישע טיפּן, מיט וועלכע זי האָט באמת געקאָנט שטאָלצירן.

סטאַראָבין איז אייגנטלעך געווען איינגעטיילט אין דריי טיילן. סלוצקער גאַס, וואָס מ׳האָט גערופן „עק שטאָט״, דער מאַרק. אָדער ווי מ׳האָט דאָס גערופן „דער באַלעבאַטישער געגנט״, און ארץ־ישראל גאַס (יאָ, אַזוי האָט די גאַס געהייסן). יעדערע פון די דריי האָט געהאַט זיין אייגענעם בית מדרש מיט זיין אייגענעם חן.

אין בית מדרש פון עק־שטאָט זענען קיין סך גרויסע לומדים נישט געווען, אָבער געלערנט האָט מען. דאָרט האָט געדאַוונט פסח דער מלמד. דאָס איז געווען דער גמרא מלמד פון שטאָט. ער פלעגט בלויז נעמען אַ 10—15 קינדער און פלעגט מיט זיי „אַרבעטן״ פון אין דער פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט מיט אַלע זיינע כוחות. ער האָט אַזוי געאַרבעט מיט יידישע יינגלעך אַ יאָר 25, ביז ער איז הייזעריק געוואָרן און פלעגט ריידן מיט אַ שטימע פון אַ קאַטשקע. האָבן אים טאַקע חברה לצים אַ נאָמען געגעבן „פסח דער קאַטשער״. איז אפשר אָט דער ייד מיט דער הייזעריקער שטימע נישט געווען גענוג אויסגעמאַטערט פון זיינע מלמדות, פלעגט ער אַלע טאָג בין מנחה

למעריב „זאָגן" אַ פּרק משניות פאַר'ן עולם — נישט פאַר געלט חס ושלום, און שבת בײטאָג פלעגט ער „זאָגן" חומש.

אין באַלעבאַטישן בית מדרש פלעגן דאַוונען דעו' מער אינטעליגענטער עולם, סײ אין װעלטלעכן און סײ אין יידישן



ר' זעליג װעלװולס (חיניץ)
אַ גמרא מלמד אין עק שטעטל און שמש פון דאָרטיקן שול אין סטאַראָבין. זיידע פון הרב אברהם חיניץ און פון שרייבער חיים ליף מיט זיינע ברידער אין ניו־יאָרק

זינען. דאָרטן האָבן געדאַוונט די שטאָטישע משכילים און האַלב מאָדערנע לערער, װאָס האָבן גע'טענה'ט אַז אַ ייד מוז גוט קענען תנ"ך און טאַקע מיט דקדוק. יעדן שבת פלעגט מען דאָרטן לערנען אַ בלאַט גמרא, בײ װעלכן ס'פלעגן זיצן אַרום 20—30 איידעלע יידן. דער רבי איז געװען ר' שלמה לאַנדא, אַ ייד אַ גדול בתורה, װאָס האָט געמאַכט אַ לעבן פון דער פּאָטשט, װאָס זיין שװער יאַנקעל איטשע חיים'ס האָט געהאַט אין אַרענדע פון „קאַזנא" און אים דאָס איבערגעגעבן אַלס אייביקן נדן, װען ער האָט אים גענומען אַלס חתן פאַר זיין איינציקער טאָכטער. איז ר' שלמה געזעסן און געלערנט און זיך עוסק געװען אין כלל אַרבעט, און דער שװער האָט אַכ־טונג געגעבן אויף די פערד און קאַרעטן מיט דעם גאַנצן קלאַפּער־געצייג װאָס האָט באַלאַנגט צו באַזאָרגן דעם געגענט מיט פּאָטשט, און צו דעם האָט ער געשעפּט נחת פון זיין איידעם. דאָרטן אין בית מדרש איז געװען איינער װעמען מ'האָט גערופן הירשקע דער שוסטער, האָט ער פאַרמאָגט אַ װוּנדערבאַרע שטימע און פלעגט דאַוונען ימים נוראים ביים עמוד. פלעגן די משכילים אַביסל קװעטשן מיט די פּלייצעס װאָס גראָד ביי זיי אין שול דאַוונט אַ פּשוטער ייד, אַ גע־װעזענער שוסטער ביים עמוד; אָבער קיינער האָט נישט געהאַט די העזה צו רעדן אַ װאָרט אָפן, װייל זיי האָבן גע־װוּסט, אַז קיינער קען זיך נישט גלייכן צו הירשקען מיט זיינע „יעלה'ס" און זיין יום־כפור'דיקן מוסף.

הירשקעס פרוי כאַשע מערקעס, איז געװען אַן אמת'ע צדקנית. געאַרבעט האָט זי פאַר צען פרויען. װוּ אַן אביון, װוּ אַ יתום אָדער יתומה חתונה מאַכן, װוּ אַן אָרעמע לוויה, איז כאַשע מערקעס געװען די ערשטע צו דערליידיקן אַלץ אויף אַ שטילן אופן, אַז קיינער זאָל זיך נישט דערװיסן און אַז ס'האָט איר „באַגליקט" האָט זי זיך געסטאַרעט, אַז אַפילו דער באַטרעפנדער פּערזאָן, פאַר װעמען זי האָט געאַרבעט, האָט אויך נישט געװוּסט װי אַזוי און דורך װעמען ער אָדער זי איז געהאָלפן געװאָרן.

אין 1915 װען דורך װייס־רוסלאַנד זענען דורכגעגאַנגען כמעט אַלע רוסישע אַרמייען, איז קיין סטאַראָבין אָנגעקומען אַ פּאָלק קאָזאַקן פּונקט אין יום־כפור נאָך האַלבן טאָג, און דערזעענדיק אַ פאַר יידן אין גאַס, האָבן די קאָזאַקן מיט זיי זיך אַ טשעפּע געטאָן. זענען די יידן אַנטלאָפן אין בית מדרש און גענומען שרייען, אַז קאָזאַקן שלאָגן יידן, איז געװאָרן אַ טומל, און די מערסטע יידן און יידענעס זענען זיך צעלאָפן צו זייערע היימען, זענען די גבאים פון שול צוגעגאַנגען צו הירשקען, װעלכער איז געשטאַנען ביים עמוד און געהאַלטן אין מיטן מוסף, און געבעטן זיך ביי אים ער זאָל גלייך ענדיקן, װייל ס'איז סכנת נפשות און דער עולם זאָל זיך צעגיין, אָבער



ר' אשר דאַמניטש (באַװוּסט אַלס מלמד, אַ משכיל און אַ ציוניסט מיט זיין פרוי און זון זאב)

הירשקע האָט צו זיי אַ מאַך געטאָן מיט'ן האַנט און אַ געשריי געטאָן מיט פאַראוּװנדערונג „עבודה"?! ד. ה. סטייטש, װי קאָן מען זיך דאָס דערלויבן מפסיק זיין און נישט זאָגן די עבודה! ער האָט זיך פון אָרט נישט גערירט און פאַרגעזעצט דעם מוסף װי קיין זאַך װאָלט נישט פּאַסירט.

צוזעענדיק זיין תקיפות זענען נאָך פיל יידן געבליבן אין שול, און אין אַ װיילע אַרום זענען טאַקע אַ גרופּע דאָנער קאָזאַקן מיט זייערע לאַנגע פּיקעס אַריין אין שול, אָבער

דערזעענדיק הירשקען מיטן קיטל און טלית ביים עמוד ווען ער זאָגט „והכהנים” און אַלע יידן פאַלן מיט אים צו „כורעים”, זענען זיי געוואָרן פאַרציטערט און געשטאַנען אַ ווײַלע ביים טיר און גענומען זיך אַרויסרוקן שטילערהייט.



הרב ר׳ יוסף ראָזאָווסקי געלערנט אין סטאַראָבין, פאָלטאַווע, מיר (אומגעקומען אין רוסלאַנד)

דער דריטער טייל שטעטל האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם גרויסן בית מדרש, וואָס איז געווען די הויפּט שול. דאָ האָט געדאַוונט דער רב און אַלע כלי־קודש און דאָ איז געווען די הויפּט „קעניגרייך” פון מאָשע נעמי״ס. דאָס איז געווען אַ זעלטענער טיפּ ייד וואָס מ׳טרעפט שוין נישט לאַנגע יאָרן. אייגנטלעך איז ער געווען בלויז דער שמש פון גרויסן בית מדרש, אָבער באמת איז ער געווען דער גאַנצער בעל־הבית פון רעליגיעזן לעבן פון שטאָט. ראשית כל, איז ער געווען אַ בקיא אין ש״ס און פוסקים מיט אַ האַנט אין קבלה אַלס צוגאָב. צו דעם איז צו זיין פרומקייט גאָר קיין גרענעץ נישט געווען. ער פלעגט ממש זיצן טאָג און נאַכט אין בית מדרש און לערנען. עלטערע יידן פלעגן זאָגן, אַז אין פופציק יאָר האָט נישט פאַסירט עמעצער זאָל אַמאָל קומען אין שול, טאָג אָדער נאַכט און נישט טרעפן מאָשען. טראָץ דעם וואָס אין סטאַראָבין זענען שטענדיק געווען גרויסע רבנים מיט וועלט נעמען, פלעגט דעם בלאַט גמרא אין גרויסן בית מדרש זאָגן מאָשע, און דער רב פלעגט זיין איינער פון די צוהערער. אַלס שטאָט־שמש פלעגט ער יעדן דאָנערשטיק דורכגיין די שטאָט צו קלייבן געלט פאַר „לחם עניים”.

סטאַראָבין, אַזוי גוט ווי דער גאַנצער סלוצקער יידישער געגנט, האָט נישט געהאַט קיין חסידים מיט די גאַנצע רביי־אישע אַטמאָספערע, אָבער צו מאָשען פלעגט מען קומען ווי צו אַ גוטן יידן אפילו פון אַנדערע שטעטלעך פון געגנט נאָך ברכות. נישט נאָר יידן, נאָר אַפילו גויים פלעגן אָפט קומען צו אים מיט פאַרלאַנגען, און די איינציקע באַצאָלונג וואָס ער האָט פון זיי גענומען איז געווען ליכט און האַנטעכער פאַרן בית מדרש, ווען זייערע פאַרלאַנגען זענען דערפילט געוואָרן.

אין סטאַראָבין איז אויך געווען אַ ישיבה פאַר עטלעכע יאָר, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און זי איז געפירט געוואָרן דורך הרב ר׳ זעליג פאָרטמאַן, איך האָב דאָרט אויך געלערנט. האָט אַמאָל פאַסירט, אַז ער האָט געדאַרפט אַוועקפאָרן פון שטאָט אויף איייניקע וואָכן, האָט ער געבעטן מאָשען זאָגן דעם שיעור פאַר דער ישיבה, און אין אַ געווויסן טאָג איז אין מיטן זיין זאָגן אַרײַנגעקומען אַ פּויער מיט אַ גרויסן פּאַק האַנטעכער און געוואָלט אים זען, האָט זיך מאָשע פאַר אונדז אַנטשולדיקט און געשמועסט אַ ווײַלע מיטן פּויער און צוגענומען פון אים די האַנטעכער. צוקומענדיק צוריק צו אונדז האָט ער באַמערקט ווי דער אינצידענט האָט געמאַכט אַ ווירקונג אויף אונדז הברה יונגוואַרג, האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אַ אַצילותדיקן שמייכל:

„ביי דעם פּויער זענען אַנטלאָפן צוויי קי, איז ער מיט אַ וואָך צוריק געקומען צו מיר איך זאָל זיי „אָפּשפּרעכן”, טאָ וואָס אַרט מיר אויב אַ פּויער גלויבט אין אַ זעלכע זאַכן? האָט אָט ער יעצט געבראַכט האַנטעכער, וואָס וועט קלעקן פאַרן בהמ״ד אויף אַ יאָר! אַז פּויערים גלויבן איז גוט, מ׳טאָר פון זיי נישט לאַכן, ווייל ווען זיי הערן אויף צו גלויבן איז גאָר געפערלעך!”...

אין גרויסן בית מדרש, אין אַ ווינקל האָט געזאָגט „אלשיך” ר׳ אברהם ראובן הינדעס (רובניץ). ער איז געווען דער עלטסטער פון זיינע ברידער, פון פסח, דעם מלמד און עליע הינדעס. אין שטעטל פלעגט מען זיי רופן די „בני ראובלעך”, מסתמא צוליב זייער זיידן, נאָך וועמען זיי האָבן געהייסן — רובניץ. צוזאַמען מיט די כיניצעס, זענען זיי געווען די גרעסטע משפחה אין שטעטל. לויט מיין זכרון איז אברהם ראובן שוין געווען אין די הויכע אַכציקער יאָרן און ער האָט שוין לאַנג אויפגעגעבן זיינע געשעפטן. פריער האָט ער געהאַנדלט מיט רויכוואַרג און חזיר־האָר, פון וועלכע ער האָט זיך געהאַלטן פאַרן גרעסטן עקספּערט. אָבער די אַלע „נאַרישקייטן” זענען בלויז געווען ביי־זאַכן. זיין הויפּט־אינטערעס אין לעבן איז געווען עפּעס אַנדערש. איבער זעכציק יאָר נאָכאַנאַנד האָט ער „געזאָגט” אלשיך. דאָס הייסט, געלערנט מיט אַ גרופּע יידן יעדן טאָג בין מנחה למעריב אַ האַלבע שעה די סדרה פון דער וואָך מיטן אויסטייטש פון „אלשיך”. צווישן זיינע צוהערער האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס האָבן אים געהערט זינט ער האָט אָנגעפאַנגען צו לערנען, ווי מאָטע יאַנקל דער בעל עגלה און משה בערל דער גלעזער, וועלכע זענען שוין אַליין געווען יידן־זקנים. צו אַלע זיינע תלמידים, וועלכע זענען געווען פון די האָרעפּאַשנע עלעמענטן פון שטעטל, איז אברהם ראובן געווען דער סימבאָל פון תורה און חכמה. זיין וואָרט איז געווען אַ שטיק פיקחות, טראָץ דעם וואָס ער אַליין האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ תם, און פלעגט אָפט אַרויסזאָגן בטלנישע באַמערקונגען.

אין שטעטל איז אַרומגעגאַנגען זיינס אַ זאָגעכץ, אַז ער גלויבט נישט אַז „אויף דער וועלט” זענען דאָ אַזעלכע ערטער ווי מאָסקווע און פּעטערבורג. „מילא ווילנע און וואַרשע” —

פלעגט ער זאָגן — „קען מען נישט אַפּלייקענען, ווייל מ׳זעט דאָך די נעמען שוואַרץ אויף ווייס — אויף די שס״ן. פון מינסק און סמאָלענסק האָט ער אויך אַליין געזען סוחרים וועלכע זענען געקומען איינקויפן זיינע רויכוואַרגן און חזיר־האָר, אָבער די אַנדערע — זענען כזב ושקר, אַ אויסגעטראַכטע מעשה, מיט וועלכע ליידיקגייער דרייען אַ קאָפּ, ווייל זיי פוילן זיך הערן זיין שיעור אין אלשיך, און ווילן בעסער שמועסן וועגן נאַרישקייטן״!

ווער קען אים היינט אַפּלייקענען? אפשר איז ער טאַקע געווען גערעכט!..

ווי שוין אויבן דערמאָנט זענען אין סטאַראָבין שטענדיק געווען גרויסע רבנים. אין די לעצטע איינציקע צענדליק יאָר איז דאָרט געווען רב דער גאון ר׳ דוד פיינשטיין ז״ל, וואָס איז געווען אַ שם דבר אין דער רבנישער וועלט פאַר זיינע גאונות און וווּנדערבאַרע מידות. ער איז געווען אַ שוואָגער פון דעם גאון ר׳ אלי׳ פרוזשינער, וועלכער איז אויך געווען אַ רב אין סטאַראָבין.

בכלל איז סטאַראָבין געווען אַ שטאָט פול מיט תורה, אין אַלע גרויסע ישיבות האָט מען געוווּסט, אַז דאָרטן איז אַ רעזערוואַר פון ישיבה־בחורים נישט דער ערך מער ווי לויט דער באַפעלקערונג. אין שטעטל פלעגט מען זיך וויצלען, אַז טאַקע דאַרום האָט דאָס שטעטל געהייסן סטאָ ראבין, אויף רוסיש — הונדערט רבנים.

דאָס לעצטע וואָס מיר האָבן פון דאָרטן געהערט איידער די נאַציס זענען אַריין, איז געווען, אַז די באַלשעוויקעס האָבן דאָרטן אויסגעטריקנט די בלאָטעס און באַלויכטן מיט עלעקטריק, אָבער גלייכצייטיק האָבן זיי אויסגעטריקנט דעם מוח פון יידישן לעבן און נישט איבערגעלאָזן קיין פונק פון ליכטיקייט פון דעם גלאָררייכן און גייסטרייכן שטעטל סטאַראָבין.

אַנמערקונג פון רעדאַקציע.

דער בייגעלייגטער בריוו איז געווען דער לעצטער, וועלכן ס׳האָט באַקומען הרב ר׳ יוסף לייב קאַפּלאַן פון זיין פאָטער ר׳ מאָשע נעמי׳ס אין סטאַראָבין.

צוליב געוויסע סיבות, האָט זיך דער בריוו פאַרשפּעטיקט און ער האָט שוין ניט געקענט אַריין אין דער העברעאישער אָפּטיילונג. דרוקן מיר דעם בריוו אין דער סטאַראָבינער יידישער אָפּטיילונג, ווייל אין דעם בריוו שפּיגלט זיך אָפּ דאָס לעבן פון דעם גרויסן תלמיד־חכם, ר׳ מאָשע נעמי׳ס, ווי אויך דאָס לעבן פון סטאַראָבינער יידן, אין די צוואַנציקסטע יאָרן פון דעם יאָרהונדערט.

עמ״י עש״ו

יום ד׳ לסדר בנסע הארון תרפ״ו

רוב ברכה והצלחה ושלום לבני יקירי ה״ה הרב החו״ב יא״ב כש״ת מו״ה יוסף ליב עם כל ב״ב, כולם יעמדו לברכה ותראה רוב נחת מהם.

אח״ד שה״ט כמשפט, אודיעך, כי בשבוע העבר קבלתי מכתבך הנעים וכתבי נכדי הנעימים ורוב תודות לכולכם.

מה אומר לכם בני, כי החייתם את נפשי במכתבכם. לא אוכל לתאר לפניכם את השמחה שהיתה לי בעת שקראתי מכתבכם, כי מאד נכספה נפשי לראותכם ולשמע משלומכם, ובעל הגומל ישלם לכם כרצונכם הטוב.

אל יהיה בעיניך לפלא מה החרדה הזאת אשר חרדתי. אספר לך שיחתי ואעשה לפניך חשבון: מה נשאר לי מכל עמלי שעמלתי כל ימי חיי בעולם — — — בני ב. זה כמה שנים לא שמעתי ממנו, הגם ששמעתי ע״י אחרים שיש לו עושר ונכסים. האמת אגיד שאין לי שום נחת מעשרו. הודות לה׳ אין אני צריך לתמיכתו ולמתנתו. מבני ד. יש לי בעוה״ר עגמת נפש במדה גדושה, כי הושלך לארץ נכריה ולא יכול לבוא לביתו, ושם הוא בעירום ובחוסר כל. מבני אלי׳ היה לי עד עתה צער. אשתו חלתה ל״ע זה שלש שנים ונעשה בעל חוב גדול, עד שהוכרח למכור את בהמתו ומלבושיו הטובים ולבסוף ישב בבית האסורים. חתמו את חנותו עם כל המאשינעס וכלי המלאכה, וישב בטל ולא הרויח כלום עד שהשתדלתי וכנסתי מאה רו״כ, נתתי לו וקנה מאשין לעשות מלאכתו ועוד הוא בע״ח גדול. מי יודע מתי יפטר מחובותיו, כי ההוצאה מרובה וההכנסה מועטת. בעלי־הבתים דעירנו נעשו כולם „יורדים״. אלי׳ אינו יחיד בעיר, יש עוד שלושה שטעפערס.

אחרי כל החשבונות לא נשאר אצלי מאומה מכל יגיעי שיגעתי בעולם. רק בעת שאקבל מכתבך יש לי קורת רוח, לכן אבקש ממך ומנכדי הנעימים שיחיו, שאל תמנעו מתנתכם הטובה הזאת לפקדני במכתבים ותבארו לי היטב מלימודיכם ומנהגיכם הטובים והשי״ת יתן לכם כח ללמוד ולעשות רצונו בלב שלם.

דע לך, בני יקירי, עד עתה הייתי מצפה בכל יום אולי אוכל ליסע לארץ הקדושה או לכל הפחות לאמריקא ויקויים בי: „ויוסף ישית ידו על עיניך״. אך עתה אני רואה שתוחלתי נכזבה ומוכרח אני להשאר בארץ „הטמאה״ בלי שום משען. בעד פאַס צריך לשלם שלש מאות רו״כ. כוחותי נחלשים מדי יום ועיני כהו. אחרי חג הפסח נסעתי לסלוצק לרופא עינים ובחן בכמה בחינות ואמר לי שאין אני צריך משקפים, אך נתן לי טיפי־רפואה וזה ארבעה שבועות שאני משתמש בזה בכל יום ואיני רואה שום תועלת מזה. גם הדיבור שלי נתקלקל וקולי נעשה נמוך וביגיעה רבה אני קורא בספר התורה לפני הציבור ואין מי שיחליף אותי — ולא יודעים יום... אם חו״ש עד שתגיע לך ידיעה, יעברו ימי הדין הקשה, ולא יהיה שום מליץ בעדי. לכן אני מפיל תחנתי לפניך שמעתה תלמד בכל יום פרק משניות ותתפלל לכל הפחות פעם אחת בכל יום לפני הציבור, בלי דחיות שאר אבלים אם תוכל.

אביך המברך אותך בכל טוב — — —

משה חיים קאפּצ׳ץ

ארבע שנים בדיוק אחר שכתב את המכתב הזה הלך ר׳ משה לעולמו ונקבר בבית הקברות העירוני. על מצבתו היו חרותים הדברים המתאימים האלה שנשלחו מבנו הרב ר׳ יוסף ליב קפלן, בפיטסבורג אשר בארצות הברית:

פ״נ

## ר׳ משה חיים בר׳ יהודה ליב

נפטר ט״ו סיון תר״צ, תנצב״ה.

מי שיגע בתורה ורב פעלים
שקד, שמר, עשה והקים
הורה בצבור לזקנים ונערים
חסיד ועניו וגמל חסדים
יספדו עליו הוי בשערים
יוסיפו להתאבל בניו המפוזרים
מחמד עינינו ועטרת ראשינו
הוא הישיש מורנו ורבנו

פ״נ

## רעיתו מרת שרה רבקה

נפטרה ד׳ שנים אחריו

אשת חיל צנועה וכשרה
שרה שמה וכשרה היתה
רבות צדקות וחסדים עשתה
קדושה ויראת ה׳ ואהבת התורה
היו מאווייה כל ימי חייה
בת פ״ג היו שנותיה
שרה רבקה ב״ר משה דוב
שחל״ח ביום ד׳ ט׳ טבת תרצ״ד
תנצב״ה.



אַ גרופּע ישיבה־בחורים אין מיר 1924 מיט אייניקע לאַנדסלייט צווישן זיי.
ערשטע שורה זיצן פון רעכטס צו לינקס: חיים וויסאָקער, קאברין. זושע טערושקין, סטאראבין. ישראל סענדעראווסקי, זשעטל. יוסף ווייס, חאָמסק. גרשון — זשעטל. יוסף — קאָברין. לייב גורעוויטש, מאַלטש.
צווייטע שורה: ראובן ראַסין, ליובאַן. דוד — טשערקאַס, יעקב יאַנקילעוויטש, זשעטל. שלמה גענאַכאָוויטש, באַראַנאָוויטש, שלמה פינטשוק, חאָמסק.
דריטע שורה: הערצל דאָמניטש און יצחק חיים קראַסניטש, סטאַראָבין. שלמה — וואָלאָזשין. בערל, רומשישאק. משה שאָשקעס, טיקטין. צבי־הירש צירין, סטאַראָבין און מרדכי קארפענשפרונג, קאָברין.

# חורבן סטאראבין

(דערציילט פון סטאַראָבינער פּאַרטיזאַן חיים־שמחה רובניץ, פאַרשריבן דורך ר. ריווין)

זיבן טעג בערך נאָכדעם ווי די דייטשן זענען באַפאַלן ראַטן־רוסלאַנד, זענען אַריינגעקומען די היטלעריִשע קליקעס אין סטאַראָבין. דער ערשטער קרבן איז געפאַלן יאָסל־איסערס, דער צווייטער יענקל דוד׳ס אייניקל, וועלכער האָט זיך געשיצט קעגן זיי און האָט געשלאָגן זייערן אַ סאָלדאַט. צום ערשטן האָט מען אויפגעטריבן אַלע יידן פון מאַרק אויף אַ געוויסן אָרט, ווו עס איז געווען די באַינע און דאָרטן האָט מען זיי אויסגעהרגעט. נאָכהער האָט מען אויפגעטריבן אַ גרויסן צאָל שטעטלדיקע יידן אויפן וועג קיין סלוצק אין קאזיהארער וואַלד און דאָרטן האָט מען זיי אומגעבראַכט. אַ טייל איז געבליבן אין שטעטל, און ביינאַכט אין דער פינצטער זענען פיל פון זיי אַנטלאָפן קיין סלוצק, פּאהאסט און אין די אַרומיקע שטעטלעך. פון די פאַרבליבענע האָבן די דייטשן אויסגעקליבן צוואַנציק בעלי־מלאכות: ווי גרוינעם דעם שניידער, הרצל דעם קצב און נאָך אַזוינע, כדי זיי זאָלן אויסלערנען זייער פאַך דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. די אַקטיווע העלפער פון די דייטשן זענען געווען דער געוועזענער סטאַרשינאַ וואלאדיא און אקסענקע קארפאוויצ׳עס. זיי זענען געווען די הויפּט־אָנפירערס און אויסרעטערס פון דער יידישער באַפעלקערונג. דער אַלטער סטאַרשינא, וועלכער האָט זיך גערעכנט פון די חשובסטע מענטשן כ״ין דער קריסטלעכער באַפעלקערונג און דעם פעלדשערס זון קארפאוויץ, וועלכער האָט זיין פרנסה אינגאַנצן געצויגן פון די יידן, האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס ערגסטע שונאים און מערדער, זיי האָבן געהאָלפן אויסראָטן אַלע יידן, חוץ די 20 בעלי־מלאכות, וואָס די דייטשן האָבן איבערגעלאָזן. די 20 בעלי־מלאכות זענען לעבן געבליבן איבער אַ יאָר צייט, און נאָכהער האָט מען זיי אויך אומגעבראַכט.

צווישן די אַנטלאָפענע אין די וועלדער זענען לעבן געבליבן: שמוליק פיסארעוויץ, ברוך קלמן סדובסקעס אַ אייניקל, הירשל שווערצינובסקי, יענקל־עליעס אַ זון, יענקל ליפשיץ, זעליג דעם שניידערס אַ אייניקל, און מיין שוועסטערס שרקהס אַ זון, סנדר מענקע, שייע אברהמלס אַ אייניקל, אהרל חיניץ, ישראל מעכנעוויצערס אַ זון, אברהמ׳ל פריווישיער מיט זיינע צוויי קינדער, ישראליק קאַפּלאַן, ארצע דעם בעל־עגלה׳ס אַ זון.

מיר האָבן זיך אָרגאַניזירט אין פּאַרטיזאַנקעס צוזאַמען מיט די גויים, אין די וועלדער פון דעם דאָרף דאמינוביץ אין פּאָלעסיע. די ערשטע צייט האָבן מיר ניט געהאַט גענוג געווער. אויף הונדערט מענטשן זענען געווען געציילטע ביקסן. עסן און קליידער האָבן מיר באַקומען פון אָנפאַלן ביינאַכט אויף די דערפער. שפּעטער ווען די צאָל פּאַרטיזאַנער איז פאַרגרעסערט געוואָרן, איז אונדז לייכטער געוואָרן. אונדזער ערשטער אָרגאַניזירטער אָנפאַל אויף די דייטשן איז געווען אויפן וועג קיין פּאהאסט אויף דער צושויער „אימעניע״. דער צושויער דאָרף האָט זיך אויסגעצייכנט מיט העלפן די דייטשן צו כאַפּן יידן, דעריבער האָבן מיר געמוזט פריער אָנפאַלן אויף פּאהאסט, אומברענגען דאָרטן דעם קאָמענדאַנט מיט זיין שטאַב, נאָכהער האָבן מיר פאַרברענט דעם הויף. אין דעם אָנפאַל האָט זיך אויסגעצייכנט דער סטאראבינער פּאַרטיזאַן שמוליק פיסארעוויץ. אויך איז געפאַלן דער ערשטער קרבן פון סטאַראָבינער פּאַרטיזאַנצעס ידידיה ראַפּאָפּאָרט, ירחמיאל דעם סטאָליערס אַ זון, וועלכע האָבן פריער געוווינט אין אַ דאָרף אַרום סטאראבין. נאָך דעם אָנפאַל האָבן מיר געקראָגן מער געווער און פאַרגרעסערט אונדזער אָטראַד. באַקומענדיק מער געווער איז אונדז געלונגען פאַרקלענערן די צאָל יידישע קרבנות, וועלכע פלעגן פאַלן דורך גויישע הענט, וואָס האָבן זיך געיאָגט באַקומען פון די דייטשן אַ גרויסן לוין פאַר יעדער יידישע קאָפּ.

אַחוץ שמואליקן האָט זיך אויסגעצייכנט פון די סטאראבינער פּאַרטיזאַנצעס אהרל חיניץ, דורך זיינע געלונגענע עצות וואָס ער האָט געראַטן דעם גענעראַל פון די פּאַרטיזאַנער, אַ דאַנק זיינע עצות זענען פאַרגרעסערט און פאַרשטאַרקט געוואָרן אונדזערע אָטראַדן. איינע פון זיינע קליגסטע עצות איז געווען, אַז נאָך אונדזערע אָנפאַלן אויף די דערפער, זאָלן מיר נעמען מענטשן פון די דערפער, כדי זייערע פאַמיליעס זאָלן זיך פאַראייניקן מיט די פּאַרטיזאַנער. אַזוי האָבן מיר זיך געהאַלטן ביז ענדע 1942 און ווען די פּאַרטיזאַנסקע אָטראַדן האָבן זיך פאַרגרעסערט, האָבן מיר זיך גענומען אָפּרעכענען מיט די דייטשן. אַזוי האָבן מיר געפירט פּאַרטיזאַנישע שלאַכטן ביז 1944 ווען אונדזער געגנט איז באַפרייט געוואָרן פון די דייטשן. דאַן בין איך געקומען צוריק אין סטאראבין, אָבער קיין יידן האָב איך דאָרטן ניט געטראָפן, אויך דאָס שטעטל איז אַממערסטן חרוב געוואָרן. סלוצקער גאַס, דער מאַרק, פּאָווארציצער, קראפילאַנקע גאַסן זענען חרוב געווען. פון דער גרויסער לאַנגער סלוצקער גאַס האָב איך געטראָפן צוויי הייזער, סענדער חיניצעס, און זאַמע דעם שוסטערס פון די בתי הקברות איז גאָר ניט געבליבן. פון דעם אַלטן בית־עולם, האָבן נאָך די באָלשעוויקעס אַראָפּגענומען די מצבות, און אויף דעם נייעם בית־עולם האָבן די דייטשן פאַרברענט און פאַרניכטעט די מצבות, ווו־ניט־ווו איז געשטאַנען אַ צעבראָכענע מצבה.

אַזוי איז געווען דער חורבן אין אַלע אַרומיקע שטעטלעך און דער זעלבער חורבן איז אויך געווען אין סלוצק. דער עיקר האָבן די דייטשן חרוב געמאַכט — דעם צענטער. פון דעם גרויסן שול־הויף איז גאָרניט געבליבן. פריער איז דאָרטן געווען דער געטאָ. פון סלוצק איז געבליבן וויגאָדער גאַס און זייטיקע געסלעך אַרום קאָלאָניע. טיילן פון סלוצקער הייזער און פון די אַרומיקע שטעטלעך האָבן די גויים צו־שלעפּט אין זייערע דערפער. מיין טאַטנ׳ס הויז האָב איך געטראָפן אין דאָרף פּאָווארציץ. די סטאַראָבינער פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אומגעקערט אין שטעטל, נאָכהער זענען צוגעקומען

די געציילטע, וועלכע זענען געבליבן לעבן אין ווייטן רוסלאַנד. אויך אין סלוצק האָבן זיך אויפגעקליבן ביז 300 יידן. די ערשטע צייט פלעגן מיר זיך אַרומשלעפן פון סטאַראָבין אין סלוצק און צוריק. אין איינעם פון מיינע סלוצקער באַזוכן מיט ישראל ארציקס, ווי געוויינטלעך אַ ביסל שיכורלעך, כדי צו פאַרטרינקען די צרות, אַזוי שפּאַצירנדיק אויף קאַפּאַש־קער גאַס האָט זיך ישראליק פלוצלינג אָנגעטראָפן מיט זיין טאָכטער, אַ יונגע קינד, זי איז אַרויפגעפאַלן אויף אים מיט היסטערישע אויסרופן: טאַטע, טאַטע! ווי אַזוי זי איז געבליבן לעבן און ווי קומט זי אַהער?... האָט זי דערציילט פאָלגנדעס:

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען סלוצק זענען געווען אין סלוצק אָנטלאָפענע פון אַלע שטעטלעך. פון סלוצק פלעגן די דייטשן טרייבן מחנות יידן און אויפן וועג פלעגן זיי אויסהרגענען זיי. איין מאָל ווען די דייטשן האָבן צונויפגעקליבן אַ מחנה פון 500 קינדער און געטריבן זיי אויפן סטאַראָ־דאָראָגער שאָסיי צו אומברענגען זיי אויפן וועג, האָט אַ פויערשע פאַמיליע פון אַ נאָענטן דאָרף איר אַרויסגעגנבעט פון דער מחנה מיטגענומען זי צו זיך אַהיים, אויסגעבאַהאַלטן און געהאַלטן פאַר אַ אייגן קינד. אַזוי האָבן זיי איר געהאַלטן ביז דעם פאַל ווען זי האָט זיך געטראָפן מיט איר פאָטער, אָבער שיידן זיך מיט אירע רעטער האָט זי ניט געוואָלט. זיי האָבן ניט געהאַט קיין קינדער און האָבן איר געהאַלטן פאַר זייערס אַ קינד. זי איז צו זיי צוגעבונדן געוואָרן ווי צו עלטערן. ענדלעך ישראליק איז אויך אַוועק צו זיי, זיין צוזאַמען מיט זיין טאָכטער און מיט אירע רעטער.

אַזוי האָב איך געוואַנדערט אין איינזאַמקייט און טרויער, פאַרלאָרן מיין גאַנצע פאַמיליע, מיין פרוי און קינדער, ביז וואַנען איך האָב פאַרלאָזט סטאַראָבין, און אַלס געוועזענער פוילישער בירגער פאַרן קריג, האָב איך זיך געלאָזט וואַנדערן און אָנגעקומען קיין ישראל.

---

ר׳ ישראל תנחום הכהן פארטמאן הי״ד געבוירן אין סטאראבין, פריער שוועקסנער רב און דערנאָך זעזמערער רב. געווען פּאָפּולער אין ליטע אַלס גרויסער און שיינער דרשן. נאָך אין דער יוגנט האָט ער אַרויסגעוויזן אַ רעדנער־טאַלאַנט. אין דער ישיבה־וועלט איז ער געווען באַוווסט אַלס אייגנאַרטיקער קינסטלער צומאַכן פריילעך דעם עולם מיט „גראַמען" און שאַרפזיניקע דרשות, און יאָרן לאַנג האָט מען זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם פון ישיבה צו ישיבה.

דאָ ווערט איבערגעגעבן איינע פון זיינע אינטערעסאַנטע סאַרקאַסטישע דרשות. ער פלעגט עס אויסזינגען מיט אַ וווּנדערבאַרן מגידישן ניגון, פאַרוואַנדלען פריילעכע יום טובדיקע שטימונג אין אַ טרויער און ווידער פריילעך ביז דער עולם פלעגט כאַפּן אַ טענצל.

די הומאָריסטישע דרשה איז געווען באַוווסט אין אַלע ליטווישע ישיבות און איז ווערט פאַראייביקט צו ווערן אַלס פאָלקלאָר. די באַדייטונג פון די ווערטער איז געווען רוסיש אָדער ענלעך צו „רוסיש". נ. וו.

# א מוסר השכל פון שטעטלעך

עס איז דאָ אַ שטעטל שווערזנע און עס איז דאָ אַ שטעטל ניעסוויזש, אַ שטעטל קרינאַק און נאַווי־קרינאַק. ווידער איז דאָ אַ שטעטל סטאַראָבין, און נאָך צוויי שטעטלעך, איינע וויסאָקע און די צווייטע גלובאָקע; פרעגט זיך דאָך אַ האַרבע קשיא: פאַרוואָס הייסט די שטעטל אַזוי און די צווייטע פונקט פאַרקערט??!

נאָר דער תירוץ איז אַזוי:

דער רבש"ע האָט באַשאַפן די גאַנצע וועלט צוליב יידן, ווי אין פסוק שטייט: „בראשית ברא אלהים, מאַכט רש"י: בשביל ישראל שנקראו: „ראשית" — „ישראל ראשית תבוא־תו". און יידן גופא האָט ער באַשאַפן כדי זיי זאָלן גיין אין זיינע וועגן און זיין גוט און פרום, ווי אין פסוק שטייט: „לולי בריתי — חוקות שמים וארץ לא שמתי". דערום מוז יעדער ייד וויסן אַז דער גאַנצער קאַראַהאַד דרייט זיך נאָר צוליב אים, און ער מוז זיך דרייען און דרייען פאַר דעם רבש"ע, און שטענדיק זיין פריש אין תורה ומצוות, ווי אין פסוק שטייט: „בכל יום יהיו בעיניך כחדשים".

אָט דאָס איז די טייטש פון דעם נאָמען „שווערזנע", וואָס הייסט: „פריש", מונטער, לעבעדיק פאַרן רבש"ע!

ווי איז אָבער, אַז דער רבש"ע גיט אַ קוק און זעט אַז עס איז „ניע־סוויזש" — ניט אַזוי פריש, אַ יידעלע פוילט זיך אַ קאַפּעלע צו טאָן אַ מצוה און צו אַן עבירה לויפט ער הענדום־פענדום, ווי אַ פייל פון בויגן.

זאָגט דער רבש"ע: טייער יידעלע, איך האָב פאַר דיר אַ שטעטל „קרינאַק", איך וועל דיר ברענגען אַ קרענק וועסטו זיך שוין באַטראַכטן ווו דו ביסט אויף דער וועלט.

טוט אַ יידעלע תשובה איז גוט, אָבער אויב ניט, זאָגט דער רבש"ע: „נאַווי־קרינאַק" — איך וועל אויף דיר ברענגען אַ נייע קרענק, אַ שטאַרקערע, וואָס וועט דיך אויפוועקן פון דיין שלאָף.

כאַפּט זיך דער ייד אין צייט איז גוט, אָבער אויב ניט, זאָגט דער רבש"ע: ר' יידעלע, עס העלפט דיר גאָר ניט, איך האָב פאַר דיר אַ שטעטל „סטאַראַבין", דו מוזט מאַכן דעם סטאַרב (אין סלוצקער געגנט רעדט מען אַרויס אַ שין פונקט ווי אַ סמך...) און דאָרטן וועט מען שוין זען וואָס מ'קען פון דיר מאַכן.

און אַפילו האַרט ביים שטאַרבן, אויב ער וועקט זיך אויף

ווענדעט זיך צום „טאַטן אין הימל”, זאָגט דער רבש"ע: „כּאַראַשאָ”! — איך וועל דיר אָננעמען און שיקן קיין „ווּיסאָקאַ” — אין דער הויך. דיין גוף וועט מען טאַקע ברענגען און בראָטן, אָבער דיין נשמה וועט מען וואַשן און לייטערן ביז זי וועט ווערן קרישטאָל — ריין און דאַן וועט מען זי שיקן אין ליכטיקן גן עדן.

אויב אָבער דער מענטש שפּאַרט זיך איין און זאָגט: „לאָ — מיט איין אלף, איך וויל ניט קיין תשובה”!, זאָגט דער רבש"ע: „איך האָב אַ שטעטל „גלובאָקע” — ערשטנס וועט דיך איינעמען אַ מיתה־משונה און נאָך דעם וועסטו גיין טיף טיף אין דער אדמה און איינזינקען צען קלאַפּטער טיף אין דער ערד”!

# רפאל ריווין / פאלקלאר

I

יעדער שטעטל האָט געהאַט איר צונעמעניש ווי:

קאַפּוליער נאַראָנים, הראזאווער לאַדישקעס, לעכעווי־טשער פּעלצלעך, קלעצקער גנבים, ניעסוויזשער לאָסונעס, סטאַראָבינער דעכצאַרניקעס און אַ. וו.

פלעגט מען דערציילן אַזאַ מעשה: קאַפּוליער יידן, וואָס דער באַרג האָט פאַרשטעלט פון זיי די וועלט האָבן זיך מישב געווען אוועקשטופּן דעם באַרג. האָט מען געשטופּט און געשטופּט און ניט געוווּסט צי דער באַרג האָט זיך גערירט פון אָרט. וואָס טוט מען? גייט מען און מ'נעמט לעכעוויטשער פּעלצלעך, אוועקגעלייגט זיי הינטערן באַרג און ווידער גע־נומען זיך צו דער אַרבעט שטופּן דעם באַרג.

שיקט מען אַ שליח, קומט ער צוריק מיט אַ שמחה, אַז די פּעלצלעך זענען נעלם געוואָרן, איז דאָך אַ סימן אַז דער באַרג האָט פאַרדעקט די פּעלצלעך. דער אמת איז אָבער געווען, אַז די קלעצקער האָבן אוועקגעלקחנט די פּעלצלעך. דערווייל אָבער זענען די קאַפּוליער שטאַרק פאַרמאַטערט געוואָרן פון דער שטופּעריי, האָט מען זיי געבראַכט סלוצקער קרופּניק אָנגעפּילט אין הראזאווער לאַדישקעס, זיי זאָלן זיך מחיה זיין. ביני לביני, ווען די קאַפּוליער האָבן געוואַשן די הענט און געזאָגט „אשר יצר”, זענען געקומען די נעסוויזשער לאָסונעס און אויסגעכליאַפּעט דעם גאַנצן קרופּניק. אַזוי זענען געבליבן די קאַפּוליער־ מיטן באַרג און מיט פּוסטע לאַדישקעס, האָבן זיי טאַקע כשר פאַרדינט זייער צונעמעניש.

II

**אַז מען שמירט — פאָרט מען**

סטאַראָבינער יידן זענען געווען אַממערסטן פאָרערס. וואָזאַקעס האָבן געפירט קלעצער פון די אַרומיקע אויסגע־האַקטע וועלדער צו געוויסע פּונקטן. פיל פלעגן פאָרן איבער די דערפער פאַרקויפן זייער אייגענע פּראָדוקציע.

בעלי־עגלות זענען געווען פאַרבונדן מיט דער סביבה און אַזוי ווי שמירן מיט דזשעגאַכץ איז געווען אַ גוטער מיטל איינצוהיטן די גאַנצקייט פון רעדער, כאָמוטן, קולבאַצקעס און רימענע לייצעס איז עס געווען לייכט צו פאַרקויפן אין דער אַרומיקער סביבה.

מיט דער שפּע פון דזשעגאַכץ האָבן זיך באַנוצט סטאַראָ־בינער יידן אויף שמירן זייערע שיך און הויכע שטיוול, וועלכע האָבן געגלאַנצט און דער שאַרפער דזשעגאַכץ ריח האָט זיך שטאַרק געשפּירט פון דער ווייטנס.

האָבן סטאַראָבינער באַקומען טאַקע דאָס צונעמעניש „דעכצאַרניקעס”.

**סטאַראָבינער אַפּיקורסים**

I

ראובע מאָטע־יאַנקלס, איז געווען בחורוויז דער אָנפירער פון בונד אין סטאַראָבין. שטענדיק פאַרנומען, פלעגט ער קומען אַהיים שפּעט ביינאַכט און טרעפנדיק טיר און פענצטער פאַרמאַכט, האָט ער אָנגעקלאַפּט אין טיר און אויסגערופן: „ניטאָ קיין גאָט, ניטאָ קיין קיסר, ניטאָ קיין טאַטע און מאַמע, מאָטע־יאַנקל עפן די טיר!”

II

אַרצע דער מלמד, אַ פרומער און אַ נאַיווער מענטש, האָט בשום אופן ניט געקענט פאַרשטיין, ווי איז דאָס מעגלעך, אַז אַ ייד זאָל זיין אַן אפּיקורוס און ניט גלויבן אין גאָט. עס שטייט דאָך בפירוש אין דער תורה: „וידבר אלהים אל משה ויאמר אליו אני ד'” און מיט אַ נצחונדיקן ניגון פלעגט ער אויסזינגען: נו, וואָס זאָגט איר אויף דערויף.

III

**אַ וויכוח צווישן אַ בעל־עגלה און אַ קאַמסאָמאָליעץ**

אַלטער טאָקער איז מיט אַמאָל אַן אפּיקורוס געוואָרן און אויפגעהערט דאַווענען, און דערצו נאָך אָפּגעלאַכט פון יידן וואָס גייען דאַווענען. אַזוי ווי אַלטער איז געווען אַ קנאַפּער ידען אין שוואַרצע פינטלעך, האָט אַרטשיק דער בעל־עגלה אַ פרעג געטאָן: זאָג מיר, אַלטער, באַלד אויפן אָרט, וויפל איז דאָס זעקס מאָל דרייצן? פאַר טאָקערן איז דאָס געווען אַ צו האַרבע שאלה. ער האָט נעבעך ניט געיכולט ענטפערן. האָט אַרטשיק אים אין פּנים אַריינגעזונגען אַ קל וחומר: גראָ־בע קאָפּ, דו אַ זעלכער און אַ זוינער, מה דאָך, אַז דו קענסט ניט ענטפערן אויף אַזאַ גרינגע שאלה, היינט ווי קענסטו מיט דיין נאַרישן שכל ריידן וועגן דאַווענען און גאָט?

*

מענדעלע דערציילט אויף סטאַראָבין, אַז אין שטעטל האָט מען געכאַפּט אַ שניידער ביי אַ גרויסער גניבה. ער האָט אין איין פרימאַרגן באַקומען צוויי עליות. דעם ערשטן מאָל אין דער שניידערשער שטיבל און צום צווייטן מאָל אין גרויסן בית־מדרש.

# חו / סטאריע־דאראגי

צווישן אור־אַלטע וועלדער, אין דער ווילדעניש, האָט עקזיסטירט אַ פאַרשטויסענער דאָרף מיטן נאָמען נאָוואָ־דאָראָגי. גלייך מיטן פאָרזעצן די אייזנבאַן פון אסיפאָוויטש איז אויפגעבויט געוואָרן די סטאַנציע סטאַריע־דאָראָגי און ס'איז אויפגעקומען אַ נייער ישוב צווישן אַלטע, וויסטע פאַרלאָזענע וועגן.

די מינסקער יידן פאליאק—ווייסברעם האָבן אויפגעשטעלט אַ פאַבריק פאַר פאַניר־אויסאַרבעטונגען און זעג־מאַשינען. אַ ניי רווישנד לעבן האָט זיך דערפילט אין דעם נייעם ישוב. פון ביידע זייטן פון אייזנבאַן איז אויסגעוואָקסן אַ בליענד־לעבהאַפטער ישוב פון 200 יידישע משפחות. ס'זענען געקומען יידן, געבויט הייזער, געעפנט קראָמען, אכסניות. אַזוי איז אויפגעשטעלט געוואָרן אַ קליינע קהילה פון חסידים און מתנגדים, מיט צוויי שולן — אַ חסידישע און אַ מתנגדישע. ר' הערצל האָרקער, פלעגט זאָגן „כל־נדרי" און דאַווענען מעריב ביי די מתנגדים און מוסף אין דער חסידישער שול. אין שטעטל איז געווען אַ רב און אַ שוחט. ס'איז כדאי צו באמערקן, דאָס דער רב האָט געהאַנדלט מיט קוילן און האָלץ. טראָץ דעם וואָס דער רב, ר' חיים פייסאַכאָוויטש, איז געווען באַקאַנט אַלס פיינער דרשן, פלעגן לצים אין שטעטל זאָגן, אַז ווען ער קען נישט דערוואַרעמען דעם עולם מיט זיינע דרשות, טוט ער דאָס מיט זיין האָלץ און קוילן.

שפּעטער איז ער געקומען קיין ירושלים און דאָרטן געשטאָרבן. (זיינע אַ דרשה, איז געדרוקט אין סעגאַלאָוויטשעס „מאסיף דרושי", חלק א', ז' 98, ווילנא תרע"ב).

אַ מענגע פון בעלי־עגלות פלעגט זיך ציען אויפן שאָסיי פון סטאַריע־דאָראָגי קיין סלוצק און צוריק, פירנדיק אָנגעלאָדענע וועגענער מיט סחורות און פאַרשיידענע פּראָדוקטן. אויף דעם שאָסיי פלעגט ציען יעדנס אויפמערקזאַמקייט דער דיליזשאַנס, שפּעטער — דער צוויי־שטאָקיקער פּאַסאַזשיר־אויטאָמאָביל אויף זיין מאַרשרוט סטאַריע־דאָראָגי—סלוצק. ס'האָט גערוישט און געברויזט דאָס שטעטל מיט סוחרים, אַרבעטער, קרעמער, פאַרמיטלער. האָבן זיך דאָ געפונען יידן לערנער, אינטעליגענטן ווי ר' יאשיה חיים חיניץ, ר' בער משה ווײַנשטיין, זיין איידעם יצחק קאָפּילעוויטש, פריד, רעזניק און נאָך גוטע ציוניסטן און העברייער. אַלס וואַלד־הענדלער זענען געווען באַוווסט פריד־ראַבקין, הערצל גאַראַציקאָוו. סטאַריע־דאָראָגי האָט פאַרמאָגט 3 האָטעלן: ראַבינאָוויצעס, „בערעזינא" און ראַבקינס האָטעל. פון די קראָמען האָבן זיך אויסגעטיילט אַממייסטנס: לעווינס הורט־געשעפט (שרה קאזאקעוויצעס מאַן), ליפּע וועצערעבינס קראָם און נעקריצעס גרויסער האָבער־געשעפט. אַ חשובן אָרט האָבן פאַרנומען אין שטעטל: סענדער רעזניק, קאָפּל שימחאָוויץ, איצעלע רעזניק, זייער אָנגעזען איז געווען דובראווסקי, אַ ייד, אַ חשובער מיט אַ גרויסן פאַרנעם.

די שטעטלדיקע יידן פלעגן אבאנירן העברעאיש־יידיש־רוסישע צייטונגען, וועלכע זענען אָנגעקומען דורך פּאָסט.

דער העברעאישער לערער מ. האזאנאוויטש האָט צום ערשטן געלערנט העברעאיש די קינדער פון דעם כלל־טוער לייב בערגער אין סטאַריע־דאָראָגי און פון דאָרטן איז ער אַריבער קיין סלוצק און איז געוואָרן איינער פון די גרינדער פון העברעאישן „חדר מתוקן". חורגין איז געווען איינער פון די ערשטע העברעאישע לערער אין שטעטל און אויך בוכהאַלטער פון דער ליי־און שפּאָר־קאַסע. סטאַריע־דאָראָגי האָט זוכה געווען און חיים ראבינאוויץ האָט געעפנט אַ העברעאישן חדר מתוקן, וועלכער איז באַליבט געוואָרן אין שטעטל. חיים ראבינאָוויץ האָט זיך באַטייליקט אין באַוווסטן קינדער־זשורנאַל „הפרחים" און אין אַנדערע אויסגאַבן. געקומען איז ער אין ישראל אין 1925, געאַרבעט אין אַ פאָלקס־שולע אין רמת־גן און געשטאָרבן אין 1931. זיין געבענטשטע אַרבעט האָט פאָרגעזעצט דער לערער מאַראָן.

אַנדערש איז געווען דאָס שטעטל פון אַלע אַרומיקע שטעטלעך, מיט דער אינטעליגענץ פון אירע איינוווינער, מיט זייער באַציונג און רעאַגירן אויף אַלערליי דערשיינונגען אין לעבן. איז אַראָפּגעקומען אַ גאַסט אין שטעטל האָט ער ווילנדיק־ניט־ווילנדיק געמוזט אויסדרוקן זיין באַגייסטערונג פון דעם קליינעם געבענטשטן לעבעדיקן אינדזל. ס'האָבן געלעבט יידן אין אַלטע וועגן — „סטאַריע־דאָראָגי" מיט אַ נייעם אינהאַלט פון אַ פריילעכן לוסטיקן לעבן. ס'זענען אָנגעקומען נייע צייטן מיט נייע פּזמונות, פאַרשוווּנדן זענען געוואָרן די פריילעכע ניגונים, פאַריתומט איז געבליבן דאָס שטעטל. דער ציוניזם איז פאַרבאָטן געוואָרן, דער חדר־מתוקן פאַרחתמעט. אַ פּחד איז אָנגעפאַלן אויף יעדן איינעם.

מיט דער נאַצישער מאַכט איז געקומען דער סוף, אַלעס איז אונטערגעגאַנגען און פאַרניכטעט געוואָרן דורך דער נאַבישער חיה. די אַלטע וועגן זענען פאַרוויסט געוואָרן — אויס „סטאַריע־דאָראָגי" און ווידער „תוהו־ובוהו" און וויסטענישן אויף יעדן טריט און שריט.

# פּאַהאָסט

פּאַהאָסט נעבן דעם טייך סלוטש, ווערט דערמאָנט אין דער געשיכטע פון XV יאָר־הונדערט; 500 תושבים.

אַ פּראַוואָסלאַווישער קלויסטער, 1 שול, 2 ירידים.

(לויט ברוקהאוז־עפראָנס ענציקלאָפּעדיע)

## חיים קונצער / פּאַהאָסט

איך בין אַ פּאַהאָסטער, געבוירן אין 1916. געלערנט אין אַ חדר — און אין אַ ראַטן־שול פון 1920—21. דער פּאָטער מיינער צבי איז געווען אַ שוסטער, אַ האָראָפּאַשנער ערלעכער ייד.

אין אונדזער שטעטל זענען געווען אַרום 200 יידישע פאַמיליעס און קריסטלעכע בערך 60—50 משפּחות. די מערסטע צאָל איינוואוינער איז באַשטאַנען פון בעלי־מלאכות און ערד־אַרבעטער. בעלי־עגלות פלעגן פאָרן פון פּאַהאָסט קיין סלוצק, סטאַראָבין, וויזנע, טימקאָוויטש, אורעטשע, געפירט פּאַסאַזשירן און פאַרשיידענע סחורות. ס'זענען געווען אויך קליינע הענדלערס, קרעמערס און קאַראַבעלניקעס.

צוויי מאָל אַ יאָר פלעגן פאָרקומען ירידים אין פּאַהאָסט, גרויסע מערק אין די זונטיקדיקע טעג. ביי דעם טייך סלוטש, וועלכער האָט דורכגעפלאָסן ביים שטעטל, פלעגן פון צייט צו צייט דורכשווימען פליטן.

2 שולן זענען געווען אין שטעטל — אַ בית מדרש און אַ קאַלטע שול, פריער איין שוחט און דערנאָך צוויי, יעקב לייזער דער שוחט און ר' אַלטער מאַרשאַק, 1 רב. דער שמש אַרקע אַראַנאָוויטש איז אויסער שמש, געווען אויך דער קברות־מאַן. דאָס שטעטל האָט פאַרמאָגט אַ קריסטלעכן פעלדשער מיטן נאָמען ראַקאָווען, 2 אַפּטייקן, איינעמס נאָמען געדענק איך, טשיפּטשין.

ביז 1920 האָבן נאָך עקזיסטירט חדרים אין פּאַהאָסט. רע־גירונגס־שולעס זענען געווען צוויי רוסישע, איינע ביז 4 קלאַסן און אַ צווייטע ביז 7.

אין דער יידישער שולע (פון 4 קלאַסן) האָט מען געלערנט אַלץ אויף יידיש און רוסיש, ווייסרוסיש אַלס געגנשטאַנדן. אין 1928—1927 האָט מען פאַרמאַכט די חדרים, אַרעסטירט די מלמדים און דערנאָך באַפרייט די מלמדים, איטשע בעל הטורים און הלל דעם מלמד. אויף די יידישע קראָמען פלעגן אַרויפ־געלייגט ווערן גרויסע אָפּצאָלונגען, כדי זיי זאָלן זיך פאַרמאַכן. ביי די פּריצים האָט מען צוגענומען זייער פאַרמעגן און די ערד צוטיילט צווישן אָרעמע פּויערים — באַטראַקעס.

אין 1932 האָט מען פאַרמאַכט די בתי מדרשים און להבדיל דעם קלויסטער. די שולן האָט מען פונאַנדערגענומען און אויף אַ צווייטן פּלאַץ געמאַכט פון דעם אַ טעאַטער און אַ פּלאַץ פאַר די מאַשינעס פון די פייער־לעשער. פון קלויסטער געמאַכט אַ שפּייכלער פון תבואה.

אין די שטעט און שטעטלעך האָבן זיך אָרגאַניזירט קאָל־כאָזן, קאָאָפּעראַטיווע אונטערנעמונגען כדי צו אונטערברענגען די קרעמער און פּריוואַט האַנדל. פיל פון זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן אין פאַרשיידענע ערטער. זענען אויפגעקומען אַרטעלן ווי שוסטערשע, שניידערשע, שמידישע, און פון בעלי־עגלות. די יוגנט האָט געשטרעבט, סיי יידן און קריסטן פאַרלאָזן די שטעטלעך און לאָזן זיך אין שטאָט. די געבילדעטע האָבן זיך איינגעאָרדנט יעדערער אין זיין פאַך און די פּאַכלאָזע האָבן געזוכט סתם אַרבעט. יידישע יוגנט האָט געשטודירט אַלס טעכניקער, אינזשינירן, דאָקטוירים און אַנדערע האָבן געלערנט אין די מינסקער אנשטאַלטן פרעמדע שפּראַכן ווי ענגליש, פראַנצויזיש, דייטש.

איך האָב אויך געאַרבעט אין מינסק. אין 1941 בין איך געקומען קיין פּאַהאָסט אויף אַ באַזוך. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט אויסגעבראָכן די מלחמה. דער דייטש האָט זיך גערוקט קיין ווייסרוסלאַנד, באָמבאַרדירט אַלע לופט־סטאַנציעס ווי אין מינסק, סלוצק. איך בין אַוועק צופוס קיין סלוצק און פון דאָרטן אַלס מאָביליזירטער אָפּגעשיקט געוואָרן קיין מינסק. 50 אַעראָפּלאַנען האָבן באָמבאַרדירט די שטאָט, וועלכע האָט געברענט. זייער פיל האָב איך איבערגעלעבט אין פאַרשיידענע פלעצער און צאָל קאַמפן אַלס רויט־אַרמייער און דאָך לעבן געבליבן. אין יוני 1946 בין איך געשיקט געוואָרן אין אַ קאָ־מאַנדיראָווקע פון האָמעל קיין מינסק. די שטאָט איז געווען אַ חרובע. מיטן באַן בין איך אָנגעקומען קיין סלוצק אינדער־פרי. אויף זאַרעצע גאַס איז אַלץ געווען פאַרברענט, נאָר די באָד איז געווען גאַנץ. די גאַסן חרוב, קופּעס ציגל, בערגלעך אַש, עס איז געווען ניט צו דערקענען דעם אַמאָליקן מאַרק. איך האָב געוואָלט פאַרקויפן אייניקע זאַכן מיינע, האָב איך זיך אָנגעטראָפן מיט אַ פּאָר יידן. זיי האָבן מיר דערציילט אַז זיי האָבן זיך אומגעקערט פון טיף רוסלאַנד, נאָך אַ פּאָר זענען לעבן געבליבן אַלס פּאַרטיזאַנער. מיט טרערן אין די אויגן זיך געשטיקט און געזאָגט: חורבן, חורבן, אַלעס פאַרלאָרן, ווו זענען אונדזערע טייערע? איך האָב באַמערקט טישלעך.



ערשטע שורה אונטן — פון רעכטס צו לינקס זיצן: דער פאָטער צבי דוד קונצער, דער זון חיים, די מוטער ריווע.
צווייטע שורה פון אויבן — פון רעכטס צו לינקס: שטייען די קינדער: לייבל, עטל, מיכל און שרה.

ביידלעך, אַ פּאָר קרעמלעך יידישע, מיט האַלב ליידיקע פּאָליצעס, אויך אַ שטיקל רעסטאָראַן. זיי האָבן מיך געפרעגט: האָט איר כאָטש עמעצן געפונען אַ לעבעדיקן פון אייער משפחה? אַ שריד ופליט? די שטאָט איז דאָך ממש אַ גרויסער יידישער בית־עולם. איך האָב אין שטאָט געטראָפן נחום קאפּל — דעם פאַרבערס טאָכטער — קיילע (אונדזער שכן אין פּאַהאָסט). האָט זי מיר דערציילט, אַז איר גאַנצע פאַמיליע האָט מען אויסגעהרגעט און לויט איר קריסטלעכן אויסזעען מיט דער הילף פון אַרישע פּאַפּירן, איז זי אַריבער צו קריסטן. 12 יאָר איז זי דאַן אַלט געווען. און מיטן דייטשישן אָפּטרעט איז זי אַריבער אין אַ שטאָטישן יתומים אנשטאַלט אין סלוצק. איך בין אַרומגעגאַנגען ווי אַ צעמישטער איבער די סלוצקער חרובע גאַסן. דאָס איז סלוצק? טויט און וויסטעניש אויף יעדן טריט און שריט. מיט אַ לאַסט־אויטאָמאָביל האָב איך זיך געלאָזן קיין פּאַהאָסט. דער שאָפער האָט מיך אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם: נאָך וואָס פאָר איך קיין פּאַהאָסט? אַלעמען האָט מען דאָרט אויסגעהרגעט. האָט מיך פאַרקלעמט דאָס האַרץ און מער האָב איך אים ניט געפרעגט. מיינע אויגן האָבן געקוקט פאָראויס. ווו איז פּאַהאָסט? ביים אַריינפאָר, די קריסטלעכע הייזער זענען גאַנץ געבליבן און אין צענטער פון שטעטל ליידיק, פּוסט ממש מדבר. האָט מיר אַ טיאַכקע געטאָן אין האַרצן און מיר איז פינצטער געוואָרן אין די אויגן, ס'האָבן זיך אָנגעזען נאָר די שטיינער פון שאָסיי. איך בין אַריין צו אונדזער קריסטלעכן שכן ראמאן, אַ יידן־פריינט, אַן אַלטער גוט־האַרציקער קריסט. האָט ער זיך איבערגעצלמט און געזאָגט: די ניט גוטע האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אַהער, מערדער, געהרגעט און געראָבעט, געבראָטן און געשאָכטן, פאַר גאָט ניט מורא געהאַט. די הינטישע זין האָבן אויסגעהרגעט נאָר יידן. אַברעמטשע ריינגאָלד פון פיווישע מיט זיינע 2 זין זענען לעבן געבליבן, ווייל זיי זענען אַריבער צו די פּאַרטיזאַנער, אָבער זיין פרוי מיט די טעכטער זענען אומגעקומען, זיין מעזיניק האָבן די מערדער אויסגעשאָסן אַן אויג איז ער געבליבן מיט איין אויג. אין שטעטל האָב איך געטראָפן מיין מומעס טאָכטער שרה שפּירא און זי האָט מיר דערציילט, איר מאַן און די 9 יאָריקע טאָכטער זענען אומגעקומען, אָבער זי ווייס אַליין ניט וואָס האָט זי געטאָן. ווען מ'האָט געפירט אַ מחנה יידן צו דער שחיטה, עפּעס אויף אַ מינוט האָט זיך דער אויטאָמאָביל אָפּגעשטעלט. פון וואַנען האָבן זיך גענומען די כוחות און דער ווילן? זי איז אַרויסגעשפּרונגען פון מאַשין און אַריינגעפאַלן אין אַ גראָבן — אַ סאָרט קאַנאַווע. די דייטשן האָבן געשאָסן אויף איר און ניט געטראָפן. זיי האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט און ווען זי האָט באַגריפן, אַז זי האָט פאַרלאָזן איר מאַן און טאָכטער, האָט זי זיך אויפגעהויבן און געלאָזן זיך לויפן נאָכיאָגן דעם אויטאָמאָביל, וועלנדיק מיטטיילן דעם זעלבן גורל פון מאַן און קינד. עס איז שוין קיין זכר ניט געווען פון די געפירטע צו דער שחיטה. מיט אַ צובראָכן געמיט איז זי אַנטלאָפן צו די פּאַרטיזאַנער, געאַרבעט ביי זיי; געקאָכט, געבאַקט און אַז.וו. קומענדיק צוריק אין שטעטל, האָט זי חתונה געהאַט מיט אַלטער עפּשטיין. איך האָב געטראָפן אין שטעטל יענקל גאראַדניצקי, געבליבן לעבן אַלס פּאַרטיזאַנער, זיין זון האָט געדינט אַלס קאַפּיטאַן אין דער רויטער אַרמיי.

אויך זענען לעבן געבליבן די צוויי ברידער דאַמניטש יוסף און משה. דער ערשטער איז אַנטלאָפן מיט זיין פרוי און זיי האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין טייך און געפּרוווט איבערשווימען צו דער אַנדערער זייט. האָבן די דייטשן געשאָסן אויף זיי און ניט געטראָפן. אויף דער צווייטער זייט זענען זיי אַריין אין די וועלדלעך, זיך אויסגעבאַהאַלטן און געלאָזן זיך צו די פּאַרטיזאַנער. מעשה שטן האָט זיי פאַרהאַלטן די דייטשע פּאָליציי אין דאָרף סליוו. אין אַ שפּייכלער האָט מען זיי פאַרשפּאַרט און איינער האָט זיי געהיט. ביינאַכט האָבן זיי אויפגעהויבן אַ פּאָר ברעטער, אַרויס און וואָס זיי האָבן געהאַט געגעבן דעם שומר, אונטערגעקויפט אים און

אַנטלאָפן. שטעטלשע יידן זענען געפאַלן אַלס פּאַרטיזאַנער אין די קאַמפן מיט די דייטשן, איינער פון זיי איז יוסף זלמנס.

לויט ווי מ׳דערציילט איז אין שטעטל געווען אַ גוי, אַ רימער מיטן נאָמען בעלקא ריהאר, וועלכער האָט גערעדט אַ גוטן זאַפטיקן יידיש. ווען די דייטשן זענען אַריין אין שטעטל, האָט ער זיך פאָרגעשלאָגן אַלס איבערזעצער און זיי האָבן אים באַשטימט אַלס סאָלטעס. לויט זיין פאָרשלאַג האָט מען אויפגעקליבן די יידן אין אַ ספּעציעלן געטאָ אין די גלחישע הייזער נעבן קלויסטער, אין דער גלחישער געסל, דאָרטן האָט מען זיי פאַרשפאַרט און אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן. קיין יוגנט איז כמעט ניט געווען צווישן זיי, ווייל זיי זענען אַנטלאָפן צו די פּאַרטיזאַנער.

דער סאָלטעס האָט פאָרגעשלאָגן פאַרניכטן די יידן, כדי עס זאָל ניט אויסברעכן קיין עפּידעמיע. 80 יידן זענען אומגעקומען נעבן וואַלד נעוואלאזש און אויך 4 קריסטן און אַ קריסטלעכע פרוי — די סאַנציכע האָט זי געהייסן.

די קריסטן זענען אומגעקומען אַלס נקמה אַקט. אַזוי ווי 3 פּאַרטיזאַנער געקליידעט ווי נאַצישע אָפיצערן זענען צוגעפאָרן צום קלויסטער און צופעליק איז די סאַנציכע געשטאַנען, האָבן זיי איר געהייסן רופן דעם גלח און ווי נאָר ער האָט זיך באַוויזן, האָבן זיי אים איינגעשפּאַרט אין אַ פאַרמאַכטער טעקסע און אַוועק. דעם גלח האָט מען אין אַ וואָך אַרום געפונען אַ געהאַנגענעם אויף אַ בוים נאָך זאַלזעוויץ.

דער אורטייל איז אויסגעפירט געוואָרן דורך די פּאַרטיזאַנער, ווייל דער גלח איז געווען יד אחת מיט די דייטשן און ער האָט גערודפט, געמסרט יידן און פּאַרטיזאַנער. די דייטשן האָבן חושד געווען, אַז די סאַנציכע מיט נאָך 4 קריסטן זענען שולדיק אין גלח׳ס טויט און אַלס פועל יוצא האָבן זיי אומגעבראַכט די 4 קריסטן און דער קריסטלעכער פרוי צוזאַמען מיט די 80 יידן.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט מען אומגעבראַכט די פרויען און קינדער וועלכע זענען נאָך פאַרבליבן אין געטאָ און לויטן באַפעל פון דעם סאָלטעס, פאַררעטער בעלקא, האָט מען זיי דערשאָסן.

3 טעג האָב איך פאַרבראַכט אין פּאַהאָסט און וואָס איך האָב געהערט און געזען, האָט צעטרייסלט מיינע נערוון. ניטאָ קיין יידן, זייער האָב און גוטס איז ביי די גויים, וועלכע האָבן זיי אָפּגעירשנט און לית דין ולית דיין.

ביי איין גוי האָב איך דערקאָנט מיין טאַטנס בהמה. ביי אַ צווייטן האָב איך געפונען אונדזער שטאַל. אַזוי ווי איך בין נאָך געווען אַ סאָלדאַט און אין מיין רשות איז געווען אַ רעוואָלווער, האָב איך געדראָט אים און געוואָרנט: ער זאָל מיר באַצאָלן פאַרן שטאַל, זענען מיר דורכגעקומען, אַ טייל במזומן און אַ טייל באַצאָלן ביי מיין צוריקקומען אַלס באַפרייטער פון דער אַרמיי. די בהמה האָב איך צוגענומען ביי דעם גוי און קיינער האָט ניט געוואַגט שטעלן זיך קעגן מיר. איך האָב עס איבערגעלאָזן ביי אַ באַקאַנטן מיטן באַדינג, ער זאָל עס מיר אומקערן. אין צוויי מאָנאַטן אַרום האָב איך זיך צוריקגעקערט אין פּאַהאָסט אַלס באַפרייטער פון דער אַרמיי. אַוועקגעפירט די קו קיין ליובאַן, פאַרקויפט זי אַ יידישער פרוי. דאָרטן האָב איך געטראָפן מיין ברודערס שוואָגער יענקל קאוואלערציק און ברוכן. ליובאַן איז ניט געווען אַזוי חרוב ווי פּאַהאָסט. איך האָב נאָך געהאָלפן מיט מיין געלט אַ ליובאַנער פרוי, וועלכע האָט זיך גענויטיקט אין צוגרייטן אירע פּאַפּירן כדי אַרויסצופאָרן צו איר ברודער אין אויסלאַנד.

די פּאַהאָסטער לעבן־פאַרבליבענע יידן זענען אַריבער אין מערב ווייסרוסלאַנד פּינסק—לונינעץ צו וווינען דאָרטן.

מיר אָבער האָט זיך געוויינט ממש, איך האָב באַשלאָסן אַוועקגיין ווו די אויגן טראָגן מיך. געקומען קיין באַראַנאָוויטש. ס׳איז אַ לאַנגע געשיכטע: פון דאָרטן קיין לאָדזש, טשעכיען, עסטרייך, דייטשלאַנד, פראַנקרייך און דורכגעמאַכט פיל מיט דער שיף „יציאת אירופּה", אין קאַמף מיט די ענגלענדער, צוריק קיין פראַנקרייך און פון דאָרטן קיין דייטשלאַנד. פאַרבראַכט אַ יאָר אין לאַגערן און פאַרן אויפשטיין פון אונדזער מדינה דעם ערשטן מאי בין איך סוף כל סוף אָנגעקומען קיין ישראל. אָנגעשלאָסן זיך אין דעם באַפרייאונגס קאַמף און געדינט 7½ מאָנאַטן אַלס יידישער סאָלדאַט אין אונדזער מדינה.

דוכט זיך מיר: עס איז אַ חלום, פון דאָס קליין שטעטל פּאַהאָסט אין דער רויטער אַרמיי, חורבן און צושטערונג אין גלות. בנין, שאַפן, אַ נייַ לעבן אין אַ אייגענער זעלבסטשטענדיקער מדינה.

# מרים מהרשק / שמואל מהרשק

שמואל דב מהרשק עליו השלום, געבוירן אין פאהאסט, געלערנט זיך שחיטה, און ווען ער איז אַלט געוואָרן 16 יאָר איז זיין פאָטער געשטאָרבן און איבערגעלאָזן אַן אלמנה מיט 5 קינדער אָן שום מיטלען צום לעבן. האָבנדיק קבלה אויף שחיטה, האָט מען אים אין פאהאסט אויפגענומען אַלס שוחט, און ער האָט געשפּייזט די פאַמיליע. ער איז געווען אַ ציוניסט, און גלייך האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן פאַר ישוב ארץ־ישראל. איבערהויפּט איז ביי אים געווען טייער דער קרן קיימת, און ער האָט אַגיטירט אין שול, אַז יעדער איינער וואָס שיקט אַ בריוו זאָל אָנקלעפּן אַ קאָפּיקענע מאַרקע פון קרן קיימת. ניט אַלע האָבן מסכים געווען, דער בריוו זאָל קאָסטן נאָך אַ קאָפּיקע. ער איז אָוועק צום „פּאָטשטאַלאָן", וואָס האָט געפירט די בריוו פון פאהאסט קיין סלוצק, און האָט אים געבעטן, אַז אַ בריוו אָן אַ מאַרקע פון קרן קיימת זאָל ער אָפּשיקן צוריק און אָנשרייבן אַז עס פעדערט זיך אַ קרן קיימת מאַרקע. אַזוי האָט ער איינגעפירט, דאָס אַלע האָבן געמוזט שיקן זייערע בריוו מיט קרן־קיימת־מאַרקעס. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעטעדט מיטן בעל קריאה (יענער איז אויך געווען אַ ציוניסט), און זיי האָבן אָפּגעמאַכט, אַז מען רופט איינעם אויף צו דער תורה דאַרף ער מנדר זיין פאַרן קרן קיימת. ווען איינער האָט ניט געוואָלט מנדר זיין פאַרן קרן קיימת, האָט מען אים מער קיין עליה ניט געגעבן. ביסלעכווייז האָט ער אַזוי געמאַכט כמעט אַלע פאהאסטער יידן פאַר ציוניסטן.

אין יאָר 1912 האָט סלוצקער קהילה געזוכט אַ שוחט, איז מיין מאַן געפאָרן אָננעמען די שטעלע. דעם עקזאַמען האָט ער זייער גוט אויסגעהאַלטן, אָבער דער רב ר׳ איסר זלמן מעלצער ז״ל, איז געווען קעגן. „איר זייט טאַקע אַלעמען געפעלן, אייער שחיטה איז גוט, אָבער אָננעמען אייך אַלס אַ שוחט קענען מיר ניט". פרעגט ער: פאַר וואָס? זאָגט דער רב: „ווייל מען רעדט אויף אייך אַז איר זייט אַ ציוניסט". — „יע רבי, איך לייקן ניט, איך בין אַ ציוניסט". זאָגט דער רב: „טאָ ווערט אויס ציוניסט און איר קריגט גלייך די שטעלע". זאָגט ער: גיכער וועט איר ווערן אַ ציוניסט איידער איך וועל ווערן אויס ציוניסט. אָבער די שטעלע האָט ער פאַרט געקראָגן און מיר זענען אַרויסגעפאָרן קיין סלוצק.

„גלייך ווי ער איז געקומען קיין סלוצק, האָט ער ווייטער אָנגעהויבן טאָן פאַרן ציוניזם. דאָ האָט ער שוין געהאַט אַ ברייט פעלד פאַר זיין טעטיקייט, ער האָט באַזוכט חדרים און געפאָדערט, מ׳זאָל לערנען עברית מיט די קינדער. צוזאַמען מיט לייבוש גוטצייט האָבן זיי אַראָפּגעבראַכט פון ווילנע אַ גננת און געעפנט אַ קינדער־גאָרטן אויף עברית. אויך האָבן זיי געגרינדעט אַן אגודה פון אַלגעמיינע ציוניסטן. נאַטירלעך האָט ער איינגעפלאַנצט דעם ציוניסטישן אידעאַל אין די הערצער פון זיינע אייגענע קינדער. אַזוי איז אָנגעגאַנגען ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין 1914 האָט אויסגעפעלט שפּייז און קליידער ביי אַ געוויסן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. מיט דער קהילה טעטיקייט האָבן אָנגעפירט שמואל מהרשק, לייבוש גוטצייט און דאָקטאָר שילדקרויט. אַמעריקע האָט געשיקט פלייש, ווייצענע מעל, רייז, בוימל, נאָך פּראָדוקטן און אַלטע קליידער. דער קאָמיטעט פלעגט זיצן 4 שעה אַ טאָג און טיילן הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע. אויך איז געגרינדעט געוואָרן אַ „גמילות חסד" קאַסע.

ווען די באָלשעוויקעס זענען אַריין אין סלוצק, זענען אַרעסטירט געוואָרן אונדזערע קינדער, פריער אַ זון און נאָכדעם אַ טאָכטער. ווען די שחיטה איז פאַרבאָטן געוואָרן האָבן מיר געמאָלדן וועגן דעם מיין שוועסטער און זי האָט אונדז אַריבערגענומען קיין אַמעריקע. מיין מאַן האָט געקראָגן אַ שטעלע אַלס שוחט אין ראָצעסטער. דאָרטן האָט ער גלייך אָנגעפאַנגען זוכן אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. אויך פאַר מיר האָט ער אויסגעפונען אַ מזרחי פרויען־אָרגאַניזאַציע. צו די אַלגעמיינע ציוניסטן און צו פועלי ציון האָט ער ניט געקענט צופּאַסן זיך, איז ער צוגעשטאַנען צו אַ מזרחי פאַראיין.

אויסער זיין טעטיקייט פאַרן קרן קיימת האָט ער געווידמעט פיל צייט דער תלמוד תורה מיטן ציל צו פאַרשטאַרקן דעם יידישן חינוך לויט עברית בעברית און דעם גייסט פון ציוניזם.

# קאַפּוליע

קאַפּוליע — אַ שטעטל נעבן טייך קאַמענקאַ. דער אָרט איז געווען באַזעצט נאָך מיט הונדערטער יאָרן צוריק.

דאָ זענען געפונען געוואָרן כלים געמאַכט פון שטיין און ביינער. אין 14־טן יאָר־הונדערט, איז קאַפּוליע געווען אַ שטאָט.

צוזאַמען מיט סלוצק האָט קאַפּוליע געשאַפן אַ ספּעציעלע פירשטנטום אין דער עפּאָכע פון דער ליטווישער הערשאַפט. אין אָנפאַנג פון 17־טן יאָרהונדערט איז זי אַריבער צום פירשט ראַדזיוויל.

338 איינוווינער, 41 הייפן, אַ קריסטליכע קירכע, אַ קאַטוילישע קירכע, אַ רעפאָר־מירטע קירכע, 2 יידישע געבעט־הייזער, אַ פאָלקס שולע און 2 בתי־מדרשים. אַ ביר־פאַבריק, 2 וואַסער מילן, 6 קראָמען.

(לויט ברוקהאוז־עפראָנס ענציקלאָפּעדיע)

אַ ישוב פון אַ שטאָטישן טיפּ שטעלט מיט זיך פאָר דער צענטער פון קאַפּוליער סביבה.

12 קילאָמעטער פון דער אייזנבאַן סטאַנציע טימקאָוויטש (אין דער נעץ אָסיפּאָוויטש—באַראַנאָוויטש), 186 ק״מ פון באָברויסק.

אין קאַפּוליע עקזיסטירט אַ פאַבריק צו פּראָדוצירן פּוטער און קעז. 2 מיטל שולן (אַ רוסישע און אַ ווייסרוסישע), אַ ביבליאָטעק, סינעמאַס.

דער אַרומיקער באָדן איז פאַרזייט מיט פאַרשיידענע זרעים: אַלערליי גרינסן און קאַרטאָפל, פּי־צוקער און עופות, סאָווכאָזן, 3 סטאַנציעס פאַר מאַשינען און טראַקטאָרס, ברען־קויל פאַבריקן, אַ ציגל־פאַבריק, 7 עלעקטרישע סטאַנציעס.

(לויט דער סאָוועטישער ענציקלאָפּעדיע)

## מענדעלע מוכר ספרים / פרנסות אין קאַפּוליע

(פראַגמענטן פון שלמה ר' חיים'ס)

איינע פון די הויפּט פרנסות, וואָס דערמיט האָט דאָס שטעטל קאַפּוליע אויסגעצייכנט זיך פון אַלע אַנדערע שטעט־לעך אין ליטע, איז געווען „אַסטראַחאַנקע" און באַזונדערס דער „שלייער־אַרטיקל". „אַסטראַחאַנקע" — דאָס איז געווען אַזאַ סאָרט לייוונט, געפאַרבט טונקל גרין, און צונויפגעלייגט אין שטיקלעך פון אַ געוויסער צאָל אַרשין, וואָס פלעגט דינען מייסטנס אויף אונטערשלאַק און אויך אויף קאַפּטנס פאַר אָרעמעלייט. פאַר וואָס די לייוונט האָט געטראָגן אויף זיך דעם נאָמען „אַסטראַחאַנקע", דאָס איז אין דער געשיכטע פון'ם שטעטל עד היום נאָך ניט דערקלערט געוואָרן. שלייער האָט געהייסן זייער אַ דין, געבלייכט שטיקל לייוונט, לאַנג און שמאָל ווי אַ האַנטעך, אויך די שטעטלדיקע וועבערס מלאכה. מיט דעם מין האַנטעך פלעגן ווייבער אַרומוויקלען דעם קאָפּ איבער דער קאָפּקע, אויסקנייטשנדיק עס אַזוי, אַז הינטן אויף דער פּאָטיליצע לאָז אַראָפּהענגען צוויי עקן, און דער גרויס אין דעם געשטאַלט פון מלינצעס און זיי ביי די זייטן צוויי קלענערע, מיט דעם נאָמען „פּאַכעס". דעם פאַרשלייערטן קאָפּ האָט ווי אַ רייף אַרומגענומען אַ צונויפגעלייגטע פאַטשיילע, פאַרדרייט מיט אַ קנופּ אויפן שטערן, און די עקן פאַטשיילע פאַרשטעקט, אָדער צוגעשפּילעט, איין עק פון דער זייט קאָפּ, יענער פון דער אַנדערער זייט. ביי אַלטע כשר'ע ווייבער איז האָבן ווייבער פון בעל־הבתיש'ן שטאַנד געטראָגן אויפן קאָפּ דער קנופּ אויסגעקומען סאַמע פאַרנט, ווי אַ „של־ראש" אויפן שטערן. ביי יונגע ווייבלעך, מאַדניצעס, איז דער קנופּ פאַררוקט געווען אַ ביסל איר דער זייט. שבת און יום־טוב



זיידענע, קאַשמירענע אָדער טערקישע פאַטשיילעס, אין דער וואָכן וואָלענע מיט גרויסע קווייטן — עפּל פאַטשיילעס. די דאָזיקע ביידע מיני פאַטשיילעס האָבן מחותנים פון חתנ׳ס צד באַדאַרפט שיקן פאַר דער חתונה אַ מתנה דער כלה און מחותנים פון כלה׳ס צד האָבן געשיקט דעם חתן אַ שטריימל.

אָט אַזוי האָבן אונדזערע באָבעס אַ פּנים געהאַט אין שלייער! דער שלייער האָט באַדאַרפט זיין ווייס ווי שניי, אָנגעקראָכמאַליעט, אָנגעבלאָווט און אויסגעקויקלט. די דאָזיקע מלאכה פון קויקלען־גלעטן אַ שלייער, איז געטאָן געוואָרן פון צוויי ווייבער, בעל הביתטעס, בשותפות, אַזוי: איינע האַלט מיט ביידע הענט ביי די שפּיץ־עקן שלייער פון איין זייט, די צווייטע טוט דאָס אייגענע יענער אַ קעגן פון דער אַנדערער זייט. אויף אַזאַ אופן בלייבט דער שלייער צווישן די ווייבער אויסגעצויגן ווי אַ לאַנגע, שמאָלע רינווע, אין וועלכער עס געפינט זיך אַ גרויסע, קיילעכדיקע, גלאַטע קויל פון גלאָז אָדער פון אייזן. גיט אַ הויב אַ יידענע די הענט אַ ביסל העכער, לויפט די קויל אין דעם שלייער פון איר זייט צו יענער וואָס אַקעגן. טוט באַלד אַזאַ הויב מיט די הענטלעך יענע, קויקלט זיך די קויל אין שלייער צוריק צו דער ערשטער. אָט אַזוי לויפט דיקויל הין־און־צוריק ביז דער שלייער ווערט גלאַט ווי אַ טאָק. אָנצוקוקן בשעת מעשה די ווייבער, ווי אַזוי ערנסט זיי שטייען זיך ווייטלעך איינע אַקעגן דער אַנדערער, ווי אַזוי זיי הייבן די הענטלעך מיט אַ טרייסל די אַקסלעך, אויספּוצנדיק די בייכלעך, פאַרלייגנדיק אין דער זייט די קעפּלעך; ווי אַזוי זיי קרימען זיך, פאַרדרייענדיק די נעזלעך, וואַרפנדיק מיט די אויגלעך און שיקן איבער פונדערווייטנס איינע דער אַנדערער זיסע־גיפטיקע שמייכעלעך, גוטע ריידעלעך מיט שטעכיקע שפּילקעלעך — אָט דאָס אָנצוקוקן האָט מען, דאַכט זיך, שוין ניט באַדאַרפט מער קיין שענערס דערפון אין דער וועלט. אַ כפּרה טעאַטער, אונדזערע היינטיקע טעאַטערס.

אָט די דאָזיקע שלייער פלעגן, ווי אַ „סטראַחאַנקע", אויסאַרבעטן גויישע ווייבער אין דעם שטעטל, איטלעכער אויף זיין וואַרשטאַט ביי זיך אין דער היים, און יידן זענען געווען די אָפּנעמער פון דער סחורה, פאַר וועלכע מען האָט געצאָלט במזומנים, אויך מיט טאַלקעס פאָדעם. יעדער האָט שוין געהאַט זיינע געוויסע ווייבער, מיט וועלכע ער האָט געהאַנדלט. געוויינטלעך האָבן דערמיט געהאַנדלט בעלי־הביתלעך, נאָך קעסט־קינדער, אָדער ערשט אַראָפּ פון קעסט, ביי וועלכע עס האָט זיך נאָך געפונען פון׳ם נדן אַ מזומן גראָשן. ר׳ חיים׳ס אויסגעגעבענע קינדער האָבן אויך דערמיט געהאַנדלט און געצויגן די פּרנסה. די דאָזיקע סחורה פלעגט דערנאָך דורך גרויסע סוחרים אויפקויפער צופירט ווערן אין אַלע ליטווישע שטעט, ווו עס האָט געהאַט אַ גרויסן אָפּגאַנג.

קאַפּולער שלייער האָבן זיך גערימט אין דער וועלט. ס׳איז געווען פּרנסה אין דעם שטעטל, אַ סך יידן האָבן דערפון געלעבט. — —

און פלוצלינג נאַט אייך אַ גזירה. ס׳איז אַרויס די גזירה פון די קליידער — ווייבער זאָלן ניט טאָרן גאָלן די קעפּ, יידן זאָלן זיך אָנטאָן דייטש! — — — אויס שלייער, אויס האַנדל, אויס פּרנסה! דאָס שטעטל קאַפּוליע איז ווי דערהרגעט, איטלעכער דערפילט דעם קלאַפּ. עס דערפילן אויך די וועבער, די שפּינער, די קליינע און גרויסע אויפקויפער. עס דערפילן אויך די שענקערס, וואָרום אַז דער וועבער האָט ניט אויף ברויט, האָט ער ניט אויף טרינקען. און אַז די אַלע יידן מאַנגל, ליידן עס, פאַרשטייט זיך, אויך די קרעמער, די בעלי־מלאכות, דער גאַנצער קליינער עולם. — — — נאָר אַז ס׳איז באַשערט אומגליק, גייט עס פון אַלע זייטן. פּלוצלים אין אַ שיינעם טאָג, זומער, די רעכטע צייט פון שריפות אין יידישע שטעטלעך, איז געקומען אַ שריפה, אַ העליש פייער אויפן שטעטל קאַפּוליע. מער ווי אַ העלפט הייזער זענען אַוועק מיטן פייער, צווישן זיי אויך דאָס הויז פון פּראַדלס עלטערן, ס׳איז געוואָרן אַ תל פון די הייזער, אויף בערגלעך אַש האָבן אומעטום אַרויסגעשטערקט נאַקעטע, פאַרויכערטע קוימענס, ווי אויף אַ בית־עולם די מצבות. מענטשן הונגעריקע, אָפּגעריסענע, דאַרע, בלייכע, עפּעס גאָר לעבעדיקע מתים, האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן. אַ טייל האָבן זיך געבאַברעט, געגנישטערט אין די הויפנס מיסט פון זייערע אָפּגעברענטע הייזער, געזוכט, ווי מען זאָגט, פון אַ גע׳פּגר׳ט פערד די פּאָדקאָוועס, כאָטש וואָס עס איז, אַ זכר פון זייער גוטס. און די שמחה פון איינעם אויף אַזאַ מציאה מ׳שטיינס געזאָגט, אַז ער האָט געפונען ערגעץ אונטער דעם אַש אַ טשוואָק, אַ טאָפּ, עטלעכע געבראָטענע קאַרטאָפל.

## קאַפּוליער מאַרק

— — דאָס שטעטל קאַפּוליע, ווי איטלעכן איז באַקאַנט, ליגט העט אין אַ אָפּגעלעגענעם ווינקל. ווייט פון טראַקט, מען זעט ניט קיין פּאָטשט, מען הערט ניט קיין גלעקל, סיידן אַמאָל גלינג־גלאַנג פון׳ם אַסעסאָרס אָנפּאָרנדיקע בריטשקע מיט אַ גלאָק. בכלל איז עס ניט קיין נאַריש שטעטל, אַ שטילס, אַ רואיקס, אַ „געזעצטס" — זיצט על התורה ועל העבודה! על התורה — אין קלויז, אין בית המדרש, פאַרברענגנדיק דאָרט די צייט גאַנץ געמיטלעך אין לערנען, אין שמועסן, פיל בעסער אפשר ווי אַנדערע אין די קלובן, להבדיל. ועל העבודה מיינט מען שענקלעך, קרעמלעך, קלייטלעך — געשעפטן הייסט עס. נישט פליען, קערן וועלטן, הו־האַ, טראַסקן מיט דער בייטש אין די ווייטע מקומות: מאָסקווע, לייפּציג, קראָקע, לעמבערג, חלילה! נאָר שענקלעך, קלייטלעך פאַר אייגענע, פאַר בעלי־בתים שטעטלדיקע, אָדער פאַר בעלי־גופן, פּויערים פון די אַרומעדיקע דערפער, וואָס קומען געוויינטלעך זונטיק צופאָרן אויף אָקסן אין שטעטל מיט זעקלעך קאַרטאָפל, בוריקעס, הייפּטלעך קרויט, אויך מיט אַ געפּענטעטן האָן, שוין אַ אויסגערויכערטער, אַלטער תרח. הערבסט־צייט, אַרום חנוכה אַ שטייגער, ברענגען זיי צופירן גענדז. שעפּסענע פעלכלעך, אויסגעאַרבעטע שמייסלעך וכדומה. טוען אַ טרונק בראָנפן אין די שענקן, מאַכן איינמאָל אַ כוסה, עטלעכע מאָל אַ כוסה, פערבייסן מיט אַלטגעבאַקענע בייגל און לאָזן זיך אויפגערוימט, אַביסל פאַרכוסה׳ט, צווישן די קראָמען, איינצוקויפן דאָרט, דער זאַלץ, יענער סמאָלע, שוועבעלעך, טיטון־

מאַכאָרקע; איינער אַ רויטע פּאַטשיילכל מיט גרויסע קווייטן פֿאַר זיין ווייב, און דער אַנדערער אַ פּאָמסענע סטענגע, איינצופלעכטן אין צאָפּ, פֿאַר זיין טעכטערל — קורץ און גוט, אַ שטעטל, הייסט עס, וואָס פֿירט אַ אינוועניקסטן האַנדל, אַליין מיט זיך, צווישן זיך, שטיל, פּאַמעליכן, גלאַט אַזוי זיך, אַז קיין האָן זאָל ניט קרייען!.. אויסגענומען נאָר, עס פֿאַרשטייט זיך, די עטלעכע זומערדיקע ירידלעך, וואָס דער האַנדל אין זיי איז שוין אַביסל ברייטלעך רעש׳דיקער.

דענטסמאָל טוען זיך אַ ווייז עפּעס נייע מיני פּנימער. יאָלדן קליינשטעטלדיקע, אין דער זייט קאָפּ און אַ הינטן פֿאַריקטע היטלען, קאַרטוזן, קאַטערוכעס פֿון משונה ווילדע פֿאַסאָנען. עס לאָזן זיך זען הענט, טאַפּנדיק דאָס־יענץ אין די פֿורלעך, אויגעלעך קליגעטשקע און נעזער פֿאַרדרייענדיקע, דאָס־יענץ כלומרשט צונישט מאַכנדיקע; אויך טשופּרינעס, קוטשמעס נייע. סקריפּענדיקע לאַפּטשעס, שמעקנדיקע, געדיכט־אָנגעשמירטע טשאָבעטעס פֿון דאָרפֿס פּויערים מיט ווייבערס מכוערסן, מיט שנירלעך פּאַטשערקעס בעהאַנגענע נאַקעטע העלדזער און גראָב לייוונטענע, אויסגענייטע העמדער, זיצנדיק דאָס רוב, נישט צורירן זיך פֿון אָרט, צווישן קרענצלעך ציבעלעס, קערבלעך אייער און אַ יונג געבוירן אויף אַלע פֿיר געבונדן, נאָך דער ברוסט לעכצנד, שטאַרק פֿאַרשמאַכט קעלבל, אין אַ פֿול געפּאַקטן וואָגן, צו וועלכן עס שטייט צוגעבונדן פֿאַר די הערנער אַ פּעריסטע קו, די געווינערן נעבעך, וואָס איז אַרויסגעפֿירט צום פֿאַרקויפֿן: זי — אויף צומעלקן זיך ערגעץ און דאָס קינד אירס — אויף דער שחיטה נעבעך. פֿון אונטערן באַרג טוען ראַפּטאָם אַ לויף, אַ יאָג אַרויף, פֿאַררייסנדיק די ווײדלען, בריקענדיק מיט די הינטערשטע פֿיס און אונטערהויבנדיק דעם הינטן, אַ „טאַבון“ פֿערד מיט אַ געשריי, אַ געפֿילדער, אַ קנאַלן מיט בייטשן פֿון שקצים, שמייסערס ביי די זייטן, און שטעלן זיך אויס אויפֿן פֿערדמאַרק. עס טוט זיך, עסווימלט אַרום זיי. ליוועראַנטן, מבינים אַזוינע, קוקן די פֿערד אין די ציין, שאַצן, דינגען זיך, האַמפּערן זיך, פּאַטשנדיק דעם — יענעם פֿערד איבערן הינטן. — דאָרט דרייט זיך אַרום, שטאַרק פֿאַרפֿלאַמט, פֿאַרטראָגן גרישקא דער ציגיינער מיט זיין פֿערד, אַ הויכגעוויקסיקס מיט אַ פֿעט־קיילעכדיק בייכל, אַ ברוינגלאַנצענדיקע פֿעל און פֿייער ברענענדיקע אויגן.

לייזער־בער, דער שטאָט־וואַסער־פֿירער, דערזעענדיק די סחורה ווערט פֿאַרצאַפּלט, באַקומט שיער ניט די נכפֿה. אי — לאַכט ער — אַי אַ פֿערד, אַ פֿערד! אוי, קבצן, קבצן! זאָל זיך דיר לייזער־בער קבצן נישט געלוסטן, אַזוינס איז נישט פֿאַר דיין קעשענע. נאָר האַ, ווי זאָגט עפּעס די גמרא דאָרט, פּרוּוון מעג מען זיך, ניין — ניין, און אפֿשר טאַקע יאָ?.. היי, גרישקאַ! זאָג נאָר ברודער! מה יקר? אַ וואָרט אַהין, אַ וואָרט אַהער, דער שפּיץ איז — אַ גוט מענטשל, גרישקאַ דער ציגיינער! ער זעצט זיך אויף רייטנדיק, פֿאָרט זיך דורך פֿאַר אים פֿלינק הין און צוריק. דאָס פֿערד לויפֿט, דריגעט זיך מיט די פֿיס, שטעלט זיך דיבאָם, טאַקע נאָר אַ מחבל. מען דינגט זיך, מען בעט זיך איינער צום אַנדערן מיט תּחנונים, מען שווערט זיך מיט טויטע קללות, מען פּאַטשט זיך אין די הענט.

מען שטעקט איינער דעם אַנדערן כמעט אונטערן דער נאָז מיט אַ עק פּאָלע — נאַ אַרויף נאָך אַ קערבל! זאָל זיין צו אַ גלייכן חשבון נאָך אַ קערבל! אַי, אַ עקשן! אַן עק אַ סוף, נו צוגעשלאָגן, אָפּגעמאַכט זאָל זיין מיט מזל! באַשפּריצט מיט בראָנפֿן, לייזער־בער נעמט די מציאה און גייט אַהיים מלא שמחה.

די זומערדיקע זון דערווייל באַקט, רופֿט אַרויס אויף די פֿאַרהיצטע פּנימער דעם גוטן שווייס, מען נעמט זיך צום טרונק. קיין טראָפּן וואַסער אין די אויסגעזייגטע פּעסלעך! עס טומלט טאַראַ־ראַמט זיך אומעטום, דאָ אַ צונויפֿפֿלויפּעניש ווי אויף אַ בייז ווונדער. אויף אַ דעכל פֿון אַ באַלאַגאַן מיט אַרויסגעשטעלטע משונה־ווילדע געשטאַלטן, פֿון אַ מענטשנפֿרעסער, שרעקלעכע באַפֿליגלטע חיות, מכשפֿות, שוואַרציאָרן, שטייט אַ קאָמעדיאַנט אין ברייטע תּחתּונים מיט פֿליטערלעך פֿון אַלערליי קאָלירן. ער טרובעט, רופֿט צו זיך אינווייניק, זעען די שפּיל — מאַריאַנעטקעס־שפּיל. ער קוליעט, קויקלט זיך, זאָגט ווערטלעך פֿאַר אַ געזעמל שקצים, שיקסעס, קינד און קייט, וואָס גאַפֿן, שטופּן־זיך און האַלטן זיך ביי די זייטן לאַכנדיק, דאָרט, ביי יענעם עק מאַרק הערט זיך אַ געשריי, אַ געשלעג — מען שלאָגט, מען פּאַטשט אַ ציגיינער!

הערט אַ מעשה: לייזער־בער קומט זיך אין אַ פּאָר שעה אַרום צום פֿערד און הויבט עס ניט אָן צו דערקענען. ווו פֿערד, וואָס פֿערד, עפּעס גאָר אַ רוח — אַ רוח אין דעם ממזר, אין דעם ציגיינער אַריין!.. ווו בייכל, ווען בייכל, ס׳איז אַ אַלטס, אַ דאַרס, הויט און ביין. אָט וואָס אַ ציגיינער קען! ער האָט דאָס פֿערד אונטערן פֿעל אָנגעבלאָזן, ווי מען בלאָזט אָן אַ פֿענכער, אויך צוגעפֿיילט אים די ציין און איינגעבן אים אַזאַ קרייטעכץ אַזעלכס — טשעמעריצע אין בראָנפֿן, האָט עס זיך דערהיצט באַקומען אַ געשטאַלט, געהייבן פֿיס — אַ שפּירט אַ ברען!.. און גאָר אין דערמיט מאַרק זאַמלען זיך צונויף אַ רעדל מענטשן אַרום אַ פֿריש אָנגעקומענעם פֿאַרשוין מיט אַ קאַטערינקע, ביי זיך אַ גאַנצער יש, אַ מוזיקער, גיט אַ קאָנצערט! ער דרייט די קאַטערינקע און עס קאַטערינקעט זיך, טראָגן זיך העט־ווייט לידער. אַ מאַלפּעלע אין אַ קליידל טאַנצט אויף הינטערשטע פֿיסלעך. אַ קליין מיידעלע איז הייזלעך שפּרינגט, מאַכט מיט דער רייף, און אַ שטום ייִנגל, אַ בלייכס, ברעכט זיך, גייט מיטן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פֿיס אַרויף. דער עולם צאַפּלט, שטאַרבט פֿאַר גרויס ווונדער — איי, גוואַלד אַזעלכע קונצן מען האָט אַזוינס נאָך ניט געזען, אַזוינס ניט געהערט! די צייט דערווייל שטייט ניט, גייט, אַ שעה נאָך אַ שעה ביז עס הויבן ביסלעכווייז אָן זיך צעשפּרייטן די פֿאַרנאַכטיקע שאָטנס. דער מאַרק זאָגט שירה! ערגעץ אין אַ וואָגן, פֿון אַ זאַק אַרויס, גרילצט אַ געבונדענער חזיר. ער איז הונגעריק, מיד צו ליגן אַ גאַנצן טאָג אָן עסן. אים ענטפֿערט אָפּ פֿונדערווייטנס אַ קו, וואָס איר האָט זיך אויך צוגעגעסן שטיין אַזוי לאַנג צוגעבונדן פֿאַר די הערנער. הענער געפֿענטעטע, וואַרפֿן זיך אין די וואָגנס, קרייען שטאַרק אין כעס — אַזאַ צייט אָפּגעוועזן צושיידט פֿון זייערע ווייבער! און זיי אַלע האַלט אונטער אַ כאָר פֿון אויסגעשטרעקט ליגנדיקע קעלבלעך מיט אַ מעקען אויף דינע, גראָבליכע און גראָבע

קולות, לויט דעם עלטער פון יעדן קעלכל באַזונדער. די זון פאַרגייט אין איר רו אַריין. און דער עולם הויבט זיך אָן צופאַרן. — אויס ירידַ!.. אויפן מאַרק דרייען זיך אַרום הינער, נישטערן זוכן וואָס עס איז אין מויל אַריין. שטעטלדיקע קי, פרעסערינס, תמיד הונגעריקע, כאַפן, שפּאַצירנדיק שריים: אַ הויפן שטרוי, אַ לעק היי.

און בחורים׳לעך מיט שטעקעלעך, אַרויסגעשיקטע פון דער היים בכיוון צו זוכן מציאות, שאַרן אין מיסט, טאָמער האָט עמעצער עפּעס פאַרלוירן וועלן זיי עס אויפהייבן. אויף די פריפּיטשיקעס אין די הייזער ברענט אַ פייערל. עס קאָכט זיך וועטשערע. מאַנסבילן אין די שולן דאַווענען מנחה, עס פאַלט צו די נאַכט — שאַ, רואיק, שטיל!

## אברהם יעקב פאַפּירנע / קאַפּוליע

איך ווייס ניט, צי עמעצער פון מיינע לעזער האָט געזען מיין ליב געבורטס־שטעטל קאַפּוליע, צי האָט עמעצער געהערט פון איר עקזיסטענץ; אָבער די, וועלכע האָבן זי יאָ געזען, איז אוממעגלעך זיי זאָלן גלויבן, דאָס די קליינע, אָרעמע שטעטל פאַרמאָגט אַ גרויסע ספּעציעלע פאַרגאַנגנהייט, דאָס נאָך אין XVII יאָרהונדערט איז עס געווען די הויפּטשטאָט פון די ליט־ווישע פירשטן — די לעלעוויטצן — אַלגערדאָווס הויז.

ס׳איז אַ היסטאָרישער פאַקט, און נאָך יעצט ביים שטעטל זעט זיך שטאַרק אָן אַ הויכער באַרג אין אַ קאַנוס פאָרעם, אַרומגערינגלט פון אונטן מיט וואַלן, — „דער שלאָס״, ווו ס׳זענען קאַנטיק איבערבלייבענישן, שטומע עדות פון גבורה און רום.

ס׳איז אַ טרויעריקער פאַקט דאָס פון אַ פירשטן רעזידענץ־פלאַץ איז קאַפּוליע געוואָרן אַ זיץ־פלאַץ פון אַ פּריסטאַוו, סלוצקער אויעזד, מינסקער גובערניע. אויפן שלאָס באַרג, ווו אַמאָל האָט געקאָכט אַ שטורמיש לעבן, פון לײַדנשאַפט און רייכטום — איז עס געוואָרן אַ שפּיל־פּלאַץ פאַר חדר־יינגלעך אין שבתדיקע טעג.

אין אַזאַ צושטאַנד האָב איך געפונען קאַפּוליע אין 1840 יאָר, ווו איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זען די ליכט פון דער וועלט.

איך האָב געטראָפן דאָס שטעטל מיט הילצערנע בנינים, באַדעקט מיט שטרוי, אָדער מיט שינדלען, פאַרוואַקסענע מיט מאָך. די ערשטע צייט האָט עס אויף מיר געמאַכט אַ דריקנדע שטימונג, נאָר מיט דער צייט האָב איך זיך צוגע־וווינט צו דעם און אויך ליב באַקומען דער שיינער סביבה, דעם פראַכטפולן באַרג, די פרוכטבאַרע פעלדער די היי־לאַנקעס, די בערגיקע וועלדער.

וואָס אָנבעלאַנגט די קאַפּוליער יידן, כאָטש זיי זענען געווען ערנסטע מענטשן, דאָך האָבן זיי ליב געהאַט זייער וווין־אָרט און שטאַרק אָפּגעשאַצט די הויכע נאַטור, הייל קראַפט פון דער רייכער פלאָרע. מ׳האָט דערציילט, דאָס קאַ־פּוליע האָט קיינמאָל ניט געוווּסט פון עפּידעמישע קראַנק־הייטן און אויך אין 1836 יאָר, ווען ס׳האָט אַרומגעבושעוועט „חאָלערא״, האָט עס אויסגעמיטן קאַפּוליע.

קאַפּוליער, אין אַלגעמיין, זענען געווען גרויסע אָפּטי־מיסטן. אַפילו שריפות האָבן דאָרטן אויסגעבראָכן זעלטן. אמת, נאָך אין מיין קינדהייט, אַרום 1845 יאָר, בין איך געווען אַן עדות פון אַ שריפה, וועלכע האָט פאַרניכטעט אַ האַלב שטעטל, און אין מיין אַפּוועזנהייט, אין 1865, אין אַ צווייטער שריפה, איז קאַפּוליע אָפּגעברענט געוואָרן כמעט אינגאַנצן.

מיט וואָס ס׳האָבן געמעגט שטאָלצירן קאַפּוליער — איז זייער קאַמף און פאַרטיידיקן זיך קעגן דער חסידישער מאָראַ־לישער אייגנשאַפט, וועלכע האָט געדראָט דעם שטייגער פון „שלחן־ערוך״ לעבן.

אין זייער קאַמף זענען זיי אַרויסגעקומען דערפאָלגרייכע זיגער. ווי נאָר חסידים האָבן זיך צוזאַמענגעקומען אין אַ „שטיבל״ דאַווענען אָדער דורכשמועסן זיך און דערציילן די גרויסע וווּנדער פון זייער צדיק, גלייך פלעגן זיך באַווייזן די קאַפּוליער מיט זייערע פויקן און געפויקט מיט אַזאַ גיפט און שטאַרקייט, דאָס ניט מ׳האָט געקענט דאַווענען אָדער שמו־עסן. אַזוי האָבן די קאַפּוליער אָנגעהאַלטן ביז וואַנען דאָס שטיבל האָט זיך פאַרמאַכט אויף שטענדיק. — — —

אין יענער צייט האָט קאַפּוליע פאַרמאָגט אַרום 3000 נפ־שות פון 3 פאַרשיידענע באַפעלקערונגען, גלויבנס און גרו־פעס: יידן, ווייסרוסן, טאָטאַרן.

די 3 גרופּעס זענען געווען פרעמד איינע די צווייטע, מיט זייער שפּראַך, מנהגים, גלויבן. מיט זייער היסטאָרישע איבערלעבונגען האָבן זיי פאַרגעשטעלט 3 באַזונדערע וועלטן און דאָך האָבן זיי געלעבט צווישן זיך אַ רואיק שטיל לעבן.

ס׳האָט זיי פאַראייניקט די אומפאַרמידלעכע שכנתדיקע און עקאָנאָמישע אינטערעסן. ס׳האָט ניט עקזיסטירט קיין קנאה צווישן זיי, ווייל זיי האָבן ניט געהאַט וואָס מקנא צו זיין איינע די אַנדערע: אַלע מיט גרויס מאַטעריעל האָבן, ווי עס איז, געצויגן זייער חיונה, און איבערהויפּט צוליב דעם, וואָס ס׳האָט ניט עקזיסטירט קיין קאָנקורענציע צווישן זיי. יעדע גרופּע, ווי זיי וואָלטן זיך צונויפגערעדט, האָט אָפּגע־גרענעצט זיך אַ באַזונדער טעטיקייט, אַזוי, דאָס איין גרופּע האָט דערפילט און משלים געווען דער צווייטער.

יידן, וועלכע האָבן צוזאַמענגעשטעלט די מערהייט פון דער באַפעלקערונג, האָבן זיך פאַרנומען מיט קרעמעריי, ברויט־האַנדל, וואָל, פלאַקס און פאַרשיידענע פּראָדוקטן, וועלכע זיי פלעגן אויפקויפן אין הערבסט ביי די פויערים אויפן מאַרק.

אין ווינטער אַוועקגעשיקט עס אויף שליטנס קיין סטויבץ ביים ניעמאַן און פאַרקויפט עס צו רייכע סוחרים, וועלכע פלעגן עס אַוועקשיקן אין גרויסע פּאַרטיעס קיין קעניגסבערג און מעמעל. אַלס קרעמער, ברויט־הענדלער האָבן זיי פאַר־

קערט מיט קליינע געלט סומעס, ווייל קיין גרויסע קאַפּיטאַלן זענען ניט געווען אין קאַפּוליע, דערפאַר אָבער הענדלער זענען געווען פיל און זיי האָבן מוראדיק קאָנקורירט צווישן זיך, אַזוי ביים קויפן און פאַרקויפן.

אַנדערע האָבן זיך פאַרנומען מיט פאַרקויפן געטראַנקען, קרעטשמעריי, בעלי־עגלות, לערעריי, בעלי־מלאכות. די צאָל בעלי־מלאכות איז געווען גרויס, און פיל פון זיי, ניט האָבנ־דיק קיין אַרבעט אין שטעטל, האָבן זיך געלאָזן אין די דערפער און געאַרבעט פאַר דער דאָרפישער באַפעלקערונג.

קאַפּוליער פלעגן פאַרמשכנען זייערע פרויען־צירונג, אָדער טייערע בגדים ביי די פּריצים אָדער די קסאָנדזשן, צאָלנדיק גרויסע פּראָצענטן כּדי קענען אָנצוגיין מיט זייער טאָג־טעגלעכן מסחר.

די צאָל פון די טאָטאַרן אין שטעטל איז געווען אַרום 15 פאַמיליעס. פאַרנומען האָבן זיי זיך מיט גערטנעריי. אַר־בעטסאַמע, רואיקע, ריינע פון נאַטור און געהאַלטן זיך נענטער צו יידן. די ווייסרוסן פלעגן זיך פאַרנעמען מיט פעלד־אַרבעט, און מיט וועבעריי.

דאָס שטעטל און איר סביבה האָט דאַן געהערט צום גראַף וויטגענשטיין, דעם פירשט ראַדזיווילס יורש און אַלע הייזער זענען געשטאַנען אויף פירשטלעכן באָדן. אַזוי ווי די הכנסה פון ערד־אַרבעט האָט ניט געקלעקט צום לעבן, פלעגן זיך די קריסטן פאַרנעמען ווינטער צייט מיט וועבן דינעס ווייסן לייוונט, וועלכן ס'האָבן געברויכט און געניצט יידישע פרויען.

יידישע סוחרים פלעגן באַשטעלן די סחורה, צושטעלנדיק די רויע מאַטעריאַלן, וועכנטלעך געצאָלט פאַר דער אויסגע־אַרבעטער סחורה און פאַרקויפט עס אויפן יריד אין זעלווע. קאַפּוליער לייוונט, און ספּעציעל „קאַפּוליער שלייער", איז געווען באַרימט און באַוווסט אויף די ליטווישע מערק.

די אויבן דערמאָנטע גרופּעס האָבן זיך באַזעצט באַזונ־דער איינער פון דער צווייטער:

קריסטן און מוסולמענער אין די זייטיקע גאַסן אויף די בערג און הינטער די בערג, יידן האָבן פאַרנומען די סאַמע בעסטע טייל פון שטעטל אויף די העכסטע טיילן פון די בערג, ווו ס'האָט זיך געפונען דער מאַרק־פּלאַץ, די איינשליסנדע גאַסן און דער שול־הויף. דאָרטן האָבן זיך קאָנצענטרירט אַלע ספּעציעל יידישע, רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן. פאַרנעמענדיק אַזאַ אָנגעזעענעם פּלאַץ, מיט זייער גרויסער יידישער באַפעלקערונג, מיט זייער רירעוודיקייט אין מסחר, האָט קאַפּוליע געמאַכט אַ רושם פון אַ ריינעם יידישן ישוב.

## רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע אַנשטאַלטן

דער מאַרק און דער שולהויף — די צוויי קאַפּוליער הויפּט־צענטערן, זענען צוזאַמען געווען צוויי קעגנזייטיקע פּאָליוסן אין זייער טעטיקייט: דאָרטן האָט אַ קאַפּוליער דער־פילט אַ שווערן, אָבער אַ נויטווענדיקן חוב, און דאָ האָט



לייוויק פעקער און זיין פרוי ראָזע

איינער געשטילט זיין געמיט; דאָרטן האָט ער געזוכט פּרנסה, שפּייז פאַר דער משפּחה, און דאָ — אַ באַפרידיקונג, פאַר זיינע גייסטיקע באַדערפעניש. אויפן שולהויף האָבן זיך געפונען פיל אַנשטאַלטן, זאָגאַר צו פיל פאַר אַזאַ אָרעמע קליין באַפעל־קערטע קהילה. ביי די קריסטן איז געווען איין קלויסטער, ביי די יידן אויפן שולהויף 4 שולן: די גרויסע שול, אַ בית־המדרש, די קלויז און אַ שניידערשע שול.

די שול הויך, אין אַלטן סטיל, די ווענט געפּאַרבט פּאַנ־טאַסטיש, סימבאָלישע פיגורן, פאַרצייכנטע פּסוקים פון תנ"ך. גלייך מיט דער שול האָט זיך געפונען דער בית־עולם. אין שול האָט זיך שטאַרק אָנגעזען בערקע חזן, הויך־געוויקסיק, שיין, מיט אַ שוואַרצער באָרד און שוואַרצע אויגן. די שטימע א זיסע, אַ קלינגענדע, אַזוי ווי זיין געהאַלט האָט ניט געקלעקט צום לעבן האָט ער זיך פאַרנומען אויך מיט „שחיטה", אויס־צייכענענדיק זיך מיט אַ קאַליגראַפישער האַנט־שריפט און וויסנדיק דינים און געזעצן, האָט ער גענדינט אויך אַלס „שרייבער". מ'פלעגט זיך ווענדן צו אים וועגן פאַרשיידענע „פּראַשעניעס" שרייבן קאָנטראַקטן, צוואות, אָפּמאַכן און אויך איינשרייבן מענטשן, פאַסירונגען אין קאַפּוליער פּנקס.

אין בית מדרש, האָט געדאַווענט איבערהויפּט דער מיטע־לער קלאַס. צום בית מדרש האָט געהערט: דער קהל שטוב, אָדער דער זאַל פון אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, די תלמוד תורה (אַ אומזיסטע שולע פאַר יתומים) און אַ „קוטוזקע", — מיט אייזערנע טירן און פרענטן, מיט פענצטער פאַרריגלטע דורך אייזערנע גראַטעס — אין אַזאַ שטיבל האָט מען געהאַלטן אונטער אַ שמירה די „רעקרוטן" ביז וואַנען מ'פלעגט זיי אָוועקשיקן אין די גובערניע הויפּט־שטעט אַלס סאָלדאַטן. ניט ווייט פון בית מדרש אויפן שול־הויף איז געווען דעם רב'ס הויז, וועלכער איז שטענדיק געווען אָפן פאַר יעדערן. אַהין פלעגן זיך ווענדן מענער און פרויען, אייניקע צו דער־ליידיקן ריטואַלע פראַגן, אַנדערע פאַר עצות אָדער מיט אָנ־קלאַגעס. אַזוי ווי אין קאַפּוליע איז ניט געווען קיין געריכט־הויז, האָבן קריסטן דערליידיקט זייערע קריגערייען דורך אַ

קולאַק־געשלעג, אָדער שלום געמאַכט אין שענק, פאַרטרינקנדיק עס מיט אַ שנעפסל. ביי יידן זענען אַלע געלט־און משפחה־סכסוכים ווי אויך אַנדערע ענינים דערליידיקט געוואָרן דורכן רבס בית־דין, צו וועלכן ס׳האָבן געהאַט פולן צוטרוי אַפילו קריסטן אין זייערע סכסוכים מיט יידן. דער רב, אויסהערנדיק דעם אָנקלאָגער, האָט געשיקט זיין שמש רופן דעם באַשולדיקטן און יענער פלעגט גלייך קומען (צופאַלן פון ניט קומען איז כמעט ניט געווען). נאָכהער האָבן בידע צדדים אַוועקגעלייגט אויפן טיש, גלייך אויף גלייך — דעם אָפּצאָל פאַרן בירור וויפל ס׳זאָל ניט זיין. אין אַ קורצער צייט אַרום איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן דער פסק־דין און אויסגעפירט עס אָן דער הילף פון פּריסטאַוו. אַזוי שטאַרק איז געווען די אויטאָריטעט פון רב.

די קלויז איז געווען די איינציקע שטיינערנע געביידע אין שטעטל און האָט געדינט אַלס תפילה־פּלאַץ פאַר קאַפּוליער לומדים, פרומע יידן, בעלי צדקה. דאָס זענען געווען ערנסטע יידן, מיט שטרענגע פּרינציפּן, וועלכע האָבן אָנערקענט זייער ווערט און האָבן דערוועקט ביי אַנדערע כבוד צו זיך. אָנגעטאָן אין שוואַרצע סאַטינאַווע קאַפּאָטעס מיט סאַמעטענע קראַגנס און שטריימלעך אויף די קעפּ, האָט עס געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף אַלעמען. מ׳האָט זיי אָנגערופן „שיינע, זיידענע מענטשן״.

די קלויז האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אויך אַ סאָרט לעזע־זאַל, אָדער אַ שולע פאַר דערוואַקסענע, ווו זיי, איבערלאָזנדיק אַלע ענינים און זאָרג פאַר זייערע פרויען, זענען זיי געווען פאַרנומען אין דער פרי נאָכן דאַוונען אָדער נאָך מעריב. יעדערער איז געווען באַשעפטיקט, ווער מיט אַ בלאַט גמרא, מיט אַ פרק משניות, מיט אַ „עין יעקב״. אַמאָל אָדער אָפט האָט די קלויז געדינט ווי געזאָגט אַ סאָרט קלוב: בין השמשות פלעגן יידן צונויפקלייבן זיך הינטערן וואַרעמען אויוון און געפירט אַ חברשן שמועס וועגן אַלעס; — און פון וואָס האָט מען ניט געשמועסט: איבער רעליגיעזע, וועלטלעכע ענינים, גרויס פּאָליטיק און אינערלעכע פראַגן.

### די קלויז מענטשן

ווי איצט זע איך זיי. אָט שטייט ר׳ חיים׳קע און גלייך מיט אים זיינע פיר ברידער — פאַרמעגלעכע מענטשן, בעלי־בתים אויפן מאַרק און מיוחסים, קרובים פון די איוועניציסקעס — גבירים; דעם ערשטן פּלאַץ פון זיי פאַרנעמט ר׳ חיים׳קע, אַ מענטש וועלכער מאַכט ניט קיין גרויסן איינדרוק מיט זיין אויסערלעכן אויסזען, אָבער אַ גאָטספאָרכטיקער מענטש, אַ דאַוונער. געדאַוונט האָט ער שטיל, דערצו געוויינט, געקרעכצט און פאַרגאָסן הייסע טרערן, דערפאַר האָט מען אים גערופן „גרויסער בעל בכי״. אַ דאַנק זיינע אייגנשאַפטן און איבערהויפּט זיין וויינען איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס איינער פון די „סבאָרשציקעס״ ד. ה. עלטסטע פון „קהל״.

צום ערשטן האָבן די קאַפּוליער זיך געשראָקן, דאָס צוליב זיין גוטהאַרציקייט וועט ר׳ חיימקע ניט קענען איינשפּאַנען זיך אין וואָגן פון אָנפירן אַ מאַכט, וועלכע פאָדערט שטרענגקייט און אין געוויסע פאַלן גרויזאַמקייט. נאָר די שרעק איז געווען אַ אומזיסטע: ר׳ חיימקע, אַריינגעמענדיק די מאַכט אין זיינע הענט, האָט ער אַרויסגעוויזן, דאָס ווען מ׳דאַרף קען ער באַהערשן זיינע איידעלע געפילן, און דאָרטן, איז ער געווען שטרענגער און מער האַרצלאָזער ווי די „פרייע״ קהל־אָנגעשטעלטע. און אָט אין דער זעלבער מזרח וואַנט שטייט אַ הויכער, מיט איידעלע פנים־שטריכן מיט בעווייסטע זילבערנע האָר, דאָס איז מיין פעטער ר׳ לייזערקע דער זון פון מיין פאַרשטאָרבענעם זיידן, קאַפּוליער רב רבי זיסקינד. ער האָט געירשנט פון זיין פאָטער, דאָס גרויסע שטריימל, זיין פוקסענעם פוטער, זיין פרומקייט, נאָר אַ ביסל אָפּגעשטאַנען פון אים אין זיין גרויסן וויסן אין תלמוד. אין לעבן איז ער געווען אַ לא־יוצלח. געדינט אַלס דיין, מלמד, און אין אַ געוויסן צופאַל אויך אַלס שדכן, נאָר פון די אַלע מלאכות האָט ער געזען ווייניק ברכות. מאָגער האָט ער אויסגעזען, בלייך, אָבער דעם קאָפּ געהאַלטן הויך, און די אויגן האָבן שטאָלץ געלויכטן, מיטן באַוווסטזיין אַז ער פּילט אויס ערלעך זיינע רעליגיעזע פליכטן. אויב ער האָט זיך געערגערט ווען עס איז, און זיין שטימונג איז געווען אַ געדריקטע, האָט עס אים געמאַטערט די „יידן שמערץ״ — צרת הכלל, וועלכע האָט זיך ספּעציעל אויסגעדריקט אין דאַוונען. לאַנג האָט ער געדאַוונט, געשריען, געקלאַפּט מיט די הענט; דאָס איז געווען אַ ביטערע קלאַגע, אַ פּראָטעסט. אין זיין דאַוונען פלעג איך שטענדיק הערן: „וואָס זשע אין דער אמת׳ן, גאָט מיינער, טוט זיך אין דיין וועלט? דו האָסט געטראָגן דיין תורה צו אַלע 70 פעלקער פון דער וועלט, און קיינער פון זיי האָט ניט געוואָלט אָננעמען אויף זיך אַזאַ עול; מיר אָבער האָבן עס גערן גענומען און הייליק פירן מיר אויס די תרי״ג מצוות און טויזנטער אַנדערע ניט פאַרשריבענע געבאָטן, — ווו זשע איז דער שכר פאַר דאָס אַלעס? ווי שעפּסן ווערן מיר געפירט צום שעכטן ——— ווו זשע איז די גערעכטיקייט?״

אָרעמער פעטער מיינער! ער האָט קיינמאָל ניט געקענט שלום מאַכן מיטן גלות.

ווייניקער אָנגעזעענער איז געווען ר׳ לייבקע הקדוש. אַ מענטש פון מיטעלן געוווקס, מיט אַ געלער באָרד, אַ געלן געזיכט, מיט אַ הויכן שטערן, אין וועלכן סאַמע מיטן האָט זיך אַרויסגעוויזן אַ שישקע. זיין ספּעציאַליטעט איז געווען קבלה און זיין באַליבט ספר איז געווען דער זוהר, אין וועלכן ער האָט זיך שטענדיק געגריבלט, באַמיט זיך דערגיין די געהיימע סודות פון דער תורה און דערהויבן זיך צו דער מדרגה פון עושי נפלאות און נביאים.

פון דאַגות האָט ר׳ לייבקע ניט געוווּסט. פאַרמאָגט האָט ער אַן אייגן הויז אויפן מאַרק, און זיין פרוי איז געווען אַ וווּנדערבאַרע אשת חיל: זי האָט אַנטדעקט אַ סאָרט געטראַנק פון אַ אומבאַשטימטן פאַרב און דער טעם — ספק ביר, ספק קוואַס, — וואָס די קאַפּוליער האָבן עס אַ נאָמען געגעבן „אונטער ביר״. געפעלן איז ער געוואָרן די קאַפּוליער פאַר זיין ביליקייט, און שבת, פאַרמאַטערטע פון דאָרשט נאָך די געזאַלצענע מאכלים און נאָך די פעטע, זאַטיקע עסנס, פלעגן גאַנצע שערענגעס מענער, פרויען מיט זייערע קינדער לאָזן זיך צו לייבקען אין הויז אָפּפרישן זיך מיטן באַוווסטן געטראַנק.

לייבקעס ווייב האט ניט געהאנדלט שבת, נאר זי האט דער־לויבט יעדערן שעפן פון פעסל און טרינקען אן א מאס וויפל יעדערער האט געוואלט; דער פרייז איז געווען באוווסט: א גראשן פון א פארשוין — געלט ניט גענומען, יעדערן גע־קענט און געגעבן אויף קרעדיט. קיינער האט ניט באנקרא־טירט און באצאלט. אזוי האט לייבקע אומגעשטערט זיך אפגעגעבן מיט זיין קבלה און קאפוליער האבן ניט אפגעגעבן קיין באדייטונג זיינע אונטערנעמונגען און פיל האבן אים אויסגעלאכט.

דער שארפזיניקער קאפוליער נוח חאסלעס האט אים א נאמען געגעבן „הקדוש" און לייבקע האט געווארט אויף א צופאל ווען ער וועט קענען יעדן איבערצייגן זיין וווּנדער־בארע הייליקע סודותדיקע קראפט. דאס איז געווען אין יאר 1855. א שווערע ביטערע צייט איז אנטשטאנען, די מלחמה מיט טערקיי און קרים, מ'האט געמאנט ציינזן מיט א אומדער־בארעמדיקער שטרענגקייט, רעגולערע מיליטערישע אפטיי־לונגען, דורכגייענדיק אין שטעטל, פלעגן ארויסווארפן איינ־וווינער פון זייערע הייזער און געבאלעבאטעוועט אויף זייער שטייגער. מ'האט גענומען אפט רעקרוטן אין דער ארמיי, ממש געכאפט מענטשן. דאן האט ר' לייבקע גענומען זיך מיט הארץ זוכן דעם „קץ" און ער האט אים געפונען אין תהילים, 4־טן פסוק פרק קכ"ו „כאפיקים בנגב" — כשימות אלכסנדר פאוולאוויץ ימלוך קונסטנטין ימים מועטים, בימי ניקולי גאולה באה. די ראשי תיבות — די ערשטע בוכשטאבן לויטן: נאכן טויט פון אלכסנדר פאוולאוויץ וועט קעניגן קאנסטאנטין עטלעכע טעג. אין ניקאלאיס טעג קומט די גאולה.

לייבקעס אנטדעקונג האט זיך צעטראגן איבער ליטע און מיט פרייד האט מען געווארט אויף דער דערלייזונג. אבער די פרייד האט לאנג ניט אנגעהאלטן, אין דעם יאר איז געשטארבן ניקאלאי דער ערשטער און ר' לייבקעס „קץ" איז צונישט געווארן. דערשלאגן און פארביטערט, אנטרישט פון זיך איז ער שנעל אוועק אין קבר אריין אן א צייט.

אט ניט ווייט שטייט ר' לייזער יאנקל, א הויכער מיט לאנגע הענט, באליידיקט פון דער נאטור, ניט האבנדיק קיין בארד, פלעגט ער אומזיסט שציפען, רייסן, קוועטשן די מארדע — אומזיסט זיין מי און קיין סימן בארד ניטא. דערפאר אבער האט ער פארמאגט לאנגע געדיכטע פאות'ן, וועלכע ער פלעגט אריינטאן אין מויל און קייען, ספעציעל ווען ער פלעגט טראכטן אדער לערנען. ער איז געווען א חריף, געקענט באוועגן בערג, מאכן פון ווייס שווארץ און פון שווארץ — ווייס. דער מוח האט שארף געארבעט. ער האט געוווסט, אז זיינע אויספירונגען האבן ניט קיין רעאלע באדייטונג. דאס איז אבער געווען קונסט צוליב קונסט. ר' לייזער יאנקל איז געווען א קינסטלער, א מאלער וועלכער האט געלעבט אין תלמודישן ים און געבויט א לופט־שלאס.

### די קלויז יוגנט

די קלויז האט געדינט אויך אלס הויך־שול, ווו ס'האבן בא־קומען גרונטלעכע ידיעות אין תלמוד און אין רבנישער ליטע־ראטור די בעסטע תלמידים פון שטעטלדיקע חדרים. אין אנ־הויב פון די 50־קער יארן האבן געצויגן אויפמערקזאמקייט 2 בחורימלעך, שלום און שלמה, זייענדיק פעאיקע תלמודיסטן, האבן זיי אפגעגעבן פיל צייט לערנען דעם תנ"ך מיטן „מצו־דות". לערנען אזא לייכטן ספר ווי דער תנ"ך איז אויסגעקומען ווי פטרן צייט און דערצו א מאדנע דערשיינונג. איינעם פון די תנ"ך „ליבהאבער", שלומן, א הויכן, גלייכן בחור, איז באשערט געווען דערנאך זיין איינער פון די בעסטע פאר־שטייער פון דער נייער העבראישער און יידישער ליטעראטור, באוווסט אונטערן פסעוודאנים „מענדעלע מוכר ספרים".

אין קלויז האבן געלערנט אויך בחורים אומפארהייראטע, פרושים. ווי ס'פלעגט זיך באווייזן א בחור מיט א פעקל אויפן פלייצע, פלעגט מען אים ארומרינגלען, באגריסן און באזארגן אים מיט „טעג". ווען א בחור האט געהאט ווו צו עסן, ליכט און ספרים גענוג, שלאפן אין קלויז, כאטש אויף א הארטער באנק, וואס האט מען אים דאן געפעלט נאך?

אזוי האט מען געלערנט אויפן קול, זיך געשאמפערט, גע־שטודירט פלייסיק, מיט גרויס דערפאלג.

די בחורים האבן געלעבט בשלום צווישן זיך און גע־האלפן נאך איינער דעם צווייטן.

ווען ס'איז אויסגעבראכן א וויכוח, א מין קריגעריי ווי פארשטייט מען א ענין, אדער א סוגיא אין תלמוד און אין די מפרשים; דער סכסוך האט זיך אנגעהויבן שטיל און אריבער אין א קאכעריי, יעדער קריגער האט ארויסגעצייגט זיין שארפ־זיניקייט, באמיט ארויסווייזן זיין פלינקייט, דיאלעקטיק, לאגיק, אפילו סאפיזם. צו די מתווכחים פלעגן צושטיין זייטיקע, איי־ניקע זענען געקומען צו הילף איין צד, אנדערע דעם צווייטן צד. מיט איין ווארט: עס איז פארוואנדלט געווארן אין א פיינטלעכער מלחמה צווישן צוויי לאגערן; ס'איז געווארן א רעש און א טומל, שאנסן פון א זיג זענען שנעל אריבער פון איין צד צום צווייטן, ביז וואנען איינעם פון די דיספוטאנטן האט זיך איינגעגעבן באזיגן און צוקלאפן זיין שונאס טענות און מענות. די ישיבה־בחורים (ניט קאפוליער איינוווינער) זע־נען פריער אדער שפעטער געווארן חתנים, איידעמס פאר קא־פוליער טעכטער און אויך געשאפן און אויסגעפילט דעם קאדער פון לומדים. די יונגע לייט, ענדיקנדיק „קעסט" ביים שווער פלעגן אפט מוזן זוכן פאר זיך א פאסטן פון א רב, א מלמד און אנדערע גייסטיקע פראפעסיעס אין ווייטע געגנטן (אין פאדאליע, וואלין, נאוואראסייסקער געגנט), ווו דער וויסן פון תלמוד איז ניט געווען פארשפרייט.

### געזעלשאפטלעכע און פריוואטע ביבליאטעקן

כדי צו באפרידיקן די באדערפענישן פון אזוי פיל שארפ־זיניקע מוחות און פארשיידענע געשמאקן איז אין קאפוליער קלויז געווען א גאנץ רייכע ביבליאטעק. צוזאמען מיטן תלמוד, מיט די קאדעקסן און רבנישע ספרים, האבן זיך דארטן גע־פונען ספרים מיט א קבליסטישן אינהאלט, פילאסאפיע (דער מורה־נבוכים פון רמב"ם), דער „כוזרי", „עקרים", „חובת הלבבות", „מסלת ישרים"; היסטארישן אינהאלט: „סדר הדו־רות", „יוסיפון", „שלשלת הקבלה" און אנדערע. אין דער ביבליאטעק זענען אבער ניט געווען די שאפונגען פון דער

נייער ליטעראַטור די „בערלינער", וועלכע איז אַנטשטאַנען אינמיטן 18־טן יאָרהונדערט אין בערלין, פאַרגעזעצט דערנאָך אין גאַליציע, און אין רוסלאַנד. די ליטעראַטור איז געווען טריף־פסול, אָבער אינגיכן האָט עס זיך באַוויזן אין קאַפּוליע געהיים, אויף אַ קאָנטראַבאַנדן אופן.

אין קאַפּוליע זענען געווען פיל פּריוואַטע ביבליאָטעקן אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב. יעדער איינוווינער האָט זיך איינגעשאַפן ספרים לויט זיין געשמאַק. אַ שאַפע מיט אַ פולן קאָמפּלעקט פון ש"ס, געבונדן מיט אַ רויטן לעדערן בונד האָט פאַרשענערט יעדן יידנס הויז ווי ברילייאַנטן און אוירינגלעך פאַר דער פרוי. אין אַ נויט האָט מען עס געקענט פאַרקויפן, אָדער פאַרמשכנען. אין ערגסטן פאַל אויך געבן עס אין נדן אַ טאָכטער.

פרויען האָבן געהאַט זייערע אייגענע ביבליאָטעקן לויט זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג און זייער באַדערפעניש, איבערהויפּט ביכער אויף יידיש, אַזוי ווי קיין העברעאיש האָבן זיי ניט געקענט. אַממערסטן ביכער פון אַ רעליגיעזן אינהאַלט ווי דער „צאינה וראינה", דער חומש מיט לעגענדאַרע אַגדישע אויסבעסערונגען, „מנורת המאור" — באַלערנדע דערציילונגען פון אגדה און מדרש, אויך דערציילונגען פון היסטאָרישן אינהאַלט ווי „גדולת יוסף".

ס'פלעגן אַריינפאַלן אויך וועלטלעכע ביכער — איבערזעצט פון אַנדערע שפּראַכן ווי „באבע מעשה" (באַווא קאָראַלעוויץ), „טויזנט איין נאַכט" און אַז. וו. אין די 40־צער יאָרן האָבן זיך באַוויזן פון צייט צו צייט פאַרשיידענע לעבנס באַשרייבונגען, הומאָריסטישע דערציילונגען פון טאַלאַנטירטן שרייבער, פאָטער פון דער נייער יידישער ליטעראַטור א. א. דיק. דער שטרענגער „אינדעכס", וועלכער האָט עקזיסטירט פאַר דער העברעאישער ליטעראַטור, איז ניט געווען לגבי יידיש, די תלמודיסטן האָבן ניט געקענט זיך פאַרשטעלן, דאָס דאָרטן איז עפּעס געפערלעכס פאַר דער אָרטאָדאָקסיע. אַדאַנק דיקס ליטעראַטור ניט געשטערטערהייט אין אַ גרויסן צאָל עקזעמפּליאַרן איז זי פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן אַ גרויסן צאָל לעזער. צום אָנפאַנג איז עס באַשטאַנען פון פּראָסטע מענטשן און פרויען. ערנסטע יידן, מיט אַ שמייכל פלעגן זיי באַטראַכטן זייערע פרויען און טעכטער וועלכע יאָגן זיך אַזוי שטאַרק נאָך „שפּאַס־דערציילונגען", אָבער די יוגנט האָט אינגיכן פאַרשטאַנען, דאָס דער מחבר מיינט ניט נאָר שפּאַסן און זיך גענומען צו דעם גאַנץ געלאַסן און געלייענט מיט אינטערעס.

קאַפּולי'ער געלערנטע, האָבן זיך ניט אַזוי פריינדלעך באַצויגן צו די אייגענע אָרעמע לייט — צו בעלי מלאכות, איזוואָשציקעס, און אַז. וו. אַ קאַפּולי'ער בעל־הבית אַ למדן האָט ניט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער פאַר אַ בעל־מלאכה; אַזאַ זאַך וואָלט געווען אַ בושה פאַר דער משפחה.

פון מיין מאַמען האָב איך אָפט געהערט: „דאַנקען גאָט, אין אונדזער משפחה איז ניטאָ קיין משומד און ניט קיין בעל־מלאכה".

די מיוחסים פלעגן פאַרכאַפּן אַלע בכבודיקע שטעלעס און ערטער אין שול, איבערלאָזן דעם המון די הינטערשטע בענק ביים סאַמע טיר. די בעלי מלאכות זענען אַוועק און אויפגעבויט פאַר זיך אַ באַזונדער בנין און געפילט זיך אַלס ריכטיקע בעלי־בתים: איינגעקויפט ספרי תורות, מיט אייגענע גבאים, מיט אַ אייגענעם „רבי", וועלכער האָט דערקלערט און געלערנט מיט זיי די „פרשת השבוע" און באַלערנדע זאַכן. צום באַדויערן, אויך אין דער שול האָבן אויסגעבראָכן אומפאַרשטענדענישן: די רייכערע פּריצישע שניידער האָבן אַריינגענומען די פאַרוואַלטונג אין זייערע הענט, באַליידיקט זייערע פאַך־חברים און אָנגעוויזן זיי אויף זיץ־פּלעצער אין דער נידער. דאָס האָט געבראַכט אָפּט צו ארומרייסעניש און אַפילו צו געשלעגן. אַזוי האָבן די לעצטע געמוזט זוכן אַ אַנדער פּלאַץ צום דאַוונען.

## דער שול־קלאַפּער, די באָד, פינקע דער בעדער

אין שול אַריין האָט גערופן יודל דער „שול־קלאַפּער". אין דערפרי פאַרן דאַוונען פלעגט ער אַרומגיין מיט אַ האַמערל אין האַנט און 2 מאָל אַ קלאַפּ געטאָן אין יעדער יידישער הויז. אַלס צייכן, אַז עס איז צייט גיין דאַוונען, אין פאַל ווען חס ושלום עמעצער איז געשטאָרבן, האָט ער דעם עולם געלאָזט עס וויסן דורך 3 קלעפּ. שבת פלעגט ער אַרומגיין איבערן שטעטל און אויסגערופן מיט אַ קלינגנדער שטימע: „יידן אין שול אַריין!" פרייטיק, פונקט 12 אַזייגער, מיט דעם זעלבן טאָן אויסגערופן: „יידן אין באָד אַריין!" צו סליחות איז געווען זיין מנהג קלאַפּן, רייסן די לאָדן ביז וואַנען ער האָט זיך איבערצייגט אַז מ'שטייט שוין אויף. — — —

יודל, לויט זיין פאַך, איז געווען אַ שוסטער און געלעבט פון זיין פּראַצע; קיין געהאַלט ניט באַקומען פון קהל, אפילו דאָס האַמערל איז געווען פּריוואַט־אייגנטום, מיט וועלכן ער פלעגט אַריינקלאַפּן טשוועקלעך אין שיך. די איינציקע נוצן און רעכט פאַר יודלען איז געווען באַטייליקן זיך פריי אויף חתונות, תנאים, בריתן און געקליבן נדבות פאַר וווילטעטיקע צוועקן. מ'האָט זיך גערעכנט מיט יודלען אַ דאַנק זיין געזעצטע פיגור, די שטאַרקע הענט און פיס, און מיט זיין אַנגענעמע שטימע.

דאָס וואָס איינער און די זעלבע פּערזאָן האָט גערופן סיי צום דאַוונען און אין באָד אַריין, דאָס צייגט, דאָס דער מרחץ איז געווען עפּעס נאָך העכער. אין זעלבן פּלאַץ האָט זיך געפונען די מקווה, וועלכע האָט צוגעגעבן דעם פּלאַץ אַ רעליגיעזן כאַראַקטער, אָבער אויסערדעם איז פאַר מענער געווען אַ מנהג זיך פּאַרען און וואַשן יעדן פרייטיק, גרייטנדיק זיך מקבל זיין שבת־המלכה.

די קאַפּולי'ער באָד איז געווען דאָס אייגנטום פון קהילה און באַקומען אָרענדע 10 פּוילישע זלאָטעס (1 רובל מיט 50 קאָפּ'), מיט דעם האָט מען געצאָלט דעם רב'ס שכירות. דאָס איז געווען אַן אַלטער פאַרשוואַרצטער איינגעבויגענער בנין, ניט קוקנדיק אויף די פיל צוגעשטעלטע סלופּעס און אונטערשפּאַרונגען, האָט עס געקענט אין יעדער צייט איינפאַלן. דאָך ווי ס'וואָלט אָנגעצייגט די וויכטיקייט פון זיין עקזיסטענץ, האָט עס אָנגעהאַלטן אין מיינע קאַפּולי'ער צוואַנציקסטע יאָרן. אויסער פרייטיק און שבת האָט די באָד געדינט אַלס ליכט־

פאַבריק, ווו פינקע דער בעדער, פלעגט מאַכן ביליקע ליכט, און דאָרטן איז אויך געווען דער „הקדש" פאַר אָרעמע, אַלטע און קאַליקע און אויך אַלס אַן הכנסת־אורחים פאַר אָרעמע דורכגייער. דער אָפּצאָל אין באָד איז געווען אַ באַשטימטער. 2 פוילישע גראָשן פון אַ פּערזאָן, אַ הויכער אָפּצאָל, נאָר אויף דעם האָבן די קאַפּוליער ניט געקאַרגט, און ווי ס'האָט זיך נאָר דערהערט דעם קלאַפּערס קול: „יידן אין באָד אַריין!" האָבן אַלע געלאָזן די באַשעפטיקונגען און מאַסנווייז זיך געלאָזן אין באָד אַריין.

קאַפּוליער ווייבער האָבן פרייטיק זייערע מענער ניט געגעבן עסן, ערשטנס, כדי זיי זאָלן האָבן אַ געהעריקן אַפּעטיט שבת אָוונט צו וועטשערע און צווייטנס, איבערהויפּט, ווייל זיי האָבן קיין צייט ניט געהאַט: פון דאָנערשטיק אָן מיט די טעכטער פלעגן די מאַמעס האָרעווען, ניט געשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט, ניט אַוועקגעלייגט אַ האַנט אויף אַ ווײַלע, מורא געהאַט, דאָס זיי וועלן ניט פאַרענדיקן אַלע צוגרייטונגען ביזן זון־פאַרגאַנג. זייערע נערוון זענען געווען אָנגעצויגן אויף דער העכסטער מדרגה, האָבן מענער געהאַלטן אַז ס'איז קליגער און בעסער זיך האַלטן אויף וויפל ס'איז נאָר מעגלעך ווייטער און ניט ווייזן זיי זיך אין די אויגן. און דער בעסטער פּלאַץ פאַר זיי איז געווען די באָד. דאָרטן האָבן זיי פאַרבראַכט ביז פאַרנאַכט, געפּאַרעט, געוואַשן, געשמיסן זיך מיט בעזעמער און אין הפסקות אויסגעזעצט זיך אויף די בענק, — מיוחסים פון פאָרנט, און דער המון פון הינטן, ווי אין שול, געשמועסט אין פּאָליטיק, נייעס פון טאָג, געוויצלט זיך און געשאַרפט דעם מוח. מיין פעטער ר' לייזערקע, נאָכן אויסוואַשן זיך, פלעגט ער אַריין אין דעם פעלדשערס אָפּטיילונג, ווו יענער האָט אים אָפּגעגאָלט די קאָפּ, געשטעלט געהאַקטע באַנקעס אויפן קאָפּ און אויפן רוקן. כאָטש ר' לייזער איז געווען טרוקן ווי אַ שפּאָן, און ווייס ווי אַ ליילעך, דאָך האָט ער געהאַלטן, אַז די סיבה פון זיינע קראַנקהייטן (און געווען זענען זיי זיבן אין צאָל) שטעקט אין זיין בלוט. אין יעדן צופאַל האָט ער ליב געהאַט לאָזן זיך בלוט און 2 מאָל אין מאָנאַט געלאָזט זיך שטעלן געהאַקטע באַנקעס. לויט זיין מנהג האָבן געהאַנדלט פיל קאַפּוליער, און אין באָד האָט זיך געגאָסן ניט נאָר וואַסער, נאָר אויך בלוט.

פינקע דער בעדער, איז געווען אַ פילזייטיקער, אויסגעצייכנטער מענטש. אויסער אַ בעדער, אַ פאַרוואַלטער פון אַ ליכט־פאַבריק, איז ער געווען אַ קברן און אַ בדחן. אַלס בדחן האָט ער זיך אויסגעצייכנט. איידער מ'האָט אַ יונגע פּאָרל געפירט צו דער חופּה, האָט ער זיי מוסר געזאָגט, און אָנגעוויזן אויף דער וויכטיקער באַדייטונג פון זייער נייעם לעבן, און אויך אַז מ'טאָר ניט צופיל אָפּגעבן זיך מיט פרייד און וווילטיק, ווייל דאָס לעבן איז אויך אַ צייטווייליקער ענין. ווען דאָס יונגע פּאָר־פאָלק זענען געווען יתומים, האָט ער ניט פאַרגעסן דערמאָנען זיי אָן זייערע פאַרשטאָרבענע, אָנווייזנדיק, דאָס אַ מענטש איז געגליכן צו אַ פעלד בלום, היינט וואַקסט ער, בליט, און מאָרגן — זע, איז ער פאַרוויאַנעט. עס האָט זיך געזאָגט מיט געפיל, אין קלינגנדע ריפּמען און אַלע אַנוועזנדע האָבן זיך באַגאָסן מיט טרערן.

אָבער ווען דאָס פּאָר־פאָלק און די געסט האָבן זיך אויסגעזעצט ביי די געגרייטע טישן פול מיט עסנוואַרג און געטראַנקען, איז פינקע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לץ אַ פּאָקוסניק. זיין אויפזיכט איז געווען פריילעך מאַכן און פאַרווײַלן דעם עולם און אויסטרינקנדיק איין גלעזל נאָך דער אַנדערער, (וועלכע ס'האָט אים געקומט אַלס בעדער, קברן, און בדחן), איז ער אַריין אין העכסטן עקסטאַז, געזונגען פאָלקס־לידער, דערציילט פריילעכע מעשיות'לעך, אַנעקדאָטן, שפּאַסן, עפּיגראַמען, קאַלאַמבורן. געשטאָכן און געוויצלט זיך אויפן חשבון פון „זיידענע מענטשן", רייכע און כלי־קודש און דאָס אַלץ איז געווען עקספּראָמטאָם אין ריפּמען, געשלונגען ברענענדע לענטעס. מיטן האַנט צעטיילט דעם פּנים אויף צוויי, איין טייל האָט געלאַכט, די צווייטע האָט געוויינט, דורכפירנדיק דערביי זיינע צוויי פליכטן — אַלס בדחן און באַגרעבער.

### די אַדמיניסטראַציע

אַלע פאַרוואַלטונגס־פונקציעס האָבן זיך קאָנצענטרירט אין דעם פּריסטאַווס הענט, אַסעסאָר פאַן זדראָיעווסקי, וועלכער האָט געהערשט איבער קאַפּוליע און איר אומגעגנט העכער טעלעכע צענדליק יאָר.

קיין אַנדער מאַכט ווי דער פּריסטאַוו איז ניט געווען אין קאַפּוליע, וועלכע איז געווען פאַרוואָרפן ווייט פון אַ פּאָטשטטראַקט, פאַרלאָזענע וועגן, אַזוי, דאָס קיין העכערע מאַכט פלעגט ניט אַריינקוקן אַהין. זעלבסטפאַרשטענדלעך, דאָס דער כאַראַקטער פון דעם הערשער, מיט אַזאַ פולער מאַכט, האָט ניט געקענט זיין אומפאַרשיידן פאַר „דער אָנגעטרויעטער באַפעלקערונג", ספּעציעל פאַר דער יידישער באַפעלקערונג. באַוווסט איז ווי ס'האָט זיך אויסגעדריקט א. מ. דיק: „יעדן יידן מעג מען אַוועקפירן אין שפּיטאָל, אָנטאָן אים אַ חאַלאַט, אַריינלייגן אין בעט, — און דאָרטן וועט שוין דער דאָקטאָר, אָנטאַפּן אויסהערן אים, און ער וועט זיכער געפינען ביי אים אַ פעלער; פונקט אַזוי קען יעדער גאָראָדאָוואָי אָננעמען פאַרן קאָלנער וועלכן ס'איז יידן און שלעפּן אים אין אוטשאַסטאָק, ער וועט שוין אויסגעפינען אַז דער ייד האָט מיט עפּעס פאַרזינדיקט". אין רוסלאַנד זענען געווען פיל געזעצן, און פאַר יידן גאָר אָן אַ צאָל.

די צייט איז געווען ניט קיין שפּאַס — די צייט פון ניקאָלאיס גזירות איינע נאָך דער צווייטער שרעקלעכע און אומדערטרעגלעכע.

זדראָיעווסקי דער פּריסטאַוו איז געווען הויך־געוואוקסיק, מיט ברייטע פּלייצעס, כאָטש ער האָט גערעדט פּויליש, אַ שלעכטן רוסיש, פלעגט ער זיך זידלען איבערהויפּט אויף רוסיש און דווקא אויף אַ קאָרעקטן אופן. די קאַפּוליער האָבן זיך איבערצייגט, אַז דער שד איז ניט אַזוי שרעקלעך ווי מ'מאָלט אים אויס. איין מאָל אין אַ פרימאָרגן האָט זיך אויפן מאַרק געלאָזט הערן אַ פויק קלאַפּעריי ד. ה. אַ נייע גזירה. ס'איז געקומען דער פּריסטאַוו און געמאָלדן: יידן מוזן זיך קליידן אין דייטשישע זאַכן, זיי טאָרן ניט טראָגן קיין באָרד און פּאות; פרויען איז ניט דערלויבט ראַזירן די קעפּ און טראָגן פּאַרוקן,

יידן האָבן געטענה'ט אַז דאָס איז גזירות שמד. מ'האָט גע־דאַוונט, גוזר תענית געווען און אַז. וו. אָבער אַן דערפאָלג. דער סאָטסקי סעמקא האָט געכאַפּט אייניקע חשובע יידן, מ'האָט זיי געשלעפּט אין סטאַן, אַן צערעמאָניעס האָט מען זיי אונטערגעשניטן זייערע קאַפּאָטעס, אָפּגעגאָלט די באָרד און די פּיאות פאַרקירצט ביזן שורש, ביי אַנשטענדיקע פרויען אינמיטן גאַס אַראָפּגעריסן די צעפּקעס און פאַרוקן.

אַ דעלעגאַציע האָט זיך געשטעלט פאַרן פּריסטאַוו, און דער ענין האָט זיך איינגעשטעלט.

סעמקא האָט אויפגעהערט בושעווען, צו די אָפּגעשניטע־נע פּאָלעס האָט מען צוגעשטוקעוועט נייע פּאָלעס, ס'מאַכט ניט אויס פון וואָס פאַר אַ מאַטעריאַל עס איז, די בערד און פּאות האָבן אָנגעוואַקסן מיט דער צייט, און אַלץ איז געוואָרן ווי פריער. ס'איז נאָר אויסגעגאַנגען צו געלט, און צו דעם זענען זיי געווען געוווינט. דער פּריסטאַוו האָט זיך איינגע־לעבט מיט די יידן, פלעגט ער שבת אַריין צו איינעם אויסטרינ־קען אַ פּאָר גלעזלעך וויין אָדער שנאַפּס, פאַרבייסן מיט פיש, און זיך ניט אָפּגעזאָגט פון אַ יידישן „טשאָלנט". ער האָט ניט מקפּיד געווען שטאַרק אין ענינים פון היגיענע און בוי פּלאַנען.

האָט מען געבויט ווי מ'האָט געוואָלט און ווו ס'האָט זיך געגלוסט. דאָס שעכט־הויז האָט זיך געפונען אינמיטן מאַרק־צענטער. האָבן זיך געהערט שרעקלעכע רעווערייען פון גע־שאָכטענע בהמות, בלוט האָט געפלאָסן, און שלעכטע ריחות האָבן זיך פאַרשפּרייט און פאַרפעסטעט די לופט ביז ס'פלעגט רעגענען און אָפּשווייקען און אַוועקשלעפן מיטן שטראָם וואַסער.

דער וועג פון קאָפּוליע קיין סלוצק איז געווען אַ שווערער ביים אַראָפּנידער פון באַרג. אין רעגן־טעג פלעגן זיך שאַפן שרעקלעכע שטערונגען, דאָס מ'האָט געדאַרפט נוצן גרויס שכל ווי אַריינצופאָרן אין שטעטל מיט אָבאָזן, און ווידער כדי זיך אַרונטערלאָזן האָט מען געברויכט גרויס געוואַלטקייט און מוט, און די „מוזשיקעס", אָפט מיט צעשע־דיקטע וועגנער און פאַרווונדעטע פערד. מ'האָט עס געהאַלטן פאַר אַ נאַטירלעכע זאַך ווי אַ דונער, בליץ, אָדער אַ ערד־טרייסלעניש, קעגן וועלכן מענטשן זענען הילפסלאָז.

ס'קומט דער רעוויזאָר אין שטעטל. דאָס האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אויף אַלעמען. וועגן זיין אָנקומען פלעגט מען זיך דערוויסן פון פּריסטאַוו אַליין. אַ קרעמער האָט זיך אַמאָל אָפּגערופן: „וואָס שרעקט איר זיך, וואָס האָט איר מורא, מיט קאָנטראַבאַנדע האַנדלען מיר ניט. אַ גרויסע זאַך — אַ רעווי־זאָר!" האָט זיך אויף אים אַ וואָרף געטאָן ר' חיים'קע, גע־כאַפּט פאַרן באָרד און געשריען: אָט אַ געוואַגטער מענטש! און דאָס איז ניט קאָנטראַבאַנדע.

דערווײַלע האָט זדראַיעווסקי אָנגעהויבן באַרואיקן: דער רעוויזאָר איז זיינער אַ גוט־באַקאַנטער, אַפילו אַ ווייטער קרוב, ער וועט זען עס ערליידיקן, און עס וועט טייער ניט קאָסטן. ער האָט געראַטן ניט וואַרפן זיך אין די אויגן. אין דעם טאָג פון רעוויזאָרס אָנקומען האָבן זיך אין די קראָמען און אין די גאַסן זיך באַוויזן נאָר מיידלעך, עלטערע יידן זענען געזעסן אין די הייזער און קליינוואַרג זענען ניט אַרויס פון די חדרים. סחורות פון פאַרשיידענע מינים זענען אַרונ־טערגענומען געוואָרן פון די פּאָליצעס. דער רעוויזאָר איז איינגעשטאַנען ביים פּריסטאַוו און אין זיין באַגלייטונג באַזוכט קראָמען. געגעסן אַ גוטן מיטאָג ביים פּריסטאַוו אין דער אָנוועזנהייט פון גלח און קסיאָנדז. פון די יידישע פאַרשטייער איז פאַרגעשטעלט געוואָרן ר' חיים'קע. אויפן צווייטן טאָג איז דער רעוויזאָר אָפּגעפאָרן און דער שטורעם איז פאַריבער.

„לא ינום ולא יישן שומר ישראל!"

## קהל, צינזן, מאָנאָפּאָל, חרם

די פליכטן פון קהל זענען געווען: אַכטונג געבן אויף די אינערלעכע רעליגיעזע ענינים און פאַרמיטלען צווישן דער קהילה און דער רעגירונג. אין מיין צייט האָבן די ענינים פון ערשטן מין זיך געפירט אָן דער הילף פון דער קהילה, לויט איינגעשטעלטע געזעצן און מנהגים. מ'האָט געמוזט פירן גע־נויע רשימות און ספּעציעלע ביכער פון דער באַפעלקערונג, אויפמאָנען צינזן און איבערגעבן עס דער רעגירונג, אויך צושטעלן רעקרוטן.

די יידישע באַפעלקערונג אין קאָפּוליע איז געווען זייער אָרעם. בעלי־מלאכות און קליין־הענדלער, פאַרקערנדיק מיט אַ קאַפּיטאַל פון 100—50 רובל, האָבן קוים־קוים זיך דורכגע־לעבט; פיל איינוווינער, האָבן זיך געלאָזט איבער דער וועלט זוכן אַרבעט, אָדער אַ פאַרדינסטל אין דער פרעמד, איבערגע־לאָזן די פאַמיליע אויף גאָטס באַראָט און אויף דער הילף פון גוטהערציקע מענטשן. פיר אָדער פינף צענדליק פאַרמעגלע־כע מענטשן (אַזעלכע האָבן זיך גערעכנט אין קאָפּוליע בעלי־בתים, קרעמער, וועמענס פאַרמעגן האָבן געהאַט דאָס ווערט פון 1000—500 רובל), זיי האָבן געדאַרפט טראָגן ניט נאָר די לאַסט הוצאות פון אַלע געזעלשאַפטלעכע אנשטאַלטן, נאָר געמוזט אויך העלפן די אָרעמע איינוווינער, וועלכע האָבן צוזאַמענגעשטעלט כמעט אין יעדער ליטווישער יידישער קהילה אַרום 20% און פאַר אַלע רעליגיעזע און געזעלשאַפט־לעכע אָנגעשטעלטע צאָלן צינזן. צינזן זענען געווען פיל, אויסער אַלגעמיינע רעגירונגס־אָפּצאָלן, זעמסקע און שטאָ־ט'ישע זענען געווען ספּעציעל יידישע אָפּצאָלן ווי פאַר ליכט, אַ אָפּצאָל פאַר איבערזידלער און אַז. וו. גענוג געלט האָט איינגעשלונגען דער ענין פון רעקרוטן: מ'האָט געדאַרפט אויסהאַלטן געהיים־אַגענטן און סטראַזשניקעס, געבן עסן די רעקרוטן ביזן אָפּגעבן זיי פאַר סאָלדאַטן. קהל האָט זיך שטענדיק גענויטיקט אין געלט. געזעלשאַפטליכע און רעלי־גיעזע הוצאות האָט מען געדעקט פון קאָראָבקע, פון כשר פלייש, נאָר ס'האָט ניט געקלעקט, און קהל האָט געמוזט שטעלן אַ מאָנאָפּאָל אויף פאַרשיידענע האַנדלס־באַדערפענישן, ווי אויף ליכט, הייוון, וועלכע פלעגן פאַרדונגען ווערן פאַר אַ באַשטימטער יערלעכער אָפּצאָלונג.

כדי צו פאַרזיכערן, דאָס מ'וועט ניט אַריינפירן סחורה פון אויסערן שטעטל, איז מען אָנגעקומען צום חרם.

דער טעקסט פון חרם, איז שרעקלעך געווען פאַר זיך אַליין, (פאַרשאָלטן אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט, דערווייטערט פון קהל און שול; שטרענג, אונטער דער שרעק

פון חרם, איז פאַרבאָטן געוואָרן צו האָבן אַ פאַרבינדונג מיט דעם וועמען מ׳האָט אַריינגעלייגט אין חרם, ניט העלפן אים און אַז. וו.). אויסגערופן האָט מען דעם חרם אין שול מיט אַ אויסערגעוויינלעכער פייערונג: דער רב אַרומגערינגלט מיט זיינע אַרויסהעלפער אין אָנוועזנהייט פון חשובע בעלי־בתים פלעגט אויסרופן נעבן ארון־קודש, מ׳האָט אַרויסגענומען ספרי תורה׳ס, אָנגעצונדן שוואַרצע וואַקסענע ליכט, געבלאָזן דערצו שופר. — — —

## קאַפוליער רבנים

קאַפוליער רבנות איז געווען אַ בכבודיקע אין ליטע און באַוווסט אַ דאַנק איר גרויסן רב רבי יום־טוב ליפמאַן (אין לעצטן פערטל פון 18־טן יאָרהונדערט), דער אייניקל פון באַרימטן תוספות יום טוב.

אַ אייניקל האָט אָפגעדרוקט הרב ליפמאַנס אַנמערקונגען אויפן תלמוד מיטן נאָמען „תוספת קדושה" אָדער „קדושת יום טוב", וואָס איז זייער אָנגענומען אין דער רבנישער וועלט.

ביים לעבן האָט ר׳ יום־טוב קיין זאַך ניט געדרוקט פון זיינע חיבורים און ניט קוקנדיק, אויף דעם דאָס ער האָט געקענט קריגן אַ רבנות אין איינער פון די בעסטע ערשט־קלאַסיקע קהילות אין ליטע, האָט ער זיין גאַנץ לעבן פאַר־בראַכט אין דער אָרעמער קאַפוליער קהילה.

איבערגעגעבן מיט זיין גאַנצן וועזן צום לימוד התורה, ווייט פון וועלטלעכע זאַכן, פלעגט ער זיין אין דער היים נאָר שבת און יום־טוב; די איבעריקע צייט פאַרבראַכט אין קלויז אין אַ ווינקל הינטערן אויוון (וואָס איז געבליבן „הייליק און היסטאָריש" פון יענער צייט אָן), — דאָרטן האָט ער געגעסן, געשלאָפן, געלערנט, דערליידיקט רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע ענינים, דאָרטן געשריבן זיינע חיבורים.

לויט ווי זיין אייניקל גיט איבער און ווי ס׳איז אויך פאַרצייכנט אין קאַפוליער פנקס:

נאָכן טויט פון „לעצטן" ווילנער רב הרב סמואיל, האָט די ווילנער קהילה באַשטימט איינלאַדן אַלס ווילנער רב ר׳ יום טוב׳ן. אַ דעפוטאַציע פון באַוווסטע ווילנער בעלי־בתים איז געקומען צו אים מיט אַכתב רבנות, אַז ער איז אויס־געקליבן געוואָרן אַלס ווילנער רב. אָנקומענדיק קיין קאַפוליע האָט די דעלעגאַציע אים ניט געטראָפן אין בית־הרב, די רביצין האָט ניט געוואָלט גיין רופן אים, כדי ניט שטערן אים אין לערנען. האָבן די שליחים געמוזט וואַרטן ביז שבת, ווען ר׳ יום־טוב קומט אַהיים.

דערוויסנדיק זיך וואָס ס׳פאַרלאַנגען די ווילנער, האָט ר׳ יום־טוב אין מוצאי שבת צוזאַמענגערופן די קאַפוליער בעלי־בתים און געלאָזט זיי וויסן, אַזוי ווי זיין געהאַלט אין קאַפוליע, פינף און דרייסיק גראָשן אַ וואָך סטייעט אים ניט צום לעבן, איז אויב קהל וועט ניט מסכים זיין אויף אַ קליינער הוספה, וועט ער זיין געצוווּנגען אַרויספאָרן קיין ווילנע. די מעלדונג האָט זייער געערגערט די קאַפוליער: פון איין זייט, האָט זיי ווי געטאָן שיידן זיך מיט זייער גרויסן רב, פון דער צווייטער זייט — פון וואַנען נעמט מען געלט אויף אַ הוספה?

אָבער אַזוי ווי ביידע צדדים האָבן טייער געהאַלטן איינער דעם צווייטן, האָט זיך געפונען אַ אויסגאַנג מיט דעם, וואָס די קאַפוליער האָבן מוסיף געווען זייער רב אַנדערהאַלבן גראָשן און ער איז פאַרבליבן אין קאַפוליע.

ניט לאַנג נאָך זיין טויט — ווערט דערציילט אין פנקס — איז איינגעלאַדן געוואָרן אויף סלוצקער רבנות ר׳ יאָסעלע פיימער (ריכטיקער באמער — פון באַהעמיע), באַוווסט אונטערן נאָמען ר׳ יאָסעלע סלוצקער.

אויפן וועג קיין סלוצק איז אים אויסגעקומען פאַרברענ־גען אַ שבת׳דיקן טאָג אין קאַפוליע. דערהערנדיק אייניקע חידושים פון ר׳ יום־טוב ליפמאַן, איז ער דערשטוינט געוואָרן פון יענעמס ערודיציע, און ער האָט געזאָגט, אַז אויב אין קאַפוליע, כמעט אַ פאַרשטאָט פון סלוצק, געפינט זיך אַ געלערנטער פון אַזאַ גרויסן פאַרנעם, קען ער ניט, ר׳ יאָסעלע וואָגן אָננעמען רבנות אין סלוצק. ווען מ׳האָט אים דערציילט, דאָס ר׳ יום־טוב איז שוין נפטר געוואָרן, האָט ר׳ יאָסעלע אָנגעמערקט: „אין אַזאַ פאַל פאָר איך קיין סלוצק; פאַר טויטע האָבן איך ניט קיין מורא".

דעם כסא־הרבנות נאָך ר׳ יום טוב ליפמאַן האָט פאַר־נומען ר׳ בער. קאַפוליער האָבן זייער אָפגעשעצט זיינע ברייטע ידיעות און זיין פאַרהייליקטן לעבן. ער האָט זייער געהאַלטן פון רמב״ם און געפירט זיך לויטן דאָזיקן קאָדעקס, ניט רעכענענדיק זיך מיט די לעצטע רבנישע אויטאָריטעטן. גרויס וווּנדער האָט אַרויסגערופן נאָך זיין טויט, ווען מ׳האָט געפונען אין זיין ביבליאָטעק מענדעלסאָנס שריפטן, איז עס פאַרבליבן אַ רעטעניש פאַר קאַפוליער יידן.

ר׳ בער איז געווען אין זיין יוגנט דער הויז־לערער פון דעם באַוווסטן איוועניצקער גביר שמואל עליאַסבערג, פאַר־ברענטער אָנהענגער פון ר׳ משה בן פורת, באַוווסט אונטערן נאָמען מנשה איליער (זיין ספר „אלפי מנשה" איז עפנטלעך פאַרברענט געוואָרן אויפן ווילנער שול־הויף).

אין עליאַסבערגס הויז האָט ר׳ בער זיך פאַרטיפט און אַריינגעדרונגען אין דער תורה פון דעם רעפאָרמיסט. ווערנדיק קאַפוליער רב, האָט ער אין זיין פערזענלעכן לעבן זיך שטרענג געהאַלטן ביי דער מאָראַל פון ר׳ מנשה און באַמיט זיך פאַר־לייכטערן דעם „יאָך פון דין", זיינע אייגענע בליקן אויף פיל־זייטיקע זאַכן פון רעליגיעזן לעבן האָט ער אויסבאַהאַלטן און אַרויסגעזאָגט עס נאָר פאַר זיינע יונגע תלמידים.

ר׳ בער׳ס תלמידים, וועלכע האָבן זיך צעשפרייט איבער ליטע אַלס רבנים, מלמדים און „פרושים", זיי האָבן פאַר־שפרייט זיין לערע איבעראַל. קאַפוליער האָבן געקוקט אויף זיי מיט חשד, אָנרופנדיק זיי ר׳ בער׳ס „חברה".

נאָך זיין טויט האָט זיין פלאַץ פאַרנומען מיין זיידע ר׳ זיסקינד. ווי אַ לעבעדיקער שטייט פאַר מיינע אויגן די פיגור פון דעם אַלטן חכם. די גאַנצע צייט האָט ער אָפגעוואָרפן די פאַרשלאַגן אָננעמען די רבנות פון קאַפוליע און געלעבט אַ אָרעם לעבן פון אַ קאַפוליער בעל־הבית.

אין דער יוגנט האָט ער זיך פאַרנומען מיט מסחר און אָפגעגעבן זיין מערסטע צייט צום לערנען תורה. די קהילה האָט אים געאַכטעט און זייער געשעצט. נאָך ר׳ בערס פטירה, לויט דער ביטע פון קהל, האָט ער אָנגענומען די רבנות און

ניט געביטן זיין לעבנס־שטייגער. געהאַלטן זיך אײַנפאַך, פריינדלעך צו יעדן, ניט באַרעדט קיינעם און געזוכט נאָר די גוטע זייטן און שטריכן אין יעדן איינעם. אין גלויבנס־ענינים איז ער געווען זייער טאָלעראַנט.

ר׳ זיסקינד׳ס עלטסטער איידעם ר׳ עליע גאָלדבערג (דערנאָך פּאַריטשער און באָברויסקער רב), האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע ברייטע ידיעות. עטלעכע יאָר האָט ער געלעבט אַלס „פּרוש" אין ווילנע, ווו ער האָט געהאַט באַציונגען מיט גאונס תלמידים. אומקערנדיק זיך צוריק אין קאַפּוליע האָבן קאַפּוליער באַמערקט אין אים אַ געוויסע ענדערונג: ערשטנס, האָט ער אָפּגעגעבן פיל צייט צו לערענען „מוסר", און צווייטנס, האָט ער געבראַכט פון ווילנע אַ געאָגראַפישן אַטלאַס אויף דייטש, אין וועלכן ער האָט ליב געהאַט אַריינקוקן. ס׳האָט טאַקע אויסגעקוקט מאָדנע, אָבער ס׳האָט ניט אויפגעוועקט קיין חשד אין ר׳ עליעס רעליגיעזיטעט. נאָר אין גיכן איז אויסגעבראָכן אַ סקאַנדאַל.

יום כפור, ווען קאַפּוליער יידן זענען געזעסן אין שול און געדאַוונט, אין דער צייט איז ר׳ עליע אַרויס פון קלויז, אַוועק און ניט אומגעקערט זיך. בחורים און „פּרושים" צעשראָקענע זענען אַוועק זוכן אים. לאַנג געזוכט, און אַמענדע געפונען אים אין „הקדש" (ווו ס׳זענען געלעגן אומהיילבאַרע און קאַליקעס), — דאָרטן איז געשטאַנען ר׳ עליענקע, געהאַקט האָלץ, געלייגט עס אין אויוון און געקאָכט זופּ פאַר די קראַנקע. מ׳קען זיך פאָרשטעלן די איבערראַשונג און צאָרן פון די יונגע בחורים. זיי האָבן אים גערופן אפיקורוס, שנעל זיך געלאָזן אין קלויז און דערציילט וועגן דעם שרעקלעכן טאַט, און די אַנטוישטע און פאַרביטערטע האָבן איבערגעגעבן די ידיעה ר׳ זיסקינדן. דער לעצטער, אויסהערנדיק די אָנקלעגער, האָט ער געזאָגט: „יע, עס איז אַ שאַנדע, וואָס דער יונגער מענטש האָט בעסער געוווּסט, ווי צו פאַרברענגען דעם הייליקן טאָג, ווי מיר, אַלטע!" ר׳ זיסקינד׳ס אויטאָריטעט האָט געווירקט און באַרויקט קהל; נאָר לאַנג האָט מען גערעדט און זיך מתווכח געווען וועגן דעם.

(איבערזעצט פון רוסיש דורך **נח**)

## יוסף מאָרגענשטערן קליוולאַנד / פון קאַפּוליע קיין סלוצק

פאַר אַ יידיש יינגל, וואָס האָט געמוזט אָנקומען צו פרעמדע טישן אין אייגענעם געבורטס־שטעטל צוליב דעם האַרטן שטיף־טאַטן, וואָס האָט ניט געוואָלט שפּייזן דער ווייבס קינדער, איז די נאָענטע שטאָט סלוצק, מיט אירע ישיבות, געוואָרן אַ גרויסער צוציאונגס־כוח.

אויב שוין יאָ „עסן טעג" ביי פרעמדע טישן, זאָלן זיי זיין ניט אין קאַפּוליע, ווו יעדער איינער קאָן אים, נאָר אין סלוצק, ווו אַלע יינגלעך, וואָס קומען לערנען פון די ווייטע שטעטלעך טוען.

דערצו האָט סלוצק געשמ׳ט מיט אירע ישיבות. און אין סלוצק האָב איך געהאָפט, וועל איך קומען מיט מיין לערנען צו אַ שטיקל תכלית.

די פערציק וויאָרסט פון קאַפּוליע קיין סלוצק האָב איך און מיין חבר נוח, אַ יינגל אין מיין עלטער, דורכגעמאַכט אויף אַ בעל־עגלה׳שן וואָגן אין דער ענגשאַפט פון נאָך פאַרשוינען, וואָס זענען געפאָרן קיין סלוצק צוליב זייערע עסקים. אַ שיינע נאַטור איז געווען אויסגעגאָסן איבער אָט די פערציק וויאָרסט און באַשרייבן זי איז פאַר מיר ניט נויטיק, ווייל אונדזער גרויסער „זיידע", מענדעלע, האָט זי שוין פאַר מיר אַזוי מייסטערהאַפט אָפּגעקאַרטינעוועט אין זיינע טייערע ביכער, וועל איך דערפאַר גלייך אַריבערגיין צו סלוצק גופא און צו מיינע פערזענלעכע איבערלעבונגען אין איר.

איך און מיין חבר נוח האָבן זיך, קודם כל, דערשלאָגן צום קלויז.

די קלויז איז געווען אַ שם־דבר. ניט נאָר אַ ישיבה פאַר זיך אַליין, ווו בחורימלעך האָבן זיך געוויגט איבער צעעפנטע גמרות טעג און נעכט, — זי איז אויך געווען אַ מין רעזערוו־סטאַנציע פאַר אַלע, וואָס האָבן געדאַרפט אַן אָרט, ווו דעם קאָפּ אַנידערצולייגן.

כדי זיך צו באַזאָרגן מיט „טעג" האָט מען געדאַרפט אָנקומען צו ר׳ ישראל׳ן, וועלכער האָט געפירט דעם חשבון פון אַלע באַלעבאַטישע הייזער, וואָס האָבן אַזוינע „טעג" געגעבן צו די ישיבה יינגלעך פון דער פרעמד. די „טעג" האָט אַ ישיבה־יינגל נישט געקראָגן פון ר׳ ישראל׳ן גלאַט אַזוי — מיר נישט — דיר נישט.

פאַר יעדן „טאָג", וואָס ר׳ ישראל האָט באַוויליגט פאַר דעם „זמן", האָט אַ ישיבה־יינגל אים געדאַרפט אָפּצאָלן גאַנצע פופצן קאָפּיקעס אין מזומן. כדי אַ יינגל זאָל זיין באַזאָרגט מיט אַלע זיבן טעג דורך דער וואָך פאַרן זמן, האָט ער געדאַרפט אָפּצאָלן ר׳ ישראלן אַ רובל מיט פינף קאָפּיקעס. און ווען אַ יינגל האָט אַזאַ סומע נישט פאַרמאָגט, איז אים טאַקע, נעבעך געווען גאָרנישט גוט.

דערפאַר האָט אַ יינגל וואָס האָט יאָ פאַרמאָגט ביי זיך אַ ביסל מזומן, געקאָנט זיך איינהאַנדלען ביי אים מער, ווי די זיבן טעג.

די מעשה דערפון איז געווען, וואָס ניט אַלע „טעג" זענען געווען „עסנדיקע". געווען אויך אַזעלכע, וואָס מיר, יינגלעך, האָבן זיי גערופן „מזומנע".

די לעצטע זענען געווען ביי באַלעבאַטעס־קרעמערקעס, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין צייט אויפצונעמען דעם ישיבה־יינגל אין שטוב ביים טיש, האָט מען דעם יינגל אויפגענומען אין קרעמל מיט עטלעכע קאָפּיקעס, פאַר וועלכע ער האָט זיך געדאַרפט אַליין קויפן זיין טאָג־שפּייז.

מיט אָט אַזעלכע „טעג" האָט ר׳ ישראל געפירט אַ גאַנצן האַנדל. איך האָב זיך איינגעהאַנדלט גאַנצע ניין „טעג". זיבן „עסנדיקע", און צוויי מזומנע. די לעצטע צוויי, וואָס האָבן מיר געקאָסט דרייסיק קאָפּיקעס, האָבן דורכן זמן מיר געבראַכט פיל מער.

עס האָט געטראָפן אַמאָל, אַז מען איז אַריינגעפאַלן אין אַ שטיקל צרה. דאָס איז געווען, ווען אַזאַ קרעמערקע האָט אַמאָל באַשלאָסן יאָ קומען אַהיים און אָפּקאָכן אַ מאכל פאַר דער משפחה און פאַר דעם ישיבה־יינגל. אין אַזאַ פאַל האָט דאָס יינגל געגעסן צוויי מאָל מאָלצייטן, און זיך געטרייסט דערמיט, וואָס ער האָט יענעם טאָג געמאַכט טאָפּלדיקע ברכות, פאַר וועלכע ער וועט קריגן טאָפּלדיקע עולם־הבא.

דאָס שלאָפן אין קלויז וואָלט ניט געווען שלעכט, ווען ניט די אָנשיקעניש מיט די משוגעים.

געווען אַ גרויסע צאָל שטאָט־משוגעים אין סלוצק, וועלכע פלעגן זיך צוזאַמענקלייבן פון דער גאַנצער געגנט. מען האָט זיי געטראָפן אין די געסלעך. געהערט זיי אויפן מאַרק שעלטן די באַלעבאַטישע מענטשן, און דורך די נעכט פלעגן אייניקע פון זיי געפינען זייער מקום מנוחה אין קלויז.

פאַר מיר איז געווען אַ שווערער זמן אין סלוצק. ער האָט זיך געצויגן ווי פון פעך, און ווי נאָר ער האָט זיך פאַרענדיקט האָב איך זיך אומגעקערט צוריק קיין קאַפּוליע.

אין יענער צייט בין איך געוואָרן למזל אַ בר־מצוה־בחור'ל און פלוצלינג דערפילט אין זיך דעם נאַטירלעכן געפיל פון בושה צו עסן „טעג". איז וואָס טוט מען טאַקע מיט זיך? — האָב איך ניט אויפגעהערט ביי זיך צו פרעגן. עס איז מיר געקומען צו הילף מיינער אַ פעטער, שמעון האָט ער געהייסן, און געהאַט האָט ער אויפן מאַרק אַן אייזן קראָם, ווו מען האָט געקענט נוצן מיין הילף. הכלל, איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרדינען מיין טעגלעך ברויט פאַר דער אַרבעט דורך די טעג אין מיין פעטערס אייזן קראָם, אָבער די מומע ביינע איז געווען אַן אויסגערעכנטע:

— אין דער וואָכן פאַרדינסטו דיין עסן, אָבער שבת אַרבעטסטו ניט, איז פאַר וואָס זאָל איך דיר קאָרמענען? איז זי דאָך טאַקע געווען גערעכט אָט־די מומע ביינע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן! און איך האָב געפראַוועט שבתים אַ הונגעריקער.

אין די אָוונט־שעהן האָב איך געלערנט אין בית־המדרש אונטער דער השגחה פון ר' שלמה שוויזיצער.

אַ מאָדנער ייד איז געווען אָט־דער ר' שלמה שוויזיצער, ווען ער האָט געלערנט מיט אונדז, אָרעמע יינגלעך, דעם בלאַט גמרא, האָט ער געהאַט אַ פולן קול, אָבער אַזוי גיך ווי ער האָט פאַרענדיקט דאָס לערנען, האָט קיינער ניט געהערט פון אים קיין קלאַנג אַפילו, ווי ער וואָלט געווען אַ שטומער.

און ניט נאָר זיין שטומעניש, נאָר באַזונדער דער גרויסער טרויער, וואָס האָט פון אים געשלאָגן. אַ הויכער, אויסגעדאַר־טער, איינגעצויגענער האָט ער זיך אַרומגעדרייט, ווי אַ פרעמדער. איך האָב אַ געוויסע צייט ניט געקענט פאַרשטיין, וואָס איז די סיבה, און געהאַט אַ ווידער־געפיל צו אים.

גערופן האָט מען אים שוויזיצער, ווייל געקומען איז ער קיין קאַפּוליע פון דעם נאָענטן דאָרף שוויזיץ, ווו ער האָט געלעבט לאַנגע יאָרן מיט זיין ווייב, פיר זין און אַ בת־יחידה, ווי עס האָבן געלעבט אַרענדאַרן אין די דערפער.

זייענדיק אַ ייד אַ למדן, האָט ער געלערנט מיט זיינע קינדער יידישקייט, זיך געפרייט, ווען אַ ייד האָט פאַרבלאָנ־דזשעט צו אים און ער האָט געקענט מקיים זיין די מצווה פון הכנסת־אורחים. אויף ימים טובים איז ער געקומען אין שטעטל, ווי אַלע אַרענדאַרן פון דער סביבה, און געהאָפט, אם ירצה השם, חתונה מאַכן די קינדער, ווי גאָט האָט געבאָטן. אָבער גאָר פלוצלינג איז געשען אַ גרויס אומגליק, וואָס האָט אים אינגאַנצן צעבראָכן.

די בת־יחידה, וואָס איז ביי אים געווען ווי אַן אויג אין קאָפּ, האָט זיך פאַרליבט אין אַ פויערשן שכנ'ס זונדל, און עס האָט גאָרניט געהאָלפן זי צו ראַטעווען. ווען זי האָט חתונה געהאַט אין קלויסטער ביים גלח מיט איר געליבטן, האָט ער איבערגעלאָזט שוויזיץ מיט דער משפחה און זיך באַזעצט אין קאַפּוליער בית־מדרש, ביז היינט קען איך ניט פאַרגעסן אָט דעם ר' שלמה שוויזיצער.

**קאַפּוליע באַקומט אַן אַנדער פּנים**

עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אויף קאַפּוליער געסלעך בחורים אין רוסישע בלוזעס און אין היטלעך. דאָס לשון, כאָטש אַ זאַפטיקער יידיש — אויך עפּעס גאָר אַנדערש.

דאָס זענען געווען אַריבערגעבראַכטע בחורים פון פרעמדע מקומות, מערסטנס פון ביאַליסטאָק, פאַר פייוול ריקליסעס גאַרבאַרניע, וואָס האָט זיך אין יענער צייט צעוואַקסן אויף אַ גרויסן פאַרנעם.

די לופט פון קאַפּוליע איז פול געוואָרן מיט אַזעלכע ווערטער, ווי „סאָציאַליזם", „סטאַטשקע", „בורזשוי" און ענלעכע. אויך לידער ווי „שוועסטער און ברידער", „אַז עס פאַלט, פאַלט דער בעסטער", און „ברוך שולמאַן דער גרויסער העלד". הכלל, קאַפּוליע האָט זיך פלוצלינג און אומבאַמערקט אַ שטאַרקן טרייסל געטאָן.

איך אַליין בין דווקא געווען שטאַרק אַדורכגענומען מיטן ציוניסטישן אידיאַל.

גלייכצייטיק מיט די נייע רייד און לידער פון אָט־די אַריבערגעבראַכטע בחורים, האָט מען אויך געהערט רייד און לידער וועגן ארץ־ישראל.

דער ראש־המדברים פון אָט די רייד איז געווען דער יידי־שער אַפּטייקער פון קאַפּוליע, וואָס פלעגט אויסשרייבן פון ווילנע די טעגלעכע העברעאישע צייטונג „הזמן". איך פלעג יעדן טאָג לויפן צו אים געוויר ווערן, צי מען האָט שוין געשלאָסן דעם האַנדל, און צו מ'קען שוין זיך לאָזן קיין ארץ־ישראל.

דער ענין ארץ־ישראל פאַר יידן, וואָס זאָלן זיך אומקערן אַהין פון קאַפּוליע, פון סלוצק און פון אַנדערע קאַפּוליעס און סלוצקס, האָט פאַרכאַפּט מיין יונג האַרץ אַזוי, אַז איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין אַ יוגנט גרופּע, וואָס האָט געקליבן קאָפּיקעס ביי זיך פאַרן ציוניזם.

— זאָלן זיי וויסן, אַז מיר, אָרעמע יידן, שטייען אויך ניט פונדערווייטנס, — האָבן מיר גערעדט.

אין יענער צייט איז דערגאַנגען צו אונדז אַ ידיעה, אַז אין מינסק איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון ציוניסטן, איז די שטאָט מינסק אויסגעוואָקסן אין מיינע אויגן צו אַ גוואַל־דיקער גרויסקייט, און זי איז געוואָרן מיין חלום.

אַ קלייניקייט, מינסק! מינסק האָט זיך מיר אָנגעהויבן פאָרצושטעלן, ווי דער גרעסטער צענטער פון דער וועלט.

דאָרטן שפּרודלט דאָך ממש מיט אַלע אידעאַלן פון פאָלק, ציוניזם און סאָציאַליזם אויך.

אין מינסק, זאָגט מען, זאָגן זיך אָפּ יידישע זין און טעכטער פון דער עשירות, וואָס זייערע גבירישע עלטערן פאַרמאָגן, און גייען קעמפן פאַרן פאָלק און פאַר אַ בעסערער און פרייערער וועלט, אין דער הערלעכסטער און לויטערסטער געשטאַלט אין אויפגעגאַנגען פאַר מיר דאָס געשטאַלט פונעם באַרימטן רעוואָלוציאָנער גרשוני.

עס האָט מיך שטאַרק געצויגן צו דער גרויסער מינסקער ביבליאָטעק, וווּ ביכער זענען פריי פאַר אַלעמען. ס'האָט מיך געצויגן קיין מינסק, — און איך האָב אָנגעהויבן צו מאַכן פּלענער, ווי אַזוי זיך דערשלאָגן קיין מינסק.

# פאָלקלאָר

אין קאַפּוליע איז געווען אַ ייד אַ גביר, ר' איסר. ר' איסר איז געווען דער נכבד אין שטעטל און אַ גרויסער תקיף.

איינמאָל האָט דאָס שטעטל געהאַט אַ מחלוקת מיטן רב. האָט ר' איסר געזאָגט צום רב:

— אייער גליק, רבי, וואָס איר האָט ביי אונדז קיין פּנים ניט, אַניט וואָלטן מיר אייך אויסגעפּאַטשט...

✶

ר' מעשל פון קאַפּוליער שול פלעגט טייטשן דעם פּסוק אין ישעיהו: „קרא בגרון" — רוף אין שייער, „ואַל תחשך כשופר" — דו זאָלסט ניט פינצטער ווערן ווי אַ שופר, „והגד לעמי פשעם" — זאָג אָן מיין פאָלק פּלוצלינג — „ולבית יעקב חטאותיהם" — זייער זינד.

**ער וויל נישט, אַז יידן זאָלן, חלילה, רעדן שקר**

אַז הרב יודלעוויטש איז געווען רב אין קאַפּוליע, אי, נישט תמיד געווען שלום צווישן אים און די שטאָט־באַלעבאַטים. פאַר טאָן אַן עוולה — האָט ער קיינעם נישט געשאָנעוועט. ער האָט נישט מורא געהאַט אַריינצוזאָגן אַפילו דעם שענסטן באַלעבאָס. פאַרשטייט זיך, אַז באַלעבאַטים האָבן אויך ניט געשוויגן, און זיי האָבן געזוכט אויף אים חסרונות און מ'האָט געלאָזט פאַלן אַמאָל אַ שווער וואָרט אויפן רב.

איין מאָל, אַ פאַר־פּסח, נעמט דער רב דעם גבאי, און ער גייט אַרויס מיט אים איבער דער שטאָט, צו זאַמלען אויף מעות־חיטים. זיי זענען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און פון געשעפט צו געשעפט, און יידן האָבן געגעבן לויט זייערע כוחות און לויט זייער הארץ. מ'האָט געגעבן וויפל מ'האָט געוואָלט און וויפל מ'האָט געקענט, ביז אַ האַלבן רובל. דער גבאי האָט געהאַלטן אַ רויטע פּאַטשיילקע אין האַנט, און וויפל איינער האָט געגעבן, האָט ער אַהין אַריינגעלייגט.

אין מאַרק זענען זיי צוגעקומען צו אַ טאַבאַק־קרעמל. גייען זיי אַריין און דער רב הייסט זיך געבן אַ פּעקל טיטון. פּילט אָן די ליולקע, פאַררייכערט, און הייסט דעם גבאי נעמען געלט פון דער פּאַטשיילקע און באַצאָלן. קוקט דער גבאי און פאַרשטייט נישט.

„רבי, מעות־חיטים געלט?!" זאָגט ער צום רב. „דאָס איז דאָך פאַר קאַפּוליער אָרעמע יידן, וואָס דאַרפן מצות אויף פּסח".

גיט דער רב אַ שטרענגען קוק אויף אים און זאָגט:

„איך הייס נעמען פון דעם צדקה־געלט און באַצאָלן. איך קען קאַפּוליער באַלעבאַטים. איטלעכער פון זיי ווינשט זיך, אַז ער זאָל יעדן וואָך פאַרדינען אַזויפיל רובל וויפל דער רב נעמט זיך אַראָפּ פון דעם מעות־חיטים געלט. דערפאַר הייס איך באַצאָלן פון דעם געלט פאַר מיין טיטון. איך וויל ניט, קאַפּוליער יידן זאָלן, חלילה, רעדן שקר. איר זענט אַן עדות, אַז זיי זאָגן אמת. און זאָל זיי דער אייבערשטער העלפן, זיי זאָלן פאַרדינען יעדע וואָך טויזנט מאָל אַזויפיל".

דערציילט פון **חיים זיידעס**

# פאַרטיזאַנער

דער ייד גילטשיק איז פאַר דער מלחמה געווען לייטער פון „זאַגאָטסקאָט" (מלוכהשער האַנדלס־געזעלשאַפט פאַר פלייש ליפערונג) אין קאַפּוליע. נאָכן אַנקומען פון די דייטשן, איז ער באַלד אַנטלאָפן אין ראַיאָווסקער וואַלד און זיך אַנגעשלאָסן אין אַ קליינער רוסישער פאַרטיזאַנער גרופּע פון קאָמוניסטישע אַקטיוויסטן. שפּעטער איז ער געוואָרן קאָמאַנדיר פון יידישן אָטריאַד „זשוקאָוו".

— אין גאָר אַ קורצער צייט ציילט דער אָטריאַד בערך 200 מאַן — 130 יידן און 70 קריסטן.

אין יאַנואַר 1943 האָט שוין זיין אָטריאַד 11 קוילן־וואַרפערס, 23 אויטאָמאַטן און 136 ביקסן.

צו דער אטריאַד־קאָמאַנדע האָבן געהערט אַחוץ דער קאָמאַנדיר, גילטשיק, דער רוס מאַרטינאָוו — קאָמיסאַר; נאַטשאַלניק פאַר באַזונדערע ענינים — וויינער (קאַפּוליע), שטאַב נאַטשאַלניק — אַ יידישער לערער פון שטעטל קאַפּוליע; קאָמאַנדיר פון דער ערשטער ראָטע — משה פיש, אַ געוועזענער אונטעראָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי, — אָרגאַניזאַטאָר פון אויפשטאַנד אין קלעצקער געטאָ; וויר־טשאַפטס־לייטער — מאַזע עוזר.

דער יידישער אטריאַד „זשוקאָוו" (קאַפּוליער ראַיאָן), האָט אָרגאַניזירט דאָס אַנטלויפן פון 170 מאַן פון סוויערזשנער אַרבעטס־לאַגער אין די אָרטיקע וועלדער צו די פאַרטיזאַנער...

(לויט „די מלחמה פון די יידישע פאַרטיזאַנער")

**קאַפּוליער ווידערשטאַנד**

גלייך נאָך דעם ווי די דייטשן האָבן פאַרטריבן די יידן אין געטאָ, האָט זיך גענומען פילן אַן אויפברויז קעגן די בלוטיקע הענקער. אין געטאָ זענען געווען פאַרשפּאַרט אַן ערך 2500

יידן, דערונטער אַ פּאָר הונדערט פון די אַרומיקע קליינע שטעטלעך — פּעסאָטשנע, באַבאָינע און נאָך אייניקע. דער רעזשים איז געוואָרן אַלץ אומדערטרעגלעכער, און עס פלעגט ניט דורכגיין קיין איין טאָג אָן קרבנות, אָן בלוט פאַרגיסונגען און שרעקלעכע ווייי־געשרייען. מיר האָבן שטילערהייט אָנגעהויבן צונויפרעדן זיך וועגן קריגן געווער און זיך גרייטן צו אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד. ס'איז גרינג צו זאָגן — קריגן געווער — אַז מיר האָבן ניט געטאָרט האָבן קיין פאַרבינדונג מיט דער אַרומיקער וועלט! מיט גרויס מסירות־נפש האָט זיך דאָך איינגעגעבן עפּעס וואָס צו קריגן. ביי עליע פּעקער איז געווען גרייט אַ קוילנוואַרפער. מיר האָבן געקראָגן ביקסן, רעוואָלווערן, האַנט־גראַנאַטן. אין אַ סך הייזער זענען אויסגעגראָבן געוואָרן אונטערערדישע באַהעלטענישן, גענג, עס זענען געמאַכט געוואָרן „צווייענדיקע ווענט" ווו עס האָבן, ווי אין קאַסטנס, געקאָנט אויסבאַהאַלטן זיך מענטשן אין דער מינוט פון געפאַר...

אין געטאָ האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. מרגלים פון שטעטל האָבן שוין גענומען אַריינקוקן אין וואַלד. די דייטשן האָבן קענטיק עפּעס דערפילט... אין מערץ, 1942, זענען פּלוצעם אָנגעפאָרן שטורעם־טרופּערס, וועלכע האָבן אָפּגעקליבן 1200 מענטשן און זיי פאַרשפאַרט אינם אַזוי־גערופענעם „קאַלטן בית מדרש". דאָ, אויפן הויף פון בית מדרש, איז פאָרגעקומען די ערשטע שרעקלעכע שחיטה: דריי טעג האָט זיך געצויגן די ווילדע אָרגיע, און כמעט אַלע 1200 מענטשן זענען צעשאָסן געוואָרן. בלויז 11 יוגנטלעכע איז געלונגען צו אַנטלויפן. די אַנטלאָפענע האָבן זיך דורכגעריסן אין וואַלד און האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ קליינעם פּאַרטיזאַנישן טייל. זיי האָבן זיך באַוואָפנט און גענומען איינשטעלן פאַרבינדונגען מיט די פאַרבליבענע יידן אין געטאָ. עס איז באַשטימט געוואָרן, אַז בשעת אין געטאָ וועט זיך אָנהויבן דער באַוואָפנטער אויפשטאַנד (וועגן דעם פּינקטלעכן טאָג און שעה פון אויפשטאַנד האָט מען זיך נאָך דערווייל ניט דעררעדט), וועלן די פּאַרטיזאַנער געבן הילף.

דער יידיש־פּאַרטיזאַנער אָטריאַד איז דערווייל געוואַקסן אין צאָל און האָט זיך געשטאַרקט. ווער זענען זיי, די ערשטע עלף קאַפּוליער פּאַרטיזאַנער? סאָסין — אַ סטודענט, גאָדל זשוראַוויצקי — לעקטאָר פון מינסקער אוניווערזיטעט, האָזבערג — אַן אייזנבאַנער, מאיר ווײַנער — אַ שוסטער, חיים מענאַקער — אַן עלעקטראָטעכניקער, ליאָווע גילטשיק — שעף פון דער ראַיאָנער קאַנטאָר פון פאָרגרייטונגען — א. אַנד.

דער וואַלד האָט אויפגעלעבט, די דייטשן האָבן אָנגעהויבן פילן, אַז דער באָדן ברענט ביי זיי אונטער די פיס. פון געטאָ האָבן די פּאַרטיזאַנער ביסלעכווייז גענומען אַרויסציען אַלץ מער מענטשן.

גאָר אין גיכן האָט דער פּאַרטיזאַנישער אָטריאַד אונטער דער אָנפירונג פון גילטשיק (שעף פון שטאַב איז געווען דער קאַפּוליער לערער איטשע בערקאָוויטש), געציילט הונדערטער באַוואָפנטע מענטשן, צווישן זיי אַ סך פון די אַרומיקע שטעטלעך און ישובים. אין זשוואָלקער, לאַוער און סטאַרעצער וועלדער האָבן זיך באַוויזן אַלץ נייע פּאַרטיזאַנישע אָט־

ריאַדן. פאַראייניקנדיק זיך, האָבן די אָטריאַדן גענומען דערלאַנגען שטאַרקע קלעפּ די דייטשישע פאַרכאַפּער — אויפגעריסן צוגן, בריקן, געווער און פּראָוויאַנט־סקלאַדן, פאַרניכטעט אַ סך פּאָליציייער און אַנדערע פאַררעטער. די דייטשע שטראָף־אָטריאַדן האָבן ווי צעיושעטע זיך געוואָרפן פון איין וואַלד אין צווייטן, זוכנדיק די פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן גאָר ניט אויף קאַטאָוועס אָנגעשראָקן די פאַשיסטישע קאָמאַנדשאַפט.

אין געטאָ האָבן די דייטשישע וואַנדאַלן איינגעשטעלט אַ שרעקלעכן טעראָר. מען האָט ניט געלאָזן אַרויסגיין פון די הייזער, אַלע טאָג גענומען ערבות־לייט און זיי צעשאָסן. פאַר איינעם אַ פּאַרטיזאַן, מנשה, וועמען די דייטשן האָבן שטאַרק געזוכט און ניט געקאָנט געפינען (ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזן, איז דער דאָזיקער פּאַרטיזאַן געווען אַ יידישער בחור פון פוילן), האָבן זיי צעשאָסן 40 יידן פון געטאָ.

אין איינעם אַ טאָג איז אַראָפּגעקומען אין שטעטל אַ ספּעציעלער דייטשישער מיליטער־טייל, באַוואָפנט מיט קוילנוואַרפער און אויטאָמאַטן, און מיט שרעקלעכער אכזריות אָנגעהויבן ליקווידירן דעם געטאָ, ווי דאָס איז שוין געטאָן געוואָרן אין אַנדערע ערטער. די דייטשן האָבן זיך אָבער אָנגעשטויסן אויף אַזוינס, וואָס איז געווען פאַר זיי גאָר אומגעריכט. פון די בוידעמער, קעלערס, גריבער האָט מען זיי באַגעגנט מיט אַ האָגל קוילן. צו אַ סך יידישע הייזער האָבן זיי לאַנג ניט געקענט צוגיין נאָענט.

מיט אַ העלדישן טויט איז אומגעקומען דער דרייסטער און מוטיקער עליע פּעקער. ער האָט זיך פאַרבאַריקאַדירט אין הויז מיט זיין פרוי און שוויגער. איינגעשטעלט אַ קוילנוואַרפער אויפן בוידעם און פון דאָרט אָן אויפהער געשאָסן פייער אויף די דייטשישע מנוולים און פּאָליציייער. ווילד צערייצטע, האָבן די דייטשן באַגאָסן מיט בענזין עליע פּעקערס הויז און עס אונטערגעצונדן. ווען דאָס הויז איז געווען אַרומגעכאַפּט פון פלאַמען ווו עליע פּעקערס משפחה איז העלדיש אומגעקומען, זענען אַרום הויז געלעגן דערהרגעטע 48 דייטשן.

דאָס געזינד פונם שניידער זכריה קאַהאַן האָט באַגעגנט די דייטשן מיט אַ שיסעריי פון ביקסן, דאָס זעלבע גאָלדער מאָנוס, משה קאַהאַן און אַנדערע. די דייטשן האָבן געפירט פעסלעך בענזין, באַגאָסן די הייזער, און אַ סך העלדן פון געטאָ זענען פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט זייערע פרויען און קינדער. פון די העכער 700 הייזער אין קאַפּוליע זענען דעמאָלט פאַרברענט געוואָרן 500.

העכער 70 יידן איז געלונגען דורכצורייסן זיך אין וואַלד און פאַראייניקן זיך דאָרט מיט די פּאַרטיזאַנער.

(דערציילט פונעם פּאַרטיזאַן אברהם בער שליימאָוויטש, איבערגעגעבן פון אייזיק קאַהאַן, „אייניקייט", ניו־יאָרק, פעברואַר 1947)

אין קאַפּוליע האָבן יידן געשאָסן אויף די דייטשן פון די שטיבער. דער קאַפּוליער שוחט מאיר ווײַנער האָט זיך באַהאַלטן אין שעכטהויז און איז שפּעטער אַריבער צו די פּאַרטיזאַנער, געקעמפט מיט דער ביקס אין האַנט. ער איז געפאַלן אין איינער פון די שלאַכטן.

(לויט פ נאוויק, „מאָרגן פרייהייט", 2־טן מערץ 1947)

# ראָמאַנאָווע

פון ראָמאַנאָווע קיין סלוצק איז בסך הכל אַ שטרעקע פון 20 קילאָמעטער. אין שטעטל געפינען זיך אַרום 200 פאַמיליעס, אַממערסטן פויערים און אין דעם בערך 30 יידישע פאַמיליעס.

20 יאָר זענען שוין אַריבער זינט 20 יידישע פאַמיליעס בעאַרבעטן דעם פירשט וויטגענשטיינס באָדן.

ער גיט איבער אין אַרענדע יעדער יידישער פאַמיליע 10 דעסיאַטין פּרוכטבאַרן באָדן נאָר אויף 6 יאָר.

גלייך מיט די קריסטן פון שטעטל גייען אַרויס די יידן צו דער אַרבעט פון אין דער פרי ביז שפּעט אין אָוונט. אויסער דעם וואָס זיי באַמיסטיקן דעם באָדן ווי געהעריק, זעטיקן זיי אים אָן אויך מיט זייער שווייס און זייער פּראַצע זעט זיך שטאַרק אָן.

גליקלעך וואָלטן די יידן געווען ווען זיי האָבן אַ מעגלעכקייט אָפּקויפן די פעלדער אַלס פּריוואַט באָדן, ווייל דער הויכער יערלעכער אַרענדע אָפּצאָל מאַטערט יעדן אויס און לאָזט זיך שטאַרק פילן.

— — — פיל יידן אין די אַרומיקע שטעטלעך וואָלטן גערן פאַרלאָזן זייער האַנדל־וואַנדל און דערנערן זיך פון ערד אַרבעט.

— — — מ׳דאַרף צונויפרופן די רבנים פון די קליינע שטעטלעך, ווי אויך די עלטסטע אין יעדער שטאָט און שטעטל. זאָלן זיי זיך ערוואַכן און העלפן טויזנטער אומגליקלעכע, צוגרייטן זיי אַ באָדן פאַר זייער קיום און אַ האָפענונג פון פרידן און אַ נייעם לעבן.

איש יהודי ספרא

(„הצפירה״, נומער 31, 1880)

## חיים ויידעס / ראָמאַנאָווע

אַ געוויינלעכער ייד אין ראָמאַנאָווע, בויענדיק זיין סוכה פאַר יום־טוב, איז זיין קאָפּ שוין געווען פול מיט דאגות, ווי וועט ער דורכלעבן דעם ווינטער. הגם יעדערער האָט געהאַט אַ פולן זשאַשעק קאַרטאָפל, אַ פאַס געזייערטע קרויט, אַ צובער זויערע אוגערקעס און אַ היפשע צאָל קרענצלעך טרוקענע ציבעלעס. אַ פאַרמעגלעכער בעל־הבית האָט נאָך געהאַט דערצו אַ פּאָר זעקלעך ווייסע מעל אויף חלות און עטלעכע שורקעס האָלץ צו ווינטער. ברויט אויף אַ גאַנצע וואָך האָט יעדע בעל־הביתטע, אָרעם און רייך, געבאַקן אַליין. געוויינלעכע משפחות האָבן אַממערסטן געגעסן פלייש נאָר פון שבת צו שבת. אַ גאַנצע וואָך האָט מען זיך באַנוגנט מיטן געוויסן מאכל פיש קאַרטאָפל, וואָס האָט געמיינט קאַרטאָפל אָן פיש.

ראָמאַנאָווע איז געווען ווייט פון אַ באַן, בערל דער בעל־עגלה וואָס האָט געפירט פאַרשוינען — סחורה קיין סלוצק און צוריק, האָט דערציילט וווּנדער, אַז זייענדיק אַ סאָלדאַט האָט ער געזען דעם באַן, — וועגענער פאָרן אָן פערד...

ויהי היום איז דער אוראַדניק געקומען, בגזירת המלך, אַז בערל מוז אָנטאָן אַ גלעקל אויפן שפּאַן. האָט דאָס שטעטל הנאה געהאַט דערפון; דערהערנדיק דעם גלעקל האָט מען געווּסט, אַז בערל קומט אָן פון סלוצק מיט פאַרשיידענע סחורה׳ס.

ביים אַריינפאָר אין שטעטל האָט געוווינט חיים דער שוסטער. אַ אָרעמאַן אין זיבן פאָלעס, ווייל די פאַרמעגלעכע ראָמאַנאָווער יידן פלעגן באַשטעלן נייע שיך אין די אַרומיקע שטעטלעך. גויים זענען געגאַנגען אין לאַפּטשעס, בלויז זונטיק, גייענדיק אין קלויסטער, האָט אַ גוי אָנגעטאָן אַ פּאָר שטיוול, וועלכע זענען געווען גענוג פאַר יאָרן לאַנג. אַזוי האָט חיים דער שוסטער געהאַט גאַנץ ווייניק אַרבעט און ניט גענוג ברויט צו דער זאַט. זיין פרוי הינדע, האָט אים אָבער יעדן יאָר געשענקט אַ קינד. דער שמש פון שול פלעגט זאָגן: ר׳ חיים, איר ווייסט, דערפאַר אָבער נאָך אריכות ימים, וועט זיין ביי אייך אין שטוב אַן אייגענער מנין. ענטפערט חיים: דערווייל אָבער „וכולם פותחים את פיהם״, אַלע ווילן עסן...

אַ גאַנצע וואָך האָט חיים׳ס משפחה געגעסן מער קאַרטאָפל ווי ברויט, און קויפן מעל אויף שבת איז געווען כקריעת ים־סוף. הינדע האָט שווער געאַרבעט אין די גערטנער און געגאַנגען אין דאָרף קויפן הינער, אייער, און פון אַלעס איז ניט געווען מיט וואָס צו מאַכן שבת.

איינמאָל, אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט חיים דערהאַלטן, אַ שיפ׳ס קאַרטע פון זיינעם אַ שוואָגער. הינדע האָט פאַרמשכּנט איר בעטגעוואַנט און די בענטש־לייכטער, זיך אָנגעליען, געזען אַז חיים זאָל וואָס גיכער אָפּפאָרן.

אין אַ קורצע צייט אַרום האָט שוין הינדע געקענט אַרויסנעמען אירע משכנות, געבענטשט ליכט אין אירע אייגענע לייכטער און געקויפט ווייסע מעל לכבוד שבת.

הינדע האָט שוין ניט געאַרבעט און ניט געגאַנגען איבער די דערפער. די מלמדים האָט זי געצאָלט שכר לימוד יעדן ראש חודש. זי האָט געהאָפט, אַז איר חיים וועט קומען אַהיים און ברענגען אַ פאַרמעגן. מיט אַמאָל דערהאַלט זי אַ בריוו, זי זאָל אַלץ פאַרקויפן און פאָרן מיט די קינדער צו אים. אויף אַזאַ צרה האָט זי זיך ניט גערעכנט: ס׳טייטש, זי וועט פאָרן קיין

אַמעריקע, אַ לאַנד אָן אידישקייט? בעסער זאָל חיים קומען צוריק קיין ראמאנאָווע. חיים שרייבט זי זאָל קומען, און זי ענטפערט, אַז זי קען זיך ניט שיידן מיט דער משפּחה און מיט די קברים אויפן הייליקן אָרט. מיט אַמאָל דערהאַלט זי אַ בריוו פון חיימען, אַז אינגיכן ציט ער זיך איבער פון ניו־יאָרק קיין ברוקלין, און איר וועט זיין שווער קריגן זיין אַדרעס. דאָס האָט הינדען שטאַרק דערשראָקן, זי קען נאָך חס ושלום בלייבן אַן עגונה. איז זי אַוועק צום ראמאנאָווער רב, ר׳ אברהם פנחס גאָלדבערג, דער באַוווסטער „גוטער ייד״. דער ראמאנאוווער רב איז געזעסן טאָג און נאַכט און געלערנט. אַלע שאלות זענען דורכגעגאַנגען דורך דער רעבעצין, כדי ער זאָל ניט געשטערט ווערן פון לימוד התורה.

הינדע איז געקומען מיט געשוואָלענע אויגן און געבעטן: זי מוז זען פערזענלעך דעם רב, אויסגיסן פאַר אים איר ביטער האַרץ. איר חיים שרייבט, אַז ע׳ פאָרט איבער פון ניו־יאָרק קיין וויליאמסבורג ברידזש, קיין עגו״ה וויל זי ניט ווערן! אויך וויל זי ניט פאָרן אין אַ לאַנד, וווּ מ׳אַרבעט שבת און מ׳עסט טריפות.

אויסהערנדיק איר האָט דער „גוטער ייד״ אַ זאָג געטאָן: ראַמאנאָווע איז דאָך גאַנץ ווייט פון ניו־יאָרק, אויב איר מאַן וויל פאָרן נאָך ווייטער איז דאָך אַוודאי מרחקים. על פי דין מוז אַ פרוי פאָלגן דעם מאַן. צווייטנס, איידער בלייבן, חלילה אַן עגונה, איז בעסער זי זאָל פאָרן מיט די קינדער צו אים. השם יתברך וועט באַגליקן איר וועג. מיט אַ צעבראָכן האַרץ האָט זי זיך געזעגנט מיט דער משפּחה, באַקאַנטע, פריינט, געגאַנגען אויף קבר־אבות און זיך גוט אויסגעוויינט.

קומענדיק קיין אַמעריקע האָט זי אויסגעפונען, אַז פאָרן פון ניו־יאָרק קיין וויליאמסבורג האָט געקאָסט בלויז צוויי סענט. גאַנץ אָפט פלעגט הינדע זאָגן: ווען ניט די עצה פון ראַמאנאָווער רב וואָלט זי ניט געפאָרן קיין אַמעריקע.

אייניקלעך פלעגן שפּאַסן: ווען די באָבע הינדע וואָלט וויסן, ווי נאָענט וויליאמסבורג איז פון ניו־יאָרק, וואָלט זי ניט געקומען אַהער.

אַ גליק וואָס זי האָט מורא געהאַט צו פאַרבלייבן אַן עגונה.



ר׳ איטשע גיטעס, דער גמרא־מלמד אין ראמאנאווע

די בילד איז לויט דעם „אוקז״ פון ניקאָלאַי דעם ערשטן, אַז מלמדים מוזן האָבן אַ פאָטאָגראַפישע בילד אָן אַ היטל צו דער מלמדישער באַשטעטיקונג.

# שמואל דאמניטש

אַ לאַנגע קרומע געסל, קויטיק, / זשאַבעס קוואַקען אין קאַנאַוועס, / יידן צונויפגעדרייטע פון ווייטיק / לויפן צום רופא ניט אויף טשיקאַוועס. / אַ צעפליקטע סטריכע איינגעבויגן; / ווענט — אומגעצעשעט — סוקעוואַטע קלעצער; / שויבן מיט קאָלירן פון רעגנבויגן: / קענילעך פאַרשטעקן לערע פלעצער. /

ווילגאָטשנע ווענט מיט מאָך באַוואַקסן, / די פאָדלאָגע אויסגעטעטאָקט פון ליים אַ געלן, / די מאַמע שפּינט פון פראַשניצע פלאַקסן / און דער שפּינדל זינגט אויס אַ ניגון אַ שנעלן.

מיט אַ יאַרמלקע, אין אַ לייוונטן טלית־קטן / זיצט דער טאַטע און ער קנעלט, / איבערן וואַנט וויגט זיך זיין שאָטן, / פון זיינע תלמידים שעפּט ער נחת און קוועלט.

# שעמעזעווע

## סאַניע קאַזשדאַן-אייזענסאָן לאָס-אַנזשעלעס / שעמעזעווע

אין מיין שטעטל שעמעזעווע איז געווען אַ באַפעלקערונג פון 2 טויזנט פויערים ערד־אַרבעטער. די יידישע באַפעלקערונג איז געווען זייער קליין אין צאָל. פאַרלאָזנדיק מיין געבורטס־שטעטל בין איך נאָך קיין 17 יאָר ניט אַלט געווען, דאָך געדענק איך 25 יידישע פאַמיליעס, די קליינע שול אויפן מאַרק, אַנטקעגן דעם קלויסטער, וועלכער איז מיט זיין קיילעכדיקער באַגילדערטער קאָפּ געשטאַנען שטאָלץ און דרייסט. אונדזער קליינע שולכל פלעגט זיך אָנפילן אין יום־טובדיקע טעג און האָט איבערגעלאָזן טיף אין מיין האַרצן אַ בענקעניש נאָך יענע טעג און יאָרן. מיין פאָטער יחיאל קאַזשדאַן דער פעלדשער האָט זיך געטיילט מיט אַלעמען אין אָרעמקייט, פריידן און ליידן. ווי אין אַלע שטעטלעך איז דער לעבנס־אַרט געווען אין פיל הינזיכטן פרימיטיוו. פון צייט צו צייט פלעגן קומען קרעמער מיט שניט־סחורה און דאָס פלעגט צוגעבן אַ יום־טובדיקע שטימונג דעם שטעטל. אין די ווינטערדיקע פאַרפרוירענע, גרויע טעג, וועלכע האָבן זיך לאַנגווייליק געצויגן איז מיין שטעטל ניט אָפּגעשטאַנען. קינדער זענען געגאַנגען אין חדרים און געלערנט אויך רוסיש.

צווישן יידן זענען קיין פאַרגרעבטע מענטשן ניט געווען. דער גרעסטער טייל האָט געקענט אָנשרייבן אַ יידישן בריוול. פאַרטייען האָבן ביי אונדז ניט עקזיסטירט. אָט אַזוי האָבן זיך געשלעפּט די יאָרן, ביי וועמען בעסער און ביי וועמען ערגער.

אויף אַ שמחה, אַ חתונה אָדער אַ ברית, האָט זיך דאָס גאַנצע שטעטל געפרייט און אָנטייל גענומען. מ׳פלעגט פירן דער כלה מיטן חתן איבערן גאַס מיט מוזיק ביז צום מאַרק, און נעבן דער שול איז געווען די חופה. כלי־זמרים האָבן געשפּילט, די מחותנים האָבן פריילעך געטאַנצט און עס האָט גערוט די שכינה אין שטעטל. נאָך דער שמחה זענען צוריקגעקומען די גרויע, שטילע אומעטיקע טעג, הויפּטזעכלעך זומער אין די לאַנגע טעג. די נאַטור האָט איר פּראַכט געשאָנקען: גרינע פּאָפּלאָוועס, שיינע בלומען, אָבער דאָס האָט ניט פאַרטריבן דעם אומעט פון דער יוגנט, וואָס האָט באַגריפן, דאָס ערגעץ ווו איז דאָ אַ אינטערעסאַנטערע וועלט.

ביסלעכווייז האָט די עמיגראַציע דערגרייכט אַפילו אונדזער פאַרוואָרפענעם ווינקל. מ׳איז אַוועק אין דער נייער וועלט. צופיל געשעענישן האָבן ביי אונדז ניט פּאַסירט. איך געדענק אַ געשעעניש, וואָס מיר האָבן אַמאָל איבערגעלעבט אין אַ געוויסן שבת פאַרנאַכט: ווי אין אַלע קליינע שטעטלעך, וווהין קיין צייטונג האָט ניט דערגרייכט, פלעגט מען לעבן פון הערן נייעס איינער פון צווייטן, אַביסל רכילות, אויך איבערגעטריבן זאַכן, וועלכע זענען ניט געשטויגן און ניט געפלויגן. ס׳פאַרשפּרייט זיך אַ קלאַנג, דאָס נאָך שלוש סעודות וועט אויסברעכן אין שטעטל אַ פּאָגראָם. גויים פון שטעטל האָבן דאָס שוין באַשטימט. עס האָט זיך ניט געוואָלט גלויבן, ווייל מיר זענען געווען איינגעלעבט מיט זיי. דאָך האָט די פאַנטאַזיע באַהערשט אַלעמען. איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. ס׳איז געווען אַ הייסער טאָג, פאַרנאַכט זענען אָנגעקומען דיקע, שוואַרצע וואָלקנס, אָט ווי זיי וואָלטן זיך צוזאַמענגערעדט מיט די פאַלשע קלאַנגען און דאָס האָט פאַרגרעסערט דעם פּחד. אָט זע איך פעשע בערלס ברעכנדיק די הענט. זי האָט צוזאַמענגעקליבן אַלע אירע קינדער, געקומען צולויפן אין קאַפּוליער גאַס.



לייזער קאַזשדאַן

אַי, האָט זי געטענה׳ט צו די שוואַרצע וואָלקנס: „גאָט, האָב רחמנות איבער אונדז!” און אָט אַזוי האָבן מיר אַלע גלויבנדיק שנעל אָפּגעגעסן שלש סעודות און געקוקט דעם פּאָגראָם אין די אויגן. די גויים אין שטעטל האָבן נעבעך גאָרניט געוווּסט, אַלעס האָט זיך געענדיקט צום גוטן. אָבער די שרעק וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

אין די זומערדיקע מאָנאַטן פלעגן אויסברעכן שריפות פון בליצן, וועלכע פלעגן אָנצינדן די שטרויענע דעכער.

קיין סך שעמעזעווער לאַנדסלייט האָבן מיר ניט אין אַמעריקע. מיין ברודער לייזער איז געפאַלן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. מיין שווער ר׳ עליע אייזענצאַן פון אָפּצין איז געפאַלן אין ליובאַנעם פּאָגראָם. איך בין געווען די פרוי פון זיין זון אהרון אייזענסאָן, וועלכער האָט פיל דורכגעמאַכט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה אין פראַנקרייך אַלס אַמעריקאַנער סאָלדאַט.

# הוספות

## ז. ווענדראָף / אויפ'ן שוועל פון לעבן

**(פראַגמענטן)**

**ביים „גרויסן סאַמאָוואַר"**

אויף דעם פאַרגעלבטן שער־בלאַט פון דעם אין לעדער געבונדענעם ספר „מורה נבוכים" פלעגט דער טאַטע פאַרציי־כענען די וויכטיגסטע דאַטעס פון דער משפחה־כראָניק: גע־בורטן אויף איין זייט בלאַט, יאָרצייטן — אויף דער צווייטער.

מיין געבורט האָט דער היסטאָריאָגראַף פון דער פאַמיליע פאַרשריבן אין דער ניינטער שורה אויף דער ליידיקער זייט בלאַט.

גרינג זיך אָנצושטויסן, אַז מ'וואָלט זיך גריילעך געקאָנט באַגיין אָן מיר.

צום ברית, ווי איך האָב שפּעטער פיל מאָל געהערט דערציילן, האָט דער טאַטע זיך באַמיט צו זיין האָפערדיק, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ בעל־שמחה. נאָר די מאַמע האָט קיין גרויסע פרייד ניט אַרויסגעוויזן. זי האָט געוווסט: נאָך אַ קינד — נאָך אַ זאָרג אויף איר קאָפּ.

דער טאַטע — אַ למדן, אַ משכיל, „אַן אויפגעקלערטער" — האָט מער באַשיינט ווי געשפּייזט די פאַמיליע. די הויפּט־שפּייזערין, די אויפטוערקע, איז געווען די מאַמע.

די מאַמע האָט געהאַלטן דעם טאַטן אין גרויסן כבוד, גלייך ער וואָלט געווען דער קאָפּ אין שטוב. נאָר סיי מיר, סיי לייט, האָבן געוווסט, אַז די שטוב האַלט זיך אינגאַנצן אויף איר, אויף דער מאַמען.

דעם טאַטן האָב איך זייער ליב געהאַט, אָבער קיין טראָפּן ניט מורא געהאַט פאַר אים. מיין ליבע צו דער מאַמען איז מער ענלעך געווען צו אַ פאַרגעטערונג, געמישט מיט מורא. די דאָזיקע פאָרכטיקע פאַרגעטערונג איז ווי אַ וואַנט געשטאַנען צווישן אונדז און ניט דערלאָזט קיין שום צערטלעכקייטן צווישן מיר און דער מאַמען, כאָטש געגאַרט האָב איך נאָך אירע צערטלעכקייטן מיט אַלע מיינע גלידער.

אין מיין ־קינדערישן דמיון האָב איך זיך שטענדיק פאָר־געשטעלט מיין מוטער מיט אַ פאָרויס אויסגעשטרעקטער האַנט, ווי זי וואָלט מיך אָפּגעהאַלטן: „ניט צו נאָענט!"

די מאַמע האָט קיינמאָל ניט אויפגעהויבן דאָס קול, קיינ־מאָל ניט געבייזערט זיך — ניט אויף אייגענע, ניט אויף פרעמדע.

ווען איר איז עפּעס ניט געפעלן, האָט זי אָנגעכמורעט די געדיכטע צוזאַמענגעוואָקסענע ברעמען און שטיל, אָבער וואָגיק אַ זאָג געטאָן:

אַזוי טויג ניט.

אין ערנסטערע פאַלן:

פע, חלשות!.. אַזוי טוט מען ניט.

אַזוי האָט זי זיך באַנומען מיט פרעמדע מענטשן, אַזוי אויך מיט אירע אייגענע קינדער.

און געווירקט האָבן שטענדיק אָט־די קאַרגע ווערטער אירע אַ סך שטאַרקער ווי דעם טאַטנ'ס „אַרויסגיין פון די כלים".

לייט האָבן פון דער מאַמען געהאַלטן אַ וועלט.

— זעלדע — א חכמה!

— אַ פּיקחת! אַ בר־דעת!

— אַ מאַנסבילשער קאָפּ! אַ מענטש מיט אַ לויטערן מוח!..

— אַ גרויסע אויפטוערקע, זעלדע!

אַזעלכע מיינונגען וועגן מיין מאַמען האָב איך כסדר געהערט, נאָך איידער איך האָב ווי געהעריק געקאָנט אָפּשאַצן זייער מיין.

אַ שטאַלטנע, אַ שטאָלצע, אַ הערשענדיקע. שטענדיק רואיק און צוריקגעהאַלטן, האָט זי שוין בלויז מיט איר אויסערלעך געשטאַלט אַרויסגערופן אָפּשיי צו זיך.

אין איר קלייד מיט דעם סאַמעטענעם קאָלנערל ביים האַלדז און מיט די סאַמעטענע קרייזלעך אונטן. אין אַ שוואַרצן אַטלאַסענעם בורנוס ווינטער און אין אַ שוואַרצער זיידענער פעלערינע זומער, איז זי מיט שטאָלצע, געמאָסטענע טריט — נאָך שטאָלצער און געמאָסטענער ווי אין מיטן וואָך — געגאַנגען שבת איבער דער גאַס מיט אַזאַ מין אויסזען, ווי די שטאָט וואָלט, לכל הפחות, געהערט צו איר.

לויטן ברייטן „גוט־שבת", וואָס יעדערער — **אַפילו חשוב'ע**

---

**אָנמערקונג פון רעדאַקציע**

דער באַוווסטער שרייבער ז. ווענדראָף איז, ווי באַקאַנט, אַ סלוצקער.

ביז איצט האָבן מיר ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט פאַרעפענט־לעכן אין פּינקס סלוצק עטוואָס פון זיינע ליטעראַרישע ווערק. לעצטנס, ביים שליסן דעם בוך, האָבן מיר צופעליק געקראָגן אייניקע נומערן פון „מאָרגן פרייהייט", מיט די ערשטע קאַפּיטלען פון זיין אטאביאָ־גראַפיע „אויפן שוועל פון לעבן", אין וועלכע עס שפּיגלט זיך אָפּ סלוצקער לעבנס שטייגער מיט 81 יאָר צוריק. גאַנץ גערן דרוקן מיר אייניקע פראַגמענטן פון די קאַפּיטלען, וועלכע געפינען זיך אין אונדזער רשות.

באַלעבאַטים — טראָגט איר אַנטקעגן, שטויס איך מיך אָן, אַז „מיין מאַמע איז ניט אַבי ווער", און איך אַליין הויב זיך אָן פילן אַ גאַנצער יחסן.

נאָר אין איר גאַנצער „געטלעכער" גרויס זע איך די מאַמע שבת־צו־נאַכט ביים „גרויסן סאַמאָוואַר".

מיר פאַרמאָגן צוויי סאַמאָוואַרן. איינעם אויף צוואַנציק גלאָז, וועלכער הייסט פשוט — דער סאַמאָוואַר, און אַ צווייטן אויף זעכציק גלאָז, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דער גרויכער סאַמאָוואַר".

„גרויס" איז געווען אָט־דער סאַמאָוואַר ניט בלויז מיט דער מאָס, נאָר אויך — און דער עיקר — מיט דער ראַליע, וואָס ער האָט געשפּילט אין שטוב.

דעם סאַמאָוואַר, דעם סתם סאַמאָוואַר, שטעלט מען יעדן פרימאָרגן און יעדן אויפדערנאַכט. טרינקען טיי פון דעם סתם סאַמאָוואַר איז אַ וואָכעדיקער ענין, ווי עסן אָנבייסן אָדער וועטשערע. דער סתם סאַמאָוואַר שטייט אויפן טיש פון פיינף באַגינען, ווען דער טאַטע מיט דער מאַמען שטייען אויף פון שלאָף, ביז האַלבן־טאָג, ווען די מיטעלע שוועסטער, די „מאַניציפּאַציע", וואָס לייענט ביז שפּעט אין דער נאַכט און שלאָפט שפּעט אויפן טאָג, טרינקט אָפּ טיי. עטלעכע מאָל דורכן פרימאָרגן דערגיסט מען אין דעם סתם סאַמאָוואַר וואַסער און מען דערשיט הייסע קוילן. יעדערער טרינקט פון אים טיי, ווען ער וויל און וויפל ער וויל. אין פרימאָרגנס כאַפּן זיך אַריין שכנים פאַרבריען פון אים אַ פּיצל סוכאַרעק פאַר אַ קינד, „אויב איר'ט קיין פאַראיבל ניט האָבן", און אַ שכן קומט אַמאָל אַריין, „אַראָפּשווענקען דעם שלאָף פון האַרצן" מיט אַ לעבלעך גלעזל טיי, „אויב ס'איז פאַראַן".

אָבער דעם גרויסן סאַמאָוואַר שטעלט מען בלויז אין פייערלעכע אָוונטן — אין די שבת־צו־נאַכטן.

די מאַמע זאָגט אַז שבת־צו־נאַכט איז דער איינציקער אָוונט, ווען זי פילט, אַז זי לעבט נאָך אויף דער וועלט. אַ גאַנצע וואָך „לעבט זי ניט". אין די אָוונטן, ליגנדיק אין צווייטן צימער אויף מיין בעטל, הער איך, ווי די מאַמע באַקלאָגט זיך פאַרן טאַטן, אַז זי ווערט דערשטיקט, אַז זי ווייסט ניט ווי אויסצוקערעווען זיך, אַז די פּראָצענטן עסן זי אויף, אַז דער שבת־צו־נאַכטיקער „גרויסער סאַמאָוואַר" איז געווען איינער פון די מיטלען אויפצוהאַלטן דעם נאָמען פון „אַן אָפענער שטוב".

צום שבת־צו־נאַכטיקן „גרויסן סאַמאָוואַר" קומען זיך צונויף שכנים, באַקאַנטע, חשוב'ע מענטשן, לומדים און משכילים, וואָס האָבן ליב צו הערן און זאָגן אַ גוט וואָרט, אַרומרעדן וועלטלעכע ענינים און סתם פאַרברענגען אַן אָוונט אין אַן „איידעלער סביבה".

עס קומט אונדזער שכן שמואל־יוסף ראַבינאָוויטש, אַן אויפגעקלערטער מענטש, וואָס לערנט תנ"ך מיט מענדעל־סאָנ'ס ביאור און טראָגט אַפילו אינמיטנוואָך אַ מאַנישקע מיט אַ שוואַרץ בענדל אָנשטאָט אַ שניפּס; עס קומט אַלטער סאַלאַנטער, אַ משכיל, וואָס שרייבט „קריטיקעס" אין „המליץ"; זיסל „ערטשעמיכאַויסעט", אַ ייד מיט אַ פולן קאָפּ ידיעות, וואָס פאַלט יעדערן אַריין אין די רייד מיט זיין „הערטשע מיך אויסעט"; אַ שטענדיקער גאַסט ביים שבת־צו־נאַכטיקן „גרויסן סאַמאָוואַר" איז דער פעטער העסל — אַ ביסל אַ מגושמ'דיקער, אָבער פריילעכער ייד, וואָס האָט שטענדיק צו דערציילן אַ מעשה, וואָס ס'האָט זיך מיט אים „אַנומלט פאַר־לאָפן"; עס קומען איידעלע יונגעלייט, וואָס זענען אויסן ניט אַזוי די איידעלע שמועסן אין דער איידעלער סביבה, ווי פאַרברענגען אַ ביסל מיט מיינע שוועסטער, דערהויפּט מיט דער „מאַנציפּאַציע", וואָס קלייבט זיך פאָרן שטודירן און איז אַ באַ'חנ'ט מיידל דערצו.

אין עס־צימער ברענט העל דער גרויסער בליצלאָמפּ; דער „גרויסער סאַמאָוואַר" אויפן טיש בלאָזט פון זיך וואַזשנע מיט פּאַרע און ברומט געמיטלעך אונטער, ווי אַ גוט אויפגעלייגטער באַלעבאָס נאָכן שבת־בייטאָגיקן שלאָף; דער טאַטע דערציילט זיינע „איינפאַלן" אויפן „קעמפּערנעם" פון דער היינטיקער סדרה און זאָגט אויסנווייניק שטיקער פונם „מורה נבוכים". עס פאַלן ווערטלעך, און עס ווערן אַרויסגעזאָגט „פיינע געדאַנקען"; אַלטער סאַלאַנטער דערציילט די לעצטע נייעס פון „המליץ", און עס גייט אַוועק אַ שמועס וועגן הויכער פּאָליטיקע... ס'איז יום־טוב'דיק, היימיש און געמיטלעך. און איבער אַלץ און אַלעמען קיניגט די מאַמע. — — —

## גאָלדענע הענט

די מאַמע האָט געפירט אַ זייף־פאַבריק מיט אַן אַרבעטס־קראַפט פון איין־און־איינציקן מענטש, דעם זייף־קאָכער.

די מאַמע האָט געזאָגט, אַז „ער פאַרמאָגט גאָלדענע הענט", נאָר „דאָס איז אַ ווייסל פון אַן איי". מ'טאָר אים אויף איין מינוט אַליין ניט לאָזן.

מיר האָבן זיכער זייער געוואָלט זען אַ מענטשן מיט גאָלדענע הענט, וואָס אַליין איז ער אַ ווייסל פון אַן איי. דאָס דאַרף זיין פונקט אַזוי טשיקאַווע ווי אַ שרעטעלע, ווי אַ פאַרשטעלטער, ווי אַ רואה ואינו נראה (רויע וועינוי נירע)... די פאַבריק גופא, וווּ עס גייען אַרום מענטשן מיט גאָלדענע הענט, מוז זיין עפּעס אַ מין כישוף־פּאַלאַץ, וווּ עס קומען פאָר וווּנדערלעכע זאַכן.

קוים מיט צרות האָב איך איינגעבעטן די עלטערע שוועס־טער. זי זאָל מיר כאָטש איין מאָל לאָזן אַוועקטראָגן דער מאַמען וואַרמעס אין פאַבריק.

נאָר אָנשטאָט אַ כישוף־פּאַלאַץ האָב איך געפונען אַ האַלב־פינצטערע שטוב מיט פאַררויכערטע ווענט און מיט אַ נאַסן און גליטשיקן דיל; ס'האָט געשמעקט מיט נבלה, מיט פאַרלעגנעם חלב, און די לופט איז פול געווען מיט פייכטן דאַמף, ווי אין אַ באָד.

אַפילו די מאַמע גופא האָט אין פאַבריק אַ סך פאַרלאָרן פון איר קעניגלעכקייט אין מיינע אויגן. ס'איז גאָר ניט געווען די זעלביקע שטאָלצע, געלאַסענע, צוריקגעהאַלטענע מאַמע וואָס איך האָב געקענט פון דער היים, די „קייסערינע" פונעם „גרויסן סאַמאָוואַר".

אַ נערוועזע, אַן אומרואיקע, אַ פאַרשוויצטע, האָט זי יעדע ווילע געטאַרעט דעם זייף־קאָכער:

— גיט אַכטונג אויפן קעסל... זעט נאָר. אויף טשיקאַוועס,

צי דער חלב איז שוין פאַרטיק... דעם קאוסטיק ריכטיק אָפּגעוווֹיגן?.. שיט ניט אַזוי פיל סאָדע... איר שיט אַזויפיל מאַטעריאַל, אַז ס'וועט נאָך אויסקומען דערלייגן צום עסק... קאָליפאָניע און זאַלץ פאַרגעסט ניט...

— דאָס ערשטע מאָל קאָך איך זייף, ווי מיינט איר? — האָט דער ייִד מיט דער געלער באָרד ברוגז געבורטשעט.

מיך האָט די מאַמע קוים באַמערקט.

— זע, דו גאָר טראָגסט שוין מיר וואָרמעס? ווו איז ליבע? — האָט זי צעשטריט באַמערקט. צוגענומען פון מיינע הענט דאָס טעפעלע, אַוועקגעשטעלט עס אויפן פענצטער און גלייך פאַרגעסן סיי אָן מיך, און סיי אָן דעם וואָרמעס

## אויסגעקליבן אַ פאַך

— — — ניט אַנדערש, אַז ער איז משוגע געוואָרן.

— נאָ דיר גאָר אַ בעל־מלאכה מיטאָמאָל! דערויף האָט מען עס געדאַרפט גאַנצע נעכט בלענדן זיך די אויגן אויף ביכער?

— אַ שניידער אָדער אַ שוסטער קאָן מען זיין אָן היסטאָריע מיט געאָגראַפיע!

מיט אַזעלכע רייד האָט מיין משפחה באַגעגנט דאָס נייעס, אַז איך גיי ווערן אַן אַרבעטער.

בלויז מיין עלטערער ברודער, אַט דער, וואָס האָט פלוצלונג „פיינט געקראָגן דעם קייסער" און האָט זיך דעריבער געקליבן אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע, ווי נאָר ער וועט דער־האַלטן פון זיין כלה אַ שיפס־קאַרטע, — האָט איינגעפונען, אַז „אפשר איז עס ניט אַזוי קרום, ווי עס דאַכט זיך".

— פריער אָדער שפּעטער — קיין אַמעריקע וועט ער דאָך דאַרפן פאָרן, איז זאָל ער לערנען אַ מלאכה. דאָרטן וועט עס אים צו נוץ קומען, אין אַמעריקע איז אַ מלאכה קיין חרפה ניט

נאָר ווען ער האָט דערהערט, אַז איך גיי ווערן אַן איינבינדער, האָט ער אויך געקוועטשט מיט די אַקסלען.

— וואָס עפעס גראָד אַן איינבינדער? פאַרוואָס ניט אַ זייגערמאַכער צי אַ גאָלדשמיד? אויך אַן איידעלע מלאכה.

— מיר געפעלט איינבינדעריי.

— אַז ניט לייענען פושקינען מיט גאָגאָל'ן, איז כאָטש איינבינדן זיי, וואָס? — האָט דער ברודער, דער בעל־תּכלית, איראָניזירט.

— מען קאָן אי לייענען פושקינ'ען מיט גאָגאָל'ן אי איינבינדן זיי.

— אַ משוגעת!..

— וואָס פאַרשטייסטו דאָ ניט? ער וויל זיין באַוואָרנט מיט דלות אויפן גאַנצן לעבן, גייט ער ווערן אַן איינבינדער. איך האָב געהערט און אין זיך געשמייכלט: ווען זיי וויסן דעם אמת'ן מאָטיוו פון מיין „משוגעת"!

אויסקלייבנדיק פון אַלע פּראָפעסיעס איינבינדעריי און פון אַלע איינבינדער — הירשל דעם געלן אויף לערנען ביי אים די מלאכה, האָב איך געהאַט אין זינען: שפּרינצל. טיר־צו־טיר מיט הירשל דעם געלן האָט געוווינט די ערשטע באַגערטע פון מיין האַרץ. דאָס אַליין איז געווען גענוג, אַז איינבינדעריי זאָל פאַר מיר ווערן די אינטערעסאַנטסטע אַרבעט אין דער וועלט און הירשל דער געלער — „דער גרעסטער קינסטלער אין זיין פאַך". זיין שטענדיק טיר־צו־טיר מיט פרינצ'לען, זען זי און ריידן מיט איר יעדן טאָג, עטלעכע מאָל אַ טאָג, ווען ס'וועט זיך מיר נאָר פאַרגלוסטן, האָבן די מעגלעכקייט יעדע מינוט אַרויסווייזן איר מיין צוגעבונדנקייט, מיין ליבע — אָט וואָס ס'האָט מיט מיר אָנגעפירט ביים אויסוואַל פון אַ פּראָפעסיע! — — —

## דער ערשטער שטרייק

העכער פון מיטעלן וווּקס, אַ ברייט פּלייציקער, מיט אַ „רוסישער" באָרד אַרום פולע רויטע באַקן, מיט אַ ברייטן און זיכערן גאַנג פון אַ מענטשן, וואָס איז צופרידן אי מיט זיך אי מיט דער וועלט — איז פאַליע קראַוועץ קיין האָר ניט ענלעך געווען אויף אונדזער באַקאַנטן ייִדישן שניידערל — דעם הונגעריקן, אָבער פריילעכן קבצן.

פאַליע קראַוועץ איז ניט געווען אַבי אַ שניידער, — ער איז געווען אַ פריצישער שניידער, „מוזשעסקאָי, אי דאַמסקי, שטאַטסקי אי וואָיענני", — וועגן וואָס עס האָבן, אין וואָרט און אין בילד, ברייט געמאָלדן די שילדן ביים אַריינגאַנג אין זיין וואַרשטאַט.

פון איין שילד האָט אַראָפּגעקוקט אַ יונגערמאַן מיט רויטע באַקן, אין אַ וויזיטקע מיט קליאַפּעס, אין פּאַסקאָווע הויזן און מיט אַ צילינדער אויפן קאָפּ. געגנ־איבער האָט, פון דער צווייטער שילד, אַרויסגעשמייכלט אַ ניט ווייניקער עלעגאַנטע דאַמע מיט אַ גרינעם קלייד מיט אַ לאַנגער שלעפּע און מיט אַ טיפן דעקאָלטע, וואָס איז אַפילו פאַר אַ דאַמע אַ שילד געווען אַ ביסל צו טיף. אויף איין האַנט פון דער בלאָנדער קראַסאַוויצע איז געווען אַ רעגנמאַנטל; אין דער צווייטער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ רייטבייטשל, וואָס האָט געדאַרפט לאָזן וויסן, אַז דאָ נייט מען אַלץ — פון אַ באַל־קלייד ביז אַ רעגנמאַנטל. אַ בראָוועד מיליטערישער פאַרשוין אין אַ „ניקאָלאַיעווסקן" שינעל מיט אַ פעלערינע איבער די אַרבל און מיט אַ גרויסן באַבראָוון קאָלנער, האָט מיט אַ גזלנ'ישן בליק שטרענג געקוקט פון דער דריטער שילד — אָט, אָט, דאַכט זיך, גיט ער אַ ריטשע: „סמיררררנאַ!" אָדער, „מאָל־טשאַט!"... אַ מיליטערישער מונדיר, אינגאַנצן באַהאַנגען מיט מעדאַלן, און אַ וויצע מונדיר מיט זילבערנע קנעפּ, ביידע אָנגעצויגן אויף זיך שטאַרקע מענערשע ברוסטן, האָבן זיך זאַלבענאַנד איינגעאָרדנט אויף דער פערטער שילד. — — —

פאַליע קראַוועץ האָט זיך אין קיין רעקלאַמעס ניט גענויטיקט. יעדער איינער אין שטאָט און אין גאַנצן אויעזד האָט אויך אַזוי געוווּסט, אַז ביי פאַליע קראַוועץ קאָן מען זיך באַשטעלן — פון אייגענעם אָדער פון שניידערס שטאָף — „אינלענדישע און אויסלענדישע" — וואָס דאָס האַרץ גלוסט: פון אַ וויזיטקע ביז אַ מונדיר, פון פּאַסקאָווע הויזן ביז אַ מיליטערישן שינעל, פון אַ חופּה־קלייד ביז אַן אַמאַזאָנקע, און וועלכער דעם מאַרשאַלעקס פאַרשייטע טעכטער פאָרן רייטנדיק. די שילדן, וואָס האָבן פאַרנומען די גאַנצע פאָדערשטע וואַנט

פון זיין פיינער שטוב אויף דער הויפט־גאַס פון דער שטאָט, זענען געווען ניט מער ווי אַ טייל פון דער באַפּוצונג אויף זיין הויז, אָט ווי די געשניצטע געזימסן, ווי די קאָלירטע שייבלעך אין דעם באַגלאָזטן גאַנעק, ווי דאָס געפאַרבטע וועטער־הענדל אויפן שפּיץ דאַך.

פאַליע קראַוועץ איז בטבע געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון קונסט און אַ מעצענאַט. זיין שטוב איז, ווי אַ מוזיי, אָנגעפּיקעוועט געווען מיט קונסט־ווערק: מיט ליימענע, רויט־פּנים׳דיקע, צעשמייכלטע און באַמיצלטע דייטשן מיט שוימענדיקע ביר־קופלען אין די הענט און מיט לאַנגע ליולקע־ציבעקעס אין די מיילער; מיט גיפּסענע איטאַליעניש ייִנגלעך אין פאַרלאַטעטע הייזלעך, אין היטעלעך מיט די דאַשיקעס פאַרדרייט אַן אַ זייט און מיט פּאַפּיראָסלעך אין די מיילכלעך; מיט פאַרצעלייענע הינטלעך; מיט שטיינערנע העלפאַנטן, מיט בילדער און גראַווירן, ווי אַ שטייגער: „משה מאָנטעפיאָרע פאָרט מיט אַ וויזיט צו דער ענגלישער מלכה וויקטאָריע", „דריי דורות", „מזומן און קרעדיט" — אַ מוסר־השכל־בילד פאַר סוחרים, און נאָך אַזעלכע קונסט־ווערק, ביסלעכווייז אויפגעקויפטע בעת זיינע נסיעות נאָך סחורה קיין לאָדז, ביאַליסטאָק און טאָמאַשעוו.

האָבן אין שטאָט פאַרבלאָנדזשעט עטלעכע פּיעכאָטע אַקטיאָרן — אַ רעשטל פון אַ צעשאָטענעם וואַנדערנדיקן יידישן טעאַטער, — איז פאַליע געווען דער ערשטער אַריינ־צונעמען זיי צו זיך אין הויז, געבן זיי עסן און טרינקען, אויספּועל׳ן ביים איספּראַווניק אַ דערלויבעניש אויף עטלעכע ספּעקטאַקלען פון דער „יידיש־דייטשער" טרופּע, ערוב זיין פאַר זיי ביי יאַבראַוו׳ן אין דרוקעריי פאַר אַפישן, באַקומען אימזיסט דעם פאַזשאַרנעם דעפּאָ פאַר די פאָרשטעלונגען, אַליין שטיין ביי דער טיר און אַכטונג געבן, אַז מער ווי אַ העלפט עולם זאָלן אַן בילעטן אין טעאַטער ניט אַריין. קורץ, ער האָט דאָס לעבן געלייגט, אַז די „טרופּע" זאָל ניט אוועק־גיין פין שטאָט אַזוי ווי זי איז געקומען — צופוס.

חזנים זענען לכתחילה פאַרפאָרן צו אים ווי צו זיך אַהיים. די גאַנצע חזנישע וועלט — פון ליטע ביז וואָלין — האָט געוווּסט, אַז מיט עסן און דירה, סיי פאַר זיך, סיי פאַר חברה משוררים, איז מען ביי פאַליען פאַרזאָרגט אדרבא, זאָל איינער פּרוּוון ניט פאַרפאָרן צו פאַליען, קויפט ער זיך אַ שונא אויפ׳ן גאַנצן לעבן.

אַ רב׳ל וואָס האָט אַרומגעטראָגן זיין חיבור איבער די הייזער, אַ פאַרבלאָנדזשעטער מגיד, אַן אָרעמע כלה, אַ רייטערקע פון אַ וואַנדערנדיקן צירק, אַ טשינאָווניקל אַ שיכור, וואָס לעכצט נאָך אַ טראָפּן צו אָטכייען זיך נאָך אַ פיל־טאָגיקער זויפעריי, די תלמוד־תורה און די „וואָלנע־פאַזשאַרנע־קאָמאַנדע", די ישיבה, די שטאָט־באָד און די קלויז — אויף אַלץ און פאַר אַלעמען האָט זיך ביי פאַליע קראַוועץ געפונען אַ קערבל.

פאַליע קראַוועץ האָט זיך געקאָנט פאַרגינען צו זיין אַ מעצענאַט און אַ בעל צדקה: אויסער וואָס ער האָט באַנייט גאַנץ נאַטשאַלסטווע אין שטאָט און פּריצים צוואַנציק מייל אַרום שטאָט, האָט ער נאָך גענומען פּאָדריאַדן אויף באַקליידן די גאָראָדאָוויע, די וועכטער פון תפיסה, די שטאָטישע פייער־לעשער די קוריערן, פון דער „וואָינסקער פּריסוטסטוויע", פון דער גימנאַזיע און פון דער פּאָליציי.

פאַליע איז פאַרוואָרפן געווען מיט אַרבעט אַ קיילעכדיק יאָר. געפירט, קאָן מען זאָגן, אַ גאַנץ פאַבריקל מיט וואָסערע צען־צוועלף געזעלן און עטלעכע לערניינגלעך, אַחוץ וואָס ער האָט פּראָסטערע אַרבעט אַרויסגעגעבן „כאַלופּניקעס", אָרעמע שניידערלעך, אַהיים.

פאַליע איז געווען אַן אַריינגייער צו פּריצים, אַן אייגענער מענטש ביי נאַטשאַלסטווע, אַן אָנפאַרטרויטער ביים איספּראַוו־ניק. קליינע טשינאָווניקעס, לערער פון גימנאַזיע און פאַר־אָרעמטע פּריצים, וואָס האָבן ביי אים געניית אויף באָרג און שלעכט געצאָלט חובות, האָבן אים אַפילו אָנגעטאָן דעם כבוד צו קומען צו אים אין שבתים אויף יידישע געפילטע פיש מיט רוסישן בראָנפן.

האָט אַ ייד געדאַרפט „אַריינמאַכן" אַ קינד אין גימנאַזיע, „אַרויסמאַכן" זיך פון אַ בילבול וועגן אַ פאַרדעכטיקער שריפה, „צערייבן" אַ פּראָטאָקאָל, אַ טובה אין פּריזיוו זאַכן, נעמען ביי שטאָט אַ פּאָדריאַדל, — האָט מען געבעטן פאַליען. ער זאָל „פאַרוואָרפן אַ וואָרט" ווו מען דאַרף, און פאַליע האָט געטאָן „וואָס מען קאָן".

קיין געלט האָט פאַליע פאַר אַזעלכע טובות ניט גענומען. ער טוט עס, האָט ער געזאָגט, פון מצווה וועגן און ווייל ער האָט בטבע ליב טאָן אַ יידן אַ טובה.

„זיי" האַלטן ניט פון מצוה׳ס, זיי האָבן ליב אַ קערבל. און פאַליע האָט, אין אַזעלכע פאַלן, גלייך אָפּגעשאַצט וויפל אַן ערך דאָס דאַרף קאָסטן.

— איך וועל זיך דינגען ווי פאַר זיך אַליין. אַ יידישע קאָפּעקע איז ביי מיר טייער. נאָר גלייכער גיט עטלעכע רובל מער, וועט זיך עס גיכער לאָזן דורכפירן... אַז מען שמירט גוט, פאָרט זיך בעסער.

און כאָטש יידן מיוחסים, שיינע בעלי־בתים, האָבן אין האַרצן מבטל געמאַכט דעם רייך־געוואָרענעם שניידערוק, האָבן זיי אים, פונדעסטוועגן, אין די אויגן גערופן „רעב רפאל" און געזעסן מיט אים ביי איין טיש אין אַלע קהלשע ענינים.

— אַז איר ווילט, איז ער דאָך גאָר קיין שניידער ניט, מער פּאָדראַטשיק ווי שניידער. — — — יענער האָט שוין אפשר צען יאָר ניט געהאַלטן קיין נאָדל אין דער האַנט. עס אַרבעטן אויף אים מענטשן, און פאָרט אַן אָפענע האַנט.

בלויז די אַרבעטער זיינע האָבן אויף אים קיין זכויות ניט געזוכט און ניט געשאַנעוועט זיין כבוד ניט אין די אויגן ניט אונטער די אויגן. פאַליע קראַוועץ איז געווען דער ערשטער און דער איינציקער אין שטאָט, וואָס האָט איינגעפירט ביי זיך אין וואַרשטאַט שטיק אַרבעט.

— ביי שטיק אַרבעט איז יעדערער פון אייך באַלעבאָס פאַר זיך, האָט פאַליע איינגערעדט זיינע געזעלן. — ווילסטו זיצסטו אַ שעה לענגער און פאַרדינסט אַן איבעריקן גילדן; ווילסטו ניט, מאַכסטו שבת בייצייטנס. וואָס אַרט אייך, אירט זען, אַז שטיק־אַרבעט וועט אייך בעסער לוינען. — — — —

אָבער אינגיכן האָבן זיך די אַרבעטער אַרומגעזען, אַז זיי

זענען שטאַרק געקריוודעט. דער פאַרדינסט האָט זיך פאַרקלע־נערט, ביי וועמען אויף אַ פערט־חלק און ביי וועמען אַ גאַנץ דריטל. פאַליע האָט געמאַנט אַרבעט „פערווי־סאַרט״. עפּעס ניט אַזוי, איז אַ פיר מיטן מעסערל איבערן נאָט, אַ טרען אויף פון אויבן ביז אַראָפּ, אַ ריס אָפּ אַ לאַץ און אַ וואָרף דעם אַרבעטער אין פּנים אַריין: נאַ, מאַך איבער! אַזוי וועסטו נייען פאַר דאַרפישע חתונות. — — —

פאַר איבערמאַכן האָט ער, פאַר שטייט זיך, ניט געצאָלט.

— וואָס אַרט אים, אַז איכ׳ל דריי מאָל איבערמאַכן, ס׳קאָסט אים עפּעס, וואָס?

— מיט זיין טאָג חיונה איז ער דאָך שוין באַוואָרנט.

— אַפילו אויף אויספיינען זיך מיט שיינע נדבות אויכעט.

— אַ בעל־צדקה אויף יענעמס קעשענע...

— ער שטעלט זיך ברייט, שטעלט ער זיך, אַ רוח אין דעם פּעמפּיק׳ס טאַטן אַריין! — האָבן זיך די אַרבעטער געקילט די הערצער.

— — — — — — — — —

שלוימקע האָט זיך אַ קער געטאָן צו די טישן, אויף וועלכע אַלע זענען נאָך געזעסן מיט די פיס אונטער זיך און מיט די שטיקלעך אַרבעט אויף די קני, האָט ער, מיט אַ קלינגענדיקער שטימע אויסגערופן: חברים אַרבעטער, אויב איר האָט אָפּשיי פאַר זיך אַליין, אויב איר ווילט, אַז פאַלקע, די פאַלקעס די עקספּלואַטאַטאָרס זאָלן ניט פעט ווערן אויף אייער בלוט און שוייס, — — — טאָ באַווייזט, אַז איר זייט באַוווסטזיניקע אַרבעטער — לייגט גלייך אַוועק די אַרבעט, און זאָל פאַלקע זען, ווער פון וועמען לעבט: מיר פון אים אָדער ער פון אונדז.

— דערקלערן אים אַ שטרייק, ניט אַנדערש — אַ שטרייק! האָבן אונטערגעכאַפּט די יונגע געזעלן.

מיט קווענקלעניש, אָבער עס האָבן אויך די עלטערע אַרבעטער אַוועקגעלייגט די אַרבעט אָן אַ זייט און, ווי אומגערן, אַראָפּגעשאַרט זיך פון די טישן...

— — — — — — — — —

די שטרייקערס האָבן אַרויסגעשטעלט פאַליען פאָלגנדע פאָדערונגען:

1. אָפּשאַפן שטיק־אַרבעט און צוריק איינפירן וואָך־לוין.
2. איינשטעלן אַ צען שעה׳דיקן אַרבעטס־טאָג.
3. אָפּשאַפן אַרבעט אין די ווינטערדיקע שבת־צו־נאַכטן, ווען עס ווערט אָפּגעאַרבעט פאַר די ניט פאַראַרבעטע שעה׳ן אין די ווינטערדיקע פרייטיקן.
4. ניט שלאָגן און זידלען קיין לערן־ייִנגלעך. ניט באַנוצן זיי פאַר שטוב אַרבעט.
לערנען זיי די מלאכה גלייך פון אָנהויב לער־טערמין. פון דריטן יאָר — ניט ווייניקער ווי איין רובל אַ וואָך אַרבעט לוין.
5. אַלע שטרייקערס ווערן צוריק צוגענומען צו דער אַרבעט.

— — — — — — — — —

פאַליע האָט געלאָזט אין גאַנג זיין גאַנצע גאָענטקייט מיט נאָטשאַלסטווע אויף צו ברעכן דעם שטרייק. — — —

די שטרייקערס זענען געזעסן יעדערער ביי זיך אין דער היים און קיינעם ניט אָנגערירט. בלויז אין אָוונט פלעגן זיי זיך צונויפקומען אין דער שניידער׳שער שול.

דער רב האָט זיך אויך אַריינגעלייגט אין אַ שלום צווישן פאַליען און זיינע מענטשן.

# משה יהודה מייזל סטעטן איילנד / פּאָרטרעטן פון ראַמאַנאָווע

(לעצטער נוסח ש. צביון)

**דער רב**

געווען פאַר צייטן אין ראַמאַנאָווע אַ רב,
גוט, ערלעך, הייליק און פרום.
מעגלעך איינער פון די צדיקים — די ל״ו,
געקלונגען האָט זיין נאָמען אַרום און אַרום.
פאַסירט האָט עס שוין לאַנג אַמאָל, ניט איצטער
אַריינגעריסן זיך צו אים מיט אימפּעט, פאַרצווייפלט
אַ פרעמדע שיינהייט, פון שטעטל די פריצטע.
ראַטעווע ראַבין! מיין גוט גייט פאַרלאָרן, דער הייפל.
געזעסן איז ער איבער זיין ספר, איינער אַליין,
וואָס וויל די פאַרפוצטע שיקסע? פון שרעק אין חלשות
געבליבן.
אַנגעלאָפן אין חדר די שטוביקע אַלע, גרויס און קליין,
העלפן, מינטערן דעם שוואַכן פאָטער, דעם טייערן, ליבן.
אָט שטייט ער שוין, קוקט שטרענג אַרויס פון פענצטער,
אין דרויסן די פריצטע באַטראַכט אים און קלערט:
„וואָס שעפּטשעט דער בלאָסער?״ אַזוי, זאָגט מען, בענטשט ער,
וועט מקויים ווערן זיין ברכה? און גליק איז מיר באַשערט?״

## איטשע גיטעס דער מלמד

ווייסט איר, ווער מיין רבי איז געווען? / דער ראָמאַנאָווער מלמד איטשע גיטעס. / געקנעלט האָט ער מיט תלמידים ניין אָדער צען, / געלערנט אַ בלאַט גמרא מיט גרינגע שיטות, / ניט געפּילפּולט, אָן קשיות האַרבע. / ס׳מאַכט זיך אַ שווערער פּסוק אין אַ קאַפּיטל שוואַרבע, / פאַרטייטשט ער מיט פּשט קלוג און לאָגיש. / אָבער אין דקדוק, מלעיל און מלרע, אַ שוואָ, אַ דגש, / פילט ער אַ באַזונדער געשמאַק. / — „יונגאַטש!" בייזערט ער גוטמוטיק, / העברעאיש, אונדזער הייליקע שפּראַך! / טאָמער מאַכסטו אַ טעות, געדענק, וועסט כאַפּן אַ פּסק. / פּרנסה? שכר לימוד? דאָס איז אַ לעצטע זאַך... / אַ חיימקע איינער וואָס פאַרשטייט גוט אַ מליצה, / זיין מלבוש אַלט, אַ לאַטע אויף אַ לאַטע, / אויף דער אמתער וועלט שוין לאַנג דער טאַטע, / די מאַמע, די אלמנה לעבט פון שטיצע, — / איז אים איינגעבאַקן אין האַרצן און טייער. / מער ווי יענער וואָס קוקט אין ספר ווי אין בני־אדם דער האָן, / זיין אַנצוג ערשט פון נאָדל אַ שפּאָגל נייער, / און זיין טאַטע דער נגיד זיצט אין שטול אויבן אָן.

## דער זיידע

ראָמאַנאָווער סטאַראָסטע איז געווען אַ ייד אַ הלוש, אַן אַלטער — / מיין זיידע ר׳ יענקל, עליו השלום / זיין פּנים איז געווען שטרענג, דער אָנבליק אַ קאַלטער, / (אַזוי זע איך אים אָפט אין חלום) / נאָר טיף אין האַרצן צאַרט און מילד, ווי אַ קינד. / פרעמדע בחורים צוגעשריבן צו זיין געזינד, / זאָלן זיי תורה לערנען און ניט גיין דינען / דעם פּאָניע, אויב די מאַכט וועט זיי געפינען. / ער אַליין אין גמרא געווען קנאַפּ בעהאַוונט. / איינמאָל, דער זיידע געשטאַנען פאַרן עמוד, שחרית געדאַוונט. / דער בית־מדרש שבתדיק און פול... / וואָס פאַר אַ בהלה? וואָס האָט געטראָפן? / זעל נער מיט ביקסן זענען אָנגעלאָפן / כאַפּן דעם עילוי וואָס באַהאַלט זיך אין שול / מיט זיך אַ שטריק געבראַכט, אים נעמען געבונדן... / נאָר ס׳האָט „אָפּגעגליקט", ער איז פאַרשוווּנדן! / ווי אַזוי? דער זיידע האָט זיך דערוווּסט / אינמיטן קדושה זיך שרעקלעך פאַרהוסט / און געפאַלן... אַ מהומה איז געוואָרן, / אַפילו די זעלנער האָבן זיך פאַרלאָרן, / נאָר אין טומל האָט אונדזער עילוי געראַטעוועט זיינע יונגע יאָרן... / און דער זיידע? דער זיידע איז אויפן אָרט געשטאָרבן! / — „מיין קינד!" — האָט צו מיר שפּעטער מיין פאָטער געזאָגט, / (געזעסן איז ער „שבעה" און ניט געקלאָגט) / דיין זיידע איז געפאַלן אַ הייליקער קרבן, / אָבער איצט, אויף יענער וועלט, איז ער צופרידן — / זיין טויט האָט אויסגעלייזט פון גויאישע הענט אַ למדן אַ יידן.

## דער שוחט

מיין פעטער לייבקע איז געווען אין ראָמאַנאָווע אַ שוחט, / אַ דיין אַ מוסמך און אַ חזן אויכעט. / אַ הדרת פּנים, זיין באָרד הערלעך, דער אָנבליק ליכטיק, / זיין בגד בלאַנקט, אימער ריין און ציכטיק. / מאַכן שלום בין איש ואשתו, צווישן לייטן / איז ער געווען גרייט אין אַלע צייטן. / גיין און לויפן, לויפן און גיין, / מקיים זיין די מצוה ווי אהרון הכוהן / זיין חלק פון שחיטה טראָגט ער אַהיים? חלילה וחס! / פון שעכט הויז מיטן חלף ווען ער גייט, צעטיילט ער דעם און יענעם אין גאַס: / וועמען? — אַן׳אביון, אַן׳אלמנה, ווי ער פאַרשטייט. / אין וועלטלעכע ענינים געניט, אין פּאָליטישע זאַכן, / לייענט גאַזעטן אין פרעמדע שפּראַכן. / ס׳טרעפט אַ מלחמה, ווערט זיין לינקע האַנט / ווי אַ לאַנד־קאַרטע וואָס הענגט אויף דער וואַנט / רופט אָן מיטן נאָמען טאָלן און בערג, ימען און טייכן... / היינט זיינע תפילות, שחרית, מוסף — ניט געווען זייער גלייכן... / ס׳פּאַסירט, דער רב איז ניטאָ / פּסקנט ער שאלות. / הכלל, געווען איז מיין פעטער אַ מושלם, מיט אַלע מעלות.

## ר׳ איטשע דער מגיד

ר׳ איטשע דער מגיד איז געווען דעם שענקערס אַן איידעם פון מוראַווקע, / נאָר דיזע טראַגישע געשיכטע האָט פּאַסירט ביי אונדז אין ראָמאַנאָווע דווקא, / וווהין זיין שלימזל און זיינע פיס האָבן אים דערפירט. / וועגן פּרנסה האָט ער געפונען אַן עצה: / אַזוי ווי געבענטשט איז ער געווען מיט אַ רעדנער־טאַלאַנט, / האָט ער פאַרוואָרפן זיין פּעקל איבערן פּלייצע / און אַ סוקעוואַטן וואַנדער שטעקן גענומען אין האַנט. / זיך געלאָזן מוטיק אין וועג, / צופוס, אַ הויכע, און אַטלעטישע פיגור, / קיינמאָל זיך ניט געזעצט אויף קיין פור / פון שטעטל צו שטעטל, פון שטאָט צו שטאָט / מוסר זאָגן דעם עולם, ווי דער שטייגער אין יענע טעג, / פרום זיין, ערלעך און אָפּהיטן גאָטס געבאָט.

אַ טאַלאַנטפולער מגיד אונדזער ר׳ איטשע — אַ טריבון! / זיין שטימע פלאַקערט פייער און פלאַם, / זיינע אויגן מיט אַ ברען, ווי שטראַלן פון זון, / זיינע ווערטער הילכיק, רוישן ווי כוואַליעס פון ים. / גענערט זיך מיט ברויט און זאַלץ, דערצו אַ קענדל וואַסער, / ניט געוווּסט דעם טעם פון פלייש, אָדער פיש, / דאָך געווען איז ער מונטער, ניט קיין בלאַסער, / אויף אַלע איברים געזונט, קרעפטיק און פריש.

*

אין אַ פראָסטיקן טאָג אין ראָמאַנאָווע געקומען, אוועק־געגאַנגען גלייך אויף זיין אכסניה. / אין שול אויף דער באַנק דעם פּעקל אַראָפּגענומען, / דאָס איז געווען זיין האָטעל אין ליטע, רייסן און פּאָלאַניע.

אויף מיטאָג האָט אים פאַרבעטן מיכל דער בעקער, / אַ פרומער ייד, וואָס ווייס ניט פון פאַלשקייט און שקר. / זיצנדיק ביי דער מילכיקער סעודה, / האָט ער זיך פאַרטראַכט וועגן היינטיקער סדרה „ויקהל" און „פּקודי". / ער הויבט זיך אויף צוויי־דריי טרעפּ, קושט דעם פּרוכת, / שטרענגט אָן זיינע פיזישע און גייסטיקע כוחות. / ביים ארון־קודש שטייט ער איינגעהילט אין טלית, / די שטעטל איז אים גוט באַקאַנט ער קען אַלעמען און ווייס אַלעס. / אָט פאַנגט ער אָן געלאַסן מיט עפּעס אַ קשיא און פאַרענטפערט גלייך מיט אַ תירוץ פון רש״י, / באַלד רייסט זיך אַרויס עפּעס אַ רמז, אַ ווונק / און פאַלט אַריין, ווי אין ברען מאַטעריאַל אַ פונק.

אין דעם מדבר האָבן אבות אבותינו אַ משכן געבויט / זיי האָבן געפייערט חנוכת הבית און דעמאָלסט גראַדע, / האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז נדב און אביהו זענען געפאַלן טויט.../ פאַרשטערט איז געוואָרן די שמחה, די גרויסע פּאַראַדע. / מיר האָבן געלערנט, און אַלעמען איז באַוווּסט, / ברענגען פרעמדע פייער אויפן מזבח האָט זיך זיי פאַרגלוסט. / פאַר וואָס איז אַזוי שטרענג געווען דער מידת הדין? / וואָס האָט געפּסקנ׳ט שריפה די כוהנים, די עלטערע צוויי אהרונס זין? / פרעמדע פייער, רבותי, פרעמדע פייער! / האָט ער זיך מיט אַמאָל, מיט פּאַטאָס צעזונגען; / פאַר פרעמדע פייער באַצאָלט מען גאַנץ טייער, — / האָט זיין שטימע מיט דראָונג געקלונגען. / אייגענער פייער, רבותי, אייגענער פייער איז הייליק, / אייגענער פייער איז פון עולם הבא אַ חלק; / פרעמדע פייער איז פון דאָרטן, ווו ס׳געוועלטיקט דער שטן, / דער יצר הרע, וועלכער רעדט איין טאָן וואָס איז פאַרבאָטן.

פרעמדע פייער! אַ הפקרדיקע וועלט!.. / אויפן יעצטיקן כיני שטייט חוצפה׳דיק דער אָפּגאָט פון געלט. / אַלע קריכן אַהין, פאַלן און קריכן, קריכן און פאַלן, / און קריכן ווייטער אויף קרומע, שמאָלע און פרעמדע וועגן. / אויסגעטריקנט פון מענטשלעכקייט, פאַרשטאָפּט אַלע קוואַלן. / הפקר תרי״ג מצ׳ות, אונדזער גרויסער פאַרמעגן.

ער וואַרפט דעם עולם אין פּנים אַ שולד נאָך אַ שולד, / פאַרלירט אין גאַנצן זיין לאָגיק, זיין געדולד, / ניט קיין מגיד, נאָר אַ שטורעם — גרויזאַם, דונער און בליץ; / דעם עולם וואַרפט אין קעלט און אין היץ. / חטאים, עבירות אַלע סאָרטן, / דאָרטן באַצאָלט ווערט ווערן, דאָרטן! / זינדיק, זינדיק! בחורים, מיידלעך, פרויען, מענער, — / אַ יאָמער פון ווייבערשער שול אויף די העכסטע טענער... / — און אַלץ איז באַגרינדעט אויף פּסוקים, מדרשים, גמרות, — / און מפני חטאינו קומען אין גלות גזירות און צרות.

ווו דאָרטן? ס׳פאַרשטייט זיך אין גהינום, / ווו מלאכי חבלה אין אַלע זיבן קלאַסן / אויף ווילדע קולות ליאַרעמען, שרייען: / קאַטעווע מיט גליענדע ריטער, בראָט עם, ברען עם! / שנייד פון עם פּאַסן! / די רשעים זאָלן וויסן: יש דין ויש דיין.

מיט שרייענדע, בונטע פאַרבן / רווישנדיק האָט ער געשילדערט / וועגן הימל און ערד, וועגן לעבן און שטאַרבן, / מורא׳דיקע שרעקלעכע בילדער. / פונקט ווי ער וואָלט איצט פון דאָרטן געקומען — / ניט פון לאַזאַווע, ניט פון רומען. /

געווען איז דער עולם צערודערט, אויפגערעגט, / זיין געוויסן האָט דאָ זיך ביי אים דערוועקט: / איטשע, איטשע, דו אַזוינער און אַזוינער, / לייג ניט אויף די הערצער אַזעלכע שווערע שטיינער... / פאַרשטיי דיין פאָלק, וועמען דו לערנסט, / זיי ניט אַזוי האַרב, אַזוי ערנסט. / האַלט זיך אָפּ, קום צום שכל! / רוף אַרויס ביי זיי אַ מאָל אַ שמייכל. /

קונציק האָט ער אַ דריי געטאָן זיין רעדל, / פון דאַנען אַהין, גאַנץ פיין, גאַנץ עדל. / אָנגעהויבן מיט אַ געשמאַקן ניגון, / ווי אַ יידישע מאַמע ביים פאַרוויגן / איר פּיצעלע קינד אין וויגעלע / זינגט אַ ליד וועגן אַ ווייסנקער ציגעלע. / איצט וועלן מיר דערציילן אַ מעשה פון גהינום: / איין מאָל, מוצאי שבת, האָט זיך דער שמש צעשריען: / „שובו רשעים לשאולה" — שוין שפּעט! / האָבן זיי זיך צו אים געווענדעט מיט אַ געבעט: / וואַרט אויס, האָב רחמנות, אין יאַנעווע / איז נאָך פאַר הבדלה אויך אין ראָמאַנאָווע... / עס איז טאַקע ריכטיק! באַלד וועל איך וויסן... / עפּעס אַ היציקער מגיד רעדט און רעדט און קען ניט איבעררייסן, / וועט איר פון זיין זכות געניסן... / וואָס קען מען מיט אים מאַכן? ער איז אַ כעסן! / ווידער אַמאָל „שובו רשעים לשאולה!"

בראש אַ דעפּוטאַציע אַ געוועזענער סוחר — ר׳ דץ, / זיך געשטעלט און געטענה׳ט: נאָך פאַר מעריב אין מיין האָצע־פלאַץ! / פאַני דץ! דו האָסט אַ פּנים ביי אונדז פאַרלאָרן / אינגאַנצן דיין זכרון; / דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט, אַז אין האָצעפלאַץ שפּילט מען איצט אין קאָרטן, / מע טרינקט משקה און מע פאַרבייסט מיט טאָרטן. / אַ האַ! דו האָסט פאַרגעסן... „שובו רשעים לשאולה" — שוין צופיל זיך פאַרזעסן.

ער האָט זיך צעזונגען נאָך מיט אַ געשיכטע, אַ ווונדער, / וועגן צוויי צדיקים, וואָס יעדער איינער באַזונדער / האָבן אָנגעקלאַפּט אין די טויערן פון גן־עדן. / פאַרשטענדלעך, האָט מען בכבוד גדול אַריינגענומען זיי ביידן. / אָבער די וותיקים פון דאָרטן האָבן ניט געהאַט פון זיי קיין נחת. / פאַר וואָס? וועלן מיר אַנ׳אַנדערש מאָל זען, / הערט זשע רבותי! וואָס עס איז געשען: / יענע צוויי האָבן געמאַכט יד אחת / און זענען פון דאָרטן אַנטלאָפן. / איינער פון זיי איז געווען פון די ל״ו, אַ צדיק, אַ בעלם, / דער צווייטער אַן אביון, אַ חסיד, אַ תמים, אַ „חכם" פון כעלם. / ווייסט איר אָבער, וווהין זיי זענען געלאָפן? / טאַקע אַהין צו די רשעים אין גהינום... / די טייוואָלים, די מלאכי־חבלה האָבן געשריען, / אויף דעם ל״ווֹ־אָוניק און אויך אויף יענעם. / מיט געוואַלדן, מיט ווילדע קולות, מיט אויפגעהויבענע קולאַקעס / האָבן זיי אונדזערע צוויי פון גהינום אַרויסגעטריבן. / אָבער געווען זענען עקשנים די צוויי טשודאַקעס, / און צוריק אין גן־עדן ניט געוואָלט גיין. / זענען זיי ניט אַהין און ניט אַהער אינמיטן וועג געבליבן... / דאָס איז אַ טיפער ענין... מען דאַרף דאָס פאַרשטיין...

ניט דאָס איז געווען זיין זשאַנער, זיין סטיל, / ניט באַגייסטערט, האָט דער עולם אויסגעהערט רואיק און שטיל. / דער וואַנט־זייגער האָט אָפּגעקלונגען האַלב ניין, / עמעצער טראַכט: שפּעט שוין, צייט מסיים צו זיין... / אויך ער האָט עס געשפּירט, דערפילט; / אייגנטלעך האָט ער זיך שוין דערצו געצילט. / און אויב דרך אגב זענען מיר געקומען צו דעם גן־עדן, / וועלן מיר בקיצור וועגן דעם אַ ביסל ריידן. / ער מאָלט פאַרשיידענע בילדער, / אין פאַרגלייך מיט יענע ווייכער און מילדער, / געבראַכט ראיות פון פּסוקים, מימרות פון מדרש פון ש״ס — / די בילדער אָבער זענען אַרויס וואַסער־דיק און בלאַס, / די משלים, ביישפּילן, טרוקענע קאַלטע, / אויסגעדראָשענע אַלטע. / דאָרטן זיצן צדיקים פון אַלע צייטן, / גוטע און פרומע פאַר גאָט און פאַר לייטן. / נביאים, מלכים ראשונים און אחרונים, / תנאים, אמוראים און גאונים, / ביז היינט פון אַלע דורות, / וואָס זייערע נעמען שיינען אַרויס פון ביידע תורות. / צווישן די תנאים — דער באַוווּסטער חנינא, / וואָס אַ מעסטל באָקסער, האָט אים געקלעקט אויף אַ גאַנצע

וואָך, / און נאָך צדיקים, און נאָך און נאָך... / זיי זיצן געקרוינטע בצל כנפי השכינה. / אויבן אָן די אָבות ואמהות, / און אויב איך האָב ניט קיין טעות, / אויך חסידי אומות העולם, גויים / וואָס האָבן געראַטעוועט יידן פון די רוצחים, רשעים. / מיט פאַרלייגטע הענט האָרכן זיי נאָר / דעם געזאַנג, די שירה פון מלאכים כאָר... / אָן מצוות אָן עבירות, אָן טרינקען, אָן עסן, / אַזוי זענען זיי תמיד געזעסן, / און אַזוי וועלן זיי אייביק זיצן. / זייער אויפגאַבע? עמך ישראל פאַרטיידיקן און באַשיצן.

מיט אַמאָל האָט ער זיך מיישב געווען אַרויסגעוואָרפן אַ ווונק / אויף נאָך אַנ׳ענין, וואָס איז אים געווען טייער. / אפשר וועט אָנצינדן דער פונק / אַ קליין פייערל — אויב ניט קיין פייער. / אַ קורצע ווײַלע האָט ער געשוויגן, / נאָכדעם האָט ער זיך צעזונגען מיט אַ זיסן ניגון: / און אַז משיח וועט קומען, / ווינטש איך אייך אַלעמען, ברידער, גיטע און פרומע, / איר זאָלט געזונטערהייט פון שור הבר און לויתן געניסן. / איך? ווער עס ווייס ניט, זאָל וויסן: / איך געהער צו אַ חברה — אַ קאָמפּאַניע, / וואָס איז פאַרשפּרייט אין גלות רוסיה און רומעניע, / וועלכע היטן אָפּ אַ נייע מצוה: קיין פליש און קיין פיש לא יראה ולא יזכר אויף אונדזער טיש. / ובכן דאָס איז מיין בקשה: לאָזט איבער פאַר מיר אַ פלעשעלע פון — יין המשומר, — / האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ גוט מוטיקן הומאָר — / ווי אין פסוק שטייט: אַ גלעזעלע וויין / מאַכט פריילעך דעם מענטשס האַרץ, / באַלויכט דעם פנים וואָס פון פראַצע און פיין / געוואָרן איז פאַרביטערט און שוואַרץ. / אויף דעם איינפאַל, צו וועלכן דער מגיד האָט זיין סיום הדרשה דערפירט, / האָט דער עולם מיט אַ קאָלטן שמייכל רעאַגירט. / און וועגן עולם הבא, וועגן גן־עדן אויף יענער וועלט, / וואָס היינט האָבן מיר מחמת קוצר הזמן פאַרפעלט — / וועלן מיר זיך, אם ירצה השם אומקערן ראש־חודש ניסן... / דערמיט וועלן מיר היינט אונדזער דרשה שליסן. / געלויבט איז דער רבש״ע, געלויבט איז זיין נאָמען, / „ובא לציון גואל ונאמר אמן״

אין טעלער אויפן טיש, ווו ר׳ מיכל איז געזעסן, / האָבן זילבערנע און קופּערנע מטבעות געקלונגען... / חדר ייִנגלעך זענען געלאָפן וועטשערע עסן, און שטיפעריש איינגעחזרט ווי ר׳ איטשע האָט גערעדט און געזונגען... / ייִנגלעך לויפן איבערן שניי; / אין מיין זכרון בין איך איינער פון זיי.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן זענען געגאַנגען אַ בעל־הבית און דער שמש ברוך ראָשעס, / קלייבן געלט אין שטעטל אויף באַצאָלן דעם מגיד פאַר די דרשות. / „אָן עין־הרע, אַ גרויסע משפּחה, וואָס דאַרף האָבן אַ סך אויף חיונה. / ער האָט כשר פאַרדינט, דער מוראָוועקער, / זיין געזונט און לעבן איז ער מפקיר / צו איינפלאַנצן אין הערצער יושר און אמונה״. / דער שמש האט גענומען פאַר זיין טרחה, און דאָך איז געבליבן אַ סומע. / הויפּטזעכלעך האָבן געעפנט זייערע קניפּלעך בעל־הבית׳טעס פרומע. / די שווערע, אָנגעפּאַקטע טיכל / איז באַלד אַוועק צום בעקער ר׳ מיכל.

מיטוואָך אין אָוונט נאָך אַ זעלטענע דרשה, / האָט דעם מגיד ווידער פאַרבעטן צו זיך ר׳ מיכל. / די בעל־הבית׳טע, די פרומע און ערלעכע דוואָשע, / האָט אים מכבד געווען מיט אַ מילכיקע וועטשערע, מיט אַ גלעזל משקה און אַ קיכל / אויסגעביטן די קליין געלט אויף אַסיגנאַציעס, / האָט ער זיך פאַרטראַכט: ס׳וועט קלעקן אויף יום־טוב, אויף וויין און מצות, / אויף סידורימלעך, היטעלעך, שיכעלעך, קליידעלעך, / פאַר די ייִנגעלעך און פאַר די מיידעלעך. / אויך פאַר טעמען אַ מתנה, אַ וואַרעמע טיכל, / אַזוי ווי אויף די אַקסלען ביי אשת ר׳ מיכל. / דאָס איבעריקע וועט בלייבן אויף חיונה, אויף רבי־געלט. / נאָך פסח וועל איך זיך ווידער לאָזן אין דער וועלט, / אם ירצה השם ובלי נדר / צופוס, אָן פערד און אָן רעדער. / אויף אַ גאַנץ זומער אין אַן אַנדער ראַיאָן; / איך האָב דען אַ ברירה? וואָס קען מען טאָן? / ס׳איז טאַקע אַנ׳עוולה איבערלאָזן קינדערלעך נאָר אויף אַ מאַמען; / עלטערן זענען מחויב צוזאַמען / קינדער פאַרהיטן און ערציען, / אַזוי ווי יונגע בוימעלעך איידער זיי הויבן אָן צו בליען. / טראַכטנדיק אַזוי זיך געזעגנט: — גייט געזונט! — זייט געזונט, אַדאַנק! — / אַוועק אויף זיין פּלאַץ, אויף זיין באַנק. / צוקאָפּנס איינגעוויקלט אין אַ האַנטאַך עפּעס אַ העלצל, / אָנגעקלייגט זיך ביי דער אָנגעהייצטער הרובע, / זיך צוגעדעקט מיטן אויסגעקראַכענעם פעלצל, / (דעם שווערס מתנה — די געוויזענע שובע)/ באַלד איינגעשלאָפן, חלומות זענען געקומען, אַ חלום נאָך אַ חלום: / ער איז אין דערהיים... שלום עליכם! עליכם שלום! / די קינדער פריילעך, שטוביקע זאַכן... / טעמעס ליכטיקער פּנים... טרערן פון אויגן וואָס לאַכן... / אין חלום ווי אויפן וואָר, / אַלץ דייטלעך, ממשותדיק און קלאָר...

יענע וואָך האָט אין שול זיך אויפגעהאַלטן אַ בעטלער, איינער, / אַ הינקעדיקער שלאַק, אַ תמאַוואַטער, אַ מענטשל אַ קליינער. / ר׳ איטשע האָט אים באַטראַכט נייגעריק, / ר׳ ייד, ווי רופט מען אייך? / יענער שווייגט און קוקט אים אין פּנים גלייך / דער מגיד פרעגט ווידער ווי געהעריק: / ווי הייסט איר מיין פריינד? רופט זיך אָפּ / דער בעטלער שטומט און שאָקלט מיטן קאָפּ / וואָס שווייגט איר? ווי איז אייער נאָמען? / איר זייט דאָך ניט קיין שטומער / געהערט האָב איך אַז איר זאָגט אמן / נאָך אַ ברכה און דאַוונט ווי אַ ייד אַ פרומער, / איך מיין אייך ניט חלילה קיין שלעכטס. / דאָ האָט דער בעטלער אַרויסגעלאָזן אַ קרעכץ / אַרויסגערעדט אַ פּאָר ווערטער מיט אַ פאַנפאַטן געבייזער / איז וואָס ווילט איר? מע רופט מיך לייזער. / לייזער? גוט! טראַכט ר׳ איטשע כאָטש אַ תמאַוואַטער / אָבער אַ ייד אַ פרומער וועמען שאַדט ער? / אַ גאָטספאַרכטיקער, נעבאַך אַ געשטראָפטער, / אַ מצווה צו רעדן מיט אים אָפטער.

פון גיין איבער די הייזער איז לייזער אין שול געקומען, / פראַווען פאַר זיך זיין סעודה איז ער מוכן ומזומן, / אַראָפּגענומען זיין טאַרבעלע פון פּלייצע / דאָרטן איז געלעגן זיין טלית / אַרויסגענומען צווי האַלבע חלות / געוואַשן זיך מיט אַ ברכה, געמאַכט המיציא / אויפן באַנק אויסגעלייגט אַ שטיק קעז, אַ האַרטע איי. / אַ בעל־הבית׳טע פאַר אים האָט אַרויסגענומען פון טעפּל / אַ זויערע אוגערקע, ציבעלעס צווי / אַ פלעשעלע קוואַס, אַ געפּראָרענע עפּל. / מיט אַפּעטיט געגעסן, געשלונגען און געקייט /

פאַרזופט פון פלעשעלע מיט קוואַס / אַ קרעמער האָט אים געשענקט אין גאַס.

ר׳ איטשע איז געזעסן פון דער זייט / געקלערט און געטראַכט רזין דרזין / ער האָט באַמערקט / ווי לייזער האָט שמייכלענדיק געבענטשט ברכת המזון / וואָס איז די מדרגה פון אַזאַ יידן? / אַ קאַליקער, אַ שלאַק, אָפּגעגעסן און איז צופרידן / אַ מחשבה יאָגט אַ מחשבה, אַ סברה / אַז לייזער, זיין צייטווייליקער שכן / דיזער בעטלער איז אַ גרויסער בעל בטחון. / פלוצים הויבט ער אויף דעם קאָפּ פון איבער דער גמרא / און אין קאָפּ ווערט ביי אים צייטיק אַ באַשלוס: / ר׳ לייזער, לאָמיר אַ ביסל רעדן / עס וועט זיין בעסער און פריילעכער פאַר אונדזביידן / אָבער יענער איז אַ האַרטער נוס. / כ׳וויל ניט, לאָזט מיך אָפּ / וואָס וועלן מיר זאָגן איינער דעם צווייטן? / איר זענט אַ רב, איך אַ בעטלער, אַ גראָבע קאָפּ / כ׳וויל ניט, איר קענט מיר דען נוצן? / און מער ניט קיין וואָרט, ניט גוט און ניט שלעכט.

אַזוי זענען פאָראיבער 4 טעג און 4 נעכט. / אויף איין באַנק איז ר׳ איטשע געזעסן, אָדער געלעגן, / אויף דער צווייטער דער בעטלער פונקט אַנטקעגן. / יענער לייזער איז געווען אַ פאַרברעכער, / איינער, וואָס פאַרשטעלט זיך קרום, ווען ער דאַרף, אָדער בלינד / קריכט אַריין אין אַלע שפּאַלטן און לעכער, / און קריכט אַרויס טרוקן, גיך און געשווינד. / און ווי געזאָגט, גיי זוך אין פעלד דעם ווינט. / דער לייזער האָט זיך נאָר פאַרשטעלט פאַר אַ שלאַק / ער האָט געוווּסט, אַז דער מגיד שלאָפט געשמאַק / דערשמעקט האָט ער נאָך פריער דעם געשוואָלענעם טייסטער / געווען איז ער דערויף אַ פאַכמאַן, אַ מייסטער. / מיט פלינקע פינגער אַרויסגעצויגן פון בוזעם טאַש, / שאַ, שטיל זיך אָפּגעטראָגן אָן רעש / געעפנט די טיר און ניט פאַרמאַכט / און איז פאַרשווּנדן אין דער שנייענדיקער נאַכט.

גאַנץ פרי זענען געקומען דאַוונער ותיקין / זיי האָבן באַמערקט דער מגיד ליגט נאָך אויף זיין באַנק. / וואָס איז אייך ר׳ יצחק? איר זענט דער קראַנק? / ער שווייגט... האָבן זיי אָנגעצונדן אַ ליכט / ביי איר דונקעלן שיין אַריינגעקוקט אים אין געזיכט / ערשטוינט זענען זיי געוואָרן / געווענדעט צו אים זייערע בליקן / זיין מויל פאַרקרימט פון פיין און פון צאָרן / וואָס שווייגט איר, ר׳ מגיד? לאָזט אונדז הערן / מע דאַרף דאָך וויסן איז ווו איז אייער לשון? / פון די אָפענע אויגן פליסן טרערן, / זייער פייער, זייער ברען אויסגעלאָשן.

# הרב ד״ר רפאל גולד ניו־יורק / אבי

כשבאו זקני העיר איזאבלין הסמוכה לוולקוויסק אל ראש־ישיבת וואלוז׳ין, הנצי״ב ז״ל, לבקש רב הגון, פנו אליו ואמרו: למרות קטנותה של קהילתנו יש לה זכות מיוחדת, שכן הגאון ר׳ יצחק אלחנן ספקטור החל בה את רבנותו.

הנצי״ב הקשיב לדבריהם והציע להם את תלמידו החביב, שהיה ידוע בשם ה„עילוי מגראיובה" והוא אבי המנוח ר׳ יעקב מאיר קרבצינסקי.

אבי היה מטבעו שקדן גדול מנעוריו. מרגלא היה בפומיה: „שבן תורה חייב ללמוד לכל הפחות שמונה שעות ביממה, מפני שתורתו אומנתו ודינו כפועל". לעומת זה לא התיחס ללימוד שפות זרות כלביטול זמן. כן מצא שעה פנויה לקריאה בספרות חול. התנהגותו זאת והדרת פניו חיבבוהו על כל יושבי קאַפולי ורובם ככולם ובכללם גם הנוצרים הוקירוהו בהשפעת הכומר המקומי סאַוויץ, שכיבד את אבא ופירסם את שמו בין האכרים.

לשבחו של אבא יסופר כאן מקרה מעניין: בקאַפולי התגורר יהודי חשוב ממשפחת הגאון בעל „אפיקי יהודה" ושם משפחתו עדעל. היה מעשה ונאסר אותו יהודי בהאמבורג לרגלי עלילה כלשהי. אבי ז״ל נסע להאַמבורג, הופיע בפני ה„פאַרלאַ־מנט־פריישטאט" והפך בזכותו של מר עדעל. הודות הופעתו זאת יצא האיש זכאי.

בימי רבנותו של אבא בקאַפולי פרצה המחלוקת הידועה בין הגאונים הרידב״ז ור׳ מאיר פיימער ז״ל. שניהם שידלו את אבא, שיעמוד לצדם. מכיוון, שנפשו סלדה למשמע פרטי המריבה עמד מרחוק. ואולם משהביא הרידב״ז את הגאון ר׳ איסר זלמן מלצר עם ישיבתו מסלובודקה לסלוצק, החליט אבא לשלוח אותי אל הישיבה המפוארה הזאת. הייתי אז כבן אחת עשרה וזאת היתה יציאתי הראשונה מקאַפולי לסלוצק בלווית אבי ז״ל. בהיותי עוד עול ימים הוכנסתי למחלקתו של ר׳ שכנא, שהורה בבית המדרש של רחוב „חאַפּאַשקער" ור׳ איסר זלמן הבטיח לאבא לשים את עינו עלי ולבחון אותי מזמן לזמן.

אמנם לא עלה בגורלי ליהנות זמן ממושך מן האוירה הנהדרה ההיא. אחי הגדול ממני ר׳ זאב, שמכבר כיהן בתור רב בשיקגו הפציר בהורינו, שישלחו אותי אליו. קשה היה מאוד לאבותי להפרד ממני ולהשאר לבדם. קושי המצב ברוסיה באותו זמן גרמו, שסוף סוף הסכימו הורי לנסיעתי. חזרתי לקאַפולי והורי ליווני עד באַראַנוביץ.

כשזזה הרכבת, שמעתי את קולו של אבא מלא רטט וחיבה: „בני יקירי, היה יהודי נאמן, גם בארץ הרחוקה".

# הרב דב כ״ץ / הרב מקאפולי

## הרב ר׳ יעקב מאיר ז״ל

ר׳ יעקב מאיר קרבצינסקי, שהיה מפורסם בשם הרב מקאפולי, נולד בשנת תרכ״ז, בערך, בעיר גראַיובה לאביו הרב ר׳ אברהם מרדכי, חברו של הגאון ר׳ שמואל מוהילובר.

ר׳ יעקב מאיר הנ״ל, למד בישיבת וואלוז׳ין במחיצתו של ר׳ נפתלי צבי יהודה ברלין, יחד עם הגאונים המפורסמים: ר׳ אברהם יצחק הכוהן קוק, מרא דארעא דישראל, ר׳ אברהם דוב שפירא, רבה של קובנא; ר׳ איסר זלמן מלצר, רבה של סלוצק ובסוף ימיו שימש ראש ישיבת „עץ חיים״ בירושלים. חותנו היה ר׳ יהושע מנחם גולדווסר משצוצין, סוחר אמיד, חכם וסופר, ומעסקני תנועת חובבי ציון.

ר׳ יעקב מאיר המשיך ללמוד בישיבת וואלוזין בקבוצת האברכים המצוינים, שנתמכו ע״י חרשתן־הסוכר הידוע ברודסקי ונקראו „אברכי ברודסקי״; למד גם בבתי המדרש של העיירות איישישוק וסיסלוביץ. כעשר שנים אחרי נישואיו, בשנת תרנ״ז, נתקבל בתור רב בעיר איזאבלין, שעל יד ווילקובישקי, מקום רבנותו הראשונה של ר׳ יצחק אלחנן ספקטור. משנת תר״ס ישב על כסא הרבנות בקאפולי, שבה כיהן לפנים הרב המפורסם ר׳ יום טוב ליפמאן, בעל ספר קדושת יו״ט ומלאכת יו״ט על הש״ס.

לר׳ יעקב מאיר יצא שם טוב כאחד הרבנים הגדולים בסביבה: למדן מופלג; דרשן מפואר; חכם במילי דעלמא ואישיות אצילה. בנו הרב ר׳ זאב גולד ז״ל מביא בזכרונותיו כדברים האלה: „לא היה בכל המדינה רב יפה תואר ויפה מראה כמוהו, גבה קומה, בעל פנים אצילות, עינים גדולות ומאירות ופיו מפיק מרגליות״.

כן הצטיין במידותיו וביחסיו היפים כלפי הבריות.

הרב גולד מוסר עובדה אופינית, אשר ממנה אפשר ללמוד הרבה על אופיו והנהגתו של אביו ז״ל.

בקאפולי גר בעל־בית אחד גדול בתורה, בעל שלשלת יוחסין עד הרמ״א ועשיר מופלג. מרוב גדולתו היה נוהג ברמה ויחסו לרבני המקום היה תמיד מגבוה. גם ר׳ יעקב מאיר סבל ממנו, שכן פעם בפעם פגע הלז בכבודו, אבל מתוך פקחות יתירה ידע היאך להתהלך עמו.

באחד הימים ישב אותו עשיר בחברת לומדים בבית המדרש ודיבר בגנותו של הרב, ולפתע אחזהו השבץ ונפטר בו במקום. תושבי העיירה, שידעו על היחסים בינו לבין הרב הופתעו מזה, שהרב פרץ בבכי מר ועוד הספידו בדברים חמים היוצאים מן הלב.

קרוב למלחמת העולם הראשונה נתקבל ר׳ יעקב מאיר לשבת על כסא הרבנות במאריאפול. עם פרוץ המלחמה נכבשה העיר ע״י הגרמנים ולאחר שנכבשה העיר ע״י הרוסים העלילו בוצרים על הרב, שראוהו מאותת לגרמנים. המפקד הרוסי גזר עליו דין מוות תוך עשרים וארבע שעות. אולם קרה נס ותוך איתו זמן הוחלפו המפקדים. המפקד החדש חנן אותו ופקד עליו לעזוב מיד את המקום. מאורע זה השפיע לרעה על מצב בריאותו.

בקרון הרכבת בדרך למינסק נפטר פתאום מהתקפת לב. בעיירה גורודייה הורד והובא שם לקבורה ביום כ׳ כסלו תרע״ד.



הרב ר׳ יעקב מאיר קרבצינסקי

אשתו הרבנית פרידה־דבורה, שהיתה אשה משכילה וחכמת לב, נדדה לערי רוסיה ומשם נסעה אל בניה בארה״ב. אחרי המלחמה עלתה לארץ־ישראל והתישבה בתל־אביב. מכובדת היתה בפקחותה ובפעילותה במוסדות ציבור. (נפטרה בתש״א).

ר׳ יעקב מאיר השאיר שני בנים אנשי שם. האחד הוא הרב ר׳ זאב גולד ז״ל, ששימש כרב בקהילות שונות בארה״ב והיה מראשי המזרחי־העולמי וחבר הנהלת הסוכנות היהודית העברית. (נפטר תשט״ז).

בנו השני הוא הרב ד״ר רפאל צבי גולד, ששימש גם הוא כרב בקהילות שונות בארה״ב, משמש כעת בתור פרופיסור לפסיכואטריה באוניברסיטה בניו־יורק ועומד בראש מוסדות שונים של הסתדרות „המזרחי״.

בין נכדיו וניניו של ר׳ יעקב מאיר, גם רעיתו וצאצאיו של כותב הטורים האלה בישראל.

בעזבונו של ר׳ יעקב מאיר היו חיבורים בחידושי הלכה על ארבעה חלקי „שולחן־ערוך״, אבל בעת הנדודים בימי המלחמה נאבדו.

## הרב ר' זאב גולד ז"ל

בין האישים בעלי שם, שמוצאם מקאפולי, יש לציין את הרב ר' זאב גולד, בנו של הרב מקאפולי ר' יעקב־מאיר קרבצינסקי.

הרב ר' זאב גולד נולד בשנת תרמ"ט בעיר שצוצין. בהיותו בן עשר הגיע עם משפחת אביו לקאפולי וכאן למד תורה מפי המלמדים ר' שלמה שוויזיצער ור' שמואל זאריצקי ולאחר מכן בקיבוץ הבחורים, ששמעו תורה מפי אביו.



הרב ר' זאב גולד

זמן קצר שהה בישיבת מיר הסמוכה. בגיל 18, החליט אביו — להוציאו מתחומה של רוסיה — מפני החשש שיגויס לצבא.

מצויד בכתבי סמיכה לרבנות מאביו ומרבה של מינסק ר' אליעזר רבינוביץ הגיע זאב הצעיר לארה"ב. עם בואו לאמריקה נמצא במצוקה וסבל רעב ממש. אולם הודות לכשרונו הריטורי המופלא, נשא חן בעיני כל שומעיו ותמכו בו. בינתים השתלם גם בהוראה ובידיעת השפה האנגלית והתחיל לעבור מעיר לעיר ולדרוש ברבים.

כך הגיע ליוטיקה ושם מצא את בת זוגו יוכבד רייכלר, בתו של רב המקום, שנפטר זמן קצר לפני כן.

מאז האירה לו ההצלחה פנים ועבר ממשרת רבנות אחת לשניה בערים שונות עד הגיעו לסן־פרנציסקו. בכל המקומות התחבב על הציבור כאחד הרבנים המוכשרים ביותר. הוא סיגל לעצמו את אומנות הדיבור האמריקאי ונימוסי החברה, רכש ידיעות העולם וחכמת החיים. חונן בקול חוצב ובסגנון ברור, גם התבלט בהופעתו הנאה, הלהיב את הלבבות והסעיר את הרוחות.

קבע עתים לתורה והרחיב את ידיעותיו בהלכה; התמחה במדרשי האגדה, השתלם במדעים שונים ובעיקר בפילוסופיה העתיקה והמודרנית; קרא ושנה הרבה ונעשה צנא מלא ספרא. מתוך כך, היו דרשותיו מלאות תוכן, בנויות על יסודות חז"ל ועשויות מערכות, מערכות מחשבה וערכי השקפה ודעת. את רעיונותיו הסביר בשפה מודרנית וקבע להם צורה נאה, בבחינת יין ישן בקנקן חדש. נלהב היה לכל דבר מצוה, בעל לב רחב ויד פזרנית לצדקה ולחסד.

בהיותו נלהב לחיבת ציון עוד מנערותו, הצטרף לתנועת „המזרחי", ומאז התמסר לה בכל כוחו והקדיש לה את כל חייו. נדד מעיר לעיר ויסד סניפים לתנועה זו והעלה אותה למרחב.

עם בואו של הרב ר' מאיר ברלין לארה"ב, עמד לימינו וביזמתם המשותפת הפכו את „המזרחי" לתנועה ארצית מקיפה. מאז השתתף בכל ועידות המזרחי בארה"ב ובעולם ותפס בהן מקום בראש. השתתף כציר בקונגרסים הציוניים, החל מהשלושה־עשר עד העשרים ושלושה והוכתר כאחד המנהיגים הדגולים. השתתף גם בועידה הציונית בלונדון בשנת תרע"ט, לאחר הכרזת בלפור, שהניחה את היסודות של הבית הלאומי בארץ־ישראל.

אחרי המלחמה העולמית הראשונה, כשהחלו ראשי הישי־בות באירופה לבקר בארה"ב — כדי לערוך מגביות לטובת מוסדותיהם, שימש להם הרב גולד כתובת ראשונה. היה מארח אותם בביתו ופעל רבות לטובתם.

הוא התמסר גם לפעולות החינוך התורני בארה"ב ונמנה על מיסדי בתי חינוך שונים וביניהם ישיבת „תורה ודעת" בניו־יורק. בשנת תרפ"ד, בערך, עלה הרב גולד עם חלק ממשפחתו לארץ והתישב בתל־אביב. אחרי שערך זמן מסוים מסעות בעולם הרחב לטובת „המזרחי" והקרנות הלאומיות, הוזמן ע"י הרב הראשי לישראל הגרא"י קוק לעבור במושבות הארץ בתור רב נודד לחזק בהן את רוח היהדות. הוא פעל אז הרבה לביסוסו הרוחני והדתי בישובי הארץ השונים והרב גולד מציין את התפקיד הזה כיקר ביותר, שמילא בימי חייו.

בגלל סיבות שונות חזר לארה"ב ונתקבל בתור רב בברוק־לין והמשיך בפעולותיו לטובת חיזוק היהדות ובנין הארץ. לפרקים שימש כנשיא הסתדרות „המזרחי" בארה"ב ועמד בראש מוסדות ציוניים שונים. חלק ממשפחתו נשאר בארץ, וכמעט בכל שנה היה הרב גולד מבקר בארץ ושוהה זמן מה. בינתים נישאו שתים מבנותיו והקימו בתים בישראל.

לאחר כמה שנים השתקע שוב בארץ ונבחר ליו"ר מרכז המזרחי העולמי. גם בתפקידו זה היה עליו לנדוד לא רק בארץ כ"א לכל ארצות תבל ולפעול למען המזרחי ובנין הארץ.

עם פרוץ המלחמה העולמית השניה, נקרא לחזור לארה"ב כדי לפעול שם לטובת הישוב בארץ הן בשטח הכלכלי והן בשטח הפוליטי. הוא נמנה גם על המשלחת היהודית מטעם הסוכנות היהודית בלייק־סוקסס ולקח חלק בפעולות למען הכרזת ישראל כמדינה יהודית. עם הכרזת המדינה בשנת תש"ח נבחר לסגן נשיא מועצת המדינה הזמנית.

בשנת תש"ז נבחר כחבר הנהלת הסוכנות היהודית והוטל עליו לעמוד בראש המחלקה לפיתוח ירושלים. מאז השתקע בישראל והתמסר לעבודתו זו. הרבה מהתפתחותה של העיר, לאחר שהתרוקנה בחלקה מתושביה בתקופת המאבק למען שיחרורה — יש לזקוף על חשבונו. היה בשעתו מיוזמי הרעיון

של בניני האומה והשקיע מאמצים מרובים בהקמתם. בשנת תשי״ב הוטל עליו בקונגרס הציוני להקים מחלקה לתרבות וחינוך תורניים בגולה ולעמוד בראשה. לעבודה זו התמסר בכל נפשו, כדי להציל את הנוער מטמיעה ומהשפעות זרות. הוא לקח שוב מקל נודדים ועבר בארצות רבות, הקים בהן מוסדות חינוך תורניים ועידד את התושבים היהודים לעלות לארץ. יהודי צפון־אפריקה (מרוקו, טוניס ועוד) העריצוהו והוקירוהו. ברמסגייט שבאנגליה יסד בית מדרש לרבנים ולמורים בשביל תלמידים יוצאי צפון־אפריקה. הוא גם הגה את הרעיון להביא לישראל מארצות הגולה תלמידים מוכשרים ואף גם מורים, לשם השתלמות חינוכית תורנית, למען יוכלו בשובם למלא באמונה תפקידיהם בתור מורים, מחנכים ומד־ריכים.

פעל רבות כראש הסתדרות „המזרחי״ בארץ וכחבר הנשיאות של המרכז העולמי ובמפעלים תורניים שונים.

למרות זה, שסבל בשנים האחרונות ממחלת לב המשיך עוד במרץ רב בפעולות שונות, השתתף בכל בעיות המדינה, הופיע בנאומים סוערים, הירבה בקריאה ובכתיבה.

בשנת תש״ט פירסם את הכרך הראשון של ספרו „ניבי זהב״. בשנה האחרונה לחייו החל גם להרצות באוניברסיטה „בר־אילן״, על הפילוסופיה של היהדות.

ובעודו במלוא כוחו הרוחני, בגיל 67, כרע ונפל תחת נטל עבודתו החשובה והכבדה. ביום כ״ז ניסן תשט״ז פקע הלב הגדול ונאסף אל עמיו נואם, מנהיג ציוני, אישיות תורנית מובהקת.

## רפאל ריווין / חיים קריוויצקי

נולד ב־1896 בסטרובין. בן למשפחת עמלים. קיבל חינוך מסורתי ב„חדר״ וב„ישיבה״. ב־1916 גויס לצבא, הועבר לחזית המלחמה ובסיומה התנדב לצבא־האדום.



חיים קריוויצקי

עוד בגיל צעיר נמשך אל התנועה הציונית. בתחילת המלחמה הראשונה, כשנאסרה הפעולה הציונית, היו מתאספים בביתו הכפרי שהיה מחוץ לעיירה, ולתוכו הועברה הספריה הציונית הקטנה, השקלים, בולי הקרן־הקיימת ועוד. כשהשתחרר מן הצבא חזר לעסקנות ציונית וציבורית, היה חבר ועד הסניף הציוני בעיירה ומראשוני „החלוץ״ הצבאי, שהתחיל להתארגן ברוסיה ב־1917. נמנה גם עם מייסדי ההגנה בעיירה שסבלה בתקופה ההיא מחילופי שלטון וגם מחוסר שלטון; יסד את הקבוצה הראשונה, שנתארגנה לעליה לארץ לפני הכיבוש האחרון של העיירה על־ידי הצבא־האדום ב־1920. בשהותו בפולין שלחו לו בני משפחתו מאמריקה כסף וניירות כדי שיבוא אליהם, אבל הוא ויתר וחילק את הכסף בין חבריו, שלא היו להם אמצעים לעלות לארץ.

עבד בכביש נוה־שאנן—חיפה כחצי שנה, משם עבר עם הקבוצה לעתלית לעבודה בחברת המלח והיה בין הפועלים הראשונים בחברה עד היום האחרון. עוד בזמן עבודתו בכביש עמד בראש השמירה וכשעבר לעבוד בעתלית היה בין מארגני ה„הגנה״ באזור ועמד בראשה עד פרוץ מלחמת השחרור.

אהוב על חבריו ועוד מילדותו עזר לזולת. את מטרתו בארץ ראה בחיי־עבודה ובחידוש החברה על יסודות עבודה ועל יושר סוציאלי.

נפטר ה׳ חשוון תשכ״ב.

# נ. וו. / צווישן אונדזערע לאַנדסלייט

## וועלכע האָבן געהאָלפן אַרויס צוגעבן דעם פּנקס סלוצק

(לויטן „אלף־בית")

די לאַנדסלייט פון סלוצק און אומגעגנט פאַרנעמען גאָר אַ געהויבענעם אָרט צווישן אַלע פּראָפעסיעס און בראַנזשעס אין אַמעריקע. שרייבן וועגן יעדן איינעם באַזונדער און אויספירלעך, וואָלט מען געקענט אָנפילן גאַנצע ביכער, און דאָס וואָלט זיכער געווען אינטערעסאַנט. דאָ וועלן מיר זיך באַגרענעצן מיט אייניקע שטריכן וועגן געציילטע פּערזאָנען, וועלכע פאַרנעמען וויכטיקע פּלעצער אין אַמעריקאַנעם יידישן לעבן און וועלכע זענען געווען שטאַרק באַהילפיק אין פאַר־ווירקלעכן די אויפגאַבע פון דאָזיקן יזכור־בוך. זייער ברייטע הילף האָט אינספּירירט אַלע חברים פון ניו־יאָרקער קאָמיטעט אָנצוגיין מיט דער שווערער אַרבעט, טראָץ פיל שטערונגען און אַנטוישונגען. די פאָלגנדע מענטשן אַלס פּיאָנערן לויט זייער נאַטור, רעכענען זיך ניט מיט מאָמענטאַלע אומשטענדן, און דאָס האָט זיי געהאָלפן צו אַנטוויקלען זייערע פּערזענלע־כע פּראָיעקטן, דערום האָבן זיי אויך געהאָט דעם מוט צו שטיצן די וויכטיקע אַרבעט פון יזכור־בוך, ניט קוקנדיק אויף די פיל אַנדערע, וואָס האָבן דעם גאַנצן ענין איגנאָרירט אָדער אויסגעלאַכט. צוליב דער איבערגעגעבנהייט פון די דאָזיקע פּערזאָנען איז כדאי צו באַצייכענען זייער לעבנס־געשיכטע.

## אליהו און שרה אלטמאַן

אליהו אלטמאַן, זון פון יהודה לייב און רבקה, גע־בוירן אין סלוצק. זייער הויז איז געווען אויפן שול־הויף. דער עלטערער זון זייערער, ראובקע אלטמאַן, איז געווען אַ „שם דבר" אין סלוצק. נאָך דעם ווי ער האָט געלערנט אין דער סלוצקער און סלאָבאָדקער ישיבה, האָט ער זיך צוריק־געקערט קיין סלוצק, געוואָרן אַ משכיל און זיך אַריינגע־וואָרפן אין דער העברעאיש־ציוניסטישער באַוועגונג און צו־זאַמען מיט דעם לערער יצחק קאַצענעלסאָן, האָבן זיי געגרינ־דעט אַ „חדר מתוקן" וווּ זיי, צוזאַמען מיט אַנדערע, האָבן פאַרשפּרייט די העברעאישע קולטור צווישן סלוצקער יוגנט.

דער יינגערער ברודער אליהו, האָט אויך געלערנט אין דער סלוצקער „מכינה" ביי ר' נחמיען און אין דער „גרויסער ישיבה". נאָכדעם איז ער געפאָרן לערנען אין דער האָלב־מאָדערנער לידער ישיבה. קומענדיק צוריק אין סלוצק האָט ער דורכגעמאַכט דעם קורס פון דער רעאַל־שולע. אויך ער, ווי זיין ברודער, איז געווען שטאַרק אַקטיוו אויף אַלע געביטן פון נאַציאָנאַלן געדאַנק און דערציאונג. אָט אַזוי איז ער געווען טעטיק אין גרינדן אין סלוצק די „צעירי־ציון" פּאַרטיי און אויך דעם אָרטיקן „החלוץ". פיל פון זיי געפינען זיך איצט אין ישראל.

אין 1920 האָט אליהו, צוזאַמען מיט אַ גרופּע „חלוצים", זיך געלאָזן אין וועג אַריין קיין ארץ־ישראל. אַ קורצע צייט האָט אליהו זיך דאָן פאַרהאַלטן אין פּוילן, וווּ ער האָט ענער־גיש געאַרבעט פאַר די צ"צ און „החלוץ" באַוועגונגען. אַרומ־געפאָרן פון שטאָט און שטעטל דערווערבן חלוצים קיין ארץ ישראל, ענדלעך איז ער אַליין צוגעקומען קיין ארץ ישראל.

דאָ איז ער געוואָרן אַקטיוו אין „הפועל הצעיר" און „הסתדרות" און זיך באַטייליקט אַלס מיטגליד אין יורידישן קאָמיטעט פון דער „מועצת הפועלים" אין יפו—תל־אביב.



שרה און אליהו אַלטמאַן

ווען אליהו איז אין 1923 געקומען קיין ניו־יאָרק, האָט ער אויך דאָ געווידמעט פיל פון זיין צייט פאַר נאַציאָנאַלע און קולטורעלע צוועקן.

די ערשטע יאָרן האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט לערעריי און גלייכצייטיק האָט ער פאַרגעזעצט זיין אַמביציעזן שטודיום פון יוריספּרודענץ און געזעץ. ענדלעך האָט ער אין 1931 באַקומען זיין דיפּלאָם פון געזעץ פאַקולטעט אין ניו־יאָרקער אוניווערזיטעט, און פון דאַן אָן פּראַקטיצירט ער אַלס אַדוואָ־קאַט מיט גרויס דערפאָלג. דורך דער צייט, האָט אליהו געהייראַט מיט שרה קליינמאַן, די טאָכטער פון חיים און ציפּע.

איר פאָטער פון דעם קליינעם שטעטל פאָגרעבישטש נעבן קיעוו, איז געווען אַ דורכגעדרונגענער נאַציאָנאַלער ייד און האָט שוין אַלס געהויבענער סוחר ביים אָנפאַנג פון דעם יאָרהונדערט פאַרלאָזן אַלע זיינע געשעפטן און געפאָרן באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל. עס האָט אים אַפילו געלונגען צו קויפן באָדן נעבן חדרה, אָבער לוידער האָט ער זיך ניט געקענט איינאָרדענען און איז צוריקגעפאָרן און געפּרוווט זיין מזל אין טערקיי. דאָרטן ביי קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָבן זיך צונויפגענומען אַ גרופּע רוסישע חובבי ציון און געגרינדעט אַ קאָלאָניע מיטן נאָמען „מסילה חדשה", ווו זיי האָבן געהאָפט זיך צוגרייטן צו ארץ ישראל. אין דער קאָלאָניע האָט זיך אויך באַזעצט דער פאָטער פון שרה קליינמאַן. אין יאָרן אַרום, איז דער פּלאַן דורכגעפאַלן און די קליינמאַנס זענען געצוווּנגען געווען עמיגרירן קיין אַמעריקע און ווידער וואַרטן אויף אַ מאָמענט צו פאָרן קיין ארץ ישראל.

אליהו אלטמאַן איז געווען פון די ערשטע וואָס האָבן זיך וואַרעם אָפּגערופן צו דער אַרבעט פאַרן יזכור־בוך און האָט פאַר דער גאַנצער צייט געדינט אַלס סעקרעטאַר פון ניו־יאָרקער קאָמיטעט. זיין פרוי שרה העלפט אים גלייכצייטיק אין דער אַרבעט.

## דוד און שרה בעזבאראדקא

דוד בעזבאראדקא, איז אַ סלוצקער פון פיל דורות און טראָץ דעם וואָס זיין זיידע ר' הירשל הילל איז שוין אין 1866 אַוועק פון סלוצק קיין פעטערבורג, האָט דער גורל שטענדיק צוריקגעבראַכט דער משפחה קיין סלוצק און ניט דערווייטערט זיך פון איר.

דער זיידע, ר' הירשל הילל, איז געווען אַ למדן און אַ גוט־האַרציקער. ער איז געווען פון די ערשטע יידן אין רוסלאַנד, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט אַ גלאָז־פאַבריק אויפן גרויסן שטייגער.

זיין נאָמען איז דערמאָנט צווישן די נכבדים פון סלוצק אין דעם קאָמיטעט פון דער גרויסער שריפה אין יאָר 1868 (זע זייט 30).

ווי געזאָגט, האָט ער אַריבערגעצויגן זיין געשעפט אין יאָר 1866 קיין סעסטראָרעצק ביי פעטערבורג און אין אייניקע יאָר אַרום קיין מאָסקווע. גלייכצייטיק האָט ער זיך ניט געוואָלט אין גאַנצן אָפּרייסן פון זיין געבורטס־געגנט און דערום געעפנט אַ צווייטע גלאָז־פאַבריק אויך אין האַנצעוויטש, וועלכע ער פלעגט באַזוכן אַ פּאָר מאָל אין יאָר.

זיינע גרויסע אונטערנעמונגען און געשעפטן האָבן אים ניט דערווייטערט פון יידן און יידישקייט, וועלכע ער האָט אויך איינגעפלאַנצט אין זיינע קינדער. אַזש פון מאָסקווע האָט



ר' צבי הלל און זיין פרוי פערל בעזבאָראָדקא
אַ באַוווּסטער פרנס אין סלוצק אין אָנפאַנג פון 19־טן יאָר־הונדערט

ער געשיקט זיין זון יוסף, נאָכן ענדיקן אַ גימנאַזיע־קורס, לערנען עטלעכע יאָר אין דער „מירער ישיבה".

אין 1890, ווען הירשל הילל איז געווען אַלט, און דאָך שטאַרק אַקטיוו אין זיינע געשעפטן, האָט פּאַסירט, אַז אַ



ר' יוסף און זיין פרוי מאַשע לאה בעזבאָראָדקא (2־טער דור)

יידישער סאָלדאַט, אַ סלוצקער האָט אים באַזוכט אין מאָסקווע און אים דערציילט, אַז עס דראָט אים אַ שווערע שטראָף צוליב אַ מסירה אויף אים. זיין פרוי מיט עטלעכע קינדער זענען געבליבן אויף „הפקר" אין סלוצק. ר' הירשל הילל'ס האַרץ האָט פון דעם אַזוי פאַרקלעמט, אַז ער האָט איבערגעלאָזט זיינע געשעפטן און „הענדום פענדום" זיך געלאָזן קיין סלוצק, כדי אָפּצושרייען די סכנה אויף דעם סלוצקער סאָל־דאַט. עס האָט אים טאַקע געלונגען צו באַפרייען דעם סאָלדאַט, אָבער דאָס האָט אויף אים אַזוי געווירקט, אַז ער איז געפערלעך קראַנק געוואָרן. דער דאַמאָלסדיקער סלוצקער רב, ר' יעקב דוד האָט „מבקר־חולה" געווען דעם „מאָסקוועער" הירשל הילל און אים געבענטשט, אַז בזכות דעם זאָל ער און זיינע קינדער ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון דער צאַרישער מאַכט, אָבער די ברכה האָט אים ניט געראַטעוועט פון מלאך המות און מ'האָט אים מקבר געווען נעבן זיינע עלטערן אויפן סלוצקער בית עולם.

אַ פּאָר יאָר שפּעטער איז זיין פרוי געקומען באַזוכן זיין קבר און איז אויך „צופעליק" געשטאָרבן אין סלוצק.

אין 1891 ביים „גירוש מאָסקווע", האָט דער זון יוסף בעזבאראדקא, וועלכער האָט שוין אָנגעפירט מיט דעם פּאַ־טערס געשעפטן, איבערגעלאָזן „הכל אשר בכל" און צו 24 יאָר זיך אַריבערגעפּעקלט קיין אָרשע, אין „תחום המושב" און געעפנט פון דאָס ניי אַ גלאָז־און שפּיגל־פאַבריק, און האָט ניט מצליח געווען.

אין 1901 באַזוכט ר' יוסף מיט זיין פרוי זייער פאַבריק אין האַנצעוויץ און „פאַר איין וועגס" פאָרן זיי צו אויף „קבר אבות" קיין סלוצק. זייענדיק אין סלוצק האָט פרוי בעזבא־ראדקא געבוירן דאָרט זייער זון — דוד (יולי דעם 26טן 1901).

אין 1907 האָט יוסף זיך איבערגעצויגן מיט זיין פאַבריק קיין טשענסטאָכאָוו. ער דער ליטוואַק, אַ סלוצקער מתנגד פון דורי דורות, אין אַ נייער וועלט מיט פאַרשיידנאַרטיקע חסי־דישע קרייזן, דאָך האָט ער אַרויסגערופן גרויס רעספּעקט צווישן אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג. אין זיינע קינדער האָט ער איינגעפלאַנצט ליבע צו תורה און נאַציאָנאַלע אינטע־רעסן און איבערהויפּט צו ארץ ישראל. ווען אין 1919 האָט אין טשענסטעכאָוו אויסגעבראָכן אַ פּאָגראָם, האָבן זיינע פּוילישע אַרבעטער זיך איינגעשטעלט פאַר אים און פאַר זיין פאַמיליע און בשום אופן נישט געלאָזט זיי שלעכטס טאָן.

אין 1922 איז יוסף געשטאָרבן אין עלטער פון 55 יאָר און די טשענסטעכאָווער יידישע קהילה האָט אים מכבד געווען, אָט דעם סלוצקער מתנגד, מיט אַ קבר האָרט ביים „אוהל" פון זייער באַליבטן פּילצער רבין!



דוד בעזבאָראָדקא (3־טער דור)

דורך דער צייט איז דוד געוואַקסן, געלערנט און פאַר־פולקאָמט די שפּיגל־און גלאָז־פּראָדוקציע. זיינע געשעפטן האָבן אים פיל מאָל געצווונגען באַזוכן פאַרשיידענע לענדער. און אַזוי וואַנדערנדיק, האָט ער זיך באַזעצט אין פּאַריז און דאָרטן געעפנט 2 פאַבריקן פון גלאָז און שפּיגל. איינע אין סאַווערנע און די צווייטע אין פּאַריז.

אין פּאַריז האָט ער זיך אויך געטראָפן מיט דער פריילין שרה צוקער, אַ טאָכטער פון זייער אַ חשובע פּויליש־יידישע



יוסף אהרון בעזבאָראָדקא (4־טער דור)

משפחה, מיט וועלכער ער האָט געהייראַט (1930). זיינע פאַבריקן אין פראַנקרייך האָבן זיך שטאַרק אַנטוויקלט.

ווען די נאַציס האָבן אָקופּירט פראַנקרייך, האָט דוד בעזבאָראדקא איבערגעלאָזט זיין גאַנצן פאַרמעגן און קוים מיט דער נשמה אַנטלאָפן צוזאַמען מיט זיין הויזגעזינד, און מיט דער הילף פון דער „פראַנצויזישער ליגע פאַר מענטשן־רעכט", אין וועלכער ער איז געווען טעטיק, האָט ער דער־גרייכט ניו־יאָרק.

ווי אַ געטרייער צווייג פון אַ משפחה וואָס איז איר באַשערט געווען וואַנדערן, שטענדיק בויען און אָנפאַנגען מיט גרעסערער ענערגיע פון דאָסניי, האָט אויך דוד ב. אין ניו־יאָרק זיך אַריינגעוואָרפן, מיט זיין אייגנאַרטיקן משפחה טעמפּאָ, כדי צו אויפשטעלן אַ שפּיגל־פאַבריק. דאָס איז אים אָנגעקומען נאָך פיל שווערער ווי זיין פאָטער אין אָרשע און אין טשענ־סטאָכאָוו. לויט די ניו־יאָרקער רעגולאַציעס פון פאַבריקאַציע און דעם גרויס קאַפּיטאַל וואָס פאָדערט זיך צו דעם, האָט די זאַך אייסגעזעען זיין אוממעגל'עך פאַר איינעם וואָס האָט מיטגעבראַכט בלויז זיין נאָמען. אָבער דאָ איז צונוץ געקומען דוד'ן זיין איינגעבוירענע סלוצקער אינטעליגענץ, וואָס פאַנגט מענטשן מיט זיין ענטוזיאַזם, און געווינט זייער צוטרוי. ביז איצט איז „מעכאַניקל מיראָר קאָמפּאַני" זייער אַ פּראָמינענטע פאַבריק וואָס באַשעפטיקט צענדליקער יידן. אַלס הייסער נאַציאָנאַליסט און איבערגעגעבענער חבר פון „הפועל המזרחי", האָט דוד אָבער גאַנץ אַנדערע חשבונות וועגן זיין משפחה צוקונפט. זיין פאָטער, דער סלוצקער געבוירענער גלאָז־פאַבריקאַנט, האָט אים אַ מאָל געזאָגט, אַז דאָס בעסטע רוי־מאַטעריאַל פאַר דער גלאָז אינדוסטריע מוז זיך געפינען

אין ארץ־ישראל, ווייל אויפן פסוק „ושפוני טמוני חול" (דברים ל"ג—י"ט), מאַכט רש"י: „טרית וחילזון וזכוכית לבנה היוצאים מן הים ומן החול", פלעגט ער טייטשן: „טרית" — אַ מין פיש, „חילזון" — מושלען, וועלכע פּראָדוצירט פאַרב, „זכוכית לבנה" — זאַמד פאַר ווייסע גלאָז.

מיט דעם פירוש רש"י, האָט דוד בעזבאראדקא זיך אַרומגעטראָגן אין זיינע לאַנגע וואַנדערונגס־יאָרן און ער פאַרווירקליכט עס מיט אַ פאַבריק וואָס בויט זיך אין עכו און ער האָט באַשעפטיקן הונדערטער יידישע אַרבעטער אין דער „שפּיגל־און גלאָז אינדוסטרי".

# משה און איידיל הימלשטיין (גימלשטיין)

משה הימלשטיין — געבוירן אין סלוצק. זיינע עלטערן — פסח ב"ר משה הכהן און רחל בת ר' יעקב (גערשאוויץ).

זיין פאָטער פסח איז געווען אַ בן־תורה און אויך אַ משכיל. אויף זיינע העברעאישע בריוו פלעגט ער זיך אונטערשרייבן „פסח אבן־שמים" (הימל־שטיין).

זיין פרנסה, האָט פסח געצויגן פון קעז־פּראָדוקציע אין אַ קעלער אויפן שאָסיי און פון אויבן אַ קרעמל פאַר מילכיקע שפּייז־אַרטיקלען. ער האָט געהאַנדלט מיט „האָלענדער קעז", וועלכע ער פלעגט עקספּאָרטירן אַזש קיין סיביר.

ווען די פּוילישע לעגיאָנען האָבן זיך צוריקגעצויגן פון ווייסרוסלאַנד אין 1920, האָט דער יונגער משה פסח'ס באַשלאָסן מיטגיין מיט זיי קיין פּוילן און ניט בלייבן אין דער רויטער סלוצק. אין פּוילן איז ער פאַרבליבן דריי יאָר. אין 1923 איז משה אָפּגעפאָרן קיין קובא. ווי אַלע ניי־אַנגעקומענע האָט ער זיך דאָרטן די ערשטע צייט גאַנץ שטאַרק אָנגעפּלאָגט, אָבער ביסלעכווייז, האָט דער גליק אים גענומען שמייכלען, ער האָט אָנגעקויפט שטיקעס לאַנד און אויפגעבויט פיל פּראָיעקטן און זיי האָבן אים אַריינגעבראַכט אַ פיינעם יערלעכן איינקונפט. האָט ער זיך מישב געווען, אַז אויב זיין טאַטע האָט געקענט אָנפירן מיט אַ מילכיק געשעפט אין סלוצק פאַר וואָס זאָל ער ניט אָנפירן מיט אַ פאַבריק אין האוואנא? גראָדע זייענדיק אין פּוילן האָט ער אַ קורצע צייט געאַרבעט אין אַ פאַרפיום געשעפט און זיך „אַנגעשמעקט" מיט אַ ביסל ידיעות אין דאָזיקן פאַך. האָט ער טאַקע געפּרוווט זיין מזל און געעפנט אַ פאַבריק פון קאָסמעטישע פּראָדוקטן.

דערווייל האָט ער חתונה געהאַט מיט איידל שקאָלניק, טאַקע אַ סלוצקער, זעליג דעם מלמד'ס אַ טאָכטער. זי איז געוואָרן ניט נאָר זיין לעבנס־באַגלייטערין, נאָר אויך די



בערל שקאָלניק (איידל הימלשטיינס ברודער)

הויפּט־פאַרקויפערין פון זיינע קאָסמעטישע פּראָדוקטן. אַזוי האָבן ביידע סלוצקער אַנטוויקלט אַ גאַנץ שיינעם געשעפט אין האוואנא. זייער פאַרמעגן איז געוואַקסן פון יאָר צו יאָר. אָבער אין איינעם אַ שיינעם פרימאָרגן איז געקומען פידל קאַסטרא און נאַציאָנאַליזירט דעם גאַנצן „האק און פּאַק" פון קובא און אין דעם אויך הימלשטיינס פאַרמעגן. גליקלעכערווייז האָט ער זיך מקדים געווען און אַ ביסל פון זיין קאַפּיטאַל אינוועסטירט אין פלאָרידע. זיצן יעצט די הימלשטיינס, צוזאַמען מיט נאָך פיל יידן און ניט יידן אַנטלאָפענע פון קובא אין פלאָרידע, און ליגנדיק אויפן ברעג פון אַטלאַנטישן ים אונטער די שטראַלן פון דער ברענענדיקער זון, טראַכטן זיי איבער אַלע זייערע וואַנדערונגען, פון סלוצקער בלאָטעס ביז דעם פּראַכטפולן מיאַמער ברעג ים. טראָץ די אַלע איבערלעבונגען, איז משה הימלשטיין פריש און מונטער און ער האָט נאָך אויפבויען נייע וועלטן, גרעסערע און שענערע ווי זיין היימאַט שטאָט סלוצק און זיין אַדאָפּטירטע האוואנא, קובא. וואָס מער ס'איז אויסגעראַנען דער זיסער חלום אין געגענוואַרט, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרן ביי משה'ן דער געפיל און די בענקשאַפט צו סלוצק, זיין יוגנט־היים. אין אָנפאַנג פון דער טעטיקייט פאַרן סלוצקער יזכור־בוך, האָט משה הימלשטיין גלייך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט און זינט דאַן צוגעלייגט אַ האַנט, און געהאָלפן אַנטוויקלען דעם געדאַנק.



ר' פסח הימלשטיין מיט זיין פרוי רחל און זייער טאָכטער

# לייב בר׳ דוד חיניץ

לואיס חיניץ (אריה לייב) איז געבוירן געוואָרן ביי זיינע עלטערן דוד און חיה רחל אין סטאראבין, ז׳ תמוז תרנ״ט.

ווי געוויינטלעך, האָט דער קליינער לייבל דוד׳ס געלערנט אין סטאראבינער חדרים אין די ערשטע יאָרן פון זיין יוגנט.

אין 1912 האָט זיין פאָטער דוד אַריבערגענומען זיין פאַמיליע קיין אַמעריקע און זיי האָבן זיך באַזעצט אין ברוקלין. דער בר־מצוה בחור לייבל האָט באַזוכט ענגלישע סקול׳ס און גראדואירט די באַוווסטע דעוויט קלינטאַן הויך־שולע.

אין 1923 האָט לואיס געהייראַט מיט דער פריילין לאה פינקל וועלכע איז אַ הלוסקער. איר פאָטער אברהם פינקל, אַ שיינער ייד, האָט געשטאַמט פון זייער אַ חשובע משפחה אין דאָרף רודאבעלקא ביי הלוסק און אין זיין יוגנט האָט ער פאַרבראַכט פיל צייט על התורה ועל העבודה. קומענדיק אין אָנפאַנג יאָרהונדערט קיין אַמעריקע, האָט ער זיך גענומען צום בוי געשעפט. טראָץ פילע פינאַנציעלע שוועריקייטן איז ער שטענדיק געווען אַ שטרענגער שומר שבת און שטאַרק אָפּגעהיט יידישקייט.

אין יאָר 1926 האָט לואיס חיניץ געעפנט אַ קליידער־געשעפט צוזאַמען מיט לואיס ליט. דער געשעפט האָט שטאַרק מצליח געווען און זיך צוּוואָקסן גרויס. ביי היינטיקן טאָג איז די פירמע „ליט טשיניץ״ איינע פון די גאָר חשובסטע אין ניו־יאָרק צווישן דער קליידער־אינדוסטריע. זיי האָבן אויך אַ שיינע רעפּוטאַציע צווישן זייערע פיל באַשעפטיקטע. צו דעם איז לואיס חיניץ גוט באַוווסט אין דער הייזער־בראַנזשע ווו ער פאַרנעמט אַ חשובן פלאַץ.

די אַלע גרויסע געשעפטן וואָס לואיס חיניץ פירט אָן האָבן אים ניט פאַרדרייט זיין קאָפּ און ביז היינט־צו־טאָג איז ער פאַרבליבן מיט זיין סטאראָבינער פשטות און נאַטירלעכקייט. זיין וואַרעם יידיש האַרץ פאַר אַלע געזעלשאַפטלעכע אינטערעסן איז גוט באַוווסט אין ניו־יאָרקער יידישע קרייזן.

לואיס און לאה חיניץ האָבן דריי טעכטער, פאַרהייראַט צו שיינע יידישע יונגע־לייט, וועלכע פאַרנעמען פראמינענטע ערטער אין פאַרשידענע פראָפעסיעס.

## LOUIS CHINITZ

Louis (Hebrew name: Arie Leib) Chinitz, was born to David and Chaya Rachel in Starobin on June 15, 1899.

In 1912 he arrived together with his parents to the U.S.A. and settled in Brooklyn, New York. He attneded elementary schools at P.S. No. 2 and No. 62 and DeWitt Clinton High School. He also endeavored to continue his education at college but was regretfully stopped because of financial difficulties. On Dec. 17, 1923 he was married to Leah Finkel, daughter of Abraham Finkel.

Mr. Finkel, blessed be his memory, was a native of Court of Rudobelka near Slutzk and upon his arrival to the U.S. he occupied himself in the building line. He was well known as a profound scholarly and truly G—d fearing person. Regardless of circumstantial financial difficulties, he never swerved as to his strict observance of the Sabbath and in his adherence to all Jewish orthodox requirements.

On February 13, 1926, Mr. Chinitz together with Mr. Louis Litt started a clothing manufacturing business at 833 Broadway, New York City. The business grew considerably and later they moved to their present location at 85 Fifth Ave. New York City and opened branches at 1122 Kings Highway Brooklyn, N.Y. and 327 E. Fordham Rd. Bronx, N.Y.

The firm of Litt-Chinitz, Inc. is well-known in the metropolitan clothing industry and is one of the most reputable in this trade for its quality and dealings with its workers and its customers. Mr. Chinitz is also well known in New York real estate circles where he occupies a prominent position.

With all his financial progress, Mr. Chinitz did not lose his simplicity and modesty which he brought along from his native town of Starobin. His warm heart and human touch to his fellowmen and their needs are highly praised in his own community of Great Neck, New York, as well as among the national American and Jewish welfare organizations.

Mr. and Mrs. Chinitz have three daughters. Sydelle, Rosaline and Florence; of whom Sydelle is married to Mr. Benjamin Prince, an active member of the Litt-Chinitz firm, Rosaline to the prominent surgeon, Dr. Arthur Tessler of Great Neck, and Florence to Mr. Morton Blanck who conducts a finance organization in Baltimore, Maryland. All these three families are truly following in the footsteps of their lovely parents, participating in all religious and communal affairs. They are highly respected in their communities and among the broader circles of their professions.

# דוד יוזדאַן



דוד יוזדאַן איז געבוירן געוואָרן ביי זיינע עלטערן נתנאל צבי און דבורה־באשע אוזדאַן, דעם נײַנטן יוני 1893, אין הראָזעוע (ערב שבת, כ"ה סיון תרנ"ג).

זיין פאָטער, וועמען מ׳פלעגט רופן סאַניע דאַדזשעס (נתנאל דודס), איז געווען אַ אָנגעזעענער סוחר אין הראָזעווע. דעם זון דוד האָט מען גערופן דאַדזשע סאַניעס. זיין ערשטער רבי אין הראָזעווע איז געווען דער באַוווסטער מלמד בורשטיין, יהודה לייב גראַזאָווסקיס אַ שוואָגער פון פּאַהאָסט.

ווען דוד איז עלטער געוואָרן, האָבן אים זיינע עלטערן געשיקט קיין סלוצק, ווו ער האָט געלערנט 2 יאָר ביי ר׳ יאשע טריצאַנער.

אין 1910 איז דוד אַוועק קיין אַמעריקע און זיך געשטעלט צו דער אַרבעט אין אַ גראָס־פּאַפּיר געשעפט, וואָס איז אָנגע־פירט געוואָרן דורך אַ יידן פון דייטשלאַנד מיטן נאָמען העלער.

טראָץ דעם וואָס דוד איז דאַן אַלט געווען קאַרגע אַכצן יאָר האָט ער אַרויסגעוויזן גרויסע געשעפטס־פעאיקייטן און אין אַ קורצע צייט אַרום האָט העלער איינגעלאַדן דאַדזשע סאַניעס ווערן אַ שותף אין דער פירמע. זיי האָבן דאָס אַ נאָמען געגעבן „העלער און יוזדאַן פּאַפּיר־געשעפט" און דעם זעלבן נאָמען טראָגט די פירמע מיט שטאָלץ ביז היינטיקן טאָג.

אין 1917 ווען אַמעריקע איז אַריין אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט דוד זיך וואָלונטירט אַלס מאַטראָס אין דעם אַמעריקאַנעם פלאָט. די גאַנצע צייט פון קריג האָט ער זיך באַטייליקט אין פיל צוזאַמענשטויסן.

איין מאָל, ווען די קריגס שיף איז געווען אין מיטן ים אין גרויס געפאַר, האָט דוד אַ נדר געגעבן, אַז ווען גאָט וועט אים העלפן איבערצולעבן די מלחמה און קומען בשלום אַהיים וועט ער פאָרן קיין הראָזאווע און אַריבערנעמען זיין גאַנצע משפחה קיין אַמעריקע. נאָך דער מלחמה האָט ער טאַקע מקיים געווען זיין נדר און אין יאָר 1920 האָט ער מיטגעבראַכט זיבעצן נפשות פון הראָזעווע קיין ניו־יאָרק און געהאָלפן זיי אַלעמען זיך איינצואָרדענען.

אין 1923 האָט דוד געהייראַט מיט מרים יפה, אַ טאָכטער פון אַ חשובער ליטווישער פאַמיליע פון גרויס אַדל און יחוס.

דורך דער צייט האָט זיך זיין פירמע אַנטוויקלט גאָר גרויס און ביי היינטיקן טאָג איז „העלער און יוזדאַן" איינע פון די אָנגעזעענע פירמעס אין פּאַפּיר־אינדוסטרי פון ניו־יאָרק.

פאַר דער גאַנצער צייט איז דוד יוזדאַן אַקטיוו אין אַלע יידישע וווילטעטיקע אָרגאַניזאַציעס און אַנשטאַלטן, לאָקאַלע ווי נאַציאָנאַלע. פאַר פיל יאָרן איז ער געווען פּאָרזיצער פון דעם „העברעאישן אינסטיטוט אין לאנג איילאנד" און פאַר ראַקאָווי ב. י., איינע פון די גרעסטע און שענסטע טראַדיציאָ־נעלע מיטל־שולעס אין ניו־יאָרקער געגנט. אויך איז ער געווען פיל יאָר פּרעזידענט פון דער גרויסער „בית־שלום"־שול אין לאָרענס ל. א. וואָס איז אויך איינע פון די רייכסטע און אינטעליגענטסטע טראַדיציאָנעלע שולן אין דעם געגנט. אַ לאַנגע צייט איז דוד יוזדאַן געווען דער ערשטער קאָמאַנדיר פון די „יידישע קריגס וועטעראַנען" געוועזענע סאָלדאַטן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

חוץ לאָקאַלע טעטיקייטן איז מר יוזדאַן שטאַרק איבער־געגעבן צו ארץ־ישראל־אַרבעט, ווי „יו.דזש.איי." און „ישראל באָנדס", ווו ער האָט זיך שטאַרק אויסגעצייכנט, און אויך סתם יידישע קולטורעלע אַנשטאַלטן ווי ישיבות א. ד. ג. און אַלעס וואָס ער טוט, איז שטענדיק מיט ענוות, איידלקייט און שטילקייט.

מר און מרת יוזדאַן האָבן זוכה געווען צו דערציען אַ שיינעם דור, און זייערע קינדער, וועלכע זענען צוזאַמען מיט זיי אין געשעפט, זענען אויך איבערגעגעבן אַלע יידישע טראַדיציעס און טעטיקייטן.

ווען מ׳האָט אָנגעהויבן טראַכטן וועגן דעם סלוצקער יזכור־בוך איז יוזדאַן געווען דער ערשטער, וועלכער האָט באַ־שטייערט די גאַנצע פּאַפּיר פאַרן בוך. זיין גרויסע מיטהילף האָט פיל אינספּירירט אַלע חברים און לאַנדסלייט, און געהאָלפן פאַרווירקלעכן דעם געדאַנק.

אין אַלגעמיין קען מען זאָגן אַז דער הראָזעווער מלמד בורשטיין צוזאַמען מיט ר׳ יאשע טריצאַנער מעגן שטאָלצירן מיט דעם וואָס זיי האָבן איינגעפלאַנצט אין זייער תלמיד דאַדזשע סאַניעס פון הראָזעווע.

# הערי און שרה לעפראַק



הערי לעפראַק, איז איינער פון די פּאָפּולערסטע סלוצקער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק, סיי צוליב זיין גרויסן באַטייליקן זיך אין אַלע וווילטעטיקע אינטערעסן און אויך צוליב זיין פענאָמענאַלן וווּקס אין דער געשעפטס־וועלט, וואָס קלינגט ווי אַ לעגענדע.

זיין יידישער נאָמען איז הערשל מלך און ער איז געבוירן געוואָרן ביי זיינע עלטערן — אהרן, משה בערל דעם גלעזערס זון פון סלוצק און זיין פרוי דבורה העניע פון קאזלאָוויץ, אַ דאָרף נעבן אורעטשע. די עלטערן האָבן דאַן גראַדע געוווינט אין באָברויסק ווען הערשל מלך איז געבוירן געוואָרן, צום ערשטן סדר פון פּסח, תרמ״ה (מערץ דעם 30־טן 1885). גלייך נאָך דעם האָבן זיי זיך אַריבערגעצויגן צוריק קיין סלוצק, וואָס איז געווען די היים פון דער פאַמיליע פאַר פיל יאָרן.

ס׳ווייזט אויס אַז משה בערל האָט שוין דאַן געהאַט קרובים אין ארץ־ישראל מיט וועלכע ער איז געווען נאָענט פאַרבונדן און געזוכט וועגן ווי צו פאָרן אַהין.

אין 1892 האָט משה בערל געשיקט זיין זון חנא קיין ארץ־ישראל און ווען חנא האָט געשריבן פון דאָרטן מיט בעגייסטערונג, האָט זיך אהרונען מיט זיין פאַמיליע אויך פאַרגלוסט פאָרן אַהין.

אָפּזייענדיק דאָרטן אַ פּאָר יאָר האָט אהרון לעפראַק זיך דערוווּסט וועגן זיין פאָטערס טויט און פון די ירושימ׳ס סיכסוכים, האָט ער מיט זיין פאַמיליע זיך צוריקגעקערט קיין סלוצק.

אין 1897 האָט ער ווידער געוואָלט פּרווון זיין מזל און איז געפאָרן מיט דער פאַמיליע קיין ארץ־ישראל. זיי זענען דאָרטן פאַרבליבן ביז נאָך הערשל מלך׳ס בר־מצווה, וואָס איז פאָרגעקומען אין ירושלים אין יאָר תרנ״ח.

ליידער האָבן זיי ווידער געמוזט צוריקפאָרן קיין סלוצק דורכן שוואַרצן ים קיין אָדעס, אָבער אַנשטאָט מיטפאָרן מיט דער גאַנצער פאַמיליע, האָט הערשל מלך איבערצייגט דעם טאַטן ערלויבן אים בלייבן אין אָדעס. דער טאַטע האָט אים נאָכגעגעבן, כאָטש הערשל מלך איז נאָך געווען גאָר יונג, אָבער שטאַמענדיק פון אַ משפחה פון גלעזער און קענענדיק די מלאכה, האָט ער גלייך געקראָגן אַרבעט אין דעם פאַך און אַרויסגעוויזן גרויסע פעאיקייטן. ס׳האָט נישט גענומען לאַנג און ער האָט אָנגעפאַנגען פאַרדינען אַרום פיר רובל אַ וואָך, אַ הון רב אין יענע יאָרן.

אין אָדעס האָט הערשל מלך פּערוויילט קאַרגע 2 יאָר און ווען ער האָט אָפּגעשפּאָרט אַ היפּשע סומע געלט, האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין סלוצק אין 1901.

האָבנדיק שוין „געזען די וועלט" און אויך געווען זעלבסטשטענדיק, איז אים שוין געווען שווער זיך צופּאַסן צום קליינשטעטלדיקן לעבן פון זיין טאַטנס הויז און פירונג, דערום זענען צווישן זיי פאָרגעקומען קאָנפליקטן. הערשל מלך האָט קוים אויסגעהאַלטן 3 יאָר און אויף מאָרגן נאָך פּסח 1904 איז ער אַנטלאָפן פון דער היים, כדי דורכשמוגלען דעם דייטשן גרענעץ ביי לאַמזע. ליידער האָט אים די רוסישע פּאָליציי פאַרהאַלטן און צוריקגעבראַכט „פּאַ־עטאַפּו" קיין סלוצק. ענדלעך האָט ער איבערצייגט דעם טאַטן צו פאָרן קיין אַמעריקע און אין יאַנואַר דעם 5־טן 1905 איז ארל דער גלעזער אָנגעקומען אין ניו־יאָרק צוזאַמען מיט הערשל מלכן און מיט נאָך אַ ייִנגערן זון, איבערלאָזנדיק אין סלוצק די פרוי און טעכטער. ווען דער עמיגראַציע־בעאַמטער האָט געפרעגט ארלען ווי אַזוי דענקט ער צו פאַרדינען צום לעבן, האָט ער אַרויסגענומען פון זיין טאַש 150 רובל און אָנווייזנדיק אויף זיינע 2 זין האָט ער געענטפערט „מיט דעם אין האַנט און מיט מיינע 2 זין האָף איך, אַז דער רבונו של עולם וועט מיך נישט פאַרלאָזן".

די ערשטע צייט האָבן זיי, ווי די אַנדערע אימיגראַנטן אין יענע יאָרן, זיך גאָר שטאַרק געמאַטערט און געטאָן אַלערליי שווערע אַרבעט און אַפילו געשאַרט שניי אין די ניו־יאָרקער גאַסן, אָבער זייער הויפּט באַשעפטיקונג איז געווען גלעזעריי — זייער באַרוף פון דורות.

אין 1906 האָט מען אין ניו־יאָרק אָנגעפאַנגען בויען די

גרויסע בלאָק־הייזער אויף דער 28־טער גאַס צווישן דער ערשטער און צווייטער עוועניוס, האָט זיך דער יונגער הערשל מלך צוזאַמענגערעדט מיט דעם בוי־אויפזעער און איִם געוויזן ווי צו שפּאָרן געלט אין גלעזעריי. פאַר דעם האָט ער גלייך באַקומען אַן אַמט און אין איין יאָר אָפּגעשפּאָרט מער ווי 3000 $ און זיך באַקענט מיט שרה שוואַרץ, אַ סלוצקער מיידל, וועלכע איז געוואָרן זיין כלה. גראַדע האָט דאַן אין אַמעריקע אין 1907 געהערשט אַ קריזיס, האָט הערשל מלך פאַרלאָרן זיינע עטלעכע דאלאר און געמוזט ווידער אָנפאַנגען פון דאָס ניי.

ענדלעך האָט ער מיט מזל חתונה געהאַט, יוני 7־טן 1907 און גלייך אויסגעלערנט דער ווייב די גלאָז־אַרבעט און געאַר־בעט צוזאַמען. אין 1910 האָט אין דער עלעקטרישער סטאַנציע פון דער באַן־צענטראַלע פּאַסירט אַן אויפרייס. מיטן אויפבויען צוריק די סטאַנציע האָט הערשל מלך אָנגענומען די גלעזעריי, און אַרויסגעוויזן גרויסע קענטעניש אין דעם פאַך. ער האָט דערוואָרבן אַ ברייטע באַקאַנטשאַפט און אָנגעפאַנגען אַרבעטן פאַר זיבן אינשורענס קאָמפּאַניעס מיט אַ באַלאַנס פון 80 טויזנט דאָלער אַ מאָנאַט.

אין 1914 איז די גלאָז־בראַנזשע שטאַרק געפאַלן און לעפראַק האָט פאַרלוירן זיין גאַנצן קאַפּיטאַל, אַ סומע פון 35 טויזנט דאָלער, אָבער אין אייניקע יאָר אַרום איז ווידער געוואָרן אַ יקרות אויף גלאָז און אין 1920 האָט ער זיך אַרויפגעאַרבעט אויף אַ פאַרמעגן פון 300 טויזנט דאָ'לער. דאַן האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן אין דער בוי־אינדוסטריע און איז געשטיגן העכער און העכער. אין 1930, אין דער צייט פון גרויסן קריזיס אין אַמעריקע, האָט הערי לעפראַק פאַרלאָרן אַרום 650 טויזנט דאָלער און קוים געבליבן מיט אַ הונדערט טויזנט דאָלער. שפּעטער מיט עטלעכע יאָר האָט ער ווידער אָנגעפאַנגען שטייגן אין דעם בוי־פאַך ביז היינטיקן טאָג. איצט דערשיינען אויף זיין נאָמען אַרום 134 ריזיקע בנינים אין אַלע טיילן פון גרויסער ניו־יאָרק, וואָס זענען ווערט אַרום הונדערט מיליאָן דאָלער און ברענגען אַריין 15 מיליאָן דאָלער דירה־געלט אַ יאָר.

הערי לעפראַק איז שטאַרק אַקטיוו אין אַלערליי קהלשע אָנגעלעגנהייטן און איבערהויפּט אין דעם פאַראייניקטן סלוצ־קער רעליף קאָמיטעט, וווּ ער איז געווען טרעזשורער פיל יאָרן און פיל בייגעשטייערט און געהאָלפן אין דער אַרבעט. אויך איז ער אַ יערליכערביישטייערער מיט אַ ברייטער האַנט צו ישיבות און אַלע נאַציאָנאַל־קולטורעלע אָרגאַניזאַציעס.

אין 1950 איז אין זיין פאַמיליע פּאָרגעקומען אַ טראַגעדיע, ווען זיין איידעם מיסטער וויליאַם (זאב) לאַמפּערט איז אומגע־קומען אין אַ עראָפּלאַן אומגליק. האָט הערי לעפראַק באַשלאָסן פאַראייביקן זיין נאָמען אין ארץ ישראל. אין אַ האָספּיטאַל אין רמת גן געפינט זיך אַ צימער אויף זיין נאָמען, און אויך אין „יד אליהו" איז דאָ אַ קליניק פון קופת חולים ספּעציעל געבויט דורך די לעפראַקס צו זיין אָנדענק.

אויך זייער זון שמואל לעפראַק איז אַ נאָכפאָלגער פון זיין טאַטנס וועגן. ער באַטייליקט זיך אין אַלע וויכטיקע קהלשע אָנגעלעגנהייטן מיט אַ ברייטער האַנט און גרויסן פאַרנעם.

ווען דער „יזכור־בוך קאָמיטעט" האָט זיך אָרגאַניזירט, איז הערי לעפראַק געווען איינער פון די ערשטע שטיצער, וועלכע האָבן דערמעגלעכט דרוקן דעם בוך און דערמוטיקט אויך אַנדערע צו באַטייליקן זיך אין דער אַקציע.



אברהם און חייקע מייזל ביי אַ משפּחה פאַרזאַמלונג לטובת דעם סלוצקער פנקס אין לאָס אַנזשעלעס.
זיצן פון רעכטס צו לינקס: שמואל קאַהען, עקיבא אייזענשטאַט און אברהם מייזל.
שטייען: ראַוויטש, זיינע שוועסטער: זעלדע קאַהען, פייגל אייזענשטאַט, חייקע מייזל און איר פלימעניצע לילע מיט איר מאַן ד"ר אליהו עפּשטיין.

# אברהם און חייקע מייזל

ווען מ׳וואָלט אויסגעטיילט מעדאַלן פאַר גוטער אַרבעט אין ניו־יאָרקער קאָמיטעט לטובת דעם יזכור־בוך, וואָלטן אברהם מיט חייקע מייזל זיכער זיי פאַרדינט.

זיי זענען געווען פון די סאַמע ערשטע צו וועמען דער געדאַנק אַרויסצוגעבן אַזאַ בוך האָט זיך שטאַרק צוגעקלעפּט. גלייך נאָך מיין ערשטן אויפטריט ביי אַ יזכור־פאַרזאַמלונג פון דעם „פאַראייניקטן סלוצקער הילפס־קאָמיטעט", וואָס איז פאָרגעקומען דעם 27סטן פעברואַר 1955 אין צימער 504 פון פאָרווערטס בנין, ווען איך האָב שטאַרק באַטאָנט וועגן אַ יזכור־בוך, זענען צו מיר צוגעגאַנגען אברהם מיט חייקען און וואַרעם באַגריסט מיך פאַר מיין רעדן וועגן דעם, און זיי האָבן טאַקע מיטגעהאָלפן פון אָנפאַנג ביז צום ענדע פון דער אַרבעט. ביי זיי אין שטוב איז גערופן געוואָרן דער ערשטער מיטינג, אויף וועלכן ס׳איז געזאַמלט געוואָרן די ערשטע 500 דאָלער פאַר דעם צוועק און אויף וועלכן ס׳איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט.



משה מייזל
(אברהם מייזלס פאָטער)

אברהם מייזל איז געבוירן געוואָרן אין סלוצק, שבת, פּרשה ויצא, י״ג כסלו (נאָוועמבער 30, 1895) ביי זיינע עלטערן משה לייב און חוה מייזל, זיין פאָטער איז געווען באַוווּסט אַלס משה דער שמיד אויף אָסטראָווער גאַס. ביז 12 יאָר האָט אברהם געלערנט אין חדר ביי דעם מלמד אברהמ׳ל דער געלער און נאָכדעם אין דער „יעווריייסקאָיע אוטשילישטשע". צו זעכצן יאָר האָט ער אָנגעפאַנגען אַרבעטן ביי זיין טאַטן אין קוזניע. דאָס האַרץ האָט אים אָבער געצויגן אין דער גרויסער וועלט.

אין 1916 איז ער אַוועק קיין יעקאַטערינאָסלאַוו און געאַרבעט אין אַ רעגירונגס מעטאַל־פאַבריק.

אין 1918, אין ברען פון רוסישן בירגער קריג, איז ער צוריקגעקומען קיין סלוצק און איז געוואָרן איינער פון די הויפּט־פירער פון דער פועלי־ציון פאַרטיי אין סלוצק.

זיין ליבע פרוי חייקע, איז אויך אַ סלוצקער געבוירענע צו אירע עלטערן מאיר וועלוול און אַלטע ראַוויטש. איר פאָטער איז געווען „אַ ייד אַ קינסטלער" מיט „גאָלדענע הענט". אַ סטאָליער פון פאַך, אַלע האָבן געוווּסט, אַז וואָס מאיר וועלוול אַרבעט אויס, איז דאָס אַ שטיק קונסט. אָט האָט ער געמאַכט אייניקע ארון קדוש׳ן איז מען געלאָפן זיי אָנקוקן, און זיין נאָמען האָט געקלונגען איבעראַל.

אָבער פון אַ קונסט־ארון־קודש ביז פּרנסה איז נאָך אַ ווייטער מהלך, דערום איז אים איינגעפאַלן אַ געדאַנק, צו פּרובירן „בלאָזן שופר פאַר גויים". אַזוי אַרום איז ער אַוועק און געוואָרן אַ פּאַדראַטשיק פון בויען, להבדיל, קלויסטערס פאַר גויים, אין וועלכעס ער האָט זיך אויך שטאַרק אויסגעצייכנט. זיין קונסט אויף דעם געביט האָט באַקומען אַ גרויסן אָפּקלאַנג, און פילע קלויסטערס פון סלוצקער געגנט האָבן טאַקע געקלונגען דורך וועלוול ראַוויטש׳ס אַרבעט.

געוווינט האָבן זיי ווייט אַוועק אויף וויגאָדע, און אַזוי ווי די גאַנצע פאַמיליע איז געווען אינטעליגענטיש געשטימט מיט אַ שטאַרקע נייגונג צום פרייען נאַציאָנאַלן פליגל, דערום פלעגן פיל ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען פאָרקומען ביי זיי אין הויז באַהאַלטענערהייט, ווען דאָס איז נאָך געווען פאַרבאָטן אין סלוצק.

אברהם און חייקע האָבן געהייראַט אין סלוצק אין 1918 און דריי יאָר שפּעטער זענען זיי געקומען קיין ניו־יאָרק, וווּ אַ טייל פון זייער משפּחה איז שוין געווען פון פריער.

אויך אין ניו־יאָרק האָבן די מייזל׳ס אַלע יאָרן באַלאַנגט צו די אינטעליגענטע אַרבעטער־קרייזן און אין זייער הויז קומען שטענדיק פאָר פאַרשידענע פאַרזאַמלונגען פאַר קולטור־רעלע און וווילטעטיקע צוועקן.

די מייזלס האָבן אַ זון משה לייב און אַ טאָכטער עטל. ביידע פאַרהייראַטע קינדער דערציען אינטעליגענט יידישע פאַמיליעס אין פוסטריט פון זייערע ליבע עלטערן.

# יצחק און רחל מישעלאוו



יצחק מישעלאוו געבוירן אין ווײזנע. נאָך זײענדיק אַ ײנגל איז יצחקס פאָטער ניסן, אַ קוזין פון די באַקאַנטע מישעלאָווס (סלוצקער מיל אײגנטימער) אַרויסגעפאָרן קײן סלוצק. שפּעטער האָט יצחק געלערנט בײ דעם באַוווּסטן מלמד ר׳ ליפּע שיניאַוועקער.

פון ר׳ ליפּען האָט יצחק געקראָגן אַ געהעריקע אָפּשאַצונג צו העברעאיש און אַ ליבע צו ארץ־ישראל. ווען ער האָט מיט זײ געהאַמערט די שווערע פּסוקים פון תנ״ך פלעגט ר׳ ליפּע אַרויסנעמען פון זײן טײסטער אַ „קבלה״ פון „קרן קימת לישראל״, און זיך צאַצקעווען מיט דעם פאַר די אויגן פון זײנע תלמידים, באַגלײט עס מיט וואַרעמע ווערטער וועגן ארץ־ישראל.

פון ליפּען איז יצחק אַנגעקומען לערנען צו בערל דעם ראש ישיבה.

אין 1921 איז יצחק געקומען קײן ניו־יאָרק. נאָך עטלעכע יאָר פון שווערער אַרבעט און גלײכצײטיק פאַרפאַלקאָמענדיק זיך אין וועלטלעכע בילדונג, איז יצחק געפאָרן קײן ירושלים און דאָרט געהײראַט מיט רחל סיגעל, וועלכע איז אויך אַ ווײזנער. אײניקע האָבן יצחק מיט זײן פרוי רחל זיך צוריקגעקערט קײן ברוקלין און זיך שנעל אײנגעאָרדנט.

יצחק מישעלאָוו, — האָט זיך ספּעציאַליזירט אין דער בוי־אינדוסטריע און ווען די געלעגנהײט איז געקומען, האָט ער זיך אַרײנגעוואָרפן אין דעם פאַך מיט גרויס ענערגיע און הצלחה. איצט איז ער פאַרבונדן מיט בוי פּראָיעקטן וואָס פאַר־נעמען אַ חשובן אָרט אין ברוקלינער געגנט. פאַר דער גאַנצער צײט האָבן זיך יצחק און רחל מישעלאָוו געהאַלטן נאָענט צו אַלע נאַציאָנאַל־קולטורעלע קרײזן. בײדע טעכטער, עלקע, די פרוי פון מר סעם גאַרדין און די ײנגערע גיטל האָבן באַקומען אַ וועלטלעכע און ײדישע דערציאונג.

אַלס אַקטיווע חברים פון פּועלי־ציון פאַרבאַנד, פאַרמאָגן די מישעלאָווס אַ זומער־הויז אין דער פאַרבאַנד קאָלאָניע „רננה״ בײ ניו־יאָרק, וווּ ס׳קומען זיך צוזאַמען אינטעליגענטע און קולטורעלע חברים און דאָרטן ווערן געפלאַנעוועט און געשאַפן פאַרשײדענע אונטערנעמונגען פאַר וווילטעטיקע צוועקן.

R. MOSHE REUBEN AND SHIMKA PISSETSKI (POSES-PERRY)





Moshe Reuben was born to his parents, Gershon and Shifra Pissetski, in Slutzk. Like other Jewish boys in those days, he obtained his elementary and higher education in strictly religious schools which were chiefly devoted to the study of the Bible, its Commentaries and the Talmud.

The young Moshe Reuben greatly excelled in these studies and became famous as a young scholar. It must be remembered that the Jewish community of Slutzk was known for centuries as profusely filled with Torah-learning and Lithuanian-Jewish wisdom. Indeed, there were no ignorant Jews in Slutzk. Even the small shopkeepers and the poor craftsmen were well versed in Jewish studies. All the groups of artisans according to their professions, had their own Beth Midrash where they gathered daily and pored over their Mishnayoth and big volumes of the Babylonian Talmud from dusk to midnight. Hence, to achieve a reputation of scholarship there was quite an accomplishment.

His fame and standing among the scholars of the community gained for him the love of the beautiful and energetic Shimka Rivin, a daughter of a prominent and scholarly family from the nearby town of Starobin. In order to provide for their material needs, the newly-married Pissetskis entered into a partnership with the reputable Isaac Feinberg in his established windmill which ground flour for the entire vicinity. As was customary in those days, the wife, in addition to bearing children and keeping house, was also the main provider of the family. So Shimka, too, managed the business while her husband spent there only a few hours daily, devoting the rest of the day to furthering his Talmudic studies.

Though he was never officially ordained for the Rabbinate, he was recognized as one of the leading scholars of the community. R. Maier Pehmer, a renowned Gaon, who was the Rabbi of the city, visited him almost daily and together, they spent hours in Talmudic discourse. Whenever the Rabbi had to be absent from the city, he advised his congregants to turn to Reb. Moshe Reuben for Rabbinic decisions. His word and opinion were highly regarded by Jew and Gentile alike. Even the local White Russia peasants, who had to grind their flour at the Feinberg mill, would always manage to come during those hours that he was there. They were wont to say: "Whatever Pan Pissetski says is as holy as the word of the Bible".

At the turn of the century, when Chaim Michel Goodside opened the first steam-driven mill, the Feinberg establishment was completely ruined. This put the Pissetskis, who were by this time quite a large family, in a most difficult situation. They then took over the management of the Hotel Europa which was the largest hotel in the city. This venture did not last very long because of the demise of Moshe Reuben.

By this time the older children had gone to the United States. Because of the instability of the political atmosphere in Russia and the ever-increasing limitations imposed upon the Jewish population, Shimka took her family and migrated to America. Despite the many hardships encountered in establishing themselves, their traits of love for learning and intellectual faculties inherited from their father, and the warm encouragement and wise guidance given them by their devoted mother, enables them to pursue their education and attain a fine position in society.

Shimka Poses lived to a ripe old age and was greatly loved and respected by all members of her family. In August 1945, she passed away with a feeling of satisfaction of the place her family occupies in New York circles. The descendants of Moshe Reuben and Shimka continue their traditional family prominence of intellectuality and benevolence. They are well-represented among many educational and philantropic organizations in American Jewry.

## SMELKINSON BROTHERS — BALTIMORE, MD.

The Smelkinson brothers, well known for their communal activities in Baltimore, Md., stem from a family which originated in Starobin-Slutzk in the beginning of the 19th century. Aaron Smelkinson, later known as "Areh Der Desyatnik" (Aaron the police officer), was a Slutzk youngster who was drafted into the Russian army during the reign of Czar Nicholas I and, as was customary in those days, served for a period of twenty-five years, from 1840 to 1865. Throughout that long period of service he did not lose his Jewish identity nor did he forsake his religious principles.



*Aaron Smelkinson*

Upon his release from military service, and after he was given by the Government an acreage on which to build a home, a pension for life and an appointment as a local police officer, Aaron Smelkinson married o girl by the name of Chincka. They raised a family of ten children: Mordecai Leib, Asher Yoel, Chananya, Yitzchak Isaac, Gitel, Chashka, Nissel, Michael, Peretz and Esther, of whom five migrated to the United States at the turn of the present century. Chananya returned to Slutzk in 1903 and died there shortly thereafter; Chashka and Esther settled in Philadelphia; Peretz took up residence in New York, and Michael established himself in Baltimore and raised his family there.

Of those who remained in Slutzk, Yitzchak Isaai married Reberca Epstein and they bore nine children. Six of them, Morris, Henie, Teibel, Shifra, Joseph and Benjamin, come to the United States shortly after the Russo-Japanese War of 1904 and joined their relatives in Baltimore. Although they came to the American shores with very meagre material means, they brought along with them a strong and rich spiritual heritage.

The portrait of their ancestor, Aaron Smelkinson, as he appears above with his beautiful white beard and a traditional Yarmulke, together with the adornments of the Czarist army medals upon his breast, signifiying his steadfastness and strong adherence to his tradition despite the great hardship that he encountered in his life, always stood before the eyes of his descendants and his memory was like a beacon to them throughout the years. The Smelkinson brothers, Benjamin in particular, are highly prominent in the business world and Jewish cultural and social circles of Baltimore. They have also succeeded transmit the same spirit to their own children who were born and raised in the United States.

Upon the departure of Morris Smelkinson in 1948, all the Smelkinson descendants formed a Family Circle in his honor, of which his son, Ralph, is the president. Through their occasional meetings, the entire family is trying to preserve the tradition and spirit which they brought along from Slutzk and which is so precious to all of them.

# זלמן און פאַניע פאַרטאַן



זלמן פאַרטאַן איז געבוירן געוואָרן אין ראַמאַנעווע, זונטיק י״ג טבת, תרמ״ז (9־טן יאַנואַר 1887). זיין פאָטער, איטשע גיטעס דער גמרא־מלמד, איז געווען אַ ייִד אַ למדן און אַ גרויסער העברעייער וואָס האָט איינגעפלאַנצט אין זיינע תלמידים אַ גרויסע ליבע צום תנ״ך און בכלל צו דער העברע־אישער שפּראַך, וואָס איז באמת געווען אַ זעלטענהייט אין יענע יאָרן.

די ערשטע יאָרן האָט זלמן געלערנט ביי זיין פאָטער און דערנאָך אין סלוצקער ישיבה און אויך אַ קורצע צייט אין קוידענאָוו. אין 1910 איז זלמן געפאָרן כלומרשט לערנען קיין מינסק, אָבער זיין אמתער ציל איז שוין געווען בילדונג, העברעאיש, רוסיש און איבערהויפּט אַריטמעטיק, צו וועלכע ער האָט געהאַט אַ ספּעציעלע נייגונג, אָבער ער האָט אויך נישט פאַרלאָזט דעם בית מדרש. מ׳האָט אים דאַן געהאַלטן פאַר אַ בקי אין די דריי מסכתות: גיטין, קדושין און בבא קמא — „אויף די פינגער״ (היימישע ייִדן ווייסן וואָס דאָס מיינט).

אַזוי ווי זיין עלטערער ברודער לואיס — לייבל און אויך אַ קוזין, ליפּא זאַפּאָלסקי, זענען שוין געווען אין אַמעריקע האָבן זיי אים געשיקט אַ שיפס־קאַרטע, און אין יולי 1902 איז ער אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק. די קרובים האָבן געפּרוּווט אים מאַכן פאַר „אַ פּעדלער״ ווי די מערסטע „אימיגראַנטן״ אין יענער צייט. זיין האַרץ אָבער האָט אים געצויגן צו מער בילדונג. ביי טאָג געאַרבעט און ביז שפּעט אין דער נאַכט געזעסן איבער דעם ענגלישן תנ״ך מיט דער הילף פון אַ ווערטער־בוך. זלמן איז מיט מזל אָנגעקומען אין אַ פאָלקס־שולע אין בעלפעסט, שטאַט מיין, יאַנואַר דעם 1־טן 1904. ער האָט נושא חן געווען ביי דעם פּרינציפּאַל פון דער שולע ה׳ הערבערט ע. עלייס, מיט זיין איבערגעגעבנהייט צו די לימודים. אין פאַרלויף פון זעקס מאָנאַטן האָט ער געענדיקט די פאָלקס־שולע און דריי יאָר שפּעטער גראַדואירט פון דער הויך־שולע מיטן כבוד צו זיין דער הויפּט „רעדנער״ פון גראַדואירנדן קלאַס פון 1908.

דאַן האָט זלמן געוואָלט פאָרזעצן זיין שטודיום אַלס אַדוואָקאַט, צו וועלכע זיין גוטע קאָפּ און רעדנער־טאַלאַנט האָבן גאַנץ גוט געפּאַסט, אָבער גראַדע איז דאַן געקומען נאָך אַ ייִנגערער ברודער פון דער היים, האָט שוין זלמן געמוזט זאָרגן אויך פאַר אים. דערום האָט ער אויפגעגעבן די יוריס־פּלענער און זיך פאַרשריבן אין אַ קאָמערץ־שולע, וועלכע ער האָט געענדיקט אין 3 מאָנאַטן און גלייך באַקומען אַרבעט מיט אַ געהאַלט פון 10 דאָלער אַ וואָך.

ענדע 1910 האָט זלמן אָנגענומען אַ נייעם אַמט אין אַ פאַבריק, וואָס האָט פּראָדוצירט פּאַפּיר־רערן אין דער שטאָט לאָועל, נעבן באָסטאָן.

דער געשעפט איז אים געפעלן געוואָרן און דורך די ניין יאָר וואָס ער האָט דאָרטן געאַרבעט האָט ער זיך אויסגעלערנט די גאַנצע תורה פון געשעפט דורך־און־דורך, און אין 1919 געעפנט אַן אייגענעם פאַבריק פאַרן זעלבן צוועק.

דער געשעפט האָט געהאַט גרויס דערפאָלג און זיך ריזיק צוואַקסן מיט פאַבריקן־אָפּטיילונגען אין אַנדערע שטאַטן און מיט דער פּראָדוקציע פון פיל אַנדערע פּראָדוקטן וואָס זענען מיט דער צייט אַנטוויקלט געוואָרן. ביי היינטיקן טאָג איז די „מידלסעקס פּייפּער טיוב קאָמפּאַניע״ אין לאָועל, מאַסאַטשוזעטס מיט אַלע אירע צווייגן, איינע פון די גרעסטע אין לאַנד און זלמן איטשע גיטעס איז איר פּרעזידענט.

דינסטיק כ״ג אדר תרע״ב (מערץ דעם 12־טן 1912), האָט זלמן חתונה געהאַט מיט פאַניע ריטש, די טאָכטער פון יעקב ריטש פון פּאָרטלאַנד, וועלכער איז אויך געווען אַ ראַמאַנאָווער, זיין טאַטע „לייבקע דער שוחט״ איז געווען אַ שם־דבר אין ראַמאַנאָווע. ער איז געווען אין ראַמאַנאָווע שוחט און חזן און ווען דער רב פלעגט אַוועקפאָרן פון שטאָט, פלעגט ער אָנזאָגן אַז מיט „שאלות״ זאָל מען גיין צו לייבקען, טראָץ דעם וואָס זיי פלעגן זיך שטענדיק האַלטן אין איין אַנפּערן און „קריגן זיך אין לערנען״.

לייבקע האָט אויך פאַרמאָגט אַ „ריזן שטימע״ וואָס פלעגט אויפטרייסלען די ווענט פון בית־מדרש ווען ער האָט דאָרט געדאַוונט מוספים און ימים־נוראים און זיין „נעילה״ מיט זיינע לירישע אונטער־טענער פלעגן אַרויסרופן אַזעלכע יללות, וואָס ראַמאַנאָווער ייִדן פלעגן געדענקען אַ גאַנץ יאָר.

זלמן איטשע גיטעס מיט פאַניען, דער אייניקל פון לייבקע דעם שוחט, האָבן אַ זון מיט צוויי טעכטער וועלכע זענען פון די חשובע פאַמיליעס אין זייער געגנט.

זינט 1920 איז זלמן פאַרטאַן שטאַרק אַקטיוו אין אַלע ייִדישע שטאָטישע און נאַציאָנאַלע אינטערעסן.

זינט 1941 איז ער דער יערלעכער קאַסירער (טרעזשורער) פון „פאַראייניקטן ייִדישן אַפּיל״ אין לאָועל און איז שטאַרק באַליבט ביי יונג און אַלט. טראָץ דעם וואָס די ייִדישע געמיינדע אין לאָועל ציילט בלויז אַרום פיר הונדערט ייִדישע פאַמיליעס איז אַ דאַנק דער ענערגישער טעטיקייט פון זלמן פאַרטאַן, געשאַפן געוואָרן דורך דער צייט מער ווי אַ מיליאָן דאָלער פאַר ארץ־ישראל־צוועקן.

די ליבע צו תורה, וואָס זלמן האָט געירשנט פון זיין פאָטער דעם גמרא־מלמד אין ראַמאַנאָווע, איז ביי אים נישט אויסגע־

ווערט געוואָרן. ווען מ׳קומט אין לאעלער „יידישן צענטער״, וואָס זלמן האָט פיל בייגעשטייערט אויף צו בויען אים אין 1955 פאַר אַ סומע פון 600.000 (זעקס הונדערט טויזנט דאָלער), זעט מען די נעמען זלמן און פאַניע פארטאַן שיינען איבער דער ביבליאָטעק, וועלכע איז געווידמעט צו זיי.

זיין ראָמאַנאָווער „יצר הרע״ לאָזט אים נישט אָפּ אויף אויף דער עלטער, און זיין חזקה איז „מפטיר יונה״, אַ זאַך וואָס „קינד און קייט״ אין לאעל ווייס אַז דאָס באַלאַנגט צו זלמן פארטאַן, און דאָס איז ביי אים אַזוי וויכטיק ווי זיין פאַבריק פון פאַפּיר־רערן און אפשר נאָך וויכטיקער...

# שמואל און סאַניע ראַכלין

אויף דעם גרויסן תנא ר׳ יהושע בן חנניה, האָט זיין רבי, ר׳ יוחנן בן זכאי געזאָגט: „אשרי יולדתו״, אַז וואויל צו דער וואָס האָט אים געבוירן (אבות ב, משנה). דערקלערט דאָס רש״י, לויט אַ ירושלמי, אַז דאָס מיינט: די מוטער פון ר׳ יהושע, וועלכע פלעגט האַלטן דאָס וויגעלע אין בית מדרש, כדי זיינע קינדערישע אויערן זאָלן גלייך פון אָנפאַנג זיך אָנהערן בלויז רייד פון תורה און חכמה, און דאָס וועט שוין האָבן אַ ווירקונג אויף זיין גאַנצן לעבן.

אין אַ געוויסן זין קען דאָסגלייכן געזאָגט ווערן וועגן שמואל ראַכלין. פון זיין פריסטע יוגנט, האָט אים זיין מוטער ע״ה אַריינגעבראַכט אין דער נאָענטקייט פון בית־מדרש און איינגעפלאַנצט אין אים אַ ליבע צו תורה און תלמידי חכמים. אָט די ליבע באַגלייט אים זיין גאַנצן לעבן, טראָץ זיינע פיל וואַנדערונגען און גייסטיקע וואַקלענישן וואָס האָבן אים פאַרשליידערט צווישן פאַרשיידענע לאַגערן און שטרעמונגען. ווער ס׳באַקאַנט זיך מיט אים עטוואָס נאָענטער, טיפער און גרונטלעכער קען גלייך דערקענען די וואַרעמקייט וואָס שלאָגט אַרויס פון זיין קאָכיקער נשמה, וועלכע זוכט אַ תיקון פאַר אַלע אירע בלאָנדזשענישן.

שמואל ראַכלין איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1897 אין סלוצק. זיין פאָטער הירשל דער קירזשנער, איז געשטאָרבן צו אַכט און דרייסיק יאָר און איבערגעלאָזן אַ פרוי מיט זעקס פיצלעך קינדער, צווישן וועלכע שמואל איז געווען דריי יאָר אַלט און אַ שוועסטערל דריי חדשים, איז פאַר דער פרוי געבליבן בלויז איין וועג, — אָנגורטן די לענדן און זוכן אַ פרנסה פאַר אירע קינדער.

חיה ראַכלין האָט אָנגעפאַנגען באַקן ברויט און דער עולם איז געווען גאַנץ סימפּאַטיש געשטימט צו איר, דערום איז „חייקע די בעקערקע״ מיט דער צייט געוואָרן אַ שם דבר, אַן אינסטיטוציע אין סלוצק וועמען אַלע האָבן געקענט און רעספּעקטירט. אַזוי ווי זי האָט געוווינט און אָנגעפירט איר געשעפט אויפן שול־הויף, איז איר בעקעריי געוואָרן כמעט ווי אַ טייל פון דעם קהל׳שן יידישן לעבן וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם סלוצקער שול־הויף. אין דער ערשטער מלחמה ווען אין סלוצק זענען אָנגעקומען פיל „בעזשענצעס״, אַנטלאָפענע יידישע פאַמיליעס פון קריגס־געגנטן אין פוילן און גאַליציע, איז חייקעס בעקעריי שטענדיק געווען איבערפילט מיט מענטשן וואָס פלעגן דאָרטן קריגן זייער טעגלעכן ברויט־געברויך אָן אונטערשייד אויב זיי האָבן געהאַט צו באַצאָלן אָדער ניט. חייקע איז אויך געווען די אָפיציעלע פאַרקויפערין פון ברויט פאַר דער ישיבה און אַלע ישיבה־בחורים האָבן זיך דערום געפילט ביי איר אין הויז ווי ביי זיך אין דער היים.

אַ ספּעציעלע נאָענטקייט איז געווען צווישן חייקעס פאַמיליע און דאָס הויז פון רב ר׳ איסר זלמן. ערשטנס צוליב שכנות און אויך צוליב אירע שטענדיקע געשעפטס השבונות פון ברויט פאַר דער ישיבה — האָבן זיך אירע קינדער שטענדיק געפונען אין דעם רב׳ס הויז. איבערהויפּט ווען שמואל און זיין ברודער דוד זענען אונטערגעוואַקסן, געלערנט אין דער ישיבה און געוואָרן באַוווסט אַלס בעלי־כשרונות, איז שוין דעם רב׳ס הויז געוואָרן זייער גייסטיקע היים, און דער רב, ווויסנדיק ווי שווער ס׳איז אָנגעקומען זייער מוטער צו ערציען זיי, פלעגט זיי שענקען ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט און פאָטערלעך מקרב זיין.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער מלחמה האָט שמואל ראַכלין געפאָלגט דעם רב מעלצער און איז צוליבן פריזיוו אַוועקגעפאָרן קיין ראַדין אין דעם חפץ חיים׳ס ישיבה. אַזוי שנעל אָבער ווי דער קריגס־פראָנט האָט זיך אַהין דערנענטערט און די ישיבה האָט געמוזט זיך איבערציען טיפער קיין רוסלאַנד, איז שמואל אַוועק קיין ווילנע און נאָכער קיין קאָוונע, וואָס איז שוין געווען אָקופּירט דורך די דייטשן. דאָרט אין דער סלאָבאָדקער ישיבה האָט ער געלערנט דריי יאָר. גלייכצייטיק געזאָגט אַ טעגלעכן שיעור אין „עין יעקב״ אין סלאָבאָדקער „גרויסן בית המדרש״ ווו ס׳האָבן געדאַוונט די „פּני״ פון שטאָט.

אין קאָוונע האָט זיך שמואל אויך באַקענט מיט די אַנדערע שטרעמונגען און קאָנפליקטן אין וועלטלעכן און אין יידישן לעבן.

נאָך אייניקע גלגולים איז שמואל צוריקגעקומען פון רוסלאַנד. זיין קוזינע סאָניע סעפּעראָוויץ איז שפּעטער געוואָרן זיין לעבנס באַגלייטערין.

סאָניע האָט אויך געשטאַמט פון גאָר אַ חשובע משפחה אין סלוצק. איר פאָטער איז געווען אַ תלמיד חכם וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט שרייבן ספרי תורות און תפילין. יעדערער אין סלוצק האָט אים געקענט אַלס חיים דער סופר. זיין פרוי איטל ווידער איז געווען באַוווסט אין איר אייגע־נעם וועג. ווייל זיי האָבן געוווינט אויפן שאָסיי, נעבן אסטראָג, האָט זיך איטל גענומען צוהעלפן די יידישע אַרעכטירטע, אָדער זייערע פאַמיליעס, אין זייער נויט.

סאָניע האָט הויך אַ זונגעהעריקע יידישע דערציאונג, אויך געענדיקט די סלוצקער גימנאַזיע און געלערנט צוויי יאָר אין דעם מעדיצינישן פאַקולטעט פון דעם אוניווערסיטעט אין דער ווייטער וואָראָניעזש. אָבער צוליב דער רוסישער ציווילער קריג מיט אירע נאָכווייענישן, האָט זי געמוזט

אויפגעבן איר שטודיום און איז געקומען קיין ווילנע. אין ווילנע האָט דער באַוווּסטער רב יצחק רובינשטיין, אַ פֿער־זענלעכער גרויסער פֿריינד זייערער, געגעבן חופּה־קדושין צו שמואל און סאָניע ראַכלין און אַ קורצע צייט שפּעטער זענען זיי אָפּגעפֿאָרן קיין אַמעריקע אין 1923.

אין ניו יאָרק האָט שמואל פֿון אָנפֿאַנג געפּרוּווט צו פֿאָרזעצן זיין לעבן אין תורה און לערער־קרייזן, אָבער דער געוועזענער סלוצקער־ראַדינער און סלאָבאָדקער בן־תורה האָט אים נישט געלאָזן זיך צופּאַסן צו די פּלאַכקייט און פּאַרוואָסערונג וואָס די פּראָפֿעסיעס פֿאָדערן לויט די אומ־שטענדן אין אַמעריקע. צו ערנסט און צו פֿיל יאָרן האָט ער פֿאַרבראַכט ביי די תורה־קוואַלן צו קענען נאָכקומען די פּשרה׳דיקייט פֿון דעם רעליגיעזן לעבן אין דער יידישער אַמעריקע. דערום האָט ער זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער ביזנעס־וועלט. זיינע פֿעאיקייטן האָבן אים געדינט אויך צו דעם און ער האָט מצליח געווען אין עקאָנאָמישן זין. גלייכ־צייטיק האָט ער פֿיל מיטגעהאָלפֿן אין דעם ניו־יאָרקער יידישן שול־וועזן, ווו ער פֿאַרנעמט זייער אַ חשוב׳ן אָרט און אויך אין אַנדערע קולטורעלע קרייזן. דערצו איז ער געבענטשט מיט אַ געזונטער לאָגיק און מיט אַ איבער־צייגנדער אַנאַליזירונגס־קראַפֿט.

סאָניע ראַכלין איז אויך אַקטיוו אין אירע קרייזן, פֿון דער נאַטור זייער ראַפֿינירט און געפֿילבאַר. איר פֿאָטער, חיים דער סופר איז אין 1932, פֿאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר און דאָרטן געשטאָרבן. די מוטער איטל איז אומגע־קומען אין סלוצק דורך די נאַציס.

די ראַכלינס האָבן אַ זון הירשל און אַ טאָכטער לאה, ביידע געבילדעטע, פֿאַרהייראַטע און פֿירן אַ קולטורעלן יידישן לעבן.

## עליקס און עני רייכמאַן



אליהו (עליקס) געבוירן אין סלוצק ביי זיינע עלטערן פֿייטיל און מאַטלע רייכמאַן. זיין פֿאָטער פֿייטל האָט שוין אַלס אינטעליגענטער יונגער בחור׳ל פֿאַרזוכט דעם טעם פֿון קנעלן אין ראַמען, פּאָלטאַווער גובערניע. נאָך דער חתונה האָט ער זיך גענומען צו מסחר פֿון שוואָמען און פֿעל, און ער האָט טאַקע מצליח געווען. זיין געשעפֿט האָט זיך צעוואַקסן און געבראַכט אים אין פֿאַרבינדונג אַפֿילו מיט דייטשלאַנד, ווו ער פֿלעגט אָפּזעצן זיינע פּראָדוקטן. זיין פֿרוי מאַטלע האָט אים מיטגעהאָלפֿן.

אליהו האָט אַלס יינגל געלערנט ביי די סלוצקער מלמדים ווי ר׳ איטשע נאַטעס און אַנדערע, אָבער ווען זיין פֿאָטער איז געשטאָרבן צו איין און פֿערציק יאָר, האָט ער לײדער גע־מוזט זיך איינשפּאַנען אין יאָך פֿון העלפֿן דער מאַמען אויפֿ־צוהאַלטן דער פֿאַמיליע.

טראָץ דעם, וואָס מאַטלע (אסאווסקי) רייכמאַן איז גע־בליבן אַ יונגע אלמנה מיט קליינע קינדער, האָט זי אָנגעהאַלטן דעם שטייגער פֿון זייער הויז פּונקט ווי פֿריער. אויף יעדן שבת פֿלעגט זי נעמען עטלעכע ישיבה־בחורים, אויסער דעם אַן אורח.

אין 1915, אין רעכטן ברען פֿון דער ערשטער וועלט מלח־מה, האָט אליהו פֿאַרלאָזן סלוצק און נאָך גרויסע שוועריקייטן און לאַנג וואַנדערן דורך סיביר, כאַרבין און יאַפּאַן, זיך ענדלעך דערשלאָגן אין 1916 קיין שיקאַגאָ, שפּעטער איז ער געקומען קיין ניו־יאָרק און חתונה געהאַט מיט חנה פֿעריל (עני אַרמאַן) אַ ביאַליסטאָקער.



חיים רייכמאַן

אין פאַרלויף פון די יאָרן האָט עליקס רייכמאַן געבראַכט זיין ברודער חיים פון תל־אביב קיין אַמעריקע. חיים איז געשטאָרבן אין ניו־יאָרק (י״ט ניסן תש״ב—1942).

עליקס און חנה פערל זענען זייער אַקטיוו און באַשטייערן פאַר פיל וואוילטעטיקע אַנשטאַלטן. לעצטנס זענען זיי טעטיק ביים פאַרקויפן ארץ־ישראל באָנדס און פרוי רייכמאַן פירט אָן מיט דער טעטיקייט פון די „פיאָנערן פרויען״ פון דעם געוועוערקשאַפטן־קאַמפּיין.

ווען די רייכמאַנס זענען מיט עטלעכע יאָר צוריק געקומען פון אַ רייזע אין ישראל, זענען זיי געווען די סאַמע ערשטע וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דעם בוך־קאָמיטעט און געהאָלפן פאַרווירקלעכן דעם געדאַנק.

## אהרן און יענטל ראלניק

אהרן ראלניק זון פון ליפמאַן און סלאַווע, געבוירן אין סלוצק. געלערנט אין די חדרים ביי ר׳ ליפע שיניאַוואָקער און ביי דעם בעל תנ״ך ש. א. ראַבינאָוויץ, שפּעטער ביי ר׳ בערל גריבענטשיק און עטלעכע יאָר אין דער גרויסער ישיבה.

פון זיין פריסטער יוגנט איז ער מיטגעריסן געוואָרן פון דעם נאַציאָנאַלן געדאַנק און איז געווען שטאַרק טעטיק אין די רייען פון „צעירי ציון״. ער האָט אויך פאַרוואַלטעט מיט דער סלוצקער ביבליאָטעק.

אין 1921 איז ער אַוועק צוזאַמען מיט אַ גרופּע סלוצקער קיין ארץ־ישראל. דאָרטן האָט ער געאַרבעט גלייך מיט אַלע חלוצים, געבויט הייזער, געהאַקט שטיינער, געפלאַנצט פּרדסים זיבן יאָר נאָכאַנאַנד, לײדער האָט ער צוליב געוויסע סיבות געמוזט פאַרלאָזן דאָס לאַנד און קומען קיין אַמעריקע.

אויך דאָ האָט ער נישט אויפגעגעבן זיין אידעאַליסטישע פערזענלעכקייט און געבליבן געטריי זיינע אַמאָליקע אידעאַלן. זיין פרוי איז יענטל עפּשטיין, אַ סלוצקער־יוגנט־פריינד. זייערע קינדער זענען אברהם צבי און אסתר. אהרן איז געווען פון די ערשטע אָנצושליסן זיך אין דעם סלוצקער קאָמיטעט פאַרן יזכור־בוך און די גאַנצע צייט געדינט אַלס רעקאָרדינג־סעקרעטאַר.



אויף אַ מיטינג פון דעם בוך־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק.
פון רעכטס צו לינקס: אליהו אַלטמאַן, הרב ניסן וואַקסמאַן, דוד יוזדאַן (שטייט) און אברהם מייזל.

# פּראָטאָקאָל

פון דער ערשטער זיצונג פון סלוצקער „יזכור־בוך־קאָמיטעט״ אין ניו־יאָרק, דעם 14טן אָקטאָבער 1956

זונטיק דעם 14טן אָקטאָבער 1956 איז אין דעם הויז פון אברהם און חייקע מייזל אין בראָנקס, נ. י. פאָרגעקומען אַ מיטינג פון אַ גרופּע לאַנדסלייט פון סלוצק און אומגעגנט, וועגן אַרויסגעבן אַ „יזכור״־בוך צו פאַראייביקן דעם אָנדענק און דעם נאָמען פון די קדושים, וואָס זענען אומגעקומען דורך די נאַציס ימ״ש.

פאָלגנדע פּערזאָנען האָבן זיך באַטייליקט: אברהם און חייקע מייזל, הרב ניסן וואַקסמאַן, אליהו און שרה אַלטמאַן, שמואל און סאָניע ראַכלין, אלכסנדר רייכמאַן און זיין פרוי, סעם גאָלדבערג און זיין פרוי, דוד פאַסט און זיין פרוי, אהרון ראַלניק און זיין פרוי, מאיר באַדכן און זיין פרוי, מאיר גרינוואלד און זיין פרוי, מינע קלאָץ, לואיס גאָרין.

דער צוזאַמענקום איז געעפנט געוואָרן דורך אליהו אַלטמאַן, אָנווייזנדיק די צילן און די אויפגאַבן פון דער אַרבעט.

דער פאָרזיצער אברהם מייזל האָט דערציילט, אַז זייענדיק לעצטנס אין ישראל, האָט ער זיך געטראָפן מיט נחום כיניטש און אַנדערע לאַנדסלייט, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר דער נויטווענדיקייט אַרויסגעבן אַ יזכור־בוך. זיי האָבן אים איבערגעגעבן וועגן פיל מאַטעריאַל, וואָס געפינט זיך שוין ביי זיי און ס׳וואַרט אויף אַ אויסלייזער. זיי האָבן געבעטן צולייגן אַ האַנט און העלפן שאַפן אַ פאָנד פאַר דעם.

הרב ניסן וואַקסמאַן, האָט אין האַרציקע וואַרעמע ווערטער דערקלערט די וויכטיקייט, וואָס סלוצק און אירע אַרומיקע שטעטלעך האָבן געשפּילט אין יידישן לעבן, אין דער יידישער היסטאָריע פאַר די לעצטע הונדערטער יאָרן און ווי וויכטיק איז פאַר דער צוקונפט צו פאַראייביקן זייער אָנדענק אין דער פאָרם פון אַ בוך. עס איז אַ זכות פאַר אונדז צו מיטהעלפן און פאַרווירקליכן די אויפגאַבע.

אויף זיין אויפפאָדערונג ווערט גלייך געשאַפן אַ סומע פון 350 דאָלער, אין וועלכע אַלע אָנוועזנדע האָבן זיך באַטייליקט און צוגעזאָגט מיטצוהעלפן אויך אויף ווייטער.

אַ דעסקוסיע פאָלגט נאָך מיטן אָנטייל פון א. אַלטמאַן, ל. גאָרין, פרוי פאַסט, חייקע מייזל, א. ראַלניק און שמואל ראַכלין. אַלע אָנוועזנדע זענען שטאַרק באַגייסטערט פון דעם פּראָיעקט און זענען זיכער, אַז די אַרבעט וועט זיין דערפאָלג־רייך.

שמואל ראַכלין דערקלערט אין אַ קורצע אינהאַלט־רייכע רעדע די גרויסקייט פון דער אונטערנעמונג און ווי ווייט די יידישע וועלט וועט אונדז זיין דאַנקבאַר פאַר דעם.

אויף אַ פאָרשלאַג פון הרב וואַקסמאַן ווערט די פראַגע פון דערווויילן באַאַמטע אָפּגעלייגט אויף שפּעטער. אָנשטאָט דעם לייגט ער פאָר, אַז די אַלע יעצטיקע פאַרזאַמלטע, וואָס באַלאַנגען צו פאַרשיידענע לאַנדסלייט־אָרגאַניזאַציעס, זאָלן איבערגעבן וועגן דעם ענין ביי זייערע מיטינגען און בעטן



אויף אַ זיצונג פון ניו־יאָרקער בוך קאָמיטעט ביי אליהו אַלטמאַן אין הויז פעב. 1958.
זיצן פון רעכטס צו לינקס: שמואל ראַכלין, שרה און ניסן וואַקסמאַן, אברהם מייזל.
שטייען פון רעכטס צו לינקס: מישעלאָוו, חייקע מייזל, מר׳ און מרס׳ עליקס רייכמאַן, מר׳ און מרס׳ אליהו אַלטמאַן, מר׳ און מרס׳ אהרון ראַלניק.

זיי אויסקלייבן פאַרטרעטער צו אונדזער אָרגאַניזאַציע און העלפן אין דער אַרבעט. ערשט דאַן וועלן מיר אויסוויילן באַאַמטע מיט דער באַטייליקונג פון אַלע אָרגאַניזאַציעס.

ס'ווערט אָבער אויסגעקליבן אַ צייטווייליקע עקזעקוטיווע פון זעקס פערזאָן: אברהם מייזל, הרב וואַקסמאַן, א. אלטמאַן, שמואל ראַכלין, אלכסנדר רייכמאן און פרוי מינע קלאַץ, כדי אָנפירן דערווייל מיט דער אַרבעט. ס'ווערט באַשלאָסן, אַז דער קאָמיטעט זאָל זיך טרעפן ביי חבר אלטמאַן אין אָפיס פאַר ווייטערדיקע געשפרעכן און אַז דער קומענדער גרעסערער מיטינג זאָל פאָרקומען אין האָטעל מארטיניק.

דערמיט ווערט דער געשעפטלעכער טייל פון דער פאַר־זאַמלונג געשלאָסן.

די אַנוועזנדע זענען פאַרבעטן געוואָרן דורך מיסיס חייקע מייזל אין אַ צווייטן צימער צו פיין־געדעקטע טישן. מ'האָט זיך פיין פאַרווײַלט און דערציילט דעראינערונגען פון די קינדערשע יאָרן אין סלוצק, און די אַרומיקע שטעטלעך.

צום שלוס האָט אליהו אלטמאַן אויסגעדריקט אין נאָמען פון די אַנוועזנדע אַ האַרציקן יישר כוח צו אברהם און חייקע מייזיל פאַר זייער וווּנדערבאַרער אויפנאַמע.

פאַרצייכנט דורך **אהרן ראַלניק**

# צום שלוס פון יזכור בוך

ווען איך האָב אין ענדע דעצעמבער 1954 באַקומען אַ בריוו, פון אונדזער חשוב'ן לאַנדסמאַן און פריינד נחום חיניץ, אין וועלכן ער האָט מיך געבעטן צו באַטייליקן זיך אין אַרויסגעבן אַ בוך וועגן אונדזער געגנט, האָט דאָס אין מיר אויפגעלעבט דעם געדאַנק מיט וועלכן איך האָב זיך שוין אַרומגעטראָגן אייניקע יאָר.

נאָך אין די ערשטע פערציקער יאָרן, אין מיטן ברען פון דער 2־טער וועלט מלחמה, ווען די ערשטע טרויעריקע בשו־רות פון פאַרניכטונג און אונטערגאַנג האָבן צו אונדז דער־גרייכט, האָב איך ביי זיך געפאַסט אַ געדאַנק צו טאָן עפּעס שריפטלעך פאַר דעם אָנדענק פון מיין היימאַט. סוף סוף האָט נאָך די מענטשהייט ניט דערפונדן קיין פאַסיקערן מיטל צו פרעזערווירן די פאַרגאַנגענהייט ווי דורך דעם געשריבענעם וואָרט.

אַלס אָנפאַנג האָב איך דאַן אַפילו אָפּגעדרוקט אין ניו־יאָרקער „מאָרגען זשורנאַל" אַ קורצע רשימה וועגן מיין געבורטס־שטאָט, פאַר וועלכער איך האָב געוווּנען אַ ליטע־ראַרישן פרייז. אָבער ניט דאָס בין איך אויסן געווען. איך האָב ניט געזוכט קיין געווינסן פון דעם חורבן. אָבער איך האָב געשפּירט, אָדער בעסער געזאָגט, איך בין געווען באַהערשט פון עפּעס אַ שטימע וואָס האָט מיך נאָכגעפאָלגט און אָפּט געקלונגען אין מיינע אויערן: גוטער ברודער, לייג צו אַ האַנט



זיצן פון רעכטס צו לינקס: הרב נ. וואַקסמאַן, דער פּעדאַגאָג י. נ. אַדלער, ד״ר מאיר וואַקסמאַן און דער העברעאישער דיכטער ד״ר אהרון דאָמניץ.

